בנציון פּאַלעפּאַדע



# זכרונות

## פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער

בוענאָס איירעס
1946

BENTZION PALEPADE

# MEDIO SIGLO DE TEATRO ISRAELITA

*(M E M O R I A S)*

---



Buenos Aires 1946

אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
אונטערן פּאַטראָנאַט פון אידישן אַקטיאָרן פאַריין,
צום זיבעציקסטן געבורטסטאָג פון אויטאָר.
1876 — 1946

שער-בלאַט געצייכנט פון
מישאַ שוואַרץ

דאָס בוך דערשיינט דעם 30־טן מערץ 1946 אין
טאָג פון דער פייערלעכער יובילײ־פאַרשטע־
לונג לכבוד דעם יובילאַר וואָס קומט
פאָר אין טעאַטער „סאַלעיל" און
ווערט צוגעטראָגן פון געזעל־
שאַפטלעכן קאָמיטעט ווי
אַ פאָלקס - מתנה
פאַרן אויטאָר.



---

דאָס בוך אַנטהאַלט:

טעקסט — — — — — — — — 464 זייטן

פאָטאָ־אילוסטראַציעס — — — — — 16 „

---

צוזאַמען — — — — — 480 זייטן

# זכרונות
# פון אַ האַלבן יאָרהונדערט
# אידיש טעאַטער

# פאַרוואָרט:

## פון אויטאָר:

ווען איך האָב אין יאָר 1931 אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אין „די פרעסע" מיינע זכרונות פון פערציק יאָר אידיש טעאַטער, בין איך נישט אויסן געווען זיך צו באַווייזן מיט מיינע שרייבערישע פעאיקייטן, ווייל אין דעם פרט, האָב איך אַליין גאַנץ ווייניק געגלויבט אין זיך.

מיין כוונה איז דעמאָלט בלויז געווען, צו פאַרצייכענען דאטן פון פערציק יאָר אידיש טעאַטער, וואָס איז געווען געקנופּט און געבונדן מיט פערציק יאָר אידיש לעבן אין אַ רייע לענדער, שטעט און שטעטלעך.

מיינע זכרונות אין „די פרעסע" האָבן זיך פאַרענדיקט דרוקן אין יאָר 1932 און זייט דעמאָלט זיינען אָנגעשוואומען נייע יאָרן, מיט נייע דערפאַרונגען פון נאָך דרייצן יאָר אידיש טעאַטער אין די נייע אידישע היימען, וואָס האָבן זיך פאַרמירט אין דער וויטער, שיינער אַרגענטינע.

און אויסדינענדיק אָדער אָפּדינענדיק באַם אידישן טעאַטער ד ר יי א ו ן פ ו פ צ י ק י אָ ר, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז איך האָב גאָרנישט אָפּגעשפּאָרט אַזוינס, וואָס זאָל לאָזן נאָך מיר אַ זכר. איך האָב זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ חשבון-הנפש, אַף וואָס איך האָב אָפּגע-געבן מיין גאַנץ לעבן, מיינע קאַמפן און מיינע באַמיאונגען און וואָס איך לאָז נאָך זיך איבער פון מיין דערגרייכטן סך-הכל און אָט אַ דער חשבון-הנפש האָט מיך אָנגערעגט און אָנגעהויבן מיך שטויסן צו דער אַרבעט, אַז איך זאָל אָנשרייבן די געשיכטע פון מיינע דרייאונפופציק יאָר איבער-לעבונגען באַם אידישן טעאַטער און זיך באַמיען, אַרויסצוגעבן די גע-שיכטע אין בוך-פאָרם און אַזוי אַרום כאָטש לאָזן אַ זכר נאָך זיך און נאָך מיינע ליידן און פריידן, קאַמפן, אויפשטייגן און ירידות אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער.

טעג, ציען זיך אַמאָל לאַנג, אָבער יאָרן לויפן שנעל; איך האָב זיך דערזען פאַר דער שוועל פון מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג און דער דראַנג, אַז איך זאָל וואָס-שנעלער פאַרפיקסירן מיינע זכרונות פון די

לעצטע יאָרן און זיי וואָס שנעלער צוזאַמענשליסן צו מיינע שוין פריער פאַרעפנטלעכטע זכרונות אין „די פרעסע", האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן אַף איין מינוט און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט.

: : : : :

די לעצטע דרייצן יאָר מיט וועלכע מיינע זכרונות זיינען באַרייכערט געוואָרן זיינען נישט געווען קיין הימלעכע; זיי זיינען בלויז אָנגעפילט מיט טרויעריקע אינטערעסאַנטקייטן, ווי אַזוי אַ אידישער אַקטיאָר דאַרף פאַרענדיקן דעם שווערן דערנער-וועג פון זיינע קינסטלערישע אידעאַלן און וואָס עס בלייבט אים איבער פון זיינע כלומרשטע דערפאָלגן, און מיט וואָס און ווי אַזוי, עס ווערן באַלוינט זיינעליידן, זיין מאַרטירער־שאַפט באַם אויסטרעטן אַ וועג פאַר זיינע נאָכפאָלגער. דער סך־הכל איז אַ נישטיקער און אַ טרויעריקער, ער איז אַזוי נישטיק און אַזוי טרויעריק, אַז איך פיל זיך געגרויסט דערמיט, ווי אַן אמתער מאַרטירער...

אַף מיין זיבעציקסטן לעבנסיאָר נעם איך די פען אין האַנט, כדי צו פאַרענדיקן מיין אַרבעט.

איך וויל זיך באַמיען צו שאַפן פון מיינע אייגענע איבערלעבונגען אַ גאַנצע זאַך, אַ בוך, וואָס זאָל שילדערן צייט און סביבה אין און אַרום אידישן טעאַטער פון די לענדער, שטעט און שטעטלעך וואו איך האָב אַקטואירט און איך לאָז פריי אַראָפּטריפן פון מיין האַרץ די אַלע עמפּפינ־דונגען און ציטערנישן וואָס עס האָט דורכגעפילט אין משך פון אַזויפיל יאָרן און זאָל כאָטש מיט מיין בוך בלייבן אַ זכר פון מיינע אַריבער פופ־ציק יאָר אידיש טעאַטער, וואָס איך האָב מיט מיין אַקטואַציע אַלס בינע־קינסטלער, צוליב מיינע ספּעציעלע שווערע באַדינגונגען (וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך), נישט געקאָנט דערגרייכן.

ווייס איך דאָך שוין נישט פון היינט, אַז אַן אַקטיאָר — שטאַרבט נאָך בעת ער לעבט, אויב ער הערט נאָר אויף צו זיין אַקטיוו און מיט זיין ווירקלעכן פיזישן טויט, ווערט אַלץ פאַרגעסן און ליקווידירט, גלייך ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

דער בינע־קינסטלער, ווען ער פאַרשווינדט פון דער אַרענע, פאַר־שווינדן צוזאַמען מיט אים אַלע זיינע שיינע ליכטיקע חלומות און קיינער שטעלט זיך קיינמאָל נישט אָפּ, כאָטש אַ טראַכט צו טאָן, אַז דער קינסטט־לער איז געבליבן דאָס אייביקע קינד, וואָס לאָזט זיך פאַרפירן פון חלומות און אַז ווען נישט דעם קינסטלערס טרוימערישקייט, וואָלט ער אויך גע־ווען געקאָנט ווערן אַ קרעמער, אַ פאַבריקאַנט און מאַכן אַ פיין באַקוועם לעבן, נישט ערגער ווי אַ סך פון מיינע באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך פאַר מיינע אויגן אַרויפגעאַרבעט און זיי זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע קאַ־

פיטאליסטן און ווען זיי זעען מיך היינט, ווי איך גיי מיט מיין רענצל, מיט דעם ביסל סחורה מיט וועלכן איך דארף זיך דערנערן אף מײנע אלטע יאָר, קוקן זיי אוועק אין א צווייטער זייט, זיי זאָלן מיך נישט דארפן באַגריסן...

ניין; איך פיל זיך נישט באַליידיקט פון זיי; זיי רופן בא מיר בלויז אַרוים א טרויעריקן שמייכל און איך טראַכט זיך: — אַזוי איז דאָס לעבן און אַזוי איז די וועלט. ער איז היינט רייך און וואָס האָט ער דאָרט פאַר א שייכות מיט דעם אַלטן אַקטיאָר, וועלכער טראָגט זיך אַרום מיט א רענצל סחורה און זוכט א פאַרדינסטל אַף צו קענען איבערקומען דעם טאָג... אַזוי איז עס און ווי לאַנג דאָס ווערט נישט אַנדערש, מוז מען בויגן דעם קאָפּ און אָנעמען עס מיט א טרויעריקן שמייכל...

דער סך־הכל פון מיין לאַנגען און ליידנפולן לעבן, האָט מיך באַוואויגן צו שרייבן דאָס בוך און איך באַמי זיך צו האַלטן פעסט באַם ריינעם אמת פון מײנע איבערלעבונגען, כאָטש דער אמת איז אַמאָל געפערלעך.

איך וויל זיך באַמיען, אַז די שילדערונגען פון מײנע זכרונות, זאָלן נישט ווערן צוגעפּאַרבט, נאָר אינגאַנצן רעאַליסטיש, אַזוי ווי איך האָב זיי דורכגעלעבט, אין דער גאַנצער נאַקעטערווירקלעכקייט, ווייל נאָר אַזוי, וועט מיר זיין גרינגער צו ציען דעם פאָדעם פון מיין געשיכטע און שאַפן פאַר זיך די גרויסע פרייד, אַז איך האָב געראַטעוועט מיין קינסטלערישן באַלאַנס מיט אַן אמתער, ערלעכער שילדערונג פון א האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער, וואָס וועט ראַטעווען מיין נאָמען פון גענצלעכן פאַרגעסן ווערן...

: : : : :

מיין בוך, באַטיטל איך מיט דעם נאָמען: — זכרונות פון א האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער.

ווען איך זיך האַלטן אין די ראַמען פון טיטל, האָב איך דאָס בוך פאַרענדיקט מיט מיין פופציק־יעריקן טעאַטער־יובל, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין יאָר 1942.

איך האָב זיך דעמאָלט געפילט אין הייליקן ציטער און פלאַטער פון דערהויבונג, סיי בעת דער יובל־פאָרשטעלונג און סיי זיצנדיק אַף דעם באַנקעט וואָס דער אַקטיאָרן פאַריין האָט מיט אַזויפיל אַנערקענונג פאַר מיר איינגעאָרדנט און איך האָב דעמאָלט געטראַכט אין האַרצן, ווי גוט דאָס וואָלט אַזוי געווען, ווען איך קאָן זיך אַזוי אויפלייזן אין דער דאָזיקער דערהויבנדיקער פרייד.

איך האָב זיך אָבער דעמאָלט נישט אויפגעלייזט.

נאָך דעם גרויסן יום־טוב זיינען געקומען וואָכנדיקע טעג און איך האָב געקוקט אַף מיין פּאָני און פּאָני האָט געקוקט אַף מיר און אונדזערע

פארטרערטע בליקן האָבן געפרעגט איינער באַם אַנדערן — וואָס וועט זיין?...

די רעדעס וואָס מען האָט פון מיין כבוד וועגן געהאַלטן אַף מיין יובל־יום־טוב, זיינען טיילווייז פארצייכנט געוואָרן אין צייטונגס־באַריכטן, אָבער קאָכן אַ מיטיק האָט פּאַני פון זיי נישט געקאָנט און מיר האָבן פאַמעלעך אָנגעהויבן אויפוואַכן פון דער גלעטנדיקער שיכרות און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב זיך נישט אַף וועמען צו פאַרלאָזן און איך מוז אַליין ווייטער אָנהויבן זאָרגן פאַר מיין עקזיסטענץ.

צום אומגליק, האָט די מלחמה נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן, קיין געסט האָט מען נישט געקאָנט ברענגען און פון די פיר טעאַטערס וואָס בוע־נאָס איירעס האָט פאַרמאָגט, איז געבליבן קוים איינס און מיט שווערער מי, האָט מען געראַטעוועט אויך אַ צווייטן טעאַטער. און דער טעאַטער „אַמבו", אין וועלכן איך האָב אַזויפיל יאָרן אַקטואירט, איז צעוואָרפן געוואָרן און איך האָב געזען די חורבות, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט מיין איינציקע האָפענונג און מיר איז אויסגעקומען בלויז צוצוקוקן ווי חברים אַקטיאָרן קהלן זיך און טראַכטן ווי אַזוי איבערצוקומען די שווע־רע צייטן מיט אַן אַרויספאָרן אַף דער פּראָווינץ, קיין מאָנטעווידעאָ אָדער טשילע און מיך נעמען זיי אַפילו נישט אין אַכט, גלייך ווי איך וואָלט שוין נישט עקזיסטירט...

מאָמענטווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער יובל־יום־טוב מיט די אַלע שיינע רעדעס, איז נישט מער געווען ווי אַ שיינער חלום און אַט האָב איך אויפגעוואַכט און איך זע, אַז איך מיט מיין אַנ־טיטשקער, מיר זיינען געבליבן ווי אַף הפקר און עס איז זיך פּשוט נישטאָ וואו אַנצושפּאַרן.

מיין ווייטיק איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס איך האָב גע־פילט, אַז טראָץ מיין עלטער, בין איך נאָך גענוג באַ די כחות און איך האָב געפילט, אַז איך קאָן נאָך לייסטן, און עס קאָן זיין, אַז ווען מיר וואָלטן נאָך געהאַט כאָטש דריי טעאַטערס, וואָלט איך אין איינעם פון זיי געפונען אַ שטיקל אָנשפּאַר, נאָר קיין טעאַטערס זיינען נישט געווען און נישט האָבנדיק קיין שום אַנדערע אויסזיכטן, האָב איך נאָך מיין פופציק־יעריקן טעאַטער־יובל איינגעקויפט עטלעכע טוץ קראַוואַטן און זיך אַוועקגעלאָזן צו מיינע באַקאַנטע און איך האָב פאַרקויפט, צוערשט בלויזע קראַוואַטן, דערנאָך אויך זאָקן און אַנדערע אַרטיקלען און די ערשטע צייט פון מיין איבערגעאַנדערשט לעבן, האָב איך געמיינט, אַז איך האָב זיך שוין פאַרזאָרגט מיט אַ שטיקל פּרנסה, וויי‏ניקסטנס אַף אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועלן מיר דינען מיינע פיס, צו קענען אויסשפּאַנען יעדן טאָג די לאַנגע גאַסן פון בוענאָס איירעס, מיט דער וואַליזקע אין דער האַנט...

האַבנדיק הינטער זיך אַ סטאַזש פון פופציק יאָר אידיש טעאַטער, האָט מיך די אַמביציע געשטויסן צו דער אַרבעט, און איך האָב זיך צו־מאָל געפילט גליקלעך, וואָס איך קאָן באַווייזן, אַז נאָך פופציק יאָר אַקטואַציע אין אידישן טעאַטער, קאָן זיך נאָך אַלץ אַ אידישער אַקטיאָר אויסהאַלטן מיט ערלעכער, ווען אפילו, פאַר אים פיינלעכער אַרבעט, און אָט אַ דער געדאַנק, האָט געווירקט, אַז איך זאָל אָנהויבן צופרידן זיין מיט מיין גורל.

איין זאַך האָב איך אָבער געהאַט פאַרגעסן, דאָס איז, אַז מיינע קליענטן ווייסן אַליין ווי אַ טיר עפנט זיך און זיי האָבן פּאַמעלעך אויפ־געהערט קויפן באַ מיר; מיין „קליענטעלע" (אַמאָל זיינען זיי געווען מיי־נע פאַרערער) האָט אָנגעהויבן אונטערהינקען, איינער האָט מיר געזאָגט: — סעניאָר פּאַלעפּאַדע, איר וועט קומען אַ צווייט מאָל; אַ צווייטער האָט עס באַלד אָפּגעלייגט און געזאָגט: — סעניאָר פּאַלעפּאַדע, איר וועט קומען דעם צווייטן חודש און אַזוי איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער. און זוכן נייע קליענטן אָדער אַנדערע געשעפטן, בין איך דערצו פאַרט שוין געווען צו אַלט און, בעת מאַנכע פון מיינע חברים אַקטיאָרן האָבן מיך שוין מקנא געווען, און געמיינט, אַז איך האָב שוין פּרנסה מיט דער פולער האַנט, האָב איך מיט פּאַנין אָנגעהויבן צוביסלעך אונטערהונגערן און איך האָב ענדלעך, טראָץ מיין באַשלוס מער נישט צו מאַכן קיין בענעפיס־פאָרשטעלונג, געמוזט אָנקומען דערצו, כדי צו פאַרזיכערן זיך מיט עטלעכע חדשים פּרנסה.

וויפיל מאָל, גייענדיק אין גאַס מיט דער גענוג שווערער וואַליזקע, האָב איך דורכגעטראַכט וועגן פאַרשידענע איבערלעבונגען אין משך פון מיין האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער, איך האָב זיך ווידער געזען אין רוסלאַנד, אין לעמבערג, אין קראָקע און ווין און איך האָב זיך גע־טראַכט, ווען עמיץ זאָל מיר געווען דעמאָלט זאָגן: — פּאַלעפּאַדע, דו וועסט דיינע יאָר דאַרפן פאַרענדיקן אין אַרגענטינע אַלס קראַוואַטן־פאַר־קויפער און נישט אין קיין געשעפט, ווי דו האָסט שוין אַמאָל געהאַט אין ווין, נאָר אַרומגיין מיט אַ וואַליזקע און זוכן קונים...

די אַלע טראַכטענישן האָבן זיך מערסטנס געענדיקט מיט מיין יובל־באַנקעט אין פּאַריין און ווידער האָב איך זיך געזען זיצן צוזאַמען מיט פּאַנין, אויבנאָן באַ דעם שיין געדעקטן טיש און ווידער האָב איך אויס־געהערט די שיינע רעדעס פון חברים, די אַלע לויבגעזאַנגען פאַר מיינע פופציק יאָר אידיש טעאַטער און אָט איז דער לוין... איך שפּאַן איבער ווייטע פרעמדע גאַסן מיט אַ רענצל פאַרשידענע סחורות און זוך קונים... מיין לוין איז, איך בין געוואָרן אַ מאָדערנער האַצמאַך, נישט אַף דער בינע, נאָר אין דער טרויעריקער ווירקלעכקייט...

טראַכטנדיק אַזוי וועגן מיין יובל-באַנקעט און וועגן מיין איצטיקער ווירקלעכקייט, איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז דער יום-טוב וואָלט ערשט באַדאַרפט פאָרקומען איצט, בעת מיין בימערער דערפאַרונג און איצט, וואָלט איך אויפגעשטאַנען פון פלאַץ און איך וואָלט צו מיי-נע חברים געזאָגט:

— חברים! מיין גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעגעבן פאַר דעם אידישן טעאַטער, פאַרוואָס לאָזט מען מיך נישט אָפּ מיין פלאַץ? פאַרוואָס לאָזט מען מיך נישט אויסלעבן מיט דעם, מיט וואָס מיין נשמה האָט זיך אָנ-געזאַפּט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט? פאַרוואָס רויבט מען בא מיר צו די זיסע פיינען און בימערע איבערלעבונגען?

און נאָך וואָלט איך געזאָגט:

— עס איז דאָך נישט אמת, אַז ווייל איך האָב זיך גענומען צום רענצל, האָב איך פיינט די טעאַטער-פּראָפעסיע! דער אמתער אַקטיאָר ליידט דאָס גאַנצע לעבן פאַרן טעאַטער, ווייל דאָס טעאַטער איז זיין אידעאַל און איך האָב דאָך נישט דעזערטירט פון דער פּראָפעסיע, איך בין דאָך נאָר אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון איר און כדי צו האַלטן הויך דעם כבוד פון אידישן אַקטיאָר, האָב איך געזוכט צו ראַטעווען מיין עקזיסטענץ מיט אַן ערלעכער באַשעפטיקונג, וואָס איך בין צו יעדער מינוט גרייט איבערצולאָזן, ווען איך וועל נאָר האָבן דאָס קלענסטע שטיקל פלאַץ אין אַ טעאַטער!...

און פאַרענדיקט וואָלט איך מיין וואָרט:

— חברים! איר זייט אַלע אַזוי פאַרנומען מיט זיך צוליב דער שווע-רער לאַגע, אַז איר האָט זיך קיינמאָל נישט אַריינגעטראַכט אין מיין לאַגע, ווי איך פיל, ווען איך שפּאַן אַזוי מיט דער וואַליזקע זוכן אַ קונה און דאָס, אָפּ מיינע אַלטע יאָר, נאָך פופציק יאָר שפּילן טעאַטער; ווען איר וואָלט איין מינוט געוואָלט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, ווען איר וואָלט איין מינוט אויך אַ טראַכט געטאָן, אַז איר אַליין וועט אויך אַלט ווערן, וואָלט איר געמאַכט פלאַץ פאַר מיר אַז איך זאָל זיך ווייטער געפינען אין דער אַטמאָספערע, אין וועלכער איך האָב געפּראָבט אַלע שיינע און טרויעריקע טעג פון מיין לעבן!...

: : : : :

זייט מיר מוחל, חשובע לייענער, וואָס איך בין אַביסל אַרויס פון די גרעניצן פון מיין אָנגעצייכנטער אַרבעט. דאָס וואָס איך האָב דאָ אַריינ-גענומען אין מיין פאָרוואָרט, האָט אייגנטלעך באַדאַרפט זיין דאָס לעצ-טע קאַפּיטל פון מיין בוך, נאָר אַזוי ווי דאָס וואָלט שוין אַרויס פון די

אנגעצייכנטע פופציק יאָר, האָב איך עס אריינגענומען אין מיין פאָרוואָרט.

מיין אַרבעט איז געענדיקט.

איך האָב אין מיין בוך געשילדערט מיינע איבערלעבונגען באַם טעאַטער און במילא אויך דאָס לעבן און דעם קאַמף פאַר דער אויפהאַלטונג פון טעאַטער גופא.

אין א רייע קאַפּיטלען, וועט איר זען מיין פּערזענלעכן קאַמף פאַר דערגרייכונג צו העכערע קינסטלערישע הויכן און איר וועט אויך געפינען די סבות, פאַרוואָס איך האָב זיי נישט דערגרייכט. איך בין געווען אן אומגליקלעכער פאַמיליען־מענטש און די נויט האָט מיר אַלעמאָל אונטערגעהאַקט די פליגל.

מיין קאַמף, וועלכן איך האָב נישט אויסגעקעמפט, האָט מיך אַנטוישט. און אויב מען גלויבט אין מזל, האָב איך פון דעם קיינמאָל נישט געהאַט קיין ברעקל. און וואָס דאָס איז אַזוינס גליק האָב איך בלויז דורכגעפילט אין זעלטענע מאָמענטן, וואָס זיינען שנעל פאַרשוואונדן און מיך געלאָזן נאָך מער באַטריבט.

פאַרענדיק איך איצט מיין בוך אַלס גרעסטע און הייליקסטע געגעגטואונג פאַר מיינע נישט פאַרווירקלעכטע ליכטיקע חלומות און גיב עס איבער צו אייך, אידישע לייענער, צו מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, צום אָנדענק, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ אידישער אַקטיאָר מיטן נאָמען בנציון פּאַלעפּאַדע...



**בנציון פֿאַלעפֿאַרע און זיין פֿרוי פֿאַני רייבער דע פֿאַלעפֿאַרע.**

פֿאַני איז געווען פֿאַלעפֿאַרעס ערשטע ליבע און נאָך אַ סך יאָרן וואָס דער גורל האָט
זיי געהאַט צעשיידט, האָבן זיי זיך ווידער פֿאַראייניקט אויף אייביק.



א. בעל (מיטן שטעקן)
ב. פּאַלעפּאַדע (מיטן שירם)

דאָס האָבן זיי זיך פאָטאָגראַפירט בעת זיי האָבן אין 1906 אַקטואירט צוזאַמען אַפן ליאַשקאָוויצער יריד.

# ערשטער קאַפּיטל

אויסגעוואַנדערט און צוריק געוואַנדערט. — די קאָלאָניע גראַמאַקלע. — מיין רויטער, בייזער מלמד. — מיין חבר ליאָווקע, דער שפּעטערדיקער לעוו טראָצקי. — גאָוועבוג אונזער נייע היים. — מיין ערשטער אויפטריט אין אַ פּורים־שפּיל.

דריי יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מיין פאָטער האָט פאַרקויפט זיין שטיבל און צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפּחה, זיך געלאָזן פון דעם דאָרף „דערעגקיוועץ" אַף דעם וויטן וועג — קיין אַמעריקע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1879, ווען מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס דערפל אין קיעווער גובערניע, מורא־האָבנדיק פאַר די דעמלסדיקע אָפטע אָנפאַלן אַף אידן. די וואַנדערונגען און אויסוואַנדערונגען זיינען צו יענער צייט געווען זייער גרויס און אונדזער פאַמיליע איז מיטגעשלעפּט געוואָרן פון גרויסן עמיגראַציע־שטראָם.

מיר זיינען אַריבער די ראַדזיווילער גרעניץ און אָנגעקומען קיין בראָד, די גרעניץ־שטאָט וואָס האָט אָפּגעטיילט רוסלאַנד פון עסטרייך, אָבער ווייטער פאָרן האָבן מיר נישט געקאָנט, ווייל צוליב פאַרשידענע קראַנקהייטן וואָס זיינען דעמאָלט אויסגעבראָכן, האָט מען אָפּגעשטעלט די עמיגראַציע און מיר האָבן געמוזט בלייבן אין בראָד.

מען האָט דעמאָלט זייער פיל גערעדט וועגן די אויסגעבראָכענע קראַנקהייטן און מען האָט דערציילט, אַז אַף די שיפן שטאַרבן אויס אַ סך מענטשן און מען וואַרפט זייערע טויטע גופים אין ים אַריין.

די טראַגישע ידיעות האָבן מיין מאַמען אַזוי אָפּגעשראָקן, אַז זי האָט שוין בשום אופן נישט געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע און זי האָט געהאַלטן אין איין שרייען און פאָדערן אַז מיר זאָלן פאָרן צוריק. וואוהין צוריק? אונדזער היים איז דאָך שוין פאַרקויפט און מיר האָבן זיך דאָך שוין צעבראָכן, וואוהין וועלן מיר פאָרן צוריק? די מאַמע האָט אָבער אַנדערש נישט געוואָלט און מיר האָבן זיך געלאָזן איבער דער גרעניץ צוריק קיין רוסלאַנד.

מיר זיינען נישט געפאָרן צוריק אין אונדזער דאָרף „דערנקיוועץ״ קיעווער גובערניע, מיר האָבן דאָך שוין דאָרט גאָרנישט געהאַט; מיין מוטער האָט באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן פאָרן צו אירע צוויי ברידער קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן געוואוינט אין כערסאָנער גובערניע, אין גראָמאָקלעי (גאַוואַטשאַסטאַק).

די קאָלאָניע איז באַשטאַנען פון אַ דרייסיק ליימענע הייזקעס מיט שטרויענע דעכער און די קאָלאָניע האָט זיך געגרעניצט מיט אַ צווייטער קאָלאָניע וואָס אויף דער צווייטער זייט ריטשקע, וואו עס האָבן געוואוינט עטלעכע דייטשע קאָלאָניסטן.

מיינע צוויי פעטערס זיינען ביידע געווען פאַרמעגלעך, כמעט די רייכסטע אין דער קאָלאָניע, נאָר צו אונדז האָבן זיי זיך באַצויגן נישט גאָר פריינטלעך און נאָך ערגער האָבן זיך צו אונדז באַצויגן די מומעס און זיי האָבן אונדז זייער קאַלט אויפגענומען.

נישט וועלנדיק זיך פאַרלאָזן און וואַרטן אויף דער הילף פון די פעטערס, האָט מיין פאָטער פאַר דעם רעשט ביסל געלט געקויפט אויף דער אַנדערער זייט ריטשקע, נעבן די דייטשע קאָלאָניסטן, אַ קליין שטיבל מיט אַ שטרויענעם דאַך און אַ קו, כדי עס זאָל קודם זיין וואו דעם קאָפּ אַנצושפּאַרן און פאַר די קינדער אַביסל מילך, דאָס לעבן צו דערהאַלטן.

אין דעם וויסטן ווינקל וואָס מיינע עלטערן האָבן אָפּגעזוכט און זיך איינגעאָרדנט, זיינען מיר געבליבן שיינע עטלעכע יאָר און וואָס עלטער איך בין געוואָרן, אַלץ שטאַרקער האָב איך געפילט די טרויעריקע שטילקייט וואָס האָט געהערשט און ווי געדריקט אויף דער גאַנצער געגנט.

די שטילקייט איז נאָר פון צייט צו צייט איבערגעריסן געוואָרן צוליב אַ קריי פון אַ האָן אָדער אַ מרוקע פון אַ קו און די רואיקייט איז אין זעלטענע פאַלן בלויז געשטערט געוואָרן, ווען עמיץ איז פאַרבייגעגאַנגען אַ געבויגענער צו דער רעכטער זייט, טראָגנדיק אַ שווערן עמער וואַסער. נאָך שווערער איז געוואָרן אָפּן געמיט, ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן.

דאָס ביסל טויטע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן צום איבעריקן. אָנהויב נאַכט האָט מען נאָך געזען די בלישטשנדיקע פייערלעך פון וויטע פענצטערלעך, אָבער שנעל האָבן זיי זיך געלאָשן איינס נאָכן אַנדערן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויעריק־מאָנאָטאָנע סימפאָניעס פון די גרילן און די זשאַבעס. און די ריטמישע איינטאָניקייט האָט זיך ווי בלייַ געגאָסן אויף די געמיטער און די בענקשאַפט האָט גענומען אַזוי וויטיקלעך נאָגן באַם האַרצן, אַז מען האָט זיך געמוזט באַווייַנען אַלס לעבעדיק־באַגראָבענע.

ווען איך האָב שוין אָנגעהויבן מער־ווייניק פאַרשטיין און פילן, האָב

איך אין די אוונטן ליב געהאַט אַרויסצוקוקן דורך דעם קליינעם פענצטערל צום גרויסן, ווייט אויסגעשפּרייטן הימל, וואו עס צינדן זיך כסדר נייע בלישטשענדיקע שטערנדלעך און די מאַמע איז געזעסן אַף דער ליימענער פּריזבע און געקוקט אין דער ווייטקייט און פון צייט צו צייט האָט זיך אַ טיפער זיפץ אַרויסגעריסן פון איר האַרץ, ביז זי האָט ענדלעך אַ רוף אויס געגעבן: — קינדערלעך, שלאָפן.

ליגנדיק שוין אויף די געלעגערס, האָט זיך מיין מוטער דורכגע־שמועסט מיט די עלטערע קינדער, זי האָט גערעדט וועגן טאַטן.

ניין. איך האָב נאָך דעמאָלט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיין פאָטער איז נישטאָ אינדערהיים און פאַרוואָס די מאַמע וויינט אַזוי אָפט...

אַזוי האָבן זיך געצויגן מאָנאָטאָנע טעג און טריבע נעכט און אונדזער שטוב פלעגט בלויז אַביסל אויפלעבן, ווען מיין פאָטער איז אָנגעקומען אַהיים.

נישט מיט ליידיקע הענט איז ער געקומען; מתנות האָט ער מיטגע־בראַכט פאַר די קינדער און פאַר דער מאַמען און ער האָט געקוקט אַף אונדז מיט אַזויפיל צערטלעכקייט און ביי דער מאַמען זיינען אויפגע־לויכטן די בליקן און זי האָט אַזוי פאַררויטלט צוגעשמייכלט און אונדזער אָרים שטיבעלע האָט זיך ווי געבאָדן אין יום־טובדיקייט.

מיין שלאַנקער בלאַסער פאָטער מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד, האָט אונדז אַרומגעהילט מיט היימלעכקייט און איך האָב נישט אַנדערש געוואָלט, נאָר שלאָפן צוזאַמען מיט אים און ער האָט מיך געקושט און גע־קושט ביז איך בין איינגעשלאָפן.

נישט לאַנג האָט עס אַזוי אָנגעהאַלטן, ווייל באַלד איז ער ווידער אַוועקגעפאָרן און ווידער איז בא אונדז געוואָרן וואַכעדיק און טרויעריק און אַ סך שעהן פון די לאַנגע ווינטער־נעכט, האָב איך געטראַכט אַף מיין געלעגער און דווקא געוואָלט פאַרשטיין דעם שכל דערפון, פאַרוואָס דער טאַטע פאָרט כסדר אַוועק, בעת אונדז איז אַזוי גוט, ווען ער איז מיט אונדז...

אין איינעם אַ טאָג, האָב איך אָנגעהויבן מערקן, אַז די מאַמע אינטע־רעסירט זיך מיט מיר מער ווי געוויינלעך און איך האָב אָפט געהערט ווי זי מורמלט די ווערטער — מען קאָן דאָך אים נישט לאָזן וואַקסן אַ גוי... און נאָך אַ קורץ שטיקל צייט, האָט מיך די מאַמע אַוועקגעשיקט צו יאָסל דעם שוחט מיט דער רויטער באָרד, זי האָט מיט אים אַביסל גערעדט און געבעטן אים, ער זאָל אַף מיר אַכטונג געבן און ער זאָל מיר נישט זשאַ־

לעווען אַ קאַנטשיק, ווייל נישטקשה, איך וועל אַף אייך, רבי, נישט ברוגז זיין דערפאַר...

דער רבי האָט מיך באַטראַכט מיט זיינע בייזע בליקן און געהייסן מיך אַוועקזעצן און שוין אין די ערשטע טעג האָב איך זיך איבערצייגט, אַז וואָס וואָס, נאָר מכוח דעם קאַנטשיק, האָט ער געפאָלגט וואָס די מאַמע האָט אים געבעטן... אַביסל שפּעטער, האָט מען מיך אויך געשיקט צו דעם נייעם לערער, וואָס האָט געלערנט שרייבן רוסיש און אידיש און ביי אים איז מיר דווקא בעסער געפעלן ווי ביי דעם בייזן מלמד מיט דער פייער־דיקער רויטער באָרד און אין אַ קורצער צייט אַרום, בין איך געוואָרן דעם לערערס בעסטער תלמיד און יעדע לעקציע וואָס ער האָט אויפגעגעבן, האָב איך געקענט דער ערשטער.

אָבער אין דער צייט האָט זיך צום לערער געיאָוועט אַ אינגעלע, וואָס האָט מיך אַריבערגעשטיגן מיט אַלץ. דאָס איז געווען ליאָווקע, דוד בראָנ־שטיינס זונדל.

ליאָווקע האָט זיך אָנגעהויבן שפּילן מיט מיר, ער איז אָפט געקומען אין אונדזער שטוב, ער האָט ליב געהאַט צו צייכענען און מאָלן און ער האָט מיך דווקא געוואָלט אויסלערנען צייכענען און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָב איך טאַקע שוין געקענט מאַכן צייכענונגען פון אונדזער לאַנדשאַפט אַרום, מיר האָבן געמאָלן די הייזקעס, די בוימער און מענטשן וואָס רייטן אַף פערד און אַזוי ווייטער, און כאָטש מיר זיינען ביידע נישט געבליבן באַם צייכענען, דאָך האָב איך ליב צייכענונגען און מאָלערייען ביז צום היינטיקן טאָג און דאָס אַלעס צוליב מיין אַמאָליקער הברשאַפט מיט ליאָווקע בראָנשטיין, דעם שפּעטערדיקן באַרימטן סאָוועטישן אָנפירער לעוו טראָצקי.

ליאָווקעס פאָטער איז געווען אַ גענוג רייכער ערד־באַזיצער און זיין הויז איז געווען אַ צוויי ווערסט פון אונדזער געגנט און ליאָווקען פלעגט מען פון דאָרט ברענגען און אָפּפירן צוריק מיט זייער אייגענעם פערד־און־וועגעלע. ליאָווקע האָט אַפילו געהאַט אין אונדזער קאָלאָניע אַ פעטער, אברהם בראָנשטיין, נאָר אין אונדזער שטוב האָט ער אַ סך מער פאַר־בראַכט ווי אין זיין פעטערס הויז און איך האָב ליאָווקען זייער ליב גע־האַט און איך האָב געהאַט פאַר אים גרוים אָפּשיי, ווייל ער איז געגאַנ־גען אָנגעטאָן אין שענערע מלבושים פון מיינע, און ווען מיין מאַמע האָט אונדז אויסגעזעצט באַם טיש און זי האָט ליאָווקען מיט עפּעס מכבד גע־ווען, האָב איך זיך געפילט שטאָלץ דערמיט, וואָס ער עסט באַ אונדזער טיש...

נאָך ליבער האָב איך ליאָווקען באַקומען, ווען מיין מוטער האָט איינ־

מאָל אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל, אַז עס האָט ווייניק געפעלט, וואָלט ליאָווקע געווען מיין אמתדיק ברודערל און זי האָט עס באַלד אויפגעקלערט דערמיט, וואָס אַמאָל האָט זיך דוד בראָנשטיין צו איר געשדכנט, נאָר עפּעס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז עס איז גאָרנישט געוואָרן דערפון...

ליאָווקע האָט נישט לאַנג פאַרבראַכט באַ אונדז אין קאָלאָניע. זיין פאַרמעגלעכער פאָטער האָט אים אַוועקגעשיקט אין שטאָט אַריין לערנען און זייט דעמאָלט, האָב איך מער ליאָווקען נישט געזען.

ווען איך האָב זיך מיט אַ סך יאָרן שפּעטער דערוואוסט וואָס פאַר אַ גרויסע פּערזענלעכקייט ליאָווקע איז געוואָרן, האָב איך זיך אַ סך מאָל געפרייט אין הארצן, וואָס ער איז געווען מיין יוגנט-חבר און ווען עס איז דערשינען טראָצקים בוך — „מיין לעבן", האָב איך זיך צוגעכאַפּט דערצו, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז טראָצקי דערמאָנט אַוודאי אין זיינע זכרונות אונדזער הויז, וואו ער, מיט זיין קליין שוועסטערל צוזאַמען מיט מיר, ווי מיר האָבן זיך צוזאַמען געשפּילט זאַלבע דריט, ווי מיר האָבן זיך אַף יענער זייט ריטשקע געשפּילט אין כאַפּערלעך, אָדער געמאַכט פון „טויעשניקעס" אַ „קאָרין" און זיך דאָרט באַהאַלטן...

אונדזער שטוב איז טאַקע געווען אַן אָרימע, אָבער איך בין געווען זיכער, אַז דער גרויסער טראָצקי מוז אַוודאי דערמאָנען ווי ער האָט אַלס קליינער ליאָווקע זיך געשפּילט באַ אונדז און נישט געפונענדיק פון דעם אַלעם קיין איין וואָרט אין זיין לעבנס-בוך, האָב איך דערליטן אַ ווייטיקלעכע אַנטוישונג...

מיט ליאָווקעס אַוועקפאָרן, איז פאַר מיר די זון ווי אונטערגעגאַנגען. לאַנג האָט געדויערט ביז מיין בענקשאַפט נאָך אים האָט זיך אַנגעהויבן אויסלעשן און איך בין אַלץ אַזוי געבליבן אין דעם אָרימען הייזקעלע פון מיינע עלטערן, איך האָב געלערנט אין חדר און באַם לערער און ווען איך בין געווען אין ניינטן יאָר, האָט דער רויטער מלמד שוין נישט געהאַט וואָס צו זאָגן עפּעס נייעס און איך האָב שוין אינדערהיים געהערט ריידן וועגן מיר — וואָס איז? שרייבט אַזוי שיין, דאַווענען קען ער; לייענען אַפילו רוסיש קען ער אויך, איז וואָס נאָך? דאַרף מען אים זען מאַכן פאַר אַ מענטש און דאָס בעסטע איז, אַ בעל-מלאכה.

אַזוי האָבן די שכנות געעצהט דער מאַמען און די מאַמע האָט אין מיר אַנטדעקט אַ טאַלאַנט צו סטאָלעריי...

פאַרוואָס עפּעס צו סטאָלעריי? פּשוט דערפאַר, ווייל איך האָב ליב געהאַט צו שניצן און מייסטרעווען אין יעדע פרייע מינוט, אויב איך האָב נישט געמאָלן אָדער געצייכנט, ווייל דאָס האָט אין מיר געוועקט די בענקשאַפט נאָך ליאָווקען, האָב איך געשניצט און דאָס צייכענען מיינס

האָט מיין מאַמע נישט אָנערקענט, פאַרלירט גלאַט צייט, האָט זי געזאָגט, דערפאַר, ווען זי האָט געזען ווי איך האָב פון אַ פּראָסט שטיקל ברעטל אויסגעשניצט און אויסגעמייסטרעוועט אַ פידל מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט סטרונעס פון פאָדעם און מיט אַ סמיטשיק פון עכטע פערדישע האָר, דאָס האָט שוין מיין מוטער צוגערעכנט צום סטאָליער־פאַך און זי האָט געטענהט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען מען באַקומט פאַר מיר אַ פּלאַץ באַ אַ סטאָליאַר, אָבער וואָס טוט מען? גיי שריי חי וקים, אַז אין דער קאָלאָניע איז נישט פאַראַן קיין סטאָליאַר אַף קיין רפואה.

ערשט ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן פון קאָלאָניע קיין נאָוואָ־בוג און זיך איינגעאָרדנט אַ שטיקל היים אין אַ פּויערישער שטוב און אַזוי ווי אין נאָוועבוג איז שוין געווען אויך אַ סטאָליאַר, האָט מען מיך באַלד פאַרדונגען צו אים און די סטאָליאַרקע האָט מיך טאַקע באַלד געמאַכט פאַר אַ ניאַנקע און איך האָב געמוזט ניאַנטשען אַ קליין סטאָליערל...

איך האָב באַ דעם סטאָליער לאַנג נישט אויסגעהאַלטן, איך בין אַנט־לאָפן פון אים און אינדערהיים האָט מען שוין אָנגעהויבן קוקן אַף מיר מיט זאָרג: — ער וויל נישט זיין קיין מענטש און ווער ווייס וואָס עס וועט פון אים אַרויסוואַקסן...

נאָוועבוג איז שוין געווען אַ שטעטל וואָס מען האָט גערופן „מיעס־טעטשקאַ נאָוועבוג" און גאַנץ שנעל האָב איך אין דעם שטעטעלע באַ־קומען אַ נאָמען אַלס אַ יונג אַ ברען, מיט אַ שיינער שטים, וואָס לאָזט אָפּט הערן זיין געזאַנג און כאָטש אינדערהיים האָט מען אַף מיר געקוקט ווי אַף אַ בייזן משכּן, האָט מען מיך אָבער איבעראַל ליב געהאַט און ווען מען האָט אין שטעטל גענומען אָרגאַניזירן אַף פּורים אַ ספּעציעלן פּורים־שפּיל וואָס האָט געהייסן „חכמת שלמה־שפּיל", איז ר' אַברהמעלע רייען געקומען צו מיין מאַמען פועלן באַ איר, זי זאָל מיר דערלויבן אָנטיילצו־נעמען, ווייל איך האָב אַ גאָלדן שטימעלע און איך וועל זיך אויסטויגן...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן. ר' אַברהם לערנט אונדז די גראַמען און די נגונים און אַף מיר פאַלט אויס דער גורל צו שפּילן אַ פרויען־ראָל, די אמתע מוטער פון קינד, וואָס שלמה המלך הייסט צעשניידן און ר' אַברהם האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון מיר און אינדערהיים האָט מען מיך געפרעגט וואָס מען האָט מיך „דאָרט" אויסגעלערנט, זיי ווילן כאָטש עפּעס הערן און מיין מוטער מיט עטלעכע שכנות האָבן זיך אויסגעזעצט און איך האָב זיך אַזוי, על רגל אחת, אַ נעם געטאָן, אַ שטעל געטאָן אין דער פּאָזע און געמאַכט פאַר מיין „ערשטן פּובליקום" די גאַנצע שפּיל און מיינע טראַ־גישע גראַמען האָבן אַף מיינע צוהערער אַזוי געווירקט, אַז זיי האָבן זיך

אַלע צעווײנט אַפן קול און זײ האָבן מיט די פאַרטעכער געשנײצט די נעזער און געווישט די טרערן און ווען דאָס שפּיל האָט זיך געענדיקט, פרעגט די מאַמע, בעת זי האָט נאָך געווישט די אויגן: — נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אױף מײן שײגעץ?

און די שכנות ענטפערן: — וואָס דען, עפּעס רעכטס וועט ער זיך אויסלערנען?...



## צווייטער קאַפּיטל

איך לערן שניידעריי און בין אַ ניאַנקע. — איך זע צום ערשטן מאָל טעאַטער. — „פּריסטאַוולעניע קאַנטשענאַ". — איך ווער אַ בר־מצווה. — מיין פאטער איז געשטאָרבן. — איך בענק אַהיים.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די מאַמע האָט איינגעזען, אַז אינ־דערהיים וועט פאַר מיר נישט זיין קיין תכלית, און אַזוי ווי מיין עלטערע שוועסטער האָט חתונה געהאַט פאַר אַ שניידער קיין באַברויניעץ, האָט מיך די מאַמע אַוועקגעשיקט אַהין, איך זאָל ביי מיין שוואָגער לערנען שניידעריי.

און כאָטש בּאַ מיין שוועסטער אין שטוב, האָט אָבער מיין שוואָגער פאַרשטאַנען, אַז כדי צו קענען ווערן אַ גוטער שניידער, דאַרף איך צו־ערשט זיין אַ ניאַנקע און איך האָב געמוזט ניאַנטשען מיין שוועסטערס קינד, דאָס צוקונפטיקע שניידערל.

דאָ, אין באַברויניעץ, האָב איך שוין נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אַנטלויפן, ווייל צו ווייט איז עס געווען פון מיין היים און אַזוי האָב איך זיך געמוזט צוגעוואוינען צו מיין ראָל אַלס ניאַנקע און אַפילו צום שוואָ־גערס פעטש, וועלכע ער האָט מיר דערלאַנגט מיט דער ברייטער האַנט...

אין יאָר 1887, איז געוואָרן לעבעדיק אין באַברויניעץ. עס איז אָנגע־קומען אַהין פישזאָן מיט זיין טרופּע, באַלד האָט זיך געזאַמלט אַן עולם יונגוואַרג נעבן דער גרויסער שטאַל, וועלכן פישזאָן האָט אָפּגעדונגען, כדי דאָרט איינצואָרדנען זיין „קונסט־טעמפל".

מען האָט געמייסטרעוועט, געהאַקט און געזעגט און צונויפגעשטעלט פון ברעטער אַ בינע, בענק, אַ גאַליאָרקע און באַברויניעץ האָט שוין גע־וואוסט, אַז די ערשטע פאָרשטעלונג וועט זיין „קאַלדוניאַ".

זינט דעם געשעעניש, ווען איך האָב געשפּילט די ערלעכע מאַמע אין דעם חכמת־שלמה שפּיל, האָב איך אָנגעהויבן ציטערן און פלאַטערן פון חשק נאָכאַמאָל אַזאַ שפּיל צו טאָן... און אויב נישט שפּילן אַליין, זאָל איך

כאָטש זען ווי אַנדערע שפּילן און איך האָב טאַקע זיך קוים דערוואַרט עס זאָל שוין ווערן נאַכט און איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב און אַוועק צו דער שטאַל, וואו פּישזאָן מיט זיין טרופּע האָבן באַדאַרפט געבן די ערשטע פאָרשטעלונג.

פאָרנט פאַר דער אויסגעפּוצטער שאַפּע, איז שוין געווען לוסטיק און לעבעדיק. אַ קאַפּעליע האָט פריילעך אויפגעשפּילט און זעליק, דער באַריניעצער קלאַרנעטיסט מיטן צעקעמטן בערדל, האָט געוויזן וואָס ער קען. מענטשן האָבן זיך געיאָוועט פון אַלע זייטן, מען האָט זיך געשטויסן צו דער קאַסע וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון ברעטלעך און אַ יונגערמאַן קוקט אַרויס פון לאָך, דאָס איז געווען דער קאַסיר.

איך שטיי און מיין האַרץ צאַפּלט זיך אין מיר און איך טראַכט: — וויאַזוי קומט מען אַריין אינעווייניק? איך זע, אַז מען הויבט שוין אָן אַריינלאָזן די מענטשן, צוויי יונגעלייט, טאַקע פון די אַקטיאָרן, שטייען באַם אַריינגאַנג און קוקן נאָך די בילעטן און זעענדיק, אַז אַ גרעסערע גרופּע שטופּט זיך באַם אַריינגאַנג, באַקום איך מוט און שטופּ זיך אויך און דער מוח האָט זיך מיר אַזוי פאַרדרייט פון גליק, אַז איך האָב אַפילו נישט באַגריפן ווי אַזוי איך בין אַריין; איך בין געווען אינעווייניק.

צום ערשטן מאָל בין איך געווען אין אַ טעאַטער. כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז ערשט נעכטן איז דאָס געווען אַ שטאַל, האָט עס נישט געמינערט די הייליקייט פון מיין געפיל און מיט אַנטציקונג האָב איך געקוקט אין אַלע זייטן און אַמערסטנס — צום פאָרהאַנג, פון הינטער וועלכן עס האָבן זיך שוין געהערט קולות און איך האָב געפילט, אַז די באַקן גליען מיר פון איבערנעמען זיך און דערווייל זע איך, ווי צוויי יונגעלייט הויבן אָן איבערקוקן די בילעטן און דאָס האַרץ פאַלט מיר שיר איין פון שרעק. ווער ווייס, זיי קענען מיך נאָך אַרויסוואַרפן... און איך קוק זיך אום אין אַלע זייטן, איך זוך מיט די בליקן וואו איך וואָלט זיך דאָ געקענט אויסבאַהאַלטן און איך זע, אַז דאָרט אינדערהויך, אַף דער גאַליאָרקע איז אָנגעשטופּט מיט מענטשן און איך פאַרשטיי, אַז דאָרט וועט מיר זיין גרינגער זיך צו פאַרשטעקן און אָט בין איך שוין דאָרט, נאָר צו מיין שרעק נעמט נאָך נישט קיין סוף, ווייל אָט קומען די צוויי יונגעלייט אויך צו דער גאַליאָרקע און איך זע שוין מיין ביטערן סוף.

צום גליק, האָבן זיך אַף דער גאַליאָרקע געפונען נאָך אַזעלכע ווי איך, „אַריינגעשוואַרצטע” און דווקא וואוילע יונגען, האָבן זיי זיך געווינצלט אַפן חשבון פון די צוויי קאָנטראָליערן און מען האָט זיך גענומען אַזוי שטויסן, אַז די יונגעלייט זיינען קוים אַראָפּ פון דער גאַליאָרקע מיט גאַנצע ביינער און איך האָב זיך געזען אַ געראַטעוועטן.

גאר דא האט זיך באוויזן א נייע צרה; אף דער גאליארקע זיינען גע־וזען אזוי פיל מענטשן און אלע האבן זיך געשטויסן צו דער ערשטער ריי, אז מען האט מיר פארשטעלט די שיין פון די אויגן און האב גארנישט גע־קאנט זען. דא האב איך אפסניי באקומען מוט, איך בין אראפ פון גא־ליארקע און זיך אוועקגעשטעלט בא דער וואנט, אינדערזייט פון די בענק, די מוזיק האט אויפגעשפילט און באלד האט זיך אויפגעהויבן דער פאר־האנג.

דאס הארץ פאכט און איך קוק אף דער בינע און זע ווי עס שטייען אויסגעשטעלט די אקטיארן, אנגעטאן אין פראק־אנצוגן און מיט אזעלכע שיינע וואנסעלעך און אינדערמיט שטייט א איד מיט א באַרד און נעבן אים א מיידל (די בראגינסקאיא) און איינער איז פארשטעלט פאר א פרוי און איך דערמאן זיך ווי אזוי איך האב אויך געשפילט אלס פרוי, אלס די אמתע מאמע פון שלמה המלכם משפט און איך וויל דווקא דערגיין ווער דאס איז און דערוווייל זע איך, אז דער פארשטעלטער אקטיאר, שפילט אלס דעם מיידלס שטיפמאמע און דער איד מיט דער באַרד, איז איר פא־טער און דער יונגערמאן מיט די שיינע וואנסעלעך (שיינגאלד), איז איר חתן און אלע רעדן און זינגען און עס האט געדויערט גענוג לאנג, ביז איך האב זיך אנגעהויבן אנשטויסן וועגן וואס דא גייט און מיטאמאל איז גע־ווארן גאר לעבעדיק, אף דער בינע האט זיך באוויזן א איד מיט א קאלטע־נעוואטער באַרד און פאות, מיט א לאנגער קאפאטע (ליפאוועצקי) און נאך איידער ער האט געלאזן הערן א ווארט, האט שוין דער עולם אנגעהויבן לאכן און איך בין שוין געווען אזוי ארייגעטאן אין דער גאנצער האנד־לונג, אז איך האב גאר פארגעסן וואו איך געפין זיך ערגיץ, איך האב מיט־געלעבט און מיטגעפיבערט מיט דעם וואס האט זיך אפגעשפיגלט אף דער בינע.

איך בין געשטאנען און געגליט. דער פארהאנג איז געפאלן און איך האב געפילט, אז דארט, הינטער דעם פארהאנג, גייט זיכער ווייטער אן די האנדלונג און אט האט זיך טאקע דער פארהאנג ווידער אויפגעהויבן און מען זעט שוין די „באבע יאכנע" (פישזאן) און עס לויפן סצענעס, די פארשטעלונג גייט ווייטער און ווייטער און איך האב געפילט א גרויסע הנאה, ווען איך האב געזען ווי די קרעטשמע ברענט און דארט אינעווייניק אין די פלאמען, קומט אויך אום די מכשפה באבע יאכנע...

די פארשטעלונג „קאלדוניא" איז געווען געענדיקט, אבער דער ספעק־טאקל האט זיך געצויגן ווייטער, אקטיארן האבן נאך געזונגען קופלעטן און פישזאן האט דער לעצטער געזונגען א קופלעט: — „צימבלען" און דער עולם האט אים לאנג אפלאדירט און איך האב מיט אלע כוחות גע־

פּאַטשט בראַוואָ, ביז דערזעלבער פּישזאַן האָט אין געשעפּטלעכן טאָן גע־מאָלדן: — פּאַטשעניעטשעי פּובליקי, פּריסטאַווליעניע קאָנטשענאָ!...

עס איז געווען אַ וואַרימע אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט און מיין גע־לעגער איז געווען אינדרויסן, אַף פרייער לופט, אָבער שלאָפן האָב איך נישט געקאָנט. מיין האַרץ און מיין מוח און מיין גאַנצער געמיט איז גע־ווען אַזוי אָנגעפּילט מיט איינדרוקן פון דער געזעענער פאָרשטעלונג, אַז זיי האָבן מיר אינגאַנצן צוגערויבט מיין שלאָף. עס האָבן מיר נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערן די לידלעך וואָס איך האָב געהערט און עטלעכע מאָל האָב איך זיך שטאַרק צעלאַכט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן האָצמאַכן מיט זיינע תּניעות און אָן די קאָמישע באַוועגונגען פון דער באָבע יאַכנע.

מיינע זיסע טראַכטענישן האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט, ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף שוין באַלד אויפשטיין.

די זומערדיקע זון האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט פון איר בייטאָגכטיקער באַהעלטעניש און אָט זע איך ווי מיין שוואָגער דרייט זיך שוין אַרום אַ וואַכער און איך פאַרגעס, אַז איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, איך שטיי אויף און... דריי זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג ווי אַ נעכטיקער...

— נו? היינט וועט מען ווידער גיין אין טעאַטער? — פרעגט מיין שוואָגער און קוקט אַף מיר ווי אַ גענעראַל אַף אַ סאָלדאַט און איך לאָז אַראָפּ די בליקן ווי אַ פאַרשולדיקטער און שווייג.

דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַ לאַנגע אייביקייט, אָבער וואָס נענ־טער עס איז געקומען צום אָוונט, אַלץ וואַכנדיקער בין איך געוואָרן און באַלד בין איך טאַקע אויסגעטרוקנט פון שטוב און בין שוין געשטאַנען נעבן טעאַטער.

היינט האָט מען באַדאַרפט שפּילן „ברײנדעלע קאָזאַק”, אָבער מען האָט זיך שוין נישט געשטויסן אַזוי ווי נעכטן, ווייניק מענטשן זיינען גע־קומען און דער בחור, דער קאַסיר, האָט אַרויסגעגעניצט פון דעם קאַסע־פענצטערל און עפּעס וועַרט מיר דער בחור, דער קאַסיר, באַקאַנט און איך כאַפּ זיך, אַז דערזעלבער בחור האָט דאָס נעכטן געשפּילט די ראָל אַלס שטיפמאַמע...

איך שטיי, און מיין פּיין איז גרויס. אויב עס קומען ווייניק מענטשן, וועט מיר שוין נישט זיין אַזוי לייכט זיך אַריינצובאַקומען אין טעאַטער ווי נעכטן און עס ווילט זיך דאָך אַזוי שטאַרק זיין אינעווייניק...

צום גליק, האָט זיך צווישן די געסט געיאַוועט איינער פון מיין שוואָ־גערס שטיק־אַרבעטער, יאָסעלע האָט ער געהייסן, ער איז געווען אויס־

געפּוצט יום־טובדיק, ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער־לאָך און געקויפט אַ בילעט און איך רוק זיך צו נענטער ביז ער באַמערקט מיך און ער דערקענט אין מיינע תחנונימדיקע בליקן וואָס איך וויל און ער פרעגט מיך מיט אַ שמייכל: — ווילסט אַריינגיין? און נישט וואָרטנדיק אַף מיין ענטפער, שטופּט ער אַריין די האַנט אין דער קעשענע פון זיינע נייע הויזן און שלעפּט אַרויס פון דאָרט פופצן קאָפּיקעס און מיט אַ זשעסט פון אַ גרויסן מענטשן דערלאַנגט ער זיי מיר: — נעם און קויף דיר אַ בילעט.

די פריידיקע איבעראַשונג איז געווען באַ מיר אַזוי גרויס, אַז איך האָב אים פאַרגעסן צו דאַנקען, איך בין צוגעלאָפן צו דער קאַסע, גע־קויפט באַ דער „שטיפמאַמע” אַ בילעט אַף דער גאַליאָרקע און אָט בין איך שוין אין טעאַטער.

היינט האָב איך שוין מיט מער רואיקייט געזען די פאָרשטעלונג. פּישזאָן איז אַ גאַנצע נאַכט געווען שיכור און די בראַגינסקאַיאַ האָט זיך אָנגעטאָן פאַר אַ קאַזאַק, אַף דער בינע איז געשטאַנען אַ טישל אָנגע־שטעלט מיט אַ סך פלעשלעך און גלעזער און ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב אין איין מיידל אַף דער בינע, וואָס אַלע האָבן זי גערופן ציפּקע, דערקענט אַ באַקאַנט שניידער־מיידל, סאָנקע, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מן־הסתם האָט זיי אויסגעפּעלט אַ מיידל אַף דער בינע און זיי האָבן געפּועלט, אַז סאָנקע זאָל מיט זיי מיטשפּילן.

און ווי מקנא איך בין דאָס געווען די סאָנקען, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק, אַז אַלע אַף דער בינע זאָלן צו איר זינגען:—

„ציפּקע, גיס אָן אַ כוסה,
„נישט קיין קליינע, נאָר אַ גרויסע”...

פּישזאָן מיט זיין טרופּע האָבן נאָך געשפּילט אין דעם שטעטל אַ סך פאָרשטעלונגען און פּאַמעלעך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין דער טרופּע האָט פּישזאָן בלויז איין פרוי, דאָס איז די בראַגינסקאַיאַ און וואו זיי קומען, מוזן זיי זוכן אויסהילף, אַזוי ווי דאָ, מיט סאָנקען. דורך דער צייט, ווען די טרופּע האָט געשפּילט, האָב איך זיך אָפּגעוויינט פון שלאָפן. ווען עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אַריינצובאַקומען אין טעאַטער אָן אַ בילעט, איז געווען גאָר גוט און ווען נישט, בין איך געשטאַנען אינדרויסן פאַרן טעאַטער און געוואַרט, ביז די אַקטיאָרן זיינען נאָך דער פאָרשטע־לונג אַוועק פון טעאַטער, איך בין געשטאַנען און געקוקט ווי זיי גייען און איך האָב געוואַרט אויף אַ נס, אפשר וועט מיך עמיץ פון זיי פרעגן צי איך וויל שפּילן טעאַטער אַזוי ווי סאָנקע דאָס שניידעל מיידל...

ווען די טרופּע איז אַוועק, האָב איך זיך געפילט ווי אַ פיש וואָס בלייבט אין אָן אויסגעטרוקנט טייכל...

נאָך אַ געוויסער צייט, איז ווידער געקומען אַ טרופּע, דאָס איז געווען קאָמפּאַניעיעץ מיט אַ גרויסן אַנסאַמבל, איך האָב שוין געהאַט אַביסל געלט און געקויפט אַ בילעט, מען האָט געשפּילט „זשידאָווקאַ", מיט קאָמפּאַניעיעצן אין דער הויפּט־ראָל און ער האָט מיט אייזערנע קייטן אויף די הענט, געזונגען „בר כבבאס" ליד „וויינט און קלאָגט איר ציונס טעכטער"...

דאָס ליד האָב איך באַלד איבערגענומען און איך האָב עס געזונגען בייטאָג און ביינאַכט און מיין שוואָגער אַליין האָט מיר אַמאָל אין אַ שבת געבעטן איך זאָל זינגען דאָס ליד און ער האָט זיך צוגעהערט מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט, און איך האָב זיך בעת מעשה געפילט, ווי איך וואָלט געשטאַנען אויף דער בינע, אַזוי ווי קאָמפּאַניעיעץ און אין מיין שוואָגער האָב איך געזען דעם עולם וואָס הערט מיך אויס...

און אין דער צייט, ווען איך האָב אַזוי געפלאָטערט פון ליבע צו אידיש טעאַטער, איז אָנגעקומען אַ פּעקל מיט אַ בריוו פון מיין פֿאָטער, וואָס האָט מיך דערמאָנט, אַז איך ווער אויס קינד, איך ווער אַ מענטש, אַ איד.

אין פּעקל איז געלעגן אַ פּאָר תפילין און אין בריוו שרייבט מיין פֿאָטער:

—„אַזוי ווי פּורים בע"השם ווערט בנציון 13 יאָר אַלט, בעט איך דיך, איידעם מיינער, דו זאָלסט זען מען זאָל אים אויסלערנען לייגן תפילין און זיין אַ איד... איך גרים און קוש, אייער..."

מיין שוועסטער האָט געקוקט אויף מיר מיט ליבשאַפט און אַפילו אברהם, מיין שוואָגער, האָט אויך געענדערט זיין טאָן און מיין שוועסטער האָט מיר אַ גלעט געטאָן און געבעטן מיך, איך זאָל אַליין גיין בעטן דעם מחותן, ר' דוד מלמד, ער זאָל קומען.

ר' דוד מלמד האָט מיך געלערנט נישט בלויז לייגן תפילין, נאָר אַפילו די הפטורה און אַ ברכה צו אַן עליה און מען האָט מיך טאַקע אויפגערופן אויך און איך בין פון שרעק שיער געשטאָרבן און אַ נס וואָס דער גוטער ר' דוד האָט מיר אַרויסגעהאָלפן און איך האָב אָפּגעזאָגט די הפטורה און מען האָט אַפילו גענומען צוביסלעך בראָנפן און פאַרביסן מיט לעקעך, איך בין געוואָרן אַ בר־מצווה.

געוואָרן אַ בר־מצווה, האָב איך באַלד אָנגעהויבן פילן דעם עול פון אידישקייט. איך בין אַלעמאָל אויפגעשטאַנען פרי צו דער אַרבעט, אָבער היינט האָב איך געמוזט נאָך פריער אויפשטיין, ווייל איך האָב דאָך באַדאַרפט לייגן תפילין און דאַווענען און דערצו, האָט מיין שוואָגער געקוקט מיט איין אויג און אַכטונג געגעבן, אָבער ער האָט זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק, ווען ער האָט געזען אַז איך מאַך עס אַפילו אַביסל צו שנעל...

אין אַ געוויסן טאָג, אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי איך בין געוואָרן בר־מצוה, ווען איך בין צוריקגעקומען פון אַ גאַנג וואו דער שוואָגער האָט מיך געשיקט, טרעף איך מיין שוועסטער אַ שטאַרק פאַרוויינטע. איך פיל, אַז מיט מיין אַריינקומען האָט זיך עפּעס איבערגעריסן און איך פרעג מיט די בליקן וואָס עס איז געשען, אָבער אַלע שווייגן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס אויסטערלישעס האָט געמוזט געשען, נאָר מען וויל מיר נישט אָנזאָגן די בשורה און באַלד איז טאַקע דער שוואָגער געפאַלן אויף אַ פּלאַן, ער האָט אָנגעשריבן עפּעס אַף אַ שטיקל פּאַפּיר און אַ קריסטלעך אינגל האָט עס מיר רערלאַנגט. איך גיב אַ קוק אַפן שטיקל פּאַפּיר און איך פיל ווי עס גיט מיר אַ זעץ אין האַרצן. פיר ווערטער זיינען אויפגעשריבן: — דיין טאַטע איז געשטאָרבן...

דער קלאַפּ איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך בין געבליבן ווי פאַר־גליווערט און איך האָב נישט געוויינט. איך האָב פאַרשטאַנען און גע־פילט אַז איך דאַרף וויינען, אָבער איך האָב וויינען נישט געקאָנט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און געשוויגן.

מיין שוועסטער האָט זיך ערשט רעכט צעוויינט: — מיר האָבן שוין נישט קיין טאַטן!... און זי הויבט אָן אויסרעכענען די מעלות פון טאַטן און וויינט און יאָמערט און איך קאָן אַלץ נישט וויינען. נאָר ווען איך זיץ שוין אַף דעם נידעריקן בענקעלע „שבעה", שווימט אויף אין מיין מוח דאָס בילד פון מיין טאַטן, דעם הויכן בלאַסן איד מיט דער שוואַר־צער באָרד און איך זע אים ווידער ווי ער באַגלייט מיך צו דער פור בעת מיין אַוועקפאָרן קיין באָבריניעץ און איך פיל ווידער זיינע קושן און זיין גלעטן מיך און איך הער זיין אָנזאָג, אַז איך זאָל זיין אַ מענטש, איך זאָל פאָלגן דעם שוואָגער און הויפּטזאַך, איך זאָל דאַווענען און איך דער־מאָן זיך, ווען איך בין שוין געזעסן אַף דער פור און איך האָב געזען טרערן אין מיין טאַטנס גרויסע שוואַרצע אויגן, דעמאָלט צעעפענען זיך ערשט די קוואַלן פון מיינע טרערן און איך האָב אָנגעהויבן וויינען מיט אַזוי פיל האַרץ און מיט אַזאַ צעבראָכן געמיט, אַז מען האָט לאַנג, לאַנג נישט געקאָנט מיך באַרואיקן. מיין גוטער, ערלעכער און געטרייער טאַטע...

דאָס גאַנצע יאָר האָב איך אָפּגעהיט דעם קדיש, נישט דורכגעלאָזן קיין איין טאָג, כדי צו פאַרשאַפן מיין פאָטער אַ נחת־רוח אַף יענער וועלט און נאָכן יאָר, האָט עס מיך אָנגעהויבן ציען אַהיים, צו מיין מאַמען, שוועסטער און ברודער און נישט צוהערנדיק זיך צו קיינעם, האָב איך זיך אויפגעזעצט אַף אַ פור און בין געפאָרן.

# דריטער קאַפּיטל

ווידער אינדערהיים. — עס קומען אַקטיאָרן. — איך שטעל מיך פֿאַר פֿאַר מישעראַטן. — מיין ערשטע ליבע. — איך טרעט אויף אין אַ באַלאַגאַן. — מאַגולעווסקי אין זיין יוגנט. — אַ פֿאַרשטערטע שמחה. — איך לאָז זיך אין דער וועלט אַריין.

איך בין שוין געווען אַ בחור פֿון אַריבער פֿערצן יאָר און כאָטש איך בין געווען אַף דער לער בא מיין אייגענעם שוואָגער, האָב איך נישט אָנגעהויבן קענען דאָס שניידעריי.

די ירושה וואָס מיין פֿאָטער האָט איבערגעלאָזן, האָט מען נישט געקאָנט פֿאַרקויפֿן און נישט פֿאַרזעצן זי, נאָר בלויז צעטיילן זיך מיטן דלות. האָט מיך מיין ברודער מיטגענומען צו זיין שווערער אַרבעט און מירביידע האָבן געמוזט ווערן די פֿאַרזאָרגער פֿון שטוב.

מיין ראָל, אַלס מיטפֿאַרזאָרגער פֿון שטוב, האָט מיך באַפֿרידיקט און איך האָב זיך געפֿרייט, וואָס איך קאָן העלפֿן מיין מאַמען און מיינע שוועסטער, און אַזוי צוביסלעך, האָב איך זיך צוגעוואוינט צום יאָך און די צייט איז געפֿלאָסן ביז עס איז אַוועק אַ יאָר, מיר האָבן געהאַט אַ שמחה, מיר האָבן חתונה געמאַכט אַ שוועסטער און מיר האָבן געפֿילט מיט ווייניקער אַ האָרב אַף די פּלייצעס און מיר האָבן שוין געטראַכט, אַז הלוואַי האַלט עס שוין מיט דער צווייטער שוועסטער אַזוי וויט...

אין דער צייט איז צו אונדז געקומען אַ ווייטע קרובה, אַ יונג מיידל. זי איז אייגנטלעך נישט געקומען צו אונדז, נאָר צו אירע נענטערע קרובים, אָבער אויפֿגעהאַלטן האָט זי זיך מערסטנס בא אונדז און דאָס מיידל איז געווען אין דיזעלבע יאָרן וואָס איך, נאָר מיר איז אַפֿילו נישט איינגעפֿאַלן צו קוקן אין איר זייט...

מיין ברודער האָט יאָ אַף איר געוואָרפֿן אַן אויג, אָבער אַן דערפֿאָלג, זי האָט אַפֿילו נישט געקוקט צו אים.

איך בין נאָך געווען צו יונג און אירע ברענענדיקע בליקן האָבן מיך נישט באַווירקט, אָבער די אַרומיקע אין שטוב האָבן שוין גוט באַמערקט; אַז זי איז צו מיר נישט גלייכגילטיק.

שבת און יום-טוב זיינען זיך באַ אונדז צונויפגעקומען בחורים און מיידלעך און עס איז געווען לעבעדיק און דעמאָלט האָט זיך דאָס חברה צו מיר אַ נעם געטאָן און געפאַדערט, אַז איך זאָל פאַר זיי עפעס זינגען און דעמאָלט, בעתן זינגען, האָב איך ערשט דערפילט אַף זיך דעם מיידלס ברענענדיקע בליקן און איך האָב געזען די צעגאָסענע פאַרשעמטע רויטקייט אַף איר שיין פנימל.

די מאַמע און מיין שוועסטער האָבן זיך געוויצלט ווען ציפקע איז נישט געווען און זיי האָבן געגעבן אָנצוהערעניש, אָבער איך בין נאָך, ווייזט אויס, נישט געווען דערוואַקסן צו קענען פילן ראָמאַנטיש, ביז עס האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט זיך אין שטוב באַ אונדז אויפגעהאַלטן אַביסל לענגער און מען האָט באַדאַרפט ציפקען אָפפירן אַהיים און עס איז געבליבן, אַז איך זאָל זי אָפפירן.

אונדזערע בליקן האָבן זיך דעמאָלט באַגעגנט, זי איז רויט געוואָרן און נישט וועלנדיק, אַז אַנדערע זאָלן זען איר פאַרוויטלטקייט, האָט זי שנעל געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אַרויס פון שטוב און איך באַלד נאָך איר.

מיר גייען אַזוי איבער דער גאַס שווייגנדיק און פלוצלינג האָט זיך ציפקע צעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו? — פרעג איך ציפקען נישט זיכער; — איך לאַך פאַרוואָס דו שווייגסט... און זי האָט זיך צו מיר צוגערוקט נענטער און איך האָב דערפילט די וואַרימקייט פון איר שלאַנקן בויגעוודיקן קערפער און צום ערשטן מאָל האָב איך דערפילט אַזאַ אַנגענעמע אויפרעגונג...

איך פרוואוו זיך פאַרענטפערן פאַרוואָס איך שווייג און זי רוקט זיך צו מיר נאָך נענטער און זי בויגט צו צו מיר איר קאָפ און איך פיל דעם ריח פון אירע האָר און אָן ווערטער האָבן מיר זיך ביידע אַרומגעכאַפט און אָנגעהויבן קושן און מיר האָבן זיך לאַנג געקושט און דערנאָך האָבן מיר שוין גערעדט דרייסטער און כאַפנדיק זיך, אַז עס מוז שוין זיין זייער שפעט, האָב איך זי שנעל צוגעפירט ביז צו איר טויער און אָפשמועסנדיק ווען מיר זעען זיך ווידער, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט הייסע קושן און איך בין אַוועק אַהיים ווי אַ גאַנץ אַנדערער מענטש.

אין דער צייט זיינען אָנגעקומען אַקטיאָרן און ווער וועט זיין דער ערשטער, אויב נישט איך? האָב איך באַלד געקויפט צוויי בילעטן און האָב ציפקען מיטגענומען צו דער פאַרשטעלונג.

דאָ האָט די טרופע אויך געשפילט אין אַ שטאַל, אַף אַ קליינער אימפראָוויזירטער בינעלע און פון דער טרופע, האָב איך אינגאַנצן איבערגעציילט צ ו ו י י אַקטיאָרן, וואָס איינעם פון זיי האָב איך דערקענט, דאָס איז געווען ליפאָוועצקי, וועלכער האָט אין פישזאַנס טרופע געשפילט האָצמעכן. דאָ האָט ער אין דער פאַרשטעלונג געהייסן שבתי.

די פּיעסע וואָס זיי האָבן געשפּילט, איז פון אַלעמען אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג, אויך ציפּקע האָט אָנגעקוואָלן, אָבער מיך האָט זי נישט גענומען. איך האָב שוין געזען שענערע פאָרשטעלונגען און איך האָב זיך שוין געמעגט האַלטן פאַר אַ גאַנצן מבין און אַהיימקומענ־דיק, האָב איך וועגן דער פאָרשטעלונג אפילו נישט געוואָלט ריידן, ווייל וואָס? וואָס קאָן מען פאַרלאַנגען פון אַ טרופּע, וואָס באַשטייט פון בלויז צוויי אַקטיאָרן?

אָבער ווי נאָר די טרופּע פון צוויי איז אַוועק, האָט זיך אין שטעטל געיאַוועט אַ גאַנצע טרופּע. די טרופּע איז געווען — מישעראַט מיט זיין פרוי, גאָלד מיט זיין פרוי, הערש־לייב וויסמאַן (ער האָט דעמאָלט גע־שפּילט דעם געזאַנגס־ליבהאָבער), עס איז אויך געווען מאיר פאָרך, אַן אַדעסער קעלער־זינגער און מאָגולעווסקי, דערזעלבער מאָגולעווסקי וואָס איז שפּעטער געווען אַ בילעטן פאַרקויפער אין ב. איירעס און פון דעם געמאַכט אַ לעבן.

מישעראַט האָט געדונגען די גרעסטע שטאַל פון נאָוועבוג, מען האָט אָנגעהויבן האַקן און זעגן, זומער איז געווען, האָבן זיך פאַרזאַמלט קינדער און צוגעקוקט צו דער אַרבעט און די אַקטיאָרן האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער דעם שטעטל און זיך אימפּאָנירט מיט זייערע נייע ווייסע רעק־לעך און איך דריי זיך אַרום זיי, איך באַקוק זיי מיט קנאה און מיט בענק־שאַפט און אין געדאַנק זע איך זיך אַליין אַזוי אַרומדרייען פראַנק און פריי אין אַזאַ וויסן נייעם רעקל...

יאָ, דעמאָלט האָב איך שוין אָנגעהויבן פילן, אַז איך דאַרף און מוז ווערן אַן אַקטיאָר.

קיין איין פאָרשטעלונג האָב איך נישט פאַרפעלט און גאַנץ אָפט האָב איך אויך ציפּקען מיטגענומען און מיר האָבן געזען די פאָרשטע־לונגען און גערעדט וועגן זיי און מיר האָבן גערעדט וועגן די רוסישע קאָנצערט־נומערן וואָס די אַקטיאָרן זינגען נאָך דער אידישער פאָרשטע־לונג און מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָס מוז מען אַזוי, ווייל דאָס אי־דישע טעאַטער שפּילן איז פאַרבאָטן און די טרופּעס רופן זיך „וואַריעטע טרופּעס" און נאָך יעדער פאָרשטעלונג איז טאַקע אַרויסגעקומען דער אַקטיאָר גאָלד, אָנגעטאָן אין אַ מאַלאָרוסישן קאָסטיום און געזונגען מיט עכט־אידישן אַקצענט מאַלאָרוסישע לידער און מאיר פאָרך האָט זיך אָנ־געטאָן ווי אַ דוואָרניק און געזונגען: —

„יאַ פּאַריאַדאַטשנעי דיעטינאַ,
„וו׳דאָמע דוואָרניקאָם סלוזשלאַזאַ... א. א. וו."

און אַבי מיט אַזעלכע „רוסישע״ לידלעך אַלס צוגאַב, האָט מען שוין לייכטער געקאָנט באַקומען אַ דערלויבעניש בא די צאַרישע באַאַמטע, צו שפּילן טעאַטער.

פון מישעראַטס טרופּע, האָב איך מאַגולעווסקין אַמערסטן מקנא גע־ווען, ווייל ער האָט געשפּילט די ראָל פון מ א ר ק ו ס אין „קאַלדוניא״.

אָנגעטאָן אין אַ פראַק, מיט שוואַרצע וואָנצעלעך. האָט ער אויסגע־זען אין מיינע אויגן ווי אַ פּרינץ און ווען ער האָט געזונגען — „ענטפערט מיר פייגל״, האָב איך אין אים געזען אַ גאָט און ער איז געווען אַזוי שיין, ממש נישט צום באַשרייבן. ער האָט טאַקע געהאַט גאָר אַ גרויסן דער־פאָלג און זיינע לידער האָט מען זיך אין אַלע שטיבער באַמיט צו קענען נאָכזינגען און איך פלעג טאַקע אין יעדער פרייער מינוט איבערזינגען די לידער פון טעאַטער, און דער חשק צו ווערן אַן אַקטיאָר, האָט זיך אין מיר געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג, ביז אין אַ געווויסן פרימאָרגן האָב איך באַשלאָסן צו גיין צו מישעראַטן און זיך פאָרשטעלן פאַר אים.

איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט אַז אַקטיאָרן שלאָפן שפּעט און איך בין באַלד אינדערפרי אַריין אין דער אידישער אכסניה פון זינדל ליגנער, וואו די טרופּע איז איינגעשטאַנען, אָבער איך האָב דאָרט גע־טראָפן אַזאַ טויטע שטילקייט, אַז עס האָט זיך מיר גאָרנישט געקאָנט גלויבן, אַז דאָרט שטייען איין אַקטיאָרן.

דער געלער זינדל פרעגט מיך וועמען איך באַדאַרף און איך ענט־פער — גאַספּאַדינא מישעראַטאַ.

— די חברה שלאָפט נאָך, האָט זינדל אַף שנעל געענטפערט און מיך געלאָזן שטיין; בין איך אַרוים אינדרויסן, אַרומגעדרייט זיך פאַרן הויז אַ לאַנגע צייט און ענדלעך בין איך ווידער אַריין און איצט האָב איך שוין געטראָפן מישעראַטן, ער האָט זיך געגרייט אַרומצואוואַשן, ווייזט אויס, נאָך פון נעכטיקן גרים אַלס באַבע יאַכנע... און באַלד האָבן זיך באַוויזן אויך די אַנדערע אַקטיאָרן, זיי זיינען נאָך געווען האַלב־גרימירט פון נעכטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַשעריי און עס האָט געדויערט גענוג לאַנג, ביז מישעראַט האָט מיך ענדלעך געפרעגט וואָס עס איז מיין באַגער.

איך האָב מיר געהאַט צוגעגרייט וואָס צו זאָגן אים, אָבער פון אי־בעראַשונג האָב איך פאַרגעסן וואו אָנצוהויבן און שטאַמלענדיק האָב איך אים דערקלערט, אַז איך שטרעב צו אַקטיאָרעריי. דאָס הערנדיק, האָבן עטלעכע אַקטיאָרן מיט אַמאָל אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. איך בין געבליבן ווי געפּלעפט. איך האָב זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, איך האָב

בשום אופן נישט געקאַנט פאַרשטיין פאַרוואָס זיי לאַכן און איך בין געשטאַנען צווישן די אַקטיאָרן ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע.

מיין אומבאַהאָלפנקייט האָט ערשט נאָך מעהר אויפגעלעבט די אַקטיאָרן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן וויצן אויף מיין חשבון און ווינקענדיק גנביש צו די אַקטיאָרן, האָט דער דירעקטאָר מישעראַט מיך אַ פרעג געטאָן אַפסניי: — ווילסטו, הייסט עס, ווערן אַ אַקטיאָר? נו? און אַ שטימע האָסטו? קענסטו זינגען?

אַ דערשראָקענער האָב איך גענומען שטאַמלען, אַז איך ווייס אַליין נישט, דוכט זיך מיר אַז איך האָב אַ שטים און דוכט זיך מיר אַז איך קאָן זינגען...

אַקטיאָרן האָבן זיך ווידער צעלאַכט און מישעראַט האָט געגעבן אַ באַפעל: — אַ נו, לאָז הערן דיין שטים, זינג עפּעס און באַוויז דיין טאַלאַנט!

עס האָט געדויערט אַ ווײַלע ביז איך האָב זיך באַרואיקט און איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פון קצב (אין קאַלדוניא) און געזונגען זיין ליד, און ווען איך האָב עס פאַרענדיקט, האָט ווייסמאַן אַ רוף־אויס געגעבן — אַ בראָך צו דיר, מאיר פּאַרך, דער יאַט האָט דאָך דאָס ליד בעסער אָפּגעזונגען ווי דו אויף דער בינע!...

— ווי אַלט ביזטו? — פרעגט מיך דער דירעקטאָר און איך ענטפער אים — זעכצן יאָר.

— ביזט נאָך צו יונג, — ענטפערט מיר מישעראַט; — דאַרפסט נאָך אַביסל אונטערוואַקסן, מיין קינד, און דעמאָלט וועלן מיר זען.

איך בין אַוועק פון זינדלס אכסניה ווי אַן אָפּגעשמיסענער און זיך ווידער גענומען צו דער שווערער אַרבעט צוזאַמען מיט מיין ברודער, אָבער איך האָב אַלץ נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן ווערן אַן אַקטיאָר.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז די טרופּע מישעראַט אַוועקגעפאָרן, בלויז דער שיינער בחור, מאַגולעוווסקי, איז געבליבן צוליב אַ פאַרליבעניש און דערווייל איז אָנגעקומען אין שטעטל אַ וואַנדער־צירק, אַ מין באַלאַגאַן, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן ברייטן יריד־פּלאַץ.

מאַגולעוווסקי אַלס אַקטיאָר, האָט זיך באַלד באַקאַנט געמאַכט מיט די אַקראָבאַטן און מיט די אונטערנעמער פון צירק און ער האָט מיט זיי אָפּגעמאַכט אַ געשעפט, אַז ער וועט זיי צושטעלן אַ קוואַרטעט, וואָס וועט פאַר דעם אידישן פובליקום זיין אַ ספּעציעלע אַטראַקציע.

אַזוי ווי מאַגולעוווסקי האָט מיך געזען באַ מישעראַטן, האָט ער שוין געוואוסט אַז איך בין אַ קאַנדידאַט, האָט ער זיך צו מיר געווענדעט און

איך האָב אים אָנגעוויזן אַף נאָך צוויי אײנגלעך און אַט איז שוין געווען אַ פּאַרטיקער קוואַרטעט.

מאַגולעווסקי האָט מיט אונדז אײנשטודירט די געזאַנגען און געוויזן אונדז טענץ און אַזוי איז מיר אויסגעקומען צו דעבוטירן אַלס אַקטיאָר פאַר רוסישע פּויערן. מאַגולעווסקי האָט פאַר דעם קוואַרטעט באַקומען געלט, אָבער ער האָט עס גענומען פאַר זיך און מיר האָבן בלויז געהאַט דעם כבוד צו זינגען און טאַנצן אין אַ באַלאַגאַן...

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז אויך מיין צווייטע שוועסטער איז אַ כלה געוואָרן און מען האָט באַדאַרפט גרייטן די חתונה און וויפיל מיר, איך און מיין ברודער האָבן פאַרדינט, איז אַלץ געווען ווייניק, אָבער דאָך, האָבן מיר געגרייט אַ שיינע חתונה און איך האָב זיך אַפילו אָפּגעשפּאַרט אַ שיינעם פּאַרוסינענעם קאָסטיום מיט אַ פּאָר סקאַראַכאָדן (לייכטע שיך), איך זאָל קענען טאַנצן מיט מיין ציפּקען אַף דער חתונה.

ווען איך בין שוין געווען אײנגאַנצן אויסגעפּוצט, זאָגט צו מיר די מאַמע: — בנציון, ווּעסט מוזן ברענגען וואַסער, ווייל דאָס וואַסער אין שטעטל טויג נישט צום קאָכן. ווייל איך נישט פאַרלירן קיין צייט, באַרג איך אויס ביי אַ שכן אַ פערדל מיט אַ פאַס און איך פאָר נאָך וואַסער. די אַרבעט איז נישט קיין לייכטע און צו מיין גרויסן ווייטיק האָב איך זיך, ווען איך בין אַהיימגעקומען מיטן וואַסער, געכאַפּט, אַז מיין נייער קאָסטיום איז געוואָרן אויסגעוואַלגערט און די סקאַראַכאָדן זיינען צעקראָכן געוואָרן און עס קומט מיר אויס, כאָטש נעם און טו זיך אַ מעשה אָן...

פאַרפאַלן. מען האָט פאַר מיר קוים מיט צרות אויסגעשטוקעוועט אַן אַנדער אָנצוג, אַז איך זאָל קענען זיין אויף דער חתונה, אָבער מיר איז שוין די שמחה נישט איינגעגאַנגען און איך האָב זיך אין דעם פרעמדן אויסגעבײמלטן אָנציגל געשעמט צו טאַנצן.

איבערגעקומען די חתונה, אַראָפּגענומען אויך דעם צווייטן האָרב פון פּלייצע, האָט אונדז בלויז געפעלט, אַז אויך די מאַמע זאָל חתונה האָבן. די מאַמע איז געווען אַ שיינע געזונטע אידענע און עס האָט זיך טאַקע באַלד געיאָוועט אַ באַלעבאַטישער איד און אַ קורצע צייט שפּעטער, האָט אויך די מאַמע חתונה געהאַט, און איך בין שוין אײנגאַנצן געבליבן אַ פרייער פויגל און איך האָב שוין געטראַכט וועגן אַרויסרייסן זיך פון דעם אומעטיקן שטעטל אין דער גרויסער וועלט אַריין, אָבער דאָ איז מיר ציפּקע געשטאַנען אין וועג. וואָס טוט מען מיט ציפּקען? טאָג און נאַכט האָב איך געטראַכט וועגן דעם, ביז איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַראַטן מיט ציפּקען, לאָמיר הערן וואָס זי וועט זאָגן דערצו.

אריינקומענדיק צו ציפקען, האָב איך דאָרט געטראָפן איר שוואָגער, ציפקעס שוועסטער האָט זיך נעמלעך דערוואוסט וועגן אונדזער ליבע און זי האָט געשיקט איר מאַן, ער זאָל ציפקען וואָס שנעלער אהיימברענגען.

ציפקעס שוואָגער האָט זיך מיט מיר נישט צערעמאָניעט; — אָט איז ער, דער שאָלטיק; האָט ער אַ זאָג געטאָן און עס האָט ווייניק געפעלט, אַז ער זאָל מיר דערלאַנגען אַ פּאָר פּעטש...

און אַזוי בין איך אַרוים פון דאָרט אַן אָפּגעשמיסענער, ער האָט מיר אַפילו נישט געגעבן די געלעגנהייט זיך צו געזעגענען מיט ציפקען, ער האָט זי פון מיר אַזוי פּלוצלינג אָפּגעריסן און איך האָב געפילט, אַז ער רייסט מיר מיט אַ שטיק האַרץ...

אין דעם פאַרוואָרפענעם נאָוועבוג איז שוין גאָרנישט געבליבן אַזוינס, וואָס זאָל מיך דאָרט צוהאַלטן און איך האָב באַשלאָסן וואָס גיכער אַוועקצופאָרן. אָבער וואוהין? — קיין יעקאַטערינאָסלאַוו! איך האָב וועגן דער שטאָט אַ סך מאָל געטראַכט און איצט איז בא מיר געבליבן, אַז אַהין מוז איך פאָרן און מיטנעמענדיק מיט זיך אַדרעסן צו קרובים, האָב איך זיך געלאָזן אין וועג אַריין.



# פירטער קאפיטל

צום ערשטן מאל אין א גרויסער שטאט. — פעלדמאן און בלומענטאל. — איך ווער א חתונה־זינגער. — שמועסן וועגן גאלדפאדן און שמד. — מיין ערשטער באזוך ביי די ציפקוסעס. — דירעקטאר ציפקוס נעמט מיך אריין אין טרופע. — מיין ערשטע נסיעה אלס אקטיאר.

אנגעקומען קיין יעקאטערינאסלאוו צו מיינע קרובים, האב איך זיך באלד אנגעהויבן פילן בעסער ווי בא זיך אינדערהיים. שיינע מיידלעך האב איך דארט געטראפן, געווען מיט וועמען צו פארברענגען און יונג ווי איך בין געווען, האב איך שנעל זיך אויסגעהיילט פון דער בענקשאפט נאך ציפקען.

אין יעקאטערינאסלאוו איז געווען א זומער־טעאטער, דארט האט געשפילט א רוסישע טרופע און חוץ דעם וואס איך האב מיט נייע חברים און חברטעס געמאכט אפטע שפאצירן אין שטאדט גארטן, האבן מיר אויך באזוכט דאס טעאטער און איך האב דארט צום ערשטן מאל געזען טאקע אן אמתדיק טעאטער מיט שיינע דעקאראציעס און אזעלכע שיינע בינע־עפעקטן.

מיינע פריינט האבן מיך זייער מקרב געווען, זיי האבן מיך איבעראל מיטגענומען און מיך פארגעשטעלט פאר א זינגער אזוינעם און אזעלכן, א גוטע פארשלעפטע קרענק... און איך האב זיך קיינמאל נישט געלאזן לאנג בעטן, איך האב געזונגען און „דערלאנגט די סחורה” און באר שטארק אויסגענומען און איך האב זיך געהאלטן גדולדיק.

אין איינעם אן אוונט, די קרובים האבן מיך מיטגענומען אף א תנאים, איך האב שוין געהאט אויסגעזונגען מיין גאנצן לידער־רעפערטואר, ווערט א שטיקל סומאטאכע; עס האבן זיך געיאוועט צוויי פערזאן און עס איז געווארן א גערייעדעריי: — די זינגער זיינען געקומען וואס פארא זינגער? און איך דערוויס זיך, אז אין יעקאטערינאסלאוו זיינען פאראן זינגער, וואס גייען אויף חתונות, תנאים און בריתן און זיי מאכן פריילעך דעם עולם און פארדינען דערביי שיין געלט.

פון די צוויי זינגער, איז איינער געווען אַ נידעריקער מיט רויטע גראָבע וואָנצעס און דער צווייטער, אַ הויכער יונגערמאַן מיט אָפּגעגאָלטע וואָנצעס אַזוי ווי אַן אַקטיאָר. (אַן אַקטיאָר האָט מען דעמאָלט דערקענט צוליב די געגאָלטע וואָנצעס).

באַלד האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער מיט די וואָנצעס, הייסט פעלדמאַן, ער איז אַ „ראַזקאַזטשיק” (אַ דערציילער) און דער אַנדערער הייסט בלומענטאַל, ער האָט אַ טענאָר-שטימע און ער איז דאָ געקומען זינגען.

אַזוי ווי איך האָב שוין געהאַט געזונגען, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, אַ טייל האָבן געשריגן אַז די זינגער זאָלן זינגען און אַנדערע האָבן געשריגן, אַז מען דאַרף שוין נישט און אַז מיר האָבן דאָ אַן אייגענעם זינגער, נאָר אַזוי ווי איך בין צוגעשטאַנען צו די וואָס האָבן געפּאָדערט זינגען, איז שוין געבליבן אַז זיי זאָלן יאָ זינגען און פעלדמאַן האָט באַלד אָנגעהויבן מיט זיינע גראַמען.

ער האָט שוין געוואוסט די נעמען פון חתן-כלה מיט די מחותנים און אויף אַ וואונדערלעכן אופן האָט ער קאָמבינירט די אותיות פון זייערע נע־מען און געפלאָכטן פון זיי גראַמען און ער האָט אַזוי באַגייסטערט דעם עולם, אַז אַלע האָבן זיך געכאַפּט צו די בייטעלעך און די זינגער האָבן געמאַכט אַ היפּשע פּאָר גראָשן.

עמיץ האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר בלומענטאַלן, אַז איך בין דאָס דער היימישער זינגער און בלומענטאַל האָט זיך באַרימט פאַר מיר. אַז זיין פאָטער איז געווען גאָלדפאַדנס ערשטער אַקטיאָר און טאַקע איינער פון די בעסטע, אָבער ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש און דאָס נע־ונדעווען אַלס אידישער אַקטיאָר, האָט אים יונגערהייט געטריבן אין דער ערד...

פעלדמאַן און בלומענטאַל האָבן מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל ווערן אַ התונה-זינגער צוזאַמען מיט זיי, ווייל זאַלבע דריט, וועט מען קענען מאַכן פיל בעסערע געשעפטן. זיי האָבן מיר פאָרגעלייגט צו צאָלן 5 רובל אַ וואָך.

איך האָב זיך נישט געדונגען מיט זיי. איך האָב איינגעוויליקט און זיי האָבן מיר געלאָזן זייער אַדרעס און צומאָרגנס, צען אַזייגער, האָב איך באַדאַרפט זיין בא זיי.

איך האָב זיך שוין קוים דערוואַרט אויף דעם מאָרגן, פּונקט צען אַזיי־גער בין איך שוין געווען בא זיי און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס ערשטע מוזן מיר גיין צום שמש פון שול, ווייל בא אים קאָן מען זיך דערוויסן

וואו עס איז פאַראַן אַ חתונה און וואו אַ ברית און אַזוי בין איך געוואָרן אַ חתונה זינגער אין קאָמפּאַניע פון פעלדמאַן און בלומענטאַל.

פעלדמאַן און בלומענטאַל האָבן שוין געהאַט זייער אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם. אַזוי ווי בריתן זיינען געוויינלעך בייטאָג און חתונות ביינאַכט, האָט מען זיך קודם געגומען צום בריתן-רעפּערטואַר, וועלכן מען האָט אין די אָוונטן פאַרביטן מיט אַ חתונה-רעפּערטואַר.

גייענדיק אַף די בריתן און חתונות, האָט מען געמוזט מיטנעמען אַ היפּשן טשעמאָדאַן מיט זאַכן, וואָס זיינען באַשטאַנען פון ספּעציעלע רעקווויזיטן, ווי אַ קאַפּאָטע, אַ שטריימל, אַ טלית-קטן, שטיוול און אַז. וו. בייטאָג אַף די בריתן, האָט מען זיך נישט באַדאַרפט פאַרשטעלן, איז דער רעקוויזיט געווען קלענער און ביינאַכט גרעסער און עס האָט זיך שוין געמאַכט אַזוי, אַז אַלעמאָל איז מיר אויסגעקומען צו טראָגן דעם פּאַק, אָדער דעם אָנגעפּילטן טשעמאָדאַן.

מיין אַרבעט אין דעם טערצעט פון חתונה - זינגער איז געווען, צו האַלטן דעם טאָן און העלפן זינגען דעם צו-שפּיל. באַם פאַרשטעלן זיך, האָב איך געשפּילט בלומענטאַלס זון, וועלכער זשאַלעוועט זיין אַלטן פאָטער דאָס שטיקל ברויט און באַהאַנדלט אים שלעכט. דער אַלטער פאָטער נעבעך, מיט דעם אָנגעהאָנגענעם ווייסן בערדל, טענהט זיך אויס מיט זיין שלעכטן זון און ווענדעט זיך צו די געשעצטע חתונה-געסט: — זעט, רבותי, זעט, ווי אַ זון באַהאַנדלט אַ טאַטן... און די ווייבער פאַרגיסן דערביי טרערן און באַלד זינגט בלומענטאַל (דער אַלטער טאַטע) אַ טרויעריק ליד — „איך בין געווען אַ גרויסער גביר"... א. אז. וו. און דאָס טרויעריקע ליד צעטרייסלט די חתונה געסט צום איבעריקן און עס ווערט ערשט אַביסל פריילעכער, ווען דער זון הויבט אָן באַדויערן און גאָר פריילעך ווערט ערשט, ווען דער זון זאָגט שוין צו דעם טאַטן אַ גוטע באַהאַנדלונג און ער הייסט זינגען דעם טאַטן אַ פריילעך שטיקעלע, וואָס זאָל אונטערהאַלטן די געשעצטע התונה-געסט און דער אַלטער זינגט און צעטאַנצט זיך אַפילו ווי אַ יונג אינגעלע און דער זון העלפט אים צו און דער עולם איז אַנטציקט פון בלומענטאַלן און וועגן זיך, כאָפּ איך אויף אַ פּאָר ווערטער, אַז איך טויג צו גאָרנישט, אַז איך בין געשטאַנען ווי אַ גלאָמפּ און אַזוי ווייטער...

דער אמת איז געווען, אַז איך האָב זיך טאַקע נישט גוט געפילט אין דער ראָל פון אַ חתונה-זינגער און דערצו האָב איך נישט פאַרמאָגט די מאָס חוצפּה, וואָס מען דאַרף האָבן כדי זיך אַרויסצושטעלן אין אַ זאַך וואָס מען פילט נישט מיטן האַרצן. איך האָב זיך שנעל אַרומגעזען, אַז דאָס טויג נישט פאַר מיר און אַז איך מעג בעסער זוכן אַן אַנדער אַרבעט און

בלומענטאַל האָט מיר אַליין צוגעגעבן, אַז ער האָט מיך ליב און ער באַ־דויערט מיך און ער וויל בעסער איך זאָל האָבן אַן אַנדער באַשעפטיקונג.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון טערצעט, אָבער בין געבליבן פעלדמאַנס און בלומענטאַלס גוטער ברודער, ווייל איך האָב זייער ליב געהאַט צו הערן בלומענטאַלס זינגען און הערן ווי זיי ריידן וועגן אידישן טעאַטער, ווי זיי קריטיקירן גאָלדפאַדענען און שמרן, וועלכע זיינען דעמאָלט באַם אידישן טעאַטער געווען די העלדן פון טאָג.

פעלדמאַן האָט געלאַכט, ווען ער האָט גערעדט וועגן גאָלדפאַדנס טיפן און ער האָט געפרעגט: — ווי קאָן געמאָלט זיין אין לעבן אַזאַ טיפּ ווי האָצמאַך?... אָבער פונדעסטוועגן, האָבן זיי ביידע זיך באַצויגן מיט דעם גרעסטן רעספעקט צו גאָלדפאַדנס גרויסן אויפטו און זיי האָבן זייער שטאַרק אויסגעלויבט גאָלדפאַדנס „שולמית” און אַנדערע פּיעסן, וואָס האָבן באַלויכטן און דערהויבן די פינצטערע אָרימע אידישע מאַסן.

אויך וועגן שמרס פּיעסן האָבן זיי גערעדט און וועגן זיינע ראָמאַנען און זיי האָבן קריטיקירט און געלויבט און ווען איך האָב געהערט ווי זיי ריידן אַזוי וועגן די ביכער און זייערע מחברים, האָב איך זיי געהאַלטן פאַר גרויסע מענטשן און איך האָב זיך געפילט שטאָלץ, וואָס איך זיץ אין זייער געזעלשאַפט.

איינמאָל, אַ שבת בייטאָג, איך זיץ אַזוי גאַנץ היימיש באַ בלומענ־טאַלן, קומען אַריין צוויי אידישע אַקטיאָרן. איינעם פון זיי האָבן איך שוין געקענט פון מישעראַטם טרופּע, דאָס איז געווען ווייסמאַן. דער אַנדערער איז געווען אַן אַקטיאָר ברוינשטיין.

ווייסמאַן האָט געטראָגן וואָנצעס, ווייל ער האָט געשפּילט ליבהאָ־בער־ראָלן און ברוינשטיין, אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אָפּגעגאָלטע וואָנ־צעס, ער איז געווען אַ קאָמיקער.

די צוויי אַקטיאָרן כאַפּן זיך אַרום מיט בלומענטאַלן און פעלדמאַנען און מען נעמט זיי אויף ווי חשובע געסט און פון יוצא וועגן, האָט מען מיך אויך פאָרגעשטעלט פאַר זיי און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס, פון וועלכן איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ווייסמאַן און ברוינשטיין זיינען אין גרויסע צרות, זיי אַרבעטן באַם דירעקטאָר ציפּקום, וועלכער האָט צו־גענומען נאָך צוויי יונגעלייט וואָס דרייען זיך גלאַט אַרום און פאָרן מיט איבעראַל און אַט זיינען זיי דאָ, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, זיי זיינען אַ צו קליינע טרופּע און זיי טראַכטן אַפילו נישט דאָ צו שפּילן, אָבער... בלויז עטלעכע טעג דאָ פאַרבלייבן און דערנאָך ווייטער פאָרן... נאָר... און דאָ האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די הויפּט-צרה איז, וואָס זיי האָבן נישט קיין געלט אַף הוצאות ווייטער צו פאָרן.

און ווייסמאַן האָט ווייטער אַרויסגעשטאַמלט אין פאַרלעגנהייט, אַז ציפּקום האָט געדונגען איין שטוב אין וועלכער עס וואוינען צוזאַמען ציפּקום מיט זיין ווייב און קינדער און אַלע אַקטיאָרן און זיי ווייסן נישט ווי אַזוי זיי וועלן אַרויס פון דאָרט...

הערנדיק דעם טרויעריקן גרוס פון די אידישע וואַנדער-קינסטלער, האָט עס מיך פונדעסטוועגן גאָרנישט אָפּגעשראָקן און איך האָב זיך געטראַכט, אַז הלוואי ווילן זיי מיך מיטנעמען אַף דעם שווערן וואַנדער-וועג, וואָלט איך געוואָלט ליידן מיט זיי צוזאַמען, אַבי צו ווערן אַן אַקטיאָר. איך וואָלט עס געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן גליק, ווען זיי ווילן מיך נעמען מיט זיך און טראַכטנדיק אַזוי, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך וועל גיין צו דירעקטאָר ציפּקום און, געזאָגט און געטאָן.

געטראָפן אין צימער האָב איך בלויז די פאַמיליע ציפּקום. ציפּקום, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 38, דרייט זיך אַרום אין שטוב אין אַ רעקל און מאַדאַם ציפּקום, אַ שיין קאָרפּולענט ווייבל פון אַ דריי, פיר און דרייסיק יאָר פאַרעט זיך אין שטוב; די עלטסטע טאָכטער זייערע, זינאַ, אַ שלאַנק יונג מיידל פון אַ דרייצן יאָר, איז נאָך געלעגן אין בעט. זי האָט געשפּילט די פּרימאַדאָנע-ראָלן (שפּעטער די באַרימטע זינאַ ראַפּעל). אין שטוב איז אויך אַרומגעלאָפן אַ אינגעלע פון אַ יאָר אַכט, דאָס איז געווען שייקע און אַ מיידעלע פון אַ יאָר דריי אָדער פיר, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט איר ברודערל און אין שטוב אַן אומאָרדענונג, אַזוי, אַז באַלד באַם אַריינקומען אַהין, האָב איך געפילט ווי איך וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ ציגיינער-געצעלט.

די ציפּקום-פאַמיליע האָט שוין באַ אידיש טעאַטער געהאַט מיטגעמאַכט קאַלט און וואָרים, און זי איז שוין געווען געהאַרטעוועט און אַפילו נישט געפילט די פּיין פון אָרימקייט. די קלענסטע קלייניקייט האָט זיי געמאַכט גליקלעך. אַבי עס איז געווען אָפּצועסן אַ מיטיק, האָט מען שוין געזונגען און געטאַנצט און די אָרימע ציגיינער-שטוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַלאַץ פון גליקלעכע פּרינצן; דאָס איז געווען אַן אמתע נעסט פון באַהעמען!

צוערשט האָב איך זיך אין דער מאָדנער סביבה געפילט ווי אַף אַ גאַנץ נייער וועלט. עפּעס אַ מאָדנער געפיל פון דערהויבנקייט האָט מיך געוואָרימט און איך פלעג שוין דאָרט אָפּזיצן גאַנצע טעג און ווען ציפּקום האָט מיר ענדלעך דערקלערט אַז ער נעמט מיך מיט אין זיין טרופּע, האָב איך זיך שוין אין דער שטוב אַנגעהויבן פילן ווי אינדערהיים.

טאָג און נאַכט האָט מען געהאַלטן אין איין מאַכן רעפּעטיציעס און אַז מען האָט ערגיץ-וואו באַקומען אַ גמילת-חסד פון אַ האַלבן רובל,

איז אין שטוב געוואָרן יום-טוב און די מאַדאַם ציפּקום האָט באַוויזן איר בריהשאַפט וואָס זי קאָן אַלץ אויפטאָן מיט אַ האַלב קערבל... אַפן טיש האָט זיך געיאַוועט אַ הערינג און די באַלעבאָסטע האָט אים פלינק אַרומגעפּוצט מיט גלייכגעשניטענע פריטשן ציבעלעס און אַפן אויוון האָט שוין געשלאָגן די פּאַרע פון אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפליעס און מען האָט געפּראַוועט אַ געהויבענעם מאַלצייט, פאַרטרונקען מיט טיי און עס איז געווען אַזוי היימלעך און אַזוי ליב, אַז איך האָב אין דער אָרימקייט געפילט דעם גענוס פון די העכסטע גליקן.

מיט שטאָלץ האָט די פאַמיליע ציפּקום איבערגעלעבט די שווערע טעג און מיט סבלנות און טראָץ האָבן זיי געקוקט דער נויט אין די אויגן אַריין, מיטן פולן באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען קינסטלער און זיכער וועט פאַר זיי ענדלעך קומען אויך אַ גוטע צייט.

אָבער דערווייל איז שלעכט. מען זעט נישט קיין אויסוועג, ווי אַזוי מען וועט זיך קענען אַרויסבאַקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו.

אַ גאַנצן טאָג געפּין איך זיך בא דער קאָמעדיאַנטן-פאַמיליע, אָבער איך וואוין נאָך אַלץ בא מיינע קרובים און איינער פון זיי האָט מיך איינגעלאַדן, צו גיין שבת אין מאַלאָרוסישן טעאַטער.

געשפּילט האָט מען דעמאָלט „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ”, דאָס איז געווען דעמאָלט די גרעסטע דערפּאָלג-פּיעסע און איך האָב שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אָף שבת, איך זאָל קענען זען די מאַלאָרוסישע פאָרשטעלונג.

מיר זיינען געווען אַ גאַנצע גרופּע פון אינגלעך מיט מיידלעך און די מיידלעך האָבן זיך גענומען גרייטן און פּוצן זיך אָף צו גיין אין טעאַטער. מיר האָבן געזען אַז מיר פאַרשפּעטיקן זיך און מיר האָבן די מיידלעך צוגעיאָגט, איילט זיך אָביסל, אָבער עס העלפט דען? די מיידלעך פּוצן זיך און ווען מיר לאָזן זיך שוין ענדלעך איילנדיק אין טעאַטער, דערהערן מיר אַפן וועג: — פּאָזשאַר! פּאָזשאַר! עס ברענט! — דער קאַפּעלאַווטעאַטער ברענט!...

מיר קומען צו נענטער און מיר זעען, ווי דער גאַנצער טעאַטער שטייט איינגעהילט אין פלאַמען און פון אינעווייניק הערן זיך מאַיומדיקע קולות פון מענטשן, אַ ציטער כאַפּט אונדז אַלעמען אַרום, מען זעט נישט קיין וועג ווי אַזוי די מענטשן זאָלן זיך קענען אַרויסראַטעווען פון דער ברענענדיקער געביידע.

דאָס איז געווען צו דער מאַטינע-פאָרשטעלונג און ווייל עס איז דעם שבת גראָד אויסגעפאַלן אויך „ראָזשדעסטוואָ”, איז דער טעאַטער געווען פול געפּאַקט סיי פון קריסטן ווי פון אידן און דאָס טעאַטער האָט אַנ-

געהויבן ברענען פון דער בינע, עס איז געוואָרן אַ טומל און דער עולם האָט זיך אַ שפּאַר־געטון צום אַרויסגאַנג, אָבער דעמאָלט זיינען נאָך די טירן פון טעאַטער געווען לויטן אַלטן סיסטעם, די טירן האָבן זיך גע־עפנט אַריין, אינעווייניק, און ווען דער עולם האָט זיך געדרענגט צו די טירן, האָבן זיי אַליין פאַרשפּאַרט די טירן און כמעט אַלע מענטשן זיינען דעמאָלט אין דעם גרויסן אומגליק פאַרקוילט געוואָרן.

איך האָב באַלד אַף מאָרגן אָפּגעשיקט אַ בריוול אַהיים, אַז איך בין געראַטעוועט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ווייסנדיק ווי ליב איך האָב טעאַ־טער, וועט מען אינדערהיים מיינען, אַז איך בין זיכער געווען צווישן די קרבנות, האָב איך דעריבער באַשריבן, ווי אַדאַנק די מיידלעך וואָס האָבן זיך אַזוי לאַנג געפּוצט און געגרייט, האָבן מיר אַביסל פאַרשפּעטיקט און דאָס האָט אונדז געראַטעוועט פון זיכערן טויט.

מיר האָבן זיך צומאָרגנס באַטייליקט אין דער לויה־צערעמאָניע פון די קרבנות, מיר האָבן געזען ווי מען האָט די אַף קויל פאַרברענטע מענטשן איינגעטיילט אַף צוויי העלפטן, כדי איין העלפט צו באַגראָבן אַפן אידישן און די צווייטע אַפן קריסטלעכן בית־עולם און די שרעקלעכע געשעעניש און דאָס בילד, ווי עלטערן, ברידער, שוועסטער, כלות און חתנים האָבן געזוכט צווישן די פאַרקוילטן קערפּערס, אפשר וועלן זיי דערקענען די זייעריקע, דאָס בילד וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!...

צוויי טעג שפּעטער, איך קום צו ציפּקוסן און טרעף דאָרט אַן אויפ־געלעבטע שטימונג. ציפּקום קומט מיר אַנטקעגן און זאָגט מיר אָן די גליק־לעכע בשורה, אַז מאָרגן פאָרט מען שוין מיט מזל אַוועק.

און אַף מאָרגן גאַנץ פרי, איז שוין געשטאַנען אַ פור, מען האָט דאָרט אַרויפגעפּאַקט אַלע פּעק און קוישן און אויך די אַקטיאָרן האָבן זיך אַרויפ־געפּאַקט און איך צווישן זיי, און מיר פאָרן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי, מיר פאָרן, אָבער אין דער אמתן, גייען די מענער מער צופוס און מען מוז נאָך אַמאָל די פור אונטערשטופּן, אָבער מען פאָרט און מען גייט און עס איז לוסטיק און לעבעדיק און מען זינגט אַפן וועג לידער, די פנימער שיינען פון צופרידנהייט און שנעל לויפט אַפּ דער וועג היינטער אונדז און אָט זיינען מיר שוין אָנגעקומען קיין נאָוואָ־מאַסקאָווסק.

די יונגעלייט האָבן זיך באַלד איינקוואַרטירט אין פּריוואַטע וואוי־נונגען און ציפּקום האָט באַקומען אַ גרויסע וואוינונג פאַר זיין פאַמיליע און איך בין געבליבן וואוינען צוזאַמען מיט דער פאַמיליע ציפּקום.

# פינפטער קאַפּיטל

הערש־לייב ווייסמאַן אַלס עכאָ. — מיין אויפטריט אַלס אבינדב. — איך דערשרעק זיך פאַרן פּובליקום. — אַן פּראָבע, אַן אַ סופליאָר און אַן אַ רעזשיסאָר. — איך זאָג אָפּ די גאַנצע פּראָזע — אָף אייגענע קעסט. — איך לאָז איבער מיינע זאַכן און פאָר ווייטער.

דער דירעקטאָר ציפּקום האָט באַלד אויפצומאַרגנס באַוויזן אָפּצודינגען בײַ אַ רוסישן קלוב דעם סאַלאָן מיט אַ פּאַרטיקער בינע און דעקאָראַציעס און נאָך דעמזעלבן טאָג האָט ער אַנאָנסירט, אַז שבת וועט מען שפּילן „שולמית“.

דע דירעקטאָר אַליין לערנט מיך די ראָל אַבינדב און איך קען שוין די ראָל אָף אויסנווייניק און אַלעס גייט גוט, נאָר קיין מוזיק זע איך נישט; ווייס איך נישט, צי איז נישטאָ צו באַקומען קיין מוזיקער, אָדער קאָן זיך אונדזער דירעקטאָר באַגיין אָן מוזיק. טראַכט איך וועגן דעם, אָבער צום האַרצן נעם איך זיך דאָס נישט, פאַרקערט, אָן מוזיק, וועט מיר לייכטער זיין צו מאַכן די ראָל...

בכלל איז מיין אינטערעס צו זען ווי אַזוי די פאַמיליע ציפּקום שפּילט טעאַטער, געווען גרעסער ווי צום פּאַקט וואָס איך אַליין שפּיל היינט אַ ראָל אָף אַן אמתער בינע מיט אַ גאַנצער טרופּע און איך האָב ביינאַכט אָבסערווירט אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט סיי אָף דער בינע ווי הינטער די קוליסן און דאָס אַלעס איז פאַר מיר געווען אַזוי ניי, אַז איך האָב זיך פּשוט נישט געקאָנט גענוג אָפּחידושן.

אָן דער מוזיק, איז עס דאָ אויסגעקומען, אַז ווען שולמית זינגט אָף דער בינע: — „באַוויזשע דיין נס“, ענטפערט איר ווייסמאַן פון הינטער די קוליסן מיט זיין ברייטן טאָן אַלס עכאָ: — „יאָ, יאָ, יאָ!“ זינגט זי ווייטער: — „דאָ“ און ווייסמאַן אַלס עכאָ, ווידער: — „יאָ, יאָ, יאָ!“ זי: — „לאָז מיך פאַר דאַרשט“ און ער ווידער: — יאָ, יאָ, יאָ! און אז. וו.

איך האָב זיך צוגעקוקט, און עס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז אויב אַ פאַרבלאָנדזשעט מיידל אין דער מדבר זינגט

מיט אַ סאָפּראַן־שטימע, ווי אַזוי ענטפֿערט איר עפּעס אַן עכאָ מיט אַ ברייטער מענער־שטים... איך האָב געמיינט אַז עס דאַרף אַזוי זיין און איך בין געווען אנטציקט.

איך האָב אָבער נישט געקאָנט אָפּקומען בלויז מיט מיין צוקוקן זיך, ווייל גאָט האָט געהאָלפן און עס איז אויך אָנגעקומען מיין ריי און איך האָב באַדאַרפט אַרויפגיין אַף דער בינע און כאָטש איך האָב זיך בא די פּראָבן געמאַכט האַרץ און זיך גוט איינגעהזרט, אַז איך טאָר זיך נישט שרעקן באַם אויפטריט, פונדעסטוועגן איז עס איצט געקומען ווי פּלוצלינג און איך האָב זיך גוט דערשראָקן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, איך בין אַרויס און דווקא אַף דער בינע, האָב איך שנעל צוריקגעווינען מיין גלייכגעוויכט און איך האָב געמאַכט אַלעס ווי מען האָט מיך געלערנט, איך האָב זיך פאַרנויגט פאַר דעם אַלטן מנוח (ציפּקוסן). איך בין געשטאַנען מיטן פּראָפיל צום פּובליקום און האָב קיינעם נישט געזען און אַזוי האָב איך די ערשטע־פּאַרטיע גאַנץ פיין אָפּגעזונגען; נאָר ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען אַ זאַל מיט מענטשן, האָב איך זיך פאַרלוירן און פאַרגעסן וואָס איך האָב ווייטער צו טאָן און כאָטש ציפּקום האָט מיר שטילערהייט איינגערוימט — נו, גייט צו און שרייבט אונטער, האָב איך זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט און די צווייטע סאָלאָ האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן און פונקט ווי מען האָט געקאָנט דורכקומען אָן מוזיק, האָט מען שוין געקאָנט זיך באַגיין אָן מיין סאָלאָ און אָן מיין חתימה, די פאָרשטעלונג איז דורך גוט און דער עולם האָט שטורמיש אַפּלאָדירט און דער דירעקטאָר ציפּקום האָט באַלד אַנאָנסירט די צווייטע פאָרשטעלונג, דאָס ריזן־ווערק פון זעלבן וועלט־באַרימטן אויטאָר, די „צוויי קוני־לעמלס".

אפּצומאָרגנס, האָט מיר דער דירעקטאָר ציפּקום צוגעטראָגן אַ געדרוקט ביכל און מיר אָנגעוויזן, אַז איך דאַרף אויסלערנען די ראָל פון קלמן שדכן, ווייל אין צוויי טעג דאַרף מען שפּילן די קוני־לעמלס.

צוערשט האָב איך זיך געוואונדערט; נאָכדעם ווי איך האָב נעכטן פאַרגעסן אַף דער בינע וואו איך האַלט, טרויעט מען מיר היינט אָן אַזאַ ראָל ווי קלמן שדכן? אָבער באַלד האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז נישט צוליב מיין אַנערקענטן טאַלאַנט פאַר אַזאַ ראָל האָט מען זי מיר געגעבן, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל עס איז אין דער טרופּע נישט געווען קיין אַנדערער פאַר דער ראָל.

אינגאַנצן האָב איך געהאַט צייט צו לערנען צוויי טעג און קיין סופליאָר איז נישט געווען און קיין פּראָבן האָט מען אויך נישט געמאַכט, האָב איך אַליין אָנגעהויבן לערנען די ראָל פון ביכל און איך זע דאַרט

אין ביכל אָנגעצייכנט אַז מען דאַרף מאַכן זשעסטן און מען דאַרף ריידן שנעל און איך וויל מאַכן די זשעסטן און לערנען די ראָל אויפֿן קול, נאָר איך שעם זיך פֿאַר די מענטשן אין שטוב... פֿאַל איך אויף אַן אידייע, איך גיי אַריין אַהין, וואו אַפילו דער קייזער גייט צו פֿוס, פֿאַרקייטל די טיר און מאַך דאָרט פּראָבע אויף וואָס די וועלט שטייט און אַזוי בין איך דאָרט אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געלערנט מיין ראָל, מיט באַטאָנונג און זשעסטן און ווען איך האָב שוין די ראָל געקאָנט אויף אויסנווייניק, האָב איך זי ערשט אָנגעהויבן אויסנייי לערנען אָפּזאָגן די ווערטער אויף שנעל, צוזאַמען מיט די זשעסטיקולאַציעס, און איך האָב גאָרנישט באַמערקט, אַז פֿאַר מיין „באַקוועמען פּראָבע־סאַלאָן” האָבן זיך צונויפֿגעקליבן מענטשן, מען האָט שוין אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרונעס און צום סוף האָט מען גאָר אָנגעהויבן אַפּלאָדירן און איך האָב זיך געשעמט אַרויסצוקומען פֿון דאָרט...

קורץ, איך האָב די ראָל אויסגעלערנט אַזוי, אַז ווען מען וועקט מיך אויף פֿון טיפֿסטן שלאָף, וואָלט איך גרייט געווען אויסצושיטן די גאַנצע ראָל מיט די זשעסטן אינאיינעם.

און עס איז געקומען דער הייליקער דינסטיק ביינאַכט. די אַקטיאָרן העלפֿן מיר זיך אָנטון, גרימירן, דעמאָלט האָט מען נאָך נישט געוואוסט פֿון קיין לייכנער שמינק, מען האָט בלויז דאָס פּנים איינגעשמירט מיט בלייוויים און מיט דער סאַזשע פֿון אָפּגעברענטע שוועבעלעך האָט מען זיך געמאַכט שטרייכעלעך אויפֿן פּנים, עס זאָל אויסזען ווי קנייטשן און מען האָט מיר צוקלעפּט אַ בערדל און אָט שטיי איך שוין און וואַרט אויף מיין אויפֿטריט.

אויף דער בינע קום איך זיך צונויף מיט פּנחסלען (בראָנשטיין). איך בין, ווי עס איז געווען אָנגעצייכנט אין ביכל, אַרויס אויף דער בינע מיט אימפּעט און איך האָב באַלד אָנגעהויבן שיטן מיט מיין אויסגעלערנטער פּראָזע און איך האָב געוואָרפֿן מיט די הענט און בעת־מעשה הער איך ווי די אַקטיאָרן ריידן וועגן מיר הינטער די קוליסן און איך הער ווי ציפּקום זאָגט: — אַ פּעאיקער יאַט. און דאָס גיט מיר צו פֿייער און איך הייב ערשט אָן אָפּסנייי דערלאַנגען די פּראָזע און וואַרף מיט זשעסטן און איך זע גאָרנישט ווי בראָנשטיין וויל אויך עפּעס זאָגן, נאָר ער קאָן נישט קומען צום וואָרט און מיך אַרט אַפילו נישט ווען איך זע, אַז בראָנשטיין לאַכט כּסדר שטאַרקער, איך זאָג אַלץ מיין פּראָזע און וואַרף מיט די הענט און עס איז נישט מיין עסק ווען איך הער ווי מען לאַכט הינטער די קוליסן, איך שיט מיט דער אויסגעלערנטער פּראָזע, ביז איך בלייב אָן ווערטער און אַז איך האָב שוין נישט קיין ווערטער, וואָס דאַרף איך שטיין אויף דער בינע, גיי איך אַראָפּ פֿון בינע און פּטור אַן עסק...

ווען איך בין אַראָפּ פון בינע, זאָגט מיר איינער פון די אַקטיאָרן:
— און וואָס וועסטו טאָן אין די איבעריקע אַקטן?

לאָזט זיך אויס, אַז איך האָב אין ערשטן אַקט אָפּגעזאָגט דעם שדכנס פּראָזע פון דער גאַנצער פּיעסע און נישט האָבנדיק וואָס צו ענטפערן אַף מיין אומגליק, האָב איך זיך אַ פאַרשעמטער פאַרקליבן אין אַ ווינקל און געשוויגן... '

פונדעסטוועגן, איז די טרופּע ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, עס זיינען נאָך פאָרגעקומען עטלעכע פאָרשטעלונגען און פון יעדער פאָרשטעלונג האָב איך עפּעס געלערנט און איך האָב אָנגעהויבן מער פאַרשטיין און די געשעפטן אין נאָוואָמאָסקאָווסק זיינען געווען נישטקשהדיקע, דער דירעקטאָר צוזאַמען מיט דער גאַנצער טרופּע האָבן זיך פּאַמעלעך אויסגעגלייכט זייערע אבֿרים און געזעטיקט די הונגעריקע מאַגנס און אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז ערב פּסח. '

דירעקטאָר ציפּקום האָט נאָך געהאַט פּלענער וועגן עטלעכע פאָרשטעלונגען, און דאָ דאַרף מען זיך דאָך גרייטן צו פּראַוועַן פּסח, דערווייל קומט אַן אָנגעזעענער איד, אַ סוחר און בעט דעם דירעקטאָר, אַז ער זאָל אים געבן אַן אַקטיאָר לכּבֿוד פּסח...

דער דירעקטאָר צעלאַכט זיך: — וואָס הייסט אַן אַקטיאָר אַף פּסח? אינדיקעס האָט איר שוין, פעלט אייך, הייסט עס, נאָך אַן אַקטיאָר...

אָבער דער איד האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז ברוך־השם רייך און עס וועט זיין באַ אים אַ זאַטער פּסח און ער וויל האָבן באַ זיך אַן אַקטיאָר פון פריילעכקייט וועגן...

אַ ווײַלע האָט זיך דער דירעקטאָר ציפּקום פאַרטראַכט. ער האָט ווייזט אויס איבערגעטראַכט, אַז באַ אים וועט אַוודאי נישט זיין אַזאַ זאַטער פּסח און ער האָט זיך צו מיר געווענדעט: — נו, בנציון? אפשר איז עס אַ געשעפט? ווילסט גיין?

איך בין נישט געווען קיין געפּאַצקעט אינגל, דאָס לעבן האָט מיך נאָך גאָרנישט געהאַט געצערטלט און איך האָב שוין געהאַט איבערגעלעבט גענוג הונגעריקע טעג, אָבער דער פאָרשלאַג האָט מיר עפּעס מאָדנע אַ שטאָך געטאָן; איך האָב זיך געפילט באַליידיקט; דערויף האָב איך דאָס באַדאַרפט צו דערלעבן דאָס גרויסע גליק צו ווערן אַן אַקטיאָר, אַז איך זאָל דאַרפן גיין עסן צו אַ פרעמדן טיש ווי אַ שנאָרערישער אורח?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט, נאָר טרערן האָבן זיך געוויזן אין מיינע אויגן און ציפּקום האָט עס געמערקט און ער האָט מיט אַ געלעכטער צונישט געמאַכט זיין פאָרשלאַג צו מיר און ער האָט שנעל אָפּגעפּאָרטיקט דעם רייכן איד, אַוועקגעשיקט אים און ערשט דערנאָך האָט

ער זיך צו מיר גענומען. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, ווען ציפּקום האָט מיר געקוקט מיט אמתע פּאַטערלעכע ליבע אין די אויגן, ווייזט אויס, אַז די טרערן וואָס זיין פאַרשלאָג האָט בּאַ מיר אַרויסגערופן, האָבן אַף אים זייער שטאַרק געווירקט.

איך בין געבּליבּן מיט דער משפּחה. ציפּקום האָט געפּראַוועט דעם סדר און איך האָב זיך בּאַ דעם סדר-טיש געפילט ווי בּאַ זיך אינדערהיים.

פון די פּלענער פאַר ווייטערדיקע פאַרשטעלונגען איז גאָרנישט גע־וואָרן און באַלד נאָך פּסח האָבּן מיר ווידער אַרויפגעפּאַקט אונדזערע פּעק־לעך און קוישן צוזאַמען מיט אונדזערע מענטשן אַף אַ גרויסער פור און מיר זיינען אַוועק פון נאָוואָמאָסקאָווסק קיין אַלעקסאַנדראָווסק.

נאָך דעם שטיקל נישטקשהדיקע צייט וואָס מיר האָבּן צוגעבראַכט אין נאָוואָמאָסקאָווסק, האָבן מיר זיך געריכט אַף נאָך בעסערע צייטן און אַנקומענדיק קיין אַלעקסאַנדראָווסק, האָב איך מיך איינקוואַרטירט אין אַ פּריוואַט-הויז מיט עסן און שלאָפן, פאַר דריי רובל אַ וואָך. אויך די אַנדערע אַקטיאָרן האָבן זיך איינגעדונגען אין פאַרשידענע דירות און ציפּקום מיט זיין פאַמיליע האָבן אויך געדונגען אַ גרויסע שטוב און מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן טראַכטן וועגן שפּילן טעאַטער.

די געביידע וואָס ציפּקום האָט געדונגען, איז געווען אין פאָרם פון אַ צירק און אפשר איז עס געווען אַ פאַרלאָזענער אַמאָליקער צירק, אין וועלכן עס האָבן דערנאָך געשפּילט אַלע אידישע וואַנדער-טרופּעס וואָס זיינען געקומען קיין אַלעקסאַנדראָווסק.

ווי געוויינלעך, האָט דירעקטאָר ציפּקום אָנאָנסירט אונדזער גרעסטן שלאָגער — „שולמית". מען זעצט זיך צו דער קאַסע, מען זיצט און מען זיצט און כאָטש שריי חי-וקים, קיינער קומט נישט קויפן קיין בילעט און די אַקטיאָרן ווערן אומעטיק און אין מיר הויבט עס אויך שוין אָן צו ווײ־נען אין האַרצן.

ענדלעך זיינען פאָרט געקומען אַ פּאָר מענטשן, עס האָט ווייט נישט געקאָנט דעקן די הוצאות, אָבער שפּילן מוז מען, ווייל די פּראָפּאַגאַנדע פאָדערט עס און ווייזט אויס, אַז מיר האָבן די עטלעכע מענטשן נישט אַי־בּעראַשט מיט אונדזער פאַרשטעלונג, ווייל אויך צו די ווייטערדיקע פאַר־שטעלונגען איז דער עולם נישט געקומען און שפּילנדיק דאָרט עטלעכע פאַרשטעלונגען אין משך פון צוויי וואָכן, האָבן מיר דערלייגט וואָס מיר האָבן געהאַט פון נאָוואָמאָסקאָווסק און מיר האָבן נישט געזען קיין מעג־לעכקייט ווי אַזוי מיר וועלן זיך קענען פון דאָרט אַרויסבאַקומען.

מיין באַלעבאָסטע קוקט שוין אַף מיר מיט חשד און איך פיל זיך אומבאַקוועם און עס באַקומט מיר נישט דער ביסן וועלכן זי דערלאַנגט

מיר אַ ברוגזע צום טיש, גיי איך אַוועק פון מיין קוואַרטיר און זיץ אַף די גאַנצע טעג בײַ מיין דירעקטאָר און צוזעענדיק די נויט בײַ אים אין שטוב, פאַרגעס איך אָן מיין אייגענער און פונקט ווי איך קאָן נישט איינ־זיצן אַף מיין קוואַרטיר, אַזוי קאָן ציפּקוס נישט איינזיצן בײַ זיך אינדער־היים, אָבער ער באַהאַלט זיך נישט פאַר דער נויט, ער גייט איר אַנט־קעגן, ער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג זוכן אַ גמילות-חסד, כאָטש אַף אַ שטיקל ברויט פאַרן ווייב און קינדער, די אידישע בינע קינסטלער... אָבער דאָס מזל, ווי ציפּקוס אַליין טענהט, האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים, ער קומט אַהיים טרויעריק און בייז און ער באַקלאָגט זיך, אַז אַ טרינק בראָנפן קאָן מען נאָך באַקומען בײַ אַ גוטן ברודער, נאָר קיין גמילות-חסד נישט...

ענדלעך איז ציפּקוסן פאַרט געלונגען צו באַקומען אַ בעל־עגלה וואָס האָט זיך באַשלאָסן אונז אַריבערצופירן אין אַן אַנדער שטעטל אַף באַרג און ער האָט ציפּקוסן צוגעבאָרגט עטלעכע קערבלעך מזומן, ער זאָל זיך אַרומצאָלן, נאָר מיין לאַגע האָט זיך נאָך מיט גאָרנישט געענדערט.

איך בין שולדיק אַף מיין קוואַרטיר עפּעס מער פון זעקס קערבלעך, פרעג איך ציפּקוסן וואָס איך זאָל טאָן, העלפט ער מיר קרעכצן... האָב איך מורא אַהיימצוגיין, נעכטיק איך בײַם דירעקטאָר, אָבער וואָס טוט מען? איך האָב דאָך מיין ביסל בעבעכעס, צוויי אַנציגלעך, אַ פּאַלטאָ און אַביסל וועש אַף מיין קוואַרטיר... אָבער איך גיי נישט. איך האָב מורא זיך צו ווייזן פאַר מיין באַלעבאָסטע און באַלד אינדערפרי קומט דער בעל־עגלה, מען לייגט אַרויף די זאַכן אַף דער פור און דערנאָך קריכן אַרויף די מענ־טשן און איך אויך, אָן די זאַכן מיינע און אָפּן האַרצן איז מיר ביטער און טרויעריק און ווען איך שעם זיך נישט, וואָלט איך זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

מיינע חברים האָבן באַמערקט מיין פאַרלוירנקייט און זיי האָבן מיך גענומען טרייסטן: — זיי נישט קיין יאָלד! אַז מען וויל זיין אַ אידישער אַקטיאָר, דאַרף מען זיך אויסלערנען גיין נאַקעט און באָרוועס... וואַרט אוים, דו שנעק דו, עס הויבט זיך ערשט אָן און עס וועט זיין נאָך ער־גער... אַזוי האָבן זיי מיך געטרייסט, די חברים מיינע און באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן וויצן און גלעכטערס, ביז מען האָט זיך צעזונגען און איך האָב מיטגעזונגען און עס איז אויפגעגאַנגען אַ פרייד אין דעם שטילן פרימאָרגן אַפן לאַנגן געדרייטן וועג פון איין שטעטל צום צווייטן...

ווי דער שטייגער איז געווען, זיינען די מענער דעם גרעסטן טייל וועג געגאַנגען צופוס, נעבן דער פור און ווען מיר האָבן געזונגען, האָבן די פרויען און אַפילו די האַלב הונגעריקע קינדער פון מיין דירעקטאָר, אויך מיטגעזונגען און אַזוי האָט זיך געצויגן דער וועג, ביז מיר זיינען אַריינגעקומען אין דעם נייעם שטעטל.

דער בעל־עגלה האָט אונדז גלייך אָפּגעפירט אין אַ אידישן איינפאָר־הויז און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע אַרבעט, צו פועלן באַם באַלעבאָס פון איינפאָר־הויז, ער זאָל אונדז באַרגן עטלעכע קערבלעך, עס זאָל זיין צו באַצאָלן דעם בעל־עגלה און דירעקטאָר ציפּקוס, וועלכער האָט שוין צו דעם געהאַט אַ פּאַרטיקן מעטאָד, האָט דעם באַלעבאָס אויסגעוויזן ווי איינס און איינס איז צוויי, אַז מיר וועלן דאָ אין דעם אידישן שטעטל מאַכן גאָלדענע געשעפטן און ער קאָן מיט אַ רואיק געמיט אויסלייגן די עטלעכע קערבלעך, ווייל ער אַליין וועט אויך בּאַ אונדז מאַכן גוטע געשעפטן...

דער באַלעבאָס האָט זיך ענדלעך געלאָזט איבעררײדן און אויסגע־באַרגט דאָס געלט פאַרן בעל־עגלה און מיר האָבן זיך באַזעצט אין דעם איינפאָר־הויז, איך צוזאַמען מיטן דירעקטאָר און זיין פאַמיליע און נאָכן אַרומוואַשן זיך, לאָזן מיר זיך אַרויס איבערן שטעטל, מישטיינס געזאָגט, וואָס איז אַזוי גרויס ווי אַ גענייץ און אַט אַ דאָס שטעטעלע דאַרף אונדז דאָס ראַטעווען פון אונדזער שווערער לאַגע...

טירן פון נידעריקע הייזקעס האָבן זיך געעפנט און עס זיינען אַרויס אידן און אידענעס און זיי האָבן אָף אונדז געקוקט ווי אָף לצים און עס איז געוואָרן אַ רעש אין שטעטל און פון אַלע זייטן האָט מען געהערט: — קאָ־מעדיאַנטן זיינען געקומען!...

דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט און עס איז שוין געווען שפּעט צו קענען עפּעס אויפטאָן, האָט מען זיך אָוועקגעזעצט עסן וועטשערע און נאָכן עסן, ווי עס פּאַסט פאַר קינסטלער, האָבן מיר זיך געשמאַק צעזונ־גען און דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען נעבן אונדזער פענצטער.

— לאָמיר זינגען דעם ערשטן כאָר־געזאַנג פון „שולמית״; דאָס וועט פאַר אונדז זיין אַ גאָר גרויסע רעקלאַמע, זאָגט די דירעקטאָרשע און מיר לאָזן זיך נישט בעטן און באַלד הילכט איבערן שטעטל אונדזער געזאַנג:

— „געלאָדן מיט אַלדאָס גוטס...״

ערשט ליגנדיק שוין אָפן געלעגער, האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיין ביסל וועש וואָס איז דאָרט ערגיץ געבליבן און איך האָב נישט אפילו אָף איבערצובייטן אַ העמד, און אַ פאַרביטערטער, מיט אַ טיפן האַרץ־ווייטיק בין איך קוים איינגעשלאָפן אין אַ נערוועזן אומרואיקן שלאָף.



## זעקסטער קאַפּיטל

וואו נעמט מען ברעטער מיט פּעסלעך? — אונדזערע רעקאַרציעס. — סיעמיאַז, אונדזער „דיריזשאָר" און „אָרקעסטער" פּלאַצט די סטרונע. — עס פעלן דען קעץ אין שטעטל? — אַ רב רופט אויס אַ חרם אָף אונדז. — דער פּריסטאַוו באַפעלט גיין אין טעאַטער. — מיר שפּילן פאַר אַ פּריץ מיט אַ הונט. — בעסאַראַביע, שיינע בעסאַראַביע...

נאָך דעם זאַטן נאַכט-עסן און דער רעקלאַמע וואָס מיר האָבן זיך געמאַכט מיט אונדזער זינגען, זיינען אַלע צומאָרגנס אינדערפרי אויפגעשטאַנען האָפערדיקע און דירעקטאָר ציפּקום האָט זיך באַלד אַרויסגעלאָזן איבערן שטעטל זוכן אַ פּלאַץ וואו מען קאָן שפּילן טעאַטער.

אַזאַ פּלאַץ איז אָבער נישט געווען צו באַקומען. אין דעם שטעטל האָט עס געטראָפן צום ערשטן מאָל, אַז אַקטיאָרן זאָלן אַראָפּפאַלן ווי פון הימל אַראָפּ און אונדזער שטימונג הויבט אָן פאַלן; ענדלעך קומט ציפּקום צולויפן מיט אַ פרייד: — ער האָט דערטאַפּט. ער האָט געפונען אַ שטאַל פאַר בהמות און ער האָט זי שוין אָפּגעדונגען, און מען דאַרף גיין אויסרייניקן די שטאַל און איינאָרדנען דאָרט אַ טעאַטער.

אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? זיינען מיר געגאַנגען און מען האָט אָנגעהויבן זוכן און צונויפשלעפּן ברעטער מיט פּעסער, כדי אויפצושטעלן אַ בינע און מאַכן בענק פאַר זיץ-פּלעצער פאַרן ווערטן פּובליקום...

איז דאָס פאַר ציפּקומען שוין נישט געווען קיין נייעס, ווייל דאָס איז געווען זיין סיסטעם אין די קליינע שטעטלעך צו מאַכן טעאַטער. מען האָט אונטערגעשטעלט פּעסער און אָף די פּעסער — ברעטער און אָט איז שוין געווען אַ בינע. און ווידער קלענערע פּעסלעך און לענגערע ברעטער אָף זיי, און עס זיינען שוין געוואָרן זיץ-פּלעצער און כאָטש עס איז געווען שווער אָנגעקומען ביז מען האָט באַקומען די פּעסער און ברעטער, אָבער באַקומען האָט מען און די ערגסטע שטאַל איז ווי דורך אַ כשוף, נאָך עטלעכע שעה אַרבעט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאַטער...

דאַסמאָל, איז עס געווען אַ הייסער זומער־טאָג. מיר האָבן אויסגע־טאָן די רעקלעך און אַפּגעשוויצט אַ גאַנצן טאָג בײַ דער אַרבעט און עס איז נאָך בלויז געבליבן, אויפצוהענגען די „דעקאָראַציעס" וועלכע מיר פלעגן מיטפירן מיט זיך.

די „דעקאָראַציעס" זיינען באַשטאַנען פון אַ פאַדערשטן פאָרהאַנג וואָס האָט זיך אַף אַ קיילעכדיק דרענגל אַרויפגעקאַטשעט און אַ הינטער־גרונט, אַף וועלכן עס איז אַמאָל געווען אויסגעמאָלן אַ וואַלד, נאָר איצט איז שוין די מאָלעריי שווער צו דערקענען, ווייל פון דעם אַרומשלעפּן זיך, האָט זיך די פאַרב אַפּגעריבן און עס איז געבליבן די בלויסע שמוציקע לייוונט...

אַזוי ווי מיר זיינען שוין געווען גוט מיד, האָבן מיר דאָס אויפהענגען די דעקאָראַציעס איבערגעלאָזן אַף מאָרגן, פרייטיק און שפּילן האָבן מיר באַדאַרפט ערשט שבת.

פרייטיק האָבן מיר די שטאָל צום איבעריקן אויסגערייניקט, אויפגע־האָנגען די דעקאָראַציעס, אויסגעפּוצט דעם „סאַלאָן" און די בינע און מיר גענומען זיך צו אונדזער קינסטלערישער אַרבעט.

ציפּקום לויפט אַרום זוכן מוזיקאַנטן, אָבער אין שטעטל איז נישטאָ קיין קלעזמער אפילו אַף אַ רפואה. עמיץ האָט געעצהט, אַז אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון שטעטל, איז פאַראַן אַ פּויער, סיעמיאָן, וואָס שפּילט אַף אַ פידל. ער שפּילט אפילו אַף אידישע חתונות.

טראַכט מען נישט לאַנג, מען זוכט אַפּ דעם פּויער און מען נעמט מיט אים קנעלן גאָלדפאַדנס מוזיק. פון קיין נאָטן רעדט מען נישט, מען לערנט אַזוי, מען זינגט פאַר אים און ער קראַצט נאָך אַף דער פידל און מען פאַר־לאַנגט פון אים נישט קיין סך, נאָר בלויז, אַז איידער מען דאַרף אויפהויבן דעם פאָרהאַנג, זאָל ער מאַכן: — טאַ־דאַ־ראַ טאַ־טאַ, טאַדאַ־ראַ טאַ־טאַ!... גאַט געהאָלפן, עס איז אָנגעקומען דער הייליקער שבת־צונאַכט.

מען האָט אין טעאַטער אָנגעצונדן די קעראָסין־לאָמפּן און עס הויבן אָן קומען אידן מיט ווייבער און קינדער, קינדער מער ווי גרויסע און די קינדער צעהוליען זיך און מען קאָן זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן.

דאָס פּובליקום שטויסט זיך צו דער קאַסע, וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ טישל מיט אַ בענקל נעבן דער שטאָל. מען פרעגט אַף פּרייזן און ציפּקום זאָגט: — ערשטע ריי — זעכציק קאָפּיקעס, צווייטע — פערציק און גאַלעריע, צום שטיין, בלויז צוואַנציק קאָפּיקעס.

— באָזשע מאָי, קאַק דאָראָגאָ! — רופט אויס אַ באַרישניע און זי האָט שוין געגעבן חעם. טאָן און עס הויבט זיך אָן אַ דינגעניש אַזוי ווי אַפּן מאַרק און די קינדער אַרבעטן דערווייל מעשים און מיר הויבן אָן

ציטערן, אַז דער עולם וועט זיך צעגיין און מיר וועלן בלייבן מיט אונ־דזערע טאַלענטן, לאָזן מיר שוין אַראָפּ פון די פּרייזן און מען נעמט שוין וויפל מען גיט און די שטאָל האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעפילט.

עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווען מיר זיינען אַרונטער „הינטער די קוליסן", מען האָט זיך גענומען אָפּ שנעל „גרימירן" און ענדלעך שטעלן מיר זיך אַלע אויס אָפּ דער בינע, די שטימונג איז בײַ אונדז אַ יום־טובֿ־דיקע, אָפּ דער מאַדאַם ציפּקוס איז בשום אופן נישט צו דערקענען, אַז זי האָט ערשט נישט לאַנג צוריק, געקאָכט און צוגעטראָגן וועטשערע צו די הונגעריקע אַקטיאָרן וואָס האָבן געאַרבעט באַם טעאַטער; אין מיינע אויגן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ קעניגן. אָנגעטאָן אַ ווייס קלייד, אירע לאַנגע האָר — צעלאָזן און באַצירט מיט אַ ווייסן שלייער, האָט זי מיט אונדז קאָמאַנדעוועט און אויסגעשטעלט אָפּ דער בינע ווי די סאָלדאַטן און הערש לייב ווייסמאַן, אָנגעטאָן מיט אַ פּאַפּירענעם ספּאָדעק אָפּן קאָפּ און אַ רויטן מאַנטל וואָס האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט, דרייט זיך אַרום און פּרואווט כסדר אויס זיין שטים, צי זי איז אין אָרדענונג... דער קליי־נער אָכט־יעריקער שייקע, ציפּקוסעס זונדל, איז אויסגעשמירט מיט סאַ־זשע, דאָס פּנים, די הענט און ער האָפּסלט אַרום, ער דאַרף שפּילן אַ קליינינקן ציגעלאַנג...

אויך איך בין שוין פאַרטיק. איך שטיי מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד אַלס שולמיתעס פאָטער מנוח, מען גייט אָנהויבן, מען גיט אַ צייכן צו סיעמיאָנען דעם קאַפּעלמייסטער, ער זאָל געבן דעם טאָן, אָבער ער גיט נישט. קלאַפּט מען צו אים, ער שווייגט; קלאַפּט מען נאָכאַמאָל און שטאַר־קער, ער שווייגט אַלץ. אָבער ענדלעך שטעקט ער אַריין צו אונדז זיין קאָפּ פון אונטער דעם אונטערגעהויבענעם פאָרהאַנג און ער זאָגט צו אונדז בזה־הלשון: — „יעי באָהו, סטרונאַ לאָפּנולאַ..." (ביי גאָט, אַ סטרונע האָט געפּלאַצט...) נאָר וואָרט־זשעט צו אַביסל, איך וועל, זאָגט ער, לויפן אַהיים, איך האָב דאָרט אַן אַנדער סטרונע, וועל איך זי ברענגען. און ער איז אַוועק נאָך דער סטרונע צו זיך אַהיים, אין זיין פויערשער הייזקע, וואָס האָט זיך געפונען אַ פינף וויאָרסט ווייט פון שטעטל...

האָבן מיר זיך שוין אַליין „געשטעלט דעם טאָן" און מיר האָבן אָנ־געהויבן.

מיר האָבן דורכגעפירט די פאָרשטעלונג מיט גרויסן פוראָר; דאָס פּובליקום האָט ממש געשטורעמט די שטאָל, איך וויל זאָגן, דאָס טעאַטער און כמעט פאַרטאָג האָבן מיר ערשט פאַרענדיקט און זיך געלאָזן אָפּן וועג צו אונזער אַכסניה.

אַ שיינער זומערדיקער פאַרטאָג, ווען מען גלוסט זיך שלאָפן נאָך אַזאַ

גרויסן קינסטלערישן דערפאָלג? זעצן מיר זיך אוועק דרויסן, פאַרן איינ־פאַר־הויז און מיר זעען, ווי אַ סך פון אונדזערע טעאַטער־געסט טרייבן שוין זייערע בהמות אין טשערעדע און זיי ריידן צווישן זיך וועגן אונדזער פאָרשטעלונג, זיי לויבן אונדז זייער שטאַרק, עס פעלן אָבער אויך נישט קיין קריטיקער צווישן זיי און איינער דערמאָנט, אַז עס האָבן געפעלט די לעבעדיקע שעפעלעך אויף דער בינע און אַן אַנדערן האָט געפעלט אַ לע־בעדיקע קאָץ: — וואָס איז? זיי האָבן נישט געקאָנט אויסבאָרגן אַן אמתע קאָץ, עס פעלן קעץ בײַ אונדז אין שטעטל?...

אין דעם שטעטל האָבן מיר געגעבן עטלעכע פאָרשטעלונגען, ביז מיר האָבן שוין געהאַט „אויספאַרקויפט אונזער גאַנץ ביסל סחורה", אונדזער ביסל קונסט מיין איך, און דאָס שטעטל האָט זיך שוין געהאַט אָנגעזע־טיקט מיט אונדז און מער נישט געקומען און פון די גרויסע גליקן מיט די גרויסע דערפאָלגן, איז ווידער נישט געווען מיט וואָס אוועקצופאָרן און ציפקום האָט ווידער אָפּגעזוכט עפּעס אַ בעל־עגלה און דער בעל־עגלה האָט אונדז „אויסגעלייזט" פון שטעטל און אַריבערגעפירט אונדז אין אַן אַנ־דער שטעטל, נאָך אַ קלענערס פון דעם און דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלבע געשיכטע; דער בעל־אכסניה האָט ציפּקוסן אויסגעבאָרגט עט־לעכע קערבלעך אויפן חשבון פון די גרויסע פאַרדינסטן וואָס ציפקום האָט פאַרויסגעזען אין דעם שטעטל און מען האָט באַצאָלט דעם בעל־עגלה און ווידער האָט מען געדונגען אַ שטאַל און ווידער באָרגט מען פעסער מיט ברעטער און איך, אין מיין טעאַטער־שול, זע איין, אַז אַזוי גייט דער גאַנג פון אידיש טעאַטער און עס פאַלט מיר נישט איין, אַז עס קאָן גאָר זיין אַנדערש און איך גרייט זיך שוין צו דער פאָרשטעלונג, איך בענק שוין נאָך דער בינע און איך פיל שוין די אַנגענעמע ווארימקייט ווען איך זע, אַז פילע מענטשלעכע בליקן זיינען געווענדעט אויף דער בינע, וואו איך שטיי און שפּיל טעאַטער און ענדלעך איז שוין ווידער שבת, מען שטייט שוין ביי דער קאַסע און מען וואַרט אויף טעאַטער געסט, אָבער אַ נעכטי־קער טאָג, עס קומט נישט קיין משוגענער, אויסער אַ כאַפּטע קינדער וואָס דערגייען אונדז די יאָר...

שטייען מיר אַזוי אַרום אונדזער דירעקטאָר וואָס זיצט בײַ דער „קאַ־סע" און איינער קוקט אויפן אַנדערן און מען קוקט אין אַלע זייטן, אַ נעכ־טיקער טאָג, מען זעט נישט קיין מענטש, כאָטש שריי חי־וקים...

שוין גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, ערשט מיר זעען ווי עס יאָוועט זיך אַ מענטש, וואָס לויט זיין הולך און זיינע ברילן, האָבן מיר דערקענט אין אים דעם קליינשטעטלדיקן אינטעליגענט. ער קומט צו, באַגריסט זיך און זיפצט און באַדויערט אונדז און אַ וואָרט מיט אַ וואָרט, און מיר דערוויסן זיך די סבה פאַרוואָס קיינער קומט נישט אין טעאַטער.

— היינט איז דאָך שבת, דערציילט אונדז דער יונגערמאַן האַלב אין רוסיש און האַלב אין אידיש — האָט דער רב אין שיל אויסגערופן, אַז היות, וואָס אין שטעטל איז געקומען אַ קאָמעדיע מיט אידישע קאָמע־דיאַנטן וואָס מאַכן חוזק פון אידן, בכן זאָגט ער אָן מיט הארבן וואָרט, אַז קיינער פון אונדזער אַפּגעהיטענער קהילה זאָל נישט וואַגן צו גיין צו דער קאָמעדיע און גאַנץ שטראָף וועט פאַלן אַף די וואָס וועלן נישט פאָלגן...

פשוט גערעדט, דער רב האָט אַרויפגעלייגט אַ חרם אַף אונדז און דער יונגערמאַן באַדויערט אונדז נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און ער קוקט זיך דערביי אום אַף אַלע זייטן, ווי מורא האָבנדיק אַז מען זאָל אים נישט זען און ער דערציילט אונדז, אַז ער איז דאָ אין שטעטל דער לערער, ער לערנט מיט קינדער רוסיש און ער האָט דאָ גענוג אויסצושטיין פון די פאַנאַטישע אָבסקוראַנטן, וועלכע האַלטן אים פשוט פאַר אַ משומד...

ערשט איצט איז אונז קלאָר געוואָרן די גאַנצע מעשה, פאַרוואָס די אידן זיינען נישט געקומען, אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? האָבן מיר אויסגעלאָשן די אָנגעצונדענע קעראָסין־לאָמפּן, פאַרמאַכט די שטאָל און פאַרצווייפלטע און פאַרביטערטע, זיינען מיר אוועק אַהיים, אַף אונדזער אַכסניה.

די נאַכט וואָס מיר האָבן דעמאָלט פאַרבראַכט, איז מיר נאָך געבליבן אין מאָגן ביז אַפן היינטיקן טאָג...

באַלד אינדערפרי, איז אונדזער דירעקטאָר אוועק צום זעלבן פּרים־טאַוו, באַ וועמען ער האָט געהאַט אויסגעקלאַפּטשעט די דערלויבעניש צו שפּילן און ער האָט אים דערציילט וועגן דעם חרם און ער האָט פאַר אים געשילדערט אונדזער לאַגע, ווי אַזוי מיר זיינען געבליבן ווי אַפן מיטן פון אַ שטורעמדיקן ים און דער פּריסטאַוו איז אַריין אין אַ רציחה און באַלד געשיקט נאָכן רב און אַ האַלבע שעה שפּעטער, איז שוין דער צעשראָקענער רב געשטאַנען פאַרן פּריסטאַוו און אַ צאָן האָט אים גע־קלאַפּט אָן אַ צאָן, ווען דער פּריסטאַוו האָט געקלאַפּט אין טיש און גע־שריגן, אַז אין שטעטל האָט ער צו זאָגן און ער האָט באַפוילן דעם רב, אַז ער זאָל באַלד צונויפרופן אַלע אידן און זיי אָנזאָגן מיטן הארבן וואָרט, אַז היינט מוזן זיי גיין אין טעאַטער און אויב נישט, זאָל ער ווימן, דער רב, וועט ער עס האָבן מיט אים צו טאָן.

דער רב איז טאַקע באַלד, נישט טויט און נישט לעבעדיק געלאָפן אין שיל, געשיקט דעם שמש צונויפרופן דעם עולם און מיט אַ וויינענדיקער שטים, האָט ער איבערגעגעבן די גזירה פון פּריסטאַוו, אַז אַלע אידן מוזן היינט זיין אין טריאַטער...

האָבן מיר טאַקע אין דעם אָוונט געשפּילט „שולמית" פאַר אַ פול־געפּאַקטער שטאַל, חער פּריסטאַוו איז אויך געווען, ער איז געזעסן גאַנץ פאָרנט, נעבן דער בינע און געשעפּט נחת פון דער פאַלגעוודיקייט פון זיינע אידעלעך...

מיר האָבן דערנאָך געפּרוואווט נאָך שפּילן, אָבער דער רב האָט שוין באַקומען פּראָטעקציעס און אויסגעפּועלט אַז דער פּריסטאַוו זאָל זיין זיי־נער און מיר האָבן געמוזט באַצייטנס אַפּציען פון דאָרט און מיר זיינען געקומען אין אַ דאָרף און ווידער אַ שטאַל, ווידער זיצט מען בא דער קאַסע און מען קוקט זיך אוים די אויגן ביז מען דערלעבט זען אַ מענטשן און ווייזט אוים, אַז אין דאָרף האָט מען שוין געוואוסט וועגן דעם חרם פון רב און קיינער איז נישט געקומען.

בימער.

פלוצלינג הויבט זיך עפּעס עמיץ אָן צו דערנענטערן און באַלד זעען מיר, אַז דער עמיץ ווערט באַגלייט פון אַ גרויסן שוואַרצן הונט. צוגעקו־מען דער עמיץ, זעען מיר — אַ פּריץ מיט זיין גרויסן יאַגד־הונט.

דער פּריץ קוקט זיך אַרום און קוקט אָף אונדז פון איינעם אָפן צווייטן, עפּעס קומען מיר אים, ווייזט אוים, פאַר מאָדנע און ער פרעגט אונדז וואָס דאָ איז אַזוינס.

— אַ נעמעצקי טעאַטער, ענטפערט אים אונדזער דירעקטאָר.

— טאַ פאַרוואָס שפּילט מען נישט?

— ווייל קיינער פון די אידן איז נישט געקומען, פּריץ לעבן.

— וואָט סוואָלאַטשי, רופט אוים דער פּריץ און ער פרעגט וויפל עס דאָרף קאָסטן אַזאַ פאָרשטעלונג און אונדזער דירעקטאָר, אַ געבויגענער אין דרייען גיט זיך אַ כאַפּ אַרוים — אַ פּופּציק רובל.

דער פּריץ טראַכט אַ ווייל, דערנאָך שטופּט ער די האַנט אין קעשענע און שלעפּט אַרוים אַ גאַנצן קנאַקנדיקן פּופּציקער, דערלאַנגט עס דעם די־רעקטאָר און זאָגט צו אים.

— שפּילט פאַר מיר טעאַטער. אָבער געדענקט, איך האָב באַצאָלט פאַר דער פאָרשטעלונג, טאָרט איר קיינעם מער נישט אַריינלאָזן!...

און דער פּריץ גייט אַריין אין שטאַל, זעצט זיך ברייט אוועק אָף דער ערשטער באַנק און דער גרויסער הונט שפּרינגט אַרויף און זעצט זיך אָף דער באַנק נעבן זיין באַלעבאָס און אָט זיינען מיר שוין אָף דער בינע און אין איין ציטערניש, אַז דער הונט זאָל נישט אַרויפשפּרינגען צו אונדז אָף דער בינע און אונדז צעררייסן, שפּילן מיר אָפּ אַ „שולמית" און דאַנקען גאָט, מיר לאָזן אַראָפּ דעם פאָרהאַנג...

אַזוי האָבן מיר זיך וואָכן לאַנג אַרומגעשלעפּט ווי די ציגיינער פון

איין שטעטל אָדער דערפל אין אַנדערן, ביז מיר האָבן זיך פּאַמעלעך דער־שלעפּט קיין בעסאַראַביע.

אויך דאָרט האָבן מיר אויסגעמיטן די גרויסע שטעט; אונדזער די־רעקטאָר, ציפּקוס, האָט גוט געוואוסט, אַז אונדזער טרופּע קאָן נאָר טויגן פאַר די קליינע שטעטלעך וואו מען זעט נישט קיין טעאַטער און דערי־בער זיינען מיר געפאָרן אין אַזעלכע שטעטלעך און דערפער פון בעס־ראַביע, ווי ליפּקאַן, בריטשאַן, סוקעראַן און אַז. וו.

אין בעסאַראַביע איז אונדז געגאַנגען גאָר אַנדערש. מיר האָבן דאָרט געטראָפן זייער פּרימיטיווע, איינפאַכע אידן, אָבער מיט ברייטע הערצער, וואָס די קאַפּיקע שפּילט בא זיי נישט אַזאַ גרויסע ראָלע ווי בא די אוק־ראַינישע אידן און דאָרט האָבן מיר דערפילט גאָר אַן אַנדער לופט, גאָר אַן אַנדער סביבה וואָס האָט אונדז געמאַכט פילן היימלעך און וואָס האָט אונדז געגעבן האָפענונג, אַז דאָ וועלן זיך פאַר אונדז אָנהייבן בעסערע צייטן און מיר האָבן טאַקע אָנגעהויבן עסן צו דער זעט און אויסרוען זיך נאָך די שווערע טעג פון ליידן און נויט.

אין די בעסאַראַבער שטעטלעך און דערפער, האָבן זיך צו אונדז דער־נענטערט אַנהענגער, וואוילע יונגעליים וואָס האָבן געשטרעבט צו עפּעס העכערס און זיי זיינען געוואָרן אונדזערע גוטע פריינט און זיי האָבן אונדז מכבד געווען מיט דעם קרעפּטיקן בעסאַראַבער וויין און זיי האָבן מיט אונדז פאַרבונדן שמועסן וועגן טעאַטער און ציפּקוס האָט מיט זיי דיס־קוטירט און מיר האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז מיר זיינען אַן עפּעס, אַז מענ־טשן נויטיקן זיך אין אונדז, אַז מענטשן האָבן אונדז ליב און מען פאַר־שטייט זיך אַף אונדז, נישט אַזוי ווי אין דער אוקראַינע, וואו מיר האָבן זיך געפילט פאַרלאָזענע און אומנויטיקע ברואים...

די פריינטלעכע אויפנאַמעס און צוזאַמענקונפטן מיט גוטע ברידער אין בעסאַראַביע, האָבן פון אונדז פאַרטריבן דעם געפיל פון מינדערווער־טיקייט און זיי האָבן אונדז צוגעגעבן מוט און האָפענונג, אַז מיר, מיט אונדזערע עטלעכע ערשטקלאַסיקע כוחות, קענען אויפטרעטן אויך אין גרויסע שטעט, אין שיינע אמתע טעאַטער־סאַלאָנען און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן פאַר אמתע קינסטלער, וועלכע טוען שיינע און הייליקע אַרבעט. און נישט איינער פון אונדז האָט אין די דאָזיקע גליק־לעכע נעכט וואָס זיינען געקומען נאָך גליקלעכע זאַטע טעג — געחלומט וועגן גרויסע שטעט, גרויסע שיינע טעאַטערס, אין וועלכע מען טרעט אויף ווי אמתע און עכטע אַקטיאָרן און פולגעפּאַקטע סאַלאָנען אַפּלאָדירן און מען פילט זיך אַזוי גרויס, אַזוי גרויס, אַזוי גרויס!...

# זיבעטער קאַפּיטל

די ערשטע זאַטע טעג אַלס אַקטיאָר. — מיר פירן אויף „זשידאָווקאַ". — אונדזער „קאַרדינאַל" איז טויט שיכור. — איך שפּיל די טיטל־ראָל פון „שמענדריק". — „עטאַ יאַ יעוואָ נאַאוטשילאַ". — איך דאַרף זיך גרייטן צום פּריזיוו. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט פאַני רייבער. — איך פאַרלאָז ציפּקוסן און וויל אַרבעטן „פאַר זיך".

דאָס איז געווען אין בריטשאַן, בעסאַראַביע.

מיר האָבן „פאַרלייגט אונדזער קרעמל" אין אַ שטאַל, לויט אונדזער איינגעאיבטן סיסטעם, מיט ברעטער און פעסער און די וואוילע בעסאַראַבער אידן זיינען געקומען אין מאַסן.

דאָרט האָבן מיר ערשט געפילט אַ וועלט, אַ לעבעדיקע, אַ לוסטיקע און אַ שיינע.

מיר האָבן געשפּילט פאַרשידענע פּיעסן, די אידן זיינען אונדז געקומען זען און הערן און מיר האָבן שיין פאַרדינט און מיר האָבן שוין פאַמעלעך אָנגעהויבן פאַרגעסן די טרויעריקע טעג, ווען ציפּקוס האָט באַדאַרפט לויפן זוכן אַ בעל־עגלה וואָס זאָל אונדז אויסלייזן פון אַן אכסניה און אונדז אַוועקפירן ווי לעבעדיקע משכנות אין אַן אַנדער שטעטל, וואו אַ נייער בעל־אכסניה האָט אונדז באַדאַרפט אויסלייזן...

די דורכגעליטענע טעג, וואָכן און חדשים פון מיינע וואַנדערונגען, האָבן מיך שוין אויסגעשטעלט פאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן „פּראָפעסיאָנעלן" אידישן שוישפּילער מיט אַלע פּיטשיוווקעס; איך האָב זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט הונגערן, גיין נאַקעט און באָרוועס און איך האָב זיך איצט שוין אויך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו לעבן בעסער; דאָס צוגעוואוינען זיך צום בעסערן, איז מיר דווקא אָנגעקומען פיל לייכטער, איך האָב באַקומען גוטע ברידער וואָס האָבן מיך זייער געליבט אַלס קינסטלער און זיי האָבן מיך יעדן טאָג מכבד געווען מיט וויין און איך ווייס נישט וואָס עס האָט מיך מער פאַרשיכורט, צי דער וויין וואָס מיינע אַנהענגער האָבן מיר כסדר אָנגעגאָסן, צי זייערע לויב־ווערטער אָפּן חשבון פון מיין שפּילן טעאַטער.

מיר האָבן איינגעזען, אַז אין בריטשאַן איז נאָך פּאַר אונדז דאָ שטוי־מונג און געלט און מיר האָבן זייער געוואָלט, אַז די גוטע טעג אונדזערע, זאָלן זיך פאַרציען וואָס לענגער, אָבער וואָס טוט מען? אונדזער מאָגערער רעפּערטואַר איז אויסגעשעפּט, איבערשפּילן דיזעלבע פּיעסן, וועלן מיר זיך שנעל צועסן און דעמאָלט איז בײַ אונדז אַרויסגעשוואומען דער פּלאַן, אַז מיר זאָלן שפּילן די פּיעסע „זשידאָווקאַ" און געזאָגט און געטאָן.

צו דעם בעסערן לעבן פון זאַטע מאָלצייטן, פאַרטרינקען מיט פיינעם בעסאַראַבער ווייַן, זיינען געקומען גאָלדענע טעג פון לערנען אײַן איינגע־פּעטירן די ראָלן פון דער נייער פּיעסע. מיט וויפל דערהויבענער הייליקייט מיר האָבן זיך דאָס אָפּ אונדזער פּרימיטיוון שטייגער גענומען צו דער אַרבעט!

ציפּקום האָט זיך באַראַטן און פאַרטיילט ראָלן; ווייסמאַן האָט באַ־דאַרפט שפּילן די הויפּט־ראָל אליעזר, ציפּקום אַליין האָט געשפּילט דעם קאַרדינאַל און אָף מיר איז אויסגעפאַלן צו שפּילן דעם פּרינץ לעאָפּאָלד. אין מיין געמיט, האָב איך זיך אין די דאָזיקע טעג טאַקע געפילט ווי אַן אמתער פּרינץ, און אפשר נאָך העכער, ווייל אַ פּרינץ איז עס און איך האָב זיך דערהויבן דערצו.

פון די פרויען־ראָלן, האָט די דירעקטאָרשע געשפּילט די פּרינצעסן און די דרייצן־יעריקע יהודית׳ל (וואָס איז שפּעטער געוואָרן די באַרימטע זינאַ ראַפּעל) האָט געשפּילט רחל.

געוויינלעך, האָבן מיר געשפּילט אָן פּראָבן, אָבער דאָסמאָל איז גע־ווען אַ שטיקל אויסנאַם. דער דירעקטאָר האָט „רעזשיסירט" און די די־רעקטאָרשע האָט צוגעהאָלפן און זי האָט מיט מיר געמושטרעוועט און מיך געלערנט און איך בין געווען איר געהאָרכזאַמער שילער, אויספאָלגנ־דיק אַלץ וואָס זי האָט מיר געהייסן טאָן.

גלייכצייטיק האָט מען אויך געאַרבעט בײַם אויסשטוקעווען דעם גאַר־דעראָב, וועלכן מען האָט באַדאַרפט איבערנוצעווען פון דיזעלבע שמאַ־טעס אין וועלכע מיר האָבן געשפּילט „שולמית".

אַלץ איז פּאַרטיק און היינט באַנאַכט גייט דער גרויסער ספּעקטאַקל.

ענדלעך זיינען מיר שוין אָף דער בינע, אָט־אָט און מען דאַרף אויפ־הויבן דעם פאָרהאַנג, נאָר איין זאַך, אַ קלייניקייט, אונדזער דירעקטאָר איז נישטאָ.

מען דרייט זיך אַרום אָף דער בינע, די נערוון אונדזערע זיינען גע־שפּאַנט, די דירעקטאָרשע ברעכט די הענט, דאָס פּובליקום אָף יענער זייט פאָרהאַנג ברויזט זיך שוין און לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן דערמיט וואָס דער „אָרקעסטער" פון חתונה־קלעזמער שפּילט נאָכאַמאָל — דער דירעק־טאָר איז אַלץ נישטאָ.

— וואו קאָן ער זיין, דער דירעקטאָר? אָבער שאַ, אָט קומט ער אין באַגלייטונג פון צוויי גוטע־ברידער, אַלע דריי זיינען אָפן העכסטן גראַד „שמחת־תורהדיק" און ציפּקוס שטייגט זיי איבער, ער איז ממש באַוואוסטלאָז...

בעת זיין באַווייזן זיך, האָט זיך די מאַדאַם ציפּקוס געגרייט אים מכבד צו זיין מיט אַ פּאַרציע מוסר־רייד, אָבער באַלד האָט זי געזען, אַז עס איז נישטאָ פשוט מיט וועמען צו ריידן, ווייל ער האָט זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס יעדעס וואָרט האָט געמוזט זיין אַרויסגעוואָרפן אומזיסט.

דערווייל גייט עס דאָך נישט ווייטער; מען דאַרף אָנהויבן די פאָרשטעלונג און קיין אַנדערן וואָס זאָל קענען פאַרטרעטן ציפּקוסן האָבן מיר נישט געהאַט. האָבן מיר זיך געמוזט נעמען צום דירעקטאָר און וועקן און רופן אים צום באַוואוסטזיין, אַז ער דאַרף איצט שפּילן טעאַטער און ענדלעך האָט ער זיך שווער אַוועקגעזעצט און מיך צוגערופן און געוואונקען צו מיר מיט פאַרזשמורעטע אייגעלעך:

— בנציון... גיב מיר די קאַפּאָטע מיט דער יאַרמלקע... און איך פאַרשטיי, אַז ער מיינט, אַז ער דאַרף איצט שפּילן האַצמאַכן. מאַך איך זיך נישט ווויסנדיק, איך ברענג אים דער פורפור־רויטן מאַנטל פון קאַרדינאַל און איך גרימיר אים צו און ער לאָזט מיט זיך אַלץ טאָן און איך פיר אים ענדלעך אַרויף אָף דער בינע, זעץ אים אַוועק אָפן טראָן און דערלאַנג אים דעם בעכער אין האַנט.

דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף. מיין דירעקטאָר זיצט אָפן טראָן און שלאָפט גאַנץ געשמאַק און דאָ קומט די סצענע, ווען אליעזר מיט זיין טאָכטער רחל ברענגען פאַר דער פרינצעסן די באַשטעלטע קייט און זיי דערקענען דעם פרינץ, וועלכער איז געווען בא אליעזרן אין הויז און זיך אויסגעגעבן אַלס אַ איד און זיי פאַרקלאָגן אים פאַר דער פרינצעסן מיטן קאַרדינאַל.

איצט דאַרף זיך דער קאַרדינאַל אויפהויבן פון זיין טראָן און זאָגן דעם פרינץ:

— „און דו, פרינץ, דו האָסט פאַרגעסן דיין הויכן שטאַנד,
האָסט געזינדיקט קעגן אַלעם הייליקן,
דערפאַר וועסטו אויסגעשלאָסן פון דער קירכע
און פון דער געזעלשאַפט..."

מיין דירעקטאָר וויל זיך אויפהויבן, נאָר ער פאַלט צוריק און ער קעמפט אין האַלב־באַוואוסטזיניקן צושטאַנד, ביז עס געלינגט אים צו

געווינען די גלייכגעוויכט, ער בלייבט שטיין, קוקט צו מיר, דעם פרינץ, נאָר אָנשטאָט די ווערטער וואָס ער דאַרף זאָגן, גיט ער צו מיר אַ זאָג:

— דו סמאַרק, דו... אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!...

איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָב זיך שטאַרק צע־לאַכט, נאָר אַ שטרענגער קוק פון דער דירעקטאָרשע, האָט מיך באַהערשט און איך האָב אויפגעהערט לאַכן.

מען האָט שוין ווי נישט איז פאַרענדיקט מיט דער פאָרשטעלונג, דאָס פּובליקום האָט ווייזט אויס געמיינט, אַז דער קאַרדינאַל דאַרף טאַקע זיין אַ שיכור וואָס ווייס נישט וואָס ער רעדט און מיר זיינען אַריבער מיט דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „זשידאָווקאַ" בשלום...

פאַרענדיקט מיט „זשידאָווקאַ", בין איך באַלד ווידער באַרייכערט גע־וואָרן מיט אַ נייע ראָל און דווקא מיט אַ גרויסער הויפּט־ראָל, דאָס איז געווען „שמענדריק", וואָס מיר האָבן אַף שנעל גענומען גרייטן אַלס גע־זעגן־פאָרשטעלונג.

די דירעקטאָרשע האָט מיר געגעבן די הויפּט־ראָל שמענדריק און זי אַליין האָט מיר „איינגערעזשיסירט" די ראָל און איך, ווידער דער גע־האָרכזאַמער תלמיד, פאָלג אויס אירע באַפעלן און אַט האָט זי שוין פאַר מיר דעם „קאָסטיום", וואָס פון הינטן דאַרף אַרויסקוקן אַ שפּיצל פון העמד און איך זע און פיל, אַז כאָטש מען גיט מיר צו שפּילן אַ הויפּט־ראָל, האַלט מען מיך אין טרופּע פונדעסטוועגן ווי אַ אינגל און מען דערלויבט זיך מיט מיר וואָס מען וויל און איך פיל פּלוצלינג אַן אַמביציע און איך באַ־שליס, אַז איך מוז גוט אָפּשפּילן מיין ראָל און אויסערדעם וואָס די די־רעקטאָרשע לערנט מיך, לערן איך פאַר זיך אַליין אויך די ראָל און איך גרייט זיך אַלס שמענדריק, וואָס האָט באַדאַרפט זיין די לעצטע פאָר־שטעלונג.

צו דער געזעגן־פאָרשטעלונג זיינען געקומען אַ סך מענטשן און די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע און דאָס האַרץ איז אין מיר געוואַקסן פון פרייד, ווען איך האָב געהערט ווי דער עולם לאַכט פון מיינע וויצן און ווי מען פּאַטשט מיר בראַוואָ און ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן נאָכן צווייטן אַקט, זיינען אַריינגעקומען עטלעכע יונגעלייט הינטער די קוליסן, דאָס זיינען געווען די פאַרערער פון אונדזער קונסט און זיי האָבן זיך גע־ווענדעט צו מיר און אויסגעדריקט מיר זייער אָנערקענונג.

רופט זיך אָפּ די דירעקטאָרין צו די פאַרערערס: — עטאָ יאַ יעוואָ נאַאוטשילאַ! (דאָס האָב איך אים אויסגעלערנט) און זי איז געבליבן שטיין אין אַזאַ פּאָזע, אַז מען זאָל זען און פילן, אַז איר קומט דער גרעסטער חלק אָנערקענונג פאַר מיין גוטן אָפּשפּילן די ראָל...

איך האָב געשוויגן, אָבער אינערלעך האָט עס אַף מיר זייער שטאַרק געווירקט, עס האָט מיר זייער ווי געטאָן און איך האָב ווידער געהאַט די סאַטיספאַקציע, ווען פאַר זייער אַוועקגיין, האָבן די יונגעלייט נאָכאַמאָל מיך באַגריסט, געקלאַפט מיר אין פּלייצע — „מאַלאַטשינאַ!״... און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד און איך האָב גוט באַמערקט אַף די פּנימער פון די אַלע עלטערע אַקטיאָרן, זייער קנאה...

מיט „שמענדריק״ האָבן מיר פאַרענדיקט שפּילן אין בריטשאַן און מיר זיינען ווייטער געפאָרן פון שטעטל צו שטעטל און וואָס ווייטער, האָבן מיר זיך מער איינגעלעבט מיט די ברייטהאַרציקע בעסאַראַבער אידן און עס איז אונדז געוואָרן ליב די מאַמעליגע וואָס מיר האָבן פאַרטרונקען מיט ווייַן און עס איז אונז פּשוט געווען אַ שאָד פון דאָרט אַוועקצופאָרן.

אָבער די שטעטלעך האָבן זיך אויסגעשעפּט און ווי אויטאָמאַטיש זיינען מיר פון בעסאַראַביע פאַרשלעפּט געוואָרן אין דער פּאָדאָליער גובערניע און דאָס ערשטע שטעטל אין וועלכן מיר זיינען אָנגעקומען, איז געווען — קריוואָיע אָזיעראָ (קריוואָזער)

דאָס איז געווען אין יאָר 1895. איך האָב שוין אַזוי געהאַט הינטער זיך גאַנצע דריי יאָר אַרבעט און פּראַקטיק אַלס אַקטיאָר, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע ציפּקוס. איך האָב צוזאַמען מיט זיי געליטן נויט און צוזאַמען מיט זיי געהאַט אויך פריידיקע טעג און די בינע איז מיר שוין געוואָרן אַזוי אייגן, אַז איך האָב זיך אַף איר געפילט ווי ביי ציפּקוסן אין שטוב און דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז עס פעלט מיר בלויז איין יאָר צום פּריזיוו און דער געדאַנק, אַז איך וועל מוזן אַלץ פאַרלאָזן און אַוועקגיין דינען פאָניען, האָט מיר נישט געגעבן קיין רו.

מיר האָבן זיך געשטעלט שפּילן אין קריוואָזער, אויך פאַרשטייט זיך, אַפן זעלבן סיסטעם: אַ שטאָל, פּעסער און ברעטער און דערוויל. אינמיטנדרינען, האָט זיך ווייסמאַן צעקריגט מיט ציפּקוסן און ער איז אַוועק אַן אַ זייט געזונט און עס איז שוין נישט געווען קיין אַנדער ברירה, ווי מיך צו מאַכן פאַר דעם איינציקן יורש פון זיינע ראָלן...

איך הויב אָן שפּילן הויפּט־ראָלן, איך געווין אַ סך פאַרערערס און פריינט און אויך פאַרערענס... און די פאַמיליע ציפּקוס רעכנט זיך שוין מיט מיר גאַנץ אַנדערש, איך בין שוין באַ זיי דאָס אויבערשטע פון שטויסל און איצט, גיי נעם מיט איינגענע הענט און לאָז דאָס אַלעס איבער און פאָר גאָר זיך צושטעלן צום פּריזיוו...

ווייס איך און איך פיל, אַז פאָרן צום פּריזיוו, איז זייער שלעכט, אָבער נישט פאָרן, איז נאָך ערגער, מען קאָן מיך פּאַקן און דעמאָלט קאָן זיין אַז אָך און אַז ווי צו מיר... און עס פאַלט מיר איין: — סיידן אַוועק־

פאַרן, אַנטלויפן, אַריינבאַקומען זיך אין אַ גרויסער שטאָט, אפשר וועט זיך מיר גאָר איינגעבן צו שפּילן אין אַ גרויס טעאַטער. מען דאַרף אַ פּרוּוו טאָן, וויל אַזוי, דאָ, מיט ציפּקוסן, דערוואַרט מיך נישט קיין שום גוטס, אויסער אַ סך ליידן און פּיין און צומאָל אויך קרישקעלעך פרייד וואָס דויערן נישט לאַנג...

און איך האָב אָנגעהויבן חלומען פון גרויסע שטעט און גרויסע טעאַטערס און איך האָב שוין בלויז אָפּגעוואַרט אַ געלעגנהייט, איך זאָל קענען ביַיטן מיין פּלאַץ פון ציפּקוסעס טרופּע צו אַן אַנדער דירעקטאָר.

צווישן מיינע פאַרערנס, איז דעמאָלט אויך געווען פאַני רייבער, (מיין פרוי שטאַמט פון יענער געגנט) ווען איך האָב געשענקט מער צוטרוי און אויפמערקזאַמקייט און אַזוי פּאַמעלעך, איז עס צווישן אונדז געוואָרן גאַנץ ערנסט און אויך פאַני האָט מיך אָנגעהויבן צורעדן, אַז איך זאָל אַוועקגיין פון ציפּקוסן און ווען ציפּקוס האָט שוין געהאַלטן ביי אַוועקפאָרן מיט זיין טרופּע, האָב איך נישט געוואַרט ביז עס וועט זיך מיר מאַכן אַן אַנדער טרופּע, נאָר איך האָב דערקלערט, אַז איך בלייב דאָ, צוליב פאַנין און אַזוי איז די טרופּע ציפּקוס אַוועקגעפאָרן און איך בין געבליבן וואוינען אין מיין וואוינונג אין קריוואָזער.

אין אַ שיינעם טאָג, האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט פאַנין און מיר האָבן באַשלאָסן, מיר זאָלן זיך אַוועקלאָזן איבער דער וועלט און צוזאַמען שפּילן טעאַטער.

מיר האָבן זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט. פאַני איז יעדן טאָג געקומען צו מיר און איך האָב מיט איר איינשטודירט צוויי קליינע קאָמעדיעס, „שבתי מיט יאַנקלען" און „לעמל מיט פישרעלען", די צוויי „קאָמעדיעס" האָב איך טאַקע געגנבעט בא ציפּקוסן, וועלכער האָט זיי געשפּילט גאַנץ אָפט אַלס „דיווערטיסמענט" נאָך אַ פאָרשטעלונג; די מאַדאַם ציפּקוס פלעגט זיך אָנטון אין מענער־קליידער, צוקלעפּן זיך אַ פּאָר וואָנסעלעך און געשפּילט יאַנקלען. נו? האָב איך איצט דאָס אויסגעלערנט פאַנין און מיר זינגען אײן די לידלעך און חוצדעס, האָב איך דאָך געקענט אַ סך אַנדערע לידער און מיר ווייסן שוין, אַז מיר האָבן אַ גאַנץ פיינעם פּראָגראַם אַף צו קענען אויפטרעטן אין צווייען.

פון מיינע אָפּגעשפּאַרטע עטלעכע קערבלעך, איז מיר שוין גאַנץ ווייניק געבליבן און מיר האָבן באַציַיטנס, ווי לאַנג עס איז נאָך געווען אַף הוצאות, געדונגען אַ פוירשע פור און מיר האָבן זיך געלאָזן פאָרן אין ערשטן שטעטל נישט וויַיט פון קריוואָזער...

# אַכטער קאַפּיטל

איך בין אַליין דירעקטאָר. — דער פּריסטאַוו מיט דער ווייסער באָרד. — די צוויי אידישע גאַראַדאָוואָיעס. — דער אירולניק-אַמאַטאָר. — עס ברעכט אויס אַ געשלעג מיט ציגיינער. — דער ציגיינער בעט זיך איבער.

די ערשטע „מדינה" אין וועלכער מיר זיינען אַריינגעפאָרן, האָט גע־הייסן אבודיעווקע, (פּאָדאָליער גוב.) און ווי איך האָב געהאַט צוגעזען בײַ ציפּקוסן, האָב איך זיך מעשה דירעקטאָר געהייסן פירן אין אַ אידישער אכסניה און מיר האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט.

איך האָב זיך געלאָזן זוכן איבערן שטעטל און איך האָב באַוויזן צו באַקומען אַ גרויסע שטוב אין וועלכער עס איז צופעליק געווען אַ קליין בינעלע, וואָס פאַר אונדז בײַדן, איז עס זיכער געווען גענוג און בענק זיינען דאָרט אויך געווען און צו אונדזער גרויסער פרייד, האָב איך דאָרט אויך געטראָפן אַ גאַנצן „אָרקעסטער", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ טראָמ־באָן, מיט אַ גרויסער פּויק מיט טאַצן...

איך האָב אויסגעהאַנדלט דעם אָרקעסטער פאַר דריי רובל אַ נאַכט און אַט שטייען זיי שוין אינדרויסן, פאַר דער געביידע און זיי טרומייטערן און פּויקן און קלאַפּן אַף די טאַצן און קינדערלעך קלויבן זיך צונויף און זיי מאַכן אַן אַזאַ גערויש, אַז מען הערט קוים אַרום דעם אָרקעסטער און איך זיץ אַליין בײַ דער קאַסע מעשה דירעקטאָר און אַלץ איז פיין און וואויל, נאָר איין צרה איז פאַראַן — מען זעט נישט קיין מענטש וואָס זאָל קומען קויפן אַ בילעט...

זעצט זיך שוין פאַני נעבן מיר, מיר קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן און מיר שמועסן זיך דורך און מיר באַדויערן זיך אַליין — אַזוי גוט זיך צוגעגרייט און גיי, ווייס, אַז דאָ איז אַזאַ פאַרשאָלטן פּובליקום... ווען דער עולם זאָל געווען קומען, וואָלטן מיר איצט שוין געווען געהאַט אָפּ־געשפּילט די ערשטע קאָמעדיע און אַזוי, זיצן מיר אין געהאַקטע צרות און מיר הויבן שוין אָן אינגאַנצן אויפגעבן יעדע האָפענונג.

פונדעסטוועגן, פּרוּאווט די מוזיק נאָכאַמאָל אויפשפּילן, אפשר דאָך? זיי האָבן פשוט מורא, אַז מיר וועלן נישט האָבן צו באַצאָלן זייער דרייערל און זיי הויבן אויף אַזאַ שטורעם מיטן טראָמבאָן און מיטן פּויק, אַזאַ טרעוואָגע, אַז דאָס שטעטל האָט זיך געמוזט צוהערן און, וואונדער איבער וואונדער, מען קומט, מען גייט, אפשר אַ פערציק פאַרשוין דערנענטערן זיך צו אונדז און מיר מאַכן אַ וואָרע, מיר טרייבן אָפּ די קינדער און זיי קומען צו און עס ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז דאָס זיינען לויטער קריסטן...

מיר זיינען ביידע שיר פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק. זיי פרעגן וויפיל עס קאָסט אַ בילעט און ציטערנדיק ענטפער איך — פופציק קאָפּיקעס און זיי האַנדלען זיך דוקא נישט, עס פליען די קערבלעך און האַלבע קערבלעך און דרייערלעך און געבנדיק רעשט, טראַכט איך דערוויל מיט שרעק: — וואָס וועלן מיר שפּילן פאַר זיי?...

דערווייל איז אונדזער פובליקום אַריין אין דער שטוב, זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק און מיר דערוויסן זיך, אַז דאָס איז די קריסטלעכע אַריסטאָקראַטיע פון שטעטל, דער אַפּטייקער, דער פעלדשער, דער לערער און דער שרייבער פון דער מעשצאַנסקי אופּראַווע און אַז. וו. און ערשט קוקנדיק אויף דער קריסטלעכער אַריסטאָקראַטיע האָבן זיך אויך עטלעכע אידן „איינגעשמועלט דאָס לעבן" און געקויפט בילעטן און דאָ העלפט שוין גאָרנישט, שפּילן מוז מען, נאָר וואָס?

איך האָב אפילו געקענט אַ פּאָר רוסישע קופּלעטן, ווייל דעמאָלט איז דאָך געווען אין דער מאָדע נאָך יעדער פאַרשטעלונג צו געבן אַ דיווערטיסמענט פון רוסישע און מאַלאָרוסישע לידער און איך האָב זיי נאָך געקענט פון פישקינדס־רעפּערטואַר, נו, האָב איך אָנגעטאָן אַ קאַפּאָטע מיט פאות און בין אַרויף אויף דער בינע און אָנגעהויבן זינגען און צום גליק, איז עס די קריסטן וואויל־געפעלן, אפשר דערפאַר, ווייל עס האָט זיך אויסגעוויזן ווי חוזק פון אידן, און זיי האָבן אַפּלאָדירט און געבעטן נאָך לידער און נאָך, ביז איך האָב שוין געהאַט אויסגעפּאַקט מיין גאַנץ ביסל רוסישע סחורה און איך בין אַראָפּ פון דער בינע.

פאַני פרעגט מיך — וואָס וועט זיין ווייטער? און איך ענטפער באַפעלעריש, מעשה דירעקטאָר: — טו אָן די הויזן און קלעפּ צו די וואָנסעס!

און די הויזן מיט די וואָנסעס האָבן אונדז טאַקע געראַטעוועט.

די קריסטן האָבן אונדז נישט פאַרשטאַנען, אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן טאַלעראַנט און זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון פאַנים וואָנסעס און אַזוי איז בשלום דורכגעגאַנגען די ערשטע פאַרשטעלונג אונטער מיין אייגענער דירעקציע...

אויף הוצאות איז דאָ, דאַרף מען נישט פאַרלירן קיין צייט, נאָר מען דאַרף פאָרן ווייטער.

זיינען מיר אריינגעפארן אין א שטעטל וואס הייסט ק א ד ע מ ע.

איך קום ארויס אין גאס, קוק זיך אום, קיין פלאץ וואו צו שפילן איז נישט פאראן. מאך איך שמועסן מיט איין איד, מיט א צווייטן און מען גיט מיר דוקא גוטע האָפנונגען, מען זאגט מיר, אז מיר וועלן דא מאכן גאר גרויסע געשעפטן, ווייל דא איז פאראן א זאוואד, א פאבריק מיט לויטער אידישע באאמטע און אלע זיינען זיי רייך, נאר וואס דען? פאר זיי מוז מען דינגען דעם רוסישן קלוב וועלכער האט א פארטיקע בינע און מען מוז אויך גיין צום פריסטאוו נעמען א דערלויבעניש.

איך שרעק זיך אפילו, איך צווייפל צי דאס איז פאר מיינע כוחות, אבער איך נעם זיך אונטער און גיי קודם צום פריסטאוו, וועגן דער דערלויבעניש.

דער פריסטאוו, אן אלטער קריסט מיט א העל־גרויער באָרד, נעמט מיך אויף זייער העפלעך און הערנדיק וואס איך וויל, דערקלערט ער מיר אז ער קאן מיר בשום אופן אזא דערלויבעניש נישט ארויסגעבן; ער האט א פרוי מיט אכט קינדערלעך און ער קאן נישט ריזיקירן מיט זיין פאסטן צוליב מיר... סיידן, גיט ער מיר אן עצה, איך זאל פארן צום איספראוו־ניק...

איך פרואוו נאכאמאל בעטן און נאכאמאל, אבער עס העלפט נישט און איך גיי ארויס מיט א געבראכן געמיט. פארן צום איספראווניק, איז פאלג מיך א גאנג און ווער ווייסט צי ער וועט יא דערלויבן, באשליס איך גאר צו גיין אין זאוואד און איינער דארט, אן אנגעזעענער באאמ־טער עצהט מיך, אז איך זאל קריגן א היימישע שטוב און איך זאל אים דערנאך מעלדן דעם אדרעס, פארזיכערט ער מיר, אז ער וועט שוין בא־קאנט געבן צו אלע קאלעגן פון זאוואד און אלע וועלן קומען.

האב איך אים געפאלגט. איך האב געזוכט און געפונען אזא גרויסע שטוב, קיין בינע איז נישט געווען, האב איך בלויז פארהאנגען די טיר צו א צווייטער שטוב מיט א פארהאנג, אז מיר זאלן קענען פון דארט ארויסקומען און מאכן דאס שפיל.

איך בין אוועק און איבערגעגעבן דעם מענטשן די אדרעס און בין צוריקגעקומען און אויסגעשטעלט בענקלעך מיט בענק און מיר ווארטן שוין אפן עולם.

דאס שטעטל האט פארמאגט צוויי אידישע פאליצייניקעס (גאראדא־וואיעס) און זיי זיינען מיט מיר באלד געווארן די בעסטע גוטע ברידער און זיי האבן מיר אפילו צוגעהאלפן אויסשטעלן די בענק און זיי האבן אויך געוואוסט, אז איך האב נישט קיין דערלויבעניש.

דער געשעצטער עולם איז געקומען אלע צוזאמען. דאס זיינען געווען

אידן מיט גראָבע בייכער אַף וועלכע עס האָבן געגלאַנצט דיקע גילדענע קייטן און די ווייבער זייערע, אַזעלכע דיקע קיין עין־הרע, אַז עס איז געווען אַף וועמען אַ קוק צו טאָן... און עס איז געווען קענטיק, אַז דאָס זיינען לויטער זאַטע פּאַסאַזשירן.

איך לייג זיי פאָר, אַז זיי זאָלן קויפן בילעטן, אָבער זיי זאָגן: ניין, נישט נויטיק, עס זאָל מיך אַבסאָלוט נישט אַרן, איך זאָל שפּילן און זיי וועלן שוין וויסן וואָס זיי האָבן צו טאָן.

הכלל, מיר זיינען שוין בא זיי אין די הענט, גיי איך אַריין אין צווייטן צימער און קלעפּ צו פאַנין די וואָנסעס און זי טוט אָן די הויזן און איך גיי אַרויס דער ערשטער און הויב אָן זינגען.

מיינע צוויי גוטע ברידער, די פּאָליציייניקעס, זיינען אויך דאָ, די לאָמפּן ברענען, עס איז ליכטיק און איך זינג און פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און אין איר באַווייזט זיך דער פּריסטאַוו מיט דער ליכטיק־גרויער באָרד און ער רופט אויס: — עטאָ טשטאָ טאַקאָיע?...

איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרלוירן און איך פרעג בא די אידן וואָס איך זאָל טאָן און זיי הייסן מיר אַריינגיין אין דער צווייטער שטוב און אויסטאָן די אַקטיאָרסקע בגדים און איך פאָלג און איך הייס פאַנין שנעל אויסטאָן די וואָנסעס מיט די הויזן און מיר הערן ווי דער פּריסטאַוו שטייט און בייזערט זיך און ער נעמט מיט מיט זיך איינעם פון די צוויי אידישע גאָראָדאָוואָיעס און זיי גייען צום אוריאַדניק.

די אידן האָבן דערווייל צווישן זיך צונויפגענומען די אמתע שיינע פאָר רובל און מיר עס איבערגעגעבן אומגעציילט, זיי האָבן אויסגעדריקט זייער באַדויערן און זיי זיינען זיך צעגאַנגען און מיט אונדז איז בלויז געבליבן איין אידישער גאָראָדאָוואָי און ער גיט אונדז אָן עצה, אַז מיר דאַרפן וואָס שנעלער אַפּציען פון שטעטל און ער אַליין פירט אונדז אַרויס פון שטוב, פירט אונדז אַוועק אין אַ פינצטער געסל און הייסט אונדז וואַרטן; ער לויפט אַוועק און קומט צוריק מיט אַ בעל־עגלה און ער גייט אַוועק אין אונדזער האָטעל און ברענגט אונדז אונדזערע זאַכן און אַט זיצן מיר שוין אַף דער פור, דער גאָראָדאָוואָי ווינשט אונדז אַ גליקלעכע רייזע און הייסט אונדז פאָרן וואָס שנעלער און ווען מיר זיינען שוין געווען גענוג ווייט, האָבן מיר געהערט די געפייפערייַ פון אוריאַדניק מיט די אידישע פּאָליציייסקע, וועלכע האָבן דעם אוריאַדניק געהאָלפן אונדז זוכן — אַף דער צווייטער זייט שטעטל...

דער בעל־עגלה האָט אונדז געבראַכט אין דעם שטעטל ק ר ו ט י און פאַרפאָרן מיט אונדז אין דעם אידישן איינפאָר־הויז און נאָך איידער מיר זיינען אַראָפּ פון וואָגן, האָב איך שוין באַמערקט, אַז אין דעם איינפאָר, וועט זיין גוט צו מאַכן די קאָמעדיע.

אפגעלייגט די זאכן, מאך איך א שמועס מיטן באלעבאס פון איינ־פאר־הויז און איך באדינג זיך מיט אים פאר דריי רובל א נאכט און איך נעם זיך באלד צו דער ארבעט, מען שלעפט צונויף בענק און ברעטער און אט איז שוין פאראן א בינע און עס ווערט באשאפן א טעאטער ווי גאט האט געבאטן.

פלוצלינג יאוועט זיך צו אונדז א יונגערמאן מיט א לאנגן האלדז און מיט א הויכן שטייפן קאלנער וואס מאכט אים דעם האלדז נאך לענגער און זיין לאנגער האלדז איז ארומגעבינדן מיט א העל־בלויען־קראוואט.

ער שטעלט זיך אונדז פאר, ער איז דער צירולניק פון שטעטל און ער קען שפילן פידל און ער וויל שפילן ווי אן אמאטאר, אן געלט, כדי אונדז צו אונטערשטיצן און העלפן...

אזוי ווי אין שטעטל איז פונקט געווען יריד, זיינען געקומען ציגיי־נער וואס שפילן אלע אף מעשענע כלים און דער צירולניק זאגט מיר, אז ער קאן זיי ברענגען צו מיר און אביסל שפעטער, האט ער מיר טאקע געבראכט דעם גלאוונעם ציגיינער מיט א קיילעכיקער קויל־שווארצער באָרד, מיט ברייטע פלייצעס און ער נעמט מיך דורך מיט די ברענענדיקע בליקן פון זיינע שווארצן אויגן.

איך באדינג זיך מיט דעם ציגיינער פאר דריי רובל, אז ער מיט זיין קאפעליע זאלן שפילן צו אונדזער פארשטעלונג און דער צירולניק שטייט דערביי און דאס געשעפט איז אפגעמאכט.

עס איז געקומען דער אוונט. מיינע ציגיינער שטעלן זיך אוועק אינ־דרויסן, נעבן איינפאר און זיי צעלאזן זיך אף זייערע מעשענע אינסטרו־מענטן און דער צירולניק העלפט זיי מיט קראצנדיק אף זיין פידל, מען טארעראמט, די פויק הילכט און דער טראמבאן רעוועט און דאס גאנצע שטעטל איז זיך צונויפגעלאפן אפן בייז־וואונדער.

איך זיץ שוין בא דער קאסע און עס קומען צו גוטע ברידער, זיי ראטן מיך, אז איך זאל מאכן וואס ביליקערע פרייזן, ווייל דאס איז א שטעטל, וואס האט ליב גאר וואלוול און איך פאלג די גוטע ברידער, איך מאך וואלוועלע פרייזן, אבער טאקע גאר וואלוול, נאר די אידן זיינען סיי ווי סיי נישט געקומען און דאס ביסל מענטשן וואס איז יא געקומען, האט קוים־קוים געדעקט די הוצאות.

מיר האבן שוין ווי נישט איז אפגעשפילט אונדזער קאמעדיע און איך וויל זיך ארומצאלן. דאס ערשטע רוף איך מיין ציגיינער און דער־לאנג אים די דריי רובל, אזוי ווי מיר האבן אפגעמאכט, נאר דער ציגיי־נער וויל נישט נעמען, ער זאגט, אז אים קומט נאך צוויי רובל עקסטרע, דאס הייסט, צוזאמען פינף רובל.

ווער איך שוין אין כעס: — וואָס הייסט צוויי רובל עקסטרע? וואָס פאַר אַ עקסטרע, מיר האָבן דאָך אָפּגעמאַכט דריי רובל?

— יאָ, — ענטפערט חער ציגיינער; — אָבער אָן דעם פידלער און דעם פידלער, דאָס הייסט, דעם צירולניק, מוז איך געבן צוויי רובל.

— ווי אַזוי קאָן איך אייך געבן אַזויפיל געלט, אַז די גאַנצע פאַר־שטעלונג האָט קוים אַריינגעבראַכט עלף רובל?...

דערווייל רוקן זיך צו מיר אונטער עטלעכע גוטע ברידער וואָס האָבן מיר בייטאָג געהאָלפן מיט... עצות און זיי מוטיקן מיך, אַז איך זאָל זיך נישט אונטערגעבן און דער צירולניק, וועלכער האָט זיך אַליין געבעטן, אַז ער וויל שפּילן אומזיסט אַלס אַמאַטאָר, שטעלט זיך קעגן מיר אין אַ וואָליונגערישער פּאָזע: — הער נאָר, הער, קומט פון אַלדי שוואַרצע יאָר, טאָ שפּילט אים נאָך אומזיסט!...

איינער, אַ שטאַרקער, וואָס האָט זיך באַרימט פאַר מיר מיט זיינע העלדנטאַטען, האָט מיך געמוטיקט, אַז איך זאָל זיך נישט שרעקן פאַר דעם גרימפּלער און אַ צווייטער האָט צוגעהאָלפן און אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין און עס איז אויסגעבראָכן אַ קריג און ווען דער צירולניק האָט זיך ווידער גענומען צו מיר מיט זידל־ווערטער, האָט אים שוין דער שטאַרקער אָפּגעענטפערט און דער צירולניק פוילט זיך נישט און דער־לאַנגט מיין „שטאַרקן" אַ פּאָר פייערדיקע פעטש, דאָ האָט איך שוין נישט געקאָנט לאָזן, אַז דער וואָס נעמט זיך אָן פאַר מיר, זאָל אויסכאַפּן אַלע פעטש און איך בין דאָך געווען אַ אינגל נישט פון די שוואַכע, האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אָף דעם צירולניק מיטן לאַנגן גאָרגל און איך וואָלט פון אים געווען געמאַכט קרעפּל־פלייש, ווען די גאַנצע כאַפּטע ציגיינער זאָלן זיך נישט געווען שטעלן אָף זיין זייט און זיך אַ וואָרף טאָן אַלע אינאיינעם אָף מיר...

בקיצור, עס איז געקומען צו דעם אמתן געשלעג. אַ סך האָבן שוין געהאַט צעבלוטיקטע נעזער. „מיינע" מענטשן, די וואוילע יונגען וואָס האָבן מיך געמוטיקט, האָבן זיך געממיתטט מיט דעם צירולניק און מיט דער ציגיינער־באַנדע און פּאַני האָט באַוויזן מיך אַריינצושלעפּן אין שטוב און פאַרשליסן מיך אינעווייניק און מיך באַשוואוירן, אַז איך זאָל נישט פּרוּאוון אַרויסגיין; מיר האָבן אינעווייניק געהערט די געוואַלטן פון די שלעגער און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אפשר אַ שעה צייט, ביז די שלעגער פון ביידע צדדים זיינען שוין געווען אַזוי צעהרגעט און אַזוי מיד, אַז עס האָט זיך פּאַמעלעך איינגעשטילט זייער קריגס־געשריי און ווען עס איז שוין אינגאַנצן שטיל געוואָרן, האָט פּאַני מיך פונדעסטוועגן נאָך נישט אַרויסגעלאָזן פון שטוב און מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן.

די דריי רובל וואָס איך האָב געוואָלט באַצאָלן דעם ציגיינער, זיינען דערווייל געבליבן בא מיר.

אינדערפרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען און זיך געגאַנגען אָרומ־וואַשן, האָב איך געזען אַז איך האָב אַ היפש אונטערגעשלאָגן אויג; ווייט אַרום דעם אויג, האָב איך געהאַט אַ ברוין און בלוי ראָד... פאַרפאַלן.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דורך דער גאַנצער צייט פון געשלעג, האָט זיך נישט געיאַוועט קיין איין פּאָליציאַנט און איך האָב איינגעזען, אַז איך בין עס נאָך גענוג ביליק אָפּגעקומען, ווייל אין אַזאַ שטעטל, האָט מען אונדז געקאָנט אויסקוילען און קיין פּאָליציאַנט זאָל אפילו נישט וויסן ווי אַזוי עס איז געשען...

איך טראַכט וועגן אַוועקפאָרן און איך זאָג פאַנין, אַז עס וואָלט געווען אַ שיינע מעשה, ווען די ציגיינער זאָלן נישט קומען באַצייטנס אָפּנעמען זייער דרייערל... אָבער איך האָב זיך צו פרי געטרייסט, ווייל אַרום צען אַזייגער, מען קלאַפּט אין טיר.

מיין ציגיינער מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, אַ צעקיילטער און צעבייל־טער אפן גאַנצן פּנים, איז געשטאַנען אין טיר מיט הכנעה און געבעטן איך זאָל אים מוחל זיין און אים כאָטש געבן די דריי רובל. זעענדיק חעם צעשלאָגענעם ציגיינער אין זיין בעטלערישער פּאָזע, האָב איך רחמנות געהאַט אף אים און אים דערלאַנגט די דריי רובל און אים נאָך געהייסן אָנגיסן אַ טרינק בראָנפן.

הונדערט מאָל האָט מיר דער ציגיינער אָפּגעדאַנקט און זיך געדרוקט אף הינטערוויילעכץ צו דער טיר בוקנדיק זיך פאַר מיר מיט פאַנין. ווייזט אויס, אַז ער האָט גאַרנישט געטראַכט צו באַקומען בא אונדז דאָס דרייערל און אונדזער גרויסמוטיקייט האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט זיין ציגיי־נערישע נשמה...



## ניינטער קאפיטל

איך קלייד זיך אויס. — איך קום אין א נייער טרופע. — דער דירעקטאר פירט צווייפלהאפטע געשעפטן. — ווידער פארן מיר אליין. — מיר ליידן נויט. — איך ווער א „קלעזמער".

אין די עטלעכע שטעטלעך, אונטער מיין אייגענער „דירעקציע", האב איך נישט שלעכט פארדינט.

בא ציפקוסן, וואלט איך זיך אזוי געקאנט אויסלעבן די יארן אין „עושר און אין כבוד" און נישט זען אזוי פיל געלט אין מזומן.

פאר דעם שטיקל צייט האב איך זיך אויסגעקליידט, געקויפט א קאס־טיום, א שווארץ רעקל מיט שווארצע הויזן און א זשילעט פון רויטן פליוש און פאני האט פאר מיר אויסגעשטיקט א מאלארוסיש העמדל און דערצו האב איך זיך געקויפט א פאר שיינע שטיוועלעך און אז איך האב דאס אנגעטאן, האב איך אויסגעזען ווי א געבוירענער מאלארוס...

די סימנים אף מיין אויג זיינען נאך אלץ געווען גוט קענטיק און עס האט זיך זייער פיין געפארט, דער רויטער פליושענער זשילעט מיט אן אונטערגעשלאגן אויג...

איך האב זיך ענדלעך ארומגעזען, אז עס איז נישט קיין פלאן אזוי זיך ארומצושלעפן ווי די ציגיינער, מען דארף טראכטן ווי אזוי זיך אריינ־צובאקומען אין א טרופע.

און ווי נאר מיר האבן דערהערט, אז אין נאענטן שטעטל פישציאנקע שפילט א אידישע טרופע אונטער דער דירעקציע פון א געוויסן ראבי־נאוויטש און אז ווייסמאן געפינט זיך אין דער טרופע, האבן מיר נישט פארלוירן קיין צייט, נאר גלייך געדונגען א פור און מיר פארן קיין פיש־ציאנקע צו ראבינאוויטשן.

מיר פרעגן זיך נאך, — וואו וואוינט דער דירעקטאר ראבינאוויטש? און פון אונדזער הולך, האט מען אין שטעטל דערקענט, אז דאס זיינען געקומען נאך קאמעדיאנטן און עס איז געווארן א רעש, עמיץ איז גע־

לאָפן אָנזאָגן דעם דירעקטאָר וועגן אונדזער קומען און ער אַליין איז אונדז געקומען אַנטקעגן, צוגעפירט אונדז צו זיין דירה, געהייסן אַראָפּנעמען די זאַכן פון פור און אַריינגעטראָגן צו זיך אין שטוב אַריין און מען בעט אונדז אַריין און מען הייסט אונדז זיך מאַכן היימיש.

איך באַטראַכט דעם דירעקטאָר ראַבינאָוויטש, אַ ניהעריק מענטשל מיט כיטרע אייגעלעך, רעדט הייזעריקלעך און אַן זיין נאָז דערקענט מען באַלד, אַז ער האָט נישט פיינט דעם ביטערן טראָפּן...

ער שטעלט אונדז פאָר זיין פרוי, נישט קיין שיינע, אַ טונקל-הויטיקע, דאָך, מיט שיינע לאַנגע שוואַרצע האָר און אַ מיידעלע האָבן זיי פון אַ יאָר פינף אָדער זעקס.

איך פרעג באַלד אָף מיין קאָלעגע ווייסמאַן און דאָס מיידעלע לויפט אים אָנזאָגן אַז מען פרעגט אָף אים און באַלד קומט ער אַריין און מיר פאַלן זיך אין די אָרעמס און איך שטעל ווייסמאַנען פאָר מיין לעבנס-באַגלייטערן און דערווייל קומט אַריין אַ פרוי, אַ הויכע, אַ דאַרע, אָבער מיט אויסערגעוויינלעך שיינע לאַנגע בלאָנדע האָר וואָס גרייכן ביז איבער אירע קני, און ווייסמאַן שטעלט זי אונדז פאָר: — מיין פרוי.

(אין דער צייט ווען איך האָב אַקטואירט מיט ווייסמאַן און פרוי, האָט מען זי גערופן: ראָזע די לאַנגע. מיט יאָרן שפּעטער, ווען זי האָט אַק-טואירט צוזאַמען מיט אסתר רחל קאַמינסקאַ און זי איז שוין געווען באַ-קאַנט אַלס גוטע אַקטריסע, האָט מען זי גערופן — י אַ ר מ אַ ל י נ ע).

אין ראַבינאָוויטשעס טרופּע האָבן זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן אַ חוץ ווייסמאַן און פרוי, אַן אַקטיאָר אַ מ אַ ס י ע און אַ בריתן-זינגער פון קישעניעוו, אַ געוויסער יצחק-הערש פּערך און אויסער זיי — אַ געוויסע מאַנקע מיט נאָך עפּעס אַ מיידל.

מיין הולך מיטן אונטערגעשלאָגענעם אויג, האָט אָף זיי דווקא נישט געמאַכט קיין שלעכטן איינדרוק, מיר האָבן זיך צעשמועסט און איך האָב זיי דערציילט מיינע העלדנטאַטן אַלס דירעקטאָר, ווי אַזוי מיר האָבן זיך אין צווייען בלויז, געהאָלפן און אַן עצה געגעבן און געשפּילט טעאַטער און די אידן זיינען פונדעסטוועגן צופרידן געווען...

דער דירעקטאָר ראַבינאָוויטש וויל מיר נישט שולדיק בלייבן קיין חוב און אויך ער הויבט מיר אָן דערציילן עפּיזאָדן וועגן זיינע וואָויל-יונגערישע העלדנטאַטן און דערווייל שטעלט זיין פרוי אַ סאַמאָוואַר אָפן טיש, מען איז אונדז מקרב און מען איז אונדז מכבד און מען גיט אונדז צו פילן, אַז מיר זיינען אַנגעלייגטע געסט.

געניסנדיק אַזוי פונעם כיבוד, גיב איך אַ פרעג באַ ראַבינאָוויטשן:

— און ווי גייען די געשעפטן? דאָ גיט שוין ראַבינאָוויטש אַ זיפץ און

זאָגט מיר, אַז דאָ שפּילן זיי שוין היינט די לעצטע פאָרשטעלונג און פון דאַנען פאָרן זיי קיין ט ש ע ט ש ע ל נ י ק.

מיר זיינען געבליבן וואוינען אין דערזעלבער אכסניה און דאָס האָט אונדז געגעבן אַ געלעגנהייט צו זען פאַרשידענע זאַכן...

אַזוי האָבן מיר געזען, אַז די מאַנקע מיטן צווייטן מיידל, וואָס ראַבינאָוויטש האָט זיי אונדז פאָרגעשטעלט אַלס מיטבאַטייליקטע אין זיין טרופּע, ווי זיי האָבן זיך פאַרנאַכט אויסגעפּוצט אויף אַ גאָר כאַראַקטערים־טישן שטייגער און זיי זיינען אַוועק און ווען זיי זיינען אין אַ צוויי שעה אַרום צוריקגעקומען, האָבן זיי זיך געסודעט מיט ראַבינאָוויטשן און דער גאַנצער ענין איז אונדז געוואָרן עפּעס מער ווי פאַרדעכטיק...

צוליב מיין הולך, מיין רויטער זשילעט מיט דעם אונטערגעשלאָגע־נעם אויג, האָט מיך ראַבינאָוויטש געהאַלטן פאַר אַן „אייגענעם" און ער האָט זיך אַפילו פאַר מיר נישט געהיטן און מיר איז געוואָרן טאָפּלט פריקרע.

די פריינטלעכע אויפנאַמע וואָס איך האָב דאָ באַקומען, האָט מיר נישט דערלויבט באַלד זיך צו געזעגענען און אַגב, בין איך נאָך געווען גענוג נאַאיוו און איך האָב גערעכנט, אפשר מאַך איך אַ טעות און איך בין געבליבן צו דער פאָרשטעלונג, עס איז געווען אַ געמישטער פּראָג־ראַם און מיר האָבן זיך באַדאַרפט מיטבאַטייליקן און מיר זיינען אויפ־געטראָטן מיט אונדזער אויסגעפּרוּווטן נומער „שבתי מיט יאַנקלען".

פאַני האָט צוגעקלעפּט די וואָנסעס און אָנגעטאָן די הויזן און מיר מאַכן דאָס שפּיל.

ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, קומט צו אונדז אַרויף דער דירעק־טאָר ראַבינאָוויטש, אַ טויט שיכורער און ער קושט אונדז און ער דריקט אויס זיין גרויסע באַגייסטערונג פאַר אונדזער שפּילן און ער פאַרזיכערט אונדז, אַז מיר וועלן נאָך צוזאַמען מאַכן געלד!...

די גוטע ווערטער פון דירעקטאָר, כאָטש ער איז געווען שיכור, האָבן אונדז געמאַכט פאַרגעסן דאָס וואָס מיר האָבן פריער געזען און אַפּצו־מאַרגנס זיינען מיר, לויט ציפּקוסעס מעטאָד, אַוועקגעפאָרן קיין טשע־טשעלניק, וואו מיר האָבן פאַרלייגט אונדזער קרעמל, אויך לויט ציפּ־קוסעס סיסטעם, אַ שטאָל, פעסער און ברעטער און עס ווערט אַ טעאַטער.

דירעקטאָר ראַבינאָוויטש מעסט אָן אויף זיך מיין שוואַרץ רעקל און ער געפינט אויס, אַז עס ליגט אויף אים ווי אויסגעגאָסן, ווי ספּעציעל גע־נייט פאַר זיין מאָס און ער זאָגט, אַז ער וועט אין דעם רעקל גיין צום פּריסטאַוו, וועט ער זיכער מצליח זיין...

און ער האָט טאַקע מצליח געווען. ער האָט געבראַכט די דערלוי־

בעניש און אַז זיצט מען שוין בא דער „קאַסע" און מען וואַרט אַפן וועדטן פובליקום, נאָר קיינער קומט נישט.

און ווידער הויבן זיך אָן איבערחזרן טעג פון הונגער פונקט אַזוי ווי בא ציפקוסן און ווידער ווערן פופציק קאָפּיקעס אַ פשוטע לעבנס־פראַגע, נאָר מיט דעם איינעם חילוק, וואָס ציפקוס איז אַרומגעלאָפן און געזוכט ביז ער האָט געבראַכט פון ערגיץ אַ גמילת־חסד און ראַבינאָוויטש דאָקעגן, איז יעדן טאָג געקומען אָן אָנגעפּרעסענער און טויט־שיכור און עס האָט אים אַפילו נישט אָנגעהויבן אַרן, וואָס מיר זיצן הונגעריקע און פאַר־צווייפלטע.

אַפּצוּמאָרגנס, איין טאָג פאַרן אָפּפאָרן פון טשעטשעלניק, קומט אונד־זער דירעקטאָר אַהיים אין באַגלייטונג פון עטלעכע קריסטלעכע באַאַמטע, אַלע זיינען אויפגעלייגט און פריילעך און מען שיקט נאָך משקה און מען גרייט אַ טיש און הונגעריק ווי מיר זיינען אַלע געווען, האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו דער סעודה נישט פרעגנדיק קיין קשיות און אַז עסט מען און מען טרינקט און באַלד הויבט מען אָן מער טרינקען ווי עסן און די פּנימער פון די קריסטלעכע געסט צעפלאַקערן זיך און מאַנקע מיט דער אַנדערער לאַכן פאַרשאַרט און ווינקען פילבאַדייטנדיק צו די געסט און איך זע ווי איין גאַסט קוקט מיר עפּעס צופיל צו מיין פּנים און איך וויל שוין נישט וואַרטן צו לאַנג, איך ווינק זי באַלד אַרויס פון שטוב. מיר גייען אַריין אין אונדזער חדר און מיר הערן פון דער גרויסער שטוב פאַר־שאַרטע געלעכטערס און קוויטשערייען פון די מיידן און מיר פילן זיך פריקרע און מיר באַשליסן, אַז דאָ איז פאַר אונדז קיין פּלאַץ נישט און זאָל נאָר קומען דער מאָרגן, וועט מען מוזן טראַכטן וואָס צו טאָן, כדי זיך אַרויסצובאַקומען פון דער טרופּע.

ווייזט אויס, אַז אויך וויסמאַן מיט זיין פרוי האָבן אין דער דאָזיקער נאַכט געטראַכט דאָסזעלבע, אָבער וויסמאַן האָט זיך געקאַנט העלפן און ער איז טאַקע אַפּצוּמאָרגנס באַלד אינדערפרי צוזאַמען מיט זיין ווייב אַוועקגעפאָרן.

איך האָב דאָס נישט געקאַנט באַווייזן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין קאָפּיקע בא דער נשמה און פאַר קוואַרטיר זיינען מיר שולדיק געווען, און כאָטש ראַבינאָוויטש האָט געוואָלט פאַר אונדז באַצאָלן דעם חוב אַבי מיר זאָלן מיט אים מיטפאָרן ווייטער, האָבן מיר דערקלערט, אַז מיר קענען בשום אופן נישט פאָרן, זיינען זיי אַליין אַוועקגעפאָרן און מיר זיינען גע־בליבן אָן אַ גראָשן, אַלס לעבעדיקע משכנות אַף אונדזער קוואַרטיר.

ווען דער פאַרהאַנג פאַלט, פאַרלירן די אַקטיאָרן זייער גלאַנץ. אויס טעאַטער־שפּיל, האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין דעם פרעמדן שטעטל ווי

אַ פאַרלוירענער. קיינער האָט מיך נישט געקענט און בײַ קיינעם האָב איך נישט געקאָנט בעטן אַ גמילת־חסד און דאָ איז פאַני געזעסן אינדער־היים אַ הונגעריקע... וואָס טוט מען?

און עס מיר געקומען אויפן זינען — אַ ל ע פּ אַ ל י ע !

יאָ, אַלעפּאַליע (אַלגאַפּאַל) איז אינגאַנצן אַ פינף וויאָרסט פון טשעטשעלניק, אפשר וואָלט איך זיך אַריבערגעכאַפּט און דאָרט איינגעאָרדנט אַ שפּיל?

איך לויף אַהיים און דערצייל פאַנין וועגן מיין פּלאַן און אַזוי ווי קיין שום אַנדערע אויסזיכטן זיינען נישט געווען, האָט זי מסכים געווען און איך האָב איינגעשפּאַנט מיינע צוויי פיס און זיך אַוועקגעלאָזן קיין אַל־גאַפּאַל.

אַז עס עקזיסטירט אַזאַ אַלגאַפּאַל נאָנט פון טשעטשעלניק, האָב איך זיך דערוואוסט פון אַלגאַפּאַלער חתונה־קלעזמער וואָס זיינען געקומען צו אונדזערס אַ פאַרשטעלונג און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע האָב איך זיך דערפרעגט צו די קלעזמער און זיי דערקלערט דעם צוועק פון מיין קומען.

— אומזיסט דיין מי; — האָבן זיי מיך גענומען אָפּשלאָגן פון מיין פּלאַן: — דאָס איז אַ פאַרשאָלטן שטעטל, זאָגן זיי, און דאָ קאָן מען נאָר דערלעבן אַ מיאוסן אָפּשניט...

אָבער דערווייל האָבן מיך די „לאַבאַזשניקעס" (קלעזמער) אויפגע־נומען אַלס גאַסט, געגעבן מיר צו עסן און צו מאַכן אַ לחיים און זיי ווילן איך זאָל זיך פילן היימיש: — עס איז דאָך פאַרט איין פאַך, זאָגן זיי, — אַן אַקטיאָר און אַ לאַבאַזשניק, סאיז איין שוואַרץ יאָר און זאָלן די יאָלדן „פּרימשאַכנען"...

איך וויל זיי באַווייזן, אַז איך בין נישט קיין שיפע זיבעלע, וואַרף איך אויך אַריין אַ פאָר קלעזמערשע קללות אויפן חשבון פון די יאָלדן און דערווייל האָב איך מיינם אינזינען און איך טראַכט: — איך האָב זיך דאָ אָנגעגעסן און וואָס טוט דאָרט פאַני? זי וואַרט אויף מיינע גליקן און איך וועל אַהיימקומען מיטן ליידיקן...

באַקלאָג איך זיך פונדעסטוועגן פאַר די קלעזמער און איך דערצייל זיי וועגן מיין פאַרצווייפלטער לאַגע, אַז איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי איך קאָן נאָר צוריקקומען מיט גאָרנישט... דאָ רופט זיך אָפּ איין קלעזמער: — שאַ, איך האָב אַ פּלאַן: — מיר האָבן זיך ערשט געשלאָגן קאָפּ אין קישן טראַכטנדיק וואו מיר זאָלן נעמען אַ פידלער פאַרן היינטיקן סיום־התורה? טאָ זאָל בנציון זיין דער פידלער!...

און איך דערוויס זיך, אַז היינט קומט אין אַלגאַפּאַל פאָר אַ סיום־

התורה און מען האָט באַשטעלט די קלעזמער מיט אַ פּאַרגרעסערטער קאַפּעליע און זיי האָבן נאָכגעטראַכט מיט וועמען מען קאָן דאָ די קאַפּע־ליע פאַרגרעסן, סיידן אויסשרייבן אַ מוזיקער פון אויסלאַנד...

זיץ איך און הער זיך צו און איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט וואָס פאַראַ שייכות דאָס קאָן האָבן מיט מיר און אויך די איבעריקע קלעזמער וואונדערן זיך: — וואָס קאָן אונדז בנציון העלפן? ער קען דען שפּילן?

אָבער דער וואָס איז געפאַלן אַף דעם פּלאַן, לאָזט זיך נישט פאַריידן; ער טענהט: — אַז איך דאַרף גאַרנישט ער זאָל קענען שפּילן, מען וועט אים געבן אַ פידל מיט אַן אָנגעשמירטן סמיטשיק מיט זייף און ער וועט פידלען...

דעם עולם געפעלט די מעשה, מען טרינקט אַף דעם חשבון אַ נייעם לחיים און איך טראַכט זיך, מילא, זאָל זיין אַ סמיטשיק מיט זייף, אַבי עס זאָל ווערן דערפון אַ שטיקל פּרנסה, עס זאָל זיין אַף אַ שטיקל ברויט פאַר פאַנין.

און עס דויערט נישט לאַנג, די קאַפּעליע נעמט זיך גרייטן, מען דער־לאַנגט מיר אַ פידל מיט דעם איינגעזייפטן סמיטשיק און איך, מיטן אמתן פידלער און די אַנדערע אינהערמיט פון דער קאַפּעליע, גייען מיר צום בעל־שמחה וואָס גיט די רייניקייט אין שיל אַריין.

דער עולם איז שוין געווען פאַרזאַמלט און אַלע האָבן געקוקט פאַר־חידושט צו מיר, זיי האָבן פּלוצלינג צווישן זייערע באַקאַנטע היימישע קלעזמערוקעס, דערזען אַ נייעם קלעזמער און עטלעכע אידן זיינען טאַקע צוגעקומען און מיר דערלאַנגט זייערע שלום־עליכםס, און איין איד איז געווען נייגעריק דווקא צו וויסן ווער איך בין, פונוואַנען איך קום און ווי איך הייס און מיינע לאַבאַזשניקעס האָבן אַן אַרבעט, זיי טענהן זיך אוים מיט די נייגעריקע אידן און ווינקען אַף מיר פילבאַדייטנדיק און שטעלן מיך פאַר אַלס איינעם פון די גרעסטע וועלט־קינסטלער, וואָס וואָלט געקאָנט געבן קאָנצערט פאַר „פירסטן און גראַפן", נאָר ער איז דאָ אַהער מגלגל געוואָרן און זיי האָבן אויפגעכאַפּט דעם „אבן־טוב" פאַר דער היינטיקער שמחה...

און בעת זייער ריידן מיט די אידן און זייער אויסלויבן מיך, האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַף קלעזמער־לשון: — מאַטרע ווי די דוילן מאַטרען... אַז פריטשאַכנעט זאָלן זיי ווערן...

און איך זיץ ווי אַ חתן, איך רויטל זיך, הערנדיק ווי די לאַבאַזש־ניקעס באַקן די ליגנס אַף מיין חשבון און איך פיל ווי אַ ציטער לויפט אַרום איבער מיין לייב און איך וואַרט וואָס דאָ וועט זיין דער סוף...

גאָט האָט געהאָלפן, איינער האָט אויסגעשריגן, אַז מען דאַרף שוין

אַנהויבן גיין. עס איז אויסגעוואַקסן אַ חופּה, דער בעל־שמחה דערלאַנגט דעם רב די תורה אונטער דער חופּה אַרונטער און דער עולם לאָזט זיך גיין אַרום און מיר, די קלעזמער, נאָך זיי, און גייענדיק איבער דער גאַס, הויבט מיין קאַפּעליע אָן דערלאַנגען די סחורה און דער פּויקער קלאַפּט אַזוי שטאַרק מיט די טאַצן, אַז מען הערט אַפילו נישט אַרום דעם אמתן פידלער און איך שפּאַן מיט אין דער ריי און פאָר מיט מיין אָנגעזייפטן סמיטשיק איבער די סטרונעס פונעם פידל און איך אַרבעט נאָך הערצו מעשים מיט די פינגער קוועטשנדיק אַף די סטרונעס, אַזוי ווי איך וואָלט וועלן אַרויסכישופן די איידלסטע און צאַרטסטע טענער, נאָר דער פאַר־שאָלטענער פויקער פאַרהילכט זיי מיט זיין קלאַפּן אַף די טאַצן...

און אַזוי האָבן מיר בשלום געבראַכט די תורה אין שיל אַריין, דער עולם האָט גענומען צוביסלעך משקה מיט לעקעך און עס איז געוואָרן פריילעך און מען האָט אָפּסניי געהײַסן שפּילן און ווידער אַרבעט איך מעשים מיט מיין איינגעזייפטן סמיטשיק און דער פויקער שטייט אַף דער וואַך, אַז די טאַצן זאָלן נישט אויפהערן דזשינדזשערן אַ גאַנצע נאַכט און אַזוי האָב איך מיין מיסיע דורכגעפירט מיטן גרעסטן דערפאָלג, די שמחה האָט זיך געענדיקט און אונדזער קאַפּעליע גייט אַהיים און דער אמתער פידלער שטופּט מיר אַריין אַ פּאַפּירל, איך גיב אַ קוק און איך בלויב נישט מיינע אויגן — אַ גאַנצן דריי־רובלדיקן בילעט!...

דאָס האַרץ האָט אין מיר אָנגעהויבן זינגען פון פרייד. איך האָב אַף איין מינוט נישט פאַרגעסן, אַז פאַני הונגערט אינדערהיים; האָב איך זיך איצט שנעל געזעגנט מיט די לאַבאַזשניקעס און זיך געלאָזן צוריק איבערן וועג קיין טשעטשעלניק.

עס איז מיר שווער צו שילדערן די גרויסע פרייד וואָס האָט אויפ־געלויכטן אין אונדזער קוואַרטיר, ווען פאַני האָט דערזען ווי איך האָב אַרויסגעלייגט דעם דריי־רובלדיקן בילעט אַפן טיש און ווען איך האָב איר דערציילט ווי אַזוי איך האָב פ אַ ר ד י נ ט די דריי רובל, האָט זי זיך ערשט אַזוי האַרציק צעלאַכט און עס איז אונדז דעמאָלט געווען אַזוי גוט, אַזוי גוט!...



# צענטער קאַפּיטל

איך גיי צום פּריזיוו און פאַני פאַרהאַלט מיך. — מיר שלעפּן זיך איבער שטעט און שטעטלעך. — דירעקטאָר סאַבסיי. — איך טרעף זיך מיט ציפּקוסן. — ציפּקוס גיט אַוועק אַ פּראָסטן יונגערמאַן מיין ראָל. — גאָר אַ ניי לעבן.

דער טערמין ווען איך האָב זיך באַדאַרפט צושטעלן צום פּריזיוו, האָט זיך דערנענטערט.

דער וועג ביז אין דער שטאָט וואו איך האָב זיך באַדאַרפט מעלדן, איז געווען אַ וויטער און איך טראַכט: — וואָס וועט זיין מיט פאַניִן? און קיין גראָשן געלט איז ווידער נישטאָ און איך רעד זיך דורך מיט פאַניִן און מיר טראַכטן און קלערן, מיר זוכן אַן אויסוועג, אָבער קיין אויסוועג איז נישטאָ.

ווידער זיינען פאַרגאַנגען שווערע טעג, ביז מיר האָבן באַשלאָסן, אַז פאַני זאָל צוריקפאָרן אַהיים קיין קריוואָזער (קריוואָיע אָזיעראָ) און איך וועל זיך אַוועקלאָזן צופוס אויף דעם וויטן וועג צום פּריזיוו.

קיין גרויסן באַגאַזש האָב איך נישט געהאַט, אַ קליין פּעקעלע מיט אַביסל וועש, אַ ברויט האָט מיר פאַני מיטגעגעבן און דערמיט האָב איך זיך געלאָזן אויף דעם וויטן וועג.

פאַני איז מיטגעגאַנגען מיך אַביסל באַגלייטן און מיר זיינען אַזוי געגאַנגען אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, ביז וויט הינטער דעם שטעטל.

איבערן גאַנצן וועג האָב איך דוקא געוואָלט פאַניִן עפּעס זאָגן, איך האָב געזוכט אַ טרייסט-וואָרט פאַר איר, אָבער אַזוי ווי איך האָב עס נישט געפונען, האָט זיך מיר צונויפגעצויגן דער האַלדז און איך האָב געשוויגן. עס קאָן זיין, אַז דאָסזעלבע האָט געפילט פאַני און זי האָט אויך צוליב דעם געשוויגן.

דאָך, ווען מיר זיינען שוין געווען היפּש וויט פון שטעטל און פאַני איז נאָך אַלץ געגאַנגען מיט מיר, האָב איך שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און נישט האָבנדיק די פּאַסיקע ווערטער פאַר איר, האָט עס מיר

אַ שפּאַר געטאָן באַם הארצן און עס האָט זיך מיר געעפּנט אַ קוואַל פון טרערן און איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן פון געוויין.

איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אַז פאַני זאָל נישט באַמערקן, אָבער זי האָט באַמערקט און אויך פון אירע אויגן האָבן אַ שפּאַר געטאָן די טרע־רן. מיר האָבן זיך ביידע געוואָלט באַהערשן, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין טרייסט און מיט צעבראָכענע געמיטער, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט באַ דער זייט פון וועג אונטער אַ בוים און עס האָט גענוג לאַנג געדויערט, ביז מיר האָבן זיך בארואיקט און אָפּגעווישט די טרערן.

מיט געבראָכענע געמיטער. האָבן מיר אָפּסניי אָנגעהויבן ריידן וועגן אונדזער צעשיידן זיך און וואָס עס וועט פון אונדז ביידן ווערן און פּלוצ־לינג גיט מיר פאַני אַ זאָג מיט אַ פעסטער שטים: — בנציון, דו וועסט נישט גיין צום פּריזיוו!...

איך האָב שוין אַליין נישט איינמאָל געטראַכט וועגן דעם און מיט פאַנין האָב איך שוין אַזויפיל מאָל גערעדט וועגן דעם און דאָך איז מיר דאָס וואָרט איצט אויסגעקומען אַזוי ניי און אַזוי וויכטיק, אַז איך האָב אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן. נאָר פאַני האָט מיך שוין נישט געלאָזן מער ריידן דערפון. זי האָט געזאָגט, נישט גיין און פּטור; דאַרף מען פאַניען אָנזעצן אַ פּריזיוו און מען דאַרף גיין צוריק, וואָס וועט זיין, וועט זיין, מען דאַרף ווייטער שפּילן טעאַטער און מען דאַרף זיך נישט צעשיידן...

און מיר האָבן זיך געלאָזן מיטן זעלבן וועג אָפּ צוריק אין שטעטל אַריין.

דעמזעלבן טאָג האָבן מיר געהערט, אַז דער דירעקטאָר סאַבסיי, שטייט מיט זיין טרופּע אין סאָראָקע, בעסאַראַבער גובערניע און אַזוי ווי עס איז זייער ווייט ביז אַהין, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן פון שטעטל צו שטעטל און וואו עס וועט זיך לאָזן, וועלן מיר מאַכן אונדזער קאָמעדיע, ביז מיר וועלן זיך דערשלאָגן קיין סאָראָקע.

מיר האָבן געטראָפן אַ בעל־עגלה וואָס האָט שוין אויפגענומען אַ פולע פור מיט פּאַרשוינען, אָבער ער האָט אויך אונדזער קויש אַרויפגע־טאָסקעט און מיר זיינען אַרויפגעקראָכן און זיך אַריינגעקוועטשט צווישן די פּאַרשוינען און מיר פאָרן.

אָט זיינען מיר שוין אין אַן אַנדער שטעטל, דאָרטן קענען מיר גאָר־נישט אויפטאָן און עס געלינגט אונדז מיט אַ נייעם בעל־עגלה צו פאָרן ווייטער און אַזוי האָבן מיר בלויז אין צוויי שטעטלעך געמאַכט אונדזער קאָמעדיע, ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט קיין סאָראָקע.

מיר האָבן זיך שנעל דערפרעגט צום טעאַטער־דירעקטאָר סאַבסיי, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ פּריוואַטער וואוינונג גאַנץ באַלעבאַטיש.

דער דירעקטאָר סאַבסיי איז געווען נישט קיין הויכער, אַ קיילעכדי־קע פיגור און ער האָט אונדז אויפגענומען מיט אַ זייער סימפּאַטישן שמייכל. די דירעקטאָרשע האָט אויף אונדז, אינקעגנטייל, נישט געמאַכט קיין גוטן איינדרוק און עס איז אונדז געווען מאָדנע צו זען סיי איר פיגור און נאָך ערגער איז געווען צו זען און הערן איר געלעכטער.

מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי אַז מיר זיינען אַרטיסטן, אָבער ווערליק אונדזער דעמאָלטיקן הולך, האָט עס זיי נישט איבערצייגט אַז מיר זאָגן דעם אמת, פונדעסטוועגן, האָבן זיי אונדז געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי נויטיקן זיך דווקא אין מענטשן און מיר קענען האָבן פּלאַץ בא זיי.

דאָס איז געווען אַרום צען אַזייגער אינדערפרי; זיי האָבן באַדאַרפט גיין צו פּראָבע און מיר זיינען מיטגעגאַנגען.

סאַבסיים טרופע האָט דעמאָלט געשפּילט אין זומער־טעאַטער, דאָס איז געווען אַ געביידע, האַלבע ווענט מיט אַ דאַך און אַ גאַנץ שיינע בינע. מען האָט עס גערופן „פּאַוועליאָן" און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען צו זען טאַקע אַן אמתע פּראָבע, מיט אַ דירעזשאָר און מיט אַן אָרקעסטער און ווי אַלע אַקטיאָרן שטייען דיסציפּלינירטע אויף דער בינע און מען קוקט מיט דרך ארץ צום דירעזשאָר און אין מיר הויבט אָן ציטערן דאָס האַרץ, ווער וויים? דאָס איז דאָך אַזוי ניי פאַר מיר, דאָס איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש, ווער וויים צי איך וועל זיך דאַ אַריינפּאַסן? דאָס איז דאָך טאַקע אמתדיק טעאַטער?!...

די פּראָבע איז געענדיקט און די מאַדאַם סאַבסיי רופט אונדז צו זיך אויף מיטיק און ווען מיר זיצן שוין אַרום טיש באַם מיטיק, עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך אין איר מיין אַלטער דירעקטאָר צ י פּ ק ו ס.

סאַבסיי מיט דער פרוי האָבן אים פיין אויפגענומען, צוגעבעטן צום טיש און פאָרגעשטעלט אַרן לאַגערן מיט זיין פרוי און די מאַדאַם סאַבסיי האָט באַלד געשטעלט משקה אויפן טיש און עס איז געוואָרן לעבעדיק און מיין אַלטער דירעקטאָר הויבט זיך אָן באַרימען מיט זיינע תלמידים און ער ווייזט אָן אויף מיר און מיין פרוי און ער נעמט זיך לויבן, — איר מעגט זען דעם יאָט שפּילן... און די עטלעכע גוטע ווערטער גיסן זיך מיר ווי האָניק אין האַרצן אַריין און איך הויב נאָך אָן שטאַרקער פילן די שרעק פון מיין בלייבן בא סאַבסייען מיט דעם אמתן טעאַטער מיטן דירעזשאָר מיט די אַלע זאַכן וואָס זיינען פאַר מיר אַזוי ניי און איך וועל ערשט דאַרפן ווערן אַ לערן־אינגל און איך באַשליס אין דעם מאָמענט, אַז איך וועל בעסער ווידער גיין צו ציפּקוסן און מיט אים און זיין פאַמיליע טיילן צוזאַמען די פרייד און די נויט...

איך פרעג ציפּקוסן, און ער זאָגט — אדרבא און אָט באַשליסט מען,

אַז מען דאַרף שוין פאָרן, מיר הויבן זיך אָן געזעגענען, מיר דאַנקען די סאַבסיים פאַר זייער אויפנאַמע און אַט זיצן מיר שוין אויף דער פור און מיר פאָרן.

ציפּקום האָט איבערגעכאַפּט די מאָס באַם גלעזל משקה און ער איז אויף דער פור באַלד איינגעשלאָפן, נאָר אָפּפאַרנדיק עטלעכע ווייאָרסט, האָט זיך אָראָפּגעלאָזן אַזאַ שטורעמדיקער שלאַקס-רעגן און מיר זיינען אַזוי דורכגעווייקט געוואָרן, אַז אַפילו ציפּקום האָט שנעל זיך אויסגעניכטערט...

פאַני רוימט מיר איין אַ סוד אפן אויער, אַז עס טוט איר זייער באַנג, פאַרוואָס מיר זיינען נישט געבליבן באַ די סאַבסיים און איך פּרואוו זי טרייסטן, כאָטש מיר אַליין טוט עס שוין אויך זייער באַנג...

מיר זיינען ענדלעך, דורכגעווייקטע און דורכגעפרוירענע אָנגעקומען בשלום...

וואוהין אָנגעקומען? עפּעס אין אַ דערפל נישט ווייט פון סאָראָקע, אַ הערפל וואָס האָט זיך גערופן — ס ג א ר י צ ע.

ס'איז געווען פּריימיק פּאַרנאַכט. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין דער וואוינונג פון דירעקטאָר, האָבן מיר שוין געטראָפן אויפן טיש אָנגע־צונדענע ליכט און די דירעקטאָרשע איז געשטאַנען מיט די הענט אויף די אויגן און געבענטשט די ליכט.

די דירעקטאָרן האָט זיך מיט אונדז זייער דערפרייט און זי האָט אונדז געהאָלפן אויסטריקענען די קליידער און זי האָט די צוגעגרייטע אָרימע שבת-סעודה אַזוי פאַרטיילט, אַז אַלע זאָלן מיר האָבן און זי האָט אויך פאַר אונדז אויסגעגעבעט אַ געלעגער.

בעתן עסן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מאָרגן, שבת, שפּילט מען. עס איז שוין אָנאָנסירט, מען שפּילט גאָלדפאַדנס „קבצנזאָן און הונגער־מאַן".

אין דער פּיעסע האָב איך שוין אַ סך מאָל געשפּילט און דווקא צוויי ראָלן, דעם פאָטער פון דער קאַפּריזנער טאָכטער און הונגערמאַנען. די ראָליסטן קומען קיינמאָל נישט צוזאַמען ווייל דער פאָטער קומט אין ערשטן און אין דריטן אַקט און הונגערמאַן אין צווייטן.

מען האָט מיר געמאָלדן, אַז איך שפּיל מיט און איך האָב זיך זייער געפרייט. ענדלעך ווידער שפּילן טעאַטער! כאָטש אפן אַלטן שטייגער, נישט אַזוי ווי איך האָב געזען זיך צוגרייטן באַ סאַבסייען, אָבער דאָך טעאַטער!

אין דער ראָל הונגערמאַן, האָב איך זיך שוין אַ סך מאָל געהאַט אויסגעצייכנט און איך האָב זיך געפרייט, וואָס איך וועל ווידער דערלעבן צו האָבן דעם תענוג ווען דער עולם וועט מיר אַפּלאָדירן.

און אַט איז שוין נאַכט און מען גייט אין „טעאַטער", וואָס איז ווי געוויינלעך לויטן אַלטן סדר, געווען אין אַ שטאַל און איך שפּיל אַפּ דעם טאַטן אין ערשטן אַקט און איך וויל זיך שוין אַף שנעל איבערטון און אַרויפציִען אַף זיך די שמאַטעס פון הונגערמאַן, אָבער איך גיב אַ קוק און איך זע פּאָר זיך אַ פּאַרטיקן הונגערמאַן, אַ הויכן יונג, מיט קינסט־לעכע לאַטעס אַף די הויזן און אָפן רעקל און מיט אַן אונטערגעשלאָגן אויג...

— ווער איז דער? — פרעג איך דעם דירעקטאָר און דער דירעק־טאָר ענטפערט מיר גאַנץ קאַלט: — היינט וועט דער יונגערמאַן שפּילן הונגערמאַנען...

ווי עס ווייזט אויס, האָט ציפּקום געמוזט האָבן פון דעם הויכן יונג עפּעס אַ גאָר וויכטיקע טובה און ער האָט זיך געפילט פאַרפליכטעט צו אים און אַזוי האָט ער גענומען און געגעבן אַ פרעמדן יונגאַטש צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָל.

דאָס האָט מיך זייער געערגערט און איך האָב זיך דערמאָנט די פּראָבע בא סאָבּסיי, דעם אָפּשיי און די דיסציפּלין מיט וועלכער עס זיי־נען געשטאַנען די אַקטיאָרן אַף דער בינע און איך האָב זיך געטראַכט, צי וואָלט עס דאָרט אויך מעגלעך געווען, אַז מען זאָל נעמען אַ מענטש פון אַ גאַנץ יאָר און אַוועקגעבן אים אַ ראָל פון אַן אַקטיאָר און דער אַק־טיאָר זאָל דאַרפן שטיין און צוקוקן?...

דער ווייטיק איז בא מיר געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב אַזש נישט געקאָנט ריידן, האָב איך זיך אַראָפּגעריסן די באָרד אַלס ר' יצחק און איך בין אַוועק אַהיים.

ווי אַזוי דער יונג האָט אָפּגעשפּילט הונגערמאַנען, ווייס איך נישט; נאָר ווען עס איז געקומען צום דריטן אַקט און ר' יצחק דאַרף ווידער דערשיינען אַף דער בינע, כאַפּט מען זיך — נישטאָ ר' יצחק. דער טאַטע איז נישטאָ און דאָ דאַרף מען שוין זיין אַף דער בינע.

נעמט זיך ציפּקום נישט צום האַרצן, ער שיקט נישט נאָך מיר, אין טרופּע איז פאַראַן אַ מיידל וואָס הייסט חוה, (די אַמאָליקע חוה, געפינט זיך היינט אין בראַזיל און זי הייסט חוה פּאָלאַנסקי) און דירעקטאָר ציפּ־קום פאַרוואַנדלט אַף שנעל דעם טאַטע יצחק, אַלס אַ מאַמע און אַנ־שטאָט דעם טאַטן, גייט אַרויף אַ מאַמע אַף דער בינע און פּאָר ציפּקומען איז עס גוט, און דער עולם ווייסט נישט צו פרעגן קיין קשיות, אַז — סטייטש, ר' יצחק זאָגט דאָך נאָך אין ערשטן אַקט, אַז זיין ווייב איז געבעך שוין לאַנג געשטאָרבן...

און אַזוי האָט זיך דער ספּעקטאַקל אָנגעהויבן מיט אַ טאַטן אַף דער

בינע און פאַרענדיקט מיט אַ מאַמע און קיין האַן האָט נישט געקרייעט און קיינער האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט און קיינער האָט מיר גאָר־נישט געזאָגט, באַם דירעקטאָר ציפּקוס האָבן אַזעלכע זאַכן נישט גע־שפּילט קיין ראָלע...

ערשט איצט, האָבן מיר נאָך שטאַרקער דערפילט אונדזער גרויסן פעלער, וואָס מיר זיינען אַוועק פון סאַבסייען. פאַני האָט מיך געטרייסט און מיר פאַרזיכערט ,אַז מיר דאַרפן נאָר האָבן אַביסעלע געדולד, און מיר וועלן זיין באַ סאַבסייען און אַף מאָרגן אינדערפרי, האָבן מיר באַקומען אַ בעל־עגלה און לויטן סיסטעם וואָס איך האָב אויסגעלערנט פון ציפּקוסן האָט ער אונדז אָפּגעפירט צו סאַבסייען, סאַבסיי האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אין אַטעק מאַלעוו און מיר זיינען געפאָרן ביז מאַלעוו.

דער בעל־עגלה האָט אונדז צוגעפירט אין אַ אידישער אכסניה, אָבער דעם קויש מיטן ביסל אַרימקייט, האָט ער נישט געלאָזן אַראָפּנעמען פון פור, ביז מען וועט אים נישט באַצאָלן.

איך האָב זיך קוים איינגעבעטן, אַז דער בעל־עגלה זאָל אָפּוואַרטן ביז איך וועל צוריקומען און איך האָב נאָך צוגעבאַרגט באַ אים עטלעכע קאָפּיקעס, איך זאָל האָבן צו באַצאָלן פאַר אַריבערשיפן זיך פון מאַלעוו קיין אַטעק־מאַלעוו און אָט בין איך אָנגעקומען צו סאַבסייען.

ווי עס ווייזט אויס, בין איך סאַבסייען פונדעסטוועגן געפעלן, ווייל ווען איך האָב אים דערציילט וועגן מיין לאַגע און ווי אַזוי איך האָב זיך דערשלעפּט מיט דעם בעל־עגלה ביז מאַלעוו און ווי ער וואַרט דאָרט אַף מיר, האָט דער דירעקטאָר צוזאַמען מיט לאַגערן געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט פאַרלירן קיין צייט און — קומט! מיר זיינען אין דרייען אַריבער־געפאָרן מיטן פאַראָם קיין מאַלעוו, דאָרט האָט סאַבסיי גאַנץ ברייטלעך אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ טייסטער מיט געלט און באַצאָלט דעם בעל־עגלה און טאַקע באַלד האָבן מיר גענומען דעם קויש מיט מיין פרוי און מיר האָבן זיך צוריק אַריבערגעשיפט קיין אַטעק־מאַלעוו, צום די־רעקטאָר סאַבסיי און עס האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן אַ ניי לעבן.



# עלפטער קאַפּיטל

איך ווער צוריק אַ כּאָריסט. — אַ ליטוואַק רייצט זיך מיט מיר און דערגייט מיר די יאָרן. — מען הויבט זיך אָן רעכענען מיט מיר. — דער פּריסטאַוו הייסט מיר ריידן אידיש. — די שרפה אין סאַלאָן „בערלין". — מיר שפּילן „טעאַטער" אין פּריוואַטע שטיבער.

אַף דעם זעלבן טאָג, איז געווען אַנאָנסירט די פאָרשטעלונג „ב ר כ ו כ ב א".

נאָך אַ נייער רעפּערטואַר פאַר מיר, און פון באַטייליקן זיך אין אַזאַ פאָרשטעלונג, קאָן גאָרנישט זיין קיין רייד.

האָט מען מיך „געבעטן", איך זאָל זיך מטריח זיין און אָנטאָן די היסטאָרישע קליידער און גיין זינגען אין כאָר. אויך פאַני האָט זיך אָנגעטאָן היסטאָרישע קליידער און מיר האָבן באַדאַרפט גיין אין כאָר, כאָטש מיר האָבן נישט געקענט די געזאַנגען. פאַרפאַלן. אַז מען מוז, מוז מען.

די סאָבסיי־טרופּע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון פאָלגענדע פּערזאָנען:

סאָבסיי מיט זיין פרוי, מילי קאָניעווסקי (פּרימאַדאָנע), משה סאָבסיי, אַ ברודער פון דירעקטאָר; אַבראַמאָוויטש (וואָס אַפן פּלאַקאַט האָט ער זיך געשריבן אַ ב ר אַ מ ז אָ ן, און קאָנטאָר, אַ ליטוואַק, וועלכער האָט געזונגען אין כאָר, אָבער ער האָט צומאָל אויך געשפּילט קליינע ראָלן.

די איינגעשפּילטע פּיעסן אין דער סאָבסיי־טרופּע, האָבן שוין געהאַט זייערע באַזעצטע ראָלן און אונדז איז נישט אויסגעקומען עפּעס אַנדערש, ווי זינגען אין כאָר, און וויפל איך האָב דערפון געליטן, האָב איך זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן און געמוזט בויגן דעם קאָפּ.

די פּיין מיינע איז דאָ געווען נאָך טיפער, ווייל דאָ האָב איך דערפילט, אַז מען שפּילט טעאַטער גאַנץ אַנדערש, און טאַקע בעסער און איך האָב אויך געוואָלט באַווייזן אַז איך קען עפּעס. אָבער, עס איז געווען אַזוי און איך האָב זיך אַנדערש נישט געקאָנט העלפן.

צו די פּיין איז נאָך צוגעקומען אַף מיין קאָפּ, קאָנטאָר, דער ליטוואַק. ער האָט זיך גערייצט מיט מיר, ער איז מיר דערגאַנגען די יאָרן

און כאָטש ער אַליין איז דאָך אויך בלויז געווען אַ כאַריסט, ווייל זעלטן ווען האָט מען אים געגעבן דאָס קליינע ראָלעכל צו שפּילן, פונדעסטוועגן, האָט ער זיך גערייצט מיט מיר, רופנדיק מיך — כאַריסטל...

דאָס האָט מיר זייער וויי געטאָן, אָבער איך האָב געשוויגן. איך האָב געזען אַז דער ליטוואַק האָט נישט קיין ברעקל טאַלאַנט און געוואוסט האָב איך, אַז איך קאָן יאָ עפּעס באַווייזן, האָב איך באַשלאָסן אָנצונע־מען זיך מיט געדולד און וואַרטן ביז די געלעגנהייט וועט קומען, איך זאָל דעם ליטוואַק באַווייזן ווער עס איז אַ כאַריסטל...

ויהו היום, און עס איז געקומען דער טאָג, ווען סאַבסייען האָט זיך פאַרגלוסט אויפטרעטן אַלס „אוריאל אַקאָסטאַ" און ביי דער פּראָבע, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עס פעלט אוים אַ „ר' עקיבא".

דעמאָלט האָב איך ערשט געזען, אַז ביז דאַן האָט מען מיך אַפילו איבערהויפּט נישט צוגערעכנט צו די שפּילערס, מען האָט מיך גלאַט אַזוי געלאָזן, זאָל זיך אַרומדרייען נאָך אַ מענטש... אָבער באין־ברירה, איז לאַגער צו מיר צוגעקומען מיט אַ געשריבענער ראָל און זאָגט צו מיר בזה־הלשון: — ווי מיינט איר? איר וועט קענען?

איך בין געווען בא זיך אַזוי געפאַלן, אַז איך האָב נישט געוואַגט צו זאָגן יאָ אָדער ניין און שווייגנדיק האָב איך צוגענומען די ראָל.

אַרן לאַגער, אַלס רעזשיסאָר, קלערט מיר אויף דעם כאַראַקטער פון דער ראָל און גיט מיר דעם טאָן און איך מאַך אים אַלעס נאָך אַזוי ווי אַ מאַלפּע און איך באַמערק, אַז ער איז פון מיר גאַנץ צופרידן און דאָס גיט מיר שוין אַביסל מוט און נאָך דער פּראָבע, נעם איך זיך ערשט צו דער ראָל, איך האָב שוין נישט געגעסן און נישט געשלאָפן, איך האָב געברענט פון אייפער, אַז איך זאָל די ראָל מאַכן וואָס בעסער און אַף מאָרגן, ווען איך בין געקומען צו דער פּראָבע, האָב איך די ראָל שוין געקענט פערפעקט אַף אויסנווייניק און דעם כאַראַקטער, לויט ווי דער רעזשיסאָר לאַגער האָט מיר אים אָנגעוויזן, האָב איך אויך באַאַרבעט אַף מיין אופן און איך האַלט זיך שוין פרייער בא דער פּראָבע און איך טרעט צו דרייסט צו דער אַרבעט, אַזוי ווי אַ פאַכמאַן וואָס קען זיין פאַך.

איך באַמערק ווי דער דירעקטאָר ווינקט זיך איבער מיט לאַגערן און לאַגער שאָקלט צו מיטן קאָפּ און שמייכלט און דאָס גיט מיר נאָך מער מוט און ווען איך האָב אָפּגעשפּילט מיין ר' עקיבא, האָבן מיך שוין אַלע אַקטיאָרן געמוזט אָנערקענען און זים איז מיר געווען דער טריומף וואָס איך האָב געפייערט איבער דעם ליטוואַק, קאַנטאָר, וואָס האָט זיך פון חרפּה און פאַרדרוס פאַרשטעקט אין די ווינקלען, ער זאָל זיך נישט דאַרפן באַגעגענען מיט מיינע בליקן...

און טאַמער איז דאָס נאָך געווען וויניק שטראָף פאַר דעם אָרימען ליטוואַק, האָט מען זיך נאָך אָנגעהויבן אַרומזען, אַז איך קען שיין זינגען, האָט מען פאַמעלעך אָנגעהויבן צונעמען באַם ליטוואַק די געזאַנגס־ראָלן און זיי מיר אַוועקגעגעבן און דעמאָלט איז מיין סאַטיספאַקציע געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקע און פאַרבייגייענדיק האָב איך שוין אַ זאָג געטון צו קאָנטאָרן: — אַ נו? ווער איז אַ כאָריסטל?...

מיט דער צייט, בין איך געוואָרן איינגעשפּילט אין גאַנצן רעפּערטואַר און איך האָב אין טרופּע פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ, נאָר צו געלט איז עס אַלץ נישט געקומען; מען האָט אונדז נאָר געצאָלט אַזויפיל, אַז קוים די נשמה צו דערהאַלטן און קיינמאָל האָט נישט געקלעקט אויף אַ פּאָר שיך אָדער אויף אַן אַנצוג. עס איז געקומען אַזוי וויט, אַז ווען איך בין שוין געווען אַ באַוואוסטער אַקטיאָר וואָס מען האָט זיך גערעכנט מיט מיר, בין איך געגאַנגען אַזוי שענדלעך געקליידט, אַז איך האָב זיך גע־שעמט צו ווייזן פאַר מענטשן און גוט איז מיר נאָר געווען, ווען איך האָב אויף זיך געטראָגן אַ היסטאָרישן מלבוש אויף דער בינע, דעמאָלט האָט מיין קליידונג געגלאַנצט צוזאַמען מיט מיין שפּילן די ראָל.

ווען איך טראַכט היינט פון יענער צייט, מוז איך דערמאָנען אַ קאַ־פּיטל ס א ב ס י י.

עס ווילט זיך דאָך נישט ריידן קיין שלעכטס אויף אַ שוכן־עפר, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז די עטלעכע און פערציק יאָר וואָס זיינען שוין זייט דעמאָלט פאַרגאַנגען, האָבן נאָך נישט באַוויזן אָפּצואווישן פון מיין גע־מיט די מאָראַלישע ווייטיקן וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט.

אַזוי האָט ער מיך געלויבט אַלס אַקטיאָר, געמאַכט מיר אפילו קאָמ־פּלימענטן, אַז איך וועל נאָך שטייגן, נאָר ווען עס איז געקומען צו געלט, איז פּשוט געווען אַ מוראדיקע זאַך ווי אַזוי ער האָט געפּראַוועט די קונ־צעלעך און דריידעלעך, כדי צו ווייזן וואָס דאָס הייסט אַזוינס געלט און ווי גרויס ער איז, ווייל ער האָט די ממתקים...

דאָס איז געווען, ווען מיר זיינען דורך אַדעס געפאָרן קיין אַקערמאַן און זייענדיק אין אַדעס, האָב איך זיך פּשוט געשעמט אַרויסצוגיין אין גאַס אַריין, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַריין צום דירעק־טאָר און געבעטן, צי קאָן ער מיר נישט געבן עפּעס געלט, איך זאָל האָבן צו קויפן אַ שטיקל מלבוש.

עס איז מיר שווער איבערצוגעבן די דריבנע שטעכווערטעלעך וואָס ער האָט מיר צוגעוואָרפן און וועלכע האָבן מיך ווי שפּיזן דורכגעשטאָכן ביזן האַרץ און ערשט ווען ער האָט געזען, אַז איך בין שוין בלאַ און גרין געוואָרן פון ווייטיק, האָט ער אַרויסגענומען אַ פינפערל און מיר

דערלאַנגט ווי אַ נדבה, אָבער דערביי האָט ער מיך אויפמערקזאַם גע־מאַכט, אַז דאָס גיט ער מיר אַלס הלוואה אַף ווייטערדיקע חשבונות...

איך בין באַלד אַוועקגעלאָפן אַפן טאַלטשאָק, וואו איך האָב געקויפט אַן אַלטן שוואַרצן שעוויאָטענעם אַנצוג, שוין מיט דער אויסרעכענונג, אַז אַ שוואַרצער אַנצוג קאָן טויגן אויך פאַר דער בינע.

די געהאַלטן פון די טרופּע־מיטגלידער זיינען געווען אַזעלכע קליינע, אַז מיר האָבן זיך נישט ווילנדיק געמוזט אַנהויבן בונטעווען און פּילנדיק אַ נאָענטן שטורם, האָט סאַבסיי פאַרכאַפּט די פיש פאַר דער נעץ און ער האָט אָנגעהויבן קלאָגן, אַז די לאַסט אויסצוהאַלטן אַזאַ כאַליאַסטרע מיט גאַראַנטירטע פאַרדינסטן, איז פאַר אים צו שווער און מען מוז עס ענ־דערן, אַז די טרופּע זאָל אַרבעטן אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

דאָס איז שוין געווען אין אָקערמאַן. דאָרט האָט זיך געמאַכט, אַז משה סאַבסיי, דעם דירעקטאָרס ברודער, אין קראַנק געוואָרן און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס צו זיין פרוי און עטלעכע חדשים שפּעטער, איז ער געשטאָרבן.

באַלד נאָך זיין אַוועקפאָרן פון טרופּע, האָב איך גערירשנט זיינע ראָלן און אַזוי בין איך געוואָרן דער ערשטער אַקטיאָר אין טרופּע.

איך בין שוין אָנגעזען נישט בלויז באַם טעאַטער־פּובליקום, נאָר אויך צווישן אייגענע, צווישן אַקטיאָרן, אָבער צו קיין גרעסערע פאַרדינסטן קומט עס אַלץ נישט, כאָטש איך ווייס, אַז דאָס געשעפט גיט מער, וויפל איך באַקום לויט מיין באַשטימטן פּראָצענט, אָדער מאַרקע, ווי מען רופט עס בא טעאַטער־געשעפטן און איך מוז שווייגן, איך טאָר נישט ריידן קיין הויך וואָרט, ווייל איך בין דאָך אַ טרפּהנער, איך האָב דאָך נישט קיין פּאַס, איך האָב זיך דאָך נישט צוגעשטעלט צום פּריזיוו...

דער דירעקטאָר סאַבסיי, האָט זייער גוט אויסגענוצט מיין נישט־כשרקייט, מיין חוב, וואָס איך בין שולדיק געבליבן דעם צאַר, מיינע וואָ־יענסקי פּאָווינאָסטי און ער האָט מיך עקספּלאָאַטירט מאַטעריעל און מאָ־ראַליש.

מיר האָבן טאַקע געאַרבעט אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, נאָר פון די חשבונות, פון וועלכע שותּפים האָבן אַ רעכט צו וויסן, פון דעם האָט קיינער פון אונדזער טרופּע נישט געוואוסט, מיר האָבן זיך נישט געטאָרט אַריינמישן און מיר האָבן געמוזט שענקען בלינדן גלויבן צו אונדזערע „אויטאָריטעטן". ווען מען האָט אונדז געמאַלדן אַ חשבון פון פאַרדינסטן, איז וויפיל מען האָט געזאָגט, האָבן מיר געמוזט מקבל זיין באהבה און מען איז געווען צופרידן, ווען מען האָט געזען פאַר זיך אַ מזומענעם רובל.

אָט אַזוי, האָב איך פאַרנומען אַ בכבודן פּלאַץ אין טרופּע, אַלס ערש־

טער אַקטיאָר און דערביי געמוזט אַרומגיין קריע־בליע, ממש נאַקעט און בורווים... בעת אינדערזעלבער צייט, איז דער דירעקטאָר מיט זיין פאַמיליע, וועלכע זיינען דאָך אויך געווען פאַרמעל שותפים פון דיזעלבע שלעכטע געשעפטן, געגאַנגען געקליידט פון שענסטן און בעסטן און זיי האָבן געלעבט, מען קאָן זאָגן, אין אמתן וואוילטאָג.

און טאָמער זיינען די ליידן געווען צו ווייניק, האָבן מיר נאָך געהאַט גענוג צו ליידן באַם שפילן טעאַטער.

אונדזער שפילן טעאַטער איז אָנגעגאַנגען באַ זייער שווערע באַדינגונגען. אונטערדריקט פון אַלע זייטן, אומגעהויערע שוועריקייטן ביז מען האָט באַקומען אַ דערלויבעניש און האָט מען שוין אַפילו באַקומען אַ דערלויבעניש, איז עס געווען אַף צו שפילן ד י י ט ש און אין אַ סך שטעט האָבן מיר געמוזט שפילן „דייטש", כאָטש מיר האָבן די שפּראַך נישט געקענט.

עס האָבן געטראָפן פאַלן, ווען דער איספּראַווניק איז צוגעגאַנגען גלייך צום סופליאָר־קאַסטן און זיך געהייסן דערלאַנגען דעם טעקסט, כדי זיך צו איבערצייגן, צי זי איז טאַקע געשריבן אין דייטש און אַ שטיקל גליק איז געווען, וואָס אונדזער פּרימאַדאָנע ר אַ י ס אַ  מ ע ד וו ע־ד י ע וו אַ האָט געהאַט אַ העפט מיט ראָלן, וועלכע זיינען געווען געשריבן מיט לאַטיינישע אותיות, איז דער העפט אַלעמאָל געלעגן גרייט באַם סופליאָר, כדי ער זאָל אים האָבן צו ווייזן דעם איספּראַווניק...

געוויינלעך באַ אַזעלכע פאַלן, האָט דער איספּראַווניק אַריינגעקוקט אין העפט ווי דער האָן אין „בני־אדם" און ער האָט עס אָנגענומען פאַר דייטש און עס איז געווען כשר.

אַזוי איז מיר אויסגעקומען צו שפילן די ראָל „מאַשקע" פון דער פּיעסע „יעוראַפּעיצי" אַף „ריין דייטשמעריש" און נאָך אַזעלכע ענלעכע ספּעציפיש אידישע טיפּן אַף ריין דייטשמעריש...

פון דעם מוזן שפילן אַף דייטש, זיינען מיר אַזוי פאַרדייטשמערישט געוואָרן, אַז אַפילו אין אונדזער וואָכעדיקן לעבן פון אַ גאַנצן טאָג, האָבן מיר שוין אויך אָנגעהויבן בראָקן מיט דייטשע ווערטער.

די איינציקע אין אונדזער טרופּע וועמען עס איז לייכט אָנגעקומען צו שפילן אַף דייטש, זיינען געווען לאַגער מיט זיין פרוי. זיי זיינען געווען עסטרייכער (גאַליציאַנער) וואו די אידישע שפּראַך איז אַלצאיינס געווען אַ האַלב־דייטשמערישע, איז עס זיי געגאַנגען גאַנץ גלאַטיק, בעת מיר אַלע האָבן זיך געמוזט היפּשלעך צומוטשען, כדי אַזוי צו צעקאַליעטשען די אידישע ווערטער, אַז עס זאָל אויסזען ווי דייטש...

אַזוי זיינען מיר אַרומגעפאָרן איבער בעסאַראַביע און געשפּילט איד־ דיש טעאַטער אַף דייטש, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין קישענעוו.

קיין טעאַטער האָט אונדזער דירעקטאָר דאָרט נישט באַקומען; האָבן מיר געמוזט שפּילן אין אַ סאַלאָן, וואָס האָט געהייסן „זאַל בערלין". דאָס איז געווען אַ סאַלאָן ספּעציעל פאַר בעלער און חתונות.

דער סאַלאָן האָט זיך געפונען אַף דעם צווייטן שטאָק און מיר האָבן דאָרט געמאַכט אַ פּראָוויזאָרישע בינע, צעהאַנגען די דעקאָראַציעס און דאָרט געשפּילט טעאַטער.

געשפּילט האָבן מיר אונדזער דעמאָלטיקע דערפאָלג־פּיעסע „מישקע מאַשקע" און איינמאָל בעת אַזאַ פאָרשטעלונג, קומט אַריין צו מיר אין גאַרדעראָב דער פּריסטאַוו ראָזענבערג, אַ משומד, ער האָט דווקא געקענט דייטש און נאָך ווי געקענט!, און ער זאָגט צו מיר:

— וואַרום שפּרעכן זי דויטש? פיר „מאַשקע" ווערע דאָך פיל שענער ווען ער שפּריכט זשאַרגאָן!...

די ווערטער פון דעם געשמדטן פּריסטאַוו האָבן מיך דערפרייט און איך לויף גלייך צו סאָסבסייען (ער האָט געשפּילט מישקען, אויך אַף דייטש) און איך דערצייל וועגן דעם גרויסן גליק אַז דער פּריסטאַוו אַליין הייסט מיר שפּילן אַף אידיש.

— אויב ער האָט דיר געהייסן שפּילן אַף אידיש, — זאָגט סאָבסיי געלאַסן און ציילט כמעט יעדעס וואָרט, — זאָלסטו דווקא נאָך מער אַכ־ טונג געבן און ריידן וואָס בעסער דייטש...

און באַלד האָט ער מיר צוגעגעבן: — פאַרשטייסטו? דאָס האָט ער ספּעציעל אַזוי געזאָגט, כדי צו האָבן אַ געלעגנהייט צו פרעסן געלט בא אונדז...

נאָך עטלעכע פאָרשטעלונגען פון „מישקע־מאַשקע" איז אונדז אויס־ געקומען צו שפּילן „קעניג ליר". די בינע האָט זיך געפונען אויבנאָן פון סאַלאָן און די אַקטיאָרן האָבן נישט געהאַט קיין שום אויסגאַנג און אין אַלגעמיין, האָט זיך דער סאַלאָן געפונען אין זייער שלעכטע באַדינגונגען; שוין דערמיט, וואָס דער עולם האָט געמוזט אַרויפקלעטערן אַף צוויי שטאָק טרעפּ און קיין עלעקטריש ליכט איז נאָך דעמאָלט דאָרט נישט געווען, האָבן דאָרט געברענט קעראָסין־לאָמפּן און דאָך, האָבן די קישע־ ניעווער אידן יעדע נאַכט אָנגעפּולט דעם זאַל און צום „קעניג ליר" איז געקומען אַ גאַר גרויסער עולם.

דער דערפאָלג איז געווען גאַר גרויס, דער עולם האָט לאַנג אַפּלאָ־ דירט, אָבער ענדלעך האָט מען זיך אָנגעהויבן צעגיין, דער עולם איז אַוועק און עטלעכע מינוט שפּעטער זיינען די אַקטיאָרן אַוועק און אפשר

בלויז א צען מינוט שפעטער, מיר זיינען בלויז געהאט אפגעגאנגען א שטיקל וועג פון סאלאן, ווען מיר האבן געהערט א געוואלט: — פאזשאר! און מען דערוואוסט זיך, אז דער זאל בערלין ברענט.

מיר זיינען צוריקגעלאפן זען וואס עס איז געשען, אינדערזעלבער מינוט זיינען שוין צוגעפארן די פייערלעשער און נאך צוויי שעה לעשן די שרפה וואס האט שוין געהאט ארומגעכאפט דאס גאנצע הויז, האבן מיר זיך דערוואוסט, אז דער בליץ-לאמפ, וואס איז געהאנגען אינדערמיט בינע איז געווען נאנט צום באלקן און דער באלקן האט זיך שוין געמוזט אנ־הויבן א סך פריער צו טליען, און ערשט ווען דער מזלדיקער עולם און די אקטיארן זיינען אוועק, האט זיך דער באלקן צעיושעט מיט א העליש פייער און ערשט דעמאלט האבן מיר געזען, ווי גליקלעך מיר האבן אפגעשניטן, וואס דאס פייער האט זיך ערשט צעיושעט נאכדעם ווי די פארשטעלונג איז געווען געענדיקט און אלע זיינען שוין געהאט אוועק. ווען דער אומגליק וואלט געשען בלויז מיט עטלעכע מינוט פריער, וואלטן פון עולם זיכער געווען א סך קרבנות און מיר, די אקטיארן, וואס האבן זיך געפונען אינגאנצן פון הינטן, וואלטן שוין פון דארט זיכער נישט ארויס קיין לע־בעדיקע...

זיינען מיר טאקע ארויס מיט גליק פון דעם אומגליקלעכן געשעעניש, אבער דערווייל איז נישט געווען וואו צו שפילן. און עס האבן זיך אנ־גערוקט אף אונדז שווערע פינצטערע טעג.

אונדזערע „אויטאריטעטן", דער דירעקטאר מיט זיין פאמיליע, זיי האבן, פארשטייט זיך, געהאט מיט וואס איבערצוקומען די שווערע צייט; אונדז אבער, די טרופע-מיטגלידער, וואס האבן נישט אנגעהערט צו דער משפחה, אונדז איז אויסגעקומען צו שטארבן פון הונגער.

דעמאלט האט זיך אין אונדזער טרופע אויך געפונען דער אקטיאר ד ר א נ א ו ו, מיר זיינען געווארן פריינט און מיר האבן צוזאמען גע־ליטן נויט.

און אין אט-א-די שווערע שווארצע טעג, האט עס זיך אף א גאר קלארן אופן באשטעטיקט, (ווי איך האב שוין געשילדערט אין פאריקן קאפיטל) די ברייטהארציקייט פון די בעסאראבער אידן.

דורך א צופאל האב איך זיך באקענט מיט עטלעכע יונגעלייט, קצבים, וואס זיינען מיט מיר געווארן די בעסטע גוטע ברידער און דערוויסנדיק זיך וועגן מיין נויט, לייגן זיי מיר פאר אן עסק, אז איך זאל קומען צו זיי, אין א היימישער שטוב, וואו עס וועלן זיך פארזאמלען עטלעכע פא־מיליעס און איך מיט מיין פרוי זאל זיי דארט עפעס שפילן און זיי וועלן שוין זען, אז מיר זאלן פארדינען.

אין דער מוראדיקער לאגע אין וועלכער איך האב זיך געפונען, האב איך, פארשטייט זיך, דעם פארשלאג באלד אנגענומען און איינער האט מיר געגעבן אן אדרעס וואו מיר זאלן קומען. פאני איז געווען צופרידן און מיר זיינען געגאנגען אפן אנגעגעבענעם אדרעס.

אין דער וואוינונג וואו מיר זיינען אנגעקומען, האבן שוין אף אונדז געווארט א סך פאמיליעס, מענער און פרויען, זיי האבן אונדז אויפגע־נומען מיט אפלויזן און מיר זיינען באלד צוגעטראטן צו אונדזער „קונסט", פאני איז אריין אין די הויזן און אנגעקלעפט די וואנסעלעך און מיר האבן דערלאנגט א „שבתי מיט יאנקלען", אז דער עולם האט געלעקט די פינגער.

נאך „שבתי מיט יאנקלען" האב איך ערשט פארבראקט מיט א פאר לידלעך און מיינע גוטע ברידער זיינען געווען אזוי צופרידן, אז מען האט געשיקט נאך וויין און פאסטראמעס און עס איז אויסגעוואקסן א סעודה כיד המלך און עס איז געווען א לעבעדיקע וועלט.

און טאקע אינדעמזעלבן אוונט, איידער מיר זיינען אוועק, האבן אונדז די גוטע ברידער געגעבן א נייע אדרעס און אונדז פארבעטן אף מארגן, און אזוי האבן מיר עטלעכע טעג געארבעט יעדן טאג אין אן אנדער פרי־וואטער שטוב, יעדן טאג האט מען געפראוועט סעודות, מען האט אונדז געשטופט געלט און מיר האבן פיין פארדינט און נאך די פארשטעלונגען מיט די סעודות, האט מען ערשט געבראכט איזוואזטשיקעס און מען האט אונדז מיט גרויס פאראד באגלייט ביז צו אונדזער קווארטיר.

נאך עטלעכע טעג, וואס מיר האבן יעדן טאג ערגיץ אנדערש געמאכט די קאמעדיע, האבן זיך וועגן דעם דערוואוסט די אנדערע אקטיארן פון דער סאבסיי־טרופע און אין א שיינעם אוונט, פונקט ווען מיר, איך און פאני, מיר האלטן אין מאכן די קאמעדיע, באווייזט זיך אין זאל אונדזער ד ר א נ א ו ו.

ער האט זיך נישט געפוילט. אזוי לאנג נאכגעפרעגט זיך, ביז ער האט זיך דערוואוסט וואו מיר זיינען היינט און ער איז געקומען צו מיר מיט טענות, ווי צו א פריינט, סטייטש, פארוואס מיר האבן אים גארנישט גע־זאגט וועגן דעם, אז ער נויטיקט זיך אין א פארדינסטל נישט ווייניקער ווי מיר.

דאס שפיל האט זיך געענדיקט און איך האב דראנאוון אויפגעקלערט, אז איך האב זיך פאר אים נישט באהאלטן ווייל איך האב פאר אים מורא געהאט אז ער וועט מיר עפעס קאליע מאכן, נאר פשוט, ווייל איך האב זיך געשעמט פאר די איבעריקע אקטיארן, וואס איך נידער אראפ פון מיין אקטיארישן רום און גיי שפילן וואו מען רופט מיך...

און דער אמת איז געווען, אז כאטש איך האב דורך די עטלעכע נעכט

זייער גוט פארדינט און מיר האָבן באַקומען זייער פיל לויב-ווערטער פון אונדזערע גוטע ברידער, וואָס האָבן די היימישע אָוונטן פאַר אונדז איינ־געאָרדנט און מען האָט געפּראַוועט סעודות, וועלכע מיר זיינען אויך געוועזן גאַנץ זשעדנע, ווייל מיר זיינען באַם טעאַטער זעלטן ווען געוועזן איבערגעגעסן... פונדעסטוועגן, האָב איך געפילט, אַז עס איז נישט דאָס... איך האָב געפילט, אַז דאָס איז נישט טעאַטער און איך האָב געפילט. אַז מיין שפּילן דאָ, אַט אַזוי, אַ „שבתי און יאַנקל", איז אַ צוריקגאַנג, אַן אַראָפּפאַלן, אַזוי ווי למשל, אַ פּריסטאַוו זאָל פּלוצלינג גאָר ווערן אַ גאָ־ראָדאָוואָי.

איך האָב זיך דעריבער אָנגעכאַפּט אָן דראַנאָווס קומען. איך האָב אים באַלד איינגעלאַדן; זאָל זיין נאָך איינער מיט אונדז, ערשטנס וועלן מיר האָבן נאָך אַ שותף צו דער „עבירה" און צווייטנס, וועלן מיר אפשר קענען מאַכן בעסער די „קונץ", אַביסל מער טעאַטראַליש און מיר האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן ריידן וועגן „קבצנזאָן און הונגערמאַן". אונדזער גוט-ברידערישער פאַמיליערער עולם האָט אונדזער „פאַרשטעלונג" אויפ־גענומען מיט באַגייסטערונג און אונדז געגעבן נייע אַדרעסן, וואו מיר זאָלן ווייטער אָנגיין מיט אונדזער שפּיל.



## צוועלפטער קאַפּיטל

אַבערלמאַן, דער געזאַנגס־ליבהאָבער. — אַ טעאַטער־פּלאַקאַט אַלס פּאַספּאָרט. — אַ מסירה קעגן מיר, לאַגערן און אַבראַמזאָנען. — גוזיק אַלס „רבי יאָזעלמאַן". — מיין האַרצוויטיק און מיין זיסע נקמה.

דאָס גיין „מאַכן די קאָמעדיע" אין פּריוואַטע שטיבער, איז בא אונדז נאָר געווען ווי אַן אַרויסהעלפן זיך אין דער שווערער לאַגע, ווען מיר האָבן אין קישעניעוו נישט געקאָנט שפּילן. אָפיציעל, זיינען מיר נאָך אַלץ געווען אין סאַבסיים טרופּע און מיר האָבן נאָר געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט עפּעס צו טאָן.

אין אָט דער שווערער צייט, האָבן מיר צובאַקומען אין אונדזער טרופּע אַ נייע קראַפט, דאָס איז געווען אַ ב ע ל מ אַ ן, מיט זיין יונג בלאָנד ווייבעלע טייבעלע.

אַבעלמאַן איז דעמאָלט שוין געווען באַקאַנט אַלס געזאַנגס־ליבהאָבער. ער איז געווען אַ הויכער און פעטט־געבויטער מאַן, זיין שטים איז געווען אַזוי פעטט ווי זיין געבויטער קערפּער, ער האָט געהאַט אַ באַריטאָן, אָבער גערופן האָט ער זיך — העלדן־טענאָר.

פאַר אונדזער דעמאָלטיקן רעפּערטואַר, איז אַבעלמאַן באמת געווען אַ זייער נוצלעכע קראַפט. ער האָט פאַרמאָגט פּאַטאָס און אויסערגעוויינלעכן טעמפּעראַמענט. באַם זינגען, האָט ער זיך באַמיט, אַז דאָס פּובליקום זאָל נישט בלויז הערן זיין זינגען, נאָר אויך פאַרשטיין די ווערטער פון זיין געזאַנג און נישט נאָר די ווערטער, נאָר אויך דעם אינהאַלט פון זיין ליד. מיט זשעסטיקולאַציעס, באַוועגונגען מיט די הענט און מיט די פיס האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון ליד.

צום ביישפּיל: — ווען ער האָט געזונגען „אייזערנע וועגן וועל איך אויסשפּאַנען", האָט ער ביים וואָרט „שפּאַנען", אָנגעהויבן שפּאַנען מיט זיינע לאַנגע פיס איבער דער בינע און בא זיינע דראַמאַטישע סצענעס, האָט ער געברומט ווי אַ לייב. ער האָט ממש געוואָרפן אַ פּחד אויפן פּוב־

ליקום, בעתן ברומען ווי א לייב, האָט זיך זיין געגוג ברייטע נאָז נאָך מער אויסגעברייטערט און ממש פאַרנומען זיין גאַנץ פנים.

אין קישעניעוו, ווי שוין דערמאָנט, האָבן מיר נישט געהאַט וואו צו שפּילן און צובאַקומענדיק אַזאַ קראַפט, האָבן מיר באַלד אויסגעפּלאַנט נייע רייזעס און מיר זיינען טאַקע באַלד אַרויסגעפאָרן. אונדזער ערש־טער וועג איז געווען — קיין אָ ר י ע וו (אָרגעיעוו). מיר זיינען געפאָרן מיט פורן און אפן וועג, פאַרנדיק פאַרביי וואַלעכעשע דערפער, האָט זיך געמאַכט, אַז שוין נאָנט צו אַ גרעסער דאָרף, איז צוגעקומען אַ פויערן־שייגעץ און דערלאַנגט דעם פערד וואָס האָט געשלעפּט אונדזער פור, מיט אַ שטעקן אַ פעסטן קלאַפּ, אַז דאָס אָרימע פערדל האָט אַזש אַ שפרונג אונטער געגעבן.

מיין יונג בלוט האָט זיך אין מיר אַזאַ צעקאָך געטאָן, פאַר דער עולה, אַז איך בין אַראָפּגעשפרונגען פון דער פור און דערלאַנגט דעם פויערן־שייגעץ אַ פּאָר געזונטע פעטש און איך בין צוריק אַרויף אפן פור און מיר זיינען ווייטער געפאָרן.

דער שייגעץ האָט אָבער נישט געוואָלט מוחל זיין די פעטש וואָס ער האָט באַקומען פון אַ זשידעק און ער איז נאָכגעלאָפן און געשריגן און אַזוי האָט ער אונדז פאַרפאָלגט ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָרף אַריין און דאָרט האָט ער ערשט אויפגעהויבן די אמתע יללה, אַז אַ אידל האָט אים געוואָלט דערהרגענען און עס האָט זיך געמאַכט אַ גרויסער צונויפ־מענגעלויף פון פויערים און מען האָט געבראַכט דעם סטאַראָסטע.

דער סטאַראָסטע מאַכט די „ספּראַווע" און דאָס ערשטע הייסט ער דורכזוכן די פעסער און דאָס דערהערנדיק, פיל איך, אַז עס שטעלט זיך אין מיר אָפּ דאָס האַרץ.

אָבער אונדזער דירעקטאָר סאַבסיי פאַרלירט זיך נישט, ער שלעפּט אַרויס אַ גרויסן פּלאַקאַט פון דער טרופּע, געדרוקט אין רוסיש — „יעווי־ראָפּעיצי וו אַמעריצע"... דער פּלאַקאַט איז געווען גרויס ווי אַ ליילעך וואָס פאַרדעקט אַ בעט און די אותיות פונעם טיטל האָבן געהאַט אַ פערטל מעטער די גרויס און אָט אָ דעם פּלאַקאַט דערלאַנגט סאַבסיי דעם סטאַ־ראָסטע אַנשטאָט אַ פּאַס און דער סטאַראָסטע דרייט מיט דעם פּלאַקאַט אַהער און דרייט מיט אים אַהין און די „סאָצקים" העלפן אים אויסשפּרייטן ער זאָל קאָנען לייענען און ווייזט אויס, אַז לייענען האָט דער סטאַראָסטע סיי ווי נישט געקענט, אָבער דער גרויסער פּלאַקאַט מיט די רוסישע אותיות האָט זיך אימפּאָנירט און ער איז געוואָרן ווארעמער צו אונדז און אָנגע־הויבן אויספרעגן און סאַבסיי האָט דערציילט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און דער סטאַראָסטע האָט איינגעזען, אַז דער שייגעץ איז נישט גערעכט

און ער האָט אויסגערופן צום שייגעץ: — דו אַזוינער און אַזוינער. דו ווייסט נישט, אַז אַ פערד טאָר מען נישט שלאָגן? אַז עס איז אַ צער בעל־חיים?...

און אַזוי האָבן מיר זיך געגריסט צום סטאַראַסטע און מיר האָבן זיך געלאָזן מיט די פורן אויף אונדזער ווייטערדיקן וועג קיין אַרגעיעוו.

אין אַרגעיעוו האָבן מיר געשפּילט לויט די שוין אַלט־באַקאַנטע אומשטענדן און מיר זיינען געפאָרן ווייטער און אַזוי זיינען מיר אַפּגעפאָרן און געשפּילט אין אַ רייע שטעטלעך, ביז אַבעלמאַן האָט זיך אָנגעהויבן קריגן מיטן דירעקטאָר און אַזוי ווי ער איז געווען אַ בעל־כוח, האָט ער נאָך געסטראַשעט מיט קלעפּ אויך און דעמאָלט האָט דער דירעקטאָר געזאָגט אַז ער האָט פּיינט „שטאַרקע" און נאָך אַ קורצער צייט, איז אַבעלמאַן צוריק אַוועק פון אונדזער טרופּע און מיר זיינען שוין אָן אים, אַריינגעפאָרן קיין ב ע נ ד ע ר.

דאָרט האָבן מיר זיך איינגעקוואַרטירט אין פּריוואַטע וואוינונגען און סאַבסיי האָט באַלד איינגעאָרדנט, אַז שבת זאָלן מיר קענען שפּילן די ערשטע פאָרשטעלונג.

שבת אינדערפרי, האָב איך צוליב עפּעס באַדאַרפט גיין צו סאַבסייען און מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין דעם „אוטשאַסטאָק" (פּאָליציי־צירקל). עס איז געווען זומער, טיר און טויער אָפן און איך זע דורך דעםברייטן טויער, ווי די גאָראָדאָוואָיעס שטייען אויסגעשטעלט אין גרופּעס און איינער, אַן עלצטער, גייט פון איין גרופּע צו דער אַנדערער און גיט זיי באַפעלן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געשען, אַז פּונקט אין דער מינוט, ווען איך האָב זיך צוליב יוגנטלעכער נייגעריקייט געהאַט אָפּגעשטעלט און אַריינגעקוקט, הערהער איך ווי דער עלצטער זאָגט צו איין גרופּע: — ...דאַרף מען אומבאַדינגט זען אויפצוזוכן און ברענגען די אַרטיסטן אַהרן לאַגער, אַבראַמזאָן און פאַלעפּאַדע...

הערנדיק אויסרופן מיין נאָמען און די נעמען פון לאַגער און אַבראַמזאָן, בין איך שיר־נישט אומגעפאַלן פון שרעק, וויסנדיק, אַז מיר זיינען דריי טרפהנע פּאַסאַזשירן, ווייל לאַגער איז געווען אַן עסטרייכער (גאַליציאַנער) און איז אַרומגעפאָרן אין רוסלאַנד אָן אַ פּאַס און איך בין דאָך געווען אַ „נישט־צוגעשטעלטער" צום פּריזיוו און אַבראַמזאָן איז גלאַט געווען אַ „בראָדיאַגע", וואָס איז אין ערגיץ נישט געווען פאַרשריבן...

לויפנדיק הענדום־פּענדום צו סאַבסייען מיט דער טרויעריקער נייעס, האָב איך איבערן וועג אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס האָט אונדז אַבעלמאַן געמוזט אָפּטון דאָס „שפּיצל", אוים נקמה צו סאַבסייען, מיט וועמען ער האָט זיך געהאַט צעקריגט.

ב. פאַלעפּאַרדע אַלס סוחר אין ווין



דאָס איז געווען אין צייט פון ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די ווינער פּאָליציי האָט פּאַלעפּאַדען אַלס רוסישן אונטערטאַן נישט דערלויבט צו שפּילן טעאַטער און כדי צו קענען מפרנס זיין זיין פאַמיליע, איז פּאַלעפּאַדע געוואָרן אַ סוחר און עס איז אים זייער גוט געגאַנגען, נאָר אַן איינלאַדונג פון קראָקע צו שפּילן טעאַטער, דערוועקט אין אים די בענקשאַפט צו דער בינע, פאַרלאָזט ער די געשעפטן און פאָרט שפּילן טעאַטער...

**יצחק דייטש**



ב. פּאַלעפּאַדעס אינטימער פריינט אין משך פון עטלעכע
פיינפולע יאָרן אין לעמבערג. די פריינטשאַפט רופט זיך אָפּ
אין פּאַלעפּאַדען נאָך אַ סך יאָרן אין אַרגענטינע.

אפן וועג צו סאבסייען, האט געוואוינט לאגער און איך בין פריער אריין צו אים.

ער האט באלד דערקענט אף מיין פנים, אז עפעס האט געמוזט גע־שען נישט ווארטנדיק אף זיין פראגע, האב איך אים איבערגעגעבן וואס איך האב צופעליק געהערט אנטקעגן טויער פון אוטשאסטאק.

לאגער האט זיך געמאכט הארץ און מיך געטרייסט, אז איך זאל זיך נישט שרעקן. ער האט זיך שנעל אנגעטאן (ער איז נאך געהאט געלעגן אין בעט) און איז מיט מיר צוזאמען אוועק צו סאבסייען.

נישט וויסנדיק וועגן מיין פארדאכט, האט סאבסיי באלד א זאג גע־טאן: — דאס איז אבעלמאנס שטיקל ארבעט... ער האט זיך געוואלט נוקם זיין אן מיר, האט ער אייך אונטערגעמסורט...

סאבסיי האט דעם גאנצן ענין נישט גענומען ערנסט. ער דארף, זאגט ער, סיי ווי זיין באם פריסטאוו, מילא, וועט ער אויסגיין צו נאך א פאר קערבלעך...

און אזוי איז טאקע געווען. סאבסיי האט „באשמירט" דעם פריס־טאוו און אבעלמאנס מסירה איז געווען ארויסגעווארפענע מי, מיר זיינען בשלום אוועקגעפארן און פארגעזעצט מיט אונדזער ארבעט.

נאך עטלעכע חדשים, איז אונדזער טרופע בארייכערט געווארן מיט א נאך וויכטיקערער קראפט, דאס איז געווען ג ו ז י ק. גוזיק איז שוין געווען באריסמט אלס „געזאנגס־ליבהאבער" און מען האט זייער פיל גע־רעדט וועגן זיין שטארקער באריטאן־שטימע.

ווען איך האב אים ענדלעך געהערט זינגען, בין איך דעמאלט זיכער געווען, אז קיין זינגער אין דער וועלט קאן נישט האבן קיין שטארקערע שטים ווי גוזיק. אזוי ווי איך האב שוין געהאט געזען און געהערט א סך אקטיארן, האט זיך אין מיר שוין פאמעלעך אנגעהויבן אנטוויקלען דער חוש פאר קריטיק און איך האב איינגעזען, אז גוזיק צייכנט זיך טאקע אויסערגעוויינלעך אוים מיט זיין שטארקער שטים, אבער ער איז צו ווייניק מנגן און ער זינגט מער מיט כוח ווי מיט געפיל...

גוזיק איז געקומען אין אונדזער טרופע צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער און אלע צוזאמען האבן מיט אונדז מיטגעוואנדערט איבער שטעט און שטעטלעך און גוזיק האט בא אונדז פארנומען דעם אויבנאן, אלס הויפט־העלד אין גאלדפאדנס היסטארישע אפערעטן.

אין רעפערטואר פון דער סאבסיי־טרופע, האט זיך אויך געפונען גאלדפאדנס היסטארישע אפערעטע — „רבי יאזעלמאן", פון וועלכער איך האט כסדר געשפילט די טיטל־ראלע און גוזיק איז די פיעסע נאך געווען אינגאנצן אומבאקאנט. בין איך געווען זיכער, אז אויב מיר וועלן

שפּילן די פּיעסע, וועל איך ווייטער שפּילן מיין ראָל, וואָס איך האָב זיך שוין געהאַט דערוואָרבן אַ זייער גוטן נאָמען פאַר איר.

די ראָל „רבי ראַזעלמאַן" איז אַ געזאַנגס-ראָל פאַר אַ באַריטאָן און די ראָל איז אַ זייער דאַנקבאַרע און, פאַרשטייט זיך, אַז ווי נאָר מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן שטעלן „רבי יאָזעלמאַן", האָט גוזיק פּרעטענדירט צו באַקומען די ראָל. אַזוי ווי ער האָט אָבער נישט געקענט די געזאַנגען, וואָס האָט ער געטאָן? האָט ער זיך געווענדעט צו דעם ליטוואַק קאָנטאַר, ער האָט אים צוגעזאָגט צו באַצאָלן דריי רובל, ער זאָל מיט אים „איינ-זינגען" די געזאַנגען פון „רבי יאָזעלמאַן".

דער ליטוואַק, וועלכער האָט נאָך געהאַט אויף מיר אַ בייז האַרץ פאַר מיין איבערנעמען זיינע ראָלן, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט זיך צו קענען נוקם זיין אָן מיר, און ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און יעדן טאָג געקנעלט מיט גוזיקן, ביז גוזיק האָט זיך נאָך עטלעכע וואָכן געפּילט, אַז ער קאָן זיך שוין אונטערנעמען צו שפּילן די ראָל.

דערווייל, האָבן מיר שוין אין עטלעכע שטעט און שטעטלעך גע-שפּילט „רבי יאָזעלמאַן" און איך האָב געהאַט גרויסע דערפאָלגן אין דער ראָל און דאָס האָט אין גוזיקן נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם חשק צו דער ראָל און ער גייט צו סאַבסיייען און צו לאַגערן און דערקלערט זיי, אַז ער מוז שפּילן די ראָל, מען זאָל זי בא מיר צונעמען און אים אָוועקגעבן, אַזוי, אַז פון היינט און ווייטער, זאָל ער שוין שפּילן „רבי יאָזעלמאַן", און אויב נישט, שטעלט ער אַן אולטימאַטום, וועט ער אָוועקגיין פון טרופּע.

לאַגער איז געווען דער רעזשיסאָר פון טרופּע און ער צוזאַמען מיט סאַבסייען, האָבן זיך פון גוזיקס אולטימאַטום געפילט אין גרויסער פאַר-לעגנהייט און זיי האָבן געפּרוווט ריידן מיט גוזיקן וועגן יושר, סטייטש? ווי קאָן מען אַ מענטשן אַזוי ווי טאָן? איר ווייסט דאָך גוט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס צונעמען בא אַן אַקטיאָר אַ ראָל אין וועלכער ער צייכנט זיך אויס...

עס קאָן זיין, אַז סאַבסיי וואָלט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק איינגע-שטעלט פאַר מיר, נאָר ער האָט פשוט מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט נאָכגעבן גוזיקן, וועט ער ווידער האָבן צרות פון מיר, ווייל איך וועל אודאי נישט וועלן אַראָפּשלינגען אַזאַ ביטערע פּיל און מן-הסתם וועל איך אָוועק פון טרופּע און סאַבסיי האָט אגב שוין איינגעזען, אַז איך האָב זיך מער-ווייניקער אַנטוויקלט און איך פאַרשטיי שוין אָן עסק און אַז איך האָב שוין די אַקטיאָרישע אַמביציע און איך וועל עס אודאי נישט פאַרשווייגן... האָט סאַבסיי גערעדט מיט גוזיקן וועגן יושר און לאַגער האָט אים צוגעהאָלפן, אָבער גוזיק האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיינע

פאַדערונגען, ער האָט געוואוסט, אַז די טרופּע דאַרף אים האָבן און ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אויספירן דאָס זייניקע.

אהרן לאַגער, דער רעזשיסאָר, האָט געוואוסט, אַז ער האָט אַף מיר אַ שטאַרקע ווירקונג און ער האָט גענומען ריידן צו מיר מיט פאַרזיכטיקע אָנצוהערענישן און ער האָט מיר דערביי פאַרזיכערט, אַז מיט דער צייט, וועט זיך אַלץ ענדערן, עס וועט אָנעמען אַן אַנדער ווענדונג, אָבער דער־ווייל, וואָלט כדאַי געווען אַראָפּצושלינגען אָט אַ די ביטערע פּיל און מאַכן אַ שווייג...

איך האָב אים נישט געענטפערט, ווייל טרערן האָבן מיך גענומען שטיקן. אין איין מינוט זיינען אין מיין מוח פאַרבייגעשוועבט טויזנטער געדאַנקען און איך האָב נישט געקענט הערכאַפּן איינעם פון זיי, איך זאָל זיך אַף אים אָפּשטעלן און איבערטראַכטן. איך האָב געפילט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט צוריק געוואָרן אַ תוהו ובוהו און די חורבות פון דער גאַנצער וועלט וואָלטן אַף מיר אַרויפגעפאַלן.

שוין פון דעמאָלט אָן, ווען איך האָב געהאַט דעם ערשטן קאָנפליקט מיט חעם ליטוואַק קאָנטאָר, האָט זיך אין מיר אָנגעהויבן וועקן דער גע־פיל פון אַקטיאָרישער אַמביציע און איך האָב שוין אָנגעהויבן פאַרשטיין און פילן, וואָס דאָס הייסט אַזוינס אַ ראָל און ווי אַזוי מען דאַרף אַר־בעטן איבער איר כדי צו האָבן דערפאָלג און איך האָב זיך באַמיט און געאַרבעט, געלערנט און געסטאַרעט זיך צו שפּילן וואָס בעסער און ווען איך האָב שוין דערגרייכט צו שפּילן די הויפּט־ראָלן אין עטלעכע פּיעסן און זיך גוט אויסצייכענען אין זיי, קומט מען צוגיין און מען וויל מיר צונעמען די בעסטע פּיעסע מיינע, די בעסטע און הייליקסטע דערגרייכונג מיינע, וועלכע איז געוואָרן מיין שטאָלץ און איך וועל דאַרפן שטיין ערגיץ אין אַ ווינקל און צוקוקן און צוהערן זיך, ווי עמיצער אַן אַנדערער כאַפּט אויס מיינע אַפּלאָדיסמענטן און מיין דערפאָלג...

— אַנטלויפן! — האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין;
— אַנטלויפן וואו די אויגן וועלן טראָגן, אַבי נישט צו דאַרפן איבערלעבן די גרויסע פּיין! אַנטלויפן! האָב איך זיך באַמיט צו באַפעסטיקן דעם געדאַנק, אָבער באַלד האָט אַ צווייטער געדאַנק אַריינגעוואָרפן אין מיין מוח די פראַגע: — וואוהין? און צו וועמען? קיין פּאַס האָב איך נישט, איך בין דאָך טרפה און טאָמער מסורט מען מיך? דאַ בין איך דאָך מער־ווייניק אונטער שוץ!...

טרויעריקע טעג און נאָך טרויעריקערע נעכט זיינען פאַרגאַנגען. איך בין שוין בא זיך געווען זיכער, אַז איך דאַרף אַנטלויפן פון טרופּע, אָבער מיך האָט אָפּגעהאַלטן אַ שטאַרקערע קראַפט, דאָס איז געווען די מורא

פאַר אַ מסירה און איך האָב שוין שטאַרק באַדויערט מיין לייכטזיין, פאַר־וואָס איך האָב זיך נישט צוגעשטעלט צום פּריזיוו, איך וואָלט געוועז אָפּגעקומען מיינע מיליטערישע פליכטן, אָ, ווי אַנדערש איך וואָלט דער־מאָלט געקאַנט האַנדלען!...

מיט אַ ווייטיק וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן מיט ווערטער, האָב איך זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם גורל מיינעם, איך בין געבליבן אין טרופּע און עס איז געקומען דער טאָג ווען גוזיק האָט באַדאַרפט אויפ־טרעטן אין „רבי יאָזעלמאַן".

וואָס איז מיר געבליבן מער אין דעם טאָג, ווי וואַרטן און האָפן אַף אַ נס, אַז גוזיק זאָל דורכפאַלן? האָב איך זיך אַ גאַנצן טאָג געשלייכט אין די ווינקלען און מיט פאַרביסענע ליפּן געוואַרט אַף באַנאַכט, אפשר וועט גאָט זיך אַנעמען פאַר מיר, פאַר דער הימלשרייענדיקער עולה וואָס איז קעגן מיר באַגאַנגען געוואָרן...

איך האָב אָבער גאַרנישט באַדאַרפט וואַרטן אַף אַ נס. גוזיק האָט נישט געקענט לייענען קיין אידיש און ער האָט קיינמאָל נישט אריינגע־קוקט אין קיין ראָל און ער האָט טאַקע קיינמאָל נישט געקענט קיין ראָל, האָט ער אויך די ראָל פון רבי יאָזעלמאַן נישט געקענט, טראָץ זיינע ספּעציעלע גרויסע צוגרייטונגען...

געקומען אין גאַרדעראָב זיך אָנהויבן צוגרייטן, איז גוזיק דאָסמאָל זייער פרי, כמעט האַלבן טאָג. ער האָט דאָס מאָל געוואָלט עפּעס אויפ־טאָן, כדי צו באַווייזן, אַז דאָס איז אַ ראָל וואָס אַן אַנדערער טאָר זי גאַרנישט שפּילן, נאָר ער...

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט די צייט, ווען עס דאַרף זיך אויפ־הויבן דער פאָרהאַנג.

איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקל פון סאַלאָן און דאָס האַרץ האָט מיר עפּעס אונטערגעזאָגט, אַז דאָ וועט היינט נישט אַדורכגיין גלאַטיק. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז גוזיק האָט געהאַט אַ שטאַרקע שטים, אָבער ער איז נישט געווען קיין מנגן, ער האָט נישט געהאַט קיין גוטן געהער און ווען די מוזיק האָט אויפגעשפּילט און רבי יאָזעלמאַן דאַרף אויפ־טרעטן אַף דער בינע זינגענדיק, האָט זיך גוזיק אַף דער לעצטער מינוט זיכער עפּעס דערשראָקן און ער איז אַרויף אַף דער בינע מיט אַן אַנדער טאָן פון דער מוזיק און אין אָרקעסטער איז באַלד אויסגעבראָכן אַ וויר־וואַר, דער דיריזשאָר האָט זיך באַמיט צו באַהערשן די לאַגע און עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, ביז ער האָט געמוזט איינגאַנצן אָפּשטעלן די מוזיק און גוזיק זינגט ווייטער אַן דער מוזיק, ער רייסט זיך אַף די גלייכע ווענט, ער האָט אָנגעהויבן מיט דריי טענער העכער און דער כאָר דאַרף מיטהאַלטן אָבער דאָס איז די כאָריסטן אומעגלעך און שוין דער אָנהויב

פון דער פאַרשטעלונג שטעלט מיט זיך פאָר אַ מוראַדיקן קאַטאַסטראָפאַלן דורכפאַל.

איך שטיי אין מיין ווינקל אין סאַלאָן און איך פריי זיך מיט זיין גרויסן בראָך. דאָס האָט מ י י ן גאָט זיך אָנגענומען מיין קריוודע און זיך נוקם געווען פאַר מיר... איך פיל, ווי דער ווירוואַר אַף דער בינע, וואָלט מיר געגאָסן האָניק אין האַרצן...

נאָך דעם געזאַנג, דאַרף ערשט רבי יאָזעלמאַן דערלאַנגען פּראָזע, אָבער גוזיק קען נישט קיין וואָרט און דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס ער פאַרלירט זיך נישט, ער האַלט די גאַנצע וועלט פאַר יאָלדן, שטייט ער און וואַרפט מיט די הענט און רעדט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכן אימפּראָוויזירטן תרגום-לשון און ער בייזערט זיך און גלאַנצט מיט די אויגן און טופּעט מיט די פיס און לאָזט קיין שום פּאַרטנער אַף דער בינע נישט קומען צום וואָרט...

די ראָל „רבי יאָזעלמאַן" דאַרף זיך דוקא אויסצייכענען מיט דער געלאַסנקייט און באַטראַכטקייט פון אַ אידישן פּאַטריאַרך וואָס קומט טרייסטן זיין פאָלק, וועלכעם ער וויל ראַטעווען מיט זיין אָנגעזעענקייט באַם קייזער און ער דאַרף זיך כסדר האַלטן מיט אַריסטאָקראַטישן מאַניר, וואָס זאָל איבערצייגן, אַז ער איז אַ גרויסער מאַן מיט ווירקונג און גוזיק האָט אים געוויזן פונקט פאַרקערט, היסטעריש, וואַרפנדיק מיט הענט און פיס און דער נאַאיווער עולם זיצט און קוקט און ווייס נישט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך אייגנטלעך און צווישן די אַקטיאָרן ווערט שוין אַ געשושקעריי, מען שטיקט זיך שטילערהייט פון געלעכטער און איינער דעם אַנדערן קנייפּט אוים שטיקער פלייש און מען סודעט זיך איבער: — ווי געפעלט ער אייך? — ער איז משוגע געוואָרן... וואָס דען, אַ קלאָרער מענטש וועט אַזוינס באַווייזן?...

— מ יי ן גאָט האָט דאָס פאַר מיר געטאָן!... און אַזוי האָט מיך די זיסע נקמה אַביסל באַרואיקט און מיך באַפרידיקט פאַר די גרויסע ווייטיקן און פיין וואָס איך האָב די לעצטע וואָכן געמוזט איבערלעבן און נאָך זיסער איז מיר געוואָרן אַף מיין געמיט, ווען עטלעכע אַקטיאָרן זיינען צו מיר צוגעקומען און מיר געזאָגט: — פאַלעפּאַדע!...

אַזוי האָט גוזיקס אומגליקלעכער אויפטריט מיט מיין קרוין-ראָל, אָפּגעוואַשן מיין ווייטיק און איך האָב זיך ווידער אויסגעגלייכט און בין ווידער געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, פילנדיק, אַז איך האָב געזיגט איבער די בייזע כוחות, וואָס האָבן מיך געוואָלט אראָפּשליידערן פון די דערגרייכטע שטאַפּלען אַף דער לייטער פון דער אידישער טעאַטער-קונסט.

# דרייצנטער קאַפּיטל

מיר שפּילן אין „בלאַגאָראָדנע סאָבראַניע". — דער גובערנאַטאָר באַזוכט אונדזער פאָרשטעלונג. — באָרים ראָזנטאַל וויל ווערן אַן אַקטיאָר. — שפּרייטן ליכט פאַר פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן. — אַ דערלויבעניש אַף נייַ־בעסאַראַביע. — איך וואוין ביי אַ נאַראָדאָוואָי. — די „פּריסטאַווּשע" פאַרליבט זיך אין מיר.

אַ סך חדשים זיינען מיר אַזוי אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעט־לעך. די געשעפטן זיינען געווען שלעכטע און וואָס ווייטער — ערגער און דער דירעקטאָר האָט געמוזט אויסלייגן אַף אַלע דעפיציטן.

פּונקט ווי די אַנדערע אַקטיאָרן פון טרופּע, האָב איך אויך יעדן טאָג געמוזט גיין צום דירעקטאָר און בעטן באַ אים פופציק קאָפּיקעס, איך זאָל האָבן מיט וואָס איבערצוקומען די טאָג־הוצאות פאַר מיר מיט מיין פרוי.

יעדעס מאָל, ווען איך בין געקומען צום דירעקטאָר נאָך די פופציק קאָפּיקעס, האָב איך פון זיינע שטעכווערטלעך און אַנצוהערענישן גע־פילט ווי מען וואָלט מיך געשטאָכן מיט גליענדיקע נאָדלען.

נאָך היינט, אַזוי פיל צענדליקער יאָרן שפּעטער, ווען איך גיב אַ טראַכט: — פונוואַנען האָט דאָס דער דירעקטאָר גענומען אַזויפיל געלט אויסצולייגן סיי אַף צו דעקן די חעפיציטן און סיי אונדז אויסצובאָרגן פופציקער קאָפּיקעס? קיין ירושה, ווייסן מיר, האָט ער נישט גע־ירשנט, נאָר בלויז דאָס, וואָס ער איז געווען דער אָנפירער פון אונדזער טרופּע און אויב ער האָט געהאַט געלט, האָט ער עס דאָך אָפּגעשפּאָרט פון אונד־זער אַרבעט אין זיין טעאַטער און דאָך האָט ער יעדעסמאָל געגעבן צו פילן, ווי ער טוט אונדז מיט אונדזער פּראַצע, מיט דעם, אַדאַנק א ו נ ד ז אָפּגעשפּאָרטן געלט, די „סאָלדאַטסקע טובות" און ער האַלט אונדז אוים אין דער שווערער צייט, כדי עס באַ דער ערשטער געלעגנהייט אָפּצונע־מען מיט אַ גוטן פּראָצענט...

און אָט זײַנען מיר ווידער אין קישעניעוו, מיר האָבן זיך קוים לעבעדיקע דערשלעפּט אַהין און אונדזער דירעקטאָר האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַקומען דעם סאַלאָן פֿון „בלאַגאָראָדנער סאָבראַניע".

אַזוי ווי עס איז געווען אום זומער, האָבן מיר געשפּילט אין גאָרטן, וואו עס איז געווען אַ פּאַרטיקע בינע. דער פּלאַץ איז געווען אַ זייער גרויסער, ער האָט ממש געקאָנט אַרײַנעמען גאַנץ קישעניעוו און אַף דעם פּלאַץ, האָט זיך דאָס רעדעלע פֿון אונדזער מזל מיט אַמאָל איבערגעדרייט צום גוטן און יעדן טאָג איז אונדז געוואָרן נאָך בעסער.

דער גאָרטן איז צו יעדער פֿאָרשטעלונג געווען פֿול-געפּאַקט און עס איז געווען אַ פֿרייד אַראָפּצוקוקן פֿון דער בינע אַף דעם געדיכט אויסגעזעצטן עולם. מיר זײַנען פּשוט אויפֿגעריכט געוואָרן און דער דירעקטאָר גיט אונדז שוין אַליין יעדן טאָג אַ גאַנץ קערבל און ער שמייכלט נאָך צו און אַ זיסע האָפֿענונג דרינגט אונדז אַדורך, באַלד וועט עס קומען צו דעם אָפּרעכענען זיך, ווי וועט אונדז נישט אַרויסקומען צו עטלעכע צענערלעך?...

און ערשט איצט קוקן מיר זיך אַרום און מיר זעען, אַז אונדזערע שיך זײַנען צעריסן און דער אַנצוג איז אויך שוין אַף צרות און מען זעט ערשט, אַז מען גייט שוין אַרום צו שאַנד און מען האָפֿט אַף דער אָפּרעכענונג ווי אַף משיחן און אָט גיט מען אונדז צו וויסן, אַז היינט וועט דער גובערנאַטאָר אַליין, בכבודו ובעצמו קומען צו דער פֿאָרשטעלונג פֿון „די כשוף-מאַכערן", אַזאַ פּוראָר, אַזש דער גובערנאַטאָר אַליין און מיר גרייטן זיך, אַ קלייניקייט, דער גובערנאַטאָר! מען וועט דאַרפֿן ריידן אמתן דייטש!... שלײַפֿט מען זיך די צינגער און אָט איז שוין נאַכט, אָט לאָזט מען שוין אַרײַן דאָס ווערטע פּובליקום און יעדער קוקט צו דער ספּעציעלער פֿאַרפּוצטער לאָזשע וואָס מען האָט צוגעגרייט פֿאַרן גובערנאַטאָר מיט זײַן סוויטע, די לאָזשע איז אויסגעפּוצט מיט טעפּיכער, אַזוי ווי פֿאַר אַ קייזער און אָט ווערט אַ רעש און אַ גערודער, פּלאַץ! מען מאַכט וואָרעם, עס קומען אָן דער גובערנאַטאָר מיט זײַן סוויטע, זיי פֿאַרנעמען די לאָזשע און דער אָרקעסטער גיט אַ שאַל אויס דעם צאַרישן הימן, אַלץ שטייט אויף מיט ערפֿורכט און מיר, אַקטיאָרן הינטער דעם פֿאָרהאַנג, שטייען מיט האַרץ-פּאָכעניש און וואַרטן צו דערשײַנען פֿאַר דעם גרויסן פּובליקום און פֿאַר די הויכע געסט.

צו דער פֿאָרשטעלונג האָבן מיר זיך געגרייט אַף אַ גאָר ספּעציעלן אופֿן. מיר האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די בינע זאָל אויסזען ליטישער, ריינער און ווי שוין דערמאָנט, מיר האָבן זיך באַמיט צו ריידן אַ ריינערן דייטשמעריש און אָט הויבן מיר אָן...

דער פארהאנג האט זיך אויפגעהויבן און דאס שפיל גייט אן און יעדע ווײַלע כאפן מיר א קוק צו דער לאזשע פון אונדזערע הויכע געסט און מיר באמיען זיך צו ריידן דייטש און אט האט זיך דער ערשטער אקט מיט מזל געענדיקט.

העֵר עולם האט אפלאדירט שטורמיש, און דער גובערנאטאר צוזא־מען מיט זיין סוויטע הויבן זיך אויף און פארלאזן די לאזשע און מען מאכט פאר זיי א ווארע; עס קאן זיין, אז אונדזער דייטשמעריש איז זיי נישט שטארק געפעלן, ווייל זיי זיינען אוועק און ווען דער פארהאנג האט זיך ווידער אויפגעהויבן צום צווייטן אקט, האבן מיר שוין געזען א ליי־דיקע לאזשע און איין אקטיאר האט זיך געוויצלט מיטן צווייטן, אז ער האט מיט זיין „קונץ" פארטריבן דעם גובערנאטאר פון טעאטער...

מיטן אוועקגיין פון גובערנאטאר, איז אונדז געווארן אביסל לייכטער צו שפילן, מיר האבן שוין נישט אזוי מדקדק געווען אף אונדזער „דיי־טשער" אויסשפראך און די פארשטעלונג איז דורכגעפירט געווארן בא זייער גוטן הומאר און מיט א סך טעמפעראמענט און דער עולם האט אונדז אלעמען ממש נישט אויפגעהערט צו אוואציאנירן.

בלויז דער דירעקטאר סאבסיי איז ארומגעגאנגען טרויעריק. דאס וואס חעם גובערנאטאר איז אפשר נישט געפעלן די פארשטעלונג, דאס האט אים נישט געארט; ער האט אבער מורא געהאט, אז די הויכגע־שטעלטע געסט האבן זיך אפשר געכאפט אפן שווינדל מיט אונדזער דייטש־ריידן און ווער וויים, צי דאס וועט היינט שוין נישט זיין די לעצ־טע פארשטעלונג אין קישעניעוו... און דער גובערנאטאר קאן אונדז נאך א „טובה" טאן פאר חער גאנצער גובערניע און מיר זיינען פארטיק...

דאנקען גאט, וואס די מורא פון אונדזער דירעקטאר האט זיך ארויס־געוויזן פאר אומבאגרינדעט. מיר האבן ווייטער געשפילט אן שטערונגען און דער גארטן איז ווייטער צו יעדער פארשטעלונג געווען פול־געפאקט.

עס איז געקומען צום חשבונען זיך. דאס איז דאך געווען א חברים־קאאפעראטיוו, אבער נישט יעדער חבר איז צוגעלאזן געווארן צום חשבון. בלויז די הויפט־מאכערס האבן זיך געקהלט בא די חשבונות און כאטש איך האב פארנומען אין טרופע א זייער וויכטיקן פלאץ, האט אבער דער פאקט, וואס איך בין געווען „א טרפהנער פאסאזשיר", מיך געהאלטן נידעריקער פון גראז און איך בין בנוגע די חשבונות, געבליבן מיטן „קליינוואַרג" און מיר האבן געמוזט גלויבן אפן ווארט...

געענדיקט מאכן די חשבונות, ווארט איך מיט אומגעדולד אף דער אפּותיקא וואס דער דירעקטאר וועט מיר זיכער דערלאנגען און אט רופט מיך דער דירעקטאר און ער דערלאנגט מיר געלט און איך פרעג מיט די

אויגן — וויפל? און דער דירעקטאָר זאָגט מיר: — צוועלף רובל מיט צען קאָפּיקעס און דערביי גיט ער מיר נאָך אַ ליבנסווירדיקע דערקלע־רונג, אַז דאָס איז שוין נאָכן אָראָפּרעכענען די ביז היינטיקע דעפּיציטן און די חובות וואָס איך בין אים שולדיק געווען...

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן אָדער זאָגן? איך האָב פאַרשטאַנען, אַז באַ אַזעלכע גוטע געשעפטן, האָט באַדאַרפט זיין אַ סך מער געלט, אָבער זאָגט דאָך דער דירעקטאָר, אַז ער האָט געמוזט אַראָפּרעכענען די דעפיציטן און די אויסגעליגנטע געלטער וואָס ער האָט אונדז געבאָרגט און ווער ווייס דען וויפל דאָס האָט באַטראָפן?... צייל איך די צוועלף רובל אַהין און צוריק און עס פרייען מיך שוין די עטלעכע רובל, ווייל שוין לאַנג, לאַנג, ווי מיר האָבן נישט געזען קיין מזומנעס רובל פאַר די אויגן...

דאָס ערשטע בין איך געלאָפן אָפּן טאַלטשאָק און זיך באַנייט מיט אַן אַלטן אַנצוג און איך בין אַהיימגעקומען אַ האָפערדיקער אויף ווייטער־דיקע גוטע צייטן.

מיר האָבן נאָך געשפּילט אין קישעניעוו אַ שיין ביסל צייט און אין דער צייט, האָט זיך אַן מיר אָנגעטשעפּעט אַ לאַנגער ברונעטער בחור, וואָס האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון מיר, נאָר כסדר געטענהט, אַז ער וויל ווערן אַן אַקטיאָר.

דער בחור האָט געהייסן ר אָ ז ע נ ט אַ ל. (שפּעטער האָב איך וועגן ראָזענטאַלן געהערט, אַז ער איז געוואָרן אַ גרויסער און אָנגעזעענער בינע־קינסטלער אין אַמעריקע).

יעדן טאָג, האָב איך ראָזענטאַלן געהאַט צו גאַסט און וויפיל איך האָב אים נישט געפּרוּווט אָפּריידן פון זיין חשק צו ווערן אַן אַקטיאָר, עס האָט מיר נישט געהאָלפן. ער האָט נאָר געוואָלט אַז איך זאָל אים פאַר־שטעלן פאַר מיין דירעקטאָר און אים צוהעלפן, אַז ער זאָל אים אַריינעמען אין טרופּע.

איך האָב געוואוסט, אַז דער ראָזענטאַל שטאַמט פון אַ זייער בכבודער און רייכער משפחה, און ווייסנדיק די ליידן און פּיין וואָס מען דאַרף אי־בערלעבן אַלס אידישער אַקטיאָר, האָב איך אים אָנגעהויבן אויפווייזן מיט מיר גופא אַלס ביישפּיל, אַז דאָס טויג נישט, זעט, יונגערמאַן, איך בין שוין אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר, שפּיל ערשטע ראָלן און איך לייד פונ־דעסטוועגן נויט און איך האָב מער הונגעריקע טעג ווי זאַטע...

אָבער דער ברונעטער בחור לאָזט זיך נישט אָפּשלאָגן פון זיין גע־דאַנק, ער פאָדערט אַלץ, אַז איך זאָל אים פאָרשטעלן פאַרן דירעקטאָר.

האָב איך אים איינמאָל מיטגענומען מיט זיך צום דירעקטאָר, דאָרט איז אויך געווען לאַגער־ דער רעזשיסאָר, און אויך זיי האָבן אָנגעהויבן דעם

יונגערמאַן אָפּריידן פון זיין שריט, זיי האָבן אים געבראַכט אַ סך ענלעכע אַרגומענטן וועלכע ער האָט שוין געהאַט געהערט פון מיר, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, דער יונגערמאַן האָט זיך געהאַלטן בײַ דאָס זייניקע, ער מוז ווערן אַ אידישער אַקטיאָר, ער וויל העלפן שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן און ער מוז ווערן אַ אידישער אַקטיאָר.

— „העלפן שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן" — די ווערטער פון דעם רייכן זונדל זיינען מיר גוט אַריין אין קאָפּ, ווייל זיי האָבן מיר פאַרענטפערט אַ סך פראַגן, אין וועלכע איך האָב זיך שוין זייט אַ צייט אָנגעהויבן גריבלען.

אויך דעם דירעקטאָר האָט די פראַזע פאַראינטערעסירט, און ער האָט אים געפרעגט, וואָס ער קען. אויב ווערן אַ אידישער אַקטיאָר, מוז ער דאָך עפּעס קענען...

און דער ברונעטער יונגערמאַנטשיק האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע און אָנגעהויבן דעקלאַמירן. געענדיקט אַ דעקלאַמאַציע, האָט ער אָנגעהויבן זינגען אַ ליד און האָט ער געענדיקט דאָס ליד, האָט ער אָנגעהויבן טאַנצן און צווענדיק דעם קאָנצערט וואָס דער בחור האָט פאַר אונדז אָפּגעשפּילט, האָבן מיר זיך איבערגעקוקט און מיר האָבן יעדער אין געדאַנק, פאַר זיך, געמוזט מודה זיין, אַז דער בחור האָט טאַלאַנט און דער דירעקטאָר האָט שוין מער נישט געפּרואווט אָפּריידן אים, ער האָט אים צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר מיר וועלן פאַרענדיקן שפּילן אין קישעניעוו, קאָן ער זיך אָנשליסן צו אונדזער טרופּע און מיטפאָרן מיט אונדז אויף אונדזערע וואַנדער-וועגן...

שוין עטלעכע וואָכן איידער מיר האָבן באַדאַרפט פאַרענדיקן אין קישעניעוו, האָט זיך אונדזער דירעקטאָר אָנגעהויבן באַמיען, וועגן באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן טעאַטער אין ניי-בעסאַראַביע. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן, אָבער ווען די צייט איז געקומען און מיר האָבן באַדאַרפט פאַרענדיקן אין קישעניעוו, האָט אונדזער דירעקטאָר באַוויזן צו באַקומען די דערלויבעניש און מיר האָבן זיך געלאָזן אין וועג.

ראָזענטאַל איז געפאָרן מיט אונדז.

ווי געווײנלעך, האָט מען אים מכבד געווען צו פאָרן אויף דער גרויסער פור צוזאַמען מיטן באַגאַזש, ער איז אַרויפגעקראָכן אויבן, כדי פאַרנדיק, זאָל ער גלייכצייטיק קענען אַכטונג געבן אויף אונדזער געפּעק און די איבעריקע פון טרופּע, זיינען געפאָרן אין פאַעטאָנען.

ראָזענטאַל איז געזעסן אויף דעם וואָגן אין דער הויך, אויף די קאַסטנס

און קופערטעס און איז קוים אַ לעבעדיקער אָנגעקומען אין דעם ערשטן שטעטל אין ניי-בעסאַראַביע, אפן וועג האָט ער פאַרלוירן זיין נייעם הוט, אָבער אַראָפּקריכנדיק פון וואַגן, האָט ער זיך אויסגעגלייכט די ביינער און אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט זיין גרויס גליק, וואָס ער פּאַרט ענדלעך מיט אַ טרופּע אַקטיאָרן און ער איז איינער פון זיי...

די נייע בעסאַראַביע האָט נישט אָפּגענאַרט אונדזערע האָפענונגען. וואו מיר האָבן געשפּילט און וואָס מיר האָבן געשפּילט, איז יעדע נאַכט געווען דער סאַלאָן פול-געפּאַקט און דער עולם האָט אונדז ממש באַוואָרפן מיט געלט און מיט מתנות. געווען שטעטלעך, וואו מיר האָבן אין סאַלאָן יעדע נאַכט געזען דיזעלבע אידן און יעדע נאַכט האָבן זיי אפסניי ארויסגעוויזן זייערע גרויסע התפּעלות און זייער גרויסע צופרידנ־קייט מיט אונדז.

ראָזענטאַל איז צוגעשטאַנען צו אונדזער רעזשיסאָר, אַז ער זאָל אים אַנטרויען די ראָל „יאַפּע" פון יעקב גאָרדינס „אידישן קעניג ליר", און ער האָט אַזוי לאַנג געבעטן, ביז לאַגער האָט אים נאָכגעגעבן און באַלד, בּאַ זיין ערשטן אויפטריט אַלס יאַפּע, האָבן מיר איינגעזען, אַז ראָזענטאַל קאָן אַלס אַקטיאָר גאָר הויך ארויפשטייגן.

ראָזענטאַל האָט אין בעסאַראַביע געהאַט אַ גאָר גרויסע פאַרצווייגטע משפּחה און אין יעדן שטעטל האָט ער געטראָפן קרובים, וואָס האָבן פאַרנומען בכבודע פּלעצער צווישן די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים.

אין יעדן שטעטל האָבן אים קרובים דערקענט און זיי האָבן באַלד מיטגעטיילט זיין פאָטער אין וואָס פאַר אַ מצב זיי האָבן געטראָפן זיין תכשיט, אַז ער איז גאָר אַ קאָמעדיאַנט, רחמנא לצלן און זיין פאָטער איז באַלד געקומען און אים מיטגענומען מיט זיך, צוריק אַהיים, אָבער צו די אַכט טעג, איז ער ווידער געקומען צו אונדז, ער איז געווען אויסגע־קליידט אין אַ נייעם אנצוג און נייע וועש און אַזוי איז זיין פאָטער, דער רייכער ויין-שענקער געקומען נאָך אים עטלעכע מאָל, עטלעכע מאָל אים צוריקגעפירט און ראָזענטאַל האָט זיך ווידער ארויסבאַקומען אַף דער פריי, כדי אונדז צו העלפן: — פאַרשפּרייטן ליכט און פרייד פאַר די פאַר־פינצטערטע אידישע מאַסן!...

ווי לאַנג ער איז מיט אונדז געפאָרן, האָט אים דער פאָטער יעדע עטלעכע וואָכן אָפּגעזוכט און מיטגענומען אַהיים, ביז איינמאָל איז ער פאַרשוואונדן פון אונדזער טרופּע און איך האָב אים מער נישט געזען. איך האָב שפּעטער באַקומען גרוסן פון אים דורך אַנדערע אַקטיאָרן, זיי האָבן אים זייער געלויבט, אָבער געזען האָב איך אים נישט מער.

מיר זיינען אַזוי אויסגעפאָרן גאַנץ ניי-בעסאַראַביע, געמאַכט זייער־

גוטע געשעפטן, אָבער דער דירעקטאָר האָט שוין גוט.אַכטונג געגעבן, אַז מיר זאָלן נישט ווערן צו פעט און בלויז די וואָס זיינען געשטאַנען באַם רודער, זיינען פשוט רייך געוואָרן.

אין איין שטעטל, האָט זיך דורך אַ צופאַל אויפגעדעקט אַ שווינדל וואָס אונדזער דירעקציע איז באַגאַנגען קעגן אונדז.

דאָרט איז פאָרגעקומען אַ בענעפיט-פאָרשטעלונג פאַר אַן אינסטי־טוציע און דער אַפּטייקער פון שטעטל האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון דער אינסטיטוציע.

אין מאָרגן נאָך דער פאָרשטעלונג, זיינען מיר, איך און דראַנאָוו, געווען צו גאַסט באַם אַפּטייקער. ער האָט אונדז געלויבט פאַר דער נעכ־טיקער פאָרשטעלונג, ער האָט מיר מיט דראַנאָוון געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז מיר ביידע זיינען אים אַמבעסטן געפעלן, אויך אַהרן לאַגער האָט זייער שיין געשפּילט זיין קאָמישע ראָל און ער דערציילט אונדז, וועגן דעם זשעסט וואָס ער האָט געמאַכט פון אנערקענונג צו דער טרופּע. מיט דער ספּעציעלער באַלוינונג וואָס די קאָמיסיאָן האָט באַשטימט פאַר דער טרופּע א חוץ דעם אויסגעהאַנדלטן פּרייז פאַר דער פאָרשטעלונג.

פון וואָס פאַר אַ סומע דער זשעסט איז באַשטאַנען, האָט אונדז נישט געפּאַסט צו פרעגן, איך און דראַנאָוו, מיר האָבן זיך בלויז אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און אונדזערע בליקן האָבן שוין געזאָגט: — אָט אַזוי פאַרזאָרגן אונדז אונדזערע באַלעבאַטים...

מיר האָבן נאָך געוואַרט, מיר האָבן געטראַכט, אַז אפשר וועט דער דירעקטאָר אונדז זאָגן וועגן דער מתנה בעת דער אָפּרעכענונג, אָבער אַ נעכטיקער טאָג; דער דירעקטאָר האָט אפילו נישט געטראַכט אַזוינס צו טאָן און ווער ווייס וויפיל מאָל ער האָט אליין אַראָפּגעשלונגען דעם פּראָדוקט פון אַזעלכע זשעסטן.

די געשעעניש האָט אונדז שוין אַמקלאָרסטן איבערצייגט, אַז דער דירעקטאָר האַנדלט קעגן אונדז נישט ערלעך, אָבער וואָס האָבן מיר גע־קאָנט טאָן? מיר האָבן ביידע מורא געהאַט אַ מויל צו עפענען, ווייל מיר זיינען ביידע געווען טרפה פאַר דער נאַטשאַלסטוואָ, ווייל דראַנאָוו האָט זיך אויך געפּוילט צו גיין אָפּגעבן דעם צאַר זיינע פיר וואָכן מיליטער־דינסט... און אַזוי איז עס געווען, אַז כאָטש מיר האָבן שוין געוואוסט פון דער הימלשריינדיקער עולה וואָס דער דירעקטאָר באַגייט קעגן אונדז, האָבן מיר פונדעסטוועגן געמוזט שווייגן.

אין דעם זעלבן שטעטל איז געווען אַ גאַראַדאָוואָי און דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטער כלל, אַז אויב דער גנב וויל זיין מער זיכער, זאָל ער וואוינען נעבן דער פּאָליציי, האָב איך אויך אַזוי געטאָן און איך האָב געוואוינט באַ דעם גאָראָדאָוואָי אין קוואַרטיר.

דער פּריסטאַוו פון שטעטל, האָט געהאַט אַ געליבטע, אַ זייער שיינע קריסטן, וועלכע פלעגט יעדע נאַכט באַזוכן אונדזערע פאָרשטעלונגען. אַזוי ווי מיר איז מערסטנס אויסגעקומען צו שפּילן דאָס שיינע אינגל, די העלדן־ראָל, האָט זיך די האַלבע פּריסטאַוושע אין מיר פאַרליבט און זי איז צוליב מיר געוואָרן אַן אָפטער גאַסט באַם גאָראָדאָוואָי.

פאַר דעם גאָראָדאָוואָי, איז עס געווען אַ גאַנצע מציאה וואָס דעם פּריסטאַווס געליבטע קומט כסדר צו אים צו גאַסט, ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גרויסן כבוד און נאָך מער האָט ער זיך געגרויסט דערמיט, וואָס די גויע האָט אים אויסגעזאָגט און זיך פאַרטרויט פאַר אים, וועגן איר ליבע צו מיר.

דער גאָראָדאָוואָי האָט געפירט דאָס רעדל. ער האָט שוין געוואוסט ווען צו פאַרזאָרגן משקה און פאַרבייסן, עס האָט געהייסן, אַז ער נעמט זי אויף פיין, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּריסטאַווס געליבטע, און באַלד האָט ער מיך אַריינגעבעטן צו זיך אין שטוב און ער האָט שוין אַזוי אויסקאָמבינירט, אַז איך זאָל בלייבן מיט איר אַליין.

איך מוז זיך דאָ פּשוט מודה זיין, אַז טראָץ מיינע איבערלעבענישן באַם טעאַטער, בין איך נאָך אין אַלע פּרטים געווען ממש אַ נאַאיוו אינגל. איך האָב זיך אַ סך מאָל דערמאָנט אָן ציפּקען, איך האָב נישט זעלטן געזען די סצענע, ווי מען רייסט זי אַוועק פון מיר און איך האָב נאָכאַמאָל איבערגעפילט דעם ווייטיק, אָבער איך האָב גלייכצייטיק זייער ליב געהאַט פאַנין און איך האָב נישט געטראַכט פון קיין אַנדערע פרויען.

איצט, ווען איך האָב באַמערקט ווי דער גאָראָדאָוואָי שאַרט זיך אַרויס פון שטוב און לאָזט מיך מיט דעם פּריסטאַווס געליבטע אַליין און פילנדיק אף זיך אירע ברענענדיקע בליקן, איז מיר עפּעס געוואָרן אומהיימלעך און איך האָב גאָרנישט געוואוסט ווי אַזוי איך דאַרף דאָ האַנדלען... און דאָ, פאַרברענט זי מיך מיטן פייער פון אירע אויגן און זי לאַכט צו מיר און איר קיילעכיק שיין פּנימל איז פאַרפלאַמט און זי רוקט זיך צו מיר נענטער און אָט זאָגט זי, אַז איר איז היים און זי אַנטבלויזט איר ביוסט און איך דערמאָן זיך פּלוצלינג אָן דער מעשה פון יוסף הצדיק מיט פּוטיפערע און איך פיל, אַז אויך זי קאָן קעגן מיר וועלן האַנדלען אַזוי ווי פּוטיפערע קעגן יוספן און עס באַמבלט זיך באַ מיר אין די געדאַנקען: — פּריזיוו, פּאַספּאָרט, פּריסטאַוו, גאָראָדאָוואָי...

און דאָ רוקט זי זיך כסדר נענטער צו מיר און זעענדיק מיין פאַרלעגנהייט, וויל זי מיך מוטיקן און זי פרעגט מיך: — וואָס איז מיט דיר, שיין בחורל... פאַר וואָס ביזטו אַזוי נישט דרייסט? און זי לאַכט און וואַרפט זיך צו מיר און איך פיל ווי איר קערפּער פאַרברענט מיך און

איך לעב איבער אַ צווייענדיקע שרעק, איך האָב מורא, אַז אויב איך וועל נישט ביישטיין דעם נסיון, וועט זיך דער פּריסטאַוו סוף כל סוף דערוויסן און דעמאָלט בין איך אַ פאַרטיקער און גלייכצייטיק שרעק איך זיך, אַז אויב איך וועל יאָ ביישטיין דעם נסיון און איך וועל פּשוט אַנטלויפן, דעמאָלט קאָן די באַליידיקטע גויע זיך נוקם זיין פּונקט אזוי ווי פּוטיפערע אָן יוספן און זי דאַרף דאָך נאָר זאָגן דעם פּריסטאַוו איין וואָרט קעגן מיר, בין איך דאָך שוין אַ פאַרטיקער...

מיינע פאַרצווייפלטע טראַכטענישן האָט די הייסבלוטיקע געליבטע פון פּריסטאַוו אָנגענומען אַלס פּשוטע אינגלשע נישט-דרייסטקייט און זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיר, מיך אַרומגעכאַפּט און מיך אָנגעהויבן קושן מיט אַזויפיל ברען און ליידנשאַפט, אַז איך בין פּשוט פאַרשיכורט געוואָרן און נישט געוואוסט וואָס מיט מיר קומט פאָר...



# פערצנטער קאַפּיטל

איך הויב פאַמעלעד אַן פאַרשטיין טעאַטער. — איך בענק אַהיים. — די באַגעגעניש מיט מיין פאַמיליע. — אסתר רחל קאַמינסקי. — דראַנאָוו שרעקט מיך איבער און איך לאָז זיך מיט אים אין וועג.

זייט איך האָב אין זיך דערפילט דעם דראַנג צו ווערן אַן אַקטיאָר, האָב איך אין ניי-בעסאַראַביע געהאַט דאָס בעסטע שטיקל צייט. די איבערלעבענישן מיט קאַנטאָרן, אַבעלמאַנען און גוזיקן, זיינען פאַר מיר געווען גוטע לעקציעס און דער דראַנג צו דערגרייכן כסדר נייע דערפאָלגן, האָבן געוועקט אין מיר די קינסטלערישע אַמביציע און ווייל מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך ווייס שוין דעם סוד פון מיין באַרוף, אַז איך טו הייליקע אַרבעט, אַז „איך שפּרייט ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן", האָב איך זיך אָנגעהויבן פילן דרייסטער אַף דער בינע און די דרייסטקייט האָט מיר געהאָלפן, אַז איך זאָל וואַגן צו העכערן מיין טאָן אַף דער בינע און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב אַ גאַר גרויסע שטים און אַז איך זינג פון טאָג צו טאָג בעסער און לויטערער און דראַנאָוו האָט מיר צוגעגעבן מוט, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז איבערצייגט, אַז איך וואָלט געקאַנט ווערן אַן אָפּערן זינגער און דערגרייכן דאָס טעלערל פון הימל...

יאָ, די אָנערקענונג האָב איך שוין געהאַט פון אַלע זייטן, נאָר בלויז מיין דירעקטאָר סאַבסיי, האָט זיך נישט געמאַכט קיין צימעס פון מיר...

ער האָט אויסגענוצט די גוטע געשעפטן אין ניי-בעסאַראַביע אַף רעכטס און אַף לינקס און פאַר מיר האָט ער געזשאַלעוועט צוצוואַרפן כאָטש ברעקלעך פון די גרויסע פאַרדינסטן.

ווען עס האָט שוין געהאַלטן אַז די טרופּע זאָל פאַרלאָזן ניי-בעסאַראַביע, האָב איך באַשלאָסן, אַז ווייטער פאָרן וועל איך נישט. איך האָב געוואוסט, אַז אין אַנדערע געגנטן דערוואַרט אונדזער טרופּע נישט מער ווי ליידן און פּיין און הונגער, האָב איך באַשלאָסן איבערצורייסן מיט

דער טרופּע און לאָזן זיך אין מיין שטעטל אריין, אַהיים, כדי זיך צו זען מיט מיין פאַמיליע, וועלכע איך האָב שוין זייט צען יאָר נישט געזען, און אַפילו כמעט נישט דורכגעשריבן זיך מיט קיינעמען פון זיי.

איצט האָב איך זיך ערשט דערמאָנט, אַז ווען איך בין אַוועקגעפאָרן, בין איך נאָך כמעט געווען אַ אינגל, איך האָב אַפילו נישט געוואוסט גענוי וואָס איך וויל אַזוינס, נאָר מיך האָט געצויגן צו דער בינע, מיך האָט געצויגן צו שפּילן „קאָמעדיע”; זייט איך האָב זיך באַטייליקט אין דעם „חכמת-שלמה-שפּיל” וואָס ר' אברהם האָט אונדז אויסגעלערנט, האָב איך שוין נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך נייע שפּילן און איך האָב דאָך שוין אַזוי פיל דערגרייכט מיט מיין שפּילן, איך האָב דאָך שוין געזען אַזויפיל פרייד אַראָפּשיינען פון מענטשלעכע פּנימער ווען איך האָב מיט מיין שפּילן באַגייסטערט און איך האָב דאָך שוין אַפילו אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז איך טו אַ נוצלעכע און אַ הייליקע ארבעט, איך האָב דאָך אַזויפיל געליטן און דאָך בין איך כסדר ארומגעפאָרן און געשפּרייט ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן און אַט האָב איך זיך ארומגעזען, אַז איך בין שוין אַ מאַן, איך בין אויסגעוואַקסן און נאָך צען יאָר האָט זיך מיר פאַרבענקט צו זען מיין מאַמען, מיינע שוועסטער און מיין ברו-דער און איך וויל פאָרן אַהיים, אַהיים...

אויך פאַני האָט זיך פאַרבענקט נאָך די איריקע און זי האָט באַ-שלאָסן צו פאָרן צו אירע קרובים אויף אַ שטיקל צייט, ביז מיר וועלן זיך ווידער צוזאַמענקומען און אָנשליסן זיך צו אַ גוטער טרופּע, וואָס וועט קענען אונדז אפשר האַנדלען ערלעכער ווי סאַבסיי.

דער באַשלוס איז געווען אַ פעסטער און בלויז עטלעכע טעג שפּע-טער, נאָך איידער סאַבסיי האָט זיך געלאָזן אויף זיין ווייטערדיקן וועג, בין איך אָפּגעפאָרן קיין נאָוועבוג.

פאַרנדיק מיט דער באַן, האָב איך זיך געפילט זייער גוט. עס האָט מיר געזונגען אין הארצן און אומבאַשרייבלעכער פריידיקער געזאַנג און די רעדער פון באַן, האָבן צוגעקלאַפּט צום טאַקט, און די צייט איז גע-לאָפן שנעל און אַט שטייען מיר שוין אויף דער סטאַציע, וואו איך דאַרף אַראָפּגיין און צופאָרן מיט אַ פור אַ פינף וויאָרסט וועג ביז נאָוועבוג.

און דוקא די לעצטע פינף וויאָרסט וואָס איך בין געפאָרן מיט דער פור, האָבן זיך פאַר מיר געצויגן ווי אַן אייביקייט.

עס איז שוין געווען נאַכט. די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע און דאַך איז זי געווען אַזוי מוראדיק אומעטיק, עס האָט זיך נישט געזען און נישט געהערט קיין שום באַוועגונג פון לעבן, אַ חוץ די געטראַס-קעריי פון אונדזער פורל און עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי אונדזער לע-





צוויי פּאָזן פון
ב. פּאַלעפּאַדע
אַלס צדיק
אין ש. אַנסקים „דיבוק„
אין טעאַטער
„צענטראַל"
אין
וואַרשע
(1921-1923)

דאָס איז געווען די ליכטיקסטע און הייליקסטע צייט פון ב. פּאַלעפּאַדעס קאַריערע אַלס אידישער בינע-קינסטלער.

## אסתר רחל קאַמינסקי



ווער עס האָט געזען די גרויסע קינסטלערין שפּילן טעאַטער, דער וועט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן! ביז היינט גליט נאָך אין פאַלעפאַדען דער הייליקער דערהויבענער געפיל פון דער צייט ווען ער האָט געשפּילט מיט איר צוזאַמען אין טעאַטער „צענטראַל" אין וואַרשע.

בעדיק פורל וואָלט אַריינגעפאָרן אין אַ ווייטן, פינצטערן און טויטן חלל.

דער בעל־עגלה וואָס האָט אָנגעטריבן מיט מיין פורל, איז געווען אַ שווייגנדיקער. ער האָט בלויז ווען נישט ווען אַ וואָרטשע געטאָן ברוגז אָף זיין פערדל און זעענדיק, אַז דאָס פערד נעמט אים נישט אין אַכט, האָט ער זיך פאַרטיפט אין מחשבות און ער האָט זיך אפילו געפוילט דעם פערדל פון צייט צו צייט אַ שמיץ צו טאָן און דערמאָנען עס, אַז עס מעג גיין אַביסל שנעלער...

דער אומעט פון אַרום, האָט זיך אויך אַריינגעגאָסן אין מיין האַרץ אַריין און אויסגעלאָשן דאָרט מיין פרייד און איך האָב איבערן גאַנצן וועג בלויז געפילט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צו מיינע נאָענטע און אַ טיי־פער רחמנות האָט מיך אַרומגענומען צו זיי און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן ווי שווער מיין ברודער דאַרף האָרעווען אָף זיין טרוקן שטיקל ברויט, בעת איך האָב די גאַנצע צייט פאַרבראַכט מיט שפילן טעאַטער... עס איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך וועל קושן מיין ברודערס פאַרמאַזאָליעטע הענט און איך וועל ווייזן פון נחת געמישט מיט צער, ווען איך וועל אים אַרומנעמען און דריקן צו מיין האַרץ.

טראַכטנדיק אַזוי, האָב איך שטיל גערופן דעם נאָמען זיינעם, יעקב יאָסי... יעקב יאָסי... און איך בין געווען זיכער, אַז ער הערט דאָרט מיין רופן זיין נאָמען און טרערן האָבן מיר גענומען שטיקן אין האַלדז... יעקב־יאָסי... מיין ערלעכער, מיין אָרימינקער שווער געפּלאָגטער ברודער...

אין אַזאַ שטימונג בין איך געזעסן אָף דער פור, וועלכע האָט זיך פונדעסטוועגן דערנענטערט צום שטעטל און עס זיינען אויסגעוואַקסן פאַר מיר די נאָוועבוגער הייזקעס מיט די שטרויענע דעכלעך און איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין יעדער הייזקע, איך האָב זיי געוואָלט דער־קענען און הערמאָנען זיך ווער עס האָט דאָרט געוואוינט און אין גערדאַנק האָב איך געטראַכט: — צי וואוינט נאָך דאָרט דערזעלבער? עס זיינען דאָך שוין עפּעס פאַרגאַנגען גאַנצע צען יאָר!...

אָט פאָרן מיר שוין פאַרביי דער געמויערטער שיל, זי שיינט אַרויס פון צווישן די קליינע הייזקעס ווי אַ ריז צווישן קאַרליקעס... און אָט שטעלט זיך אָפּ דאָס פורל, איך גיב אַ קוק, דאָסזעלבע הייזקעלע וואָס איך האָב פאַרלאָזן מיט צען יאָר צוריק און איך וואונדער זיך, — וואָס? מיר וואוינען נאָך אַלץ אינדעמזעלבן הייזקעלע?

איך קוק אַריין דורך דעם קליינעם פענצטערל, דאָס שטיבל איז באַ־לויכטן פון אַ קליין קעראָסין־לעמפּל און אָט דערזע איך די מאַמען, זי דרייט זיך אַרום און פאַרעט זיך נאָך עפּעס אין שטוב און דער בעל־עגלה וואַרט נישט לאַנג, ער קלאַפּט אָן אין טיר און רופט אויס: — עפנט אויף, איך האָב אייך געבראַכט אַ גאַסט...

די מאַמע קומט צו דער טיר, עפענט זי פּאַמעלעך אויף — ווער איז? פרעגט זי און אַט בין איך שוין נעבן איר אין דעם פינצטערן פּאָדער־שטיבל און איך פיר זי אַריין צוריק אין שטוב און די ליכט פון קעראָסין־לעמפּל פאַלט אַף מיין פּנים און מיין מאַמע דערקענט מיך.

— בנציון! זון מיינער! און מיר פאַלן זיך אין די אַרעמס און איך פיל ווי די מאַמעס טרערן מאַכן מיר נאַס די הענט און דאָס פּנים און וויפיל איך גלעט זי און קוש זי, קאָן זי זיך אַלץ נישט באַרואיקן פון פרייד און איבעראַשונג און זי וויינט ווייטער און פליסטערט שטיל און צערטלעך: — מיין זון! מיין בנציון...

די שוועסטער איז שוין געלעגן אין בעט, נאָר די מאַמעס וויינען האָט זי אויפגעוועקט און דערהערנדיק דער מאַמעס פליסטערן „בנציון, בנציון" איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און צוגעלאָפן צו מיר — בנציון! און זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט קושן און אויך זיך צעוויינט.

דער שטורעם פון מיין צוזאַמענטרעף מיט מיין מאַמען און שוועסטער, האָט אָנגעהאַלטן גענוג לאַנג, אָבער דעם אמת געזאָגט, איז מיין בענקשאַפט צו מיין ברודער געווען פיל גרעסער ווי צו זיי און איך האָב ענדלעך אַ פרעג געטאָן: — און וואו איז יעקב־יאָסי?

— ער איז בא זיך אינדערהיים, ער שלאָפט שוין אודאי, ענטפערט מיין שוועסטער און איך דערוויס זיך, אַז מיין ברודער האָט שוין חתונה געהאַט און איך האָב שוין נישט אויסגעהאַלטן, איך האָב זיך געפרעגט וואָס און וואו און איך בין געלאָפן צו אים.

מיין באַגעגעניש מיט מיין ברודער, וועל איך מיין לעבן לאַנג מער נישט פאַרגעסן. דאָס איז געווען אַ הייליקע באַגעגעניש. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן איינער פון אַנדערן. דאָס איז נישט געווען בלויז אַ פרייד, נאָר אמתע ברודער־ליבע און זעענדיק זיין פאַרהאָרעוועט פּנים, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ הארציקער רחמנות צו אים, אַז איך האָב אים אפּסניי אָנגעהויבן קושן.

צומאָרגנס נאָך אונדזער באַגעגעניש, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער טאָג מיט נייע זאָרגן פאַרן שטיקל ברויט, דער ברודער האָט געמוזט גיין טוען זיין אַרבעט ווי אַלעמאָל און די מאַמע, די שוועסטער, עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען די וואָכעדיקע טעג, וואָס האָבן זיך געצויגן מאָנאָטאָנע און זייענדיק אָן טעאַטער און אָן מיין פרוי, האָט זיך אָנגעהויבן בענקען און איך האָב זיך שוין אין דעם שטעטעלע נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען.

איין נייעס, וואָס מיין שוועסטער האָט מיר דערציילט, האָט מיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט. די נייעס איז געווען, אַז ציפּקע, מיין

ערשטע ליבע, האט נאך נישט חתונה געהאט. דאס הייסט, אז זי איז מיר געבליבן געטריי דורך די אלע יארן.

איך בין געווען זיכער, אז ציפקע האט שוין לאנג חתונה געהאט און אז זי האט שוין אפשר עטלעכע קינדערלעך, און דא ווער איך גאר געוואויער, אז זי איז אין ניקאלאיעוו, זי ווארט אף מ י ר...

די ידיעה האט אין מיין מוח געוועקט געדאנקען און זכרונות; אט האב איך זיך ווידער געזען, ווי איך באגלייט ציפקען אהיים און איך האב איבערגעפילט ווי עס האט אין מיר אויפגעוואכט די נאגנדיקע בענקעניש און ווי מיר האבן זיך ארומגעכאפט און מיר האבן זיך אזוי לאנג געקושט און פלוצלינג האב איך אנשטאט ציפקען, דערזען פאנין, זי האט פארנומען איר פלאץ און אזוי האבן זיך אין מיין הארץ אנגעהויבן ראנגלען די געפילן, דא האט פאני גענומען דעם אויבנאן און באלד האט ציפקעס בילד אויפגעלויכטן און מיר האט זיך אויסגעוויזן, אז איך בין צו איר פיל מער פארפליכטעט ווי צו פאנין און אין אט די ראנגלעניש, האב איך זיך ארומגעדרייט אין נאוועבוג א שווייגנדיקער און אן אומעטיקער, איך האב צו קיינעם נישט אויסגערעדט קיין ווארט, ביז איך האב באשלאסן, אז איך דארף אוועקפארן, אויפזוכן א טרופע און זען ווידער עפעס צו טאן.

פון עמיצן האב איך זיך דערוואוסט, אז די קאמינסקי־טרופע שפילט אין קיעוו און נישט טראכטנדיק קיין סך, בין איך געפארן קיין קיעוו. דארט האב איך זיך דערוואוסט, אז אין קיעוו גופא האט מען דער טרופע נישט דערלויבט צו שפילן, שפילט זי אף דער סלאבאדקע, וואס איז איבערן וואסער, נעבן קיעוו, וואו אידן מעגן וואוינען.

מען האט מיר באלד אנגעוויזן וואו עס וואוינט דער דירעקטאר קאמינסקי, איך בין צוגעקומען אפן אנגעוויזענעם אדרעס, און האב געזען, אז עס איז א פריוואט הויז, נישט קיין האטעל. איך האב אנגעקלאפט און בין אריין. איך קוק זיך אום און זע ווי א הויכע שלאנקע פרוי שטייט נעבן דער קיך און לויט מיר האט זיך אויסגעוויזן, איז זי געווען אין אנדערע אומשטענדן און אנגעטאן איז זי געווען פשוט, אזוי ווי עס פאסט זיך באם קאכן.

— וואוינט דא דער דירעקטאר קאמינסקי? פרעג איך און איך באמערק דערוויל, אז די פרוי איז נישט קיין שיינע, נאר מיט א גאר באזונדערן חן און הערנדיק מיין פראגע, גיט זי א באחנטן שמייכל און ענטפערט: — דאס בין איך די דירעקטארשע. ווער זייט איר?

איך שטעל זיך פאר און דערציילנדיק וועגן די דירעקטארן מיט וועלכע איך האב שוין געשפילט, טראכט איך דערוויל, אז אפנים די קאמינסקים גייען אויך נישט אזוי פויגלדיק די געשעפטן, אויב די דירעקטארשע אליין דארף שטיין בא דער קיך און קאכן...

באַלד איז אויך אָנגעקומען דער דירעקטאָר און דערהערנדיק מיין נאָמען, האָט ער זיך דערפרייט, ער האָט שוין געהערט וועגן מיר און ער האָט מיך פאַרבעטן צום טיש און צו מיין פרייד, האָב איך זיך באַלד דערוואוסט, אַז אויך דראַנאָוו איז באַ קאַמינסקין אין טרופּע און איך וועל זיך שוין דאָ קענען פילן ווי אַן אייגענער.

דעמזעלבן אָוונט האָט מען באַדאַרפט שפּילן „יוסף און זיינע ברידער" און דער דירעקטאָר לייגט מיר פאָר, אַז איך זאָל זיך מיטבאַטייליקן. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. איך האָב זיך פריער געוואָלט באַקענען מיט דער טרופּע און אגב, האָב איך זייער שטאַרק געוואָלט זען שפּילן אסתּר־רחלען, וועגן וועלכער איך האָב שוין אַזויפיל געהאַט געהערט און מיט־שפּילנדיק, וואָלט איך נישט געקאָנט גענוג אָבסערווירן ווי זי שפּילט.

„יוסף מיט זיינע ברידער" איז געווען אַן אָפּערעטע, איך האָב זי גע־קענט און איך בין געווען נייגעריק וואָס פאַרא ראָל אסתּר־רחל דאַרף שפּילן און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז זי דאַרף שפּילן „זליכה", פּוטיפרס ווייב...

ווען איך האָב זי דערזען דערשיינען אַף דער בינע, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקאָנט גלויבן, אַז דאָס איז דיזעלבע פרוי און מוטער, וואָס איך האָב ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק געזען שטיין באַם אויוון און קאָכן...

זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די אימפּאָזאַנטקייט אַליין. עס האָט עפּעס אָנגעווייעט מיט פּערזענלעכקייט און אירע מאַנירן און באַוועגונ־גען זיינען געווען אַזעלכע אויסערגעוויינלעך געמאָסטענע, אַז זיי האָבן געווירקט ווי אַ כשוף, אַז מען זאָל פון איר נישט קענען אַראָפּנעמען דעם בליק. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, האָב איך געפילט אַזאַ מין געװנום און אין מיין באַוואונדערונג פאַר איר, האָב איך געפילט, אַז די אויגן פילן זיך מיר אָן מיט טרערן און אָט האָב איך געמוזט ווישן אַ טרער. אין מיין באַגייסטערונג, האָב איך זיך אינגאַנצן פאַרלוירן; איך האָב דוכט זיך דעמאָלט מער אַפּלאָדירט ווי אַלע אין סאַלאָן און איך האָב נאָך דער פאָרשטעלונג געזוכט ווערטער מיט וועלכע זי צו באַגריסן, אָבער צו אָרים איז געווען מיין שפּראַך צו קענען אויסדריקן דעם היילִיקן ציטער וואָס זי האָט אין מיר דערוועקט. דאָס איז געווען מיין ערשטע דערקענטעניש, אַז טעאַטער שפּילן, מיינט קונסט. אַז טעאַטער שפּילן איז נישט גלאַט אַן אַרבעט וואָס יעדער קאָן זיך נעמען דערצו, נאָר מען מוז דערצו זיין אַן אויסדערוויילטער, אַ טאַלאַנט, וואָס איז געבענטשט פון גאָט, צו קענען נישט בלויז שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן, נאָר אויך אַרויסהויבן די מאַסע פון דער פינצטערניש, צו ליכטיקער דער־הויבנקייט...

זעענדיק אסתר־רחלען שפּילן, האָב איך ערשט געזען, אַז איך אַליין האָב נאָך גאָרנישט דערגרייכט און אַז איך דאַרף זיך ערשט נעמען פעסט אין דער האַנט אַריין, כדי צו פאַרדינען דעם נאָמען אַקטיאָר. איך האָב ערשט איצט געזען, אַז ביז היינט, איז מיין אַרבעט אין די פאַרשידענע טרופּעס, געווען אַ פּראָסטער צייט־פאַרלוסט און אַן אָפּנאַרן זיך אַליין און די דערקענטעניש, אַז איך האָב זיך ביז היינט אַליין גענאַרט, האָט מיך געמאַכט טראַכטן, טראַכטן און טראַכטן, ווי אַזוי איך זאָל זיך איצט לאָזן אַף אַן אַנדער וועג, וואָס זאָל פאַר מיר אויך עפענען די שיינע קינסט־לערישע הימלען צו גאָטס גענאָד...

אַפּצומאָרגנס האָט קאַמינסקי מיט מיר געמאַכט אַ שמועס, ער האָט געוואָלט מיר געבן אַן אויפטריט אין דער הויפּט־ראָל פון „בעל תשובה" און באַלד האָט מען געמאַכט אַ גרויסן פּלאַקאַט מיט מיין נאָמען, אין וועלכן מען טיילט מיט, אַז איבערמאָרגן טרעט אויף דער גאַסט צום ערשטן מאָל.

דערווייל, האָט זיך דראַנאָוו פאַר מיר געקלאָגט, אַז דער דירעקטאָר גיט אים כסדר צו פילן, אַז ער איז נישט כשר פאַר דער נאַטשאַלסטוואָ און דאָס האָט מיר גאָר אַראָפּגענומען דעם קאָפּ, ווייל איך האָב גאָר־וואָס גערעכנט זיך צו פאַרטרויען פאַרן דירעקטאָר וועגן מיין לאַגע, כדי ער זאָל מיך וויסן ווי אַזוי צו באַשיצן און דאָ נאָדיר גאָר אַ נייעס, איך זאָל ווידער מוזן דינען ווי אַ שקלאַף צוליב מורא, אַזוי ווי בא סאַבסייען...

וואָס דראַנאָוו האָט מיר דערציילט, האָט מיך אינגאַנצן צעטרייסלט און די שרעק מיינע, האָט מיך אַפילו נישט געלאָזן אַ טראַכט טאָן, אַז אפשר איז עס גאָרנישט אַזוי געפערלעך ווי דראַנאָוו שטעלט עס פאַר מיר פאָר און איך האָב שוין אַליין אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי איך קאָן זיך דאָ אַרויסדרייען פון דעם גאַנצן עסק און ווי שטאַרק עס גלוסט זיך מיר צו שפּילן אין איין טרופּע מיט דער גרויסער קינסטלערין אסתר־רחל, ווייל איך זיך אָבער נישט פאַרשקלאַפן ווי אַמאָל און נישט לאַנג געטראַכט, הערנדיק אַז דראַנאָוו וויל אַוועקפאָרן, זאָג איך אים באַלד, אַז איך פאָר אויך...

איך בין דעמאָלט אַרומגעפאָרן אַף אַ פרעמדן „אַפּיס" (אַפּשריפט). אַן אַפּיס, האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד געהייסן, אַן אַפּשריפט פון דער פּאַסט, אַ מין באַשטעטיקונג, אַז מען האָט אַוועקגעשיקט דעם אמתן פּאַס אין דער גובערניע־שטאָט און דער אַפּיס האָט דערווייל געדינט אַזוי ווי דער אמתער פּאַס, ביז עס איז אָנגעקומען פון גובערניע דער אמתער פּאַס אַ פאַרלענגטער.

אַף מיין אָפּים, האָב איך געהייסן משה פישמאַן. אַחוץ מיין „אָפּים" האָב איך געהאַט מיט זיך נאָך אַ פרעמדן פּאַס אַפן נאָמען פון מיין שוואָ־גער — שלמה טאַנקילעוויטש. דעם פּאַס האָב איך דערוויייל געהאַלטן גלאַט אַזוי, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, ווען מיין אָפּים וועט שוין זיין צו אַלט, וועל איך קענען אַוועקשיקן מיט דער פּאָסט מיין שוואָגערס פּאַס און באַ־קומען אַ נייעם אָפּים...

אַזוי ווי דראַנאָוו האָט נישט געהאַט קיין שום שטיקל פּאַפּיר, האָב איך אים געטרייסט און געגעבן מיין שוואָגערס פּאַס און זאָג אים: — גיי אַף דער פּאָסט און שיק אים אַוועק, ווערסטו האָבן אַן אָפּים פּונקט אַזוי ווי איך. נאָר געדענק, אַז פון איצט אָן, הייסטו נישט מער דראַנאָוו, נאָר דיין נאָמען איז ש ל מ ה ט אַ נ ק י ל ע ו ו י ט ש . . .

אַבי דראַנאָוו האָט שוין געהאַט דעם אָפּים, האָב איך זיך נישט גע־ציילט דערמיט וואָס עס הענגט איבער אַלע גאַסן דער טעאַטער אַפיש מיט מיין נאָמען און איך דאַרף מאָרגן אויפטרעטן, איך האָב זיך „אַרויסגע־גליטשט" פון דער טרופּע און אָט זיץ איך שוין צוזאַמען מיט דראַנאָוון אַף אַ שיף און מיר פאָרן קיין פּ ע ר י אַ ס ל ע ו ו, פּאָלטאַווער גו־בערניע.

אַפן וועג, האָבן מיר זיך אָפּגעשמועסט, אַז מיר וועלן זיך פאַרשטעלן אַלס אָפּערן־זינגער און מיר וועלן געבן קאָנצערטן. — איך מיט מיין באַס, זאָגט דראַנאָוו, און דו מיט דיין באַריטאָן, וועלן מיר קענען קערן וועלטן און עס וועט זיין אַ לעבן און מיר וועלן זיין באַלעבאַטים פאַר זיך אַליין און קיינער וועט איבער אונז נישט הערשן.

און מיר שווימען מיט דעם שיפל אַפן וועג קיין פּעריאַסלעוו און מיר חלומען איבערן גאַנצן וועג שיינע חלומות...



# פופצנטער קאַפּיטל

„צוויי אַפּערע־זינגערס זיינען געקומען". — דער „איספּראַווניק" אנערקענט נישט די „אַפּיסן". — מיר פאָרן אַוועק מיט גאָרנישט און דראַנאָוו פאַרלאָזט מיך. — אייזיק סאַבסיי מיט זיין טרופּע. — אַ דייטשער שוואַרץ־קינצלער מיט זיין פאַמיליע. — אַ געשלעג מיט ציגיי־נער. — מיר פאָרן קיין באַיסלעוו.

אַנקומענדיק קיין פּעריאַסלעוו, האָבן מיר זיך געהייסן צופירן צו דעם שענסטן האָטל פון שטעטל.

עס איז געווען אַ שיינער זומער־טאָג, עס איז שוין נאָכמיטיק, רוען מיר זיך אַביסל אויס אין אונדזער האָטעל־צימער און דערווייל איז צוגע־פאַלן די נאַכט.

די פענצטער פון אונדזער האָטעל־צימער שטייען אָפן און מירביידע פילן זיך גוט אָפן הארצן און מיר צעזונגען זיך אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין, ער אָפּן באַס און איך לאָז הערן מיין באַריטאָן און עס דויערט נישט לאַנג, שטייט שוין דאָס גאַנצע שטעטל אונטער אונדזערע פענצטער און מען קאָמענטירט שוין אין שטעטל און מען שושקעט זיך איבער: — צוויי אָפּערן־זינגער זיינען געקומען.

עטלעכע אינטעליגענטן פון שטעטל, דער אַפּטייקער, דער לערער און נאָך אַזעלכע, האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר און אריינגעקומען און זיך פאַר אונז פאַרגעשטעלט מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ, אויסדריקנדיק זייער באַוואונדערונג פאַר אונדזע־רע שטימען און זיי האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז אַ קאָנצערט אונדזערער, וועט זיין אַ געזיכערטער דערפאָלג.

די אינטעליגענטן האָבן אונדז אָנגעוויזן אַף אַ סאַלאָן און אונדזער האָפענונג אַף אַ דערפאָלג האָט אונדז אַנטקעגנגעשמייכלט.

דערווייל האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט און אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַרן ערשטן קאָנצערט, געמאַכט דעם טעקסט פאַר אַ גרויסן פּלאַקאַט און גאַנץ פרי, האָט זיך מיין חבר דראַנאָוו אָנגעטאָן זיין שוואַרצן אַנצוג מיטן

צילינדער אַפן קאָפּ, מיטגענומען אַ בוך מיט געדרוקטע צענזורירטע רוּ־סישע לידער שוין צוזאַמען מיט די נאָטן און דעם אָנגעשריבענעם פּלאַ־קאַט און איז אַוועק צום איספּראַווניק, בעטן אַ דערלויבעניש.

דער איספּראַווניק האָט אים זייער פֿיין אויפגענומען, ער האָט אַפילו אויסגעדריקט זיין גרויסע פרייד, וואָס ענדלעך קומען אויך אין זיין שטעטל זינגערס, וואָס וועלן אַביסל פאַרטרייבן דעם אומעט. דאָס זאָגנדיק, באַ־טראַכט דער איספּראַווניק דעם פּלאַקאַט און ער פרייט זיך זייער מיט אונדזער פּראָגראַם, אָבער פאָרמאַליטעטן, איז פאָרמאַליטעט און ער הייסט זיך ווייזן דעם פּאַספּאָרט.

מיין חבר דראַנאָוו דערלאַנגט דעם איספּראַווניק דאָס שטיקל פּאַ־פּירל, דעם „אָפּיס“, נאָר פאַר דעם איספּראַווניק איז דאָס צו ווייניק, — עס איז דאָ זייער שטרענג, פאַרענטפערט ער זיך, און אַף אַ בלויזן „אָפּיס“ טאָר מען דאָ נישט וואוינען און פלוצלינג גיט ער אַ פרעג מיין חבר: — „קאַק וואַס זאַוואוט?“ (ווי הייסט איר?) און מיין איבערגעשראָקענער חבר האָט אוודאי פאַרגעסן דעם „מה שמך“ און וויפיל ער ברעכט זיך דעם קאָפּ, ער קאָן זיך בשום אופן נישט דערמאָנען און ענדלעך בליצט אים אויף דער נאָמען און ער רופט אויס: — ש ל מה ט אַ נ ק י ל ע־וו י ט ש ! . . . עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט, דער איספּראַווניק האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס מוז נישט זיין זיין ריכטיקער נאָמען און זיין העפלעכקייט איז ווי אָפּגעווישט געוואָרן פון זיין פּנים.

דראַנאָוו פּרוּווט זיך פאַרענטפערן, אַפּעלירן, שווערן, אַז אַט אַט, און עס וועלן אָנקומען די ריכטיקע פּעסער, וועלן מיר אים באַווייזן, אָבער מיט יעדן וואָרט וואָס דראַנאָוו רעדט און בעט, מאַכט ער נאָך ערגער און דער איספּראַווניק ווערט שוין גאָר שטרענג און ער זאָגט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק זיינען אַנטלאָפן פון אַ תפיסה עטלעכע געפערלעכע פאַרברע־כער, ווער ווייס, צי זייט איר נישט פון זיי?...

דראַנאָוו פאַלט שיר-נישט אין חלשות, ער באַמיט זיך צו באַהערשן, ער פּרוּווט זיך נאָך מוטיקן און פּרוּווט נאָכאַמאָל בעטן און אַפּעלירן, נאָר עס העלפט נישט, דער איספּראַווניק הייסט אים בלייבן, ער הייסט אים אַוועקזעצן אין פאָדערצימער און וואַרטן, ביז ער וועט אים רופן.

ווייזט אויס, אַז דער איספּראַווניק האָט נישט געטראַכט אַפילו, אַז דראַנאָוו קאָן זיין איינער פון די אַנטלאָפענע פאַרברעכער און דאָס האָט ער אים געהייסן אַוועקזעצן אין פאָדערצימער און וואַרטן, כדי צו זען, צי דער פויגל וועט נישט פּרוּוון צו מאַכן די פּליטה, און פאַרשטייט זיך, אַז דראַנאָוו האָט אַפילו נישט געטראַכט פון אַנטלויפן, ער איז געזעסן און געוואַרט אין געהאַקטע צרות און איז שוין געווען זיכער, אַז קיין גוטס דערוואַרט אים דאָ זיכער נישט...

דער איספּראַווניק איז מכל־מרשט אַרויס אױפֿן הויף און געלאָזן דראַגאָון אַף גאַטס באַראַט, אָבער דראַגאָו האָט זיך ניִשט גערירט פון אָרט און ווען דער איספּראַווניק איז ווידער פאַרביי־געגאַנגען פאַר אים, האָט ער זיך נאָכאַמאָל געפּרואווט בעטן: — איידעלער פּריץ... מיר האָבן דאָך געמאַכט אַזויפיל הוצאות... טו אַ טובה צוויי גוטע, נאָר אָרימע זינגער... דערלויבט אונדז כאָטש דורכפירן דעם איינאונאיינציקן קאָנצערט... דערווייל וועלן דאָך זיכער אָנגקומען אונדזערע פּעסער...

דער איספּראַווניק האָט דורכגענומען דראַגאָון מיט זיינע פּאָליציישע בליקן און ער האָט שוין באַ זיך באַשלאָסן, אַז דאָס איז ניִשט קיין פאַרברעכער, נאָר טאַקע עפּעס אַן אָרים זינגערל, פונדעסטוועגן, אַ דערלויבעניש צו געבן אַ קאָנצערט, דאָס קאָן ער ניִשט געבן; אין דעם שטעטל, איז דאָס זייער שטרענג און ער היט די געזעצן...

דער איספּראַווניק רופט אַריין דעם אוריאַדניק און באַפעלט אים, אַז ער זאָל מיט דראַגאָון גיין אין האָטעל און רעווידירן דעם צווייטנס פאַפּירן (דאָס מיינט מען מיינע פּאַפּירן) און אויב ער וועט עפּעס געפינען ניִשט אין אָרדענונג, זאָל ער אונדז ביידן אַרעסטירן און ברענגען צו אים. און אויב דער צווייטער האָט ניִשט מער ווי אַ בלויזן פּאַס, איז עס פאַר זיין שטעטל ניִשט גילטיק, זאָלן בײדע באַלד פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

פון דעם באַפעל, איז דראַגאָון לייכטער געוואָרן אַפן האַרצן. זאָל זיין אָוועק פון שטעטל, אַבי ניִשט צו בלייבן אין דעם העק אַרעסטירט...

איך זיץ אין האָטעל באַם פענצטער, קוק אַרויס און איך בין שוין אַביסל אומרואיק וואָס דראַגאָו זוימט זיך אַזוי לאַנג און ענדלעך דערזע איך אים פונוויטן, נאָר ווי, ווי, ער גייט ניִשט אַליין, ער גייט באַגלייט פון דעם אוריאַדניק. איך זע שוין, אַז אונדז האָט דאָ געטראָפן אַן אומגליק און איין גאָט ווייסט, וויאַזוי מיר וועלן דאָ אַרויס...

מיין חבר גיט מיר אַף גיך איבער וואָס דאָ איז געשען און ווען איך הער וועגן אָוועקפאָרן, ווערט מיר שוין לייכטער, זאָל זיין אפילו שוין און צופוס, אַבי ניִשט דאַרפן דאָ בלייבן אַלס אַרעסטאַנטן.

דער אוריאַדניק פרעגט מיט ווי איך הייס און איך זאָג אים שנעל: — משה פישמאַן און איך נעם אַרויס דעם אַפּיס און דערלאַנג אים, ער גיט אַ קוק: — יאָ, עס שטימט. אָבער, אַן אַפּיס, זאָגט אונדזער איספּראַווניק, איז דאָ ניִשט גילטיק און איר מוזט גלייך פאַרלאָזן אונדזער שטעטל...

מיר נעמען זיך באַלד פּאַקן אונדזערע זאַכן, דערווייל קומען ווידער צו אונדז די אינטעליגענטן פון שטעטל, דער אַפּטייקער מיטן לערער, זיי ווייסן שוין וואָס מיט אונדז איז געשען און זיי דריקן אונדז אויס באַדויערן און זיי בעטן אונדז, אַז ווי נאָר מיר וועלן באַקומען צוגעשיקט אונ-

דזוערע פּעסער, זאָלן מיר למען־השם נישט פאַרגעסן אָן זייער שטעטל, נאָר צוריקומען און אָפּגעבן אונדזער אַנאָנסירטן קאָנצערט...

מיר פאָרן. — וואוהין? מיר ווייסן אַליין נישט, אבי קודם אַרויס פון שטעטל, וואו עס דראָט אונדז תפיסה...

ווען געבן קאָנצערטן אין אַן אַנדער שטעטל, וועגן דעם האָבן מיר שוין אַפילו נישט געטראַכט און דראַנאַוו האָט גאָר פאַרטראַכט אַ פּלאַן, אַז ער וועט נאָכזוכן וואו עס שפּילט ערגעץ אַן אָפּערע, און ער וועט זיך מעלדן אין כאָר און אפשר וועט גאָר געשען אַ גליק און ער וועט נאָך ווערן אַן אָפּערן־זינגער...

איך קוק אָף אים, איך מיין, אַז דאָס ווילט ער זיך אַזוי אין אונדזער שווערער לאַגע, נאָר ניין, דראַנאַוו ווילט זיך נישט, ער מיינט עס ערנסט און ער גלויבט אין חלומות און אין איין שטעטל געזעגנט ער זיך מיט מיר און פאָרט אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג וואו מיר האָבן געהאַט באַשטימט צו פאָרן און איך בלייב איינער אַליין, אין דער פרעמד און איך הויב נישט אָן וויסן וואו זיך צו קערן און ווענדן.

דערווייל זע איך אידן און איך הויב אָן ריידן און איך דערוויס זיך, אַז אין אַ צווייטן שטעטל נישט ווייט, געפינען זיך אידישע אַקטיאָרן.

פאַרבריינג איך נישט קיין צייט, איך כאַפּ זיך אַריבער אין דעם צווייטן שטעטל און טרעף דאָרט א י י ז י ק ס א ב ס י, טאַקע דוד סאַבסיים, דעם דירעקטאָרס אַ ברודער. ער איז דאָרט מיט אַ פרוי וואָס זעט אוים צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי ער און ער נעמט מיך אויף זייער פריינדלעך, ער דערלאַנגט מיר זיין האַרטע אויסגעאַרבעטע האַנט (ער איז פריער פון פאַך געווען אַ קאָוואַל), ער שמייכלט צו מיר און שטעלט פאַר מיר פאַר אַ הויכן דייטש און דערקלערט מיר, אַז דאָס איז זיין שותף, ער איז אַ פאַקוסניק, ער איז דאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי, וועלכע העלפט אים אין זיין שוואַרץ־קינצלעריי, נאָר שרעקט זיך נישט, זיי זיינען טאַקע דייטשן, נאָר איר מעגט צו זיי ריידן אידיש פונקט אַזוי ווי צו מיר...

איך האָב זיך שנעל באַקענט מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע און איך האָב באַלד געזען, אַז דאָס דייטשע פאָרל פאַרשטייט טאַקע בעסער אי־דיש פון אונדזערע אידישע אַקטיאָרן וואָס האָבן כסדר געשפּילט אָף „דייטש" און איך האָב געזען, אַז דאָס דייטשע פאָרל פירט מיט זיך מיט אַ סך קינדערלעך, אַזעלכע ליכטיק־בלאָנדע און מערסטנס מיידעלעך, איינס קלענער פון אַנדערן.

אַלס געוועזענער אַקטיאָר פון זיין ברודער דודס טרופּע, בין איך בא אים געווען אַ חשובער גאַסט און ער דערציילט מיר, אַז זיי זיינען ערשט היינט אָנגעקומען אין דעם שטעטל און מאָרגן דאַרפן זיי געבן די ערשטע

פאַרשטעלונג; ער, אייזיק מיט זיין ווייב, וועלן מאַכן די קאָמעדיע אַף אידיש-דײטש און דערנאָך מאַכט דאָס דײטשע פּאָרל זייער קונץ אַף זייער ספּעציעלן אופן... פונדעסטוועגן, זאָגט אייזיק צו מיר, אויב איר ווילט, קאָנט איר זיך מיטבאַטייליקן אין דער פאַרשטעלונג. וועט זיין נאָך אײנער...

בלייבט עס אַזוי. מאָרגן באַטייליק איך זיך אויך, איך האָב די לידער וואָס איך האָב באַדאַרפט קאָנצערטירן מיט זיי צוזאַמען מיט דראַגאָון, וועל איך דערווייל דאָ אַביסל אַראָפּפּאַרקויפן פון מיין סחורה...

אָט איז צומאָרגנס, מיר גייען צו דער פאַרשטעלונג. אייזיק מיטן ווייב האָבן דערעפנט דעם גרויסן אָוונט, זיי זיינען דערשינען אַף דער בינע און עפּעס גערעדט צווישן זיך, וואָס עס איז שווער געווען צו כאַפּן אַ וואָרט און דערנאָך האָט אייזיק אַליין גענומען דערלאַנגען און ענדלעך האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ ליד און די רייע איז געקומען צו מיר.

איך האָב געזונגען צוויי לידער און וועדליק אַזאַ קליין פּובליקום, זיינען די אַפּלאָזן געווען צו שטאַרקע און אייזיק סאַבסיי האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט: — גוט, זייער גוט! אויסגעצייכנט!...

איצט איז געקומען די רייע צום דייטשן פּאָרל.

אַף שנעל האָט מען די גאַנצע בינע באַהאַנגען מיט שוואַרצע טיכער און באַם פראָנט פון בינע האָט מען אַוועקגעשטעלט בלעכערנע ראַמפּעס וואָס האָבן געגלאַנצט ווי שפּיגלען און אין די ראַמפּעס האָבן געברענט קעראָסין-לאָמפּן און די ראַמפּעס האָבן די גאַנצע ליכט אָפּגעשפּיגלט צום פּובליקום, אַזוי, אַז די בינע איז געבליבן ווי אַ פינצטערער חלל, און בלויז אַ ווייסע זאַך האָט זיך געקאָנט אָנזען.

און די קונץ הויבט זיך אָן. דאָס מעבל וואָס איז געשטאַנען אַף דער בינע, איז געווען הייס. דעם דייטשס פּערצן-יעריק מיידל, איז געווען אָנגעטאָן אינגאַנצן אין שוואַרצן און זי איז געבליבן אַף דער בינע אינגאַנצן אומבאַמערקט. דער דייטש אַליין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פראַק און אַף זיין באַפעל האָט געטאַנצט דאָס טישל און די בענקלעך און דער עולם האָט געיובלט פון פרייד און נישט וויסנדיק, אַז דאָס אַלץ טוט דאָס נישט-זעבאַרע מיידל, האָבן זיי אָנגענומען דעם דייטש אַלס ערשטקלאַסיקן מכשף...

די פאַרשטעלונג איז דורך מיט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג, נאָר פאַרדינט האָט מען — אַ מכה...

אייזיק האָט אָבער דעם מוט נישט פאַרלוירן. — נאָך דעם היינטיקן פוראַר, וועט אַוודאי אַ צווייטע פאַרשטעלונג ברענגען אַ גאָר גרויסן עולם. און ער גרייט אַ צווייטע פאַרשטעלונג און טראַכט שוין וועגן צוגעבן

עפּעס אַ ספּעציעלן נומער צום פּראָגראַם, וואָס זאָל נאָך מער פאַרשטאַרקן די אַטראַקציע און מיר ווייסן גאָרנישט, אַז עס לויערט אַף אונדז אַן אומגעריכטער אומגליק.

אין זעלבן איינפאָר־הויז וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען, האָבן זיך פלוצלינג געיאָוועט ציגיינער. עטלעכע פורן פול אָנגעפּאַקטע מיט ציגיינער, ציגיינערטעס, גרויס און קליין און ווי נאָר זיי זיינען געקומען, האָבן זיי זיך גענומען צום ביטערן טראָפן און עס איז געוואָרן פריילעך.

צווישן די ציגיינער, האָט זיך געפונען איינער, אַ רויטער ציגיינער. פונוואַנען עס נעמט זיך אַ רויטער ציגיינער, בעת ציגיינער זיינען געווינלעך זינט ששת ימי בראשית שוואַרצע, דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט, נאָר געזען האָבן מיר, אַז דער רויטער ציגיינער, איז צווישן זיין שוואַרצער באַנדע, דאָס כפרה־הינדל, וואָס יעדער פון די שוואַרצע, איז־דעקעוועט זיך איבער אים און גרויס און קליין שלאָגט אים כסדר אָן אַ פאַרוואָס.

די ציגיינער האָבן געגעסן און געטרונקען און שפּעטער האָבן זיי בלויז געטרונקען און זיי האָבן זיך צעוואַרימט און זיי זיינען געוואָרן לוסטיק און לעבעדיק, און פלוצלינג האָט זייער עלצטער אַרויסגעלאָזן אַ פייף און אַלע זיינען אויפגעשפּרונגען און זיך אַרויסגעלאָזן אַפן הויף און אין איילעניש זיך אַרויפגעכאַפּט אַף די פורן און עס איז אונדז געוואָרן אַביסל לייכטער אַפן געמיט, זעענדיק, אַז די ציגיינער פאָרן שוין מיט מזל אוועק.

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז איין ציגיינער, אַ הויכער געזונטער ברייטביינעקער יונגאַטש מיט פעך־שוואַרצע קודלעס, האָט זיך געוואָרפן אַף דעם רויטן און אים גענומען אַזוי ממיתן, אַז עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט שוין פון אונטער זיינע הענט נישט אַרויסקומען קיין לעבעדיקער.

מיר האָבן צוגעזען ווי חער געזונטער ציגיינער ממיתט דעם רויטן, ווי ער ליגט אַף אים און שלאָגט אים מיט אַלע כוחות איבערן קאָפּ און דאָס האָט אייזיק שוין נישט געקאָנט פאַרטראָגן און ער איז צו און דערלאַנגט מיט זיין אייזערנער קאַוואַלסקיע האַנט אַזאַ זעץ דעם שוואַרצן ציגיינער, אַז יענער איז אַף אַ ווייל געבליבן ווי געפּלעפּט.

אָבער ער האָט זיין רויטן קרבן נאָך אַלץ נישט אָפּגעלאָזן און דאָ האָב איך שוין אויך געוואָלט באַווייזן, אַז איך בין נישט פון די מפּיל־קינדער און האָב אויך גענומען דערלאַנגען דעם שוואַרצן ציגיינער און דאָס זעענדיק, האָט אויך דער דייטש נישט געוואָלט אָפּשטיין פון כלל און אַזוי האָבן מיר זיך גענומען אַף דעם שוואַרצן ציגיינער, אַראָפּגעריסן אים פון זיין קרבן, נאָר דערווייל האָבן זיך עטלעכע ציגיינער אומגעקערט און זעענדיק וואָס דאָ טוט זיך, האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר זייער שוואַרצן חבר און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אמתע געשלעג.

דערזעענדיק צו וואָס עס האָט דערפירט זיין אָננעמען זיך, האָט זיך איזיק שנעל צוריקגעצויגן און איך, מורא האָבנדיק פאַר מיין פאַלשן פּאַספּאָרט, האָב אויך אָפּגעצויגן, נאָר בלויז דער דייטש, ער פאַרשטייט נישט קיין חכמות, ער האָט געכאַפּט אַ שטיק דראָנג און נעמט זיך שלאָגן מיט דער גאַנצער ציגיינער-באַנדע.

דערווייל איז אָנגעקומען דעם דייטשס בלאָנדע הויכע ווייב און דער־זעענדיק איר מאַן אַ צעבלוטיקטן און צעהרגעטן, איז זי אַרויס אַף דער גאַס און אָנגעהויבן שרייען מיט די העכסטע קולות און דווקא אַף אידיש, אַף ריינעם מאַמע-לשון: — אידן, רחמנים! ראַטעוועט מיין מאַן, דעם טאַטן פון מיינע הונגעריקע קליינע קינדערלעך!...

און שטעטלשע אידן האָבן זיך אַרויסגעלאָזן, עס זיינען געקומען די קצבים-יונגען, קאַוואַלעס, בעקערעס, שניידער און שוסטער און עס איז אויסגעבראָכן אַן אמתע מלחמה צווישן דער באַנדע ציגיינער מיט אַלע אידן פון שטעטל.

צוויי שעה אַפּן זייגער האָט אָנגעהאַלטן די מלחמה און מען האָט נישט געזען קיין פּאָליציאַנט פאַר די אויגן און נאָר מיט נסים, ווי אַזוי די מלחמה האָט פּשוט פון זיך אַליין אויפגעהערט און די ציגיינער זיינען צעקיילטע און צעביילטע אַרויף אַף די פורן און אַוועקגעפאָרן.

ווען מיר האָבן זיך ענדלעך באַרואיקט, זאָגט איזיק: — ניין, מיר וועלן שוין דאָ, אין דעם דאָזיקן צרהדיקן שטעטל נישט שפּילן... מיר וועלן בעסער פאָרן קיין באָיסלעוו (באָגוסלאַוו) וואָס אין קיעווער גובערניע.

הערנדיק דעם נאָמען פון דעם שטעטל וואו איזיק וויל מיט אונדז פאָרן, האָט עס מיר אַ פּאָך געטאָן אין הארצן. — דאָס איז דאָך מיין באָיסלעוו! איך בין דאָך אַ באָיסלעווער „מיעשטשאַנין"! און דאָרט אַהין האָב איך זיך דאָך באַדאַרפט צושטעלן צום פּריזיוו!...

איך האָב זיך אָבער אַליין געטרייסט, אַז קיינער קען מיך דאָרט נישט און מיט אַ באַרואיקטן געמיט זיינען מיר אַפּצומאָרגנס אַריינגעפאָרן קיין באָגוסלאַוו.



# זעכצנטער קאפיטל

מיט דעם פרעמדן „אפיס” אין מיין פריזיוו־שטאט. — א „לחיים” מיטן באיסלעווער פריסטאוו. — די דייטשקע שפילט „אבראמציו” פון דער „באבע יאכנע”. — מיין ליבע צו ציפקען צעפלאקערט זיך. — א זווג מן השמים. — איך פאר קיין אדעס צו דוד סאבסיי. — איך טרעף זיך ווידער מיט פאנין. — קאמינסקי וויל מיר נישט מוחל זיין. — א מחלוקה צוליב א ראל. — איך האב ווידער מורא פאר מסירות. — מיין אינערלעכער קאמף. — איך פארלאז פאנין אומגעזעגנט.

מיין אייזיק האט פארלייגט זיין „קרעמל” אין באיסלעוו און צו דער ערשטער פארשטעלונג איז דער סאמע פריסטאוו געקומען אונדז באוואונדערן.

איך האב געזונגען עטלעכע לידער פון מיין רוסישן רעפערטואר און איך האב נושא־חן געווען באם פריץ און נאך דער פארשטעלונג, האבן מיר געמוזט מיט אים פארברענגען און טרינקען מיט אים לחיים.

זיצנדיק אזוי, שוין האלב אונטער דעם רויש פון וויפלטן גלעזל, האב איך גאר געטראכט, וואס עס וואלט אזוי געווען, ווען דער פריץ דערוויסט זיך, אז פונקט דא, אין באיסלעוו, האב איך זיך באדארפט צושטעלן צום פריזיוו און אז איך לעב דא בלויז אף א פרעמד שטיקל פאפיר... טראכטנדיק וועגן דעם, האב איך זיך אנגעהויבן פילן וואויליונגעריש. דאס איז דאך באמת אן אויפטו! זיין אזוי טריפה, און דווקא זיצן מיטן סאמע פריסטאוו צוזאמען ביי א לחיים און לאכן פון דער וועלט!...

אזוי האב איך זיך אין באיסלעוו יעדן טאג אונטערגעהאלטן אין געזעלשאפט פון פריסטאוו, גערייכט אים די האנט באם באגעגענען זיך מיט אים און באם געזעגענען זיך מיט אים און געהייסן האב איך בא אים — גאספאדין פישמאן...

אייזיק האט איינגעזען, אז מען קאן נאך אין באיסלעוו עפעס פארדינען, נאר מען דארף אויפירן עפעס א רעכטע פיעסע און אים איז איינגעפאלן, אז די בעסטע זאך וואלט געווען אויפצופירן „די באבע יאכנע” (קאלדוניא”).

זייער גוט; אבער וואו נעמט מען מענטשן פאר דער פיעסע? ווי אזוי הויבט מען אן פארטיילן ראלן?

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז איך האָב זיך אין באַיסלעַוו באַקענט מיט אַ מיידל, וואָס האָט געקענט אַלע לידלעך פון „קאַלדוניאַ" פון אויסנווייניק. זי האָט זיי בלויז נישט אַזוי גוט געזונגען, אָבער דאָס איז דאָך שוין אַ קלייניקייט, אַבי זי זאָל נאָר וועלן מיטשפּילן מיט אונדז.

פּרואוו איך ריידן מיט איר און כאָטש זי האָט מורא זיך אונטערצונעמען, גיב איך איר צו מוט און זי קאָן מיר נישט אָפּזאָגן און איך לויף צו אייזיקן מיט דער גוטער בשורה, אַז מיר האָבן שוין אַ מירעלע.

אייזיק וואַרט שוין אויף גאָרנישט, ער הויבט אָן מאַכן די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם באַרימטן קונסטווערק פון א. גאָלדפאַדן — „די כישוף־מאַכערן" און ערשט דערנאָך, הויבט מען אָן טראַכטן, ווי אַזוי פאַרטיילט מען די ראָלן?

— איך, זאָגט אייזיק, וועל שפּילן די „באָבע יאַכנע"; מיין ווייב וועט שפּילן באַשען; דו, זאָגט ער צו מיר, וועסט שפּילן מאַרקוסן, דאָס מיידל — מירעלע און דער דייטש — האָצמאַכן...

— און ווער וועט שפּילן אַבראַמציו? פרעג איך און איך זע אַ נייע שטערונג, נאָר אייזיק שרעקט זיך נישט איבער און גיט אַ זאָג: — אַבראַמציו, וועט מוזן שפּילן די דייטשקע...

די ראָלן זיינען שוין אַלזאָ פאַרטיילט און מען טרעט־צו צו דער אַרבעט.

די שטאַל, אין וועלכער מיר האָבן איינגעאָרדנט אונדזער טעאַטער, איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט באַיסלעַווער אידן, אַז דער דאָך האָט אַזש געגומען שוויצן און מיר טרעטן־צו צו דער פאָרשטעלונג. די הויכע דייטשקע טוט אָן אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ צילינדער און הענגט זיך אָן אַ לאַנגע באָרד און אָט שטייט שוין אַן „אַבראַמציו" און די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן.

איך האָב דאָך מיטגעשפּילט אין דער פאָרשטעלונג און איך בין געווען פאַרנומען מיט זיך, פונדעסטוועגן האָב איך געפילט די אויסטערלישע אַנדערשקייט פון ד ע ר פאָרשטעלונג, קעגן די פאָרשטעלונגען אין וועלכע איך האָב זיך שוין געהאַט באַטייליקט מיט אַזויפיל דערפאָלג אין סאַבסיים טעאַטער און איך האָב אָנגעהויבן פילן, אַז דאָס איז דאָך פאָרט נישט ד אָ ס, צו וואָס איך האָב שוין פריער געהאַט דערגרייכט אין אַ שטילער וויטיק האָט גענאָגט מיין האַרץ.

נאָר פאַר באַיסלעַוו, איז עס געווען וואויל און פיין, דער עולם האָט געלעקט די פינגער און מען האָט זייער שטאַרק אַפּלאָדירט און מער פון אַלעמען, האָט אַפּלאָדירט דער פּריסטאַוו, וועמען עס איז אַגב זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן דאָס מיידל וואָס האָט געשפּילט מירעלען, נאָר

באַלד נאָך דער פאַרשטעלונג, האָבן זי אירע עלטערן אָפּגעפירט אַהיים און דער פּריסטאַוו האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אויסדריקן זיין באַוואונדערונג פאַר אייזיקס ווייב און נאָך מער, פאַר דער דייטשקע, ווי פיין איר האָט געפּאַסט די באָרד... און מיר האָבן געמוזט גיין טרינקען מיט אים לחיים...

נאָך דעם גרויסן „דערפּאָלג" פון אונדזער „קאָלדוניאַ", איז מיר עפּעס געבליבן ווי אַ ביטערער נאָך-טעם אין מויל און איך האָב זיך געפילט פּאַסקודנע.

איך האָב אָנגעהויבן איבערפילן אַלע ליידן און פיין וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין משך פון אַזויפיל יאָר, ביז איך האָב זיך שוין דער-שלאָגן צו רעכטע ראָלן און צו אַ שטיקל אָנזען אַלס אַקטיאָר, און פּלוצ-לינג — אַזאַ אַראָפּפאַלן!... ניין! איך טאָר דאָ לענגער נישט בלייבן! מיין פּלאַץ מוז זיין אין אַ טעאַטער מיט אַ טרופּע, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין!...

איך האָב געמאַכט אַן אָפּענעם שמועס מיט אייזיקן און אַ וואונדער-לעכע זאַך: ער האָט זיך צוגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט, געקוקט מיר אין די אויגן מיט באַדויערן און ענדלעך זיך אָפּגערופן:

— ביזט גערעכט, קינד מיינס. איך וועל דאָך דאַרפן ליידן אָן דיר... דו ווייסט דאָך, אָן דיר, בלייב איך דאָך ווידער מיט גאָרנישט, נאָר דאָ איז פאָרט נישט פאַר דיר... דו ביזט אַן אַקטיאָר און דו דאַרפסט שפּילן אין אַ טעאַטער. באַ מיר קאָנסטו גאָרנישט דערגרייכן און דו ביזט אַ יונגער בחור און דו דאַרפסט נאָך אַ סך דערגרייכן...

און איך האָב זיך מיט אייזיקן זייער האַרציק געזעגנט, איך האָב זיך אויך וואַרים געזעגנט מיט זיין ווייב, מיט דעם דייטש און מיט דער לאַנ-גער דייטשקע און אַפילו מיט אירע פילע קינדערלעך, די דייטשקעלעך און דייטשלעך און האָב זיך אַוועקגעלאָזן אויפזוכן די טרופּע פון דוד סאַבסיי.

דעם וועג וואָס איך האָב אונטערגענומען, האָב איך באַדאַרפט פאָרן איבער ניקאָלאַיעוו און פאָרנדיק אַזוי, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָרט דאַרף זיך געפינען ציפּקע, מיין ערשטע ליבע און עפּעס האָט מיך גענו-מען נאָגן אַ געפיל פון בענקשאַפט צו איר און עפּעס האָט מיך אָנגעהויבן פּלאָגן מיין געוויסן, וואָס איך האָב אָן איר צו שנעל פאַרגעסן... און איבערן גאַנצן וועג זיינען אין מיין מוח כסדר אויפגעשוואומען די בילדער אָט פון פאַנין און אָט פון ציפּקען און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ציפּקע מאָנט באַ מיר און אין אירע בליקן ליגט אַזויפיל גערעכטער צער און ווייטיק, זי האָט דאָך אַף מיר געוואַרט אַזויפיל יאָר! זי האָט דאָך מיך נישט פאַר-געסן אַזוי לייכטזיניק, ווי איך האָב אָן איר פאַרגעסן...

ווען איך האָב דערפילט, אַז אין מיין מוח גייט אויף אַ געדאַנק, אַז אויב איך וועל אין ניקאָלאַיעוו טרעפן ציפּקען, וועל איך שוין בלייבן מיט איר, האָב איך גענזוכט דעם געדאַנק צו פאַרטרייבן און איך האָב זיך געשטעלט אַ פראַגע: — און וואָס וועט זיין מיט פאַנין? און אין מיין האַרצן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַנגלעניש און אַט האָב איך שוין געהאַט באַשלאָסן פאַרבייצופאָרן ניקאָלאַיעוו און אפשר גאָר פאָרן איבער אַן אַנדער וועג, אויב אַזעלכער איז פאַראַן און איך האָב שוין געוואָלט אָנפרעגן וועגן דעם, אָבער פלוצלינג האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ הייסער געפיל פון בענקשאַפט נאָך ציפּקען און איך בין אַזוי באַהערשט געוואָרן פון די זכרונות ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַקענט, די הייליקע קינדער־יאָרן אונדזערע און ווי אַזוי איר שוואָגער האָט זי פון מיר אָפּגעריסן און זי האָט אַלע יאָרן געוואַרט אַף מיר, האָב איך שוין אויפגעהערט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער זיין אין ניקאָלאַיעוו און וואָס שנעלער אָפּזוכן ציפּקען...

איך בין צו ווייניק שרייבער, כדי צו קענען שילדערן מיין באַגעגעניש מיט ציפּקען.

דאָס איז געווען אַ באַגעגעניש פון צוויי יונגע לעבנסלוסטיקע מענטשן־קינדער, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט געפילט ווי צוזאַמענגעוואַקסן, נאָר דער אומדערבאַרימלעכער גורל, האָט זיי אַף כוח אָפּגעריסן איינס פון אַנדערן און אַט האָט דערזעלבער גורל זיי ווידער צוזאַמענגעבראַכט און זיי פאַראייניקט, כדי קיינמאָל מער זיי נישט צו צעשיידן...

אָנגעהויבן האָט זיך אונדזער באַגעגעניש מיט טרערן און געוויין און באַלד איז עס בא אונדז איבערגעגאַנגען צו פרייד און געלעכטער.

נאָך די ערשטע שטאַרקע איבערלעבענישן, האָב איך פאַר ציפּקען אויסגעגאָסן מיין האַרץ, איך האָב איר דערציילט וועגן מיינע איבערלעבענישן באַם טעאַטער, איך האָב איר דערציילט, וועגן מיינע אויפשטייגן און אַראָפּפאַלענישן און איך האָב איר דערציילט וויפיל מיר איז אויסגעקומען צו ליידן, צוליב מיין נישט צושטעלן זיך צום פריזיוו, וויפיל מיינע דירעקטאָרן האָבן אויסגענוצט מיין טרפהנע לאַגע פאַר זייערע פאַרדינסטן...

ציפּקע האָט זיך אין ניקאָלאַיעוו געפונען בא אירס אַ שוועסטער און עס איז איר גאַרנישט אַזוי גוט געווען בא איר און זי האָט אויך געעפנט איר האַרץ פאַר מיר און אויסדערציילט איר לאַגע און ענדלעך האָט זי מיר געזאָגט, אַז מיר דאַרפן ביידע אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער לאַנד, זאָל זיין קיין עסטרייך, דאָרט וועל איך נישט מורא האָבן צוליב מיין פריזיוו און דאָרט וועט זי אויך זיין ווייט פון אירע קרובים און זי איז גרייט

אַף אַלץ, זי איז גרייט צו ליידן די גרעסטע נויט, אַבי מיט מיר צוזאַמען און זי וויל טאַקע, אַז מיר זאָלן וואָס שנעלער פאַרווירקלעכן אונדזערע פּלענער...

ציפּקעס פּראָסטע נאָר ערלעכע ווערטער, האָבן אַף מיר אויסערגע-וויינלעך שטאַרק געווירקט און מיר זיינען טאַקע באַלד אַוועקגעפאָרן פון ניקאָלאַיעוו — גלייך קיין נאָוועבוג, צו מיין מאַמען.

מיין מאַמע האָט זיך מיט אונדז זייער געפרייט, זי האָט אין דער ווי-דער-באַגעגעניש אונדזערער, געזען אַ פינגער פון גאָט, אַז עס איז אַ זיווג מן השמים און אונדזער אָנקומען צו איר, איז געווען דער ערשטער און גרעסטער נחת, וואָס זי האָט דערלעבט בּאַ איר בנציונען.

אינדערהיים האָב איך זיך אָגב דערוואוסט, אַז עס זיינען פאַר מיר אָנגעקומען בריוו און טעלעגראַמעס; די מאַמע האָט זיך באַקלאָגט, אַז די טעלעגראַמעס זיינען אַלעמאָל אָנגעקומען פונקט אינמיטן דער נאַכט און מען האָט זיי איבערגעשראָקן אַף טויט... און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ גאַנץ פּעקל בריוו מיט טעלעגראַמעס, פון וועלכע איך האָב זיך דער-וואוסט, אַז מען זוכט מיך צו פאַרשידענע טרופּעס, מען דאַרף מיך האָבן און דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אַזויפיל פרייד, מיט אַזויפיל שטאָלץ, אַ קלייניקייט, מען זוכט מיך מיט טעלעגראַמעס, מען דאַרף מיך האָבן פאַר טעאַטער, עפּעס בין איך פאַרט, עפּעס מיין איך פאַרט פאַר דעם אידישן טעאַטער און מיין אַרבעט און מי און מיין איבערגעלעבטע פּיין, איז פאַרט נישט געווען אומזיסט...

איין טעלעגראַמע האָט מיך מער פאַראינטערעסירט ווי אַלע איבע-ריקע. דאָס איז געווען אַ טעלעגראַמע פון דוד סאַבסיי. ער טיילט מיר מיט, אַז ער האָט גענומען דעם טעאַטער „נאָווי" אין אַדעס און ער דאַרף מיך האָבן. — אַהאַ, ער דאַרף מיך שוין! האָב איך אַ צופרידענער געמורמלט צו זיך אַליין. אָבער וואָס וועט ווידער זיין מיט ציפּקען? די מאַמע האָט געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר איך מוז חתונה האָבן מיט איר און ציפּקע, קוקנדיק אַף מיר מיט הונדערט פּראָצענטיקן צוטרוי, עצהט מיך, אַז איך זאָל פאָרן קיין אַדעס צו סאַבסיי, פאַרדינען אַביסל געלט און צוריקקומען וואָס שנעלער, וועלן מיר שטעלן אַ חופּה און באַלד דערנאָך אַוועקפאָרן קיין עסטרייך.

דער פּלאַן איז באמת געווען דער פּראַקטישסטער, ווייל קיין געלט האָב איך דאָך נישט געהאַט נישט נאָר אַף קיין חתונה-קליידער, נאָר אַפילו אַף הוצאות קיין אויסלאַנד און איך האָב זיך טאַקע האַרציק געזעגנט, די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל קומען וואָס שנעלער און ציפּקע האָט מיר נאָר געקוקט אין די אויגן און געזאָגט, אַז זי איז זיכער, אַז איך וועל וואָס שנעלער צוריקקומען צו איר...

קיין אַדעס האָב איך מיטגענומען מיין ברודערס אַלטן פּאַספּאָרט און ווי נאָר איך בין געקומען קיין אַדעס, האָב איך דעם פּאַספּאָרט אַוועקגע־שיקט מיט דער פּאָסט און אַרויסבאַקומען אַן „אָפּיס" און אַף דעם „אָפּיס" האָב איך זיך איינגעמעלדעט אַף מיין קוואַרטיר.

אָנקומענדיק צו סאַבסייען, האָב איך געהאַט איין איבעראַשונג נאָך דער אַנדערער. ערשטנס, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פּאַני איז צוריק אין טרופּע באַ סאַבסייען און זי איז טאַקע געווען די ערשטע, וועמען איך האָב געזען און פון איר בין איך געוואויר געוואָרן גאָרנישט קיין פריי־לעכע זאַכן. איך האָב זיך באַ איר דערוואוסט, אַז סאַבסיי האָט מיך טאַקע זייער נייטיק געדאַרפט האָבן, אָבער נישט האָבנדיק קיין ענטפער פון מיר, האָט ער זיך פאַראייניקט מיט קאַמינסקים טרופּע און די טרופּע איז שוין אָן מיר אויך גענוג גרויס.

זעט פּאַני מיין פאַרצווייפלט אויסזען, נעמט זי מיך טרייסטן, אַז ווי גרויס די טרופּע זאָל נישט זיין, דאַרף מיך סאַבסיי על פּי יושר אויך אַריינ־נעמען, ווייל ער האָט מיך גערופן און איך האָב עס שוואַרץ אַף וויים, אַז איך בין געקומען אַף זיין רוף...

סאַבסיי האָט טאַקע געוואָלט יוצא זיין פאַר מיר, אָבער דאָ איז קאַ־מינסקי געווען שטאַרק דאַקעגן. ער האָט דערמאָנט ווי שקאַציש איך האָב אים געלאָזן שוויצן שוין מיט צעהאָנגענע פּלאַקאַטן, אַז איך דאַרף אויפ־טרעטן אַלס „בעל־תשובה"; וויאַזוי איך בין אַוועק און זיך אפילו מיט אים נישט געזעגנט און אַז איך האָב נאָך מיטגענומען דראַנאָוון אויך...

איך האָב זיך געפילט זייער שולדיק און אין האַרצן האָב איך אים געגעבן גערעכט. איך האָב ערשט איצט אָנגעהויבן איינזען, אַז מיין מורא צוליב מיינע „וואָיענע פּאָווינאָסטי", איז דעמאָלט נישט געווען קיין באַ־רעכטיקטע, אַז פאַר וועמען, פאַר וועמען, נאָר פאַר קאַמינסקי, האָב איך נישט באַדאַרפט מורא האָבן און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב אפילו נישט געטראַכט קיין שום שלעכטס, נאָר דעמאָלט האָט מיך דראַ־נאָוו אַזוי אַריינגעשלעפּט אין אַזאַ פּאַניק און איך האָב אומבאַרעכנטער־הייט אָנגענומען זיין פּלאַן און געפאָרן מיט אים...

אָבער שנעל האָט זיך אַלץ געענדערט צום גוטן.

אסתר־רחל קאַמינסקי האָט געפּועלט באַ איר מאַן, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין און מען האָט מיך אַריינגענומען אין טרופּע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1902, ווען די פאַראייניקטע טרופּע האָט זיך געגרייט אויפצוטרעטן אין טעאַטער „נאָווי" אין אַדעס.

דאָס איז געווען אַ ריזן־טרופּע, וואָס איך האָב אין יענער צייט אפילו נישט געקענט חלומען פון אַזאַ גרויסער אַרטיסטן־טרופּע.

אין טרופּע האָבן זיך באַטייליקט סאַבסיי מיט זיין פרוי; אהרן לאַגער מיט זיין פרוי; מעדוויעדעווא (פּרימאַדאָנע ראַיסאַ); איך מיט פאַני רייבער; — דאָס איז געווען פון סאַבסיס צד און פון קאַמינסקיס צד זיינען געווען: — קאַמינסקי מיט אסתר־רחלען; לייזער ראַפּעל מיט זיין פרוי; טיטלמאַן; פישעלעוויטש מיט זיין פרוי; יודקע אַדלער מיט זיין פרוי (מילי אַדלער); שלאָסבערג אַלס דיריזשאָר און זיין פרוי, סאַניע, אַלס פּרימאַדאָנע און דער סופליאָר גוטמאַן און אחוץ דעם, אַ כאָר פון אַריבער דרייסיק פּערזאָן.

די צוגרייטונגען זיינען געווען אויסערגעוויינלעכע און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ טרופּע מיט אַזאַ פאַרנעם און צום ערשטן מאָל האָב איך באַדאַרפט אויפטרעטן אין אַזאַ גרויסער שטאָט און אין אַזאַ גרוים טעאַטער.

אונדזערע צוגרייטונגען, האָבן באַלד אַרויסגערופן אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין שטאָט. עטלעכע טעג פאַרן אָנהייבן שפּילן, האָט מען שוין גאַנץ פרי געזען פאַרן טעאַטער לאַנגע רייען מענטשן וואָס האָבן זיך געשטויסן צו דער קאַסע און אָנגעהויבן באַצייטנס קויפן בילעטן צו אונדזערע פאַרשטעלונגען. דאָס איז פאַר מיר געווען אַזוי ניי, אַז איך בין געשטאַנען ווי לאַנג און געקוקט אױף די מענטשן מיט אַן אינערלעכער דאַנקבאַרקייט און איך האָב זיך געוואונדערט און געפרייט, וואָס איך וועל ענדלעך שפּילן אין אַזאַ גרויסער שטאָט און אין אַזאַ גרוים טעאַטער און נאָך מער האָט מיך געפרייט, וואָס איך וועל שפּילן פאַר אַזעלכע וואוילע מענטשן, וואָס האָבן אַזוי ליב טעאַטער, אַז זיי קויפן מיט אַ סך טעג פריער די בילעטן. פאַר אַזעלכע אידן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געשפּילט און איך האָב נאָך אַפילו אַזעלכע אידן נישט געזען...

סאַבסיי האָט געגרייט די אויפירונג „מישקע מאָשקע" און ווייל איך האָב שוין מיט אים זייער פיל מאָל געהאַט געשפּילט אַלס מאָשקע, האָט ער דאָ אויך געפאָדערט אַז איך זאָל שפּילן די ראָל.

אין טרופּע זיינען אָבער געווען אַ סך קעגנערשאַפטן און דער הויפּטקעגנער איז געווען ט י ט ל מ א ן.

טיטלמאַן האָט געטענהט, אַז „מאָשקע" איז זיין „קאָניאַק". דאָס איז זיין קרוין־ראָל און קיין אַנדער מאָשקע איז אױף דער וועלט נישטאָ... ער האָט געהאַט עטלעכע חברים, פּוילישע, זיי האָבן געהאַלטן מיט אים. נאָר סאַבסיי איז אָבער געווען איינגעשפּאַרט און עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום שפּיצלעך און קיין שום רכילותן, איך האָב באַקומען די ראָל און איך בין אויפגעטראָטן.

מיין האַרץ האָט אין מיר געזונגען פון פרייד. דער דיריזשאָר שלאָס-

בערג האָט מייסטערהאַפט אָנגעפירט מיטן כאָר און אָרקעסטער און אונ־
דזערע פאַרשטעלונגען זיינען דורכגעגאַנגען מיטן גרעסטן דערפאָלג און
איך האָב געפילט די גרויסע פרייד, פון האָבן אויפגעטראָטן צוזאַמען מיט
אַזאַ גרויסער טרופע, אין אַזאַ גרויסן טעאַטער און אין אַזאַ ריזן־שטאָט
ווי אָדעס!

טיטלמאַן האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרטראָגן מיין גרויסן דערפאָלג
און ער האָט נישט אויפגעהערט גראָבן אונטער מיר; אָנגעהויבן האָט ער
מיט פשוטער לשון־הרע און איינזעענדיק, אַז מיט בלויזער רכילות וועט
ער נישט קענען אונטערגראָבן מיין פּאָזיציע, האָט ער זיך פּלוצלינג באַ־
פריינדעט מיט אַ דייטשן רעצענזענט און ער איז מיט אים יעדע נאַכט
געזעסן צוזאַמען אין טעאַטער און ער האָט אַף דעם רעצענזענט גענומען
ווירקן מיט פאַרשידענע מיטל, ביז דאָס דייטשל איז אַרוים מיט אַ רעצענ־
זיע, וואָס איז נישט געווען קיין רעצענזיע, נאָר אַ פשוטער פאַמפלעט קעגן
מיר און קעגן מיין שפּילן די ראָל...

עס קאָן אפשר עמיצן וואונדערן, ווי עס קומט עפּעס אַ דייטשער רע־
צענזענט אין אידישן טעאַטער, מוז איך דעריבער דערמאָנען, אַז אונזער
טעאַטער האָט דאָך געהייסן „דייטש טעאַטער" און מיר האָבן זיך דאָך
באַמיט צו ריידן דייטש, כאָטש מיר האָבן נישט געקענט קיין דייטש און
די דייטשע צייטונגען האָבן פונדעסטוועגן געשיקט זייערע קריטיקער אין
אונדזער טעאַטער און ווען עס איז דערשינען די פאַמפלעט־רעצענזיע פון
טיטלמאַנס דייטשן רעצענזענט, האָט טיטלמאַן איינגעקויפט אַ סך עקזעמ־
פּליאַרן פון דער צייטונג און געטיילט צווישן די אייגענע אַף רעכטס און
לינקס און מיט דעם דאָקומענט „שוואַרץ אַף ווייס" האָט ער אויך אָנגע־
הויבן אַרבעטן באַ דער דירעקציע און טיטלמאַנס פוילישע חברים האָבן
אים צוגעהאָלפן: — סטייטש? ווי קאָן פאַלעפּאַדע נאָך ווייטער שפּילן די
ראָל, נאָכדעם ווי מען האָט אים אַזוי מוראדיק אָראָפּגעריסן?...

און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז מען האָט אָנגעהויבן ריידן צו מיין גע־
וויסן און עטלעכע חברים מיינע האָבן מיך געטרייסט: — דו זעסט דאָך,
אַ שוואַך מענטשעלע דער טיטלמאַן... גיב אים אַוועק די ראָל, ווייל ער
קאָן נאָך חלילה שטאַרבן פון קנאה און מיר וועלן האָבן זיין פריצייטיקן
טויט אַף אונזער געוויסן...

מיט זיינע מאַכינאַציעס האָט טיטלמאַן געזיגט. ער האָט באַקומען די
ראָל און קיינער האָט נישט געפילט דעם נאָגנדיקן ווייטיק אין מיין האַרץ,
נאָר איך אַליין...

ביי אַנדערע אומשטענדן, ווען איך זאָל זיין אַ „כשר'ער", ווען איך זאָל
נישט כסדר דאַרפן ציטערן פאַר אַ מסירה, וואָלט איך זיך נישט געלאָזן
אַזוי באַהאַנדלען; איך וואָלט געקעמפט און וואָלט זיכער אויסגעפירט, ווייל

איך האָב שוין געוואוסט, אַז איך ווער באַטראַכט אַלס אַ קראַפט באַם טעאַטער; אָבער טראַכטנדיק וועגן מיינע פּאַפּירן, מיין פאַלשן פּאַס מיט די אַפּיסעס און וועגן דער מעגלעכקייט, אַז קנאה זאָל ווירקן ביז מסירה, דאָס האָט מיך געבונדן און איך האָב שווייגנדיק געמוזט בויגן דעם קאָפּ און פייניקן זיך מיט מיין מאָראַלישן ווייטיק.

און אין די טעג, איז באַ מיר נאָך פעסטער געוואָרן דער באַשלוס, אַז איך מוז אַוועק פון רוסלאַנד. איך מוז זיך דאָ צומוטשען ביז צום פאַרענדיקן דעם סעזאָן, אָפּשפּאָרן אַביסל געלט און דאַן אַהיימפאָרן און חתונה האָבן מיט ציפּקען און היידאַ! אַוועק פון רוסלאַנד, וואו איך מוז פאַרשווייגן יעדע געמיינהייט, ווייל איך האָב מורא פאַר אַ מסירה...

איך בין געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעטאָן אין מיין ווייטיק, און די שרעק פאַר אַ מסירה האָט מיר אַזוי צעמישט די געדאַנקען, אַז איך האָב זיך אַפילו אָנגעהויבן היטן פאַר פאַנין, כאָטש איך בין זיכער, אַז פאַני, ווען אַפילו זי וואָלט זיך דערוואוסט וועגן מיין גרייטן זיך חתונה צו האָבן מיט אַן אַנדערער, וואָלט זי אויך נישט פעאיק געווען מיר צו טאָן עפּעס שלעכטס.

פאַני האָט מיך ליב געהאַט. איך האָב עס געזען און געפילט באַ יעדער געלעגנהייט און איך קאָן נישט זאָגן, אַז מיינע געפילן צו איר, זיינען נאָך מיין ווידער־טרעפן זיך מיט ציפּקען, אינגאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן; ניין. איך האָב פאַנין נאָך אַלץ ליב געהאַט, נאָר דער פאַקט וואָס ציפּקע האָט אַף מיר געוואַרט אַזויפיל יאָר און זי האָט אַזויפיל געליטן צוליב מיר און וואָס זי קאָן זיך אַליין ווייניקער העלפן ווי פאַני, דאָס האָט מיך געמאַכט מער פאַראַנטוואָרטלעך און מיך מער פאַרפליכטעט צו ציפּקען ווי צו פאַנין. עס קאָן אויך זיין, אַז ווען איך האָב גענוג מוט זיך צו קענען פריי דורכשמועסן מיט פאַנין, וואָלט זי מיר אַליין געזאָגט, אַז איך זאָל טאָן ווי מיין האַרץ הייסט מיר און מיר וואָלטן זיך געווען צעגאַנגען ווי פריינט, אָבער מיין צעשראָקנקייט האָט צוגענומען מיין אָפנהאַרציקייט און מיך געמאַכט פאַר אַ פחדן און אין מיין פחדנות, האָב איך שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אַז פאַני וועט מיר נישט מוחל זיין וואָס איך פאַרלאָז זי צוליב אַן אַנדערער און אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז דער סעזאָן האָט זיך פאַרענדיקט און איך האָב געהאַנדלט אַזוי פאַרברעכעריש, אַז איך בין אַוועק פון דער טרופּע און האָב אויך פאַרלאָזן פאַנין, אַוועקפאָרנדיק אָן אַ זייגעזונט . . .

---

## זיבעצנטער קאַפּיטל

מיין חתונה מיט ציפּקען. — „פּעקל־מאַכערס" שינדן פון אונדז אַ פּאַס. — אַריבער די גרעניץ קיין עסטרייך. — פאַרדינט די ערשטע עט־לעכע ראַנישן. — גימפּלס טעאַטער אין לעמבערג. — דער שמייכלענדי־קער דירעקטאָר. — נישטאָ פאַר מיר קיין פּלאַץ. — אפשר דאָך?...

די פרייד וואָס מיין משפחה האָט אַרויסגעוויזן אַף מיין חתונה מיט ציפּקען, האָט אויך מיין האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד און אויך באַרואיקט מיין געוויסן לגבי פּאַנין.

נאָך אַלעם, איז דאָך פּאַני צוזאַמען מיט אַ טרופּע און זי פאַרשטייט זיך ווי אַזוי אַליין צו פאַרטיידיקן אין לעבן און דאָ, אָט זאָגט דאָך מיין משפחה, אַז דאָס איז אַ זווג מן השמים און די פרייד איז אַזוי גרויס און מיין מאַמעס שיינט פון נחת און ציפּקע — אַ, זי האָט דאָך צוליב מיר אַזוי־פיל געליטן און אָט איז זי איצט מיין ווייב, וויפל גליק עס שטראַלט אַרויס פון אירע אויגן און איך פיל ווי אירע בליקן זאָגן צו מיר: — איך האָב געוואוסט אַז דו וועסט צו מיר צוריקקומען...

צומאָרגנס נאָך מיין חתונה מיט ציפּקען, האָבן מיר זיך געלאָזן אין וועג. אַ סך פון מיינע פאַמיליאַנטן האָבן אונדז אַרויסבאַגלייט ביז ווייט הינטערן שטעטל, מיר זיינען געפאָרן אַפן וועג צום גרעניץ־שטעטל כ אַ־ט י ן, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן „פּעקלמאַכערס" מיט וועלכע איך האָב זיך אַמאָל געהאַט באַקענט און איך בין געווען זיכער, אַז די „פּעקל־מאַכערס", אָדער ווי מען האָט זיי אויך גערופן — די גרעניץ־שוואַרצער, וועלן מיך מיט ציפּקען אַפן זיכערסטן אופן אַריבערשטעלן אַף יענער זייט גרעניץ.

ווייזט אוים, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות מכוח דער פריינטשאַפט פון די פּעקלמאַכער, זיי האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי הויבן נישט אָן ווייסן ווער איך בין און זיי האָבן פון מיר געשונדן אַ פּאַס, אַזוי, אַז איך האָב גע־מוזט פאַרקויפן אַ טייל פון מיינע נויטיקע זאַכן, כדי זיי צו קענען באַצאָלן.

נאָך עטלעכע טעג וואַרטן אין כאָטין, איז ענדלעך געקומען דער גליק־לעכער אָוונט, ווען אַ פורל איז צוגעקומען צו אונדזער קוואַרטיר און אַ

פעקלמאַכער האָט אונדז געהייסן אַרויפקריכן, און מיר פאָרן. מיר פאָרן דורך אַ זייטן-וועג צו אַ דערפל וואָס שטייט האַרט בײַ דער גרעניץ, דאָרט שטעלט מען זיך אָפּ נעבן אַ פויערשער שטוב, דער פעקלמאַכער פירט אונדז אַריין און גיט אונדז איבער צו אַ פויערל זאָגנדיק אים, אַז ער זאָל אונדז אַריבערשטעלן אויף דער צווייטער זייט גרעניץ.

איבערגעגעבן מיך מיט ציפּקען אין דעם פויערס הענט, האָט דער פעקלמאַכער זיך צוריק אַרויפגעזעצט אויפן פורל און אַוועקגעפאָרן און מיר זײַנען געבליבן זיצן אין דעם נידעריקן פויערישן שטיבל מיט דעם קליי-נעם פענצטערל און דער ריח פון עפּעס אַ מאָדנע געקעכץ וואָס די פויער-טע האָט געדישעט אויפן אויוון, האָט אָנגעפילט דאָס שטיבל און אונדז ממש איינגעשלעפערט ביז חלשות.

די פויערטע האָט אונדז איינגעלאַדן עפּעס עסן און מיר האָבן זיך זייער פיין אָפּגעזאָגט נאָר אָנשטאָט עסן, האָב איך אַ פרעג געטאָן בײַם פויער, ווען אַ שטייגער מיר קענען שוין זיין אויף יענער זייט גרעניץ...

— ס׳איז נאָך צו פרי, ענטפערט דאָס פויערל. ערשט אַרום עלף אָדער האַלב צוועלף אין דער נאַכט לאָזן מיר זיך אין וועג און נישטקשה, עס וועט זיין גוט...

ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער אינדרויסן, איז דער פויער יע-דע ווײַלע אַרויסגעגאַנגען, ווייזט אויס, אַז ער האָט דאָס נאָכגעשפּירט די געגנט, צי עס איז נישטאָ קיין צו גרויסע געפאַר מיט אַ פאַרשטאַרקטער וואַך, אָבער דאָס כסדרדיקע אַרויסגיין פון דעם פויער און זײַנע פיל-באַ-דייטנדיק בלינצלען מיט די אויגן, ווי ער זאָל זאָגן, אַז דער וועג איז נאָך געפערלעך, דאָס האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ שרעק.

איך האָב זיך כלומרשט געשטאַרקט און געמאַכט אַז ציפּקע זאָל נישט זען מיין מורא און דאָסזעלבע האָט אויך ציפּקע געטאָן לגבי מיר, אָבער שנעל האָבן מיר זיך ביידע צוזאַמענגעטוליעט אַדורכגענומענע מיט דער-זעלבער פיינלעכער שרעק וואָס מאָלט פאַר אונדז שרעקלעכע בילדער און מיר שטעלן זיך שוין פאָר, אַז מען פאַקט אונדז און מיר האָבן שוין די אמתע חתונה-רייזע...

ענדלעך קומט אַריין דער פויער און ער גיט אַ באַפעל: — אָנטון זיך און גיין!

דער פויער נעמט אונדזער פעקל. ציפּקע ציטערט און עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן און איך מוז זי אַרומנעמען און אַרויספירן אין דער שוואַרצער פינצטערער נאַכט אַריין און קוים וואָס מיר זײַנען אָפּגעגאַנגען עטלעכע מינוט, גיט דער פויער אַ שטילן באַפעל, מיר זאָלן שטיין בלייבן און זיך אַראָפּבויגן צו דער ערד...

באַהערשט פון פאַנישער שרעק, פאַלגן מיר אוים יעדן באַפעל פון דעם פויער. דער פויער הייסט אונדז וואַרטן און ער אַליין קריכט ליגנדיק אוועק פאַראוים, פאַרשט אוים די געגנט און קומט צוריק און הייסט אונדז ווייטער גיין און באַלד, ווידעראַמאָל: — שטיים! בויגט אייך אַראָפּ וואָס נידעריקער!...

עטלעכע מאָל האָבן זיך אַזוי איבערגעחזרט די באַפעלן, ביז ענדלעך זיינען מיר צוגעקומען צו אַ וואַסער און דער פויער זאָגט, אַז דאָ דאַרף מען אַריבערגיין דאָס וואַסער און מען איז שוין אויף יענער זייט...

די שרעק איז שוין געווען אַזוי גרוים, אַז נישט נאָר אין וואַסער, נאָר אַפילו אין פייער וואָלטן מיר גרייט געווען צו גיין, אַבי אַריבערצוקומען אויף דער צווייטער זייט גרעניץ. דער פויער נעמט ציפּקען אויף די פּלייצעס און גייט אַריין אין וואַסער און איך נאָך אים.

דאָס וואַסער איז געווען באַצויגן מיט אַ דינעם אייז־פּלאַך און ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן גיין, האָט דאָס אייז געפּלאַצט אונטער די פים און איך האָב שוין געהאַט פולע שיך מיט אייז־וואַסער, אָבער ווער האָט גאָר אינזינען געהאַט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי דאָס איינעצן זיך די פים? מיר שפּאַנען און איך שפּאַן שוין ביזן גאַרטל אין וואַסער און אַזוי שפּאַנען מיר באַ די דרייסיק מעטער ביז צום צווייטן ברעג. דער פויער שטעלט אַראָפּ ציפּקען און צים אויף טיף דעם אָטעם און ער זאָגט אונדז, אַז איצט דאַרפן מיר שוין קיין מורא האָבן, ווייל מיר זיינען אויף דער צווייטער זייט גרעניץ.
— וואָס איז מיט דיר, בנציון? פרעגט באַ מיר ציפּקע: — האָסט גע־שפּאַנט אין וואַסער, דו זאָלסט זיך נאָר נישט האָבן צוגעקילט...

— ס'איז גאַרנישט, זאָג איך, און עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן — אַבי מיר זיינען אין דעם פרייען לאַנד, אין עסטרייך...

דער פויער האָט אונדז איבערגעגעבן צו אַ צווייטן פויער, וועלכער האָט אונדז אויף זיין פורל אַריינגעפירט אין דעם נאָנטסטן שטעטל מ י ע ל נ י צ ע און אָט פאָרן מיר שוין אַריין אין דעם אידישען איינפאָר־הויז, וואו עס נעמט אונדז אויף אַ איד מיט אַ גרוילעכער באָרד, מיט לאַנ־גע געקרייזלטע פאות און אָפן קאָפּ אַ סאַמעטענע יאַרמלקע, און אַ לאַנ־גער טלית־קטן וואָס הענגט אויף אים ווי אַ פאַרטוך און די ציצית גרייכן ביז אויף דער ערד.

אַזאַ אידן האָב איך געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, סיידן באַ אונדז אַ רב, וואָס האָט אויסגעזען בלויז ענלעך און דאָ האָב איך דאָך גע־וואוסט, אַז דאָס איז אַ פּראָסטער איד, איז עס פאַר מיר געווען אַ טשי־קאַווע דערשיינונג. ציפּקע האָט מיך דערמאָנט, אַז אין דער ערשטער צייט פון אונדזער באַקאַנטשאַפט אין נאָוועבוג, איז דאָרט פאַרבייגעפאָרן אַ

רבי, אָבער אפילו דער דעמאָלטיקער רבי, האָט אויסגעזען אַ סך פאַרגע־שריטענער ווי אַט אַ דער גאַליציאַנער אידישער בעל־אכסניה...

נישט קוקנדיק אין ציפּקעס זייט, גיט מיר דער איד אָפּ שלום און ער ווייזט אונדז אָן אַ שטיקל מקום וואו מיר זאָלן קענען איבערנעכטיקן די נאַכט.

זייענדיק שוין אַליין אין דעם קליינעם שטיבעלע, הינטער אַ פאַרמאַכ־טער טיר, האָבן מיר ערשט אָנגעהויבן פרייער אָפּאָטעמען. מיר האָבן ערשט איצט איבערגעטראַכט אין וואָס פאַר אַ געפאַרן מיר האָבן זיך געפונען און דאַנקען גאָט, מיר זיינען די אַלע געפאַרן אַריבער, מיר געפי־נען זיך איצט אין אַ לאַנד וואו מען פרעגט נישט אָף קיין פּאַספּאָרטן און דאָ וועל איך ערשט קענען אָנהויבן גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און נישט מורא האָבן פאַר מסירות און נישט דאַרפן שקלאַפן הכנעהדיק באַ דירעקטאָרן וואָס וועלן מיך האָבן אין זייער האַנט און קענען מאַכן מיט מיר וואָס זיי ווילן...

איין זאַך וואָס האָט מיך איצט שטאַרק באַאומרואיקט, איז געווען די שרעק, אַז איך זאָל נישט פאַרלירן די שטים, צוליב דעם שפּאַציר איבערן וואַסער... מיר ווייסן, אַז מיר דאַרפן פאָרן ווייטער; דאָ, אין מיעלניצע איז נישט קיין פּלאַץ פאַר אונדז און אויב פאָרן, דאַרף מען פאָרן וואָס שנע־לער, נאָר מיט וואָס פאָרן, אַז די פּעקלמאַכער, די גרעניץ־שוואַרצער האָבן אונדז אויסגעביילט ביז דער לעצטער קאָפּיקע און טאָמער האָט נאָך ציפּקע געהאַט באַ זיך עפּעס אַביסל געלט, האָט אונדז דער איד מיט די געקרייזלטע פּאות און מיט דעם לאַנגן טלית־קטן צוגעשטעלט אַזעלכע חשבונות, אַז וויפל מיר האָבן נישט צונויפגעלייגט יעדע קאָפּיקע, איז נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן, אַז מיר זאָלן זיך קענען לאָזן אין ווייּ־טערן וועג און מיר זיינען שוין געבליבן באַ דעם איד מיטן טלית־קטן ווי־לעבעדיקע משכנות.

דערווייל, האָב איך זיך באַקענט מיטן טאַנץ־לערער פון שטעטל און אַזוי ווי ער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס האַלבער פאַך־קאָלעגע, האָט ער גענומען אָנטייל אין מיין לאַגע און ער האָט זיך דערקלערט גרייט מיר צו העלפן, מיט אָפּגעבן מיר זיין סאַלאָן אָן אַ שום באַצאָלט און ער פאַרזיכערט מיר, אַז די מוזיק וועט מיך אויך אונטערשטיצן און שפּילן אומזיסט, איז דאָס בעסטע, אַז איך זאָל געבן אַ טעאַטער־אָוונט.

איך האָב דען געהאַט אַן אַנדער ברירה? איך האָב אָנגענומען דעם ברייטהאַרציקן פאָרשלאַג פון טאַנץ־לערער און ער האָט באַלד באַקאַנט געמאַכט פאַר זיינע שילער, אַז דאָ איז געקומען אַ גרויסער אַקטיאָר מיט אַן אַקטריסע און זיי וועלן דאָ געבן איין פאָרשטעלונג.

די זאַך איז שוין געווען אַ באַשטימטע און איך האָב זיך גענומען גרייטן צום אָוונט. דאָס גרייטן זיך איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב גענומען אַ פּאַרטיקן פּראָגראַם פון דירעקטאָר ציפּקוסעס רעפּער־טואַר, מיט דער איינאַקטיקער קאָמעדיע „לעמל מיט פישרעלען" און עס האָט מיך געקאָסט נישט ווייניק מי, ביז איך האָב ציפּקען אויסגעלערנט די ראָל אַלס פישרעלען, זי האָט זיך כסדר צעלאַכט און איינמאָל האָט זי זיך אַזוי צעלאַכט, אַז איך האָב זי קוים געקאָנט איינעמען און באַרואיקן און ווען מיר האָבן אויף דער בינע געשפּילט די קאָמעדיע, האָט זיך ציפּקע אינמיטן שפּילן ווידער אַזוי צעלאַכט און איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן שוין ענדלעך געענדיקט די קאָמעדיע און מיר זיינען אַרונטער הינטער דעם פוירהענגל וואָס צו דער צווייטער שטוב און דאָרט פרעג איך ציפּקען, פאַרוואָס זי האָט זיך ווידער צעלאַכט, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָסמאָל האָט זי געלאַכט צוליב אַנדערע סבות. זי שאַרט אַוועק דאָס פוירהענגל און הייסט מיך קוקן אויף אַ יונגן מאַן וואָס איז אויסגעהויער הויך און ער האָט אַ לאַנגן האַלדז וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ רויטן קראַ־וואַט וואָס ליגט אויף אַ זייט און ציפּקע זאָגט מיר: — ווי האָב איך נישט געזאָלט לאַכן, אַז אָט אַ דער פאַרשוין האָט מיר כסדר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין...

זעענדיק דעם מענטש, האָב איך זיך אויך צעלאַכט, נאָר קיין סך צייט צום לאַכן איז נישט געווען; מען האָט באַדאַרפט ווייטער אָנגיין מיטן פּראָגראַם און איך בין שוין אַליין צוריק אַרויף אויף דער „בינע" און דערלאַנגט נאָך עטלעכע נומערן און דער אָוונט האָט זיך געענדיקט, און איך ווייס נישט צי דער עולם איז געווען צופרידן צי נישט, נאָר איך בין זיכער געווען צופרידן, ווייל מיר האָבן פאַרדינט עטלעכע ריינישן און מיר האָבן שוין געהאַט אויף הוצאות צו פאָרן ווייטער.

מיין שטרעבונג איז געווען, צו קומען קיין לעמבערג. איך האָב זייער פיל געהערט וועגן לעמבערג און וועגן דאָרטיקן אידישן טעאַטער אונ־טער דער דירעקציע פון גימפּל און איך האָב געשטרעבט צו קענען אָנ־קומען אין דעם טעאַטער.

די חשבונות פון די פאַרדינטע עטלעכע ריינישן, האָבן באַוויזן, אַז מיר האָבן גענוג אויף הוצאות ביז לעמבערג, איז נישט געטראַכט, מיר פאָרן קיין לעמבערג.

וואָס נענטער מיר זיינען געקומען צו לעמבערג, האָב איך זיך גע־פילט אַלס האָפערדיקער און אַלס מוטיקער. דאָס איז דאָך עפּעס די שטאָט וואו גאָלדפאַדן אַליין האָט געשפּילט זיינע פּיעסן און דאָס איז דאָך די שטאָט, וואָס האָט צוגעטראָגן אַזאַ גרויסן חלק צו דער אַנטוויקלונג פון

אידישן טעאַטער אין אייראָפּע און אַמעריקע. איך בין געווען זיכער, אַז קומענדיק קיין לעמבערג, וועל איך שוין געפינען מיין פלאַץ צו קענען פאַרזעצן מיין אַרבעט אַלס אַרטיסט און איך וועל מער נישט דאַרפן צי־טערן פאַר מסירות און מוזן דערפאַר בויגן דעם קאָפּ און ליידן אַלערליי מאָראַלישע דערנידערונגען, ווי איך האָב לעצטנס געליטן אַדאַנק טיטל־מאַנס אינטריגעס, און איך וועל דאָ מער נישט האָבן צו טאָן מיט קיין סאַבסיי, וואָס גיט דעם אַקטיאָר הלוואות אַנשטאָט חשבונות פון הוצאה און הכנסה און איך וועל מער נישט דאַרפן זען די סאַבסייעכע, וואָס קוקט אָף מיר פון אויבן אַראָפּ, ווי איך וואָלט איר שולדיק געווען מיין לעבן...

גאַליציע! עסטרייך! דאָ פרעגט מען נישט אָף קיין פּאַס און דאָ וועל איך קענען אויסוואַקסן און דאָ וועל איך דערגרייכן אַנערקענונג, וואָס וועט מיר פאַרגעלטן מיינע פריערדיקע ליידן...

אַזוי האָב איך פאַנטאַזירט איבערן וועג און דערווייל זיינען מיר, דאַנקען גאָט, אָנגעקומען אין דעם לאַנג אויסגעחלומטן לעמבערג, מיר זיינען געווען אָן אַ גראָשן געלט און מיר האָבן זיך דערווייל געמוזט אַריינקלייבן אָף קוואַרטיר אין אַ שטוב וואו עס האָט געוואוינט אַן אַלטע פּאָרפאָלק און אין דערזעלבער שטוב האָבן נאָך געוואוינט דריי בחורים.

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק, די באַלעבאַטים פון שטוב, האָבן אונדז פאַר־דונגען אַ בעט, אין אַ ווינקל פון שטוב, וואָס זיי האָבן פאַרהאָנגען מיט אַ ליילעך און ביינאַכט, ווען מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן, האָבן מיר גע־זען, אַז אין דער איינציקער שטוב שלאָפן גאַנצע ניין דערוואַקסענע מענטשן.

אַזאַ ענגשאַפט אין אידישע שטיבער, איז אין לעמבערג נישט געווען קיין נייעס; אין די אידישע גאַסן וואו עס האָט געהערשט דער דלות, האָבן זיך די איינוואוינער פון אָרימע שטיבער מערסטנס דערנערט פון אַריינ־נעמען קוואַרטיראַנטן און ווי שווער דאָס איז מיר אויסגעקומען דעם ערשטן טאָג, האָב איך זיך דערנאָך צוגעוואוינט צו דער סיטואַציע און איך האָב ביי אָט די שווערע באַדינגונגען, נאָך אַלץ געחלומט, אַז דאָ, אין לעמבערג, וועל איך ענדלעך דערגרייכן דאָס, צו וואָס איך האָב גע־שטרעבט אַזוי פיל יאָרן.

איך האָב ציפּקען געטרייסט: — וועסט זען, איך וועל נאָר אָנהויבן אַרבעטן, וועט אַלץ ווערן אַנדערש. מיר וועלן קענען וואוינען אַנשטענ־דיק, אַליין אין אַ שיינעם צימער... אַזוי האָב איך ציפּקען געטרייסט, אָבער דערווייל איז נישט געווען קיין גראָשן אָף צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין און איך הויב זיך אָן פילן שולדיק קעגן ציפּקען, איך האָב מורא, אַז עס פאַרדריסט זי דער גאַנצער עסק, וואָס זי האָט מיט מיר

חתונה געהאט און געלאָזן זיך מיט מיר אין דער ווייטער פרעמד און איך זוך ווערטער זיך צו פאַרענטפערן פאַר איר, אָבער זי לאָזט מיך נישט ריידן, זי נעמט גאָר מ י ך טרייסטן און גיט מיר צו מוט, אז אַלץ וועט זיך ענדערן צום גוטן, איך דאַרף נאָר גיין און זיך באַמיען עפּעס צו טאָן...

א געקרעפּטיקטער פון ציפּקעס טרייסט-ווערטער, בין איך באַלד אינדערפרי אַוועק אין אַ קלייטל, איבערגעלאָזן דאָרט עפּעס פון מיינע זאַכן אַלס משכן און אַהיימגעבראַכט עפּעס עסן. ציפּקע האָט אַרויסגעוויזן איר גרויסע בריהשאַפט, זי האָט פון דעם ביסל עסן וואָס איך האָב געבראַכט, געפּראַוועט אַ גאַנצע סעודה און אַנגעזעטיקט קודם די מאַגנס, האָב איך זיך געלאָזן גיין אויפזוכן דאָס אידישע טעאַטער.

איך האָב נאָכגעפרעגט און בין ענדלעך אָנגעקומען צום טעאַטער, אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט גלויבן, אַז דאָ זאָל זיין אַ טעאַטער; פונדרויסן, האָט מען אַבסאָלוט גאָרנישט געזען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל קענען מאַכן דענקען, אַז דאָ געפינט זיך אַ טעאַטער.

דרייענדיק זיך דאָרט פאַר דעם ברייטן אריינגאַנג-טויער וואָס האָט געפירט אין אַ גאָר גרויסן הויף, זיינען צו מיר צוגעקומען נייגעריקע מענ-טשן, אַן וועלכע איך האָב דערקענט, אַז דאָס זיינען אַקטיאָרן, אָדער כאָ-ריסטן, יעדנפאַלס, מענטשן פון טעאַטער.

זיי האָבן וויזט אוים, אויך דערקענט אַז איך בין אַן אַקטיאָר, און טאַקע אַ רוסישער, ווייל שוין מיין רוסישע קליידונג, מיט דעם צוויי-ריי-איקן ווינטער-מאַנטל און מיט דעם פוטערנעם היטל אַפן קאָפּ, האָט אוים-געזאָגט פונוואַנען איך קום און איך האָב ערשט געזען, אַז מיינע קליידער, זיינען קעגן די אָרימע טראַנטעס פון די גאַליצישע אַקטיאָרן — רייכע מלבושים.

די לעמבערגער אַקטיאָרן, אַ חוץ עטלעכע פון די גאָר אנערקענטע, זיינען געגאַנגען זייער אָרים געקליידט, ממש קריע בליע און זיי האָבן געקוקט אַף מיר מיט גרויס קנאה און נייגעריקייט, ביז ענדלעך האָט זיך איינער אָנגענומען מיט מוט און מיר פאָרגעלייגט אַריינצופירן אין טעאַ-טער, וואו עס קומט איצט גראָד פאָר אַ פּראָבע.

אריינקומענדיק אין דעם גרויסן הויף, איז מיין אַנטוישונג נאָך גרע-סער געוואָרן.

און גאָר אַ מוראדיקן רושם האָט אַף מיר געמאַכט דאָס טעאַטער גופא, פון אינעווייניק. די בינע, מיטן פאָרהאַנג מיט די געדיכטע אָנגע-טאַסעוועטע בענק, האָט עס גיכער געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ קליין שטעטלדיקער באָד...

דער וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אין טעאַטער, האָט געזען אַף מיין פּנים דעם מאָדנעם רושם וואָס דאָס טעאַטער האָט אַף מיר געמאַכט און

ער האָט געזוכט צו הויבן די רעפּוטאַציע פון גימפּל־טעאַטער, וואו אי־דישע אַקטיאָרן שפּרייטן די אידישע טעאַטער־קונסט פאַר די ברייטע אי־דישע מאַסן און אז אף דער אָרימער בינע, זיינען שוין אויפגעטראָטן די גרעסטע קינסטלער און גאָלדפאַדן אליין האָט דאָ אויפגעפירט זיינע קונסט־ווערק און דעם אמת געזאָגט, האָבן מיך דעם אָרים־געקליידעטן אַקטיאָרס ווערטער טאַקע היבשלעך בארויקט און איך האָב אים אָנגעהויבן אויס־פרעגן אף די אַקטיאָרן וואָס זיינען געשטאַנען אף דער בינע און רעפּע־טירט: — ווער איז דער? און ווער איז יענער? און דער אַקטיאָר האָט מיר געענטפערט: — דאָס איז אדאָלף מעלצער, אַ גוטער אַקטיאָר און אַ באַ־רימטער זינגער און דאָס איז פאַני ברי, אַן אויסגעצייכנטער טאַלאַנט און דאָס איז גוטמאַן, וואָס האָט אַ ברודער אַ ראַבינער און ער האָט שטיין געלאָזן אַ ראַבינער־פּאָסטן און געוואָרן אַ אידישער אַקטיאָר... דאָס איז סאַמועלאָוו און דאָס איז... און אַזוי האָט ער מיר אויסגערעכנט אַלעמענס נעמען און מיר אָנגעוויזן אף זיי און אויסגערעכנט בא יעדן באַזונדער די ספּעציעלע מעלות.

פלוצלינג באַווייזט זיך אין סאַלאָן אַ הויכער מאַן מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר און מיט לאַנגע ווייסע וואָנסעס, אפן קאָפּ אַביסל אַן אַ זייט, טראָגט ער אַ שיינעם הויכן צילינדער.

— דאָס איז דער דירעקטאָר גימפּל, רוימט מיר דער אַקטיאָר איין שטילערהייט אפן אויער.

דירעקטאָר גימפּל האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן סאַלאָן מיט זיין בליק און ער האָט מיך באַלד באַמערקט און פינף מינוט שפּעטער, האָט ער שוין געהאַט אָפּגענומען אַ ראַפּאָרט וועגן מיר, אַז איך בין אַן אַקטיאָר וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון רוסלאַנד און ער האָט מיך באַלד צוגערופן און מיר האָבן זיך קעגזייניק פאַרגעשטעלט.

דער דירעקטאָר גימפּל האָט צו מיר גערעדט זייער העפלעך און אף דייטש און כדי די זאַך זאָל זיך נישט פאַרציען אף צו לאַנג, בין איך באַלד צוגעטראָטן צום עיקר, צו געשעפט.

דער דירעקטאָר האָט מיך אויסגעהערט זייער אויפמערקזאַם און דער־ביי געקוקט אף מיר מיט אַזאַ ליבלעכן שמייכל און ענדלעך געענטפערט ער מיר מיט דעמזעלבן שמייכל און דאָך גאַנץ ערנסט: — יאַ, מיין ליבער פרוינט, אבער וויסן זי, די געשעפטע זינד זער שלעכט אונד אַרטיסטן האבן וויר שאָן פיל צו פיל... — דאָס זאָגנדיק, האָט ער ווייטער אַזוי מילד און ליבלעך געשמייכלט, וואָס מיט דעם ענטפער האָט דער שמייכל גאָר־נישט האַרמאָניזירט און איך האָב עס פון אָנהויב אָנגענומען פאַר אַ פּשוטן צביעותדיקן שמייכל וואָס דאַרף יענעם נעמען די לעבער...

אָבער וואָס ווייטער און וואָס מער איך האָב גערעדט מיט אים, האָב איך געקענט מער פעסטשטעלן, אַז דאָס איז בּאַ אים אַזאַ יעקישער נאַרישער שמייכל, וואָס באַווייזט, אַז ער איז נישט קיין גרויסער חכם...

איך האָב זיך געוואונדערט: — דאָס איז דער דירעקטאָר פון לעמבערגער אידישן טעאַטער, נאָך וועלכן איך האָב אַזוי געבענקט?

געגוג לאַנג האָט מיך די פראַגע באַשעפטיקט, ביז איך האָב זיך דערוואוסט, אַז גימפּל איז אַמאָל געווען פאַרבונדן מיט דעם שטאָטישן פּוילישן טעאַטער אין לעמבערג און דורך פאַרשידענע פּראָטעקציעס, האָט זיך אים אין דער עסטרייכישער שטאַטהאַלטעריי איינגעגעבן צו באַקומען די מלוכה-קאָנצעסיע אויף אידיש טעאַטער אין לעמבערג און אַזוי איז ער געוואָרן דער גרויסער און אַנגעזעענער אידישער טעאַטער-דירעקטאָר אין גאַליציע.

איך האָב באַלד אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן רעפּערטואַר און די נעמען פון די פּיעסן וואָס מען האָט מיר אויסגערעכנט, זיינען פאַר מיר געווען נייע, בלויז עטלעכע פּיעסן האָט מען דערמאָנט, וואָס זיינען מיר געווען באַקאַנט און איך האָב זיי שוין געהאַט געשפּילט אין רוסלאַנד.

די פּראָבע האָט זיך געענדיקט און איך האָב געהאַט דעם כבוד זיך צו באַקענען מיט אַלע אַקטיאָרן, אָבער נאָך אַפּריידן מיט מיר עטלעכע ווערטער, זיינען זיי זיך צעגאַנגען יעדער אין זיין היים, עס איז געווען מיטיק-צייט און מיר איז נישט געבליבן עפּעס אַנדערש, ווי אויך גיין און איך קום אַהיים, נעם ווידער אַרוים עפּעס אַ זאַך פון מיינע זאַכן און טראָג עס אַוועק אין אַ קליי׳טל און ברענג דערפאַר עפּעס צום אָפּעסן און ציפּקע ווייזט ווידער איר בריהשאַפט מיטן גרייטן אַ טיש „כיד המלך”, נאָר דער אומגליק איז, וואָס עס איז שוין באַלד נישטאָ וואָס צו פאַרזעצן און די האָפענונגען לעשן זיך יעדן טאָג מער אוים און אין אַזאַ מצב, האָב איך באַשלאָסן נאָכאַמאָל צו גיין צום דירעקטאָר גימפּל.

די האָפענונגען מיינע זיינען גאַנץ שוואַכע, אָבער איך האָב דאָך נישט קיין אַנדער ברירה און ציפּקע מוטיקט מיך ווייטער און זי הייסט מיך גיין, — אפשר פאָרט?...



# אכצנטער קאַפּיטל

איך דאַרף אויפטרעטן אַלס „רבי יאָזעלמאַן". — מיין דורכפאַל. — אַקטיאָרן טרייסטן מיך. — מיר הונגערן אין לעמבערג. — „וואַריעטע־טעאַטער". — דער „דירעקטאָר" זאַמלט קרייצערס מיט אַ טעלער. — „ישראליקל קום אהיים". — איך פאַרלאָז דעם וואַריעטע און ציפּקע וואַרפט מיר פאָר. — מיר הונגערן ווייטער.

דער דירעקטאָר גימפּל האָט מיר דאָסמאָל געגעבן כמעט דעמזעלבן ענטפער און טאַקע מיט דעמזעלבן ליבנסווירדיקן שמייכעלע. נאָר באַלד האָט ער מיך פאַרהאַלטן און מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּלאַן, מיר צו געבן אַן אויפטריט אַלס גאַסטראָליאָר, וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט עפּעס צו פאַרדינען און אפשר וועט ער אויך עפּעס געניסן דערפון...

און מיט דערזעלבער ליבנסווירדיקייט פרעגט ער מיך וואָס איך קען און איך זאָג אים, אַז איך וואָלט געוואָלט אויפטרעטן אין גאָלדפאַדנס באַרימטער פּיעסע „רבי יאָזעלמאַן".

— רבי יאָזעלמאַן... רבי יאָזעלמאַן... חזרט איבער דער דירעקטאָר גימפּל און ענדלעך זאָגט ער, אַז די פּיעסע געפעלט אים און עס בלייבט, אַז ער גיט מיר אַן אויפטריט אין אַ וואָכן־טאָג און ער וועט מיך אַנאָנסירן אַלס גאַסטראָליאָר און לאָמיר האָפן, אַז עס וועט זיין גוט.

נעם איך זיך שנעל צו דער אַרבעט. איך האָב שוין די טיטל־ראָל פון רבי יאָזעלמאַן אַ סך מאָל געשפּילט, אָבער איך האָב זי אין רוסלאַנד כסדר געשפּילט אַף אַ צעבראָכענעם דייטשמעריש און דאָ האָב איך גענומען אויסלערנען די ראָל לויטן טעקסט, אַף אידיש און באַלד זיינען מיר צו־געטראָטן צו פּראָבן.

יעדן טאָג פרואוו איך אינדערהיים אויס מיין שטים און איך שטעל פעסט, אַז איך בין היבשלעך הייזעריק. ווייזט אויס, אַז דאָס קריכן איבער דער גרעניץ אין וואַסער, האָט מיר צורעכט געמאַכט די שטים און איין גאָט ווייסט וואָס דאָ וועט זיין מיט מיר...

איך האָב זיך באַמיט, און אָט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עפּעס ווערט מיר די שטים קלאָרער און איך בין געוואָרן האָפערדיקער, נאָר באַלד

האָב איך זיך ווידער אָנגעהויבן שטיקן און איך האָב געזען פאַר זיך אַ פּאַרטיקן אומגליק.

— און אפשר בעסער נישט אויפטרעטן? דער געדאַנק מאַטערט מיך, אָבער איך טאָר אַפילו וועגן דעם נישט טראַכטן, ווייל איך מוז דאָך זען צו פאַרדינען אַ פּאָר רייניש, איך זאָל זיך האָבן מיט וואָס דאָס לעבן צו דערהאַלטן און דערנאָך פאָרן אין אַן אַנדער שטאָט אַריין!...

מאַך איך די פּראָבן און אין דעם טעאַטער איז פאַראַן איינער אַן אַק־טיאָר, וואָס דעמאָלט האָט ער נאָך געשפּילט אַ גאָר קליינע ראָלע, אָבער פרייען זיך אַף יענעמס בראָך, האָט ער זיך געוואָלט ווי אַ גרויסער און ער האָט זיך געוויצלט מיט אַנדערע אַקטיאָרן, אַז איך זאָל הערן און מען האָט זיך דערציילט, ווי דער אַקטיאָר ליבערט איז געקומען קיין לעמ־בערג און געזאָלט אויפטרעטן אַלס „פּאַפּוס" און אין לעצטן טאָג, ווען עס האָט שוין באַדאַרפט זיין די פאָרשטעלונג, האָט ער אָפּגעצויגן פון לעמ־בערג אַן אַ זייט־געזונט, ווייל ער האָט זיך, ווייזט אויס, דערשראָקן פאַרן לעמבערגער טעאַטער...

איך האָב געפילט, אַז די ווערטער זיינען געצילט קעגן מיר און איך האָב שוין אַליין אויך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עס וואָלט גלייכער געווען באַצייטנס אָפּצוציען פון לעמבערג, אָבער מיט וואָס? אַז קיין קאָפּיקע אין שטוב איז נישטאָ...

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז באַ איין פּראָבע צוזאַמען מיטן אָר־קעסטער, בין איך גראָד געווען באַ שטימע און איך האָב געהערט בעתן אָפּזינגען מיין פּאַרטיע, ווי מען רעדט וועגן אַ פיינעם באַריטאָן און דאָס האָט מיר ווידער צוגעגעבן מוט און איך האָב זיך געגרייט צום אויפטריט.

דער אָרקעסטער־דיריגענט איז געווען אַ אידישער פעלדפעבל און דאַ־לי גימפּל, דעם דירעקטאָרס זון, האָט זיך שוין דעמאָלט באַטייליקט אין אָרקעסטער, איך קאָן זיך בלויז נישט דערמאָנען אַף וואָס פאַר אַ אינס־טרומענט און די גענעראַל־פּראָבע איז אַדורכגעגאַנגען אויסגעצייכנט און פאַרנאַכט, איידער איך בין אַוועק אין טעאַטער, האָב איך ווידער אויס־געפּרואווט מיין שטים — אויסגעצייכנט! און איך גיי מיט אַ גרינג האַרץ און מיט גוטע האָפענונגען אין טעאַטער אַריין.

קומענדיק נענטער צום טעאַטער, האָב איך פּלוצלינג פאַרלוירן מיין מוט. עפּעס האָב איך זיך אָנגעהויבן שרעקן סיי פאַר מיין שטים און נאָך מער, פאַר דער חברה אַקטיאָרן, מיט וועלכע איך האָב זיך ערשט באַקענט, מען זאָל מיר נאָר נישט אָפּטון עפּעס אַ שפּיצל און מיר אונטערשטעלן אַ פיסל... און כדי צו מאַכן זיך מער מוט, כאַפּ איך זיך אַריין אין אַ שענקל און טרינק אויס אַ פיינעם שנאַפּס און איך פיל ווידער מיין מוט און מיין

זיכערקייט און איך גיי אין טעאַטער און גלייך אין גאַרדעראָב און הויב זיך אָן גרימירן און גרייטן צו מיין אויפטריט.

דער גאַרדעראָב איז באַשטאַנען פון אַ שמאָל שטיקל פּלאַץ פונוואַנען מען האָט געקאָנט גלייך אַרויפגיין אַף דער בינע און דאָרט האָבן זיך אַלע אַקטיאָרן באַדאַרפט גרימירן און איך האָב געפילט אַ דושנעקייט און דאָס גלעזל אָקאָוויט, וואָס איך האָב פאַרן גיין אין טעאַטער אויסגעטרונקען, האָט אויך געווירקט, אַז איך זאָל אָנהויבן שוויצן; איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געטרונקען אַזאַ מין שטאַרקן שנאַפּס ווי אָט אַ דאָס גלעזל אָקאָוויט וואָס האָט געקאָסט גאַנצע פינף קרייצער און פאַר די פינף קרייצער, האָט עס אין מיר אָנגעצונדן הונדערט פייערן און איך האָב געפילט, אַז עס עקט זיך מיר דאָס לעבן...

נאָר פאַרפאַלן. מען איז שוין אין שפּאַן און מען דאַרף שלעפּן דעם וואָגן.

איך האָב זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון גאַרדעראָב, איך האָב זיך אָנגעהויבן גרימירן און עפּעס עמיץ האָט מיר אונטערגעטראָגן רבי יאָזעלמאַנס קאָסטיום און איך טו אָן דאָס מלבוש און איך קוק אין שפּיגל און איך זע זיך אַזוי, ווי איך האָב זיך געזען אין רוסלאַנד, ווען איך האָב אין דער ראָל געהאַט אַזעלכע גרויסע דערפאָלגן און דאָס גיט מיר ווידער מוט און מיך שרעקן שוין ווייניקער די בליקן וואָס די שוין קאָסטיומירטע אַקטיאָרן וואַרפן מיר צו, ווי איינער זאָגט, אַנו, לאָמיר שוין זען וואָס דו קענסט... איך האָב נישט קיין מורא געהאַט, פאַרקערט, איך האָב איצט געפילט, אַז איך וועל געפעלן ווערן און איך וועל אויסנעמען סיי באַם לעמבערגער טעאַטער־עולם און סיי באַ די אַקטיאָרן...

נאָר אין דער לעצטער מינוט, ווען איך האָב שוין באַדאַרפט אַרויפגיין אַ ף דער בינע, האָט עס מיר אַ שלאָג געטאָן אין האַרצן און איך האָב אינגאַנצן פאַרלוירן מיין זיכערקייט; און ווי אַ פינצטערער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פאַר מיינע אויגן...

דער אָרקעסטער שלאָגט אָן די אינטראָדוקציע און איך דאַרף צוזאַמען מיט מיין אויפטריט אָנהויבן זינגען און איך הויב אָן און מיין שרעק ווערט פילפאַך גרעסער, ווען איך דערקען נישט מיין אייגן קול. אַנשטאָט מיין שטים וואָס האָט ערשט אינדערפרי געקלונגען אַזוי לויטער, האָב איך איצט געהערט אַ פאַרדומפּט קול וואָס איז געקומען ווי פון אַ קוימען אַרויס און איך זע זיך נאָך צו מיינע גרויסע צרות, ווי אַלע אַקטיאָרן אַף דער בינע קוקן זיך איבער מיט איראָנישע בליקן און איך פיל, אַז עס עקט זיך מיר דאָס לעבן...

די געזאַנג־פּאַרטיע איז געווען געענדיקט. איך האָב געפילט און געוואוסט, אַז צום ערשטן מאָל האָב איך דעם נומער, וועלכן איך האָב אַלע־

מאָל אַזוי ליב געהאַט און מיט וועלכן איך בין אַלעמאָל געווען אַזוי זי־כער, אַזוי שלעכט דורכגעפירט און איך האָב זיך באַמיט צו קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען און מיינע נערוון, כדי אויפצוהאַלטן מיין גייסטיקע גלייכ־געוויכט, אפשר וועל איך נאָך באַוויזן מיט דער פראַזע צו פאַריכטן דעם שלעכטן איינדרוק פון מיין געזאַנג.

איך האָב זיך דערמאָנט, ווי גוזיק איז דורכגעפאַלן אין דער ראָל, ווען ער האָט זי באַ מיר אַזוי אָף כוח צוגענומען; ער איז דורכגעפאַלן סיי מיטן געזאַנג, ווייל ער האָט גענומען מיט עטלעכע טענער העכער ווי ער האָט באַדאַרפט און דערנאָך איז ער דורכגעפאַלן אויך מיט דער פראַזע, ווייל ער האָט נישט געקענט די ראָל.

איך האָב דאָך אָבער גענומען ריכטיק דעם טאָן, נאָר וואָס דען? איך האָב זיך בעטן שווארצן די גרעניץ צוגעקילט און האָב פאַרלוירן מיין שטים. וועל איך איצט פרואוון זיך צו ראַטעווען מיט דער פראַזע פון דער שיינער ראָל. איך וועל זיך האַלטן מאַיעסטעטיש און וועלן ריידן מיט פאַ־טאָס און איך מוז אַרויסבאַקומען אַן אַפלויז פון פובליקום.

איך הויב אָן. גאָט מיינער! איך בין אינגאַנצן הייזעריק. נישט נאָר זינגען, אַפילו ריידן קאָן איך אויך נישט און ווער שמועסט, אָפּדעקלאַמירן מיט פאַטאָס די פראַזע פון רבי יאָזעלמאַן, דאָס זע איך איז שוין פאַר מיר אַן אומעגלעכע זאַך און איך בויג שוין דעם קאָפּ אונטער דעם שווערן בראָך וואָס האָט מיך געטראָפן, אַ קאַלטער שוויים שלאָגט מיר אַרויס אַפן שטערן און ווען דער אַקט האָט זיך עסדלעך געענדיקט, דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָב איך זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד...

נאָך היינט, אַזויפיל יאָרן שפּעטער, פיל איך נאָך די דאַנקבאַרקייט צו די עטלעכע אַקטיאָרן וואָס האָבן מיך דעמאָלט, אין מיין גרויסן בראָך, געטרייסט און מיר געזוכט אויסצוריידן מיין ביטער האַרץ, אַז זיי זעען אַז איך בין אַן אַקטיאָר און אַז איך האָב זיך געמוזט נישט איינמאָל אויס־צייכענען אין דער ראָל, נאָר דער צופעליקער אומגליק מיט מיין הייזעריק ווערן האָט געשטערט צום איצטיקן דערפאָלג און אַז עס וועט מיר בעסער ווערן וועל איך נאָך קענען באַוויזן דעם לעמבערגער פובליקום וואָס איך קען...

איך האָב זיך אָבער פון די אַלע טרייסט־ווערטער נישט געקאָנט באַ־רואיקן. איך געוואוסט, אַז אויב מיין ערשטער אויפטריט אין לעמבערג איז אַזוי פאַטאַל דורכגעפאַלן, איז מיין גורל שוין אַ געשטעמפּלטער און איך האָב שוין געוואָרט, אַז דאָס שפּיל זאָל זיך פאַרענדיקן און ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך ענדלעך געענדיקט און איך האָב פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן דעם היסטאָרישן קאָסטיום מיטן גרים, האָב איך געפילט אַ דער־

לייכטערונג, ווי איך וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע לאַסט און איך האָב נאָר געקוקט, וואו איך וועל דאָ געפינען אַ וועג זיך אַרויסצורוקן פון טעאַטער, אַז קיינער זאָל מיך נישט זען און איך האָב אַפילו נישט גע־טראַכט וועגן מיין שוועדער לאַגע אינדערהיים, אַז ציפּקע איז הונגעריק און קיין גראָשן איז נישטאָ... איך האָב שוין גאָרנישט געוואָלט, נאָר וואָס שנעלער פאַרשווינדן פון טעאַטער.

ווען איך האָב זיך געוואָלט אַרויסשאַרן פון טעאַטער, וואַקסט פאַר מיר פּלוצלינג אויס דער דירעקטאָר גימפּעל מיט זיין אייביקן ליבנסווירדיקן שמייכל. ער באַגריסט מיך פאַר מיין שיינעם אָפּזינגען די פּאַרטיס און ער דערלאַנגט מיר צוואַנציק קראָנען...

ערשט איצט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז פאַראַן געלט אַף דער וועלט; געלט, וואָס איך האָב איצט אַזוי נויטיק אַף אַ שטיקל ברויט פאַר מיר מיט ציפּקען און טאַקע אַף הוצאות מיר זאָלן קענען פאָרן ווייטער, אַוועק פון לעמבערג, וואוהין די אויגן וועלן טראָגן...

דער קאָמפּלימענט פון דירעקטאָר גימפּעל, אַז איך האָב שיין געזונגען, האָט אין מיינע אויערן געקלונגען ווי חוזק, אָבער די צוואַנציק קראָנען זיינען דאָך געווען ממשותדיקע, האָב איך זיי אַ כאַפּ געטאָן, אַרויסגע־מורמלט אַ דאַנק און איך האָב זיך איילנדיק געלאָזט אַפן וועג צו מיין קוואַרטיר.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעכער; איך האָב זיך באַמיט צו באַהערשן, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַזוי, מיט מיין גאַנצן ברענענדיקן ווייטיק אַהיימצוקומען. איך האָב מורא געהאַט, אַז אַהיימקומענדיק, וועל איך אויסברעכן אין אַ געיאָמער און איך האָב געפילט, אַז עס ווילט זיך מיר אויסשרייען מיין ווייטיק מיט אַ געברום פון אַ חיה און עס קאָן זיין, אַז ווען איך זאָל דאָרט געווען דאַרפן פאַרבייגיין פאַרביי אַ וואַסער, וואָלט איך, אָנשטאָט גיין אַהיים, בעסער זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין...

ציפּקע האָט מיך געטרייסט. זי האָט פאַרגרייט אַ פיינעם מאָלצייט און כאַטש מיך האָט געשטיקט יעדער ביסן, האָט זי אָבער, מיט אירע טרייסט־ווערטער פאַרט באַוויזן מיך צו באַרואיקן און איך האָב פּאַמעלעך אָנגעהויבן קומען צו זיך.

און אַזוי האָבן אָנגעהויבן פאַרגיין טעג און וואָכן אָן אַ שום אויס־זיכט, אָן אַ שום פּערספּעקטיוו און ס׳איז שוין נישט געווען קיין פראַגע פון קונסט, פון שפּילן טעאַטער, נאָר פּשוט דאָס שטיקל ברויט. פאַרקויפן אָדער פאַרזעצן איז שוין נישטאָ וואָס און צו וועמען זיך צו ווענדן איז אויך נישטאָ, וועגן נאָכאַמאָל גיין צום דירעקטאָר גימפּעל, האָב איך אַפילו נישט

געטראַכט און דאָ האָב איך אַפּילו נישט געהאַט פאַר וועמען זיך צו פאַר־טרויען וועגן מיין שרעקלעכער לאַגע.

אין אַט אַ די מוראדיקע טעג פון פאַרצווייפלונג און יאוש, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין לעמבערג זיינען אויך פאַראַן אידישע „וואַריעטעס" וואו עס זינגען און שפּילן די אַזויגערופענע „בראָדער זינגער".

איך האָב זיך אַנגעפרעגט צו אַזאַ „וואַריעטע" און געזען, אַז דאָס איז אַ פּשוטע שענק-שטוב וואו עס זיצן געסט אַרום די טישלעך אַף וועלכע עס שטייען פאַרשידענע געטראַנקען און אויבנאַן, אַף אַ קליינעם פּאָדיום, אַזאַ קליין בינעלע, אַף וועלכן עס שטייען די זינגערס און זינגען.

איך האָב זיך נישט געוואַגט אַוועקצוזעצן באַ אַ טיש, ווייל עס קאָן צוקומען אַ קעלנער און פרעגן וואָס איך וויל באַשטעלן און איך האָב נישט געהאַט קיין קרייצער באַ דער נשמה... — איך דאַרף צו די אַרטיסטן, האָב איך געענטפערט דעם קעלנער וואָס האָט מיך איינגעלאַדן אַוועק־צוזעצן באַ אַ טיש.

מען האָט מיך באַלד צוגעפירט צו די זינגערס און דער ערשטער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט פ נ ח ס ק אַ נ י ס ק ע וו י ט ש, וועמען מען האָט אויך גערופן פּנחס דער משוגענער... (ער איז אַלעמאָל גע־ווען משוגעוואַטע און צום סוף איז ער טאַקע געשטאָרבן אין אַ משוגעים־הויז...).

— דאָס איז אונדזער דירעקטאָר, ווייזט מיר פּנחס דער משוגענער אַן אַף אַ הויכן אידן מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ ברייט קיילעכדיק פּנים, אַף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעזעצט ווי ספּעציעל צוגרימירט, עט־לעכע וואָרצלען באַוואַקסענע מיט האָר און פון דעם ברייטן פּנים האָט אַרויסגעשטאַרטשעט אַ שפּאָרעוודיקע רויט-בלויע נאָז און ווען ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און אַ קוועטש געטאָן, האָב איך שוין דערפילט, אַז איך האָב דאָ נישט צו טאָן מיט אַ געוויינלעכן מענטשן.

דערווייל, נאָך איידער ער האָט באַוויזן מיט מיר אויסצורעדן אַ פּאָר ווערטער, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס איז זיין ריי און ער האָט מיך געלאָזן שטיין און איז אַרויף אַף דעם פּאָדיום און שוין אָנגעהויבן זינגען אַ ליד.

דאָס איז אַלץ געשען אַזוי שנעל, אַז איך האָב ממש נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי מען קאָן עפּעס די זאַכן מאַכן אַזוי אַף שנעל, אָט שטייט מען און מען רעדט און אָט איז מען שוין אַף דער בינע און מען זינגט פאַר אַן עולם...

מילא, דאָס זינגען יאָך דאָס זינגען; נאָר אין קלויבן דערנאָך די קריי־צערס מיט אַ טעלער צווישן עולם, אין דעם האָט זיך דער „דירעקטאָר"

גאָר פיין אויסגעצייכנט, און זעענדיק ווי ער גייט מיט דעם טעלער פון איין טיש צום צווייטן און נעמט צונויף די קופּערנע און ניקלנע מטבעות וואָס מען וואַרפט אים אַפן טעלער, האָבן איך נאָר געטראַכט, פאַרוואָס מען רופט אים עפּעס דירעקטאָר און ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז טאַקע אַ דירעקטאָר, ווייל ער האָט אַ קאָנצעסיע אַף אַנצופירן מיט אַ וואַריעטע און אין עסטרייך גייט אַלץ מיט אַ סדר און אַז ער האָט די קאָנצעסיע, איז ער דער דירעקטאָר און די אַנדערע זינגער מוזן דינען בײַ אים...

די בעטלערישע „פּרנסה" האָט אַף מיר אַפן ערשטן מאָמענט געמאַכט אַ זייער מוראדיקן איינדרוק, אָבער מיין לאַגע איז געווען אַזאַ טרויעריקע, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין שום אַנדער ברירה, האָב איך זיך צעשמועסט מיט דער חברה זינגער און מיטן דירעקטאָר, איך האָב זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַלס אַקטיאָר און אַלס זינגער און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין נאָמען איז שוין מאַנכע פון זיי באַקאַנט און זיי ווייסן אַפילו וועגן מיין גרויסן דורכפאַל אין גימפּלס טעאַטער, אָבער זיי נעמען עס נישט אין אַכט און פּנחס דער משוגענער לייגט מיר פאָר, אַז איך זאָל טאַקע שוין, איצט, אַרויפגיין אַף דער בינע און דערלאַנגען עפּעס פון מיין סחורה.

וואָס אין דעם מאָמענט האָט זיך אָפּגעשפּילט אין מיין מוח! איך האָב געפילט, אַז דאָס אַרויפגיין זינגען אין דער שענק־שטוב, הייסט אַריינשטעלן איין פיס אין דער בלאָטע און דערנאָך וועל איך שוין מוזן אויך דעם צווייטן אַריינשטעלן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נאָך אַלע מיינע דערגרייכונגען אַלס אַקטיאָר, מיינט דאָס אויפטרעטן אין אַזאַ מין וואַריעטע, אַ גרויסע ירידה פאַר מיר; נאָר וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? נויט ברעכט אייזן און די נויט האָט דאָך מיך צו שטאַרק געשטיקט און ווען איך האָב שוין מסכים געווען „אויפצוטרעטן", האָב איך זיך אָבער אויסגענומען, אַז מיטן טעלער וועל איך בשום־אופן נישט אַרומגיין...

— דאָס וועט שוין דער דירעקטאָר מאַכן פאַר אייך — האָט פּנחס מיך באַרואיקט און ער האָט שוין נישט גערוט און איך האָב געזען, אַז לויט די צייכנס וואָס דער דירעקטאָר גיט זיך מיט זיינע אַרטיסטן, אַז זיי גיבן מיר אייגנטלעך אַן אָפענע פּראָבע, אַן אויפטריט, וואָס דאַרף זיי באַווייזן צי איך קאָן פאַר זיי טויגן אָדער נישט...

קיין ספּעציעלן רעפּערטואַר פאַר אַזאַ פּלאַץ, האָב איך נישט געהאַט. איך האָב געקענט אַ היבש ביסל לידער פון גאָלדפאַדנס רעפּערטואַר, אָבער איך האָב פּשוט מורא געהאַט צו זינגען, איך זאָל נישט דאַרפן האָבן אַ צווייטע מפּלה; זייט מיין דורכפאַל אַלס רבי יאָזעלמאַן אין גימפּלס טעאַ־

טער, האָב איך נישט געפּרואווט אפילו מער זינגען, איך האָב געמיינט אַז איך האָב שוין טאַקע מיין שטים פאַרלוירן, טאָ ווי וואָגט מען עס עפּעס איצט אַרויסצוגיין זינגען און טאַקע פון גאָלדפאַדנס רעפּערטואַר?

נאָר, ווי שוין דערמאָנט, נויט ברעכט אייזן; איך האָב געמוזט זוכן עפּעס צו פאַרדינען און איך האָב באַשלאָסן אויפצוטרעטן מיט גאָלדפאַדנס ליד „ישראליקל אַרוים".

דאָס ליד האָט אַן עכט אידישלעכע מעלאָדיע און צו מיין גרויסער פרייד, האָט מיין שטים אָפּגעקלונגען העל, ווי אַ גלאָק און שוין אינמיטן זינגען, האָב איך דערפילט, אַז דער עולם הערט מיך אויס מיט אינטערעס, עס האָט אויפגעהערט די געקלאַפּעריי מיט גלעזער ווי איך האָב עס געזען מיט עטלעכע מינוט פריער ווען דער דירעקטאָר האָט געזונגען און איך האָב געזען, אַז עס גייט גוט.

ווען איך האָב פאַרענדיקט דאָס ליד, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורמישער אַפּלאָוז און די געסט האָבן אָפּן הויכן קול געפּאָדערט, אַז איך זאָל זינגען אַ צווייט ליד און איך האָב געמוזט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג און דער דירעקטאָר איז דערנאָך אַרומגעגאַנגען מיטן טעלער און געזאַמלט די מטבעות און דאָסמאָל זיינען אָפּן טעלער געפאַלן בלויז ניקלנע מטבעות, אַ סימן, אַז איך האָב אויסגענומען באַ די געסט און באַ איין טישל זיינען געזעסן עטלעכע לעבע־יונגען און ווען דער דירעקטאָר איז צוגעקומען מיטן טעלער, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען, אַז זיי ווילן, אַז דער זינגער זאָל אַליין צוקומען צו זיי און זיי האָבן דעם דירעקטאָר אַוועקגעטריבן פון טיש.

דער דירעקטאָר קומט צו צו מיר און בעט מיך איך זאָל שוין צוגיין צו יענעם טיש, ווייל, ווייזט אויס, אַז די חברה לעבע־יונגען זיינען אַביסל שיכורלעך און זיי ווילן נאָר אַז דער זינגער אַליין זאָל צוקומען און עס איז דאָך אַ שאָד, עס קאָן אַריינפאַלן אַ שיינע מטבע... און זעענדיק, אַז איך קווענקל זיך, האָבן מיך אַלע, דער דירעקטאָר מיט די איבעריקע זינגער, אָנגעהויבן שטויסן און שטופּן, ביז זיי האָבן מיך שוין געהאַט נעבן דעם טיש פון די וואוילע יונגען.

די חברה לעבע־יונגען האָבן מיך אַוועקגעזעצט באַ דעם טיש אויבנאָן, זיי האָבן באַשטעלט צו עסן און צו טרינקען און נאָך אַ פיינעם לחיים; האָבן זיי צונויפגעלייגט צו גאַנצע קראָנען יעדער איינער און מען האָט מיר דערלאַנגט אַ היבשע סומע.

איך האָב זיי זייער וואַרים אָפּגעדאַנקט פאַר זייער פריינטלעכקייט און באַציאונג און בין מיט דער פולער האַנט מיט זילבערנע קראָנען אַוועק צו מיין חברה אין ווינקל נעבן פּאָדיום, דאָרט האָב איך אָפּן טישל אויסגעשיט דאָס געלט און די גאַנצע חברה האָט זשעדנע גענומען ציילן. מיט

די בליקן, וויפל עס איז פּאַראַן. און זיי האָבן אָפן אויסגעדריקט זייער פרייד מיט דער נייער קראַפט וואָס זיי האָבן אַריינבאַקומען, וואָס אַדאַנק אים, וועט זיין פּרנסה...

ווען עס האָט זיך געענדיקט די „וואַריעטע־פאָרשטעלונג", פאַרן פּאַר־מאַכן די שענק, האָבן זיך די זינגער, לויט זייער שטייגער פּירונג, אָפּגע־רעכנט מיטן דירעקטאָר און איינגעטיילט מיט דער הכנסה, זיי האָבן מיר צוגעטיילט אַ פיינעם חלק און זיי האָבן מיך שוין באַשטעלט אויף מאָרגן, אַז איך זאָל קומען און אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען און עס וועט זיין אַ לעבן...

מיט די עטלעכע קראָנען אין קעשענע, בין איך נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אַהיים.

אָפן וועג בין איך אַריין אין אַ קלייטל, איינגעקויפט עסן פאַר ציפּקען און מיין פרייד איז כסדר געוואַקסן. אַט איז שוין דאָ עסן פאַר ציפּקען; אין קעשענע איז פאַראַן געלט געגוג, עס וועט זיין צו באַצאָלן דער באַ־לעבאַסטע פאַר קוואַרטיר און וואָס דאָס וויכטיקסטע — איך האָב צוריק־געוואונען מיין שטים און איך וועל קענען זינגען און איבערקומען אַ שטיקל צייט, ביז איך וועל זיך ווידער דערשלאָגן צו אַ טעאַטער־טרופּע און ווידער צוריקבאַקומען מיין שטאַנד אַלס אַקטיאָר...

ווען איך בין אַהיימגעקומען, איז ציפּקע שוין געשלאָפן. איך האָב געוואוסט, אַז זי האָט זיך געמוזט לייגן שלאָפן אַ הונגעריקע, האָב איך זי אויפגעוועקט, געוויזן איר דאָס איינגעקויפטע עסנוואַרג און אויך די זילבערנע קראָנען און זי איז לעבעדיק געוואָרן, אויפגעשטאַנען און קודם געגעסן און איך האָב איר דערציילט וועגן מיין גליק וואָס האָט מיך גע־טראָפן און אַז איך האָב צוריק מיין שטימע און אַז מיר זיינען געראַטעוועט.

אַ צופרידענע האָט ציפּקע געגעסן און זיך צוגעהערט צו מיינע פריי־דיקע רייד און ענדלעך, איז זי מיט אַ פאַרגעניגנדיקן שמייכל אָפן פּנים, צוריק איינגעשלאָפן.

איך האָב אָבער שלאָפן נישט געקאָנט. איך האָב געטראַכט און גע־טראַכט און כסדר זיינען נייע געדאַנקען געקומען אין קאָפּ און זיי האָבן זיך אויסגעמישט איין געדאַנק מיט אַנדערן און עס האָט זיך אָנגעהויבן פלאַנטערן אַן אַ טאַלק און עס זיינען אין מיין מוח פאַרבייגעשוואומען אַלע מיינע פריערדיקע איבערלעבונגען, מיינע דערפאָלגן און מיינע דורכ־פאַלן, מיינע ליידן און מיינע פריידן און צום סוף בין איך ווידער צוגעקו־מען צו מיין איצטיקע ווירקלעכקייט און איך האָב זיך געזען אויף דעם פּאָדיום בעת איך זינג גאָלדפאַדנס „ישראליקל אַרוים" און ווי דער עולם אַרום די טישלעך אַפּלאָדירט מיר און פאָדערט איך זאָל זינגען נאָך און מאָרגן וועל איך ווידער דאַרפן שטיין אויף דעם פּאָדיום און ווידער זינגען

פאַר דעם עולם אַרום די טישלעך און איך וועל דאַרפֿן זען ווי דער דירעק־טאָר גייט אַרום מיטן טעלער און זאַמלט די קופּערנע און ניקלנע מטבעות און אפשר וועלן זיך ווידער געפֿונען אַ גרופּע לעבע־יונגען און זיי וועלן פֿאָדערן אַז איך אַליין זאָל צוקומען און מיין חברה בראָדער זינגער וועלן מיך שטויסן און צושטופּן ביז צום טיש און זיי וועלן מיר געבן אַ פֿולע האַנט מיט זילבערנע קראַנען...

עס איז שוין געווען טאָג, ווען איך בין ענדלעך איינגעשלאָפֿן און עט־לעכע שעה שפּעטער האָב איך געמוזט אויפֿשטיין און זיך גרייטן ווידער צו גיין אין דער שענק אַריין, צו מיין וואַריעטע־טרופּע, די בראָדער זינגער.

די צווייטע נאַכט אין דער שענק, האָב איך נאָך שטאַרקער דורכגע־פֿילט מיין דערנידעריקונג. די ערשטע נאַכט, בין איך געווען הונגעריק און איך האָב געוואוסט, אַז ציפּקע איז אינדערהיים אַ הונגעריקע און די נויט איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב נישט געקאָנט אַף אַזויפֿיל פֿילן מיין שאַנד, צו אַרבעטן אַף אַזאַ פּלאַץ וואו מען בעטלט דעם האָנאָראַר מיט אַ טעלער. אָבער די צווייטע נאַכט, נאָכדעם ווי מיר זיינען שוין געווען זאַט און פֿאַר דער קוואַרטיר איז שוין אויך געווען באַצאָלט, האָב איך שטאַרקער געפֿילט מיין ירידה און איך האָב איינגעזען, אַז איך וועל זיך דאָ נישט האַלטן, ווען אפילו איך זאָל פֿאַרדינען שטיקער גאָלד...

ציפּקע האָט מיך בנוגע אַלץ זייער גוט פֿאַרשטאַנען און אפילו מיט־געפֿילט, נאָר דאָס, וואָס איך וויל אַוועקוואַרפֿן אַזאַ זיכערע פּרנסה, וואָס יעדער טאָג ברענגט אַריין ניי געלט אין שטוב אַריין, דאָס האָט זי בשום אופֿן נישט געקאָנט באַגרייפֿן און אומזיסט האָב איך זיך באַמיט איר צו געבן צו פֿאַרשטיין, איר אויפֿצוקלערן, אַז איך בין אַן אַרטיסט, אַן אַק־טיאָר וואָס דאַרף שפּילן אין אַ טעאַטער און נישט זינגען עפּעס אין אַ שענק און דערנאָך אַרומגיין מיט אַ טעלער און שנאָרן מטבעות באַם האַלב־שיכורן עולם וואָס זיצט אַרום די טישן... איך האָב געפּרואווט מיט ציפּקען ריידן וועגן נשמה, וועגן דערהויבונג פֿון אַ קינסטלער, וועגן קינסטלערי־שער אַמביציע צו שפּילן אַ ראָל אין אַ פּיעסע און אַרויסהויבן זיך קעגן די איבעריקע פֿון טרופּע און קעגן אַנדערע אַקטיאָרן וואָס האָבן שוין גע־שפּילט דיזעלבע ראָל... מיין מי איז געווען אַרויסגעוואָרפֿן. זי האָט עס נישט געקאָנט פֿאַרשטיין און נישט געקאָנט באַגרייפֿן און זי האָט מיך פּשוט געהאַלטן פֿאַר אַ לייכטזין, וואָס איך נעם מיט די אייגענע הענט און גיי אַוועקוואַרפֿן אַזאַ לייכטע און זיכערע פּרנסה...

איך האָב מיינע נייע קאָלעגן די בראָדער זינגער און הויפּטזאַך, פּנחסן דעם משוגענעם, וועלכער האָט מיך אין מיין נויט דער ערשטער איינגע־לאָדן צו מיטאַרבעטן, זייער פֿיין אָפּגעדאַנקט און איך האָב זיי דערקלערט,

אַז איך קאָן נישט מער, איך בין אַ געזונטער יונגער מענטש און אויב איך וועל נישט באַקומען קיין טעאַטער וואו צו שפּילן און וואו עס דאַרף זיין מיין פּלאַץ, וועל איך זוכן און טאָן די שווערסטע אַרבעט, נאַר זינגען אַזוי אַ, אין אַ שענק, דאָס איז נישט פאַר מיר.

פּנחס דער משוגענער האָט מיך דווקא יאָ פאַרשטאַנען. איך האָב געזען ווי זיינע אויגן זיינען געוואָרן פייכט און ער האָט אָף מיר אַזוי מאָדנע געקוקט, דאָס איז געווען אַ בליק וואָס האָט אויסגעדריקט דרך-ארץ מיט רחמנות צוזאַמענגעמישט און ער האָט מיר אָנגעווינטשן, אַז איך זאָל געפינען דאָס וואָס איך זוך און הלוואי, איך זאָל נישט מוזן אָנקומען צוריק צו דעם ברויט...

אַזוי האָב איך פאַרלאָזן די בראָדער זינגער מיט זייער „וואַריעטע־טעאַטער" און שנעל האָבן זיך אויסגעלאָזט די פאַרדינטע עטלעכע קראַנען און ווידער האָבן זיך אָנגערוקט טעג פון הונגער און נויט, וועלכע זיינען שוין דאַסמאָל געקומען באַגלייט מיט די פאַרוואורפן פון ציפּקען, פאַרוואָס איך האָב מיט אייגענע הענט אַוועקגעוואָרפן אַזאַ זיכערע פּרנסה.



# נײַנצנטער קאַפּיטל

לעמבערגער אַקטיאָרן לײַדן נויט. — דער טויבער ראָזנבערג באַזוכט מיך. — אַ גרופּע אַקטיאָרן נעמען מיך קיין קראָקע. — עס פאַרשנײַט אונז די פאָרשטעלונג. — דירעקטאָר משה שאָר און זײַן טעאַטער־פאַמיליע. — איך זינג אין כאָר. — איך לאָז אויסשרײַבן די נאָמען פון „עקדת יצחק". — פון זיבן ראַניש ווערט צוויי. — מיר פאָרן קיין רײַשע און ציפּקע קומט צו מיר.

צווישן די עטלעכע צענדליק אידישע שוישפּילער וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין לעמבערג, האָט געהערשט דחקות און נויט.

אַ קלענער טייל פון זיי האָט אַקטואירט אין גימפּעל־טעאַטער, עטלעכע האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן אין די אַזויגערופענע וואַריעטעס און די איבעריקע זײַנען פּשוט אַרומגעגאַנגען און געהונגערט.

אויך די וואָס האָבן געאַרבעט, האָבן נישט געלעבט אין וואוילטאָג; הונגער און נויט האָט דעם אידישן אַקטיאָר באַגלייט אַף אַלע זײַנע וועגן און די אַקטיאָרן זײַנען נישט געווען אַליין; דאָס זײַנען געווען פאַמיליען־מענטשן וואָס האָבן געהאַט פרויען און קינדער און די מענטשן זײַנען געווען יונגע און פעאיקע און זיי וואָלטן געקאָנט זיך אויסטויגן צו יעדער אַרבעט, נאָר נײַן; זיי האָבן זיך צו קיין שום אַנדער זאַך נישט אויסגעטויגט; יעדע אַנדערע אַרבעט איז בײַ זיי געווען עפּעס אַ צו טאָג־טעגלעכקייט און דאָס זײַנען געווען מענטשן מיט נשמות־יתירות, דאָס זײַנען געווען מענטשן מיט אַ דראַנג צו קינסטלערישער דערהויבונג; דאָס זײַנען געווען מענטשן פונקט ווי איך, וואָס האָבן פון דער יונגסטער יוגנט אָן ווי דורך אַ באַשטימונג פון גורל, געמוזט נעמען אַף זיך די פליכט צו — שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן און ווען אַפילו מען וועט הונגערן בעתן דערפילן די גרויסע און הייליקע פליכט, זאָל מען זיך פון איר מער קיינמאָל נישט קענען אָפּטרייסלען...

עס האָט אויסגעזען, ווי דער גורל האָט אַף די מענטשן אַרויפגעוואָרפן אַ גרויסן האָרב וועלכן זיי קענען פון זיך בשום־אופן נישט אַראָפּטרייסלען און זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו לײַדן אונטער דער שווערער לאַסט און אַפילו אין די לײַדן זײַן פריילעך און חוזק פון דער אייגענער פּײַן...

עס איז געקומען פאר פסח און די ארבעטסלאזע אקטיארן האבן אנגעהויבן פלאנעווען זיך צו גרופירן און ארויספארן ערגיץ שפילן, כדי עפעס צו פארדינען.

אין א געוויסן פרימארגן, יאווען זיך אף מיין קווארטיר דריי פערזאן אלס דעלעגאציע, דאס זיינען געווען — יאזעף ראזנבערג (דער טויבער), מאקס שטרענג, דער קאמיקער און קלוג, א זינגער. זיי זיינען געקומען מיט מיר איבערשמועסן, צי בין איך נישט גרייט מיט זיי ארויסצופארן קיין קראקע, כדי דארט צו שפילן איבער פסח.

גערעדט מיט מיר, האט דער טויבער ראזענבערג און זייענדיק טויב ווי די וואנט, האט ער געהאט א טבע יעדן אריינצושרייען אין אויער און ער האט מיר אזוי אריינגעשריגן אין אויער, אז ער האט מיך אויך שיעור טויב געמאכט...

ראזנבערג האט מיר פארגעשטעלט דאס געשעפט אין גאלדענע פארבן. עס שטייט ממש פאר א גליק. א קלייניקייט, אזא שטאט קראקע און פסח דערצו, די בעסטע טעג אין יאר פאר אידיש טעאטער; מיר וועלן פשוט מאכן א מטמון מיט געלט און עס איז זיכער, ווי איינס און איינס איז צוויי... נאר איין זאך, אזוי ווי מיר האבן דאך נישט קיין מעגלעכקייטן, זאל איך פארן דערווייל אליין און דערנאך, וועל איך שוין קענען אריבערנעמען ציפקען.

איך האב אויסגעהערט ראזנבערגס פארשלאג און געסטארעט זיך צו גלויבן אין די גאלדענע גליקן וואס ער האט מיר אויסגעמאלן. איך האב שוין גוט געזען און געפילט דעם גורל פון אידישן אקטיאר מיט אלע זיינע בענקענישן און איך האב שוין גוט געזען, אז איך בין איינער פון די אלע, וואס דער גורל האט פאראורטיילט יענעם צו דערפרייען און אליין ליידן נויט און פיין און דא האט זיך נאר געהאנדלט, אז ציפקע זאל באשטיין דערויף אז איך זאל זי דא איבערלאזן אליין אין לעמבערג, נאר וועגן דעם האבן שוין געזארגט שטרענג און קלוג, זיי האבן ציפקען אזויפיל מאל פארזיכערט, אז איך וועל איר אין עטלעכע טעג ארום קענען שיקן א סך געלט און זי באלד אריבערנעמען קיין קראקע, אז זי האט שוין געמוזט גלויבן און זי איז איינגעגאנגען דערויף.

עס האבן נאך געפעלט צוויי וואכן צו פסח, נאר כדי צוצוגרייטן זיך ווי געהעריק, האט מען זיך געאיילט מיטן ארויספארן. שטרענג און ראזנבערג האבן פון ערגיץ באקומען געלט אף הוצאות, איך געזעגן זיך מיט ציפקען און מיר פארן.

פון פריערדיקע דערפארונגען האב איך שוין געוואוסט, אז אקטיארישע האפענונגען צעשווימען זיך ווי שיינע חלומות, דאך, איז געווען צו

גלויבן, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי קראָקע, לויט ווי מען האָט זי מיר פאַרגע־שטעלט, זאָל מען קענען אין די פּסח־טעג מאַכן גוטע געשעפטן.

דערווייל האָט געפעלט קנאַפּע צוויי וואָכן און קיין געלט האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר זיך אַלע איינקוואַרטירט אינאיינעם אין אַן אָרי־מער שטוב און וואָס צו עסן איז נישט געווען, זיינען מיר יעדן טאָג גע־גאַנגען צו פּראָבן מיט הונגעריקע מאָגנס און אין די פרייע שעהן, האָבן מיר אַרומשפּאַצירט איבער די קראָקעווער גאַסן און באַקוקט די אַלע אַלטערטימלעכע זעגסווירדיקייטן און אַז עס האָט זיך געמאַכט, אַז עמ־לעכע גוטע ברידער וואָס האָבן זיך געוואָלט דערנענטערן צו אַקטיאָרן און זיי האָבן אונדז פאַרבעטן אַף אַן עס מיט אַ טרונק, איז געווען פאַר אונדז יום־טוב, אָבער נישט צו אָפט האָבן זיך אין קראָקע אַזעלכע גוטע ברידער געיאַוועט...

מיר האָבן צוגעגרייט אַ רעפּערטואַר אַף יום־טוב. די ערשטע פאָר־שטעלונג האָט באַדאַרפט זיין פון לאַטיינערס פּיעסע „אשה רע", די שלעכטע פרוי, וואָס האָט דעמאָלט איבעראַל זייער שטאַרק אויסגענומען.

די גרופּע אַקטיאָרן וואָס האָבן מיך מיטגענומען קיין קראָקע, זיינען שוין געווען איינגעשפּילט אין די פּיעסן, האָבן זיי מיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן אָפּגעבן מיר אַ קליין ראָלעכל און דאָס איבעריקע זאָל איך צוזינגען מיטן כאָר... און זיי אַליין, צווישן זיך, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אַמפּערן צוליב די ראָלן און יעדער האָט געוואָלט דווקא די גרעסטע ראָל און יע־דער האָט באַוויזן אַז אים קומט די גרויסע ראָל און עס האָט אויסגעזען, אַז דאָ געפינט זיך אַ טרופּע פון בלויזע פּריצים און עס איז פשוט נישטאָ ווער עס זאָל פּאַשען די חזירים...

איך האָב זיך ווי אַ זייטיקער און אַ געקרענקטער דערצו, צוגעקוקט צו דעם ווילדן געיעג נאָך אַ ראָל און איך האָב געזען דעם גרויסן אומזין פון אַזאַ געיעג און נאָך דערצו אין אַ צייט, ווען מען געפינט זיך אין אַזאַ גרויסער נויט און שפּילן מוז מען דאָך אַלע ראָלן גוט, כדי מען זאָל אויס־נעמען באָם עולם, נאָר גלייכצייטיק האָב איך אויך פאַרשטאַנען, אַז דער אַקטיאָר יאָגט זיך נאָך דער גרעסערער ראָל, כדי צו ווייזן, אַז ער איז וויכטיק פאַר דער פּראָפּעסיע און פאַר דער טרופּע און דאָס געהערט שוין איינגנטלעך צו דער קינסטלערישער אַמביציע, ווייל צי האָב איך דען אַליין נישט געהאַט געגוג האַרצווייטיק, וואָס מען איז מיך דאָ אָפּגעקומען מיט צוטיילן מיר אַ ראָלעכל און געהייסן מיטגיין מיטן כאָר, בעת איך ווייס, אַז איך בין פּעאיק צו עפּעס מער?...

עס איז אָנגעקומען געגוג שווער, ביז די טרופּע האָט זיך פאַרגלייכט און איינגעטיילט זיך מיט די ראָלן און גאָט האָט געהאָלפן, עס זיינען אַוועק

די הונגער־טעג, עס איז שוין ערב פּסח, מען מאַכט שוין די גענעראַל־פּראָ־
בע, אַלץ גייט גוט און אַט וואַרט מען שוין אַף דער ערשטער פאַרשטע־
לונג און פּלוצלינג מען שטייט אויף אינדערפרי, עס שנייט. אַ גאַנצן טאָג
האָט אַזוי געשנייט און באַנאַכט איז שוין דער שניי געווען אַזוי טיף, ממש
ביז איבער די קניען און טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט זיך
אויפגעהויבן אַזאַ וויסטע זאַווערוכע, אַז עס איז שוין נישט געווען אַפילו
אַ הונט אַרויסצולאָזן און אין אַזאַ שטורעמדיקע נאַכט איז אונדז אויס־
געקומען צו געבן די ערשטע פאַרשטעלונג אין קראָקע.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן באַדאַרפט שפּילן פאַר אַ ליידיקן סאַלאָן
און דער הער אַ יי ב ע ר, דער אייגנטימער פון סאַלאָן, איז אַרומגע־
גאַנגען אַ בייזער אַף דער גאַנצער וועלט.

מיר, אַקטיאָרן, האָבן זיך געשטאַרקט און פאַרגענומען, אַז מיר מוזן
פונדעסטוועגן אָפּשפּילן אַ שיינע פאַרשטעלונג. זאָלן די עטלעכע מענטשן
וואָס זיינען טראָץ דעם שווידערלעכן וועטער דאָך געקומען אין טעאַטער,
כאָטש זען, אַז עס איז געווען כדאַי. אַז דאָ שפּילט אַן ערשט־קלאַסיקע
טרופּע און אַבי די ערשטע פאַרשטעלונג וועט גוט אויסנעמען, וועלן מיר
באַ די ווייטערדיקע פאַרשטעלונגען אָפּפאַרדינען פאַר אונדזער היינטיקן
שאָדן.

און די פאַרשטעלונג איז טאַקע זייער פיין דורכגעפירט געוואָרן און
אויך די ווייטערדיקע פאַרשטעלונגען אין קראָקע זיינען זייער פיין דורכ־
געפירט געוואָרן, נאָר קיין געלט אַף צו שיקן נאָך ציפּקען, איז נישט גע־
ווען און אַפילו פאַר זיך אַליין רעכט אָפּצועסן איז אויך נישט געווען און
אַזוי האָבן זיך אונדזערע „גאַסט־שפּילן״ אין קראָקע געענדיקט זייער
טרויעריק, מיר האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן און נישט געהאַט קיין
שום מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען אין אַן אַנדער שטאָט, וואו מען
זאָל זיך קענען ראַטעווען.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, האָט זיך צו אונדז געיאַוועט אַ טעאַטער־די־
רעקטאָר, וועגן וועלכן איך האָב שוין נאָך אין לעמבערג זייער פיל גע־
הערט. דאָס איז געווען דער דירעקטאָר משה שאָר. ער איז געקומען אַנגאַ־
זשירן עטלעכע אַקטיאָרן פאַר זיין טרופּע.

משה שאָר איז געווען אַ מיטל־הויכער מאַן מיט פלינקע באַוועגונ־
גען, ווי אָנגעצויגן מיט שפּרוזינעס. ער האָט נישט געקאָנט איינשטיין אַף
אַ פּלאַץ און אַלע אברים האָבן זיך אים באַוואויגן ווען ער האָט גערעדט
און אַז ער האָט מיט עמיצן גערעדט, האָט ער יענעם אָנגענומען באַם
פּנים מיט ביידע הענט און יענעם געהאַלטן אַזוי, אַז יענער האָט נישט
געקאָנט אַוועקדרייען דעם קאָפּ און געמוזט אים אויסהערן וואָס ער זאָגט

און טאַמער האָט ער שוין יענעם נאָכגעלאָזן דעם קאָפּ, האָט ער אים נאָך אַלץ צוגעהאַלטן ביי אַ לאַץ פון מלבוש, ביז ער האָט אינגאַנצן פאַרענ־דיקט מיט אים און ער האָט זיך גענומען צו אַן אַנדערן...

מיט זיין האַפּערדיקייט און מיט זיין פריילעכקייט, איז ער מיט יעדן באַלד געוואָרן היימיש־פאַמיליער און ער האָט זיך אימפּאָנירט מיט זיין אָפנהאַרציקייט און גוטברודערישקייט.

פון אונדזער גרופּע האָט ער אויסגעקליבן מאַקס שטרענג און מיך, און נאָך עפּעס אַ כאַריסטקע. ווען איך האָב געפּרואווט אַ פרעג טאָן באַ אים אַף באַדינגונגען, האָט ער מיר בליץ־שנעל געענטפערט, אַז וועגן דעם איז אַפילו נישטאָ וואָס צו ריידן. ער צאָלט מיר זיבן ראַניש אַ נאַכט און ער גאַראַנטירט מיר פאַר פיר מאָל אין וואָך שפּילן.

איך האָב אין געדאַנק באַלד אויסגערעכנט, אַז דאָס מאַכט אויס מינ־דעסטנס אַכט און צוואַנציק ראַניש אַ וואָך, דאָס הייסט זעקס און פופ־ציק קראָנען, דאָס איז ממש אין יענער צייט אין גאַליציע געווען אַ פאַר־מעגן און איך האָב שוין אין געדאַנק גאָט געבעטן, אַז עס זאָל שוין אַרי־בער די ערשטע וואָך און איך זאָל קענען שיקן ציפּקען די ערשטע פעטע פאַר ראַנישן.

באַלד צומאָרגנס בין איך צוזאַמען מיט משה שאָר געפאָרן קיין נײַ־סאַנדז, וואו עס איז געשטאַנען זיין טרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט מערסטנס זיינע אייגענע פאַמיליאַנטן.

משה שאָר האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיין משפּחה. זיגמונד שאָר, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: — דער אַלטער שאָר, דאָס איז געווען אַ הויכער שלאַנקער מאַן אין די זעכציקער יאָרן, מיט לעגנגלעכע גרויע האָר און מיט אַ טיפן בליק פון אַ מענטשן וואָס פאַרשטייט וואָס ער זעט. באַלד באַ דער ערשטער באַגעגעניש, וועקט ער רעספּעקט צו זיין פּערזאָן און ווי איך האָב דערנאָך געהערט דערציילן, איז ער געווען אַ גאָר גרוי־סער אינטעליגענט, אין דער יוגנט האָט ער געהאַט סמיכות אַף רבנות, אָבער ער איז אַוועק אַף אַנדערע וועגן, אפשר אויך ווי ראַזנטאַל, דאָס רייכע זונדל, וואָס האָט דווקא געוואָלט זיין מיט אַקטיאָרן און העלפן שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן און ער איז געוואָרן אַן אַקטיאָר און דווקא אַן אַקטיאָר מיט גרויסן טאַלאַנט.

די אַלטיטשקע פרוי שאָר, אַ קליינינטשקע, מיט אַ זילבער־ווייסן קאָפּ האָר, אַזאַ האַרציקע און מיט אַזאַ אידישן חן, אַז עס וואָלט איר אַ סך בעסער געפּאַסט צו זיין אַ רביצין, ווי אַ אידישע אַקטריסע... און זייער עלטסטע טאָכטער, מאַני, מער געראָטן אין פאָטער, אַ הויכע, איר קאָפּ איז שוין אויך געווען באַדעקט מיט ווייסע האָר, זי האָט זיך אויסגע־

צייכנט מיט איר גרויסער חכמה און מיט אינטעליגענץ, זי איז נאָך געווען אַ מיידל און וועגן די סבות פאַרוואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט, האָט מען דערציילט פאַרשידענע מעשות, וואָס די וואַרשיינלעכסטע איז אַוודאי געווען, די געשיכטע וועגן אַן אומגליקלעכע ליבע, צו וועלכער זי איז געבליבן טריי אויף איר גאַנצן לעבן...

איך האָב דאָרט אויך געטראָפן שאָרס אַ יונגערן זון, שלמה, וועלכער איז געווען ווי אַן אונטערגעוואָרפענער אין דער משפחה. אַזוי איז ער געווען אַ גוטער יונג, נאָר אַ גאָר פּראָסטער טיפּ, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אַריינגעפּאַסט צו זיינע אַריסטאָקראַטישע טאַטע-מאַמע.

אַ חוץ דער פאַמיליע שאָר, האָט זיך דאָרט געפונען ליבגאָלד מיט זיין פרוי סטעפאַ (זי איז געווען די פּרימאַדאָנע) וועלכע האָט יאָרן שפּעטער נאָך איר מאַנס טויט, חתונה געהאַט מיט דעם אַרטיסט גלימער. אויך רוזשע ברי, די סוברעטן (וועלכע האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט דעם באַרימטן אַרטיסט שילינג) איז געווען אין טרופּע און ווי עס זאָל נישט זיין, האָט עס מיר נאָך מיינע ביטערע דערפאַרונגען זייט איך בין אַוועק פון רוסלאַנד, זייער פיין אימפּאָנירט, וואָס איך געפין זיך ענדלעך צווישן אַזעלכע אָנגעזעענע שוישפּילער, אַלס איינער פון אַזאַ גרויסער טרופּע.

איין זאַך האָט מיך אָבער זייער שטאַרק באַאומרואיקט; דאָס איז געווען ציפּקעס לאַגע. קיין געלט איר צו שיקן, האָב איך דערווייל נישט געהאַט און געוואוסט האָב איך אַז זי מוז דאָרט זיכער ליידן נויט און דאָס האָט מיך באַוואויגן, איך זאָל מאַכן אַ שמועס מיטן דירעקטאָר משה שאָר, צי איז נישט פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז איך זאָל אַריבערברענגען מיין פרוי פון לעמבערג.

על רגל אחת האָט מיר משה שאָר אָפּגעענטפערט, אַז אדרבא ואדרבא, פאַרוואָס טאַקע נישט? נאָר וואָס דען? אַזוי ווי מען ענדיקט שוין מיט נייסאַנדעץ, איז שוין נישט כדאי. מיר פאָרן באַלד קיין ריישע (רזשעשאָוו), דאָרט וועלן מיר זיך אויפהאַלטן אויף אַ גאַנצן זומער-סעזאָן, וועלן מיר באַלד אייער פרוי אַריבערברענגען אַהין.

די דערקלערונג און בכלל די פריינטלעכקייט פון זיין אויפנעמען די פראַגע, האָט מיך באַפרידיקט און איך האָב שוין געוואַרט מיר זאָלן קומען קיין ריישע, כדי ציפּקע זאָל וואָס שנעלער קענען זיין מיט מיר צוזאַמען.

דערווייל שפּילן מיר אין נייסאַנדעץ. מ'שפּילט די אָפּערעטע „כל נדרי", אַ פּיעסע וואָס איז מיר געווען אומבאַקאַנט און איך דאַרף פונדעסטוועגן אָנטון אַ שפּאַנישן קאָסטיום און גיין אין כאָר. קיין פראָבן האָט מען נישט

געמאַכט, ווייל אַלע אין טרופּע זיינען שוין געווען איינגעשפּילט אין די ראָלן און דאָ קומט אין ערשטן אַקט פאַר אַ פּאַראַד נעבן דער קירכע און דער כאָר דאַרף אָפּזינגען אַ מאַרש און דערביי דאַרף מען מאַרשירן און אַלע ווייסן שוין ווי אַזוי צו מאַרשירן, נאָר איך איינער, איך בין אַ נייער, ווייס איך נישט וואו אוים און וואו איין און איך פּלאָנטער זיך פאַר די פיס און איך האָב פאַרפּלאָנטערט אַנדערע און זיך אַליין און עס האָט זיך געמאַכט אַ מיש־מאַש.

דער אַלטער שאָר האָט דאַן געשפּילט דעם גרוים־אינקוויזיטאָר און ליבגאָלד האָט געשפּילט דעם צווייטן גלח בענעדיקטוס און זיי שטייען איינער נעבן אַנדערן און ווען איך מאַרשיר פאַרביי זיי, הער איך גראָד ווי דער אַלטער שאָר גיט אַ זאָג צו ליבגאָלדן — מיין משה האָט דאָ געבראַכט די אמתע כלי...

איך האָב געפילט ווי מען וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַן קאַלט וואַסער, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך האָב זיך באַמיט אויפ־צוהאַלטן מיין גלייכגעוויכט און איך בין אַפּילו גרייט געווען צו ליידן נאָך מער דערנידעריקונגען, ווייל איך האָב געזען, אַז איך בין אין אַ גוטער טרופּע מיט גוטע אַקטיאָרן און איך האָב געהאָפט, אַז דאָ וועל איך פאָרט נאָך קענען באַווייזן, אַז איך בין ווערט געווען צו זיין צוזאַמען מיט דעם אַלטן שאָר אין איין טרופּע.

באַם דירעקטאָר שאָר, כאָטש אַ גוטע טרופּע, האָט אָבער געהערשט אַ כאַאָס. קיין פּראָבן האָט מען נישט געמאַכט, ווייל אַלע אַקטיאָרן זיינען שוין געווען געשפּילטע אין די ראָלן און וועגן נייע פּיעסן האָט מען נישט גערעדט און פאַרשטייט זיך, אַז איך בין צוליב דעם געווען דאָס כפּרה־הינדל, ווייל איך האָב נישט געקאָנט קומען צום פּסוק, אַז איך זאָל אויך קענען עפּעס באַווייזן.

עטלעכע מאָל האָב איך געפּרוּווט פאָרלייגן אַ פּיעסע צום אויפירן, אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען וועט דאַרפן מאַכן צופּיל פּראָבן און עס איז אַ שאָד אַזויפיל מי פאַר נייסאַנדעץ, וואו מען האַלט שוין באַם פאַרענדיקן, אָדער עס איז נישט געווען די מוזיק (די נאָטן) פון די פּיעסן וואָס איך האָב פאָרגעלייגט און משה שאָר האָט זיך אַלעמאָל פלינק אַרוים־געדרייט פון מיר, צוזאָגנדיק מיר, אַז עס וועט שוין זיין גוט. נאָר געדולד און עס וועט שוין זיין גוט!... האָט ער אויסגערופן אָף שנעל און ער איז שוין געווען ווייט פון מיר.

איינמאָל האָב איך דעם דירעקטאָר פאָרגעלייגט צו שפּילן אברהם אין גאָלדפאַדנס „עקדת יצחק”. דאָס איז משה שאָרן דווקא געפעלן, אָבער וואו נעמט מען די נאָטן? האָט עס שוין ווידער געהאַלטן, אַז עס זאָל גאָר־

נישט ווערן דערפון, אָבער דאָ האָב איך שוין נישט אָפּגעלאָזן, איך האָב איינגעזען, אַז אַזוי קענען אַוועקגיין יאָרן און איך וועל דאָ בלייבן אין כאָר, האָב איך געגומען מיין גורל אין די אייגענע הענט, איך בין אַוועק צו אונדזער דיריזשאָר, איך האָב זיך פאַרטרויט פאַר אים ווי פאַר אַ גוטן פריינט און האָב אים דערקלערט, אַז איך בין אַן אַקטיאָר פון רוסלאַנד, אַן אַקטיאָר מיט אנערקענונג, נאָר דאָ מוז איך זיין אין כאָר, ווייל עס פעלן די נאָטן פאַר די פּיעסן אין וועלכע איך קאָן עפּעס באַווייזן און איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז „עקדת יצחק" קאָן ברענגען גרויסע איינאָמעס, איך קען די גאַנצע מוזיק און איך בין גרייט אים צו באַצאָלן וויפל ער פאַר־לאַנגט, אַבי ער זאָל אויפשרייבן די נאָטן...

איך ווייס נישט צי מיין לאַגע האָט דעם דיריזשאָר אינטערעסירט, צי גאָר מיין צוזאָג אַז איך וועל אים באַצאָלן, אַבי ער האָט אונטערגענומען די אַרבעט און איך בין יעדן טאָג געזעסן מיט אים און פאַרגעזונגען אים גאַנץ „עקדת יצחק" און דער דיריזשאָר האָט די מוזיק אָרקעסטרירט און דאַן בין איך ווידער אַוועק צו משהן און אים געזאָגט אַז איך האָב די נאָטן און מען קאָן אויפפירן די באַרימטע היסטאָרישע אָפּערע.

משה שאָר האָט נישט פאַרברענגט, ער האָט באַלד געלאָזט דרוקן אַ גרויסן פּלאַקאַט, אַז דער באַרימטער אידישער אַרטיסט פון רוסלאַנד, בנציון פאַלעפּאַדע, וועט אויפטרעטן אין דער הויפּט־ראָל פון גאָלדפאַדנס היסטאָרישער אָפּערע „עקדת יצחק".

די צוגרייטונגען צו דער פאָרשטעלונג זיינען מיר נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט; די אַקטיאָרן פון אונדזער טרופּע זיינען שוין געווען אָפּגע־וואוינט פון מאַכן פּראָבן און מען האָט זיי נישט אַזוי לייכט געקאָנט באַ־וועגן צו קומען און נעמען אָפּ זיך אַ נייע אַרבעט, נאָר אין גאַנג פון די פּראָבן, האָט זיך חברה פונדעסטוועגן דערוואָרימט און מען האָט שוין אָנ־געהויבן אַרבעטן מיט חשק און מען האָט שוין געהאַט די אַמביציע, אַז די פאָרשטעלונג זאָל דורכגיין ווי אַמבעסטן.

און די פאָרשטעלונג איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גאָר פיינעם דערפאָלג און איך האָב דערלעבט, אַז דערזעלבער אַלטער שאָר, וועלכער האָט בעת מיין ערשטן אויפטריט אין כאָר ווען איך האָב זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס, אַ זאָג געטאָן צו ליבגאָלדן, — מיין משה האָט דאָ געבראַכט די אמתע כלי... — אַז דערזעלבער אימעליגענטער אַלטער זיגמונט שאָר, זאָל צוקומען צו מיר, מיר וואַרים דריקן די האַנט און אויסדריקן מיר אנערקענונג.

צוזעענדיק די סצענע, האָבן די אַנדערע אַקטיאָרן אויך באַקומען מער דרך־ארץ פאַר מיר און איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן מיט זיי ווי גלייך אַף גלייך.

דערווייל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון די זיבן ראַניש וואָס משה שאַר האָט מיר צוגעזאָגט אַ נאַכט און מיט די פיר נעכט אין דער וואָך, איז פון די זיבן ראַניש געוואָרן בלויז צוויי ראַניש און פון די פיר מאָל אַ וואָך איז געוואָרן וויפל עס האָט זיך געלאָזן...

נאָך יעדער פאָרשטעלונג, לויפט צו מיר צו דער דירעקטאָר און גיט מיר אַ שטופּ אין האַנט צוויי ראַניש, אַמאָל אויך, ווען עס איז געווען אַ פולער סאַלאָן, שטופּט ער מיר אין האַנט אַריין דריי ראַניש און איידער איך באַוויז אים עפּעס צו פרעגן, אים עפּעס זאָגן, ער איז שוין נישטאָ, ער פליט, ער לויפט העגדום-פּעגדום און גיי זוך דעם ווינט...

ענדלעך האָב איך אים פּאַרט געפּאַקט און איך פרעג אים — וואָס איז די מעשה? איר האָט דאָך עפּעס געזאָגט זיבן ראַניש אַ נאַכט, וואו זיינען די זיבעטער ראַנישן?

— מענטש איינער, רופט ער אויס און נעמט מיר מיין קאָפּ אין זיינע הענט אַריין: — וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? דאָס גיב איך אייך דאָך בלויז אַן אַקאַנטאָ, ביז מיר וועלן זיך אָפּרעכענען און זייט זיכער, איר וועט קריגן וואָס אייך קומט — און שוין, ער איז שוין ווידער נישטאָ...

האָב איך גענומען וואַרטן אויף דער אָפּרעכענונג. וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? אַ ברירה האָב איך געהאַט? וואַרט איך און וואַרט און דאָ דאַרף איך דאָך פאַרט, צו קענען שיקן עפּעס פאַר מיין ווייב, ציפּקע ליידט דאָך זיכער דאָרטן נויט, כאַפּ איך אים ווידער — דעם דירעקטאָר מיינעם און שטעל אים ווידער פראַגעס און וויל אויסגיסן פאַר אים מיינע טענות, נאָר ער לאָזט מיך שוין נישט ריידן, ער ווייס שוין אַלץ וואָס איך וויל אים זאָגן און ער כאַפּט מיר ווידער דעם קאָפּ אין זיינע אייזערנע הענט און זאָגט מיר גלייך אין די אויגן אַריין: — וואָס ווילט איר פון מיר? איר זעט דען אַז איך וויל אייך נישט באַצאָלן? איר זעט דאָך, אַז איך האָב נישט! און באַלד כאַפּט ער זיך צוריק, דאָס הייסט, זאָגט ער, ה יי נ ט האָב איך נישט, נאָר מיר וועלן זיך באַלד אָפּרעכענען און אַלץ וועט זיין באַצאָלט!... און ער לויפט אַוועק.

ווידער גייען טעג און איך גיי אַרום ווי אויף הייסע קוילן, איך געפין נישט קיין רו, איך ווייס, אַז ציפּקע ליידט נויט און איך נעם זיך ווידער צום דירעקטאָר, דאָ פאַרזיכערט ער מיר שוין, אַז נאָך אין געציילטע טעג וועט זיין געלט איבערגענוג און אַט וועלן מיר פאָרן קיין רזשעשאָוו און מיר וועלן אַריבערברענגען אייער ווייב און איר וועט זען, אַלץ וועט זיין אויסגעצייכנט! ער דערלאַנגט מיר נאָך אַ פּאָר פריינטלעכע פּעטשעלעך און וואַרט בליץ-שנעל אַנטרינען...

נו, קיין געלט איבערגענוג, האָב איך אין דער נאָענטער צייט נישט געזען, אָבער דאַנקען גאָט, מען האָט זיך שוין גענומען גרייטן צו פאָרן

קיין רזשעשאָוו, אָדער ווי מען האָט עס גערופן אַף אידיש — ריישע.

אונדזער דירעקטאָר איז אַרויסגעפאָרן פריער, כדי צוגרייטן דאָרט עפּעס אַ גאָרטן, וואו מען האָט ערשט באַדאַרפט בויען אַ בינע, משה שאָר האָט שוין דערטאַפּט עפּעס אַ מענטש וואָס האָט אַריינגעלייגט געלט אין דעם עסק און אַט האָט ער צוגעשיקט געלט אַף הוצאות פאַר דער גאַנצער טרופּע און מיר זיינען בשלום אָנגעקומען קיין ריישע.

די דערעפענונג פון סעזאָן אין דעם נייעם גאָרטן-טעאַטער אין ריישע, איז געווען אַ יום-טובדיקע. אַ גאָר גרויסער עולם איז געקומען זען די ערשטע פאָרשטעלונג און אויך די ווייטערדיקע פאָרשטעלונגען האָבן געצויגן אַ גרויסן עולם און די געשעפטן האָבן זיך געוויזן אויסגעצייכנט. איך האָב שוין נישט באַדאַרפט נאָכלויפן דערמאָנען דעם דירעקטאָר, ער האָט מיר אַליין צוגעטראָגן יעדע נאַכט עטלעכע ראַניש און ער האָט פאַר מיר אָפּגעזוכט אַ פיינע פריוואַטע וואוינונג און אַוועקגעשיקט געלט צו מיין פרוי, אַז זי זאָל קומען צופאָרן און אַט איז מיין ציפקע שוין אין ריישע, זי איז שוין אין די הויכע חדשים און די האַרציקע אַלטיטשקע שאָר גיט זיך מיט איר אָפּ אַזוי ווי אַ געטרייע מאַמע און אויך די גוטע מאַניע איז פאַר איר ווי אַ געטרייע שוועסטער און ציפקע פילט זיך גליקלעך און זי זאָגט מיר גאַנצן אָפן, אַז באַ איר אמתער משפחה, האָט זי זיך געפילט ווייניקער גליקלעך ווי דאָ, צווישן אַט אַ די גוטע און האַרציקע מענטשן.

איך האָב זיך דערוויל איינגעשפּילט אין דעם גאַנצן רעפּערטואַר און איך האָב שוין פאַרנומען אַ בכבודן פּלאַץ אין טרופּע און איך מיט ציפּקען, מיר האָבן זיך מיט די שאָרס אָנגעהויבן פילן ווי פון איין משפחה.

מיין שטים האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעלייטערט און וועגן געלט, דאַרף איך נישט דערמאָנען, משה שאָר טראָגט עס מיר צו און זאָגט מיר אַלעמאָל, אַז אַ צווייט מאָל וועט זיין נאָך מער און איך לעב אַ צופרידן און גליקלעך לעבן מיט אויסזיכטן אַף נאָך בעסער צייטן.

אָבער ווי לאַנג קענען געדויערן די גוטע צייטן פאַר אַ אידישן אַקטיאָר?

באַלד, אַן אַ פאַרוואָס, האָבן די געשעפטן אָנגעהויבן גיין מיט דער פוטער אַראָפּ און מען האָט שוין געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן אָפּזוכן אַן אַנדער שטאָט, איידער מען בלייבט אינגאַנצן אָן מיטלען צום לעבן.

נאָר נישט אַזוי שנעל מאַכט עס זיך אַרויסצופאָרן פון אַ פּלאַץ, וואו מען האָט גערעכנט צו זיצן אַ גאַנצן זומער; מוטשעט מען זיך און דערוויל, ביז וואָס ווען, זיצט מען און מען שפּילט טעאַטער באַ זייער טרויעריקע געשעפטן...

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל

משה שאָר פאַרמשכנט דעם טעאַטער־גאַרדעראָב. — מיר קומען קיין יאַראָסלאַוו און אונז ווערט נאָך ערגער. — פאַרכאַפּט די קאַסע און נישט געשפּילט די פאַרשטעלונג. — די ליידן און פּיין פון די שאָרס. — אַ קינסטלער־משפּחה ראַנגלט זיך אין נויט. — פאַרוואָס האָט עס לעמבערג דערלאָזן? — משה שאָר קייקלט זיך באַרג אַראָפּ. — מיר פאָרן קיין סטאַניסלאַוו מיט די צוקערבערגס. — מיין פרוי באַשענקט מיך מיטן ערשטן זונדל.

פון די זיבן ראַניש אַ נאַכט וואָס איך האָב טאַקע אין ריישע אָנגעהויבן באַקומען, האָט אָנגעהויבן ווערן זעקס, פינף, פיר, ביז ענדלעך עס איז געבליבן אויף איין ראַניש.

מען שפּילט יעדע נאַכט טעאַטער און וויפל דער דירעקטאָר טראָגט מיר צו, נעם איך אָן באַהבה און מאַך אַ שוויג, ווייל איך זע דאָך, ווי שטאַרק געפאַלן עס זיינען אונדזערע געשעפטן.

דער אַלטער שאָר האָט נישט מיטגעשפּילט אין אַלע פּיעסן און ווען ער איז געווען פריי פון דער בינע, איז ער געזעסן אין קאַסע און נאָך דער פאַרשטעלונג, ווען ער האָט שוין געהאַט אַרומגעצאַלט די פאַרשידענע טעאַטער־הוצאות און עס איז נאָך געבליבן עפּעס געלט, פלעגט ער עס איינטיילן פאַר די שוישפּילער. אַריינגעפאַלן אין דער טעאַטער־קאַסע איז מערסטנטיילס ניקל־געלט. האָט דער אַלטער שאָר ליב געהאַט איבערצוציילן און אויסלייגן קופּקעלעך מיט ניקלנע מטבעות צו רייניקן און וועלכער אַקטיאָר עס איז פריער פאַרטיק געוואָרן אויף דער בינע, איז ער אַרויסגעקומען צו דער קאַסע און באַקומען פון דעם אַלטן שאָר אַ קופּקעלע געלט און אויב עס זיינען געבליבן אַ סך קופּקעלעך, האָט מען באַקומען מער.

וואַרטנדיק ביז אַלע אַקטיאָרן וועלן אַרויסקומען, איז דער אַלטער שאָר אַ סך מאָל אַנשלאָפן געוואָרן און דער אַקטיאָר וואָס האָט אים געטראָפן שלאָפנדיק, איז געבליבן שטיין מיט דרך־ארץ און נישט געוואַגט אים צו וועקן. האָבן זיך אַזוי צונויפגעזאַמלט עטלעכע אַקטיאָרן נעבן דער קאַסע, און זעענדיק אַז דער אַלטער שלאָפט נאָך אַלץ, האָבן זיי זיך

גענומען אַליין, יעדער אַ קופּקעלע ניקל-געלט און מען איז אַהיימגעגאַנגען. שפּעטער, ווען דער אַלטער שאָר האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען אַז די קופּקעלעך זיינען שוין צענומען געוואָרן, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און אויפגעשטאַנען און אויך געגאַנגען אַהיים.

די געשעפטן אין רזשעשאָוו זיינען שוין געווען אַזוי שלעכט, אַז די קופּקעלעך פאַר די אַקטיאָרן זיינען כסדר געוואָרן נידעריקער און נידעריקער און עס איז שוין באַלד נישט געווען וואָס צו נעמען און אַלע האָבן איינגעזען, אַז עס איז שוין לאַנג צייט געווען צו פאַרלאָזן ריישע און אָפּזוכן אַן אַנדער פּלאַץ וואו מען קאָן פאַרדינען, איז אָבער געווען אַן אומגליק, וואָס משה שאָר, אונזער דירעקטאָר און געשעפטס-פירער האָט נישט געהאַט קיין געלט אַרויסצופירן די טרופּע פון ריישע און דאָס האָט אונדז אויפגעהאַלטן לענגער און מיר האָבן געמוזט ליידן.

משה שאָר האָט אייגנטלעך געהאַט צוגעגרייט אַ פּלאַן, אַז מיר דאַרפן פון ריישע אַריינפאָרן קיין יאַראָסלאַוו, אָבער ווי אַזוי פאָרט מען, אַז עס איז נישטאָ אויף הוצאות, און משה שאָר איז שוין פאַרשולדיקט אין ריישע, ווי מען זאָגט, באַ דער זון און באַ דער לבנה... אָבער משה איז נישט דער מענטש וואָס גיט זיך אַזוי לייכט אונטער; ער איז פלינק און דערפינדעריש און אָט, ווען עס האָט שוין מיט אונדז געהאַלטן זייער שמאָל, האָט ער געפונען אַ מענטשן, באַ וועמען ער האָט געוואָלט פאַרזעצן דעם גאַנצן טעאַטער-גאַרדעראָב, אַז יענער זאָל אים אויסבאָרגן די נויטיקע סומע.

דעם טעאַטער-גאַרדעראָב האָט משה שאָר טאַקע אין ריישע גופא איינגעקויפט און געלאָזט נייען — אויף באָרג... און די קליידער זיינען נאָך געווען שיין און דער מענטש וועמען שאָר האָט אָפּגעזוכט, האָט געקוקט אויף די היסטאָרישע קליידער ווי דער האָן אין בני-אדם און זעענדיק, אַז דער מענטש קווייקלט זיך אָביסל, האָט אים משה אַ נעם געטאָן זיין פּנים צווישןביידע האַנט-פלאַכן, לויט זיין געוואוינהייט, און ער האָט יענעם אַריינגערעדט גלייך אין די אויגן און געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז אַן אַ טעאַטער גאַרדעראָב קאָן זיך קיין טעאַטער נישט רירן און אַז דאָס געלט וואָס ער דאַרף באָרגן, איז דעריבער זיכערער ווי אין דער עסטרייכיש-אונגאַרישער באַנק און ער האָט דעם מענטשנס קאָפּ מער נישט אַרויסגעלאָזן פון זיינע הענט, ביז יענער איז אַ פאַרטשאַדעטער פון משהס ניין מאָס רייד און פאַרזיכערונגען איינגעגאַנגען אויף אַלץ.

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין משה שאָרס דירעקטאָרישע סטראַטעגיע, האָט דער טעאַטער-גאַרדעראָב געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל.

ער האָט נעמלעך אין יעדער נייער שטאָט גענומען אויף באָרג אַ נייעם גאַרדעראָב; ער האָט פאַרזיכערט, אַז די געשעפטן וועלן זיין גרויסע און

ער וועט באַלד באַצאָלן און דער סוף איז מערסטנס געווען, אַז ער האָט פאַרזעצט דעם נישט באַצאָלטן גאַרדעראָב, כדי צו קענען אָוועקפאָרן פון דער „דורכגעפאַלענער שטאָט” זיך ראַטעווען אין אַן אַנדערער...

אַקטיאָרן האָבן זיך אָף דעם סמך געוויצלט, אַז ווען משה זאָל האָבן די אַלע גאַרדעראָבעס וואָס ער האָט ליגן פאַרמשכנט כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, וואָלט ער געווען רייך ווי קורח...

האָט דער מענטש נעבעך איבערגעלאָזן אַ היבשע סומע געלט און אָוועקגעשלעפּט מיט זיך אַ שווערן פּאַק מיט די היסטאָרישע קליידער און מיר זיינען דעמזעלבן טאָג אָפּגעפאָרן קיין יאַראָסלאַוו.

אין יאַראָסלאַוו האָבן מיר געהאַט בלויז צוויי נישטקשהדיקע פאַר־שטעלונגען וואָס האָבן אונדז אַביסל אָפּגעפרישט, נאָר דערנאָך איז גע־וואָרן נאָך ערגער ווי אין ריישע.

אין יאַראָסלאַוו האָבן מיר אָנגעהויבן שפּילן אַזעלכע פּיעסן וואָס מען דאַרף נישט קיין היסטאָרישע קליידער און משה האָט געזוכט איינצושאַפן זיך אַ נייעם גאַרדעראָב, אָבער צו שנעל זיינען אונדזערע געשעפטן גע־וואָרן אַזוי שלעכט, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט באַקומען קיין גאַר־דעראָב און עס איז נישט געווען וואָס צו פאַרזעצן און מיר האָבן נישט געהאַט אָף קיין הוצאות זיך צו קענען אַרויסראַטעווען פון יאַראָסלאַוו.

משה האָט געמאַכט אַ פּרואוו, ער האָט אַנאָנסירט אַ פייערלעכע גע־זעגן־פאָרשטעלונג, אפשר וועלן פאַרט יאַראָסלאַווער אידן קומען און ברענ־גען אַ הכנסה וואָס זאָל קלעקן אָף הוצאות, נאָר דאָס איז געווען אַ טעות. יאַראָסלאַווער אידן האָבן זיך מיט אונדז נישט געוואָלט געזעגענען, זיי זיינען געבליבן אינדערהיים און אונדז איז געוואָרן נאָך ערגער.

געקומען זיינען אַפילו אַביסל מענטשן, נאָר זייער צאָל איז געווען אַזוי קליין, אַז די הכנסה האָט נישט געקאָנט דעקן די הוצאות פאַרן סאַלאָן, מוזיקער, באַדינער א. אז. וו. און ווען מיר ווילן אָפּשפּילן די אומגליקלעכע געזעגן־פאָרשטעלונג, וואָלטן מיר נאָך געמוזט שולדיק בלייבן אַ טייל פון די הוצאות פאַר איר, איז משה געפאַלן אָף אַ בעסערן פּלאַן; ער האָט גע־נומען די עטלעכע אַריינגעפּלאָסענע ראַנישן וואָס זיינען געלעגן אין קאַסע און זיי אונדז אָוועקגעגעבן און אונדז געהייסן גיין צו דער באַן און באַלד אָפּפאָרן קיין פּשעמישל. איי עס וועט דאָ אויסברעכן אַ גרויסער סקאַנ־דאַל, זאָלן מיר שוין דאָס איבערלאָזן פאַר אים, ער וועט שוין דאָ די זאַך גוט מאַכן...

מיר אַלע האָבן געפילט, אַז דאָס איז אַ זייער מיאוס שטיקל אַרבעט. דאָס ביסל מענטשן וואָס איז י אַ געקומען זיך געזעגענען מיט אונדז, איז דאָך זיכער נישט שולדיק אין אונדזער שלימזל, פאַרוואָס דאַרפן מיר

זיך גראַד אין זיי נוקם זיין, צונעמען זייער געלט און נישט געבן די פאָרשטעלונג?

אָבער מיר האָבן נישט געזען קיין אַנדער ברירה ווי אַזוי מיר זאָלן זיך קענען אַרויסבאַקומען פון יאַראָסלאַוו און אַזוי ווי משה האָט דאָס אַלעם גענומען אויף זיך, האָבן מיר שוין געוואוסט, אַז ער וועט זיך אַרויסדרייען גאַנץ און מיר זיינען אַוועק צו דער באַן און טאַקע באַלד אָפּגעפאָרן קיין פשעמישל.

:: :: ::

איך דערמאָן דאָ די געשעעניש, נישט כדי צו וואַרפן אַ שוואַרצע ליכט אויף דער טעטיקייט פון דירעקטאָר משה שאָר, נאָר בלויז כדי צו פאַרצייכענען די טרויעריקע פאַקטן פון דעם אידישן טעאַטער-נע-ונד. איך וויל אַליין, צענדליקער יאָרן שפּעטער, נאָכאַמאָל איבערפילן די גאַנצע גרויל פון אונדזערע איבערלעבענישן אַלס אידישע אַקטיאָרן.

משה שאָר, איז פון דער נאַטור געווען אַ זייער וואוילער מענטש, געהאַט אַ ברייטהאַרציקע נאַטור און קענענדיק זיך אַליין, האָט ער דעריבער קיינעם נישט געלאָזן קומען צום וואָרט, מורא האָבנדיק, אַז מען וועט אים באַווירקן און ער וועט דאַרפן האַנדלען אַנדערש ווי ער האַנדלט, און דאָס וועט זיין צום שאָדן פאַר דער טרופּע, צום שאָדן פון טעאַטער, צום שאָדן פון זיין אונטערנעמונג, זיך צו שלעפּן פון שטאָט צו שטאָט און פון שטעטל צו שטעטל מיט אַ זעקל פרייד פאַר דעם אידישן עולם וואָס פרייט זיך זעלטן...

משה שאָר און בכלל די גאַנצע פאַמיליע שאָר, האָבן אַזוי ליב געהאַט דאָס אידישע טעאַטער און זיי האָבן אַזוי ציל-באַוואוסטזיניק געקעמפט דערפאַר, אַז משה שאָר האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום זאַך, אַבי אויפצוהאַלטן די טרופּע און אָנגיין מיט זיין אַרבעט.

ער איז אַזוי שטאַרק געווען פאַרנומען מיט זיין האַוון און שמייען לטובת דער גאַנצער טרופּע, אַז ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט און קיין געלעגנהייט אַ קוק צו טאָן אויף זיין אייגענעם עלנט און אויף דעם עלנט פון זיין משפּחה.

זיין עלטער פאָטער, דער הויך-אינטעליגענטער זיגמונט שאָר, דער אַלטער שאָר, וואָס האָט נאָך היינט געקענט אָפּדעקלאַמירן גאַנצע בלעטער פון די דייטשע קלאַסיקער און וועלכער וואָלט נאָך אויף זיינע אַלטע יאָר געקאָנט זיך דערמאָנען אַ שטיק יורה-דעה און פסקנען אַ שאלה; אָט אַ דער אַלטער אינטעליגענטער אידישער שוישפּילער, וואָס אַזאַ איינער

וואָלט באַ די אומות העולם פאַרנומען אַ בכבודן פּלאַץ און וואָלט זיכער געווען פאַרזאָרגט מיט אַ רואיקער עלטער, אָט אַ דער אַלטער שאַר, איז געגאַנגען, בעסער געזאָגט — געשלעפּט זיך אָן איינגעבויגענער פּונקט ווי זיין צעקנייטשטער צילינדער, אַ באַהאַנגענער מיט פּעקלעך צו דער באַן און געשלעפּט זיך פון איין שטעטל אין אַנדערן...

און זיין פרוי, די גוטע האַרציקע אַלטיטשקע, מיט דעם ווייסן קאָפּ האָר און מיט דעם אויסזען פון אַ רביצין און אויך די קלוגע, פאַרזעסענע טאָכטער זייערע, מאַניע, אַלע האָבן זיי זיך געשלעפּט באַהאַנגענע מיט פּעקלעך, מען איז געגאַנגען אָדער צו דער באַן, אָדער פון דער באַן און ווען משה שאַר זאָל געווען האָבן צייט אַ קוק צו טאָן אויף דעם בילד וואָס זיין פאַמיליע שטעלט מיט זיך פאָר, וואָלט ער אפשר נישט געווען אי־בערגעטראָגן די טראַגעדיע פון זיין יחוסדיקער משפחה וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ציגיינער־באַנדע, אין נע־ונדניקעס, וואָס דער שטורם יאָגט זיי פון איין אָרט צום אַנדערן, ביז זיי ווערן איינגעבראָכן ווי אַלטע, צעפּוילטע ביימער און קיינער קוקט זיך אויף זיי מער נישט אום...

נאָר משה שאַר האָט נישט געהאַט קיין צייט. ער איז געווען דער קאַפּיטאַן וואָס האָט געהאַלטן די הויפּט־ראָד פון אונדזער טעאַטער־שיף אין האַנט און די כסדרדיקע שטורעמס מיט וועלכע ער האָט באַדאַרפט קעמפן, האָבן אים נישט געגעבן קיין געלעגנהייט דאָס ראָד איבערצולאָזן כאָטש אויף איין מינוט; ער האָט זיך מיט זיין גאַנצן וועזן אַריינגעלאָזן אין דעם טראַגישן אַזאַרט־שפּיל פון אידיש טעאַטער און כסדר האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אָט באַקומט ער אַ גוטע קאָרט, וואָס וועט אים ענד־לעך ברענגען דאָס גרויסע געווינס און נישט נאָר אים, ווייל ער אַליין איז גאָרנישט, וועגן אים אַליין אַרט אים נישט, נאָר זיין טעאַטער, זיין שיף, יאָ, ער מוז זי אַרויספירן פון שטורם און ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן באַ גאָרנישט, ער וועט טרעטן איבער קברים, ער מוז זיגן; ער מוז זיגן, ווייל ער קעמפט פאַר אַ גערעכטע זאַך, ווייל ער טראָגט פרייד און דערהויבונג פאַר די אידישע מאַסן און ער פאַרלאַנגט פאַר די פרייד זייער וויניק, בלויז אַ שטיקל ברויט פאַר זיינע קינסטלער און אַ מעגלעכקייט פאַר זיי, זיי זאָלן זיך קענען אויסלעבן קינסטלעריש!...

משה שאַר האָט טאַקע אין יאַראָסלאַוו אָפּגעטאָן אַ מיאוס שטיקל אַרבעט; עטלעכע צענדליק מענטשן זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט דער טרופּע, זיי האָבן געקויפט בילעטן און זיי האָבן געוואָלט זען די לעצ־טע פאָרשטעלונג, און די אַקטיאָרן האָבן צוגענומען זייער געלט און אַנטלאָפן.

די מענטשן האָבן נישט באַשולדיקט בלויז משה שאַר, נאָר זיין גאַנצע פאַמיליע און די געזעלשאַפט האָט דער פאַמיליע שאַר נאָכגעשליידערט

זייער קללה און פאַרדאַמונג, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן די סבות וואָס האָבן משה שאָר געצוואונגען צו דעם פאַרברעך און נישט גענומען זיך די מי, צו גריבלען זיך אינעם לעבן פון די פאַרשטויסענע אידישע קינסטלער, נאָר געשליידערט זידל־ווערטער און פאַרדאַמט די קאָמעדיאַנ־טן, וועלכע זיינען דאָס ערגסטע פונעם ערגסטן און מען דאַרף אונטערברע־נען זייערע טריט...

און ווי אַזוי האָט לעמבערג, אַזאַ אידישער ישוב פון לעמבערג און דאָס פּערמאַנענטע אידישע טעאַטער אין לעמבערג גאָר געקאָנט דער־לאָזן, אַז דער אַלטער זיגמונט שאָר, דער אמתער אינטעליגענטער לעגי־טימער קינסטלער, זאָל דאַרפן אָף זיינע אַלטע יאָר אַרומבראָדיאַגעווען ווי אַ ציגיינער איבער שטעט און שטעטלעך?

איז דאָך זיגמונט שאָר געווען איינער פון די ערשטע אינטעליגענטן וואָס האָבן אנערקענט גאָלדפאַדנס גרויסן אויפטו מיט זיין שאַפן דאָס אידישע טעאַטער און נישט בלויז האָט ער דעם אויפטו אנערקענט, נאָר זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר דער אויפהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון אידישן טעאַטער און פון דער אידישער בינע־קונסט; צי האָט אַזאַ איינער נישט באַדאַרפט פאַרנעמען אין דער הויפּטשטאָט פון גאַליציע זיין בכבו־דיקן פּלאַץ באַם טעאַטער? צי האָט דאָס לעמבערגער אידישע טעאַטער נישט באַדאַרפט אויפנעמען דעם מיוחסדיקן וועטעראַן און זיך גרויסן מיט אים און אים פאַרזיכערן זיין עלטער, פאַר אים און פאַר זיין ליבינקער פרוי, מיט אַ בכבודן געהאַלט, אַז ער זאָל זיך קענען אויסלעבן זיינע לעצ־טע יאָרן אין רואיקער צופרידנקייט און שפּעטער זאָל מען וויסן, אַז דאָ און דאָ, אָפן לעמבערגער בית־עולם, האָט דער אַלטער שאָר געפונען זיין אייביקן רו־פּלאַץ...

ניין. אין לעמבערג איז פאַר דעם אַלטן שאָר, פאַר דעם אמתן אינטע־ליגענטן אידישן קינסטלער, קיין פּלאַץ נישט געווען. ער האָט געוואָגלט איבער גאַליציאַנער שטעט און שטעטלעך און קיינער ווייס אַפילו נישט וואו, אין וועלכן שטעטל, אָדער אפשר גאָר ערגיץ אונטערוועגנס, איז ער אויסגעגאַנגען פון הונגער און קיינער ווייס נישט וואו זיינע רעשטן ליגן באַגראָבן... קיינער ווייס נישט וואו זיין קבר איז; קיין מצבה, קיין קבר, געוועזן אַמאָל אַ גרויסער אידישער אַקטיאָר, וואָס האָט געוואוסט דעם צוועק און ציל פון אידיש טעאַטער, איז פון אים אַפילו קיין זכר נישט געבליבן...

און פאַר וואָס איז פאַר דעם אַלטן שאָר אין לעמבערג קיין פּלאַץ נישט געווען?

אַלע סבות, ווייס איך נישט; אָבער איינע, דוכט זיך מיר, ווייס איך יאָ.

דאָס איז געווען אידל גוטמאַן.

אַזוי ווי שאַר, איז אויך אידל גוטמאַן געווען אַ מיוחסדיקער אַקטיאָר. אויך ער האָט געהאַט אַ ברודער אַ ראַבינער און ער וואָלט עס אַליין אויך געקאָנט ווערן און לויט מיין מיינונג, האָט דער לעמבערגער עולם מער געהאַלטן פון אידל גוטמאַן ווייל ער איז געווען אַ מיוחס, ווי אַלס גוטן שוישפּילער. און די סבות זיינען געקומען פון פּערזענלעכע אַמביציעס.

אַלס שוישפּילער, איז אידל גוטמאַן ווייט נישט אריינגעקומען צום טאַלאַנט און אַפילו בילדונג פון אַ זיגמונט שאַר און עס האָט זיך אידלען געלוינט, אי פּטור צו ווערן פון אַ צווייטן אינטעליגענט און מיוחס און אי פון אַ בעסערן שוישפּילער און בלייבן דער איינציקער מיוחס אין לעמ־בערגער אידישן טעאַטער...

און בּאַ דעם אייביק שמייכלענדיקן נאַרישעוואַטן דירעקטאָר גימפּעל, איז עס נישט געווען שווער, דורך עטלעכע אינטריגעס און רכילותן אויס־צופירן וואָס מען האָט געוואָלט.

אידל האָט טאַקע געהאַט צו זיך נאָך אַ גרופּע פון „נאָנט-שטייענדי־קע" צו דער דירעקציע און זיי, מיט אידלען בראש, האָבן טאַקע פּאַקטיש אַנגעפירט מיטן גאַנצן טעאַטער און וועמען זיי האָבן געוואָלט, די זיינען געווען פּראַטעזשירטע און וועז זיי האָבן אָפּ עמיצן געוואָרפן אַ בייז אויג, האָט יענער שוין אין לעמבערגער טעאַטער נישט געהאַט קיין פּלאַץ און עס איז אים נישט געבליבן עפּעס אַנדערש, ווי אַרומפאָרן נע־ונד איבער די גאַליציאַנער שטעט און שטעטלעך, ביז ער איז ערגיצוואו אויסגעגאַנ־גען פון דחקות און נויט.

און אַזוי האָט פּאַסירט מיט דעם הויך-געלערנטן זיגמונט שאַר און זיין ליבע פרוי און טאָכטער. גוטמאַן האָט זיי נישט געוואָלט האָבן אין לעמבערג און זיגמונט שאַר איז געווען צו פיינפילק און צו שטאָלץ, אַז ער זאָל זיך אַריינלאָזן אין קליינלעכער מלחמה מיט אידל גוטמאַן און זיינע מיטהעלפער, איז ער בעסער אַרוים ליידן גלות און אַזוי איז ער ער־גיצוואו אָפּ זיינע גלות-וואַנדערונגען אויסגעגאַנגען און קיינער ווייס נישט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען...

:: :: ::

די וואַנדערונגען און די ליידן, האָבן אין משה שאָרס דערפינדעריש־ מוח באַשאַפן פאַרשידענע איינפאַלן און שפּיצלעך און אויבערשפּיצלעך, אַדאַנק וועלכע ער האָט זיינע אַלטע טאַטע-מאַמע און זיין טרופּע אַרויס־ געראַטעוועט פון אַ סך שווערע סיטואַציעס; אָבער אין יאַראָסלאַוו איז

שוין געווען אַזוי ביטער, אַז די אַלע אויבער־המצאות האָבן זיך אים נישט איינגעגעבן און ער האָט געקעמפט ווי אַ פּאַרוואונדעטע חיה פאַר דעם שטיקל דאָ־זיין און זעענדיק פאַר זיך אַן אָפענעם אָפּגרונט אַן אַ מעגלעכ־קייט צו ראַטעווען אונז, האָט ער געוואָגט צו באַגיין דאָס אויסטערלישע שטיקל אַרבעט און אַבי איינמאָל געמאַכט אַ מיאוס שטיקל אַרבעט, האָט ער זיך אַ צווייט מאָל אויך נישט אָפּגעשטעלט און עס איבערגעחזרט און אונדזער לאַגע איז שוין נישט געווען בלויז טרויעריק, נאָר אויך מיאוס...

דאָס צווייטע שטיקל האָט משה אָפּגעשפּילט אין פּשעמישל.

אין פּשעמישל איז אונדז נישט געגאַנגען בעסער ווי אין יאַראָסלאַוו. די ערשטע צוויי פאַרשטעלונגען זיינען געווען עפּעס, אָבער דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן טרויעריקע טעג פון הונגער און נויט און ווידער איז משה אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן זוכן ערגיץ אַ גוטן ברודער אָף צו כאַפּן אַ גמילת־חסד און ער איז צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער, אַ פאַרשוואַרצ־טער און ער האָט זיך געשעמט צו ווייזן אונדז פאַר די אויגן.

איינמאָל, אַ פרייטיק אינדערפרי, מיר זיינען שוין אַלע געהאַט גע־בליבן אָן כוחות, גיט אונדז משה אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן גיין צו דער באַן.

וואָס ווייסן מיר? נעמען מיר זיך צונויף, יעדער מיט זיינע פּעקלעך און מען גייט.

בײַ דער באַן זעען מיר ווי משה דרייט זיך אַרום אַ פאַרחושכטער און מיר פאַרשטייען שוין, אַז ער האָט אונדז אַהערגעבראַכט, כדי מיר זאָלן דאָ וואַרטן אָף אַ נס...

וואַרטן מיר. משה דרייט זיך אַרום און ער זוכט עפּעס און אָט רוקן זיך די מינוטן און עס פעלן בלויז אַ צוואַנציק מינוט ביז דער באַן גייט אָפּ אין אַ נאָענטן שטעטל און משה איז פּלוצלינג פאַרשוואונדן. איך גיי אים זוכן, און איך זע אינדרויסן, פאַר דעם וואָקזאַל, קומט פאַר אַ שטיקל יריד און אַ איד אַ פישער, שטייט און האַנדלט איין, צו קויפן אַ גרויסן פאַס מיט פיש און ער האַנדלט זיך און משה דרייט זיך אַרום דעם פישער־איד און ווען דער איד נעמט אַרויס אַ פולע האַנט מיט געלט און וויל שוין אָנהויבן ציילן, כדי צו באַצאָלן דעם גוי פאַר די פיש, גיט משה אַ שפּרונג אונטער און כאַפּט דעם אידנס האַנט אין זיין האַנט און מיט דער צווייטער נעמט ער אים בײַם פּנים און ער גיט אים אַ פרעג:

— וויפל קאָנט איר דאָס אינגאַנצן פאַרדינען בײַ דעם פעסל פיש?

דער פישער־איד, אַ דערשראָקענער אָף טויט, הויבט אָן שטאַמלען און דערווייל דערקען ער משהן אַלס דעם דירעקטאָר פון טעאַטער און ער קומט פּאַמעלעך צו זיך און ער הויבט אָן שמייכלען און משה לאָזט אים שוין נישט אַרויס פון זיינע הענט און ער באַווייזט אים שוואַרץ אָף ווייס, אַז אַנשטאָט קויפן די פיש, דאַרף ער גאָר מיטפאָרן מיט זיין טרופּע אין

א נאנטן שטעטל, דארט וועלן זיי רייך ווערן און ער וועט באם טעאטער פארדינען צען מאל אזויפיל וויפל ער קאן פארדינען בא דעם נארישן פעסל פיש...

ער האט דעם בידנעם תמימותדיקן פישער־איד צעטומלט מיט זיינע חשבונות וועגן די גרויסע פארדינסטן וואס ער קאן דא מאכן מיט זיין טרופע, אז ער האט שוין שטיין געלאזן דאס פעסל פיש און איז אריין מיט משהן אין וואקזאל און איינגעקויפט בילעטן פאר אונדז אלעמען און מיר זיינען געפארן ווייטער.

אין דעם נאנטן שטעטל איז עס געווען נאך ערגער; מען האט באלד פון אנהויב נישט אנגעהויבן מאכן קיין געשעפט. דאס איז געווען א שטעטל פון בלויזע פרומאקעס און נישט נאר וואס זיי זיינען נישט געקומען אין טעאטער, נאר מיר האבן זיך פשוט מורא געהאט צו ווייזן אין גאס, אז די פרומע בחורימלעך מיט די לאנגע קאפאטעס און לאנגע פאות, זאלן אונדז נישט נאכווארפן שטיינער און ביז היינט ווייס איך נישט וואס עס איז געווארן מיט דעם תמימותדיקן פישער, ווי אזוי ער איז אוועק. נאר איין זאך בין איך זיכער, דאס איז, אז ער האט זיין געלט וואס ער האט אריינגעלייגט אין אונדזער „גרויסער" טעאטער־אונטערנעמונג, קיינמאל נישט צוריקגעזען...

און דאך, מיט די אלע שטיקלעך, איז מיר משה שאר געווען ליב און טייער. איך האב אים אויפריכטיק ליב געהאט און איך האב אין אים געזען א גרויסן מענטשן. איך האב דאך געזען, אז די אלע מיאוסע שטיקלעך, טוט ער נישט אפ צוליב פערזענלעכן אינטערעס; ער האט פאר זיך פאקטיש גארנישט גענומען. ער האט געפילט דעם גרויסן עול פון אנפירן מיט אידיש טעאטער, וואס איז פאר אים געווען א גרויסער אידעאל און ער האט באמת געגלויבט אז פאר אזא גרויסן צוועק זיינען אלע מיטל הייליק...

מיר האבן נאך געוואנדערט איבער עטלעכע שטעט און שטעטלעך, די לאגע איז כסדר געווארן ערגער און ערגער און אפן וועג האט אונדז מאקס שטרענג פארלאזן, ער איז אוועק זוכן בעסערע גליקן און איך האב אין דער שווערער לאגע באדארפט אנהויבן שפילן זיינע קאמישע ראלן... איך האב מיט א הונגעריקן מאגן באדארפט מאכן די אידן פריילעך וואס זיינען אונדז געקומען זען און הלמאי זאל איך לייקענען? הונגעריק בין איך טאקע געווען, אבער איך האב אויך געהאט פרייד און דערהויבונג און ווען די אידן האבן מיר אפלאדירט און געפאדערט איך זאל איבערזינגען א לידל אדער איבערטאנצן א טענצל און איך האב געזען די צעשטראלטע פנימער פון עולם אין סאלאן, האב איך פארגעסן אן הונגער און נויט, איך בין געווען אין די הויכע הויכן פון קינסטלערישן דערפאלג און מיין הארץ האט זיך געפרעגלט אין געפילן פון העכסטן גליק...

און ווי עס האָט זיך דעמאָלט געזונגען אין אַ לידל, אַז „נאָך רעגן קומט זונענשיין", אַזוי האָט פּלוצלינג, ווי דורך אַ נס, אויך פאַר אונדז ענדלעך אויפגעשיינט די זון.

עס האָט זיך געמאַכט, אַז צוקערבערג מיט דער פרוי, רעגינאַ, זיינען ברוגז געוואָרן מיט גימפּלס טעאַטער אין לעמבערג און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו אונדזער טרופּע.

פאַר משהן איז דאָס געווען ווי אַ קוואַל פרישע וואַסער וואָס באַווייזט זיך פאַר אַ דורשטיקן וואַנדערער אין אַ מדבר. ער האָט ווידער אָנגעהויבן טאַראַראַמען און האַווען און שמייען און ער האָט באַוויזן טעלעגראַפיש צו דינגען דעם גרויסן „מאַניושקי" טעאַטער אין סטאַניסלאַוו און אַנאָנסירנדיק די צוויי גרויסע קינסטלער, דעם גרויסן געזאַנגס-ליבהאָבער צוקערבערג און די באַרימטע פּרימאַדאָנע רעגינאַ צוקערבערג, האָט ער באַקומען אַ מענטשן מיט געלט און אָט פאָרן מיר פריידיקע, מיט נייע האָפענונגען קיין סטאַניסלאַוו.

סטאַניסלאַוו איז געווען די פירטע גרעסטע שטאָט אין גאַליציע, מיט אַ גאַנץ גרויסער אידישער באַפעלקערונג וואָס האָט אַרויסגעוויזן באַציאונג צו אידיש טעאַטער און האָבנדיק מיט זיך אַזאַ פּאָרל ווי צוקערבערג און פרוי, האָבן מיר זיך שוין אָנגעהויבן זען געראַטעוועטע.

די צייט איז נישט געשטאַנען און מיין פרוי האָט דערווייל דערגרייכט צו זיין „אָף דער צייט" און ס'האָט זיך געמאַכט, אַז פּונקט ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן קיין סטאַניסלאַוו, פאָרנדיק שוין אין באַן, האָט מיין פרוי אָנגעהויבן געבן אָנצוהערעניש, אַז זי וואָלט זיך איצט גיכער באַדאַרפט געפינען אין אַ בעט...

די אַלטיטשקע שאָר און די גוטע מאַניע האָבן פון ציפּקען נישט אָפּגעטראָטן, זיי האָבן געזוכט צו לינדערן אירע ווייטיקן, אָבער וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן? דאָ האָט מען באַדאַרפט אַ הייבאַם, אַדער אפשר גאָר אַ דאָקטאָר און נאָך דערצו ביי אַן ערשטלינג און די ווייען זיינען כסדר געוואָרן שטאַרקערע, וואָס טוט מען? וואָס קאָן מען טאָן? מען מוז זיך פאַרלאָזן אָף גאָט, אַזוי איז דער גורל פון אידישע אַקטיאָרן...

איך וועל אייביק נישט פאַרגעסן די געדאַנקען וואָס האָבן געפּייניקט מיין מוח און די געפילן וואָס האָבן זיך געצאַפּלט אין מיין האַרץ בעת דער דעמלסדיקער רייזע קיין סטאַניסלאַוו

גאָט האָט געהאָלפן און מיר האָבן זיך דערנענטערט און ענדלעך אָנגעקומען קיין סטאַניסלאַוו. משה שאָר איז שוין געהאַט פריער אַרויסגעפאָרן אַהין און ער צוזאַמען מיט אַהרן דרוקער האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט בא דער באַן און זעענדיק מיין פרוי אין אַזאַ מצב, האָט אַהרן דרו-

קער באפּוילן, אַז מען זאָל ציפּקען קודם־כל אַריינפירן צו אים אין שטוב אַריין.

אהרן דרוקער איז דעמאָלט געווען דער פּראָפּאַגאַנדיסט פון אידישן טעאַטער. איידער אַ טרופּע איז געקומען, האָט ער קודם פאַרגרייט וואוי־נונגען פאַר די אַרטיסטן און ער האָט אַנגעמאַכט דעם טאַראַראַם, אַז די שטאָט זאָל וויסן אַז אַקטיאָרן קומען און עס וועט זיין אַ אידיש טעאַטער.

כאָטש דרוקערס וואוינונג האָט זיך געפונען נאָנט פון דער באַן־סטאַנ־ציע, האָט מען גענומען אַ פיאַקער און מען האָט ציפּקען אַהינגעפירט און זי קודם געלייגט אין אַ בעט אַריין. דרוקער האָט געוואוינט אין איין שטוב, צוזאַמען מיט אַ סך קינדערלעך און די אָרימקייט האָט דאָרט אַרויסגע־ווינט פון יעדן ווינקל און די ריינקייט דאָרט, איז צוליב די קליינע קינ־דערלעך, ווייט נישט געווען ווי עס דאַרף זיין פאַר איבערקומען אַ גע־בורט. אָבער וואָס האָט מען געזאָלט טאָן? די אַלטע שאָר האָט אַרויס־געשיקט מאַניען און מאַניע האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָרט נאָנט, וואוינען די פאָליאַקס, צוויי שוועסטער זיינען זיי און ביידע זיינען אַקו־שאָרקעס, איז מאַניע באַלד אַוועק צו זיי און איז געקומען מיט דער יונ־גערער שוועסטער און זעענדיק די שטוב און די באַדינגונגען דאָרט, האָט די פאָליאַק קודם באַפוילן, אַז מען זאָל ציפּקען שוין אַרויסנעמען פון דער שטוב.

— וואוהין? — האָבן אַלעמענס בליקן געפרעגט, נאָר די פאָליאַק האָט נישט געטראַכט לאַנג: — צו מיר אַהיים! — האָט זי אויסגערופן און טאַקע באַלד איז שוין געשטאַנען אַ פיאַקער פאַרן טויער און מיר האָבן ציפּקען אַריבערגעפירט אין די פאָליאַקס ריינער און באַקוועמער וואוינונג, וואו מען האָט איר אָפּגעטיילט אַ באַזונדערן צימער מיט אַ ריין, פריש אויפגע־בעט בעט און ביידע שוועסטער פאָליאַק האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער געווינערן.

עס האָט זיך פאַרצויגן ביז אין דער נאַכט אַריין, מיך האָט מען צו ציפּקען נישט צוגעלאָזן און איך האָב פון יענער זייט טיר באַדאַרפט צו־הערן זיך צו אירע אויסגעשרייען און אירע קרעכצן און עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ רחמנות צו איר, אַז איך האָב געפילט ווי אַלע אומגליקן פון דער וועלט, וואָלטן געפאַלן אַף מיין קאָפּ...

ענדלעך האָט זיך די טיר האַסטיק געעפנט און די שלאַנקע פרוי פאָ־ליאַק האָט זיך באַוויזן מיט אַ שמייכל און מיר געזאָגט „מזל־טוב" עס איז געבוירן אַ שיין זונדעלע!...

איצט האָט מיר שוין די פרוי פאָליאַק דערלויבט אַריינצוגיין אַ קוק טאָן אַף ציפּקען. זי איז געלעגן שטיל און רואיק און עס האָט אויסגעזען,

אַז זי איז געבליבן אינגאַנצן אָן כוחות. זי האָט נאָר געקוקט אַף מיר מיט אירע גרויסע אויגן און זיך באַמיט צו שמייכלען און דער רחמנות־געפיל האָט מיך נאָך שטאַרקער אַרומגענומען און איך בין צו נענטער, אַ קוש געטאָן איר אַפן שטערן און איך האָב געזען צוויי גרויסע טרערן אין אירע אויגן, צוויי טרערן וואָס האָבן אָפּגעגלאַנצט ווי צוויי גרויסע פּערל...

איך בין שוין פון איר בעט נישט אָפּגעטראָטן. אַ גאַנצע נאַכט בין איך נעבן איר געזעסן און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי שוועסטער־לעך די פּאַליאַקס האָבן קעגן מיין אומגליקלעכער פרוי געהאַנדלט, וואָך־זייענדיק אַ גאַנצע נאַכט און צוקומענדיק כסדר צו איר בעט, זען צו זי דאַרף נישט עפּעס און אַזוי בין איך אָפּגעזעסן ביז פאַרטאָג, ווען משה שאָר איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן פאַר מיר, ער האָט מיר געזאָגט „מזל־טוב", אַריינגעשטופּט מיר אין האַנט עטלעכע רייניש, וואָס איך ווייס נישט וואו ער האָט זיי ערגעץ געשאַפן און איידער איך האָב אים נאָך באַ־וויזן צו דאַנקען, האָט ער שוין געהאַט באַגריסט אויך די קימפּעטאָרן און ער איז בליץ־שנעל צוריק פאַרשוואונדן, כדי ווייטער צו זאָרגן פאַר דער טרופּע און פאַר דעם אידישן טעאַטער...



# אײנאונצוואנציקסטער קאַפּיטל

אין „מאַניושקי"־טעאַטער אין סטאַניסלאַוו. — רעגינאַ צוקערבערג די עכטע אידישע פּרימאַדאָנע. — מיר פּראַוועז אַ פרײלעכן ברית. — מײן דערפאָלגרײכער ערז־אַוונט. — די צוקערבערגס פאָרן צוריק קײן לעמבערג. — אַ סטריער סוחר פאַליבט זיך אין אונדזער דירעקטאָרשע. — ליבערמאַן גיט אויף זײנע געשעפטן און ווערט אונזער דירעקטאָר. — ליבערמאַן ווערט אַ בעטלער. — איך פאָר צו אברהם אקסלראד קײן בוקאַווינע.

צו דער דערעפענונג פון אונדזער סעזאָן אין „מאַניושקי טעאַטער", האָבן מיר זיך געגרײט אויפצופירן די דעמאָלט באַרימטע פּיעסע „כינקע־פּינקע" (וואָס איז דערנאָך פאַרשריגן געוואָרן אַלס דער סינאָנים פון שונד), צום ערשטן מאָל אין סטאַניסלאַוו.

„כינקע־פּינקע" מיט די צוקערבערגס בראש פון אַ פײנער טרופּע, האָט אין סטאַניסלאַוו אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסן אינטערעס; עס האָט זיך גערעשט אין שטאָט און מיט עטלעכע טעג פאַר דער פאָרשטעלונג, זײנען שוין די בילעטן כמעט געווען אויספאַרקויפט.

מיר איז געווען גוט אויפן געמיט. נאָר וואָס געוואָרן אַ טאַטע, מײן נײ־געבוירן זונדל איז אונדז מזלדיק, בילעטן זײנען שוין אויספאַרקויפט און קינסטלעריש פיל איך זיך אויך באַפרידיקט, ווײל מען האָט מיר צוגעטײלט די קאָמישע ראָל אַלס פּינקע און איך גרײט זיך מיט מוט און האָפענונג און איך בין זיכער, אַז אַלץ וועט גוט אַדורכגײן.

עס איז געקומען דער טאָג פון דער פאָרשטעלונג. מיר זײנען אַרומגעגאַנגען יום־טובדיקע און גאַנץ פרי זײנען מיר אַרײן אין גאַרדעראָב און זיך גענומען גרײטן צו דער דערעפענונגס־פאָרשטעלונג און ענדלעך האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג אין „מאַניושקי טעאַטער", פון סאַלאָן האָט אַף אונדז אַ ווײע געטאָן מיט וואַרימקײט און ליבע און עס איז געווען אַ נחת אַ קוק צו טאָן, ווי דער גאַנצער סאַלאָן, ביז אין אַלע ווינקלען, איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט מענטשלעכע קעפּ און צעשטראַלטע אויגן, וואָס האָבן מיט נײַגעריקײט געקוקט אַף דער בינע.

די וואַרימקייט פון סאַלאָן האָט געווירקט אַף די אַקטיאָרן וואָס זיינען געווען אויסגעהונגערט נאָך פּרנסה און נאָך קינסטלערישער אָנערקענונג און עס האָט אונדז צוגעגעבן פייער און די פאָרשטעלונג האָט געקלאַפּט ביז אַף די קלענסטע איינצלהייטן און מיטגעריסן דעם עולם, וועלכער האָט כסדר אַ באַגייסטערטער אונדז אַפּלאָדירט.

רעגינע צוקערבערג איז געווען אַ יונגע, גאָט־געבענטשטע פּרימאַדאָנע מיט אַ סך טאַלאַנט. עס פעלן מיר ווערטער צו קענען באַשרייבן איר אויסערגעוויינלעכע שיינקייט. פון איר קליין געטאָקט מיילעכל האָט זי געקאָנט אַרויסלאָזן אַזעלכע שיינע פאָרלאָקנדע טענער, וואָס האָבן זיך ממש געגאָסן אין די הערצער פון די צוהערער. זי האָט געזונגען מיט אַ סך מתיקות און אין תוך גענומען, זיינען אירע טענער געווען עכט־אידישע, ספּעציפיש אידיש, זי איז געווען די עכטע גאָט־געבענטשטע אידישע פּרימאַדאָנע.

צוקערבערג איז געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, מיט אַ שיינער טענאָרשטימע; ער איז געווען מוזיקאַליש און האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו די געזאַנגען צוצוגעבן אייגענע וואַריאַציעס, וועלכע האָבן אויסערגעוויינלעך אויסגענומען. ער האָט געשפּילט גבריאליקלען און ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט מיט זיין אַפּזינגען די ודוי מיט קייטן אַף די הענט, אַז דער עולם האָט שיער צעטראָגן דאָס טעאַטער פון באַגייסטערונג.

איך האָב זיך באַמיט צו שפּילן פּינקען מיט נישט איבערגעטריבענע מיטל, ערלעך און מיט נשמה און די דועטן וואָס איך האָב געזונגען צוזאַמען מיט דער יונגער פּאַרטנערן מיינע, ה ע נ י ע  ג ע ש פּ אַ ס (זי איז ליידער זייער יונג געשטאָרבן), האָבן מיר געמוזט דריי מאָל איבערזינגען, און די טענץ — איבערטאַנצן. שוין לאַנג האָבן מיר נישט געהאַט געפילט דעם זיסן טעם פון צופרידנהייט אַרומאַונאַרום, סיי מאַטעריעל, ווי מאָראַליש און מיר האָבן זיך געפילט ווי אין זיבעטן הימל. ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, זיינען מיר אַלע געווען אַזוי פריילעך און אין אַזאַ גוטן הומאָר, אַז עס האָט נאָר געפעלט, מיר זאָלן זיך וואַרפן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס און זיך צעקושן, אָדער גאָר פאַרלייגן הענט אַף אַקסל און גיין אין אַ קאַראַהאָד. אַלעמענס פּנימער האָבן געשטראַלט פון פרייד און אין דער גרויסער חדוה, האָט די אַלטע שאָר אַ זאָג געטאָן: — פון איצט אָן, וועט אונדז שוין כסדר גיין מזלדיק, ווייל דאָס נייגעבוירענע קינדעלע האָט אונדז געבראַכט גליק!...

אין סטאַניסלאַוו האָבן מיר געשפּילט יעדע נאַכט און בא זייער גוטע געשעפטן. אונדזער דירעקטאָר משהלע שאָר האָט זיך אויסגעגלייכט זיינע אברים, ער האָט פאַרוקט דאָס קאַפּעלושל אַף אַ זייט און איז אַרומגע־

שוואומען איבער דער שטאָט אַף זיין אופן.

אויך דער אַלטער שאָר האָט אויפגעלעבט. ער האָט באַנייט אַ נייעם צילינדער און ער זיצט גאַנצע טעג אין קאַפע־הויז און שפּילט אַ קלאַ־ביאַש און איך בין פאַרנומען מיט מיין קימפּעטאָרן און מיט מיין פרינץ, צו וועמענס ברית אונדזער חברה אַקטיאָרן האָבן זיך שוין געגרייט.

דער ברית האָט באַדאַרפט פאָרקומען טאַקע בא די פּאַליאַקס גופא און שוין צוויי טעג פריער האָבן זיי אויסגעליידיקט אַ גרויסן סאַלאָן פון זייער רייכער וואוינונג, מען האָט דאָרט אריינגעשטעלט טישן און בענק און די שוועסטער פּאַליאַק האָבן געאַרבעט אַרום דעם אַלעם, פּונקט ווי דער ברית וואָלט געווען זייערער אַן אייגענער.

דעם אַלטן שאָר האָב איך מכבד געווען מיט סנדקאות און אַ חוץ אונדזער גאַנצע טרופּע זיינען נאָך געקומען אַ סך פּריוואַטע מענטשן און די שמחה איז געווען אַן עכט אידישלעכע.

עס איז אַריבער די פּראָצעדור פון ברית און איך האָב איבערגעלעבט און געטיילט די יסורים וואָס דער מוהל האָט פאַראורזאַכט מיין בכור און דערנאָך האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און צוזאַמען מיט די פּאַליאַקס באַדינט די געסט אַפן בעסטן אופן און דערנאָך האָב איך מיט יעדן פון די געסט געמוזט טרינקען אַ לחיים און מען האָט אַזוי גע־טרונקען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און פון די פילע „לחיימס" וואָס איך האָב אין זיך אַריינגעגאָסן, בין איך געוואָרן שטאַרק בגילופינדיק. צו־ערשט, בין איך אין מיין באַרווישטן צושטאַנד געוואָרן זייער פריילעך און לעבעדיק, געזונגען און געטאַנצט און דער עולם האָט זיך אויך משמח געווען און פון מיר האָט מען גאָר אָנגעקוואָלן און אַזוי איז געווען לוס־טיק און לעבעדיק, ביז די געסט זיינען זיך צעגאַנגען און עס זיינען גע־בליבן בלויז די היימישע און דעמאָלט בין איך פון מיין נישט־נאַטירלעכער פריילעכקייט, פון מיין זינגען און טאַנצן, אַריבער אַף אַ ביטער געוויין און איך האָב אַזוי שטאַרק געוויינט, אַז וויפל מען האָט נישט געזוכט מיך איינצונעמען און באַרואיקן, עס האָט זיך נישט איינגעגעבן. אין מיין איו־סערגעוויינלעכן געוויין, האָב איך עטלעכע מאָל דערמאָנט מיין ברודערס נאָמען: — יעקב־יאָשע... יעקב־יאָשע... ווייזט אויס, אַז אין מיין באַטרונ־קענקייט, האָב איך אומבאַוואוסטזיניק באַוויינט מיין ביטערן גורל וואָס איך מוז אַזאַ פאַמיליערע שמחה פראַווען אין דער פרעמד און קיין איינער פון מיינע נאָענטע קאָן זיך אין איר נישט באַטייליקן...

לאַנג, לאַנג האָב איך אַזוי געוויינט, ביז איך בין ענדלעך איינגעשלאָפן.

:: :: ::

איך האָב זיך אפשר צופיל אָפּגעשטעלט בא דעם עפּיזאָד פון מיין זונס געבורט און זיין ברית, אָבער איך האָב עס געמוזט דערמאָנען, ווייל די דעראינערונגען פון מענטשן וואָס האָבן אַרויסגעוויזן צו די וואַנדערנדע אידישע בינע־קינסטלער אַזויפיל שוועסטערלעכקייט, אַזויפיל מענטשלעכקייט, אַזוי ווי די פאַליאַקס האָבן עס געטאָן, אַזעלכע דעראינערונגען זיינען הייליקע און מען דאַרף זיי פאַרצייכענען מיטן בלוט פון דאַנקבאַרן האַרצן. אַזעלכע ווי די פאַליאַקס זיינען נישט געווען קיין סך, אָבער געווען זיינען זיי און זיי האָבן אויפגעלויכטן ווי זונען אַף די טריבע וואַנדער־וועגן פון אידישן אַקטיאָר און זיי האָבן אים געוואַרימט און געגעבן מוט און ענערגיע און לוסט פאַר זיינע ווייטערדיקע וואַנדערונגען מיט זיין קינסט־לערישער מיסיע, צו שפּרייטן ליכט פאַר די פאַרפינצטערטע אידישע מאַסן.

אַ לענגערע צייט האָבן מיר געשפּילט אין סטאַניסלאַוו מיט זייער גרויסן דערפאָלג, דערנאָך האָט עס, ווי געוויינלעך, אָנגעהויבן גיין שוואַכער און שוואַכער און שוואַכער, דער עולם איז געוואָרן שיטערער און שיטערער און די גליקן האָבן אָנגעהויבן אויסרינען...

ווען די געשעפטן זיינען שוין געווען זייער ביטער, קומט צו מיר משה און נעמט מיך, לויט זיין געוואוינהייט, אָדער באַם לאַץ, אָדער באַם פּנים און רעדט צו מיר גוטע רייד, אַז ער פאַרשטייט מיין לאַגע, איך בין גע־וואָרן אַ גרעסערער נצרך, איך האָב שוין אַ קינד און אַזוי ווי איך האָב שטאַרק אויסגענומען אין סטאַניסלאַוו, וויל ער מיך באַערן מיט אַ בענע־פיט־אָוונט און אויב עס גייט שוין נישט אַזוי ווייט אין די פאַרדינסטן וואָס קענען יאָ אָדער נישט זיין, וויל ער מיר כאָטש דערמיט אַרויסווייזן זיין אויפמערקזאַמקייט...

אַוודאי האָבן מיך דעם דירעקטאָרס רייד זייער געשמייכלט און איך האָב אים דערויף פשוט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און ווען איך האָב אפילו יאָ וואָס צו ענטפערן, האָט משה שאָר קיינמאָל נישט געוואַרט אַף קיין ענטפער, ווייל באַלד נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגערעדט זיינס, איז ער ווי געוויינלעך נעלם געוואָרן.

און משה שאָר האָט געטאָן זיינס. ער האָט אַנאָנסירט אַ גרויסן יום־טוב, אַן ערן־פאָרשטעלונג לכבוד מיר, די פאָרשטעלונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין אַ וואָכן־טאָג און ער האָט אַנאָנסירט די גרויסע דערפאָלג־פיעסע „בינקע־פינקע".

וועגן באַדינגונגען פון ערן־אָוונט האָט משה שאָר מיר גאָרנישט גע־זאָגט, ער האָט דעם ערן־אָוונט פאַרשטאַנען אַף זיין אופן און דווקא איז געקומען אַ גאָר גרויסער עולם און ווען איך בין אויפגעטראָטן אַף דער בינע, האָט מיך דאָס פּובליקום אויפגענומען מיט אַ שטורמישן אַפּלאָדז

און איך האָב זיך אַזוי דורכגענומען מיט דעם דערפאָלג, אַז איך האָב נישט געקאָנט צוריקהאַלטן די טרערן פון פרייד וואָס האָבן זיך מיר געריסן פון די אויגן.

דער יום-טוב האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט מיט דערזעלבער פייערלעכער שטימונג און אַלע אַקטיאָרן, פון גרעסטן ביזן קלענסטן, האָבן מיך באַגריסט און זיך צעקושט מיט מיר און אין דער גרויסער פרייד וואָס דער אָוונט האָט מיר געגעבן, האָב איך גאָר פאַרגעסן אַן דער מאַטעריע־לער זייט פון אָוונט, אַז דער אָוונט איז געווען מ יי ן ערן־אָוונט און אַז איך בין נאָך אַלעם, אַ געוויינלעכער בשר ודם, וואָס האָט אַ ווייב מיט אַן ערשט-געבוירן קינד און מען דאַרף פרנסה; דער גרויסער דערפאָלג האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אַן אַלץ און מיין גליק האָט זיך געצויגן נאָך ווײַ־טער, ווייל נאָך דער פאָרשטעלונג, האָט משה שאָר צוגעגרייט אַ באַנקעט פאַר דער גאַנצער טרופּע און ווידער בין איך געווען אויבנאָן, אונדזערע אַלעמענס פּנימער זיינען געווען צעשטראַלטע פון פרייד און מיר האָבן זיך פּרעכטיק אונטערהאַלטן און אינמיטן בעסטן אונטערהאַלט, רוקט זיך צו מיר צו משהלע און דערלאַנגט מיר אין האַנט אַ פּעקל געלט און איך בין באַגייסטערט און אין מיין גרויסער באַגייסטערונג, פרעג איך נישט און איך קוק נישט וויפל ער גיט מיר, אַלץ איז מיר גוט, אַלץ איז מיר ליב און איך לויף אַהיים צו מיין ווייב און צו מיין זונדל, איך פיל אַף זיך און א י ן זיך אַזויפיל כבוד, אַז איך קאָן עס אַליין נישט דערטראָגן און איך וויל זיך טיילן מיט זיי און איך פיל נאָך די קושן פון מיינע חברים אַף מיין פּנים און איך הער נאָך די שטורמישע אַפּלאָזן פון עולם און איך פיל אין קעשענע דאָס געלט וואָס משה שאָר האָט מיר נאָך צו דעם אַלעם צוגע־געבן און איך בין גליקלעך, גליקלעך, אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג...

:: :: ::

ווייזט אויס, אַז דאָס פּאָרל, צוקערבערג און זיין פרוי, האָבן אין גימפּלס טעאַטער שטאַרק אויסגעפּעלט, ווייל עס האָבן יעדן טאָג אָנגע־הויבן קומען טעלעגראַמעס און ענדלעך האָבן אָנגעהויבן קומען שליחים און זיי האָבן די צוקערבערגס איבערגעבעטן אין נאָמען פון גימפּלען און פון דער גאַנצער טרופּע און עס האָט זיך די שליחים איינגעגעבן אַרויס־צונעמען די צוקערבערגס פון אונדזער טרופּע און זיי צוריק אַריבערצונע־מען קיין לעמבערג.

די צוקערבערגס פאַרלאָזן אונדזער טרופּע, איז פאַר אונדז געווען אַ טויט-קלאַפּ און משה שאָר האָט געאַרבעט אַף אַלע כלים, אַז ער זאָל עס

נישט דערלאָזן, אָבער עס איז פאָרט געווען זייער נאַטירלעך, אַז די צו־קערבערגס זאָלן פאַרציען צוריק צו אַקטואירן אין לעמבערג, ווייל דאָרט האָבן זיי געהאַט זייער היים און מיט זייערע טאַלאַנטן און מיט זייער נאָמען, האָבן זיי גאָרנישט נויטיק געהאַט אַרומצופאָרן מיט שאָרס טרופּע נע־ונד...

האָבן מיר זיך אָפּסניי אָנגעהויבן אַרומשלעפּן פון שטעטל צו שטעטל און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פריערדיקע מוטשעניש און משה שאָר האָט ווייטער באַדאַרפט אָנקומען צו זיינע אויסטערלישע דערפינדעריש־קייטן ווי אַזוי אונדז אַרויסצוראַטעווען פון איין אומגליק אין צווייטן אַריין.

אין איין שטעטל אויף אונדזערע וואַנדערונגען, איז צו אונדזער טרופּע צוגעקומען נאָך אַן אַקטיאָר, דאָס איז געווען ש אַ פּ י ר אַ.

איך קאָן זיך בשום אופן נישט דערמאָנען זיין ערשטן נאָמען, אָבער איך געדענק אים גוט, כאָטש נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלאָזן שאָרס טרו־פּע, האָב איך אים קיינמאָל מער נישט געזען און נישט געהערט פון אים.

דער שאַפּירא, איז געווען אַ רוסישער, זייער מוזיקאַלישער יונגער־מאַן. ווי אַזוי ער איז געקומען אין דעם שטעטל, ווייס איין גאָט. אָבער משה שאָר האָט אים דאָרט געפונען אַ הונגעריקן און ער האָט אים אַריינ־גענומען אין אונדזער טרופּע, כדי ער זאָל כאָטש נישט הונגערן ביחידות, נאָר מיט אונדז אַלעמען צוזאַמען... שאַפּירא איז געווען אַ גוטער אַקטיאָר און ער האָט שיין געזונגען און ער איז פאַר אונדזער טרופּע געווען אַ גוטע און נויטיקע קראַפט.

אין אַט דער שווערער צייט, האָט זיך משה ענדלעך באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט זיין כלה סאַלטשע, מיט וועלכער ער איז שוין זייט לאַנג געווען פאַרלאָבט און אונדזער משפחה האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נאָך אַ מיטגליד.

סאַלטשע איז געווען אַ זייער שיין און באַחנט ווייבל און משה האָט זי באַלד געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע און זי האָט דווקא גענומען דאָס טעאַ־טער־שפּילן זייער ערנסט און מיטגעשפּילט מיט אונדז און עס איז צו אונדזער טרופּע נישט צוגעקומען בלויז נאָך אַן עסער, נאָר אויך אַ קראַפט פאַר דער בינע.

און איצט קומט אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, וואָס האָט זיך גאַנץ שנעל אָפּגעשפּילט אַדאַנק דער סאַלטשע שאָר.

וואַנדערנדיק אַזוי פון איין שטעטל אין אַנדערן, זיינען מיר פאַרוואָרפן געוואָרן קיין סטרי און ווי אין די אַנדערע שטעטלעך, האָבן מיר אויך דאָרט געשפּילט ביי זייער טרויעריקע אומשטענדן.

פלוצלינג האָט זיך צו אונדז זאָנאַדעט אַ באַוואוסטער סטריער סוחר, אַ געוויסער ליבערמאַן, וואָס האָט אונדז אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינ־לעכע אויפמערקזאַמקייט און חוץ דעם וואָס ער האָט נישט געפעלט ביי קיין איין פאָרשטעלונג וואָס מיר האָבן דאָרט געגעבן, האָט ער זיך באַקענט מיט אונדזער טרופּע און מיט די שאָרס און טאַקע מיט משה שאָר און ער איז געוואָרן בא די שאָרס אַן אמתער בן־בית.

מיר, די טרופּע, מיר האָבן שנעל פעסטגעשטעלט, אַז דער רייכער סוחר ליבערמאַן, האָט געוואָרפן אַן אויג אָף סאַלטשע שאָר און מיר האָבן גוט באַמערקט, אַז ער קריגט פּשוט די נכפּה פאַר איר און וואָס באַשיי־דענער און צוריקגעצויגענער סאַלטשע האָט זיך געוויזן פאַר אים, אַלץ מער האָט ער זיך געפילט צוגעצויגן צו איר און אַבי צו קענען זיין נענטער צו זיין אויסדערוויילטער סימפּאַטיע, איז ער געוואָרן אַ חבר פון אונדזער גאַנצער טרופּע.

דער דאָזיקער ליבערמאַן, איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און דריי־סיק. נישט קיין הויכער, אָבער דערפאַר אַ דיקער, אַ קיילעכיקער. וואָס ווען ער איז געגאַנגען, האָט ער זיך געקאַטשעט ווי אַ פאַס און זיין פּנים איז אויך געווען אַ קיילעכדיק לבנה־פּנים מיט אַ דריי־גאָרנדיקן גוידער. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין סטרי, ער האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון שיך און גאַלאַנטעריע אַרטיקל, אָבער זעענ־דיק סאַלטשען אָף דער בינע, איז אים אַריין אַ „יוקס" אין קאָפּ, ער האָט זיך פאַרליבט אין איר און קומענדיק צו יעדער פאָרשטעלונג, האָט ער געזוכט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער טרופּע, כדי צו קענען זיך באַקענען מיט די שאָרס און טאַקע מיט סאַלטשען.

משה שאָר האָט גוט געוואוסט די ערלעכקייט און די געטריישאַפט פון זיין סאַלטשע, ער האָט נישט געהאַט קיין שום אורזאַך מורא צו האָבן פאַר איר טריי־ברוך, האָט ער באַשלאָסן, אַז אָט־אַ דער יאָלד, דער קיי־לעכדיקער סוחר ליבערמאַן, פּאַסט זיך בעסער אַלס טעאַטער־אימפּרעסאַר ווי אַלס סוחר און ער האָט אים אַ נעם געטאָן אין דער אַרבעט אָף זיין שטייגער...

ווי אַזוי משהלע האָט דאָס געמאַכט, ווייס איך נישט. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט ליבערמאַן גענומען און ליקווידירט זיינע גע־שעפטן, ער האָט אַלץ אויספאַרקויפט און באַשלאָסן מיטצופאָרן מיט אונדז, אַלס אונדזער אַלעמענס טעאַטער־דירעקטאָר.

און איצט מוז איך אויך דערמאָנען אַ געוויסן יאַנקל גליקסמאַן, וועל־כער איז אין אונדזער טרופּע מיט די שאָרס, געווען אַ סופליאָר, אָבער אָף דער עלטער האָט ער אין זיך אַנטדעקט אַ טאַלאַנט אַלס אַקטיאָר און ער האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער.

דער יאַנקל גליקסמאַן, האָט זיך בעסער אויסגעטויגט פאַר די שאָרס ווי יעדער אַנדערער פון אונדזער טרופּע און אַריינבאַקומענדיק דעם „העכט", דעם סוחר ליבערמאַן אַלס דירעקטאָר, האָט גליקסמאַן געפּועלט באַם אַלטן שאָר, אַז ער, גליקסמאַן, דער אַלטער שאָר מיט משה שאָר, זאָלן שליסן אַ „יד־אחת" און ווערן די שותּפים פון דירעקציע ליבערמאַן...

און משהלען מיט זיין גלאַטן צינגל, האָט זיך איינגעגעבן צו שליסן אַזאַ מין אָפּמאַך מיט ליבערמאַנען:

די שאָרס, פאָטער און זון און יאַנקל גליקסמאַן, טרעטן צו אַלע שותּפים צו דער דירעקציע ליבערמאַן און די איבעריקע פון טרופּע, באַקומען יעדע נאַכט נאָך דער פאָרשטעלונג אויסגעצאָלט זייערע לוינען. און כדי דאָס געשעפט זאָל זיין זיכערער, האָט משהלע פאַרגעלייגט, אַז דירעקטאָר ליבערמאַן זאָל אויסלייגן פאַרן געשעפט פיר טויזנט קראָנען און די פיר שותּפים זאָלן זיך דערווייל איינטיילן מיט דעם געלט, יעדן צו טויזנט קראָנען און ליבערמאַן אַליין זאָל טאָקע אויך נעמען טויזנט קראָנען, זיי האָבן אים, הייסט עס, געשמירט מיט זיין אייגענער פוטער און אַ חוצדעם, האָט ליבערמאַן אויסגעלייגט אַף די הוצאות, משה האָט אים פאַרזיכערט, אַז אין סאַמבאָר וועט מען מאַכן גאָר גרויסע געשעפטן און ער וועט זיך אָפּנעמען די פיר טויזנט קראָנען און מיט דעם איבעריקן וועלן זיי זיך איינטיילן אַף גלייכע חלקים...

דער פריער דערמאָנטער אַקטיאָר שאַפּיראַ, האָט זיך מיט מיר זייער באַפריינדעט און דערוויסנדיק זיך וועגן דעם נייעם דירעקטאָר, בעסער געזאָגט, „די מעלקנדיקע קו" ווי ער האָט ליבערמאַנען אָנגערופן, האָט ער מיך אָנגעהויבן העצן: — און מיר וואָס וועלן האָבן דערפון? זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן טיילן מיט דעם גראָבנס ירושה און מיר וועלן דערפון האָבן קדחת מיט כשרן פאָדעם...

האָט שאַפּיראַ מיך אַזוי לאַנג געהעצט, ביז ער האָט געפּועלט, אַז מיר ביידע, וואָס אָן אונדז קאָן די טרופּע נישט אויפטרעטן, מיר זאָלן אַרויסשטעלן פאָדערונגען, אַז היות מיר האָבן זיך פאַרשולדיקט, קענען מיר נישט פאָרן ווייטער, ביז מען וועט אונדז געבן אַ געוויסע סומע געלט. מיר זאָלן באַצאָלן אונדזערע חובות.

משהלע האָט זיך אַביסל געוואָרפן, הערנדיק אונדזערע טענות. אויך דער אַלטער שאָר האָט אין אונהזער זייט געשיקט אַ בייזן בליק און יאַנקעלע גליקסמאַן האָט זיך אָנגעהויבן צעשרייען אַף זיין ביי־קולעכל, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, משהלע האָט געמוזט רופן דעם דירעקטאָר ליבערמאַן און אים איבערגעבן אונדזערע טענות און ליבערמאַן, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, האָט אַרויסגענומען זיין דיקן טייסטער און אָנ־

געצײלט װיפל מיר האָבן געפּאָדערט. (שאַפּיראָ האָט דערנאָך באַדױערט פאַרװאָס מיר האָבן געפּאָדערט צו װײניק...)

ענדלעך האָבן מיר זיך אָנגעהױבן קלױבן אין װעג אַרײַן. דער רײַכער דירעקטאָר האָט מיט זיך מיטגעפירט צװײ אומגעהױער גרױסע קאַסטנס מיט זײַער טײַערע זאַכן און בײַ דער באַן, האָט מען א י ם צוגעטײלט דעם כבוד פון קױפן די בילעטן און ער איז געװען אַ דזשענטלמאַן, ער האָט געקױפט די בילעטן און יעדן פון אונדז צוגעטראָגן דעם בילעט מיט אַ שמײכל און עלעגאַנטן זשעסט און משה׳לע האָט געקוקט קאָסאָקע װי דער דיקער דירעקטאָר דזשענטלמאַנעװעט זיך און איך האָב אױף זײַן פּנים דערקענט דעם באַהאַלטענעם חוזק־שמײכל...

אין סאַמבאַר האָבן מיר געשפּילט נישט אין קײן געהױבענעם פּלאַץ, אַבי אַ סאַלאָן און אונדזער דירעקטאָר האָט זיך קוים געקאָנט אַרײַנקאַטשען אין דעם אימפּראָװיזירטן קאַסע־קעמערל און ער זיצט און װאַרט אױף פּובליקום. די אידן אין סאַמבאַר האָבן אָבער דערמאָלט, װײַזט אױס, געהאַט אַנדערע זאָרגן און עס איז זײ נישט געלעגן אינזינען צו גײן אין טעאַטער און מיר האָבן אָפּגעשפּילט די פאָרשטעלונג כמעט פאַר אַ לײדיקן סאַלאָן.

אָבער דירעקטאָר איז דירעקטאָר און ליבערמאַן איז נישט אַבי װער, אַבי געגומען אױף זיך אַ פאַראַנטװאָרטלעכקײט, דאַרף מען זי דערפילן און נאָך דערצו, אַז ער דאַרף װײַזן סאָלטשען װער ער איז, קומט ער טאַקע באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג אַרײַן אין גאַרדעראָב און ער פירט זיך װי אַן אמתער דירעקטאָר װאָס האָט שױן אַ גרױסע טעאַטער־פאַרגאַנגענהײט, ער האַלט זײַן טײַסטער אין האַנט און פרעגט און רופט און צאָלט און ער צאָלט מיט אַ שמײכל און מיט אַ ליבלעכן זשעסט, יעדן אײנעם זײַן באַשטימטן האָנאָראַר און נאָכן אױס צאָלן, פרעגט ער ערשט יעדן באַזונדער: — הער פאַלעפאַדע, איהנען האבע איך שאָן אױסגעצאָלט?... הער שאַפּיראָ, אונד איהנען?... ער געדענקט אײגנטלעך גאַנץ גוט אַז ער האָט שױן באַצאָלט, נאָר װאָס דען, עס פּאַסט אַזױ, עס איז מיט מער פאַראַדע...

מיר, הונגעריקע און אױסגעמוטשעטע אַקטיאָרן האָבן אין זיך געשמײכלט און מיר האָבן זיך געטראַכט, מילא, זאָל זײַן פון אַ קאָזאָק, אַבי צום לעבן... לאָמיר כאָטש אױך װיסן פון אַ גוט שטיקל צײַט און אַזױ זײַנען מיר מיט אונדזער נײַעם דירעקטאָר געפאָרן איבער אַ רײע שטעט און שטעטלעך און כסדר זײַנען אונדזערע געשעפטן געגאַנגען ערגער און ערגער און דער פעטער טײַסטער פון אונדזער דירעקטאָר ליבערמאַן איז כסדר געװאָרן מאָגערער און שנעל איז געקומען דער מאָמענט, װען דער טײַסטער איז אינגאַנצן לײדיק געװאָרן, אָבער דירעקטאָר ליבערמאַן האָט זיך נאָך אַלץ נישט אונטערגעגעבן, ער האָט אָנגעהױבן אַרױספאַרקױפן די

זאַכן פון זיינע גרויסע צוויי קאַסטנס און אויך די קאַסטנס האָבן אָנגע־הויבן ווערן לייכטער און לייכטער, ביז זיי זיינען אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן און עס איז מער נישט געווען וואָס צו פאַרקויפן און דירעקטאָר ליבערמאַן האָט אָנגעהויבן הונגערן צוזאַמען מיט אונדז און דער גראָב־בייכיקער באַוואוסטער סטריער סוחר ליבערמאַן, איז געוואָרן אַ בעטלער; זיין דריי־גאָרנדיקער גוידער איז אָפּגעצערט געוואָרן און ס'איז אים אַראָפּ־געהאַנגען די אויסגעדאַרטע הויט אונטערן האַלדז און זיינע קליידער האָבן אַף זיין אָפּגעדאַרטן גוף געהאַנגען ווי זעק און מיר, שוין צוזאַמען מיט דעם אָפּגעפּאַרענעם דירעקטאָר ליבערמאַן, זיינען צוריק אַריבערגעגאַנגען אַף משהלע שאַרס קעסטט...

ווידער האָט משה שאַר געאַרבעט מעשים, געזוכט „קרבנות" וואָס זאָלן אים העלפן שלעפּן דעם יאָך פון אידיש טעאַטער, אָבער כסדר איז געוואָרן ערגער און ערגער, מיר זיינען נאָך געפאָרן איבער עטלעכע שטעט און שטעטלעך און די האַנדלונגען פון משה שאַר זיינען ווי אַ בייזע פּאַסט אונדז בעגאַנגען פאַראויס און אונדזער טרופּע האָט באַקומען אַ נאָמען פון פּשוטע שלעפּערס און מענטשן האָבן אָנגעהויבן וויכן פון אונדז און איך האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז פאַר מיר איז דאָ מער קיין פּלאַץ נישטאָ, אַז ווי ליב איך האָב באַקומען די פאַמיליע שאַר, וועלכע זיינען אין תוך גע־נומען געווען זייער וואוילע מענטשן, מוז איך פונדעסטוועגן זיך געזעגע־נען מיט זיי און איך מוז זוכן אַן אַנדער פּלאַץ פאַר מיין אַקטיאָרישער אַקטואַציע.

נישט זאָגנדיק פאַר קיינעם, האָב איך אָוועקגעשריבן אַ בריוו אין דער בוקאָווינע צו דעם טעאַטער דירעקטאָר אברהם אַקסלראַד און וויזט אויס, אַז ער האָט געהאַט געהערט וועגן מיר, ווייל עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט און איך האָב פון אים באַקומען אַ בריוו, מיט געלט אַף הוצאות און דעמאָלט האָב איך זיך האַרציק געזעגנט מיט דער פאַמיליע שאַר, איך האָב געוויינט און זיי האָבן געוויינט, אָבער אַנדערש האָט עס נישט גע־קאָנט זיין, די שיף האָט געהאַלטן אין זינקען און ווער עס האָט געקאָנט, האָט זיך געמוזט ראַטעווען און משה שאַר האָט מיך אַפילו באַגלייט, ווען איך בין צוזאַמען מיט ציפּקען און מיט אונדזער קינד אַוועקגעפאָרן צום סטאַביליזירטן און טאַקע סטאַבילן טעאַטער דירעקטאָר אברהם אַקסלראַד.



## צוויאונצוואנציקסטער קאַפּיטל

אברהם אקסלראד און זיין ווייב, די דירעקטאַרשע. — בראַנדעס אַלס הויפּט־אַקטיאָר און רעזשיסאָר. — איך זאָג זיך אָפּ צו שפּילן אַ תליון אַן ווערטער. — אקסלראד זאָגט מיר אָפּ און בראַנדעס קומט נאָך מיר. — אקסלראד העכערט מיינע שכירות. — אַ סטודענט לערנט מיך דייטש. — איך פּאַרטרעט בראַנדעסן אין אַ הויפּטראָל. — בראַנדעס פּרעפּט מיר אַ שפּיז און איך ווער וואַרוואונדעט.

ווען איך בין אַרויסגעפאָרן צו אַקסלראַדן, האָב איך שוין עפּעס געוואוסט וועגן אים און וועגן זיין ווייב און וועגן זיין טרופּע.

אין גאַליציע האָט מען איבעראַל גערעדט וועגן אַקסלראַדן און אוודאי צווישן גאַליציאַנער אַקטיאָרן. פון אַקסלראַדן האָט מען זייער געהאַלטן. מען האָט געוואוסט, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ זייער גוטער אַקטיאָר, אַ באַרימטער קאָמיקער און אַן אויסגעצייכנטער טענצער, ביז ער איז קראַנק געוואָרן אָף די פיס און ער האָט זיך צוערשט געמוזט אָפּזאָגן פון טאַנצן און דערנאָך האָט ער זיך אינגאַנצן געמוזט אָפּזאָגן פון דער בינע. זיין דירעקטאָרשאַפט האָט געהאַט אַ נאָמען און אַקטיאָרן האָבן זיך געוואונטשן צו אַרבעטן אונטער זיין דירעקציע. אַקטיאָרן האָבן דערציילט, אַז בּאַ אַקסלראַדן, ווים דער אַקטיאָר קיינמאָל נישט צי מען מאַכט גוטע אָדער שלעכטע געשעפטן. ער צאָלט פונקטלעך דאָס וואָס ער זאָגט צו און דאָס געלט איז בּאַ אים אַזוי זיכער, ווי בּאַ זיך אין קעשענע.

וועגן זיין ווייב, האָט מען שוין גאַנץ אַנדערש גערעדט. זי קאָן געבן „אַ גוט אויג”, האָט מען געזאָגט און נישט נאָר אַ גוט אויג מיט אירע ביסטרע בליקן, נאָר אַז מען דאַרף, (און אַמאָל אפילו ווען מען דאַרף נישט, נאָר עס ווילט זיך איר) קאָן זי געבן פּעטש און פּעטש האָט זי ליב צו דערלאַנגען דווקא מענער וואָס געהערן צום שטאַרקערן מין און אַז ווען זי דערלאַנגט אַ פּאַטש, זעט מען פונקען פאַר די אויגן...

אַזעלכע זאַכן האָב איך געהערט וועגן די אַקסלראַדס, אָבער גלייכציייטיק האָט איך אויך געהערט, אַז אקסלראַד באַמיט זיך אַלעמאָל צו האָבן די בעסטע טרופּע און אַז ער זשאַלעוועט נישט קיין געלט און קיין

מי, אַז אַ פאַרשטעלונג זאָל אין זיין טעאַטער אַרויסקומען וואָס שענער און וואָס בעסער.

אַקסלראָד האָט אין טשערנאָוויץ געהאַלטן אַ זומער-טעאַטער, וואו ער האָט געשפּילט אַ גאַנצן זומער און אָפן ווינטער, האָט ער זיין טרופּע אַרויסגעפירט אַף דער בוקאָווינער פּראָווינץ, אַזוי, אַז ווער עס האָט אַק-טואירט אונטער אַקסלראָדס דירעקציע, האָט פּאַקטיש געהאַט אַ גאַנץ יאָר אַרבעט.

ווען איך בין אָנגעקומען אין זיין טרופּע, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס איך האָב געהערט וועגן אים און זיין דירעקציע, איז אמת. צום ערשטן מאָל זייט איך בין אַוועק פון רוסלאַנד, האָב איך געזען אַ טעאַטער-דירעקטאָר וואָס נעמט ערנסט זיין אונטערנעמונג און וואָס „לייגט גוט אַריין, כדי ער זאָל קענען גוט אַרויסנעמען".

אַפילו די רכילות וועגן זיין ווייב, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז זיי זיינען נישט איבערגעטריבן. זי איז אַפילו געווען אַ גאַנץ גוטע פרוי און אַז עס האָבן זיך צעשפּילט אירע רחמנות-סענטימענטן, האָט זי זיך גע-קאָנט צעיאָכמערן ווי אַ קליין קינד, נאָר שוין דער אויסזען אירער האָט צו ביסלעך אָפּגעשטויסן; זי איז געווען דיק און קיילעכדיק און ווי שוין דערמאָנט, האָט זי געהאַט אַ זייער ביסטרע בליק, וואָס אויב ער האָט עמיצן דורכגעשטאָכן, האָט יענער שוין געמעגט לאָזן אָפּשפּרעכן איבער זיך אַן עין-הרע און וואָס שייך דערלאַנגען פּעטש, האָב איך נישט באַ-דאַרפט לאַנג וואַרטן און איך האָב עס באַלד געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי זי דערלאַנגט פּעטש און דאַנקען גאָט וואָס נישט איך בין עס געווען דער וואָס האָט די דאָזיקע פּעטש באַקומען...

די טרופּע איז געווען אַ גרויסע און בראַנדעס איז געווען דער הויפּט-אַקטיאָר און רעזשיסאָר פון טרופּע. בראַנדעס איז געווען זייער מוזיקאַ-ליש און ער האָט געהאַט אַ העלדן-טענאָר און ער האָט מיט זיין זינגען זייער שטאַרק אויסגענומען.

אין טרופּע זיינען געווען די ברידער ליבגאָלד און דעם עלטערן ליב-גאָלדס ווייב, סטעפּקע, די פּרימאַדאָנע און דאָרט איז אויך געווען דער קאָמיקער וועטשטיין.

געשפּילט האָט אַקסלראָדס טרופּע דעם זעלבן רעפּערטואַר וואָס איך האָב געהאַט געשפּילט אין שאָרס טרופּע און די ראָלן פון די פּיעסן זיינען געווען באַזעצט, אַזוי, אַז פאַר מיר זיינען געבליבן די קליינע אומבאַדייטנ-דיקע ראָלן, אָדער גאָר גיין אין כאָר און מיטהאַלטן „עם כל הנערים"...

דעמאָלט איז אַפילו נאָך נישט געווען אַזוי ווי היינט, וואָס מען באַ-טראַכט דאָס גיין זינגען אין כאָר פאַר נישט פּאַסיק; דעמאָלט האָט זיך

נאָך געפירט, אַז אַ טרופּע האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעלן כאַר, נאָר אַקטיאָרן און די אַקטיאָרן וואָס זיינען געווען פריי אין דער פּיעסע, האָבן באַדאַרפט גיין אין כאַר און דערגענצן די פאָרשטעלונג.

נאָר דאָך, האָב איך זיך געפילט זייער נישט באַקוועם און עס האָט מיר אַפילו ווי געטאָן, וואָס איך, אַן אַקטיאָר וואָס האָב שוין פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין טעאַטער און געשפּילט ערשטע ראָלן, דאַרף נאָר פּלוצלינג ווערן ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן, אָפּשפּילן קליינע ראָלעכלעך און גיין אין כאַר... נאָר וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? דעם לוין האָט דירעקטאָר אַקסלראָד געצאָלט פּונקטלעך און מיט ברייטן וואַרימען זשעסט און איך האָב דאָך עפּעס אַ פרוי מיט אַ קינד, מילא, מוז מען בויגן דעם קאָפּ, אַבי פּרנסה.

אין די שווערסטע מאָמענטן, ווען איך האָב שוין גאָר שטאַרק געפילט מיין ירידה אַלס קינסטלער, ווען איך האָב אָבער אַ טראַכט געטאָן ווי עס איז מיר געגאַנגען אונטער שאַרם דירעקציע, מיט דעם גאַנצן שאַכער־מאַכער, מיטן זוכן קרבנות וואָס זאָלן אַריינבראָקן געלט אויף צו ראַטעווען זיך פון די כסדרדיקע שווערע סיטואַציעס, ווען איך האָב זיך דאָס דערמאָנט, בין איך שוין געווען צופרידן באַדאַי זינגען אין כאַר, אַבי זיך געפינען אין אַ ליטישן טעאַטער אונטער אַ ערנסטער דירעקציע ווי עס איז געווען אַקסלראָד.

עס איז מיר איבערהויפּט זייער געפעלן די אַרט פירונג פון אַקסלראָדן. ער האָט ליב געהאַט אַ ציכטיק טעאַטער, וואו מען גיט זיך די מי צו לייסטן קינסטלעריש און ער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם רייכן גאַרדעראָב, וואָס האָט דערלויבט, אַז יעדע פאָרשטעלונג זאָל באַצירט און באַקליידט ווערן מיט די שענסטע און רייכסטע אויסשטאַטונגען, וואָס האָבן זיך אימפּאָנירט נישט נאָר אויפן פּובליקום, נאָר אַפילו אויף די אַקטיאָרן גופא.

עס איז מיר נישט אַזוי גרינג געווען דאָס געמיט, דאַרפנדיק מיטפירן אויף אונדזערע רייזעס איבער שטעט און שטעטלעך אַ ווייב מיט אַ זויגקינד, אָבער אַבי עס איז געווען פּרנסה, האָבן מיר געהאָפט, אַז אַט־אַט, און דער ווינטער וועט אַריבער, וועלן מיר שוין אַקטואירן אין אַקסלראָדס זומער־טעאַטער אין טשערנאָוויץ, דאָרט וועט מען שוין שטיין גאַנצע זעקס חדשים און אפשר וועט עפּעס געשען אַזוינס, אַז איך וועל זיך דאָרט קענען אויך קינסטלעריש רעהאַביליטירן, אפשר וועל איך פאָרט באַקומען עפּעס אַ ראָל, אַז דער דירעקטאָר זאָל מיך אויך זען צווישן זיינע בעסערע שוישפּילער און אַזוי, מיט די האָפענונגען, האָבן מיר זיך געלאָזן איבער שטעט און שטעטלעך, ביז די שווערע וואַנדער־צייט האָט זיך געענדיקט און מיר זיינען אַריינגעפאָרן קיין טשערנאָוויץ.

צו דער דערעפענונג פון סעזאָן, האָט אַקסלראַד געמאַכט גאָר גרויסע פּאַרבאַרייטונגען.

קראַנק ווי ער איז געווען, האָט ער געהאַלטן אַן אויג אױף אַלץ און ער האָט געלאָזן אָפּפרישן דעם גאָרטן און אויסבעסערן און פאַרשענערן די בינע און ער האָט אויך אינעווייניק, אין דעם סאַלאָן וואו מען האָט באַדאַרפט שפּילן אין פאַל פון אַ רעגן־וועטער, אויסגעפּוצט און באַנייט און אָט האָט שוין באַדאַרפט זיין די דערעפענונגס־פאַרשטעלונג.

דאָס אידישע זומער־טעאַטער אין טשערנאָוויץ, איז ווי שוין דערמאָנט, געווען אין אַ גאָרטן, וואו עס זיינען געשטאַנען טישלעך מיט בענקלעך, און געסט האָבן געגעסן און געטרונקען בעת דער פאַרשטעלונג, ווייל אַנדערש האָט מען נישט געקאָנט באַקומען די קאָנצעסיע פאַר אידיש טעאַטער. אין דער נאַכט פון דער דערעפענונגס־פאַרשטעלונג, איז דער גאָרטן געווען פול געפּאַקט פון אַ יום־טובדיק געקליידעטן עולם, דער פאַרהאַנג האָט זיך ענדלעך אויפגעהויבן, מען האָט געשפּילט די דעמאָלט דערפאָלגרייכע פּיעסע „בינקע־פינקע”.

גבריאַליקן, די הויפּט־ראָל, האָט פאַרשטייט זיך געשפּילט בראַנדעס און וועטשטיין האָט געשפּילט פינקען און דאָס האַרץ האָט מיר געגוג ווי געטאָן, וואָס מיר איז אויסגעקומען שפּילן אַזאַ קליין ראָלעכל ווי דעם „פּאַזש”, בלויז אין ערשטן אַקט און דערנאָך, האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין גאָרטן שלינג און שלאַנג...

און עס האָט זיך געמאַכט, אַז באַלד, באַ דער ערשטער פאַרשטעלונג אין טשערנאָוויץ, האָב איך געהאַט אַ שטאַרקן קאָנפליקט, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן גענוג טראַגיש, אָבער דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט זיך דעמאָלט פאַרענדיקט גוט.

אין דערזעלבער פּיעסע, קומט פאָר אין דריטן אַקט אַ תליון, וואָס האָט נישט קיין שום ווערטער. דער תליון דאַרף זיך בלויז באַווייזן אױף דער בינע מיט דער האַק אין האַנט און אין דעם באַשטייט די גאַנצע ראָל.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז בראַנדעס כאַפּט זיך אָפּ לעצטן מאָמענט, אַז עס פעלט אים אַ תליון און ער לאָזט מיך אַריינרופן פון גאָרטן און זאָגט מיר, אַז איך זאָל זיך איבערטון און מאַכן דעם תליון.

דאָס גאַנצע בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין. איך האָב גענוג איבערגעליטן דרייענדיק זיך אין גאָרטן און טראַכטנדיק וועגן מיין געפאַלענער לאַגע און דאָ קומט גאָר דער רעזשיסאָר און הייסט מיך מאַכן אַ ראָל וואָס איז אינגאַנצן אָן ווערטער. דאָס האָט מיך אַזוי אויפגערייצט, אַז איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מיין לאַגע, אַז איך האָב אַ ווייב און אַ קינד און אַז איך בין אין דער פרעמד און איך האָב שאַרף אָפּגעענט־

פערט: — איך בין נישט קיין סטאַטיסט און איך וועל דעם תליון נישט מאַכן.

אַ ווײַלע איז בראַנדעס געבליבן איבערראַשט פון דעם קאַטעגאָרישן טאָן מײַנעם, נאָר באַלד האָט ער איבערגעחזרט זײַן באַפעל און ווען ער האָט ווידער באַקומען מײַן זעלבן קאַטעגאָרישן ענטפער, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטיקל טומל און דער דירעקטאָר אַליין איז געקומען און אויך ער האָט מיר געגעבן דעם באַפעל איך זאָל גיין זיך אָנטון אַלס תליון און איך בין שוין געווען אַזוי צערייצט, אַז איך האָב אויך דעם דירעקטאָר אָפּגעזאָגט אַף אַ קאַטעגאָרישן אופן און הערנדיק מײַן פעסטן ענטפער, האָט דער דירעקטאָר אקסלראד מיר אַ זאָג געטאָן אין זעלבן קאַטעגאָרישן טאָן:
— אויב אַזוי, האָט איר בײַ מיר מער נישט וואָס צו טאָן!...

איך בין אַרויס פון גאָרטן אַ באַליידיקטער און אַ צעבראָכענער. ווי נאָר איך בין אַרויס פון גאָרטן, האָב איך געפילט, אַז איך האָב איבערגעכאַפּט די מאָס מיט מײַן אַמביציע; אין אַזאַ לאַגע, האָב איך זיך אַליין אָנגעהויבן פאָרוואַרפן, האָב איך נישט געטאָרט אַזוי וואָוויליוּנגעריש האַנדלען און וועמען האָב איך דאָ אָפּגעשמיסן מיט מײַן האַנדלונג? זיך אַליין! זיך אַליין! און איך האָב זיך אַליין געוואָלט אויספּאַטשן פאַר דער לײַכטזיניקייט, זיך אָפּצוזאָגן פון אַ ראָל וואָס איז טאַקע קיין ראָל נישט, אָבער מען באַקומט פאַר איר באַצאָלט און מען האָט מיט וואָס מפרנס צו זײַן אַ ווײַב מיט אַ זויג־קינד און איצט האָב איך דאָס אַלץ מיט מײַנע אייגענע הענט אַוועקגעוואָרפן...

איך האָב דעמאָלט שרעקלעך געליטן און אינגאַנצן אַ דערשלאָגענער בין איך אַהיימגעקומען און עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מי, אַז איך זאָל דעם גאַנצן טרויעריקן ענין פאַרשווײַגן און נישט דערציילן מײַן פרוי. איי וואָס וועט זײַן מאָרגן? מילא, וועט מען זען וואָס וועט זײַן, נאָר דערווײַל, לאָמיך איר נישט פאַרשטערן די נאַכט.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקאָנט צוטון קיין אויג. איך האָב זיך כסדר געגריזשעט און פאַרגעוואָרפן זיך, אָבער ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אַף מאָרגן האָט בראַנדעס געהאַט באַשטעלט אַ פּראָבע און אפשר זאָל איך גאָר גיין צו דער פּראָבע ווי גאָרנישט וואָלט פאָרגעקומען, האָב איך זיך אַזש אָנגעהויבן קנײַפּן פון פאַרדרוס, ווי אַזוי מיר קאָן גאָר אײַנפאַלן אַזאַ זאַך. דער דירעקטאָר האָט מיר אָפּגעזאָגט, ער האָט געזאָגט, אַז פאַר מיר איז בײַ אים מער קיין פּלאַץ נישטאָ, דאָן האָב איך שוין דאָרט נישט וואָס צו טאָן און איך טאָר נישט גיין צו פּראָבע...

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז איך זאָל זיך לאַנג נישט דאַרפן פּײַניקן; עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז דער רעזשיסאָר בראַנדעס האָט

אין דער נייער פּיעסע פּונקט געהאַט באַשטימט פאַר מיר אַ גרעסערע ראָל און ווען עס איז געקומען צו פּראָבע, האָט ער געזען אַז איך בין נישטאָ, האָט ער זיך זייער שטאַרק געוואונדערט; ער האָט, ווייזט אויס, אפילו נישט געוואוסט אַז איך בין נישט געקומען ווייל אַקסלראַד האָט מיר אָפּגעזאָגט און אַזוי ווי די נייע פּיעסע איז געווען די דעמאָלט באַרימטע פּיעסע „אידעלע דער בלינדער", וואָס פאָדערט אַ גרויסן פּערסאָנאַל און עס איז פּשוט נישט געווען קיין אַנדערער וואָס זאָל מאַכן מיין ראָל, האָב איך נאָך דערלעבט די סאַטיספאַקציע, וואָס בראַנדעס אַליין איז געקומען צו מיר און מיך גערופן צו פּראָבע.

איך האָב זיך געמאַכט תמעוואַטע: — וואָס הייסט איך זאָל קומען צו פּראָבע? דער דירעקטאָר האָט דאָך מיר אָפּגעזאָגט?!

בראַנדעס האָט זיך צעלאַכט: — און איר האָט עס גענומען ערנסט? מאַכט נישט קיין שטיק, נאָר קומט צו פּראָבע. איר האָט היינט צו מאַכן אַ וויכטיקע ראָל.

פון מיינע פּלייצעס איז אַראָפּגעפאַלן אַ שווערע מאַסע און מיט אַ דערלייכטערטן געמיט בין איך אַוועק צו פּראָבע.

„אידעלע דער בלינדער" איז דעמאָלט געווען אַ באַרימטע פּיעסע אין גאַליציע און דער דירעקטאָר אַקסלראַד האָט זיך באַמיט, אַז די פּיעסע זאָל אויפגעפירט ווערן מיטן גאַנצן גלאַנץ און פּראַכט און אַזוי ווי איך האָב אין דער פּיעסע צום ערשטן מאָל באַקומען אַן אַנזעעוודיקע ראָל, האָט מיך אַקסלרראַד פּאַקטיש צום ערשטן מאָל געזען אַלס אַקטיאָר און אַ חוץ בראַנדעסן, בין איך געווען דער איינציקער וואָס האָב זיך אויך אויסערגעוויינלעך אויסגעצייכנט. דער דירעקטאָר האָט ערשט צום ערשטן מאָל פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב אַ שיינע שטים און אַז איך בין אַ שוישפּילער וואָס מען קאָן אים אַנטרויען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע ראָל און כדי צו באַווייזן ווער עס איז געווען דער דירעקטאָר אַקסלראַד, וועט גענוג זיין צו דערמאָנען, אַז ווען די וואָך איז אַריבער און עס איז געקומען צום אויסצאָלן די געהאַלטן, האָט אַקסלראַד אַליין מיר געהעכערט די שכירות, זאָגנדיק, אַז איך בין ווערט מער און ער וועט מיר אוודאי נאָך מער דערלייגן, ווייל ער האָט ליב צו צאָלן יעדן אַזאַ לוין וויפל ער איז ווערט...

דאָס איז פאַר מיר געווען אַזאַ גרויס גליק, אַז איך בין נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אַהיים און דערציילט ציפּקען וועגן דעם גרויסן געשעעניש און מיר איז שוין דאָ נישט געגאַנגען אַזויפיל וועגן דעם געהעכערטן לוין, ווי די קינסטלערישע אַנערקענונג, אַז איך בין ווערט מער, אַז איך בין מער ווי אַ פּראָסטער תליון וואָס דאַרף אַרויפגיין אויף דער בינע מיט אַ האַק אין האַנט און נישט אויסריידן קיין וואָרט...

פון דעמאלט אָן, האָב איך אָנגעהויבן באַקומען די שענסטע ראָלן און דאָס האָט אַרויסגערופן די קנאה בײַ מאַנכע אַקטיאָרן פון טרופּע און ווייל די דעמלסטיקע פאַרשטעלונגען זײַנען מערסטנס געשפּילט געוואָרן אין דײַטש, דאָס הייסט, נישט אַלע ראָלן, נאָר דער ליבהאָבער און די ליבהאָ-בערן און פאָטער און מוטער האָבן גערעדט דײַטש און בלויז דער קאָמי-קער מיט דער קאָמיקערן האָבן גערעדט אידיש, האָבן די אַקטיאָרן די בעלי-קנאה, כאָטש געקילט זייערע ביטערע הערצער דערמיט, וואָס זיי האָבן געחוזקט פון מײַן דײַטש ריידן...

אָבער אויך דאָס האָט מיך געערגערט. איך האָב געוואוסט, אַז אויך זיי קענען נישט אַזוי גוט דײַטש, כאָטש אין טשערנאָוויץ האָבן אַפילו די גאַסן-קערער גערעדט דײַטש און איך האָב געוואוסט, אַז בלויז קעגן מיר, וואָס איך קום פון רוסלאַנד, זײַנען זיי וואוילע יונגען, מאַכן זיי זיך לגבי מיר פאַר די אמתע דײַטשן...

איך האָב בלויז געהאַט דאָס ביסל פאַרגרייזטע דײַטשמעריש, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך פון רוסלאַנד. שרײַבן האָב איך געקאָנט מיט לאַטייניש אותיות און איך גלויב נישט, צי די גאַליציאַנער און טשערנאָוויצער אַקטיאָרן האָבן מער געקאָנט פון מיר, נאָר ריידן, האָבן זיי פּאַרט געקאָנט בעסער און אַזוי ווי איך האָב עס דעמאָלט גענומען גאַנץ ערנסט, אַז אַ אידישער אַקטיאָר מוז קענען דײַטש און טאַקע גוט דײַטש, האָב איך זיך באַקענט מיט אַן אָרימען סטודענט און דער סטודענט האָט זיך אונטערגענומען מיך צו אונטעריכטן אין דער דײַטשער שפּראַך און גראַמאַטיק.

אַ חוץ די לעקציעס וואָס איך האָב באַקומען בײַם סטודענט, האָב איך יעדע ראָל וואָס איך האָב נאָר באַקומען, באַלד אָוועקגעטראָגן צום סטו-דענט און ער האָט זי מיר קאָרעגירט טאַקע אויף אַ גוטן און ריינעם דײַטש-מעריש און ער האָט מיט מיר אײַנגעשטודירט די אויסשפּראַך און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל נישט אַרויסקומען בײַ מיר אַ „קוגל-דײַטש" ווי מען האָט עס דעמאָלט אָנגערופן מיט שפּאָט און אַזוי האָב איך זיך אויסגע-לערנט מײַנע ראָלן אָפּצושפּילן אין פּערפעקטער דײַטשער שפּראַך און דעם אײנציקן קאָזיר וואָס מײַנע נײַע שונאים, די בעלי-קנאה און נישט פאַר-גינער האָבן געהאַט קעגן מיר, האָבן זיי אויך פאַרלוירן און זיי האָבן זיך געמוזט אונטערוואָרפן דאָס אומפאַרמיידלעכע, זיי האָבן פּאַמעלעך אָנ-געהויבן שמייכלען צו מיר און ווערן מײַנע פרײַנט...

אין משך פון זומער-סעזאָן, זײַנען אויפגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע רייע פּיעסן און איך האָב אין זיי גענומען אָנטייל מיט וויכטיקע ראָלן; נאָר ווען עס איז געקומען צו דער אויפירונג פון „קידוש השם" האָט בראַנדעס גע-

שפּילט די הויפּט־ראָל און אַזוי ווי אַ צווייטע גרויסע ראָל איז אין דער פּיעסע נישט געווען, בין איך געבליבן אינגאַנצן פריי.

בראַנדעס האָט געוואוסט זיין פּלאַץ וואָס ער פאַרנעמט, ער האָט געוואוסט, אַז דער עולם האָט אים ליב און ער האָט זיך באַם דירעקטאָר טאַקע זייער געפּעסטעט און געהאַלטן זיך פאַרן בן־יחידל, וואָס אַן אים, קאָן דאָס טעאַטער נישט עקזיסטירן און איינמאָל, אַ שעה פאַר דער פאָרשטעלונג פון „קידוש השם", שיקט ער זאָגן דעם דירעקטאָר, אַז ער פילט זיך נישט געזונט און ער קאָן היינט נישט שפּילן.

דאָס איז פאַר דעם דירעקטאָר געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווייל די בילעטן זיינען גראָד אַף דעם טאָג געווען אויספאַרקויפט און די מעלדונג פון בראַנדעסן אַז ער קאָן היינט נישט שפּילן, האָט אַרויסגערופן אַ טומל צווישן די אַקטיאָרן און דער דירעקטאָר איז אַרומגעגאַנגען בייז און האָט געשאָלטן די גאַנצע וועלט און די אַקטיאָרן שושקען זיך און דער קאַפּעלמייסטער, דער זשעניאַלער מוזיקער וואָלפסטאַל שטייט און דרייט זיך אַ ציגאַר און פרעגט מכלומרשט פלעגמאַטיש: — וואָס וועט זיין?

פון אַלע אַקטיאָרן, בין איך דער איינציקער געווען פריי, אָבער וועמען וועט עס איינפאַלן אַפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז איך זאָל קענען וואָגן גיין פאַרטרעטן בראַנדעסן אין אַזאַ ראָל? אַ קליינינקייט, בראַנדעסן צו פאַרטרעטן! . . .

פונעם צוהערן זיך באַ די פראָבן, האָב איך מער־ווייניק געקענט די געזאַנגען, און עס פאַלט מיר איין, אפשר וואָלט איך זיך פאָרט געמאָלדן גרייט צו פאַרטרעטן בראַנדעסן אין דער ראָל? אָבער באַלד צעשלאָג איך אַליין דעם הוילדן געדאַנק, דאָס הייסט דאָך באמת געקראָכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט...

דערווייל הער איך שוין ווי דער דירעקטאָר שרייט אַן אויפגערעגטער: — אַזאַ מעשה! אַזויפיל בילעטן פאַרקויפט און איצט גיי און רוף גאָר אָפּ די פאָרשטעלונג!... און עס בלייבט שוין טאַקע, אַז מען מוז אָפּרופן די פאָרשטעלונג און איך זע ווי דער דירעקטאָר איז שווער אַריינגעפאַלן אין זיין שטול און ער זיפצט, אַז עס האָט מיר אַזש פאַרקלעמט באַם האַרצן און איך גיב זיך אַ רוף אָפּ נישט דרייסט: — רופט נישט אָפּ די פאָרשטעלונג, איך וועל שפּילן די ראָל.

דער דירעקטאָר האָט אַף מיר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן: — און איר וועט קענען? — ער האָט צופיל געגלויבט אין בראַנדעסן און עס האָט זיך אים גאָרנישט געלייגט אַפן שכל, אַז אַן אַנדערער וועט קענען דאָס באַווייזן וואָס זיין בראַנדעס. ערשט ווען איך האָב אים עטלעכע מאָל פאַרזיכערט, אַז ווען איך נעם זיך אונטער, וועל איך זיך אַוודאי

באמיען צו מאכן די ראָל וואָס בעסער, און ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט טאַקע אין אַ גאָר גרויסן שאָדן, האָט דער דירעקטאָר מסכים געווען און איך בין אַוועק זיך גרימירן, און דער קאַפּעלמייסטער וואָלפסטאַל איז אַריינגעקומען צו מיר אין גאַרדעראָב מיטן פידל און מיט די נאָטן און ער האָט מיט מיר איבערגעזונגען די פּאַרטים און ענדלעך האָט וואָלפסטאַל אויסגערופן מיט צופרידנהייט, אַז ער איז זיכער מיט מיר, אַז איך וועל אָפּזינגען די פּאַרטים צום טאַקט, נישט ערגער ווי בראַנדעס.

דער סופליאָר לייב צעלטער, האָט מיט מיר איבערגעזאָגט על רגל אחת די פּראָזע און דערמוטיקט פון וואָלפסטאַלס ווערטער, בין איך אַרויף אַף דער בינע.

אין דעם אָוונט, האָט מיר די שטים אויסערגעוויינלעך פיין צוגעדינט; דער ערשטער גרויסער נומער איז בײַ מיר אַדורך אָן אַ מכשול, די קאַ-דענצן און די הויכע טענער האָבן זיך מיר אויסערגעוויינלעך גוט איינגע-געבן און די גאַנצע טרופּע צוזאַמען מיטן דירעקטאָר האָבן געזאָגט, אַז איך האָב עס נאָך בעסער געמאַכט פון בראַנדעסן. די פאָרשטעלונג איז דורך מיט אַ גרויסן דערפאָלג און. דער עולם האָט אפילו נישט אָנגעהויבן פילן, אַז אַף דער בינע פעלט דער הויפּט-קנאַקער פון טרופּע...

בראַנדעס האָט אפנים געהאַט זיינע מענטשן אין טעאַטער, וועלכע האָבן איב באַלד געבראַכט די ידיעה, אַז די פאָרשטעלונג האָט גאָרנישט געליטן פון זיין פעלן אין טעאַטער, האָט זיך דער „חולה" צומאָרגנס גע-יאָוועט אין גאָרטן פריער ווי יעדן טאָג, כדי מען זאָל באַצייטנס וויסן, אַז היינט וועט ע ר שוין אויפטרעטן.

די אַקטיאָרן האָבן עס פאַרשטאַנען און מען האָט זיך שמייכלענדיק איבערגעוואונקען און איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, אַ קלייניקייט? איך האָב דאָך עפּעס באַוויזן אַ גרויסע העלדנטאַט!...

בראַנדעס האָט דורכגעמאַכט די אַלטע טעאַטער-שול. דאָס מיינט נישט חלילה, אַז ער האָט ערגיצוואו שטודירט טעאַטער-קונסט, נאָר פשוט, זיין שול איז געווען די פּראַקטישע אַרבעט אין אידישן טעאַטער און ער האָט אויפגענומען און איינגעזאַפּט אין זיך די פּאַטעטישע אינטערפּרעטאַ-ציע-פאָרמען, וועלכע מען האָט אָנגערופן די אַלטע טעאַטער-שול. אַף אַק-טיאָרישן לשון, האָט מען די שוישפּילער פון דער אַלטער שול גערופן — „קוליסן-רייסער" און אויב מען האָט די פּאַטעטישע שוישפּילער אָנגערופן שילער פון דער אַלטער שול, האָט מען בראַנדעסן געקאָנט באַצייכענען אַלס שילער פון דער אור-אור-אַלטער טעאַטער-שול.

ער האָט געשפּילט מיט היץ, מיט כוח און מיט אויסערגעוויינלעכן פּאַטאָס און אַז גאָט האָט באַשערט אַ שטעל אין דער ראָל וואו מען דאַרף

אַבּיסל אויפהויבן דעם טאָן, דערמאָלט האָט זיך בראַנדעס אַזוי צעלאָזן און נישט נאָר מיט די העכסטע קולות, נאָר מיטן גאַנצן גוף האָט ער געאַרבעט מעשים, אַז דער עולם האָט זיך פּשוט געמוזט איבערשרעקן.

איין זאַך מוז מען אָבער צוגעבן, אַז בּאַ בראַנדעסן איז די דראַזיקע שפּיל־אַרט נישט געווען קיין געקינצלטע, נישט קיין פאַלשע וואָס מען פּילט באַלד אַרויס, אַז דאָס מאַכט מען אײנעם אַזוי, נאָר אמתדיק און עכט. ער האָט זיך אַזוי אַרייגעלאָזן אין דער ראָל און ער האָט אַזוי געפּילט און טאַקע געשפּילט אַזוי ערנסט, מיטן גאַנצן פייער פון זיין נשמה, פאַר־געסנדיק, אַז ער שפּילט טעאַטער, נאָר טאַקע געלעבט און זיך אויסגעלעבט אין דער ראָל וואָס ער האָט אינטערפּרעטירט.

מאַכט זיך, אַז מיר שפּילן „בר כּכבא". בראַנדעס שפּילט די טיטל־ראָל און איך שפּיל רבי אליעזר המודעי.

אין לעצטן אַקט, ווען בר־כּכבא פאַנטאַזירט בעת עס פאַרלאָזן אים זיינע כּוחות און ער פילט שוין אַז זיין קאַמף איז פאַרלוירן, פּלאָגט אים דער געוויסן פאַר דעם פאַרברעכן וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן רבי אליעזרן, זיין געליבטער דינהם פאָטער און אין זיינע גייסטיקע מאַטער־נישן, דערזעט ער פּלוצלינג דעם גייסט פון רבי אליעזר; צעטרשט ברעכט ער איינגאַנצן צוזאַמען, נאָר באַלד צעברענט זיך ווידער אין אים דאָס פייער פון זיין העלדנמוט און אַן אויפגערייצטער, וואַרפט ער אַ שפּיז אָפן גייסט פון רבי אליעזרן.

מיין צעהיצטער בראַנדעס האָט זיך אַזוי צעשפּילט אין דער סצענע, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז דאָ דערשיינט נישט קיין גייסט, נאָר אַ מענטש פון פלייש און בלוט, אַן אַקטיאָר, און בעת איך בין דערשינען אַלס דער גייסט, האָט בראַנדעס צו מיר אַ וואָרף געטאָן די שפּיז מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער שטאָלענער שפּיז איז מיר מיטן שפּיץ אַריין אין פּוס און זיך אָנ־געשלאָגן אָן קנאָכן מיט אַ קלונג.

דער ווייטיק איז געווען אַזאַ אימהדיקער, אַזאַ אויסערגעוויינלעכער, אַז איך בין אומגעפאַלן אָפן אָרט און די חברים האָבן מיך אַ פאַרחלשטן אַריינגעטראָגן אין גאַרדעראָב און מען האָט מיך אָנגעהויבן מונטערן.

דער צעפלאַקטערטער בר־כּכבא וואַרט אָף דער בינע, אַז דער גייסט זאָל זיך פאַר אים נאָכאַמאָל באַווייזן און ער ברומט שוין אומגעדולדיק: — נו, נו... און זעענדיק אַז דער גייסט דערשיינט נישט מער, האָט ער זיך זייער אויפגערעגט, נאָר פאַרפאַלן; ער האָט שוין געמוזט ענדיקן אָן דעם גייסט און ווי נאָר דער פאַרהאַנג איז אַראָפּגעפאַלן, האָט ער זיך באַלד געלאָזן לויפן אין גאַרדעראָב, זיך אָפּרעכענען מיט מיר פאַר מיין שטיקל, פאַרוואָס איך בין נישט ווידער אַרויף אָף דער בינע, אָבער זיין כּעסדיקער

אויסרוף איז אים געבליבן שטעקן אין האַלז, ווען ער האָט מיך דערזען, ווי איך ליג אַ פאַרבלוטיקטער און אַלע אַקטיאָרן שטייען אַרום מיר און ראַטעווען מיך...

ער האָט זיך שנעל געכאַפּט און פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען און ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן מיר און יעדן טאָג מיך דערנאָך באַזוכט און נאָכגעפרעגט ווי עס גייט מיר, ער האָט מיר אויך געשיקט דאָקטוירים, אַזוי לאַנג, ביז איך בין אינגאַנצן געזונט געוואָרן.



# דרייאונצוואנציקסטער קאפיטל

שעהנבערגס באַרימערייען. — מיין דועל מיט שעהנבערגן. — איך בין זיך נוקם אין אקסלראדן. — אַ סעזאָן אַף צוויי וואכן מיט אַדאָלף מעלצער. — מיין נקמה טרעפט מיך אַליין. — אקסלראד טוט מיר אַפ „אַ שטיקל ארבעט"... — שעהנבערגס אומגליק איז פאַר מיר אַ גליק. — אקסלראדס אבערגלויבן. — „דערשים די פרוי אפסטויט, און דו באַקומסט פון מיר צוואנציק קראַנען!..."

איצט מוז איך דערמאָנען דעם עפּיזאָד ש ע ה נ ב ע ר ג.

עטלעכע סעזאָנען האָב איך געשפּילט אין אקסלראדס טרופּע און זייער אַ סך אַקטיאָרן האָבן זיך דורך דער צייט געביטן און איך בין אַלץ געבליבן אַפן פּלאַץ; עס איז מיר געווען נישט שלעכט און איך האָב נישט געוואָגט צו גיין זוכן עפּעס בעסערס.

אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז צו אונדז אין טרופּע איז געקומען דער אַקטיאָר שעהנבערג.

שעהנבערג האָט געשטאַמט פון אונגאַרן און ער האָט געקענט אי אונגאַריש און אי אַ גוטן דייטש און ער איז געווען זייער מוזיקאַליש און ער וואָלט זיכער געווען געקאַנט זייער פיל דערגרייכן אַלס בינע-קינסטלער, ווען ער זאָל זיך נישט געווען האָבן אַזוי אַריינגעלאָזן אין דעם ביטערן טראָפּן.

שעהנבערג איז געווען אויסערגעוויינלעך הויך און דיק. ער איז געווען אַזוי הויך, אַז מיר אַלע האָבן קעגן אים אויסגעזען ווי די ליליפּוטן. ער האָט געטראָגן אַ פּייקע, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזן פון מויל און שכל האָט ער געהאַט, וואָס האָט זיך נאָר געפּאַסט פאַר אַן אַכט יעריק קינד. פון דער קלענסטער נאַרישקייט האָט ער זיך געפלעגט אַזוי צעלאַכן און באַם לאַכן האָט ער זיך אַזוי געטרייסלט, אַז די גאַנצע שטוב האָט זיך געמוזט מיט-טרייסלען. ער איז געווען אַ מענטש, אַ ריזן מאַשין און דאָך, מיט אַזאַ דריבנעם שכל...

פונדעסטוועגן, כאָטש זיין נישט צו גרויסן שכל, איז ער דערפאַר גע־וועזן אַ גאָר גרויסער באַריימער. ער האָט זיך באַריימט, אַז ער קען אַלע שפּראַכן. האָט מען גערעדט וועגן ענגליש, האָט ער אָנגעהויבן האַקן ווער־טער אַף ענגליש, וואָס פאַר אונדז, וואָס קיינער פון אונדז האָט נישט גע־קענט קיין וואָרט ענגליש, איז ער געווען אַן אמתער ענגלענדער... איז עס געקומען צו רוסיש, איז ער פאַר אַלעמען געווען אַן אמתער רוס, פאַר־שטייט זיך, אַז נישט פאַר מיר, ווייל איך האָב געקענט רוסיש און ער האָט זיך געהיטן פאַר מיר מיט דער רוסישער שפּראַך...

האָט מען גערעדט וועגן מיליטער, איז ער געווען אַן **אָבערלייטנאַנט**; איז עס געקומען צו פּאָליטיק, האָט ער אַריבערגעשטיגן אַלע עסטרייכיש־אונגאַרישע דיפּלאָמאַטן; דערמאָנט איינער אַדוואָקאַטור, האָט דאָך שעהנ־בערג שטודירט יורי און ער האָט מיט געזעצן און געזעץ־קענטעניש אַף וואָס די וועלט שטייט; גייט איינער קויפן אין אַפּטייק אַן אַפּפּיר־מיטל, דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט געזאָלט ווערן אַן אַפּטייקער, ווייל לאַטיי־ניש האָט ער שטודירט און די רעצעפּטן ווערן דאָך געשריבן אין לאַטיין...

הכלל, שעהנבערג איז געווען אַ מושלם מיט אַלע מעלות, נאָר אַמ־בעסטן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט מאַכן אַ גוטן לחיים.

געשפּילט טעאַטער, האָט ער דווקא זייער שיין און זייער גוט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט עפּעס אַף אַ גאָר אייגנאַרטיקן אופן און עס האָט זיך גע־מאַכט, אַז ער איז אַ שיכורער אַרויף אַף דער בינע, מיר אַלע האָבן זיך געשראָקן, אַז ער וועט אָנאַרבעטן אַ גרויסן אומגליק, נאָר געשען איז אַנ־דערש. אַרויפקומענדיק אַף דער בינע, האָט ער זיך געהאַלטן אין דער ראָל און נישט אָפּגענייגט פון איר, ביז ער האָט זי דורכגעפירט ביזן סוף.

מאַכט זיך אַ געשיכטע, אַז מיר גייען אויפירן „חורבן ירושלים“. שעהנבערג שפּילט „גדליהן“ און איך שפּיל „ישמאלן“ און מיר האָבן אין דער פיעסע אַ סצענע, וואו מיר דאַרפן פעכטן צווישן זיך מיט שווערדן.

איז דאָך עפּעס שעהנבערג אַן אָבערלייטנאַנט און ער איז איינער פון די בעסטע פעכטער, (אַזוי האָט ער געזאָגט) ער האָט דאָך עפּעס שטו־דירט אין דער בעסטער פעכטער־שול פון עסטרייך־אונגאַרן, נו, נעמט ער מיר געבן לעקציעס אין דער פעכט־קונסט, כדי מיר זאָלן די סצענע דורכ־פירן וואָס בעסער.

כאָטש איך גלויב נישט זייער שטאַרק אין זיינע גרויסע קענטענישן אין דער פעכט־קונסט, פונדעסטוועגן לאָז איך זיך לערנען פון אים און ער שרייט בײַ די פּראָבן: — זיי קיין פייגלינג! שאו הער: איינס, צוויי, דריי...

און אַזוי האָבן מיר געמאַכט די פּראָבן און זיך איינפאַרשטאַנען ווי אַזוי אונדזער דועל זאָל ביינאַכט גיין מיט אַ סדר און מיר זיינען שוין ביידע זיכער געווען, אַז עס וועט גוט דורכגעפירט ווערן.

מאַכט זיך אָבער, אַז אונדזער פענאָמענאַלער בחור, האָט פאַרנאַכט אַריינגעגאַסן די אמתע כוסות און זיין גלייכגעוויכט איז צו דער פאַר־שטעלונג דווקא נישט געווען אין בעסטער אָרדענונג און אַזוי ווי צום שפילן אַף דער בינע, האָט ער געפלעגט אויסטאָן זיינע ברילן, איז ער נאָך געווען היבשלעך קורצזיכטיק און ווען עס קומט צו דער סצענע פון אונדזער געפעכט, האָט אונדזער האַלב־בלינדער, בגלופינדיקער און אי־בערגעוואַקסענער העלד געמאַכט איין שפּרייז מיט זיינע לאַנגע פיס אַף דער בינע, איז ער שוין געווען האַרט נעבן מיר און איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, האָט ער מיר דערלאַנגט מיט דער שווערד אַזאַ טעלעבעניץ איבערן פנים און מיט אַזאַ כוח, אַז גאַנצע צוויי מינוט האָב איך נישט גע־וואוסט וואו איך געפין זיך און מיין גליק איז נאָך געווען דערצו געווען גרויס, וואָס ער האָט מיר דערלאַנגט מיט דער פלאַך פון דער שווערד, ווייל ווען ער טרעפט מיר מיט דער שאַרף, וואָלט ער מיך געווען איבערגע־שניטן אַף צווייען...

שיינע עטלעכע וואָכן האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גרויסן בלויען פאַס, וואָס שעהנבערגס שווערד האָט מיר איבערגעלאָזן אַפן פנים...

:: :: ::

דער האַלבער יאָרהונדערט אַקטואַציע אין אידישן טעאַטער אין פאַר־שידענע שטעט און לענדער און אונטער פאַרשידענע דירעקציעס און מיט פאַרשידענע טרופּעס, האָט מיך אַ סך געלערנט און איך קוק צוריק צו די פריערדיקע צייטן און איך מוז זיך פרעגן, — מיט וויפל וואָלט זיך אונדזער טעאַטער געווען געקאָנט שנעלער און בעסער אַנטוויקלען, ווען אַקטיאָרן און דירעקטאָרן וואָלטן געווען אַרויסגעוויזן איינער צום צווייטן אַ בעסערע באַציאונג, אַנשטאָט דאָס זוכן אונטערצושטעלן פיסלעך און הויפּטזאַך, זוכן נקמה־באַפרידיקונגען פאַר יעדער עולה וואָס איינער האָט געפילט אַז דער צווייטער איז קעגן אים באַגאַנגען.

די לאַנג־יעריקע טעאַטער־שול האָט מיר באַוויזן, אַז עס קאָן נישט זיין קיין אייביקער ברוגז צווישן אַקטיאָרן און אַפילו נישט צווישן אַק־טיאָר און טעאַטער־דירעקטאָר, ווייל אַט קומט דער מאָמענט ווען איינער נויטיקט זיך אין אַנדערן, ווערט אַלץ פאַרגעסן און מען איז זיך מוחל און מען איז ווידער פריינט און עס וואָלט דאָך געווען אַזוי גוט, ווען עס ווערט לכתחילה אויסגעמיטן דער רוגז, די מאָמענטאַנע פיינטשאַפט און ווען מען אונטערדריקט אין זיך די נקמה־געפילן און דאָס ווען אָפּטאָן איינער דעם אַנדערן אַ שפּיצל, אַז ער זאָל עס האָבן צו געדענקען...

אין מיין לאַנג־יעריקער דערפאַרונג, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די אַלע אַקטיאָרישע נקמות און שפּיצלען, האָבן זיך סוף־כּל־סוף אָפּגע־רופן סיי אָף די פּערזאָנען וואָס האָבן עס דורכגעפירט און סיי אָפן גאַנצן טעאַטער־וועזן.

איך האָב שוין דעמאָלט עטלעכע מאָל געהאַט באַדויערט מיינע איי־גענע שלעכטע שטיקלעך וואָס איך בין באַגאַנגען קעגן דירעקטאָרן; איך האָב זיך שוין נישט איינמאָל שיער געהאַט אויפגעפרעסן פון געוויסנס־ביסן פאַר מיין ברוגז ווערן צוליב אַ מאָמענטאַנע באַליידיקונג, פונדעסט־וועגן האָב איך זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון אויספירן אַ נקמה־אַקט קעגן דירעקטאָר אקסלראָד, אונטער וועמענס דירעקציע איך האָב אַקטואירט אַ שיין ביסל צייט.

און ווי אין די פריערדיקע פאַלן, האָב איך אויך דאַסמאָל שטאַרק גע־ליטן צוליב מיין אויסגעפירטן נקמה־אַקט.

דאָס איז געווען איינמאָל, נאָכן זומער־סעזאָן אין טשערנאָוויץ, ווען דעם דירעקטאָר אקסלראָד האָט זיך נישט געגלוסט אַרויסצופאָרן מיט זיין טרופּע אָף דער פּראָווינץ, און ער האָט געוואָלט מאַכן אַ פּראָוו צו שפּילן אויך אום ווינטער אין טשערנאָוויץ.

דער פּראָוו האָט זיך אים נישט איינגעגעבן און נאָך עטלעכע וואָכן, האָט ער געמוזט פאַרמאַכן דאָס טעאַטער און מיר, די גאַנצע טרופּע חברים, זיינען געבליבן אַרבעטסלאָז.

דער קאַלטער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט און ער האָט זיך געצויגן לאַנגוויילוויק און אין משך פון דער צייט, האָט מיך מיין פרוי באַשענקט מיט אַ צווייטן זון און מיין פאַמיליע איז באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך אַ נפשל און דאָ איז נישטאָ מיט וואָס זיי מפרנס צו זיין.

וואָס לענגער אַ וואָך, איז אונדזער לאַגע געוואָרן קריטישער און ווען איך האָב שוין נישט געהאַט קיין שום אַנדערע אויסזיכטן, בין איך אַוועק־געגאַנגען צום דירעקטאָר אקסלראָד און געבעטן אים, ער זאָל מיר אויס־באָרגן אַביסל געלט, ביז עס וועט זיך אָנהויבן דער סעזאָן און ער וועט מיר קענען אָראָפּציען פון מיין לוין.

איך ווייס נישט וואָס דעמאָלט איז געשען, צי איז אקסלראָד גלאַט גע־ווען אין אַ שלעכטער שטימונג, צי איז ער עפּעס געווען אין כּעס, איך ווייס נאָר, אַז ער האָט מיך קאַלטבלוטיק אויסגעהערט און נאָך קאַלטבלו־טיקער געענטפערט, אַז ער קאָן פאַר מיר גאָרנישט טאָן און אַז ער קאָן מיר מיט גאָרנישט העלפן...

איך בין אַוועק פון דירעקטאָר אַ פאַרצווייפלטער. אַלע שטריק האָבן געריסן, די נויט איז געווען גרויס און אָפן וועג אַהיים, האָב איך געשאָלטן

דעם דירעקטאָר מיט טויטע קללות און איך האָב ז י ך געשאָלטן און איך האָב פאַרשאָלטן דעם טאָג פון מיין געבוירן.

אַ זייער שווערן ווינטער האָב איך געהאַט דורכצומאַכן און נאָר מיט נסים האָבן מיר אים איבערגעלעבט, ביז ענדלעך, האָט זיך דערנענטערט דער פרילינג; עס האָט שוין געהאַלטן פאַר פּסח און אַקסלראַד האָט געוואָלט אַף שנעל פאַרמירן אַ טרופּע, כדי צו קענען שפּילן אין די פּסח־טעג.

קיין סך אַקטיאָרן האָבן זיך דעמאָלט אין טשערנאָוויץ נישט געפונען, האָט אַקסלראַד צוגעטראַכט אַ רעפּערטואַר וואָס זאָל זיין דורכפירבאַר מיט אַ קליינעם אַנסאַמבל, רעכענענדיק זיך מיט מיר, אַלס הויפּט־ראַליסט.

דער דירעקטאָר האָט מיך געשיקט רופן און מיר איבערגעגעבן וועגן זיין פּלאַן, אונטערשטרייכנדיק, אַז איך וועל זיין דער הויפּט־ראַליסט, דאָס הייסט, אַז איך וועל אין טרופּע שפּילן די ערשטע פידל.

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם טריבן ווינטער־טאָג, ווען איך בין געקומען צום דירעקטאָר אַקסלראַד בעטן אַ גמילת־חסד און ווי ער האָט מיר אים קאַלטבלוטיק אָפּגעזאָגט, און איך האָב באַלד, אָפן ערשטן מאָמענט זיך געוואָלט אָפּזאָגן פון דעם כבוד זיך מיטצובאַטייליקן אין זיין טעאַטער, אַפילו אַלס ערשטע פידל; איך האָב אָבער שנעל באַרעכנט, אַז איך טאָר נישט האַנדלען אַזוי שטאָלץ, איך האָב אַ ווייב און בין אַ פאָטער פון צוויי קינדער און קיין אַנדער פּרנסה איז נישטאָ, האָב איך שווייגנדיק אָנגענומען אַקסלראַדס פאָרשלאָג און זיך שוין באַדאַרפט אָנהויבן נעמען צו דער אַרבעט.

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז אַ ד אָ ל ף מ ע ל צ ע ר צוזאַמען מיט זיין ווייב פ אַ נ י ב ר י, האָבן פאַרמירט אַ טרופּע פאַר דער גאַליציאַנער פּראָווינץ און אַדאָלף מעלצער איז ביינאַכט געקומען צו מיר בשתיקה און מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל אַריין צו אים אין טרופּע.

איך האָב אין דעם גליקלעכן צופאַל געזען אַ פינגער פון גאָט, אַז איך דאַרף זיך נוקם זיין אָן אַקסלראַדן און אָן אַ סך טענות, האָב איך אָנגענומען מעלצערס פאָרשלאָג און טאַקע באַלד צוזאַרגנס, בין איך אָן אַ זייגעזונט צו אַקסלראַדן, צוזאַמען מיט מיין ווייב און קינדער, אַוועקגעפאָרן מיט מעלצערן קיין דראָהאָביטש, וואו מיר האָבן באַדאַרפט שפּילן פּסח.

אַ נחת האָט מיך אַרומגענומען באַם געדאַנק, אַז אַקסלראַד וועט אָן מיר נישט קענען שפּילן אין די פּסח־טעג און אינגאַנצן באַפרידיקט מיין נקמה־געפיל, האָט די ידיעה, אַז אַקסלראַד האָט טאַקע פּסח נישט געשפּילט. איך האָב זיך געפילט באַפרידיקט פאַר מיינע ליידן וואָס ער האָט מיר פאַראורזאַכט מיטן נישט וועלן אויסבאָרגן מיר אַ גמילת־חסד, איך זאָל האָבן מיט וואָס צו דערנערן מיין ווייב און קינדער...

אונדזערע פסח-פארשטעלונגען אין דראהאביטש זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג, אָבער באַלד נאָך פסח האָט עס אָנגעהויבן גיין ערגער און ערגער און נאָך צוויי וואָכן, האָט מעלצער אָן אַ שום טענות ומענות אויפגעלייזט די טרופּע און איך מיט מיין ווייב און קינדער, מיר זיינען געבליבן אין דראָהאָביטש אָן די קלענסטע מיטל צום לעבן.

וואָס טוט מען? ווידער האָב איך אָנגעהויבן באַדויערן פאַרוואָס איך האָב זיך געלאָזן אַזוי נאַריש פאַרפירן פון מיין נקמה-געפיל און אַזוי מיאוס אַנטלאָפן פון אַקסלראַדן, אונטער וועמענס דירעקציע איך האָב געאַרבעט אַזויפיל יאָר; נאָר וואָס העלפט שוין דאָ די חרטה, אַז עס איז פאַרפאַלן און מיר געפינען זיך אין דראָהאָביטש ווי אויף מיטן וואַסער און איין גאָט ווייסט, וואָס פון אונדז וועט דאָ ווערן...

ציפּקע האָט מיך געראָטן, אַז איך זאָל זיך גאָרנישט ווייסנדיק מאַכן וועגן דעם וואָס עס איז געשען, נאָר שרייבן אַ בריוו צו אַקסלראַדן און אים פאָרלייגן, אַז מיר ווילן צוריקפאָרן צו אים.

איך האָב געוואוסט, אַז די אַרבעט איז אַן אַרויסגעוואָרפענע, אָבער קיין אַנדער ברירה איז דאָך נישט געווען און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז אַקסלראַד וועט מיר מיין שטיקל אַרבעט קיינמאָל נישט מוחל זיין, איך האָב דאָך אים צעשטערט אַ געשעפט און פאַראורזאַכט אַ גרויסן שאָדן, ווי קאָן איך איבערהויפּט אַפילו האָפן, אַז ער זאָל מיך צוריק אַריינעמען אין זיין טרופּע? פונדעסטוועגן האָב איך געשריבן און וואונדער איבער וואונדער! באַלד אָפּצומאָרגנס, באַקום איך אַ טעלעגראַמע: — גלייך קאָמען! און אויך אַ טעלעגראַפישע געלט-אָנווייזונג, מיר זאָלן האָבן אויף הוצאות.

די וואונדערלעכע געשעעניש איז געווען אַזוי אויסטערליש, אַז איך האָב זי דערפילט ווי אַ מוראַדיקן פּאַטש אין פּנים פאַר מיין אומבאַלומפערטער האַנדלונג און איך האָב זיך אַליין פאַראורטיילט אַלס אומענטש, דאַקעגן איז אַקסלראַד אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן ווי אַ מלאך פון גאָט...

מיר קומען אָריין קיין טשערנאָוויץ און איך זע, אַז אין אַקסלראַדס טעאַטער איז דאָ אַ ריזן-טרופּע און איך קאָן נישט פאַרשטיין צו וואָס אַקסלראַד האָט זיך אין מיר אַזוי גענויטיקט, אַז ער זאָל מיר אויפן ערשטן רוף אַרויסשיקן טעלעגראַפיש געלט און מיר הייסן באַלד קומען.

דריי איך זיך אַרום אַ פאַרפינצטערטער און איך פיל, אַז איך בין דאָ אַבסאָלוט אַן איבעריקער און אָט באַווייזט זיך דער דירעקטאָר אַקסלראַד און איך מיין, אַז באַלד קומט ער צו מיר צו, ער וועט מיר אוודאי פאַרוואָרפן מיין האַנדלונג קעגן אים, אָבער גלייכצייטיק וועט ער מיר זאָגן וואָס איך האָב דאָ צו טאָן. איך האָב אָבער געמאַכט אַ טעות; אַקסלראַד

האָט צו אַלעמען גערעדט, נאָר פאַר מיר איז ער פאַרבייגעגאַנגען, אַזוי ווי ער וואָלט מיך אַפילו נישט געזען.

עס האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ מוראַדיקער געדאַנק אין קאָפּ: — דאָס האָט אַקסלראַד מיך צוריקגעבראַכט, כדי זיך נוקם צו זיין אָן מיר!...

איך האָב געפילט, אַז די גאַנצע וועלט איז פּלוצלינג חרוב געוואָרן און די חורבות פאַלן שטיקערווייז אויף מיין קאָפּ.

מיין חבר סאַמועלאָוו, וועלכער האָט זיך אויך געפינען אין טרופּע און ער האָט געוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן מיר און אַקסלראַדן און פון מיין נקמה, ווי איך האָב אַקסלראַדן שטיין געלאָזן און ער האָט נישט געקאָנט שפּילן די פּסח־פאָרשטעלונגען, האָט ער מיך געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג און פאָרוואורף: — וואָס האָסטו געטאָן? צו וואָס ביזטו געקומען אַהערצו?

— וואָס הייסט, זאָג איך, אַקסלראַד האָט דאָך מיך אַרויסגערופן טעלעגראַפיש, ער האָט דאָך מיר אַפילו געשיקט טעלעגראַפיש אויף הוצאות!...

סאַמועלאָוו האָט אויסגעגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר אויגן און באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַקסלראַד האָט אים נאָר וואָס געזאָגט: — ווי געפעלט אייך דער פאַלעפּאַדע? צו וואָס איז ער געקומען אַהער? ווער דאַרף אים דאָ האָבן?...

סאַמועלאָוו איז נישט פויל און ער גייט צו צו אַקסלראַדן און גיט אים אַ זאָג: — איר אַלטער קאַיאַף! איר האָט געשיקט פאַלעפּאַדען טעלעגראַפיש געלט, כדי איר זאָלט זיך דאָ קענען איזדעקעווען איבער אים?...

אַקסלראַד מאַכט אַ פאַרוואונדערטע מינע און ער לייקנט שטיין און ביין. ער האָט נישט געשיקט און ער הויבט נישט אָן צו וויסן פון עפּעס, נישט אַנדערש, נאָר עפּעס אַ שונא האָט פאַלעפּאַדען געוואָלט אָפּטאָן אויף טערקיש און ער האָט אים געשיקט געלט און אים אַריבערגעבראַכט...

סאַמועלאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז אַקסלראַד שפּילט דאָס אַזוי פרום אויף זיין ראָל, אָבער פאַרפאַלן, ער מאַכט זיך אומשולדיק און איך דריי זיך אַרום אין טשערנאָוויץ אָן אומגליקלעכער און אָן איבעריקער, אַקסלראַד זעט מיך נישט און ער וויל אַפילו נישט קוקן אין מיין זייט...

נאָר אַזוי גייט עס שוין בא טעאַטער. פּונקט אַזוי ווי עס האָט נישט אָנגעהאַלטן די פרייד פון מיין נקמה, בעת איך האָב פאַרלאָזן אַקסלראַדן אָן אַ זיי־געזונט, אַזוי האָט איצט אויך נישט לאַנג געדויערט מיין דורכפאַל און מיינע ליידן און אויך אַקסלראַדס נקמה האָט געליטן אַ דורכפאַל.

דעם סעזאָן האָט אַקסלראַד געהאַט דערעפנט מיט דעם פריער דערמאָנטן אַקטיאָר שעהנבערג. די געשעפטן זיינען געגאַנגען זייער גוט און נאָך בעסער זיינען געוואָרן די געשעפטן, ווען מען האָט אויפגעפירט די דעמאָלט באַרימטע פּיעסע „מאַמאָן דער געלט־גאָט“.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז שעהנבערג אַלס מיליטערישער רעזערוויסט, ווערט איינגערופֿן צום מיליטער אַף מאַנעווורעס און דווקא רופֿט מען אים נישט אַלס אָבערליטנאַנט, נאָר אַלס געוויינלעכן אינפֿאַנטעריסט און עס העלפֿן נישט קיין חכמות, ער מוז שטיין לאָזן מאַמאַן דעם געלט-גאָט און גיין דערפֿילן זיינע מיליטערישע פֿליכטן.

אין אַזאַ פֿאַל העלפֿן נישט קיין חכמות. עס קומט אויס, אָדער אָפּ-שטעלן די פֿאָרשטעלונג וואָס גיט אַזאַ גרויסן דערפֿאָלג, אָדער מען דאַרף זוכן אַף שנעל עמיצן, וואָס זאָל קענען פֿאַרטרעטן שעהנבערגן און אָנגיין ווייטער.

דעמאָלט האָט מען זיך דערמאָנט, אַז פֿאַלעפּאַדע געפֿינט זיך דאָך אין טשערנאָוויץ! גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט אַהער און ער איז דער איינ-ציקער, דער זיכערסטער, וואָס קאָן פֿאַרטרעטן שעהנבערגן, אַז דאָס שפּיל זאָל ווייטער אָנגיין.

און אין אַ שיינעם נאָכמיטיק, עפֿנט זיך די טיר און עס קומען אַריין צוויי שליחים פֿון אַקסלראַדן און זיי זאָגן מיר, אַז דער דירעקטאָר אַקסל-ראַד האָט מיך געבעטן איך זאָל שוין קומען אין גאָרטן אַריין.

אין גאָרטן האָב איך געטראָפֿן אַ גאַנצע פֿאַרזאַמלונג. דער דירעק-טאָר, דער דיריזשאָר און די גאַנצע טרופּע, אַלע וואַרטן אַף מיר ווי אַף משיחן און אַן וועלכע עס איז פֿאַררעדעס גיט צו מיר דער דירעקטאָר אַ זאָג: — פֿאַלעפּאַדע, נעמט זיך צום לערנען די ראָל, ווייל מאָרגן דאַרפֿט איר שפּילן.

די ענדערונג איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אַז איך האָב זיך פּשוט פֿאַר-לוירן. סאַמועלאָוו ווינקט צו מיר גנביש מיט אַן אייגל און גיט מיר צו מוט; איך פֿיל, אַז מיט זיינע בליקן זאָגט ער מיר: — גיי, נעם זיך צו דער אַרבעט, איצט איז ווידער געקומען דיין צייט.

האָב איך טאַקע נישט פֿאַרבערענגט, באַלד זיך גענומען לערנען די ראָל, באַקענט זיך מיט די געזאַנגען און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז שעהנבערגס אומגליק וואָס ער האָט געמוזט גיין דינען, איז געוואָרן מיין גליק, פֿונדעסטוועגן האָט זיך מיר דווקא געוואָלט אויסנעמען אין דער ראָל, כאָטש נישט ערגער ווי שעהנבערג.

איך האָב אינגאַנצן געהאַט אפֿשר פֿיר און צוואַנציק שעה צייט צו לערנען די גרויסע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע ראָל, אָבער איך בין נישט גע-שלאָפֿן און נישט גערוט קיין מינוט און ענדלעך האָב איך זיך שוין געפֿילט געניט זיכער, איך האָב זיך באמת, אַז איך זאָל אויספֿילן אַלע ווינקעלעך פֿון דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער הויפּט-ראָל און ווי עס ווייזט אויס, האָב איך מיט דער ראָל איבערגעטראָפֿן אַלע דערוואַרטונגען, ווייל נישט

נאָר וואָס דער עולם האָט מיר שטורמיש אַפּלאָדירט, נאָר דער דירעקטאָר און די גאַנצע טרופּע, אַלע האָבן מיר אויסגעדריקט באַוואונדערונג און מיך באַגריסט.

דערזעלבער בנציון פאַלעפּאַדע, וועלכער איז ערשט נעכטן אַרומגע־גאַנגען אַ געבראָכענער און אַ דערשלאָגענער, פאַרשעלטנדיק דעם טאָג פון זיין געבוירן, דערזעלבער פאַלעפּאַדע איז היינט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט!...

די פּיעסע איז געגאַנגען אַ לאַנגע צייט און די געשעפטן זיינען געווען גוטע און אקסלראד איז מיט מיר געוואָרן דער בעסטער גוטער ברידער.

אקסלראד איז געווען אַ זייער וואוילער מענטש, ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן פיינעם הומאָר און אַז ער האָט געזאָגט אַ וויץ, האָבן אַלע געמוזט לאַכן, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען דירעקטאָר און דער דרך־ארץ אָדער די חניפה האָט געווירקט מען זאָל לאַכן, נאָר טאַקע דער ריינער שפּרודלדיקער הומאָר זיינער, האָט אַרויסגערופן ספּאָנטאַנעם געלעכטער. און אַ וואונדערלעכע זאַך; די בעסטע וויצן האָט ער אויסגע־שריען דווקא דעמאָלט, ווען ער איז געווען אויפגערעגט און עס איז אויס־געקומען, אַז פּונקט דעמאָלט ווען ער בייזערט זיך, דעמאָלט שטייען אַלע אַרום און לאַכן...

אקסלראד איז אויך געווען אבערגלויבעריש. ער האָט זיך געהאַט זיי־נע סמנים און ער האָט שוין געוואוסט פאַרוואָס עס האָט פאַרעגנט אַ פאָרשטעלונג און ווער עס האָט געבראַכט דעם רעגן...

אין דעם איצטיקן פאַל, האָט ער אויך אָנגענומען די גאַנצע געשעע־ניש ווי אַ צייכן פון גאָט, אַז מען טאָר זיך נישט נוקם זיין און גאָט האָט אים פאַר זיין נקמה אָן מיר, געמאַכט צום נאַר... דערפאַר האָט ער מיך יעדע נאַכט נאָך דער פאָרשטעלונג איינגעלאַדן אין ווינשענקל וואָס האָט זיך געפינען נישט ווייט פון טעאַטער און ער האָט מיט מיר געטרונקען לחיים און מיר זיינען געוואָרן די בעסטע גוטע פריינט.

און האָב איך שוין דערמאָנט זיין אבערגלויבן, מוז איך זאָגן, אַז זיין פאַנאַטישער אבערגלויבן, האָט אקסלראדן דערפירט צו פאַרשידענע אב־סורדן און נאַרישקייטן.

איין פאַקט וויל איך דאָ דערמאָנען:

באַ אונדז אין טרופּע האָט זיך אויך געפינען אַ פאָרפאָלק מיטן נאָמען שטיינער.

די פרוי שטיינער, אַ חוצדעם וואָס זי האָט געשפּילט טעאַטער, האָט זי אויך געהאַלטן „קעסט־קינדער״, דאָס זיינען טאַקע געווען אַקטיאָרן פון טרופּע, וואָס זיי האָבן באַ איר געגעסן קעסט.

יעדן פאַרנאַכט, פלעגט די פרוי שטיינער ברענגען אַ גרויסן קויש מיט עסן אין גאָרטן אַריין, כדי די אַקטיאָרן, אירע קעסט־קינדער, ווי נאָר זיי וועלן האָבן געענדיקט די פאָרשטעלונג, זאָלן קענען אָפּעסן זייער נאַכט־עסן.

די פרוי שטיינער איז געגאַנגען אָנגעטאָן זייער אָרים און שרעקלעך האָט אויסגעזען דאָס אַלטע אָפּגעבליאַקעוועטע רעקל וואָס זי האָט גע־טראָגן. דאָס רעקל האָט שוין געהאַט די זיבעטע קאָליר, וואָס האָט זיך גע־מישט מיט די אַמאָליקע זעקס קאָלירן.

זי פלעגט קומען פרי פאַרנאַכט מיט דעם היפּשן קויש און זיך אַוועק־זעצן אין גאָרטן וואַרטן און יעדן טאָג האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם־זעלבן פּלאַץ און זי איז אַזוי געבליבן זיצן עטלעכע שעה, קוקנדיק שטאַר אין איין ריכטונג.

אַקסלראַד איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס רעקל מיט די פאַרשאָ־סענע אָפּגעבליאַקעוועטע פאַרבן, ברענגט די כמאַרעס און אַז איר קויש, ברענגט דעם רעגן און אַז איר קוקן כסדר אין איין ריכטונג, ברענגט גלאַט אַן אומגליק...

איינמאָל, בין איך געקומען גאַנץ פרי אין גאָרטן און איך האָב שוין געטראָפן די פרוי שטיינער, זיצנדיק אויף איר שטענדיקן אָרט און קוקנדיק מיט שטאַרע בליקן אין איין ריכטונג.

נישט ווייט פון איר, זע איך אַקסלראַדן, ווי ער שטייט און בייסט זיך די וואָנסעס, וואָס דאָס איז געווען זיין טבע, ווען ער איז געווען שטאַרק אין כעס.

— וואָס איז געשען, הער דירעקטאָר? — פרעג איך און אַקסלראַד פרעגט מיך צוריק: — פּאַלעפּאַדע, אפשר קאָנסטו ערגיץ קריגן אַ רעוואָל־ווער, אַ געלאָדענעם מיט עטלעכע קוילן?

— צו וואָס דאַרפט איר עפּעס אַ רעוואָלווער? — פרעג איך ווייטער אַ דערשראָקענער און אַקסלראַד זאָגט צו מיר: — דו זעסט זי דאָרטן, וואו זי זיצט? דערשיס זי אויף טויט און דו באַקומסט פון מיר צוואַנציק קראָנען...

ס'איז אַביסל אַ צו קליינער פּרייז, ענטפער איך איילנדיק מיט אַ וויץ, צו שיסן די שטיינערקע, אַ מאַמע פון אַזויפיל קינדערלעך, וועמען זי ברענגט יעדן טאָג מיט אַזויפיל געטריישאַפט אַ קויש מיט עסנוואַרג...

און אַקסלראַד איז אַ נישט באַפרידיקטער אַוועק און זיך ווייטער כעסדיק געדרייט און געביסן די וואָנסעס, זייענדיק זיכער, אַז עס וועט שוין היינט פאַרגענען אָדער עס וועט גאָר פּאַסירן נאָך אַ גרעסערער אומגליק . . .

# פיראונצוואנציקסטער קאַפּיטל

1908. — ציפּקע הויבט אָן קרענקען. — פיינמאַן גאַסטראָלירט ביי אונדז אין טשערנאָוויץ. — פיינמאַן דער אַרטיסט און רעזשיסאָר. — דעם דירעקטאָרס אָבערגלויבן און דאָס רויטע אידל. — פיינמאַן וויל מיך מיטנעמען קיין לאָנדאָן. — אַקסלראָד לייזט אויף די טרופּע. — מיט אַ קליינער טרופּע אַף דער פּראָווינץ. — אידל גוטמאַן קומט מיך אַנגאַזשירן פאַר גימפּלס טעאַטער. — איך שפּיל דעם „בטלן" מיט אַ גרויסן דערפאָלג. — גוטמאַן הויבט אָן אינטריגירן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1908.

אַז די זון שיינט אויף, ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך און גוטע טעג פאַר אַן אַקטיאָר, זיינען די זונען וואָס שיינען פאַר אים אויף, נאָך טריבע פינצטערע טעג.

איך האָב נישט געוואוסט פונוואַנען און ווי אַזוי, נאָר עס האָט מיר באַם טעאַטער אָנגעהויבן גיין גוט. איך בין געווען אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר און מען האָט זיך גערעכנט מיט מיר און מען האָט מיר צוגעטיילט כבוד און די געשעפטן זיינען געגאַנגען גוט און איך האָב גוט פאַרדינט, נאָר איין זאַך וואָס האָט מיך געפּייניקט, דאָס איז געווען דאָס שוואַכע געזונט פון מיין ציפּקע, די מאַמע פון מיינע קינדער.

וויפל איך האָב פאַרדינט, איז אַלץ געווען צו ווייניק פאַר די דאָקטוירים און מעדיצינען וואָס איך האָב באַדאַרפט פאַר איר און דאָס גוטע וואָס איך האָב גענאָסן אין טעאַטער, איז פאַרטונקלט געוואָרן פון די ליידן וואָס איך האָב געמוזט דורכלעבן אינדערהיים.

די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז ציפּקע מוז פאָרן אין אַ קור-אָרט און כאָטש איך האָב גאַנץ גוט פאַרדינט, האָט עס אָבער נישט געקאָנט קלעקן, אַף אַזעלכע הוצאות און דערצו וואָלט איך דאַך באַדאַרפט צונעמען אַ דינסט, וועלכע זאָל אַכטונג געבן אַף די קליינע קינדער אינדערהיים.

אָבער אַז עס הויבט אָן גיין גוט, איז דאַך נישט שייך. האָט זיך אַקסלראָדן איינגעגעבן אַריבערצובריינגען דעם אַרטיסט פ יי נ מ אַ ן

קיין טשערנאָוויץ אַף גאַסטראָלן און דאָס אידישע טשערנאָוויץ איז גע־גאַנגען כאַדאָראָם.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז דער גאָרטן וואו מיר האָבן געשפּילט דעם זומער־סעזאָן איז געווען אומגעהויער גרויס און צו יעדער פאָרשטע־לונג מיט פיינמאַנען אין דער שפּיץ, איז דער גאָרטן געווען אַזוי פול גע־פּאַקט ביז אַלע ברעגעס, אַז עס וואָלט אומגעלעך געווען איבערצוציילן וויפל מענטשן עס זיינען געקומען זען אונדזער פאָרשטעלונג.

און געמאַכט האָט זיך, אַז איך האָב געפונען חן אין פיינמאַנס אויגן און ער האָט צו מיר אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע באַציאונג און ער האָט מיך פאַר אַלעמען אין טרופּע און אַוודאי אויך פאַרן דירעקטאָר זייער געלויבט, און דאָס האָט נאָך מער געהויבן מיין רעפּוטאַציע צווישן אייגענע און דער דירעקטאָר האָט מיר געגעבן אַ היבשע הוספה אַף מיין געהאַלט און איך האָב שוין געקאָנט טראַכטן וועגן אַוועקשיקן מיין פרוי אין אַ קור־אָרט און איך האָב זי טאַקע באַלד אַוועקגעשיקט.

פיינמאַנס גאַסטשפּילן אין טשערנאָוויץ, זיינען געווען אַ גרויסע סענ־סאַציע און די געשעפטן האָבן איבערגעטראָפן אַלע דערוואַרטונגען און זיי זיינען נישט געוואָרן שוואַכער ביז צום אָפּפאָרן פון דעם גרויסן גאַסט.

פיינמאַן איז געווען פון דער אַלטער שול און ער וואָלט זיך זיכער גי־כער געפּאַסט פאַר דעם קלאַסישן רעפּערטואַר. אָבער, אַלס גרויסער טאַ־לאַנט, האָט ער אויסגענומען אין יעדער ראָל. איך מוז מודה זיין, אַז ביז צו אים, האָב איך נאָך קיין ריכטיקע רעזשי נישט געפילט און קיין ריכ־טיקן רעזשיסאָר נישט געזען. פיינמאַן איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר און אַ גאָר גרויסער און באַוואוסטזיניקער רעזשיסאָר.

די בינע איז בא אים געווען אַ הייליקטום און צום שוישפּיל, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן פייער פון זיין שעפערישער נשמה. בעת די פּראָבן, האָט פיינמאַן אָפּגעשפּילט זיין ראָל פּונקט אַזוי ווי בא די פאָר־שטעלונגען און בא ערנסטע סצענעס, האָט מען אין פיינמאַנס אויגן געזען אמתע טרערן, אַזוי איינגעלעבט און אַריינגעטיפט האָט ער זיך אין די ראָלן וואָס ער האָט באַדאַרפט פאַרקערפּערן.

און כאָטש פיינמאַן איז געווען אַ פעסטגעבויטער מאַן פון שווערער וואָג, האָט ער בא די פּראָבן מיט אויסערגעוויינלעכער פלינקייט אָפּגע־שפּילט יעדנס סצענע און געוויזן אַ מוסטער ווי אַזוי מען דאַרף עס מאַכן און ער האָט דערביי געגעבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מען דאַרף עס מאַכן אַזוי און נישט אַנדערש און ער האָט בעת די פּראָבן אַריינגעלייגט אַזויפיל מי מיט זיינע אָנווייזונגען און פּעדאַגאָגישע לעקציעס, אַז מען האָט זיינע קליידער נאָך דער פּראָבע געקאָנט אויסדרייען, אַזוי נאַס זיינען זיי געווען פון אָנשטרענגונג.

פון מיר האָט פיינמאַן זייער שטאַרק געהאַלטן, הגם מיין אופן שפּילן איז געווען אין קעגנזאַץ צו זיינעם. איך האָב זיך מיינע אַנהויבן אַלס אַקטיאָר, געהאַט אַ נייגונג צו רעאַליזם. איך האָב זיך שטענדיק געגריבלט און געזוכט צו דערגרייכן וואָס מער נאַטירלעכקייט און אַקטיאָרן האָבן זיך וועגן מיר אויסגעדריקט: — פּאַלעפּאַדע וואָלט געווען אַ גוטער אַק־טיאָר, נאָר ער איז צו שטיל... דעמאָלט איז פּאַטאָס געווען אין דער מאָדע און נישט יעדער האָט געוואָלט אַנערקענען די נאַטירלעכע, רעאַליסטישע פאָרמען אין דער שוישפּיל־קונסט.

פיינמאַן האָט מיך אויסגעקליבן אַלס זיין פּאַרטנער, און ער האָט מיך זייער געליבט און מיר פאָרגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט אַלס קינסטלער, ליידער האָט מיך די צוקונפט אין דעם פּרט אַנטוישט...

און איצט, וויל איך ווידער דערמאָנען אַן עפּיזאָד וואָס האָט אַ שייכות צו אַקסלראַדס פאַנאַטישן אַבערגלויבן.

אַקטיאָרן, זיינען ווי קינדער. אַקטיאָרן זיינען זייער עמפּינדלעך ווען זיי ליידן; טאָמער ווערט זיי נאָר אַביסל בעסער, ווערן זיי זאָרגלאָז ווי קליינע קינדער און זיי שפּילן זיך שקאָצעוואַטע און קוועלן אָן פון די פאַר־שידענע שפּיצלעך וואָס זיי טוען אָפּ איינער דעם אַנדערן.

בעת פיינמאַנס גאַסטראָלן אין טשערנאָוויץ, האָט אונדז גאָרנישט געפעלט און עס האָט זיך אונדז נאָר געוואָלט אויסלעבן אונדזער שטיפער־רישקייט, וואָס אין שווערע ציימן ווערט זי אין אונדז אונטערדריקט.

און דאָ האָבן מיר זיך דערמאָנט, אַז דירעקטאָר אַקסלראַד, האָט פיינט רויטע מענטשן. נישט נאָר וואָס ער האָט זיי פיינט, נאָר ער שרעקט זיך פאַר זיי און ער האַלט, אַז אויב די וועלט וועט אַמאָל חרוב ווערן, וועלן דאָס שטיקל אַרבעט דורכפירן מענטשן מיט רויטע האָר און מיט רויטע בערד...

אַקסלראַד האָט נישט איינמאָל געשוואוירן, אַז ער האָט זיך איבער־צייגט, אַז אין דעם טאָג וואָס ער טרעפט אָן אַ רויטן אויפן וועג, אין דעם טאָג מוז אים שוין טרעפן עפּעס אַן אומגליק און אַ פאַקט איז געווען, אַז ווען אַקסלראַד האָט געטראָפן אויפן וועג אַ רויטן, האָט ער מיט זיינע קראַנ־קע, פּאַראַליזירטע פיס געמאַכט אַן אומוועג אויף הונדערטער מעטער, אַבי נישט צו טרעפן זיך מיט דעם רויטן פּנים־אל־פּנים...

גוט אויפן געמיט איז אונדז אַקטיאָרן דעמאָלט געווען, האָבן מיר באַ־שלאָסן, אַז מען דאַרף זיך אַ שפּיל טאָן און מען דאַרף דעם דירעקטאָר אונ־טערוקן עפּעס אַ רויט אידל...

בעזאָגט און געטאָן.

מיר האָבן געוויינלעך געמאַכט אונזערע פּראָבן יעדן טאָג צען אזייגער אינדערפרי.

אין דעם טאָג זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אין גאָרטן פריער ווי געוויינלעך און מיר האָבן געוואַרט, ביז אַקסלראַד איז אָנגעקומען צו פאָרן אַף זיין פאַעטאָנדל, (ער האָט נישט געקאָנט גיין) און זיך מיט גרויסער מי אַראָפּגעהויבן און זיך צוגעשלעפּט אין דער קאַסע אַריין, וואו ער האָט זיך באַלד פאַרטיפט אין זיינע טעאַטער־חשבונות.

שטייען מיר אינדרויסן, נעבן אַריינגאַנג אין גאָרטן און מיר זוכן מיט ליכט עפּעס אַ רויטן. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס ערגסטע פאַר אַקסלראַדן איז, ווען אַ רויטער קומט צו אים צו דער קאַסע קויפן אַ בילעט און ווער שמועסט ווען אַ רויטער קומט באַלד אינדערפרי מאַכן אים דעם פּרישאַטעק, דעמאָלט איז ער גרייט יענעם צו דערלאַנגען מיטן שטעקן איבערן קאָפּ...

פּלוצלינג דערזע איך פונוויטן אַ אידל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, נאָר מיט אַזעלכע פייערדיק רויטע האָר און מיט אַזאַ מין „געפלאַכטענער" קאָלטענעוואַטער רויטער באָרד, אַז מיר פילן, דער איד איז ווערט אַ מיליאָן!

לויף איך צו צו דעם אידן: — ר'קרוב, זייטזשע מוחל, איר ווילט גיין אין טעאַטער?

דאָס אידל קוקט זיך אום, בלייבט אַ ווײַלע ווי אַפּהענטיק, נאָר באַלד גיט ער זיך אַ רוף אָפּ: — „דרייטזשעט מיר נישט קיין קאָפּ" און ער לאָזט זיך ווייטער לויפן.

פיל איך אָבער, אַז דאָס אידל איז פשוט אַן אוצר פאַר אונדזער שפּיצל וואָס מיר ווילן אָנטון דעם דירעקטאָר און איך לויף אים נאָך און פאַרהאַלט אים: — פעטער, וואָס טוט זיך מיט אייך? איך ווילט זיך אָפּזאָגן פון גיין אין טעאַטער? עס שפּילט דאָך היינט פיינמאַן!...

— מען קאָן עפּעס פאַרדינען דערביי? — גיט דער איד אַ פרעג און עס טרייסלט זיך בעת מעשה זיין רויטע באָרד. און מיר פאַלט איין, אַז אַן אַ פאַרדינסטל, וועלן מיר דעם איד נישט געווינען און איך זאָג אים פשוט, אַז ער וועט צו דעם געשעפט נישט דערלייגן און דאָס אידל ווערט שוין ווייכער און איך גיב אים אַביסל ניקל־געלט און היים אים צוגיין צו דער קאַסע קויפן אַ בילעט.

אונדזער אידל גייט צו דער קאַסע און מיר שטייען פונוויטן און קוקן, וואָס דאָ וועט זיין דער סוף.

אַקסלראַד איז געזעסן אין קאַסע אַ פאַרטיפטער אין די חשבונות און פּלוצלינג דערהערט ער, אַז עמיץ וויל קויפן אַ בילעט און ער וואַרפט אַ בליק אַף דעם פרייען גאַסט און דערזעענדיק פאַר זיך אָט־אָ דעם רויטן עקזעמפּליאַר, איז ער אַ ווײַלע געבליבן זיצן אין אַ פאַרגליווערטע פּאָזע, נאָר ווען דער איד האָט אים נאָכאַמאָל געפרעגט צי ער קאָן אים פאַרקויפן אַ

בילעט אין טעאַטער אַריין, איז דער קראַנקער, פּאַראַליזירטער אקסלראד אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ, געכאַפּט זיין שטעקן און אַרויסגעלאָפן פון קאַסע און דאָס אידל, זעענדיק ווי אקסלראד וויל זיך אָף אים וואַרפן, האָט שנעל געהויבן פיס און אַנטלאָפן און אקסלראד האָט אים מיט זיינע קראַנקע פיס נאָכגעיאָגט אַ היבשע שטרעקע, ביז דער איד איז עוקר געווען מיט די עטלעכע ניקל וואָס איך האָב אים געגעבן אָפּן בילעט און אקסלראד איז אַ ציטערנדיקער פון כעס און פון מורא פאַר דעם שלעכטן סימן, צוריק אַריין אין קאַסע-בודקעלע און זיך גענומען בייסן די וואָנסעס זיינע...

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקל פונווייטן און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער און אין אונדזער קינדישער פרייד, האָבן מיר זיך גאָרנישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז אונזער אויפטו איז אפשר גאָרנישט אַזאַ חכמהדיקער און אפשר אויך נישט קיין שיינער. מיר האָבן זיך געפרייט מיט קינדישער פרייד...

:: :: ::

פאַרן פאַרענדיקן זיינע גאַסטראָלן אין טשערנאָוויץ, האָט פיינמאַן מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל מיט אים פאָרן קיין לאָנדאָן. פיינמאַן האָט נישט געהאַט אין זיך דאָס בלאָפערישע פון אַנדערע סטאַרן, ער איז געווען אַ קינסטלער פון גאָטס חסד און אויך אַן ערנסטער מענטש, און ער האָט עס מיט מיר געמיינט ערנסט. ער האָט זיך אין מיר נישט אַזוי שטאַרק געגנויטיקט, אָבער ער האָט מיך געוואָלט אַרויסשלעפן פון דעם גאַליציאַנער יאַמערטאָל פאַר אידישע אַקטיאָרן. ער האָט אין מיר געזען פּעאַיקייטן און ער האָט געוואָלט ראַטעווען מיין צוקונפט. דאָס איז געווען אין דעם יאָר, ווען פיינמאַן האָט זיך פאַראייניקט מיט מאַשקאָוויטשן אָף אַנצופירן דאָס אידישע טעאַטער אין לאָנדאָן און דעמאָלט האָט פיינמאַן טאַקע מיטגענומען מיט זיך דעם דעמאָלט נאָך אַזוי יונגן אויפגייענדיקן שטערן — ל ו ד ו ו י ק ז א ץ און אויב לודוויק זאַץ איז דערנאָך אַזוי גרויס געוואָרן, האָט ער דאָס געהאַט פיינמאַנען צו פאַרדאַנקען.

איך בין דערין מער ווי איבערצייגט, אַז ווען לודוויק זאַץ זאָל געווען בלייבן אין גאַליציע, וואָלט ער דאָרט פונקט אַזוי פאַרפאַלן געוואָרן ווי אַ סך גאַליציאַנער חברים, וואָס האָבן בפירוש געהאַט גרויסע טאַלאַנטן און זיי זיינען דאָרט אַטראָפירט געוואָרן...

פיינמאַן האָט מיך געוואָלט מיטנעמען קיין לאָנדאָן און איך וואָלט אוודאי געווען אָנגענומען זיין באמת פאָטערלעכן אָנבאָט, אָבער ווי האָב איך געקאָנט אַוועקפאָרן, אַז איך האָב געהאַט אַ קראַנק ווייב מיט צוויי

קליינע קינדער? אַף וועמען האָב איך זיי געקאָנט איבערלאָזן? איך בין געווען געפּענטעט מיט אומצורייסבאַרע קייטן וואָס האָבן מיך פעסט צו־געהאַלטן און מיך נישט דערלאָזן גיין אַף דער וועלט און עפּעס דערגרייכן און מאַכן אַ קאַריערע, כאָטש לויט ווי פיינמאַן האָט עס יעדן געזאָגט, איך האָב געהאַט גענוג מיטל דערפאַר.

איך בין געבליבן אין גאַליציע מיט דער אָרימקייט און צוריקגעשטאַ־נענקייט וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין אידישן טעאַטער און איך האָב געקעמפט, אַליין זיך אַוועקגענומען דעם ביסן פון מויל און אַוועקגעשיקט מיין ציפּקען אין אַ קור־אָרט און ווען זי איז צוריקגעקומען ווייטער קראַנק און מען האָט זי ווידער באַדאַרפט אַוועקשיקן אין אַן אַנדער קור־אָרט אַף צו נעמען בעדער, האָב איך נישט מער געהאַט קיין געלט, נאָר בלויז אַן אָפּגעשפּאָרטן טערקישן לאָס (אַ לאָטעריע צעטל) וואָס שפּילט אייביק, דאָס האָב איך אין מיינע גוטע טעג געקויפט און עס אָפּגעשפּאָרט און איצט האָב איך דעם לאָס געמוזט פאַרקויפן, כדי צו קענען ציפּקען אַוועק־שיקן אין צווייטן קור־אָרט.

אַזוי בין איך געבליבן אין טשערנאָוויץ און זיך געמוזט אָפּזאָגן פון נייע דערגרייכונגען. זומער האָב איך געשפּילט אין טשערנאָוויץ און ווינ־טער — אין די פּראָווינץ־שטעט, שלעפּנדיק זיך פון שטעטל צו שטעטל און איך האָב זיך געפרייט, וואָס איך האָב כאָטש אַ גאַנץ יאָר אַרבעט און איך באַקום פּונקטלעך אויסגעצאָלט מיינע לוינען.

מאַכט זיך, אַז איין יאָר, טאַקע באַלד נאָכדעם ווי פיינמאַן איז אַוועק, האָט אקסלראד ווייזט אוים, גענוג אָפּגעשפּאָרט אָפּן ווינטער און ער האָט נישט געוואָלט אַרויספאָרן אַף דער פּראָווינץ, האָט ער אויפגעלייזט די טרופּע און געזאָגט: — קינדערלעך, איר זייט פריי ביז צום זומער... דאָס האָט געהייסן, ווי ער זאָל זאָגן: — קינדערלעך, איר זייט פריי צו שטאַרבן פון הונגער...

מיין פרוי איז גראַד דעמאָלט צוריקגעקומען שוין פון צווייטן קור־אָרט און זי איז נאָך אַלץ געווען קראַנק און איך האָב אָנגעהויבן אַרויס־פאַרקויפן זאַכן פון שטוב, כדי צו האָבן אַף דאָקטוירים און מעדיצינען און אַף אַ שטיקל ברויט פאַר די קינדערלעך.

נאָר וויפל האָב איך דאָס געהאַט זאַכן אין שטוב וואָס מען קאָן פאַר־קויפן? עס האָט זיך שנעל אויסגעשעפּט און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, איך האָב אַריינגענומען אַן אַלטע גויע אַלס דינסט און איך האָב זיך אַרויס־געלאָזן אַף דער פּראָווינץ, און זיך טאַקע באַלד אָנגעשלאָסן אָן אַ קליינער טרופּע און איך האָב אָנגעהויבן ווידער שפּילן טעאַטער.

מיט דער טרופּע האָט אָנגעפירט ליבגאָלד מיט זיין פרוי סטעפּקע און זיי האָבן זיך מיט מיר דערפרייט ווי מיט משיחן און איך האָב טאַקע

באַדאַרפט שפּילן די הויפּט־ראָלן, ווייל קיין אַנדערן האָבן זיי נישט געהאַט.

מיר איז זייער שווער געווען די אַרבעט מיט דער טרופּע, ווייל עס האָבן געפעלט כוחות אַף צו קענען אויפירן דעם דעמאָלט גאַנגבאַרן רע־פּערטואַר. האָב איך געזוכט און געשטוקעוועט און יאַקאַש אויפגעפירט פּיעסן, וואָס כאָטש זיי האָבן מיך קינסטלעריש נישט באַפרידיקט, האָב איך זיך אָבער צוליב מיין טרויעריקער מאַטעריעלער לאַגע געמוזט צו־פרידנשטעלן, וואָס איך האָב כאָטש דאָס.

און דווקא, מיט אָט־אָ דער קליינער טרופּע, זיינען די געשעפטן געווען גאַנץ גוטע. מיר האָבן אָנגעהויבן אין בוטשאַטש, איך האָב געשפּילט די הויפּט־ראָלן און מיר האָבן זיך דאָרט דערוואָרבן אַ זייער גוטן נאָמען, וואָס איז אונדז געגאַנגען פאַרויס אין אַנדערע שטעטלעך און ווען מיר זיינען געקומען אין די אַנדערע שטעטלעך, האָט מען אונדז אויפגענומען מיט פרייד און וואָס ווייטער אַ טאָג, האָט די טרופּע פון מיר מער גע־האַלטן און זיך מיט מיר מער געפרייט.

זיכער האָבן מיך געפרייט מיינע דערפאָלגן און דאָס וואָס די חברים אַקטיאָרן האָבן מיר אַרויסגעוויזן אַזויפיל דרך־ארץ און אָנערקענונג; אָבער די פרייד איז מיר נישט איינגעגאַנגען, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז איך האָב דאָרט ערגיץ איבערגעלאָזן אַ קראַנקע פרוי מיט צוויי קליינע קינ־דערלעך אַף פרעמדע הענט, אונטער אויפזיכט פון עפּעס אַן אַלטע נויע און איך האָב כסדר געוואַרט און געהאָפט, אַז עס זאָל געשען אַ נס, איך זאָל ווידער קענען זיין צוזאַמען מיט מיין ווייב און קינדער.

און דער נס איז געשען.

ווייזט אויס, אַז מיין נאָמען און דער שם וועגן מיינע אויפטואונגען אַף דער פּראָווינץ, האָבן דערגרייכט ביז לעמבערג, ווייל אין איינעם אַ פרי־מאָרגן, וואַקסט אויס בײַ מיר אידל גוטמאַן, ער איז געקומען אין נאָמען פון דירעקטאָר גימפּל מיך אַנגאַזשירן.

איך האָב אין דעם געזען אַ נס פון הימל, נאָר באַלד צושטימען, האָב איך נישט געטאָרט. איך האָב געשטעלט באַדינגונגען. מיין האַרץ האָט זיך טאַקע אין מיר געצאַפּלט, איך האָב געוואוסט, אַז לעמבערג איז פאָרט אַ שטאָט וואו מען קאָן יאַקאַש מאַכן אַ לעבן אויב מען אַרבעט און דאָרט וועל איך דאָך קאָנען אַריבערנעמען מיין פרוי און קינדער און זיין צוזאַ־מען און נישט דאַרפן זיך אַרומשלעפּן נע־ונד און נאָכטראַכטן ביז משוגעת, וועגן דעם וואָס עס הערט זיך אין מיין היים... אָבער האַנדלען, האָב איך געמוזט פאַרזיכטיק. איך האָב געוואוסט, אַז גוטמאַן קומט אין גימפּלס אינטערעסן און ער וועט מיר ווערן „אָפּשניידן אַ פּאָלע"... און אַזוי איז טאַקע געווען. גוטמאַן האָט מיר צוגעזאָגט אַ קלעגלעכע גאַזשע און איך

האָב פאַרשטאַנען צו האַלטן פּאַסאַן און איך האָב עס אָפּגעוואָרפן און עס איז געקומען צו אַ דינגעניש, ביז ענדלעך האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויפּ־צוציען אַף דער זעלבער גאַזשע וואָס איך האָב באַקומען באַ אַקסלראַדן.

ווייטער איז עס נישט געגאַנגען. אידל גוטמאַן האָט מיר אַריינגעגעבן אין נדן אַריין דעם פּאַקט, וואָס באַ נימפּלען מיינט עס אַ יאָר־פּאַסטן, מען אַרבעט אַף איין פּלאַץ און מען דאַרף נישט וואַנדערן, (ער האָט ווייזט אויס געוואוסט מיין שוואַכן פּונקט, אַז איך וויל זיין צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינדער און ער האָט געשפּילט אַף אַט דער זיכערער קאַרט...) און זענענדיק אַז ווייטער גייט עס נישט, האָב איך וויינקסטנס געפּאָדערט אַ פּאַרשום, אַז איך זאָל קענען אַריבערנעמען מיין פרוי און קינדער קיין לעמבערג און דאָס האָט מיר אידל גוטמאַן ענדלעך נאָכגעגעבן.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די ליבגאָלדס און מיט די איבעריקע חברים פון אונדזער קליינער טרופּע. איך האָב געזען טרערן אין זייערע אויגן ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט זיי און די טרערן זיינען זיי נאָך אַלץ גע־שטאַנען אין די אויגן, ווען זיי האָבן מיך באַגלייט צו דער באַן. עס האָט זיי נישט פאַרדראָסן וואָס איך פאָר אַוועק. זיי האָבן געוואוסט, אַז איך האָב די גאַנצע צייט געהאָפט אַף דער מינוט, אַז איך זאָל קענען געפינען אַן אַרבעטס־פּלאַץ וואו איך זאָל זיין צוזאַמען מיט מיין קראַנקער פרוי און קינדער און זיי האָבן מיר די געשעעניש פאַרגינען פון גאַנצן האַרצן; אָבער זיי האָבן באַוויינט זייער וויסטן מזל, וואָס זיי בלייבן איצט אַליין און ווער ווייס וואָס פון זיי וועט ווערן און ווי אַזוי זיי וועלן זיך אַליין קענען ראַנגלען מיט דער נויט...

עס האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין. איך האָב געמוזט אין זיך אונ־טערדריקן מיינע סענטימענטן צו די חברים אַקטיאָרן וואָס האָבן מיך אַזוי בכבוד געהאַלטן און אַף מיר געלייגט אַזויפיל אבֿט, ווייל איך האָב זיך געמוזט צוהערן צו מיין פליכט־באַוואוסטזיין לגבי מיין קראַנקער פרוי און מיינע צוויי קליינע קינדער און איך בין צוזאַמען מיט גוטמאַנען אַוועקגע־פאָרן קיין לעמבערג.

:: ::

דער דירעקטאָר גימפּל, האָט זיך, ווייזט אויס, געריכט צו קריגן אין מיר גאָר עפּעס אַנדערש, ווייל ער איז געווען איבעראַשט צו הערן פון מיר, אַז ער דאַרף מיך אַנאַנסירן אַלס דראַמאַטישן שוישפּילער; ער האָט געהערט וועגן מיר, ווי וועגן אַ כאַראַקטער־שושפּילער.

דער צופאַל האָט מיר אָבער צוגעהאָלפן. דעמאָלט איז גראַד געווען זייער שטאַרק אין דער מאָדע די פּיעסע „דער בטלן", וועלכע איז שוין

אין לעמבערג אויך געהאַט געשפּילט געוואָרן מיט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג און מען האָט זיך דערמאָנט, אַז איך וואָלט אפשר געקאָנט שפּילן דעם „בטלן", וואָלט שוין געווען כדאי.

„דער בטלן" איז דעמאָלט געווען פאַרעכנט צום בעסערן רעפּערטואַר און איך האָב זיך זייער געפרייט צו קענען אויפטרעטן אין לעמבערג מיט אַזאַ פּיעסע און דירעקטאָר גימפּל האָט מיר נאָכגעגעבן און אַנאָנסירט, אַז דער גאַסט פאַלעפּאַדע וועט אויפטרעטן אין דער באַריִמטער ראָל אַלס בטלן.

די פ י ש ל ע ר, אַ זייער פיינע אַקטריסע, איז געווען מיין פּאַרט-נער און אידל גוטמאַן מיט שרה ראָזנבערג, האָבן געשפּילט אַלס מיינע טאַטע-מאַמע.

בכלל האָט דעמאָלט אין גימפּל-טעאַטער אַקטואירט אַ זייער פיינע טרופּע און די ראָלן פון דער פּיעסע זיינען זער גוט איינגעטיילט געוואָרן און די פאָרשטעלונג האָט געקלאַפּט.

דאָס אידישע לעמבערג, איז געווען אַ זייער גוטע שטאָט פאַר אידיש טעאַטער, אויב מען האָט נאָר עפּעס דערלאַנגט דעריין. דער לעמבערגער טעאַטער-עולם האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן אָפּנאַרן און ווען עס איז דעם עולם נישט געפעלן, האָט ער זיך נישט געשעמט, נאָר גענומען פּראָטעס-טירן באָם אָפּענעם פאָרהאַנג און געוואָרפן אָף דער בינע אַרויף זידל-ווער-טער מיט די אויסטערלישסטע קללות, וואָס לעמבערג פון הינטער דער שיל האָט זיך מיט זיי אַזוי אויסגעצייכנט...

ווען אָבער גימפּל האָט געזוכט אָפּצופּרישן זיין טעאַטער און דעם עולם איז געפעלן אַ פאָרשטעלונג, האָט שוין דער עולם נישט געזשאַלע-וועט מיט קיין אַפּלאָוזן און ער האָט פון באַגייסטערונג שיער נישט צע-טראָגן דאָס טעאַטער...

איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

נאָכן צווייטן אַקט, האָט זיך דער טעאַטער-עולם אַזוי צעשטורעמט מיט אַפּלאָוזן און אָוואַציעס, אַז עס האָט אויסגעזען, אַז מען וועט צעטראָגן דעם טעאַטער. דירעקטאָר גימפּל האָט ווי געווינלעך געשמייכלט, אָבער ער האָט זיך געשמאָלצן אין נחת, ווען מען האָט אים פון אַלע זייטן גראַ-טולירט און געמאַכט קאָמפּלימענטן פון אנערקענונג פאַר דעם נייעם גאַסט, דעם קינסטלער פאַלעפּאַדע, וואָס ער האָט געבראַכט און דאָלי גימפּל האָט זיך אויך נחתדיק געדרייט די וואָנסעלעך און אַקטיאָרן האָבן צווישן זיך קאָמענטירט, אַז עס האָבן דאָך שוין געשפּילט אַביסל „בטלנים" אין לעמ-בערג, נאָר אַזאַ „בטלן" ווי פאַלעפּאַדע, האָט נאָך קיינער דאָ נישט דער-לאַנגט . . .

כאָטש די פּיעסע איז שוין אין לעמבערג געווען היבשלעך אָפּגע־שפּילט, פונדעסטוועגן איז זי נאָך געגאַנגען און געגאַנגען און כסדר באַ גוטע געשעפטן און איך האָב שוין אָנגעהויבן מערקן די קנאה־בליקן פון אידל גוטמאַן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן זיך זיכער נישט מוחל זיין, וואָס ער אַליין האָט מיך נאָך אַריבערגעבראַכט קיין לעמבערג, וואו ער האָט זיך כסדר געהאַלטן פאַר דאָס אויבערשטע פון שטויסל און פּלוצ־לינג זעט מען אים נישט אַרויס...

אין איין אָוונט, נאָכן צווייטן אַקט, קומט אַרויף אַ דעלעגאַציע פון אַ פאַריין אַף דער בינע, זיי גראַטולירן מיר און זיי הויבן אָן פאַרהאַנדלען וועגן קויפן אַ בענעפיט־פאָרשטעלונג פאַר זייער אָרגאַניזאַציע, נאָר מיטן באַדינג, אַז מען זאָל שפּילן דעם „בטלן".

באַ דער זייט שטייט אידל גוטמאַן און איך באַמערק, אַז זיינע אויגן שפּריצן מיט פייער און לויט ווי איך האָב שוין געהאַט געהערט וועגן אים, האָבן מיר איצט זיינע בליקן געזאָגט, אַז ער וועט שוין דעם ענין נישט אַדורכלאָזן גלאַטיק.

נאָך דעם פייער־שפּייענדיקן בליק וואָס איך האָב יענעם אָוונט געזען באַ אידל גוטמאַן, האָב איך יעדן טאָג געוואַרט אַף עפּעס אַ געשעעניש, אָבער איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט וויסן וואָס מיך דערוואַרט און פון וואָס איך וואָלט זיך אפשר באַדאַרפט היטן.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון דער פאַרקויפטער פאָרשטעלונג.

אַלע בילעטן זיינען געווען אויספאַרקויפט און דער טעאַטער פול גע־פּאַקט מיט אַ יום־טובדיק געשטימטן עולם און די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן.

די פאָרשטעלונג איז געגאַנגען אַזוי ווי כסדר, לויט דערזעלבער ראָלן־פאַרטיילונג און גוטמאַן מיט דער ראָזענבערג, האָבן געשפּילט אַלס מיינע טאַטע־מאַמע.

אין צווייטן אַקט, ווען איך האָב די שטאַרקע סצענע מיט טאַטע־מאַ־מע, האָב איך לויט דער איינשטעלונג, געשפּילט רעאַליסטיש און ווען איך גיב זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף אַף קידוש־השם, האָבן מיך „טאַטע־מאַמע" אָדער גוטמאַן און ראָזנבערג אונטערגעכאַפּט און מיך נישט געלאָזן פאַלן.

איצט, ווען איך האָב דורכגעפירט די סצענע אַזוי ווי שטענדיק, האָט זיך גוטמאַן פּונקט אין דער מינוט אָפּגערוקט פון פּלאַץ און ער האָט מיך געלאָזן פאַלן און איך בין טאַקע געפאַלן מיט קאָפּ אָפּן פאַרענטש פון אַ שטול און איך בין געפאַלן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך בין געבליבן ליגן ווי טויט.

צום גליק, פאַלט פּונקט אין דעם מאָמענט דער פאָרהאַנג און די גע־שעעניש איז געבליבן אַ סוד פאַרן פּובליקום.

מען האָט מיך אָפּגעמונטערט און ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך, און דאָס, ערשט נאָך אַ היבשער ווײַלע, געפרעגט גוטמאַנען, פאַרוואָס ער האָט מיך נישט אונטערגעכאַפּט, נאָר אָנשטאָט צו פאַרענטפערן זיך, האָט ער זיך גאָר אויף מיר צעשריגן: — וואָס פאַר אַן אונטערהאַפּער בין איך דאָס בײַ אײַך? און איר מיינט טאַקע, אַז איך וועל בײַ אײַך כסדר שפּילן דעם טאַטן? ניין! און ווען מען זאָל אים אָנשיטן אַ שטוב מיט גאָלד, וועט ער מער דעם טאַטן נישט שפּילן און ער וועט קיינעם נישט אונטערכאַפּן...

איך האָב שוין פריער געוואוסט ווער עס איז אידל גוטמאַן און איצט האָבן איך זיך נאָך מער איבערצייגט, אַז די שאַרס זיינען געווען גערעכט מיט דעם וואָס זיי האָבן דערציילט וועגן אים, נאָר אַזוי ווי איך האָב גע־דענקט אָן מיין קראַנק ווייב און קליינע קינדער, האָב איך פאַרביסן די ליפּן און זיך געטראַכט, אַז נישטקשה, איצט איז נאָך צופרי, אָבער עס וועט קומען דער מאָמענט, ווען איך וועל דעם גוטמאַנען אָפּזוכן.. און דער־ווייל האָב איך געמאַכט אַ שווייג...



# פינפאונצוואנציקסטער קאפיטל

אידל גוטמאַן אין סופליאַר־קאַסטן. — איך פיר דורך אַ רעוואָלו־ציע און שפּיל אַף אידיש. — מיין זיסער זיג איבער די „דיימשן״. — געדאַנקען וועגן זעלבסטמאָרד. — אין דער נייער דירה. — גוטמאַן מאַכט אַ טעות מיטן צוטיילן מיר אַ „קליינע״ ראָלע. — איך שמיר גוטמאַנען אויס אַ פּאָר נייע ווייסע הויזן.

איך מוז דאָ דערמאָנען, אַז כּמעט איך האָב געלעבט און געאָטעמט מיט טעאַטער, כּמעט איך האָב — זייענדיק אין די גרעניצן פון טעאַטער־אַקטואַציע — נישט געזען קיין שום אַנדער וועלט און קיין שום אַנדער לעבן אַ חוץ טעאַטער, האָב איך ליב געהאַט מיין פרוי און מיינע קינדער און אַבי עס איז מיין פרוי אַביסל בעסער געוואָרן און מיינע פאַרדינסטן זיינען נישט אַוועק בלויז אַף דאָקטוירים און מעדיצינען, איז געווען גרויס מיין פרייד און איך בין ווידער געווען אויך אַ גליקלעכער פאַמיליען־מאַן.

מיין פרוי האָט עס אַוודאי נישט געטאָרט, צוליב איר געזונטהייט, אָבער עס איז געשען, זי האָט געבוירן אַ דריט קינד; די ערשטע צייט איז ציפּקע געווען דערצו אַ געזונטע מאַמע און איך האָב געמיינט, אַז אָט הויבט זיך פאַר מיר אָן אַ גליקלעכע צייט.

דער דירעקטאָר האָט אַרויסגעוויזן צו מיר אַ סך פריינטשאַפט. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען אַ דאַנק די גוטע געשעפטן וואָס ער האָט געמאַכט מיט מיר, אָבער דער פאַקט איז געווען פאַקט, אַז דירעקטאָר גימפּל האָט זיך מיט מיר פאַרשטענדיקט וועגן רעפּערטואַר און ער האָט מיר באַ יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן, אַז ער האַלט פון מיר, כּמעט אידל גוטמאַן האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט, צוצוטראָגן צום דירעקטאָר אַ רכילותל קעגן מיר.

זעענדיק, אַז די רכילות ווירקן נישט, האָט זיך גוטמאַן גענומען אַף דרייסטערע וועגן; ער האָט מיך געזוכט צו פּראָוואָצירן און שווער מאַכן דאָס לעבן, אפשר וועט ער מיך אַזוי־אַרום קענען פּטור ווערן פון טרופּע.

איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן אויפצופירן „בר־כּכבא״ און איך האָב פאַר זיך גענומען די ראָל „פּאַפּוס״ און גוטמאַן האָט געשפּילט „אליעזר״.

איך בין נישט געווען אָפּהענגיק פון סופליאָר, ווייל איך האָב מיין ראָל גוט געקענט, אָבער, גוטמאַן האָט אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט, וואָס האָט שיער דערפירט צו אַן אָפּענעם סקאַנדאַל.

סופליאָר אין גימפּל-טעאַטער איז דעמאָלט געווען פּ ר י ז אַ מ ע נ ט, אַ געוועזענער בוכהאַלטער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע נייגונג צום אידישן טעאַטער און ער איז געוואָרן אַ סופליאָר. ער איז נאָך געווען „גרין" אין דער פּראָפעסיע און עס איז געגנוג געווען די קלענסטע פּראָוואָקאַציע, אַז דאָס זאָל אים אינגאַנצן צעטומלען.

מאַכט זיך, אַז אין ערשטן אַקט, ווען איך האָב מיין דיאַלאָג מיט דינהן, ווערט פּלוצלינג אינגאַנצן שטיל אין סופליאָר-קאַסטן. איך וואַרף אַ בליק אין קעסטל אַריין און דערזע דאָרט זיצן גוטמאַנען, כאַראַקטעריזירט מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד אַלס אליעזר, גוטמאַן זיצט נעבן פּריזאַמענטן און וויל אים ארויסרייסן די פּיעסע פון האַנט.

די געשיכטע האָט מיך זייער אויפגעברויזט און איך האָב באַלד, אַף דער אָפּענער בינע, גענומען רעאַגירן. איך האָב געמאַכט אַ פּויזע און אַ זאָג געגעבן, אַזוי, אונטער די ציין: — זאָל ער ארויסגיין פון קאַסטן!...

גוטמאַן האָט זיך נאָך אַלץ נישט גערירט פון אָרט. מיין אויפרעגונג איז געוואַקסן און איך האָב שוין אויסגערופן אַפן הויכן קול: — זאָל ער שוין אַרויסגיין פון קאַסטן!

דער עולם האָט שוין אָנגעהויבן פילן, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַט און עס האָט זיך שוין געהערט אַ געמורמל, דאָ האָט זיך שוין אידל גוט-מאַן דערשראָקן, מורא האָבנדיק פאַר אַן אָפּענעם סקאַנדאַל און ער איז אַרויס פון סופליאָר-קאַסטן.

ווען דער אַקט האָט זיך געענדיקט, בין איך צוגעלאָפן צו פּריזאַמענטן און אים געפרעגט וואָס עס איז געשען און ער האָט מיר גאַנץ אָפנהאַרציק דערציילט, אַז גוטמאַן איז אַריין צו אים אין קאַסטן און אַרויסגערידן באַ אים דעם טעקסט, זאָגנדיק, אַז פּאַלעפּאַדע איז נישט קראַנק צו קענען די ראָל אויסנווייניק...

איך בין געווען זייער אויפגערעגט, אָבער איך האָב זיך באַמיט צו באַ-הערשן מיין כעס, איך האָב גוט געדענקט מיינע פליכטן צו מיין היים, צו מיין פרוי און דריי קליינע קינדער און איך האָב פאַרביסן די ליפּן און דעם ענין פאַרשוויגן.

גוטמאַן האָט צו זיך געהאַט עטלעכע פון זיינע נאָנטסטע חברים, וועל-כע האָבן אים געהאָלפן אין זיינע שטילע אינטריגעס קעגן מיר און ווען מיר זיינען אַריבער צו אַ געמישטן רעפּערטואַר און מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן לאַטיינערס פּיעסן, האָבן גוטמאַן מיט זיינע מיטהעלפער, באַקומען נייעם

שטאָף אַף צו קענען אינטריגירן קעגן מיר און חוזק פון מיר, אָבער זיי האָבן געהאַט איין דורכפאַל נאָכן צווייטן.

איך מוז דאָ דערמאָנען איין עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט די דעמאָל־טיקע צייט אין אידישן טעאַטער אין לעמבערג און אַזוי אין גאַנץ גאַלי־ציע, וואו מען האָט געשפּילט לאַטיינערס פּיעסן בכלל אין דייטש און אוודאי די צוויי פּיעסן „אשה רע" און „כל נדרי", און איך האָב געוואָגט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע און שפּילן די צוויי פּיעסן אַף אידיש.

איך האָב זיך שוין פון לאַנג געהאַט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, אַז מען דאַרף לאַטיינערס פּיעסן „מגייר זיין" און זיי פּאַראַידישן און איצט, אַז איך האָב געהאַט דאָס וואָרט באַם שטעלן אַ פּיעסע, האָב איך מיין באַשלוס געוואָלט דורכפירן.

איך שפּיל דעם הויפּט־העלד פון „אשה רע", דעם „גענעראַל אבנר" וואָס רעדט אַלעמאָל „דייטש" און איך שפּיל אים דווקא אידיש און איך פיל באַלד, אַז מיין עקספּערימענט האָט זיך מיר איינגעגעבן, דער עולם האָט דערפילט אין אבנרן אַן אמתן אידישן העלד וואָס רעדט אין דעם עולמס שפּראַך און איז דעריבער דעם עולם נענטער צום האַרצן, און איך פיל, אַז דער עולם זעט אין מיר דעם אמתן היסטאָריש־אידישן העלד. אַלע מיינע פּאַרטנערס ריידן צו מיר אַף דייטש און איך ענטפער זיי אַף אידיש און מיינע קאָלעגן, די „גוטע פריינט" ווינקען איינער צום אַנדערן און שושקען זיך איבער און שטיקן זיך ממש פון געלעכטער, באשר, דער גע־נעראַל אבנר, אַ ג ע נ ע ר אַ ל, רעדט גאָר זשאַרגאָן פּונקט ווי אין לעמ־בערג הינטער דער שיל..

נאָך מער, האָבן מיינע קאָלעגן געחוזקט פון מיר, ווען איך האָב אין דער צווייטער פּיעסע, אין לאַטיינערס „כל נדרי", שפּילנדיק אַלס דער גרויס־אינקוויזיטאָר פּוילוס, אויך גערעדט אידיש. — הער נאָר, הער, אַ גרויס־אינקוויזיטאָר רעדט דאָך ביי אים גאָר זשאַרגאָן!...

פּאָר מיינע „גוטע פריינט" מיט אידלען בראש, האָט זיך געוויזן אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז איצט וועל איך זיך אַליין, אָן זייערע אינטריגעס, האָבן דערליידיקט...

זיי האָבן אָבער גאָר שנעל דערלעבט אַ ביטערע אַנטוישונג. שוין די הייסע אַפּלאָדיזן פון עולם, האָבן געוויזן אַז מיין עקספּערימענט איז אויפ־גענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג און טאָמער איז דאָס געווען וויניק, האָט זיך דעמאָלט אין לעמבערג געפינען אַ אידיש וואָכנבלאַט (ליידער קאָן איך זיך נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם וואָכנבלאַט און פון די שרייבער), וועמענס רעצענזענט האָט אין מיין אויפטו געזען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין אידישן טעאַטער־וועזן, אַ רעוואָלוציע צום בעסערן און

ער איז אַרוים מיט אַ גרויסן לויב-אַרטיקל אין וועלכן ער האָט אויסגע־דריקט התפעלות פאַר מיין גרויסן אויפטו און דער אַרטיקל האָט אין לעמ־בערג, און ווי איך האָב דערנאָך געהערט, אויך אין גאַנץ גאַליציע, גע־מאַכט אַ געוואַלדיקן רושם און איך האָב זיך מיט מיין זיג קעגן די „דייטשן" שטאַרק קונה-שם-געווען.

דער אומגעריכטער דערפאָלג, האָט אידלען נאָך מער צערייצט זיינע קנאה-געפילן און ער האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן זוכן וועגן און מיט־לען ווי אַזוי מיך פּטור צו ווערן. פונדעסטוועגן, האָט ער מיר באַלד אָנ־געהויבן נאָכטון און אויך אָנגעהויבן ריידן אידיש אַף דער בינע...

ענדלעך האָט זיך די צייט פון מיינע אַזוי-גערופענע גאַסטשפּילן פאַר־ענדיקט און איך בין געוואָרן אַן אַקטיווער אַנסאַמבל-אַקטיאָר, שפּילנדיק בלויז די ראָלן פון מיין זשאַנר. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון שטור־דירן נייע אָפּערעטעס, יעדן טאָג האָב איך געמוזט גיין צום דירעקטאָר דאָלי גימפּעל, וועלכער האָט מיט מיר איינשטודירט מיינע געזאַנג-פּאַרטיעס און עס האָט אויסגעזען, אַז מיינע קעגנער, וועלן זיך שוין פאַמעלעך באַרואיקן און איך וועל קאָנען אַרבעטן רואיק און צופרידן.

:: :: ::

מיט גרויסע דערפאָלגן און מיט גאַנצע בערג אַפּלאָדיסמענטן און פולע קע־שענעס מיט כבוד, האָב איך זיך יעדע נאַכט נאָך דער פאָרשטעלונג אומ־געקערט אַהיים, נאָר גענוג פאַרדינסטן וואָס זאָלן דעקן מיינע גרויסע הצטרכותן, דאָס האָב איך נישט געהאַט.

פאַקטיש, האָב איך גאַנץ גוט פאַרדינט, נאָר ווידער איז מיין אומ־גליקלעכע ציפּקע קראַנק געוואָרן און ווידער איז מיין גאַנץ דאָבריי מזל אַריין אין די דאָקטוירים און אין די מעדיצינען און מיין געהאַלט האָט נישט געקלעקט אַף די איבעריקע נויטווענדיקייטן פאַר דער שטוב.

און וואָס ווייטער, איז עס מיט מיין פרוי געוואָרן ערגער. יעדן טאָג — אַ דאָקטאָר און מיט די לעצטע גראָשנס אין אַפּטייק, און דאַרפנדיק זיין אינדערהיים אַ קראַנקן-וועכטער און דערצו אַ ניאַנקע צו מיינע פּיצלעך קינדער, האָב איך אין אָט דער שווערער צייט באַדאַרפט אויסלערנען אין איין וואָך צוויי אָפּערעטעס מיט צוויי ריזן-געזאַנג-פּאַרטיעס. די צוויי אָפּע־רעטעס זיינען געווען „שלמה המלך" און „שבת קודש", אין וועלכער איך האָב באַדאַרפט שפּילן „לייב ספרדי".

לויפנדיק פון די פּראָבן אַהיים, האָב איך זיך באַדאַרפט אַריינכאַפּן אין אַ רעסטאָראַן און קויפן עפּעס עסן פאַר מיין קראַנקער פרוי און פאַר

מיינע פיצלעך קינדער און ווען עס האָט מיר אויסגעפּעלט געלט און אהיים־קומען מיט גאָרנישט האָב איך דאָך נישט געקאָנט, האָב איך זיך געמוזט דערנידעריקן און בעטן באַם רעסטאָראַטאָר, ער זאָל מיר אויסבאָרגן דאָס ביסל עסן...

נאָך ערגער איז עס געווען, ווען דער דאָקטאָר האָט מיך געוואָרנט, אַז איך מוז בייטן די וואוינונג, ווייל דאָ קומט קיינמאָל נישט צו די זון און זי העלפט צו דעם מלאך המות אומברענגען מיין ציפּקען. איך בין גע לאָפן זוכן אַ נייע דירה און איך האָב אפילו געפונען אַ באַדייטנד גרעסערע דירה צום פּראָנט מיט אַ באַלקאָן און די זון שיינט דאָרט אַ גאַנצן טאָג. אָבער איך האָב נישט געהאַט גענוג געלט זי צו דינגען און די מורא אַז איך זאָל נישט זיין דער שולדיקער אויב מיין פרוי וועט ווערן ערגער, האָט מיך געטריבן, אַז איך זאָל גיין צום דירעקטאָר בעטן אַ פאָרשוס.

גראַד האָב איך דעם דירעקטאָר גימפּל געטראָפן אין אַ שלעכטער שטימונג און ער האָט מיר אָן טענות ומענות אָפּגעזאָגט. איך האָב גע־פּרואווט אַפּעלירן צו זיין מענטשלעכקייט און אים דערציילט וועגן מיין גרויזאַמער לאַגע, נאָר ער איז געווען בייז און עס האָט גאָרנישט גע־האָלפן. די טרערן זיינען מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז און איך האָב מער נישט געקאָנט רײדן. אַ פאַרצווייפלטער בין איך אַרויס פון דירעק־טאָרס הויז. איך האָב נישט געוואוסט וואו איך זאָל גיין, וואו איך זאָל זיך קערן און ווענדן, און אַ צעבראָכענער האָב איך זיך אומגעקערט אהיים, צו מיין קראַנקער פרוי און קינדער. איך האָב אפילו נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן עסן פאַר מיין אומגליקלעכער פאַמיליע.

איך האָב זיך דעמאָלט אַזוי געראַנגלט מיט מיין פאַרצווייפלונג און מיט מיינע געדאַנקען וועגן זעלבסטמאָרד, אַז איך ווייס נאָך ביז היינט נישט, ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן.

איך האָב זיך געוואָלט באַפרייען פון דער פאַלשער און פאַרדאָרבענער וועלט און טאַקע נאָר דער רחמנות צו מיין קראַנקער פרוי און די פיצלעך קינדער, האָבן מיך אויפגעהאַלטן צום ווייטערדיקן ליידן און קעמפן און אַט, מיט אַזאַ אָנגעלאָדן האַרץ מיט פאַרצווייפלונג און יסורים און טאַקע מיט האַס צו דער גאַנצער וועלט, האָב איך באַדאַרפט גיין ווײלן דאָס ליבע פובליקום... האָט דען עמיץ פון דעם ליבן פובליקום דעמאָלט אפילו גע־קאָנט האָבן אַן אָנונג, אַז זייער ליבלינג־אַקטיאָר בנציון פאַלעפּאַדע, וועל־כער פאַרווײַלט זיי אַזוי פּרעכטיק און זיי באַשענקען אים מיט אַזויפיל אַפּלאָדיסמענטן, אַז אַט אַ דער אַקטיאָר דאַרף אַוועקגיין פון טעאַטער אַ צעבראָכענער, מורא האָבנדיק צו קומען אהיים, ווייל ווער ווייס וואָס זיין קראַנקע פרוי טוט איצט און צי איז איר נישט אין דער פינצטערער קבר־שטוב נאָך ערגער געוואָרן...

נאָך אַ שטיקל צייט, ווען איך האָב באַשלאָסן, אַז אָדער איך וועל באַ־וויזן צו באַקומען אַן אַנדער דירה, אָדער איך וועל אַ סוף מאַכן צו מיין טרויעריק לעבן, האָב איך זיך געשטאַרקט נאָך איינמאָל צו גיין צו דירעק־טאָר גימפּל און אים בעטן אַ פּאַרשוס.

די פרוי גימפּל איז געזעסן נעבן אים באַם טיש און דאַסמאָל איז ער געווען אין גוטער שטימונג. ער האָט מיך אויסגעהערט און הערנדיק וועגן מיין לאַגע, האָט זיך די דירעקטאָרשע גענומען ווישן די אויגן פון מיט־געפיל און דאָס האָט אַוודאי אויך געווירקט אַפן דירעקטאָר און ער האָט מיר געגעבן דעם פאַרלאַנגטן פּאַרשוס, איך זאָל קענען דינגען אַן אַנדער דירה.

משוגע פון פרייד, בין איך געלאָפן און געדונגען די דירה וואָס איז צום גליק נאָך געשטאַנען ליידיק און בין אַהיימגעלאָפן אָנזאָגן די בשורה, אַז נאָך היינט ציען מיר זיך אַריבער אין דער נייער זוניקער וואוינונג.

עס איז געווען אַ שיינער טרוקענער ווינטער־טאָג, די זון האָט גע־שיינט, אָבער נישט געוואַרימט, האָב איך מיין פרוי אָנגעטאָן אין וואַרימע קליידער, מיר זיינען אַריבער אין דער נייער וואוינונג און אַ פּאָר שעה שפּעטער, האָב איך ציפּקען ווידער גוט איינגעהילט און האָב זי אַרויסגע־פירט אַפן באַלקאָן און זי אַוועקגעזעצט קעגן דער זון.

אויך די קינדערלעך האָבן זיך אַרויסגעריסן אַפן באַלקאָן, אַזוי ווי די פייגעלעך האָבן זיי זיך געריסן צו דער פרייהייט און צו דער זון און זיי האָבן זיך אַפן באַלקאָן געשפּילט און ציפּקע האָט געקוקט ווי די קינדער שפּילן זיך אַזוי גליקלעך און טרערן האָבן אויפגעגלאַנצט אין אירע טיף־אַריינגעפאַלענע, אָבער דאָך גרויסע, שוואַרצע אויגן.

באַם דרויסן־ליכט, האָב איך ערשט בולטער געזען מיין גרויסן אומ־גליק, ווען איך האָב באַטראַכט מיין קראַנקע ציפּקע. גרויסע געלע פלעקן האָבן איר כסדר אַרויסגעשלאָגן אַפן אָפּגעצערטן פּנים און אונטער די אויגן, איז אײנגעאַנצן געווען עפּעס ווי אויסגעהוילט, נאָר בלויז די שוואַרצע גרויסע אויגן זיינען געבליבן און נאָר אין זיי, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט, אַז זי איז ערשט קוים איין און דרייסיק יאָר אַלט.

ציפּקע קוקט אַף מיר. זי קוקט און באַטראַכט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ און איך זע, אַז זי קעמפט מיט זיך, זי וויל מיר עפּעס זאָגן, נאָר זי ווייסט נישט צי זי ד אַ ר ף עס מיר זאָגן, אָבער ענדלעך באַשליסט זי און זי הויבט אָן מיט אַ ציטערדיק קול:

— דו ווייסט, בנציון?... דו ביזט נאָך אַ גאַנץ שיינער יונגערמאַן!... דו וועסט נאָך קענען חתונה האָבן און זיין גליקלעך...

די אָרימינקע; זי האָט געוואוסט, אַז זי שטאַרבט און זי האָט זיך שוין צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז אַזוי דאַרף זיין. אַף אַ ווײַלע האָט זי אַוועקגעדרייט אירע בליקן און איך האָב גוט געזען, אַז פון אירע טיפע שוואַרצע אויגן קייקלען זיך אַרוים צוויי גרויסע טרערן. זי האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל זען אַז זי וויינט... נאָר באַלד, ווי וועלנדיק דערפילן אַ באַשלוס וועלכן זי טאָר מער נישט אָפּלייגן, האָט זי ווידער אַף מיר אָנגעשטעלט אירע בליקן און זי האָט אַפּסניי אָנגעהויבן:

— בנציון... פאַר דיר וועט זיך אָנהויבן אַ ניי לעבן... וויל איך... דו זאָלסט נישט פאַרלאָזן אונדזערע קינדערלעך...

מער האָט זי נישט געקאָנט. טרערן האָבן איר אַ פלייץ געטון פון די אויגן און אַן אַ קול האָט זי געוויינט. וואָס האָב איך איר געזאָלט זאָגן? מיט וואָס האָב איך זי געקאָנט טרייסטן? דער טיפער רחמנות־געפיל האָט אַזוי פאַרצאַפּלט מיין האַרץ, אַז איך האָב נישט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט און איך האָב פשוט נישט געפונען קיין טרייסט־וואָרט פאַר מיין קראַנקער פרוי.

האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר, מיט מיין טאַשנטוך אָפּגעווישט די טרערן פון אירע אויגן און איך האָב שווייגנדיק גענומען גלעטן אירע האָר.

לאַנג זיינען מיר אַזוי ביידע געזעסן שווייגנדיק, יעדער פון אונדז פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע מחשבות, נאָר די אומשולדיקע שעפעלעך, זיי האָבן נישט געפילט די דראַמע וואָס שפּילט זיך אָפּ אַרום זיי, זיי האָבן זיך געשפּילט און געשטיפט איינס מיטן אַנדערן, אַזוי ווי די לעבנסלוסטיקע זומער־פייגעלעך אַנטקעגן דער וואַרימער זון...

:: :: ::

פונדעסטוועגן, בין איך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט מיין טעאַטער־אַרבעט און ווייטער געשפּילט מיט גרויסע דערפאָלגן און אידל גוטמאַן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט זוכן פאַרטלען, וויאַזוי מיר צו דערגיין די יאָר, אַז איך זאָל אַליין מוזן עוקר זיין פון טרופּע.

און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ווען איך בין שוין געווען אויס גאַסט, האָט אידל גוטמאַן ווידער באַקומען די לייצעס פון דער גאַנצער טרופּע אין זיינע הענט און זייענדיק רעזשיסאָר, האָט ער גענומען פאַרטיילן די ראָלן נישט ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף פאַרטיילן, (און פאַרשטאַנען האָט ער דווקא יאָ) נאָר ווי אים האָט געלוינט פאַר זיינע אַמביציעס.

אַפילו פון דער נאַרישסטער פּיעסע פון ביליקן רעפּערטואַר, האָט ער זיך גענומען די הויפּט-ראָל און ווייל די פּיעסע איז געווען אַ ביליקע און אַ נאַרישע, האָט ער זיך נישט אינטערעסירט מיט די איבעריקע ראָלן, נאָר פּשוט גענומען די קלענסטע ראָל און זי מיר דערלאַנגט.

אָפן פּאַפּיר, איז די ראָל באמת געווען די קלענסטע. בלויז צוויי זייט־לעך, וואָס מען גיט געוויינלעך אַ פירט-ראַנגיקן שוישפּילער. אין ערשטן אַקט, האָב איך איבערהויפּט נישט באַדאַרפט דערשיינען און אין צווייטן, בלויז מיט אַ דריי-פיר פראַזן; דערפאַר האָב איך אָבער אין דריטן אַקט אַ סצענע אַלס שיכור, וואו איך דערקען מיין זון (גוטמאַנען), וועלכער וויל מיר בשום אופן נישט מוחל זיין מיינע אַמאָליקע חטאים וואָס איך בין באַ־גאַנגען קעגן זיין מוטער און איך פאַל צו זיינע פיס און בעט זיך באַ אים רחמים, ביז איך הויך אויס מיין פאַרזינדיקטע נשמה און איך שטאַרב.

מיט דער שטאַרב-סצענע ענדיקט זיך טאַקע מיין ראָל און גוטמאַנען איז גאַרנישט איינגעפאַלן, אַז איך קאָן פון אָט דער קליינער ראָל עפּעס מאַכן און ער האָט באַלד באַדאַרפט קריצן מיט די ציין פאַר זיין גרויסן טעות.

אַגב, האָט זיך בעת דער סצענע געטראָפן אַ שטיקל מכשול, איך האָב גוטמאַנען פאַרשמירט מיט מיין גרים אַ פּאָר נייע ווייסע הויזן און ער האָט געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו קענען אויסשוימען זיין כעס קעגן מיר.

די געשיכטע איז געווען אַזוי:

גוטמאַן האָט געשפּילט אַלס מיין רייכער זון און ער האָט צו דער פּיע־סע באַנייט אַ ספּעציעל באַשטעלטן שיינעם ווייסן אַנצוג.

בעת אונדזער באַגעגעניש אין דריטן אַקט, שיט ער אַף זיין שיכורן פאָטער פעך און שוועבל און רעכנט אים אויס אַלע חטאים וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זיין אומגליקלעכער מאַמען און איך, אַלס שיכורער פאָ־טער, וואַרף זיך אים צו די פיס און באַמי זיך צו רירן זיין האַרץ, ער זאָל רחמנות האָבן אַף זיין אַלטן צעבראָכענעם טאַטן, וואָס איז שוין גענוג אָפּ־געקומען פאַר זיינע אַמאָליקע זינד און ליגנדיק אַזוי אַף דער ערד, נעם איך אים אַרום זיינע פיס און קוש אים און בעט באַ אים, ער זאָל מיר מוחל זיין.

געווען איז גראַד דעמאָלט אַ זייער הייסע זומער-נאַכט און דער זאַל איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן און שפּילנדיק מיין סצענע מיט האַרץ און געפיל, ווי איך וואָלט באמת געווען אַ שיכורער טאַטע, האָב איך זיך אין מיין עקסטאַז דערוואַרימט און דער גרים אַף מיין פּנים, האָט זיך פון דער היץ אָנגעהויבן אויפלייזן און קושנדיק גוטמאַנס פיס, האָב איך אים אומגערן פאַרשמירט מיט מיין גרים זיינע נייע ווייסע הויזן...

זעענדיק ווי שטאַרק איך האָב געשפּאַנט דעם עולם מיט מיין סצענע, האָט ער מיך געוואָלט אַרויסברענגען פון טאָן און באַם אָפּענעם פאַרהאַנג גיט ער מיר אַ זאָג: — זיי פאַרזיכטיק, הער אויף שמירן מיינע הויזן...

איך בין שוין אָבער נישט קיין היינטיקער באַם טעאַטער, הער איך אים ווי דעם פאַראַיעריקן שניי און איך גיי אָן מיט מיין שפּיל און איך פיל, אַז דער עולם איז מיט מיר און ווי נאָר איך שפּיל אָפּ מיין שטאַרב-סצענע און דער פאַרהאַנג פאַלט, ווערט אַזאַ דונער-אַפּלאָדיס אין סאַלאָן, און דער עולם פאַלט אַריין אין אַזאַ התפעלות, אַז ער הויבט אָן שרייען: — פאַלעפּאַדע! פאַלעפּאַדע! בראַוואָ, פאַלעפּאַדע!... און דער אַפּלאָדיס האַלט אָן אַרום פינף מינוט און מען מוז אומצייליקע מאָל אויפהויבן דעם פאַר-האַנג, איך זאָל זיך נייגן פאַרן עולם...

דער טעות, וואָס גוטמאַן האָט געמאַכט מיט געבן מיר די כלומרשט קליינע ראָל, האָט גוטמאַנען נאָך מער אַרויסגעבראַכט פון די כלים און נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן די פאַרפלעקטע הויזן און יעדן האָט ער געוויזן וואָס פאַר אַ גרויסן שאָדן איך האָב אים פאַראורזאַכט און אַז איך האָב אים דאָס באַוואוסטזיניק געטאָן און ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקט, ביז דער דירעקטאָר איז אָנגעקומען און ער האָט מיך אויך פאַר אים פאַרקלאָגט און דער דירעקטאָר, וועלנדיק באַרואיקן גוטמאַנען, קומט צו צו מיר און מאַכט מיר אַ פאָרוואורף, פאַר-וואָס איך האָב דאָס געטאָן.

איך האָב דעם דירעקטאָר אָנגעקוקט און אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר אין מאָמענט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז וואָס איך זאָל אים איצט נישט ענטפערן, וועט עס קומען צו אַ קאָנפליקט, אויף וועלכן גוטמאַן האָט אַזוי אַרויסגעקוקט און איך האָב זיך באַהערשט און דווקא געשוויגן.

ערשט ווען איך האָב זיך אָפּגערוט און אויסגרימירט און אָנגעטאָן זיך פאַרטיק צום אַוועקגיין, בין איך פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי גוטמאַנען און איך האָב אים שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגן און ער איז בלאַס געוואָרן. ער האָט געמיינט, אַז שוין ברעכט אויס דער סקאַנדאַל אויף וועלכן ער קוקט אַרויס און ער האָט זיך געגרייט צו אים.

איך האָב זיך אָבער באַהערשט און אָן אַ וואָרט אויסצורייידן, בין איך אַרויס פון גאַרדעראָב און זיך געלאָזן מיט אַ פול האַרץ, אויף מיין וועג אַהיים, צו מיין קראַנקער פרוי.

# זעקסאונצוואנציקסטער קאַפּיטל

דאָס אינגל מיט דער קרומער נאָז. — איציק דייטש ווערט מיין האַר־ציקער בוזעם־פריינט. — איך מוז ציפּקען אינטערנירן אין אַ שפּיטאָל. — „יאַקעש" פון „משה הייט" וויל נישט טאַנצן קיין סאָלאָ. — איך גיס אויס אָף גוטמאַנען מיין פאַרביטערט האַרץ. — נישטאָ מער די מאַמע פון מיינע דריי קליינע קינדערלעך... צוריקגייענדיק פון דער לויה, רעדט מען מיר אַ שידוך מיט אַ... פאַרהייראַטער פרוי.

ווי עס איז צו פאַרשטיין פון פאַריקן קאַפּיטל, איז די גימפּעל־טרופּע אויך געוואָרן די גוטמאַן־טרופּע. גוטמאַן האָט געוואוסט ווי אַזוי צו גע־ווינען דעם הונדערט פּראָצענטיקן צוטרוי פון נאַרישן שמייכלענדיקן די־רעקטאָר און זייענדיק דעם דירעקטאָרס ערשטע האַנט, האָבן אים די פּחדנותדיקע אַקטיאָרן פון טרופּע געשמייכלט נאָך מער ווי דעם דירעק־טאָר גופא.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז ווייסנדיק וועגן גוטמאַנס באַציאונג צו מיר, האָט מיך קיינער פון טרופּע נישט געוואַגט צו באַגריסן, ווען גוטמאַן האָט געזען... איך האָב די הערצער פון די אָרימע אַקטיאָרן גוט פאַרשטאַ־נען און זיי נאָר באַדויערט, פאַר זייער הכנעה.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערפון איז געווען, וואָס גוטמאַן אַליין, האָט מיך דווקא יאָ באַגריסט און ער האָט עס נאָך אפילו געמאַכט מיט אַן אומ־פאַרשעמטן שמייכל, און עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס איך מוז אים ענטפערן אָף זיין באַגריסונג.

:: :: ::

צווישן דער טרופּע האָט זיך געפונען איינער אַ אינגל, מיט אַ קרו־מער נאָז.

ער איז נישט געווען אין טרופּע אַלס אַקטיאָר, נאָר בלויז אַלס כאָ־ריסט. ער איז פון ערגיץ־וואו געקומען צוזאַמען מיט זיין ברודער דעם חזן קיין לעמבערג און ער איז געווען דעם ברודערס משורר און זוכנדיק פרנסה, איז דאָס אינגל אַריין אין גימפּלס טעאַטער אַלס כאָריסט.

עס איז מיר גאָרנישט שווער געווען צו דערקענען, אַז דאָס אינגל קומט פון רוסלאַנד. זיין אויסזען, זיין קליידונג און זיין לשון, האָבן געגעבן צו דערקענען, אַז ער שטאַמט פון אָרימען געסל אין רוסלאַנד און אַט דער ברייטהאַרציקער בחור, איז מיר באַלד נענטער געוואָרן צו מיין געמיט, ווי די אַלע גאַליציאַנער אַקטיאָרן, מיט זייער העפלעכן, אָבער זעלטן ווען — ערלעכן שמייכל.

דער בחור, איציק איז געווען זיין נאָמען, האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט און דווקא פונקט דעמאָלט, ווען אַלע האָבן זיך אוים מורא פאַר גוטמאַנען, פון מיר דערווייטערט. ער, דער איינציקער אין טרופּע, האָט באַוויזן, אַז ער ציטערט נישט אַזוי פאַרן שטיקל ברויט און ער וויל פאַר דעם שטיקל ברויט נישט פאַרקויפן זיין זעלבסטשטענדיקייט.

דער דירעקטאָר עמיל גימפּעל און דירעזשאָר דאַלי גימפּעל, האָבן פון איציען זייער געהאַלטן, כאָטש אַלע האָבן געחוזקט פון אים, פאַרוואָס ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן ד יי ט ש, בעת ער קאָן נישט קיין איין וואָרט דייטש, און אַפילו פון זיין אידיש ריידן, האָבן זיך אַלע געהאַלטן באַ די זייטן פון לאַכן.

דער בחור האָט אָבער געהאַט אַ גאָר באַזונדערע צוציאונגס־קראַפט און טראָץ זיין שקאַצעוואַטע זעלבסטשטענדיקייט, האָט דער דירעקטאָר געמאַכט אַן אויסנאַם און געגעבן דעם פּראָסטן כאָריסט אַ שאַנס, אויפצו־טרעטן אין אַ געזאַנגס־ראָל אַלס „דער פאַסטוך" און דאָס נישט שיינע בחורל מיט דער קרומער נאַז, האָט מיט זיין זעלטענער שטים און מיט זיין מתיקותדיקן זינגען, איבעראַשט דאָס לעמבערגער אידישע טעאַטער־פּובליקום.

נישט קוקנדיק, וואָס איציע דייטש איז געווען מיט גאַנצע אַכט יאָר יונגער פון מיר, האָט ער געוואונען מיין צוטרוי; דאָס אינגל האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט און מיר זיינען געוואָרן אויפריכטיקע און געטרייע פריינט.

אין מיין שווערן צושטאַנד, בעת איך האָב זיך כסדר געפינען באַם ראַנד פון פאַרצווייפלונג, האָט מיך איציע געטרייסט מיט קלוגע רייד, ער האָט מיר אויסגערעדט און באַרואיקט מיין שווער געמיט און כדי צו באַ־ווייזן זיין צוגעבונדנקייט צו מיר, האָט ער מיר אויך אָנפאַרטרויט זיינע אינטימסטע סודות און איבערלעבענישן און די אינטימיטעט, האָט אונדז נאָך מער צונויפגעבונדן און עס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ חילוק פון מיין געלט און זיין געלט, מיר האָבן געלעבט און געליטן און זיך געפרייט צוזאַמען, אַף וויפל מיר האָבן דעמאָלט אויך געהאַט פריידיקע מאָמענטן.

טראַכטנדיק וועגן אונדזער דעמאָלטיקער פריינטשאַפט, ווייזט מיר אוים, אַז נאָר לעגענדעס קענען דערציילן וועגן אַזאַ טיפן צוזאַמענבונד פון

צוויי חברים און איצט, איבערלעבנדיק נאכאמאל יענע צייט, פארקלעמט מיר פשוט דאס הארץ, וואס אויך אזא חברשאפט קאן זיך מיט דער צייט אויסלעשן... און איך דערמאן עס מיט טרערן וואס רייסן זיך מיר פון מיין אנגעפילט הארץ...

:: :: ::

מיין פרוים צושטאנד האט זיך כסדר פארערגערט. עס איז געווען א מוראדיקע זאך, אריינצוקומען אין דער איינציקער שטוב, אין וועלכער מיין ארימע פרוי איז געלעגן אין בעט און נעבן איר, אף דער ערד, האבן זיך געשפילט, געלאכט, אדער געוויינט, אונדזערע דריי פיצלעך קינדער.

ביז היינט ווייס איך נישט, ווי אזוי איך האב אין מיין דעמאלטיקן צושטאנד געקאנט שפילן א ראל אף דער בינע. איך פארשטיי נישט, פונוואנען עס האט זיך צו מיר גענומען דער כוח, צו פארגעסן כאטש אף א ווייל מיין טרויעריקע היים און זיך אריינדרינגען אין אן אנדער לעבן, אין לעבן פון דער ראל, וואס איך האב באדארפט אינטערפרעטירן.

און עס קאן זיין, אז איך האב טאקע גייסטיק געליטן און נישט באוויזן דאס אף דער בינע, וואס איך האב באדארפט און בא אנדערע אומשטענדן געקענט באוויזן.

קיינער האט נישט געוואוסט פון מיין גרויסער פארצווייפלונג, נאר איין איציע און ווען דער דאקטאר האט געזאגט, אז עס דראט א געפאר פאר די קינדער, אויב זיי בלייבן מיט דער מאמען צוזאמען אין איין שטוב, דעמאלט האט מיך איציע גענומען צוריידן, איך זאל ציפקען אינטערנירן אין שפיטאל און ער איז געלאפן און געזוכט פראטעקציעס און מיטן צייגעניש פון דאקטאר, אז זי טאר נישט בלייבן אין שטוב מיט די קינדער, האט מען זי אויפגענומען אין שפיטאל.

איך האב געדונגען אן עלטערע פרוי וואס זאל מיר אכטונג געבן אף די קינדער און יעדן טאג, ווען איך האב באדארפט גיין צו פראבע אדער צו דער פארשטעלונג, האב איך געמוזט וויינען, זעענדיק, ווי די דריי פיצלעך קינדערלעך, בלייבן פארבענקטע מיט דער אלטער פרוי, וואס דארף אף זיי אכטונג געבן.

דער פרילינג איז געקומען מיט זיין פראכט, די טעג זיינען אויפגעשטאנען שיינענדיקע און אפן פארלאנג פון מיין פרוי, האב איך די צוויי עלטערע קינדער מיטגענומען אין שפיטאל, די מאמע זאל זען, אז זיי זיינען געזונט.

מיט א שווערן און טיפן קרעכץ, האָט ציפּקע אויסגעדריקט איר מו־טערלעכן געפיל, ווען איך בין מיט די צוויי קינדערלעך צוגעקומען צו איר בעט און אין אירע שוין אויסגעלאָשענע אויגן, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איר גאַנצע טראַגעדיע צוזאַמען מיט איר אומהיילבאַרער קראַנקהייט...

אין דערזעלבער צייט פון מיין טיפער דערשיטערונג צוליב מיין פאַ־מיליערן אומגליק, האָב איך פונדעסטוועגן געמוזט דערפילן מיט מיינע פליכטן צום טעאַטער; איך האָבן יעדן טאָג געמוזט זיין בא די פּראָבן און יעדע נאַכט — שפּילן טעאַטער און פריילעך מאַכן דעם עולם און גלייכצייטיק — ליידן פון אידל גוטמאַנס הינטער־פּיסלעך און פון די אַלע הינטער־קוליסן פאַרביטערונגען.

מען האָט אַנאָנסירט משה ריכטערס קאָמעדיע — „משה חייט" (אָדער („דער שניידער אַלס געמיינדע ראַט"). אין דער פּיעסע, האָב איך שוין אין טשערנאָוויץ געהאַט געשפּילט די טיטל־ראָל און מיט גרויס דערפאָלג. דאָ האָט אידל גוטמאַן זיך גענומען די ראָל און מיר האָט ער דערלאַנגט צו שפּילן „יאָקעשן". אין מיין טיפער אַפּאַטיע, האָב איך אפילו נישט גע־פּרואווט זאָגן א וואָרט. איך האָב אָנגענומען די ראָל, זאָל זיין יאָקעש.

קיין פּראָבן האָט מען נישט געמאַכט, ווייל אַלע זיינען געווען איינגע־שפּילט און איך בין דערפון געווען זייער צופרידן, ווייל איך וועל האָבן מער צייט פאַר מיינע פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן.

עס איז געקומען די נאַכט פון דער פאָרשטעלונג און אין צווייטן אַקט, שטייענדיק שוין אַף דער בינע, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אין טשערנאָ־וויץ האָט זיך דער צווייטער אַקט געענדיקט מיט א קוואַרטעט, פון וועלכן יאָקעש איז געווען דער פירטער.

איך בין געווען זיכער, אַז דאָ ענדיקט זיך דער אַקט אויך אַזוי ווי אין טשערנאָוויץ און איך וועל אוודאי דאַרפן טאַנצן מיטן קוואַרטעט און מיר האָבן זיך אפילו גאַרנישט פאַרשטענדיקט וועגן דעם, און איך שטיי שוין מיט יסורים אַף דער בינע און איך האָב נישט קיין שום אַנדערע ברירה, ווי וואַרטן וואָס דאָ וועט זיין דער סוף.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז דאָ שפּילט מען די שלום־סצענע אַנ־דערש. דאָ טאַנצט נישט דער קוואַרטעט, נאָר יאָקעש אַליין דאַרף טאַנצנ־דיק פאַרענדיקן דעם אַקט.

האָב איך דאָך אָבער נישט געוואוסט דערפון, זינגט מען אָפּ און ווען דער טאַנץ מיינער דאַרף זיך אָנהויבן, שטיי איך אַלץ און וואַרט.

גוטמאַן דענערווירט זיך און זאָגט מיר צווישן די ציין: — פאַלעפּאַדע, טאַנצט!

— ווער זאָל טאַנצן? — פרעג איך.

— איר דערהרגעט די פאָרשטעלונג, זאָגט שוין גוטמאַן מיט אַ הע־כערן טאָן: — טאַנצט!

דאָס בלוט שיסט מיר אין פּנים אַריין און איך פאַרליר דעם קאָנטראָל איבער זיך און איך רוף אויס: — טאַנצט איר, איך בין נישט קיין טענצער...

— איר דאַרפט טאַנצן, — זאָגט ער מיר מיט אַ דראָענדיקן טאָן.

— האָט איר מיר באַדאַרפט זאָגן וועגן דעם פּ אַ ר דער פאָרשטע־לונג.

אַזוי האָבן מיר זיך געדינגען עטלעכע מינוט באַם אָפענעם פאָרהאַנג און דער סוף איז געווען, אַז דער אַקט האָט זיך געמוזט ענדיקן אָ ן אַ טאַנץ און דער פאָרהאַנג איז געפאַלן.

מיט דעם האָט זיך אָבער דער עפּיזאָד נאָך נישט געענדיקט, ווייל דער עולם האָט שוין געקענט די פּיעסע און מען האָט געוואוסט, אַז דער צווייטער אַקט דאַרף זיך ענדיקן מיט יאָקעשנס טאַנץ און דער עולם האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן און די גאַנצע שולד איז געפאַלן אויף מיר און אידל גוטמאַן האָט שוין געהאַט קעגן מיר אַ נייע ביטש...

באַלד נאָך דער סקאַנדאַליעזער פאָרשטעלונג, האָט גוטמאַן איבערגע־געבן דעם נאַרישעוואַטן דירעקטאָר, ווי אַזוי איך האָב אַרויסגערופן דעם סקאַנדאַל, ווייל איך האָב זיך אָפּגעזאָגט טאַנצן און דער דירעקטאָר איז שוין גרייט געווען מיר אָפּצוזאָגן פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט און איך האָב שוין געזען, אַז מיט שווייגן וועל איך איצט גאָרנישט אויפטאָן, האָב איך ענדלעך, צום ערשטן מאָל, געעפנט מיין מויל און אין קעגנוואַרט פון די־רעקטאָר, האָב איך אָנגעהויבן גוטמאַנען אַראָפּצורייסן די מאַסקע און אויפגעדעקט אַלע זיינע ביז־איצטיקע געמיינהייטן קעגן מיר און איך האָב אויך אויפגעקלערט דעם היינטיקן פאַל, מיט יאָקעשנס טאַנץ, וועגן וועלכן ער האָט מיר פאַר דער פאָרשטעלונג נישט געזאָגט קיין איין וואָרט און איך בין פּשוט נישט געווען צוגעגרייט.

איך בין שוין אַריין איז אַזאַ אַזאַרט פון אַראָפּריידן זיך פון האַרצן און אויסבטלען אַלע מיינע בייזע חלומות צו גוטמאַנס קאָפּ, אַז עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מי זיך צו באַהערשן און ענדלעך בין איך צוזאַמען מיט מיין חבר איציע דייטש, אַרויסגעגאַנגען פון גאַרדעראָב און איציע האָט מיך באַגלייט דעם גאַנצן וועג אַהיים, טרייסטנדיק מיך, אָבער איך האָב קיין טרייסט דעמאָלט נישט געפונען. אויף מיין גלעגער האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעטראַכט און איבערגעפילט אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר, מיין לעבן אינדערהיים, מיין קראַנקע פרוי, וואָס סאיז צו איר נישטאָ קיין רעטונג און מיינע דריי קליינע קינדערלעך און מיינע ליידן אין טעאַטער און די אַלע ליידן האָבן זיך צונויפגעפלאָנטערט אין איין טראַגישן פלאָנטער און

מיך געגומען דריקן אונטערן האַרץ און ערשט ווען איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט און נאָך גענומען דאָס קישן מיט מיינע טרערן, האָב איך זיך באַרואיקט און בין איינגעשלאָפן אין אַ מידן, מידן שלאָף...

קוים עטלעכע שעה אָפּגעשלאָפן, פיל איך, מען וועקט מיך.

איך שפרינג שנעל פון בעט, איך פאַרשטיי שוין וואָס עס מיינט. עס האַלט שלעכט מיט ציפּקען און מען רופט מיך אין שפּיטאָל.

איך קוק צו די שלאָפנדיקע קינדערלעך, ניין, זיי טאָר איך איצט נישט אויפברייסן פון שלאָף. איך לויף אַוועק אין שפּיטאָל, איך זע שוין מער נישט ציפּקען, נאָר אַ לעבעדיקן מת. אַפילו אירע אויגן, וואָס האָבן נאָך נעכטן אַזוי לעבעדיק זיך באַוואויגן, זיינען איצט אויסגעלאָשן. איך דערוויס זיך, אַז ציפּקע האָט באַקומען די גאַלאָפּירנדיקע שווינדזוכט און יעדע רגע קאָן קומען דער אומפאַרמיידלעכער טויט.

ציפּקע קוקט אַף מיר מיט אירע לעבלאָזע בליקן און זי באַמיט זיך אויסצודרייען דעם בליק און איך פאַרשטיי, אַז זי זוכט די קינדער און איך נעם זיך פאַרענטפערן, אַז זיי זיינען אַזוי גוט געשלאָפן, האָב איך זיי נישט געוואָגט אויפצואוועקן און אָט גיי איך אַהיים און קום באַלד צוריק מיט זיי.

איך בין אַרויס, שנעל אַהיימגעלאָפן, אָנגעטון די צוויי עלטערע קינ־דערלעך און באַלד צוריקגעקומען אין שפּיטאָל.

אַלץ צוזאַם האָט אפשר געדויערט אַ שעה, אָבער דורך דער שעה, איז ציפּקע אינגאַנצן פאַרענדערט געוואָרן. זי האָט אינגאַנצן געציטערט. איך האָב געזען, אַז זי וויל עפּעס ריידן, עפּעס זאָגן, נאָר עס האָט איר אין מויל געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן און עס האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסקומען. זי האָט אָנגעשפּיצט אירע בליקן אַף די קינדער, וועלכע האָבן אומשולדיק געקוקט אַף זייער אומגליקלעכער מאַמע און זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז זיי פאַרלירן זי... אַ ווײַלע האָט עס אויסגעזען, אַז דאָס לעבן שפּאַרט זיך צוריק אַריין אין ציפּקעס אויגן. זי האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און פּלוצלינג אויסגערופן: — נעם מיך אַהיים!

— יאָ, ציפּקע, איך וועל דיך באַלד אַהיימנעמען.

אַ קראַנקן־שוועסטער שטייט נעבן מיר און רוימט מיר איין אין אויער:

— וואָגט עס נישט, ווייל זי קאָן שטאַרבן אַפן וועג. און ציפּקע נאָכאַמאָל:

— בנציון, איך וויל אַהיים!...

איך האָב זיך געפילט שולדיק, וואָס איך קאָן איר לעצטן וואונטש נישט דערפילן און איך האָב נישט געהאַט גענוג מוט זי צו נאַרן, אָבער נאַרן האָב איך זי געמוזט: — יאָ, ציפּקע, אָט וועל איך דיך באַלד אַהיים־נעמען... דער דאָקטאָר דאַרף דיך בלויז פריער באַטראַכטן...

ציפּקע האָט ווייזט אויס געפילט, אַז איך נאַר זי. זי האָט געקוקט צו

די קינדערלעך און שטיל אויסגערופן: — מיינע ליבע אומגליקלעכע מלאַכימלעך... — און טרערן ווי פון צוויי קוואַלן, האָבן אָנגעהויבן פליִצן פון אירע איינגעפאַלענע און אויסגעלאָשענע אויגן.

די שפּיטאָל-מענטשן האָבן צו מיר געוואונקען און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אונדזער אַנוועזנהייט, ווירקט זייער שלעכט אַף דער קראַנקער און אַז עס איז בעסער, מיר זאָלן אַוועקגיין.

איך האָב גענומען מיינע צוויי קינדערלעך אַף די הענט, צוגעדריקט זיי צו מיין ברוסט און בין מיט זיי אַרויס פון שפּיטאָל. קומענדיק אַהיים, האָב איך די צוויי קינדער צוגעלייגט צום דריטן, געקוקט אַף אַלע דריי אומשולדיקע עופהלעך און זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט.

דער עלטערער זונדל מיינער, וועלכער איז שוין אַלט געווען פיר יאָר, האָט געפילט און עפּעס פאַרשטאַנען, אַז דאָ גייט אָן מיט אונדז אַ זייער טרויעריקע און שלעכטע זאַך און ער האָט זיך צו מיר צוגעטוליעט און געקוקט אַף מיר מיט פאַרוויינטע אייגעלעך און איך האָב אים גענומען אַף דער שויס און אין מיין פאַרצווייפלונג, זיך אָנגעהויבן מיט אים אַדורכשמועסן און איך האָב גערעדט מיט אים צערטלעכע רייד און איך האָב אים געגלעט און מיינע טרערן זיינען געפאַלן אַף זיין פּנים און ווי וועלנדיק מיך טרייסטן, האָט ער אָנגעהויבן שמייכלען און אַזוי, אַ שמייכלענדיקער, איז ער ענדלעך איינגעשלאָפן אַף מיינע הענט.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און איך האָב געמוזט איילן אין טעאַטער, אָפּשפּילן מיין ראָל. איך ווייס נישט מיט וואָס פאַרא כוחות, מיר דוכט זיך, אַז איך האָב מיינע אייגענע ווערטער נישט געהערט, נאָר געשפּילט ווי אין אַ היפּנאָטיזירטן צושטאַנד און ווי אין חלום האָב איך געהערט אַז מען אַפּלאַדירט און מען שרייט „בראַוואָ, פאַלעפּאַדע!” און ענדלעך בין איך אַ צעבראָכענער אַהיימגעקומען, געגלעט מיינע שלאָפנדיקע קינדערלעך און זיך קוים דערוואַרט ביז פאַרטאָג, ווען איך בין ווידער אַוועקגעלאָפן אין שפּיטאָל.

די קראַנקען-שוועסטער איז מיר אַנטקעגנגעקומען. מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז מיין פרוי ליגט שוין מער נישט דאָ...

מער האָט זי נישט באַדאַרפט זאָגן. איך האָב נישט געוויינט, נישט געשריגן, ווייל די פאַרצווייפלונג האָט מיר אַזוי פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אַז איך האָב קוים געקאָנט דעם אָטעם אָפּכאַפּן. איך האָב געוואָלט אויסשרייען כאָטש איין וואָרט, בלויז איין וואָרט: — ציפּקע! אָבער איך האָב אַפילו דאָס נישט געקענט און אַ צעבראָכענער בין איך אַוועק צוריק אַהיים, צו מיינע דריי יתומימלעך, איך האָב גענומען אַף מיינע הענט דאָס קלענסטע קינד וואָס איז קוים אַלט געווען אַכט חדשים און ערשט איצט,

האָב איך אָנגעהויבן קלאָגן. איך האָב אָנגעהויבן אַזוי יאָמערלעך צו וויי־נען און שרייען, אַז מיין גרעסערער פיר־יעריקער זונדל האָט זיך דער־שראָקן און איך האָב זיך געמוזט באַהערשן. איך האָב אויפגעהערט וויי־נען אויפן קול, אָבער די טרערן־קוואַלן זיינען געבליבן אָפן און די טרערן האָבן נישט אויפגעהערט פלייצן פון מיינע אויגן.

אינגאַנצן דערשטיקן מיין ווייטיק וואָס האָט געזוכט אַרויסצושרייען פון מיר, האָב איך נישט געקאָנט, האָב איך גענומען ברומען אַ ניגונדל פון אַ לידל, וואָס ציפּקע האָט ליב געהאַט דערמיט איינצושלעפערן די קינדער. די טרערן האָבן זיך געגאָסן און איך האָב געזונגען און מיין על־טער זונדל האָט זיך צו מיר צוגעטוליעט און שטיל געכליפּעט...

:: :: ::

די לויה איז געווען באַשטימט אַף צומאָרגנס אינדערפרי.

גאַנץ פרי איז שוין די גאַנצע טרופּע געשטאַנען נעבן שפּיטאָל, אויך דער דירעקטאָר און אידל גוטמאַן זיינען געווען, און עס זיינען אויך געווען עטלעכע באַקאַנטע, מענער און פרויען און ווען די פרויען האָבן געזען ווי איך פיר מיין עלטער זונדל באַם הענטל, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין, וועלכער האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם ארון..

צום הייליקן אָרט, איז מען דעם ארון נאָכגעגאַנגען צופוס. מיין חבר, איציע, איז געגאַנגען באַ מיין זייט און די גאַנצע טרופּע איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן ביז צום בית־עולם.

דער בית־עולם איז געווען באַדעקט מיט שניי. ממש גאַנצע בערגער שניי האָבן פאַרדעקט די קברים און בלויז די מצבות האָט מען אַרויסגע־זען און מיר זיינען אַזוי געקראָכן אין שניי ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דעם אָפענעם קבר, וואָס איז געלעגן צווישן צוויי בערגלעך שניי, גרייט צו פאַרשלונגען דעם קערפּער פון מיין אומגליקלעכער פרוי.

אַפן בית־עולם זיינען געווען בלויז מענער און אַ צוויי־דריי פרויען און די קבורה איז צוגעגאַנגען שנעל, כמעט אָן געוויין. ס'איז געווען שטיל און די שטילקייט איז ערשט איבערגעריסן געוואָרן, ווען אַ איד האָט גע־נומען זאָגן דעם „אל מלא רחמים" און דערנאָך האָט ער מיר געהייסן זאָגן קדיש.

שוין. מיט דעם האָט עס זיך פאַרענדיקט. דער קבר איז שוין געווען פאַרשאָטן, דאָרט איז געבליבן מיין טייערע ציפּקע, די מאַמע פון מיינע דריי קליינע קינדער. זי איז דאָרט געבליבן פאַרשאָטן מיטן אייביקן וויי־

טער און מיר זיינען מיט געבויגענע קעפּ געגאַנגען אַף צוריק, צום לעבן און צו ווייטערדיקע ליידן און פּיין.

ווען מיר זיינען שוין באַלד געווען אין צענטער פון שטאָט, רוקט זיך צו מיר צו אַן אַקטיאָרס אַ פרוי און זי הויבט אָן גיין אין מיין זייט טראָט באַ טראָט. צוערשט האָט זי אָנגעהויבן מיט אויסריידן מיר דעם ווייטיק און באַלד איז זי אַריבער אַף אַ שמועס, אַז איך זאָל זיך נישט איילן מיט אַ שידוך טאָן, ווייל איר שוועגערן סימפּאַטיזירט מיט מיר...

מיט מיינע נאָך־פאַרטרערטע אויגן האָב איך זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט; עפּעס האָט זיך מיר נישט געקאָנט גלויבן, אַז איך האָב עס טאַקע געהערט און ווי פאַרשטייענדיק מיין פאַרוואונדערונג, האָט זי זיך באַלד אָנגעהויבן פאַרענטפערן, אַז דאָ איז אַזוי דער מנהג, אַז גייענדיק פון בית־עולם, זאָל מען דעם אלמן באַלד ריידן אַ שידוך.

די אָנצוהערענישן פון דער פרוי וועגן איר שוועגערן, האָט מיך פשוט געעקלט און איך האָב זיך אָפּגעקערט פון איר און צוגערוקט זיך צו איציע דייטש, ער האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און ענדלעך בין איך אַהיים־געקומען אין מיין ווימטער היים, מיין אינגעלע האָט זיך גענומען שפּילן מיט די קלענערע ברידערלעך און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אַף אַן אומגעלייגט בענקל, אויסגעטאָן די שיך און געבליבן זיצן שבעה.

ערשט עטלעכע שעה שפּעטער, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז די שוועגערן וועגן וועלכער די אַקטריסע האָט גערעדט, האָט גאָר אַ מאַן, אַ שיכור און דער פאַרשלאַג האָט מיך פאַרוואונדערט און נאָך מער געעקלט.



# זיבנאונצוואנציקסטער קאפּיטל

מיין „שידוך" האָט זיך שוין גענט מיט איר מאַן. — די גרושה ווייזט אַרויס „געטריישאַפט" צו מיינע קינדער. — דער „יעקב נאַרדין פּאַריין" אין לעמבערג. — איך פיר דורך אַ רעוואָלוציע און איך לייד אַ דורכפאַל. — גוטמאַן גיט מיר נישט קיין ראָל און איך גיי אַרום ליידיק. — איך האָב התונה מיט אַן אַקטריסע. — איך פאַרלאָז גימפּלס טעאַטער. — מיר שפּילן אַפן לאַשקאָוויצער יריד.

דער דירעקטאָר גימפּל האָט מיר געגעבן אורלויב אַף גאַנצע אַכט טעג, איך זאָל קענען אָפּזיצן „שבעה". די אַכט טעג זיינען פאַר מיר געווען אַ גרויסע אָפּקומעניש, איבערהויפּט זיינען מיר געווען שווער די שעהן, ווען איך האָב באַדאַרפט זיין מיט זיך אַליין.

מיין חבר איציע פלעגט מיך יעדן טאָג באַזוכן און ער איז קיינמאָל נישט געקומען מיט ליידיקע הענט און מערסטנס האָט ער אויך מיטגע־בראַכט אַביסל משקה און דאָס האָט איבערגעריסן מיין שווערע שטימונג. יעדן טאָג האָט איציע מיט מיר פאַרבראַכט עטלעכע שעה און ווי לאַנג ער איז געווען מיט מיר, האָב איך אַביסל פאַרגעסן אָן מיינע צרות.

נאָך אַ ווייזט האָב איך געהאַט יעדן טאָג. דאָס איז געווען דיזעלבע אַקטריסע, וואָס האָט מיר צוריקגייענדיק פון בית־עולם געמאַכט דעם אויסטערלישן פאַרשלאָג וועגן איר שוועגערן. אַפן פערטן טאָג פון מיין שבעה־זיצן, האָט זי מיר געבראַכט די „פריילעכע" ידיעה, אַז די שוועגערן האָט שוין מיט מזל געשלאָגן כּפּרות מיט איר מאַן דעם שיכור, אַז זי האָט שוין באַקומען אַ גט פון אים און זי איז פריי און אַז מען דאַרף נישט פאַרציען אין דער לאַנגער באַנק, זי דאַרף בלויז לויטן דין, צוואָוואַרטן דריי חדשים און מען קאָן שטעלן אַ חופּה...

זי, פון איר זייט, איז שוין געווען פאַרטיק. באַלד צומאָרגנס, איז זי שוין געקומען צוזאַמען מיט דער שוועגערן, די פריש־געבאַקענע גרושה, די גרושה האָט מיטגעבראַכט שפּילצייג פאַר מיינע יתומימלעך און זי האָט זיך געשפּילט מיט זיי און זיי אַרויסגעוויזן זייער פיל געטריישאַפט און אַ

טאָג שפּעטער איז שוין די גרושה אַליין געקומען און ווידער מיט שפּיל־צייג און ווידער האָט זי זיך געשפּילט מיט מיינע יתומימלעך און מיר איז געווען אַזוי אַנגעזאָלצן אַף מיין געמיט, אַז איך האָב גאָרנישט געוואוסט ווי אַזוי צו האַנדלען, איך האָב נאָר געפילט, אַז די גאַנצע גוטסקייט פון דער גרושה איז אַ געקינצלטע און מיך האָט געעקלט איר אַנוועזנהייט. און דאָך האָב איך נישט געהאַט געגוג מוט, איר צו ווייזן די טיר.

ענדלעך זיינען די שבעה־טעג אַריבער און איציע האָט מיך אַרויסגע־נומען אַף דער פרייער וועלט. ער האָט מיך געפירט דאָ און דאָרט און גע־זוכט פאַר מיר צעשטרייאונג, אָבער איך האָב אינערגיץ נישט געפונען קיין רו, אויסער באַ די פּראָבן און שפּעטער, דאָס שפּילן טעאַטער, וואָס האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אַן מיין גרויסער פּיין.

קומענדיק שוין אין באַרירונג מיט דער גאַס און מיט מענטשן, האָב איך שנעל אָפּגעטשעפּעט פון זיך די גרושה, אָבער לעמבערג איז פול געווען מיט שדכנים און שדכנטעס און זיי האָבן נישט געקענט פאַרליידן, אַז אַ יונגער מענטש זאָל זיך דאָרט אַרומדרייען אָן אַ ווייב און זיי האָבן מיר יעדן טאָג געבראַכט נייע שדוכים, און וויפל איך האָב זיי געוויזן דעם וועג, האָבן זיי מיך אַלץ נישט אָפּגעטראָטן און עס האָט געדויערט געגוג לאַנג, ביז זיי האָבן ענדלעך איינגעזען, אַז זייער אַרבעט איז אומזיסט און זיי האָבן מיך אויפגעהערט צו באַלעסטיקן.

איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן פריי און זיך איינגאַנצן ווידמען פאַר דער בינע.

:: :: ::

אין לעמבערג האָט זיך שוין דעמאָלט געפינען אַן אַקטיאָרן־פאַריין, אונטערן נאָמען: „יעקב גאָרדין־פאַריין״.

ביז היינט ווייס איך נישט, וואָס דער פאַריין איז אייגנטלעך אויסן גע־ווען, ווייל פון קיין פּראָפעסיאָנאַליזם, האָט ער נישט געוואוסט; פון אונ־טערשטיצן אַקטיאָרן אין זייער נויט, האָט ער אויך נישט געהאַלטן און סתם אַ קלוב פאַר אַקטיאָרן, זיי זאָלן זיך האָבן וואו צונויפצוקומען, איז ער אויך נישט געווען, ווייל דער „פאַריין״ איז כמעט כסדר געשטאַנען אַ פאַרשלאָסענער און מען האָט גלאַט געצאָלט דירה־געלט פאַרן לאָקאַל.

מען האָט מיך אויך אַריינגעשלעפּט אין דער פאַרוואַלטונג, אָבער מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שטאָך אַרבעט. איינמאָל איז אַפילו יאָ פאָרגעקומען אַ שטיקל סכסוך צווישן אַן אַקטיאָר מיט אַ דירעקטאָר, ווייל דער אַקטיאָר האָט איבערגעלאָזן דעם פּראָווינץ־דירעקטאָר אין סאַמע ברען

פון אקטואציע און איז אן א שום מאטיוו, אוועק קיין לעמבערג אין גימפלס טעאטער.

האט זיך דאך דעמאלט, הייסט עס, געהאנדלט וועגן ארויסנעמען צוריק דעם אקטיאר פון גימפלס טעאטער און אים הייסן צוריקגיין צו זיין פראווינץ־טרופע און ווער פון דער פארוואלטונג פון יעקב גארדין־פאריין, וועט דאס וואגן ארויסצונעמען אן אקטיאר פון גימפלס טעאטער? נו, האט דער פאריין געכשרט די האנדלונג פון אקטיאר און ער איז געבליבן בא גימפלען.

א צוויי דריי זיינען מיר געווען אין פארוואלטונג, וואס מיר האבן געשטימט קעגן דעם פסק־דין, אבער גוטמאן איז געווען פרעזידענט און די איבעריקע — פון גימפלס טעאטער, האבן געשטימט ווי דער פרעזידענט האט געוואלט און זעענדיק, אז אזא פאריין האט קיין שום ווערט נישט, האבן מיר זיך, די דריי פארוואלטונגס־מיטגלידער אפגעשמועסט, אז מען דארף מאכן א רעוואלוציע אין פאריין און אראפווארפן די איינזייטיקע פארוואלטונגס־מיטגלידער.

מיר האבן אויסגעארבעט א פלאן, ווי אזוי דעם פאריין אויפצוהויבן אף א געוויסער הויך פון וויכטיקע צילן און אויפגאבן און מיט דעם אויסגעארבעטן פלאן, האבן מיר אנגעהויבן אונדזער אגיטאציע און עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר גייען צום ציל, אז מיר באקומען כסדר נייע אנהענגער און מיר זיינען שוין זיכער געווען, אז אונדזער רעוואלוציע וועט זיך איינגעבן.

פאר די וואלן, בין איך ארוים מיט אן אפענער אגיטאציע קעגן אידל גוטמאן, אבער אף דער פארזאמלונג, האב איך באלד געזען, אז איך רעד צו מתים. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די אקטיארן האבן מורא געהאט פאר גוטמאנס תקיפות; זיי האבן טאקע געוואלט א בעסערן פאריין, אבער איינרייסן זיך מיט אידלען, האבן זיי נישט געוואגט און ווידער איז אידל אויסגעוויילט געווארן אלס פרעזידענט און אלץ איז געבליבן באם אלטן.

ערשט איצט, האט אידל מיר אויך דערקלערט אן אפענעם קריג. פארבייגייענדיק פאר מיר, האט ער א זאג געטאן: — איך וועל דיר פאר אלץ באצאלן!... — און ער האט זיך באמיט צו האלטן ווארט...

אפן זומער, זיינען מיר אריבער פון סאלאן אף צו שפילן אינדרויסן, אין זומער־טעאטער, וואס האט זיך געפינען נעבן דעם סאלאן, אף א גרויסן פרייען פלאץ.

עס האבן אנגעהויבן קומען סטארן און סטארעלעך פון אלע עקן וועלט. זיי האבן דערשפירט, אז דא באקומען מען ברוטא־פראצענטן פאר גאסט־אויפטריטן און זיי האבן זיך געיאוועט און דערוויל איז געווען ארבעט און

איך האָב געהאַט אויסצוהאַלטן מיינע בידנע יתומימלעך און אויך צאָלן דער פרוי וואָס האָט באַדינט די שטוב.

יעדן צווייטן אָדער דריטן טאָג האָט מען אויפגעפירט אַ נייע פּיעסע, איך בין געווען פאַרנומען מיט פראַבן און גוטמאַן איז געווען גימפּלס באַ־פולמעכטיקטער, אַז ער זאָל צוזאַמען מיט די גאַסטראָליאָרן פאַרטיילן די ראָלן.

נו, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געהאַט אַ גוטע און זיכערע מעגלעכ־קייט זיך נוקם צו זיין אָן מיר און ער האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט דאָס צו טאָן.

אַ סך מאָל, אין שווערע מאָמענטן, איז מיר געקומען אַפן זינען, אַז איך דאַרף שטיין לאָזן גימפּלס טעאַטער מיט זיין הויפּט־בעל־יועץ אידל גוטמאַן און לאָזן זיך וואו די אויגן וועלן מיך טראָגן, אָבער איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיינע דריי קליינע יתומימלעך און איך האָב אַ טראַכט גע־טאָן: — וואו וועל איך זיך מיט זיי אַרומשלעפּן? נו, האָב איך געמוזט בויגן דעם קאָפּ און ליידן און שווייגן...

ווען די גאַסטראָלן האָבן זיך געענדיקט און אידל איז שוין געוואָרן דער אַליין־הערשער אויף דער בינע, האָט ער זיך נאָך מער גענומען מיר דערגיין די יאָרן.

ער האָט פּשוט אויפגעהערט מיר געבן אַ ראָל. ער האָט גוט פאַרשטאַ־נען און געפילט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס פאַר אַן אַקטיאָר, ווען ער דאַרף זיך אַרומדרייען ליידיק און קוקן ווי אַנדערע שפּילן און ער האָט געמאַכט, אַז איך זאָל זיך וואָכן און חדשים אַרומדרייען ליידיק, אַז איך זאָל זיך אָנ־הויבן פילן ווי אַן איבעריקע זאַך, וואָס קיינער דאַרף נישט און קיינער וויל מיך נישט האָבן און איך עס גלאַט אומזיסט ברויט...

דער דירעקטאָר פלעגט יעדן שבת בעת דער פאַרשטעלונג, דעם פּער־זאָנאַל אויסצאָלן די גאַזשע.

די אויסצאָלונג איז חלילה נישט פאָרגעקומען אין אַ ביורא, אָדער אין דער קאַסע, נאָר אין גאַרדעראָב. אַלע האָבן באַדאַרפט זיין אין גאַרדעראָב און ער האָט יעדן צוגערופן און געהייסן האַלטן די זשמעניע אין וועלכער ער האָט אַריינגעשטופּט די גאַזשע.

אין מיין שווערן געמיט־צושטאַנד, האָב איך זיך אָנגעהויבן אויסבאַ־האַלטן און מען האָט יעדעס מאָל באַדאַרפט אויסרופן מיין נאָמען ביז איך בין צוגעקומען און ווען דער דירעקטאָר האָט מיר איינמאָל געמאַכט אַ פאָרוואורף, פאַרוואָס איך לאָז אים אַזויפיל מאָל רופן מיין נאָמען און פאַרוואָס איך שטיי נישט גרייט מיט דער זשמעניע אַזוי ווי אַלע, האָב איך אים מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן געענטפערט: — איך מיין, הער דירעקטאָר, אַז מיר קומט גאָרנישט צו באַצאָלן...

— וואס הייסט, עס קומט נישט?

— נו יא, הער דירעקטאר, איך שפיל דאך נישט!...

דער דירעקטאר האט מיך שארף אנגעקוקט, געטראכט א ווײלע און ענדלעך מיך געהייסן אונטערשטעלן די זשמעניע און מיר אריינגעלייגט די גאזשע.

אזוי האבן זיך געצויגן וואכן און חדשים און איך האב זיך צוגעוואוינט צו דער לאגע, ארומצוגיין פוסט־און־פאס און יעדן שבת אויסשטעלן די זשמעניע און דאס אלץ, ווייל איך האב נישט געטארט פארגעסן אן מיינע דריי קליינע יתומימלעך, וועלכע איך דארף און מוז פארזארגן, און איך מוז צוליב זיי בלייבן אין לעמבערג און לאזן זיך טרעטן מיט די פיס פון אידל גוטמאן. עס האט אויסגעזען, אז מיין אומגליק וועט שוין אזוי אייביק געדויערן און מיין לעבן וועט אייביק אזוי איינשטיין אין די הענט פון דעם בעל־נוקם־ונוטר אידל גוטמאן...

:: :: ::

צווישן די אלע וואס האבן זיך צו מיר אין משך פון דער צייט גע־שדכנט, איז אויך געווען די יונגע פרימאדאנע ה א נ י ז ו ס מ א ן.

געוויינלעך, ווי שוין דערמאנט, האב איך די אלע שדוכים אפגעווארפן און אפילו נישט אין אכט גענומען; אבער מיט ה א נ י איז געווען אביסל אנדערש. זי האט זיך מיר נישט דערקלערט אין קיין ליבע, נאר זי האט מיר געמאכט א פראקטישן פארשלאג, אז אזוי ווי זי זעט און פילט מיינע ליידן דא און זי ווייס, אז איך מוז דא אזוי אויסהאלטן צוליב מיינע יתומימלעך, דעריבער לייגט זי מיר פאר איר האנט און זי פארזי־כערט מיר, אז זי וועט זיין א געטרייע מאמע צו מיינע קינדער און זי וועט מיר אויך זיין א געטרייע לעבנסבאגלייטערן און ביידע צוזאמען, קענען מיר שוין מאכן א לעבן, וואו מיר זאלן זיך נישט געפינען.

האני האט מיט אירע ווערטער געטראפן אין פינטל. מיינע ליידן זיי־נען געווען אזוי טיף און אן א שום אויסזיכט, אז איך האב אין האנים פאר־שלאג געזען א ישועה, אן אויסלייזונג פון דער פיין. זי איז געווען א גוטע אקטריסע און זי האט געזאגט דעם אמת, אז מיר צוזאמען, קענען איבע־ראל, וואו מיר זאלן זיך נישט געפינען, מאכן א לעבן.

דאס איינציקע וואס האט מיך נאך אביסל אפגעהאלטן, איז געווען די פראגע, צי וועט זי טאקע אפ זיך וועלן טראגן דעם עול צו זיין א מאמע פון פרעמדע קינדער, אבער זי האט מיר מיט רירנדע ווערטער פארזיכערט, אז זי וועט זיי באהאנדלען ווי זיי וואלטן געווען אירע אייגענע און אזוי האב איך ערשט מסכים געווען.

איציע דייטש האָט מיך אויך צוגערעדט צו דעם שידוך און גאַנץ שנעל, האָט זי אַראָפּגעבראַכט איר מוטער קיין לעמבערג און עס איז גע־פּראַוועט געוואָרן אונזער חתונה.

בליץ־שנעל האָט זיך צווישן די אַקטיאָרן פון שטאָט און פּראָווינץ פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן אונזער פאַראייניקונג און מיר האָבן שוין אָנ־געהויבן באַקומען פאַרשלאָגן פון טרופּעס און כדי וואָס שנעלער זיך צו באַפרייען פון גימפּל־גוטמאַנס ממשלה, האָב איך באַדאַי אָפּגעמאַכט מיט אַ שוואַכער טרופּע פון נישט אַנגעזעענע אַרטיסטישע כוחות, אַבי צו קע־נען אַרויס פון לעמבערג.

אהרן דרוקער איז שוין איצט געווען דירעקטאָר פון אַ פּראָווינץ־טרו־פּע. ער האָט געהאַט אַ זייער שוואַכע טרופּע און ער האָט זיך שטאַרק באַמיט אונדז צו באַקומען און מיט אים האָבן מיר דאָס אָפּגעמאַכט צו פאָרן שפּילן טעאַטער אַפן לאַשקאָוויצער יריד.

לאַשקאָוויץ איז געווען אַ שטעטל, וואו עס האָט זיך געשטעלט אַ גרוי־סער יאָר־יריד, צו וועלכן עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פאַרשידענע סוחרים פון נאָענט און ווייט, אַף צו פאַרקויפן סחורות און אַף צו קויפן תבואות, בהמות און פערד פאַרן עקספּאָרט און אין דער צייט פון יריד, האָט דאָרט געשוויבלט און געגריבלט פון מענטשן און עס האָט זיך געפונען אַן אונ־טערנעמער, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ גרויסע הילצערנע געביידע מיט אַ בינע און בענק און אַזוי האָט מען אַפן יריד געשפּילט אידיש טעאַטער.

איך האָב זיך אויך דערוואוסט, אַז מאַנכע נעכט, שפּילט מען אין לאַש־קאָוויץ אַפילו צוויי מאָל און די צווייטע פאָרשטעלונג הויבט זיך ערשט אָן צוויי אַזייגער באַנאַכט און עס מאַכט זיך, אַז צו דער צווייטער פאָר־שטעלונג זיינען פאַראַן מער מענטשן ווי צו דער ערשטער, ווייל אַזוי ווי די צוויי האָטעלן און די פּריוואַטע דירות זיינען שוין פול־געפּאַקט מיט אָנגעפאָרענע סוחרים, האָבן אַ סך נישט וואו זיך אַהינצוטאָן און וואו צו שלאָפן, קומען זיי אין טעאַטער צו דער צווייטער פאָרשטעלונג און עס מאַכט זיך, אַז שוין באַם ערשטן אַקט פון דער צווייטער פאָרשטעלונג, ווערן מאַנכע פון די געסט אַנשלאָפן און ווען עס ענדיקט זיך די פאָרשטע־לונג, כראָפּעט דאָס גאַנצע פּובליקום און די אַקטיאָרן גנבענען זיך אַרויס פון טעאַטער אַף די שפּיץ נעגל, כדי נישט אויפצוּוועקן די מידע סוחרים פון זייער ביסעלע שלאָף...

צו פאָרן פון אַ לעגיטימען טעאַטער ווי גימפּלס אין לעמבערג אין אַזאַ לאַשקאָוויצער יריד־טעאַטער, איז נישט געווען פון די גאָר אַנלאָקנדע מצי־אות, אָבער אין מיין לאַגע, האָב איך עס אָנגענומען ווי אַ גליק און איך בין געקומען צום דירעקטאָר גימפּל און אים דערקלערט, אַז איך פאַרלאָז זיין טעאַטער. ווען דער דירעקטאָר האָט אַף מיר געקוקט פאַרוואונדערט, האָב

איך צוגעגעבן: — איך בין דאָך דאָ אַלצאַיינס נישט נויטיק, איך שפּיל דאָך אַלצאַיינס נישט און איך באַטרעט נישט די בינע...

— וואָס אַרט עס אייך? — זאָגט מיר דער דירעקטאָר — אַבי איך צאָל אייך און איך פאַרשטיי נישט, וואָס איז אייך שלעכט בײַ מיר?...

גיי, דערציייל דעם שמייכלענדיקן דירעקטאָר, וואָס דאָס הייסט אַזוינס פאַר אַן אַקטיאָר, ווען ער דאַרף זיך אַרומדרייען ווי אַן איבעריקע זאַך, אין אַ טרופּע, וואו ער פילט, אַז ער האָט אַזויפיל צו טאָן...

— איר זייט זייער ליבנסווירדיק, זאָג איך דעם דירעקטאָר, נאָר בײַ מיין בעסטן ווילן, קאָן איך נישט נעמען בײַ אייך קיין געלט, ווען איך פיל, אַז איך נעם עס אומזיסט.

איך בין אַוועק צו דער נייער טרופּע פון אַהרן דרוקער.

געטראָפן האָב איך דאָרט נישט קיין טרופּע, נאָר אַ כאַאָס. אַ גרופּע מענטשן וואָס האָבן זיך אָנגערופן אַקטיאָרן און עס איז ממש נישטאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש און מיר, איך און האני, מיר האָבן שוין איינגעזען, אַז מיר זיינען דאָ צוגעצויגן געוואָרן ווי סטאַרן, און כאָטש מען האָט אונדז אָפּגעגעבן כבוד טאַקע ווי סטאַרן, האָבן מיר זיך מיט דער גרופּע גאָרנישט פויגלדיק געפילט.

מיר זיינען פונדעסטוועגן אַרויסגעפאָרן קיין לאַשקאָוויץ און מיר האָבן געשפּילט, טאַקע אַזוי, אַף אַזאַ אופן, ווי שוין פריער דערמאָנט. מיר האָבן געשפּילט אַזוי ווי די באַדינגונגען מיט דער טרופּע, האָבן אונדז דער־לויבט און נאָך עטלעכע טעג, יאַוועט זיך צו אונדז דער דירעקטאָר האַרט, מיטן קאָמיקער וועטשטיין און דיריזשאָר בראַצלאַווסקי, זיי דערקלערן מיר, אַז זיי זיינען ספּעציעל געקומען מיך אַנגאַזשירן.

איך האָב זיי פאַרבעטן צו אונזער פאָרשטעלונג און זעענדיק אונדז שפּילן און הערנדיק האניס שטים, האָבן זיי נאָך מער זיך באַמיט אונדז צו באַקומען און מיר האָבן ענדלעך אָפּגעמאַכט, אַז אַזוי ווי איך וועל פאַרענ־דיקן מיינע גאַסט־שפּילן מיט דער טרופּע אין לאַשקאָוויץ, דאַרפן מיר קו־מען צו האַרטן, אין זיין טרופּע.

דאָס קומען ספּעציעל נאָך אונדז קיין לאַשקאָוויץ, האָט אונדז זייער געשמייכלט. נאָך מער, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז האַרט האָט אַלעמאָל אַ פיין־געקליבענע טרופּע פון ערשטקלאַסיקע שוישפּילער און אַז האַרט האָט אַ ספּעציעלע באַציאונג און ער באַמיט זיך פון צייט צו צייט אויפ־צופירן פיעסן פון בעסערן רעפּערטואַר.

מיר האָבן שוין געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז אונדזער אַקטואַציע אַף דעם לאַשקאָוויצער יריד זאָל זיך ענדיקן, כדי מיר זאָלן אָנהויבן מיט נייעם מוט, שפּילן בעסער טעאַטער.

## אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אונטער דירעקטאָר האַרט. — רעפּעראַטוז קענען שונד־ליטעראַטור. — אסיפ דימאָוו „שמע ישראל”. — טשידזשעשצי. אַ זבאַר פון דרייסיק רייניש. — איך לאָז מיין פאַמיליע און פאָר זוכן „גליקן”. — אַ „גרענואַר” וואָס קען גאַרנישט און פאָדערט אַלץ. — צוריק אין האַרטס טרופּע. — די „קעניגע” און „פּרינצן” פאַלן דורך.

דער דירעקטאָר האַרט, האָט געהאַט אַן אָנגעצייכנטע ליניע פאַר זיין אַרבעט און אויך, אַ פּלאַן־מעסיקן רעפּערטואַר. אַקטואירט האָט האַרטס טרופּע אין די גרעסערע שטעט, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן באַציאונג צום אידישן טעאַטער און דער רעפּערטואַר אין דורכשניט, איז באַשטאַנען פון אָפּערעטעס און טיילווייז אויך גאָרדינס פּיעסן, און פון צייט צו צייט, אויך אַ פּיעסע פון אַזויגערופענעם ליטעראַרישן רעפּערטואַר.

די שבתים און זונטיקס, ווען עס קומט געוויינלעך אַ געמישט פּובליקום אין טעאַטער, האָט מען געשפּילט די אָפּערעטעס און מיט גאָרדינס אַ פּיעסע, אָדער מיט אַן אַנדער ליטעראַרישע פּיעסע, האָט מען ריזיקירט אין די וואָכן־טעג.

אין דער טרופּע האָבן זיך באַטייליקט אַקטיאָרן פון פאַרשידענעם כאַראַקטער און פון פאַרשידענע קינסטלערישע שטופעס און אַמביציעס. געווען אַ טייל, וואָס האָבן נאָר געהאַלטן פון דער אָפּערעטע און געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געשטרעבט צו קינסטלערישער דערגרייכונג און זיי האָבן געוואָלט, אַז מען זאָל שפּילן בעסערן רעפּערטואַר.

איך, כאָטש איך האָב אין דער אָפּערעטע געהאַט מער צו טאָן און האָני אָוודאי, פונדעסטוועגן, האָב איך זיך באַלד צוגעטוליעט צו די קאַלעגן, וואָס האָבן געשטרעבט צו דעם בעסערן און איך האָב גרויס הנאה געהאַט, ווען איך האָב געזען, אַז אויך דער דירעקטאָר האַרט, האָט פיינט די מאַכערייקעס און ער שטרעבט אויך צום בעסערן טעאַטער.

דירעקטאָר האַרט איז געווען דער סופליאָר פון טרופּע און אויך דער רעזשיסאָר. ווען איך בין אַריין צו אים אין טרופּע, האָט ער זיך באַ רעזשי־

ענינים, באַהאַטן מיט מיר און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן אויפ־פירן אַ בעסערע פּיעסע, האָבן אונדזערע אָפּערעטן־קאָלעגן געחוזקט פון אונדז און אונדז אָנגערופן מיט איראָניע — ליטעראַטוטניקעס...

פון פּובליקום, איז די מאַיאָריטעט געווען גלייכגילטיק, זי האָט זיך נישט געמישט, נאָר ווען מען האָט געשפּילט אַ פּיעסע וואָס האָט אַפּעלירט צו די ברייטע מאַסן, זיינען זיי געקומען און אַ קליינער טייל פון עולם איז בלויז געווען, וואָס האָט געשטרעבט צו זען אַ בעסערן רעפּערטואַר און פון דעם טייל, האָבן זיך אָפּטמאָל אויסגעטיילט איניציאַטאָרן, וואָס זיינען געקומען צו אונדז און אָפּגעקויפט אַ ספּעציעלע פאָרשטעלונג פון בעסערן רעפּערטואַר און דעמאָלט האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט זיך צו דער־הויבן צו עפּעס העכערס.

איך ווייס נישט אַף וויפל דאָס שטימט מיט דעם אמת, נאָר געהערט האָב איך דעמאָלט, אַז עס האָבן זיך פאַראייניקט אַ גרויסע צאָל עסטריי־כיש־אידישע סטודענטן פון דער הויך־שול, מיט דער לאָזונג, אָפּצוקויפן אַלע שונד־ראָמאַנען און שונד־פּיעסן פון די בוכהאַנדלונגען און דורכפירן איבער זיי אַ טויט־אורטייל דורך פאַרברענען עפנטלעך און דערמיט באַ־פרייען דאָס פאָלק, פון דער געפאַר פאַרטעמפּט צו ווערן פון דער דאָזיקער „ליטעראַטור און קונסט..."

איך האָב דעמאָלט געהערט וועגן דורכגעפירטע רעפעראַטן פון סטו־דענטן אַף דער טעמע: — ווי אַזוי פאַרהיט מען דעם דורכשניט־מענטש פון דער שונדישער סם־ליטעראַטור וואָס פאַרטעמפּט אים דעם מוח, — און איך האָב אויך געהערט, אַז אין טייל שטעט האָבן אידישע סטודענטן טאַ־קע דורכגעפירט עפנטלעכע פאַרברענונגען פון אַזעלכע שונד־ביכער, וועל־כע זיי האָבן אָנערקענט פאַר שעדלעך.

עס קאָן זיין, אַז ווען דער וועלט־קריג וואָלט נישט פּונקט אין יענער צייט אויסגעבראָכן, וואָלט דער וויכטיקער קאַמף ווייטער געווען אָנגע־גאַנגען און אפשר געבראַכט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן און די „דעזינפעקציע אין דער אידישער ליטעראַטור" ווי זיי האָבן עס אָנגערופן, וואָלט זיך גע־ווען איינגעגעבן, נאָר דער קריג איז אויסגעבראָכן און וויכטיקערע פראַגן זיינען אַרויפגעשוואומען אַפן טאָג־אָרדענונג און פון דעמלסטיקן אידעאַלן קאַמף פון דער אינטעליגענטער אידישער יוגנט, איז קיין זכר נישט גע־בליבן. לויט די גרוסן וואָס איך האָב פון יענע געגנטן באַקומען, האָט מען נאָך דער מלחמה זיך דאָרט ווידער געבאָדן אין שונד און נאָך מער ווי פאַר דער מלחמה...

אַ גרופּע פון דער דערמאָנטער קעמפנדער יוגנט, האָט אויסגעווירקט, אַז מיר זאָלן אויפירן די דעמאָלט־באַרימטע פּיעסע „שמע ישראל" פון אָסיפּ

רימאַוו און הארט האָט אונדז געבראַכט די דאַזיקע פּיעסע, ער האָט זי פאַר אונדז פאַרגעלייענט, בעסער געזאָגט — רעציטירט מיט הארץ און געפיל און מיר אַלע האָבן זיך צוגעהערט מיט הייליקן ציטער און אַפילו מאנכע פון אונדזערע אַפּערעטניקעס, האָבן זיך בײַ געוויסע שטעלן באַדאַרפט אויסווישן די טרערן פון די אויגן.

צו דער פּרעמיערע איז געקומען אַ געקליבענער עולם וואָס האָט אונדז זייער אויסגעלויבט פאַר אונדזער אויפירן אַזאַ פיינע פּיעסע און ווער שמועסט איך, איך בין געווען גליקלעך. איך האָב דאָך עפּעס געשפּילט די הויפּט־ראָל, דעם לײַדנדיקן פילאָזאָף אַהרן שיפער און איך האָב אַזוי גע־ווירקט מיט מײַן שפּילן, אַז נישט נאָר וואָס דער עולם האָט מיך אַוואַ־ציאָנירט, נאָר אַפילו די אַקטיאָרן, האָבן זיך צעקושט מיט מיר און זייערע אויגן האָבן געלויכטן מיט הייליקע פייערלעך.

לײַדער איז צו דער צווייטער פאָרשטעלונג געקומען אַזאַ קליינער עולם, אַז עס איז נישט מער געווען ווי זעכציק קראָנען אײַנאַמע און וועט־שטיין, וועלכער איז געווען אַ זייער האַרציקער חבר, נאָר ער איז געווען פון די אַפּערעטניקעס — האָט זיך גענומען וויצלען אָף אונדזער חשבון און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז ווען מיר האָבן געשפּילט אַ בעסערע פּיעסע און עס זײַנען געקומען ווייניק מענטשן, האָב איך געמעגט האַלטן אינדער־מיט פון אַן ערנסטער סצענע, האָט וועטשטיין אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אָף דער בינע און אויסגערופן צו מיר: — „טשידזשעשצי!" (דרייסיק), דאָס הייסט, אַז די פּיעסע האָט געבראַכט אַ סבאַר קוים פון דרייסיק ראַניש, אָדער זעכציק קראָנען...

וועטשטיין האָט עס געמאַכט אַלס וויץ, אָבער מיך האָט ער נישט ווײ־ניק געשטאָכן, ווײַל איך האָבן געזען, אַז מײַן מי, אונדזער אַרײַנגעבן נשמה און די ריינסטע כוונות צו שפּילן בעסער טעאַטער, מוז האָבן אַ דורכפאַל, אויב מיר האָבן נישט קיין גענוגנדיקן פּובליקום דערפאַר און דער סוף איז טאַקע געווען, אַז מיר האָבן געמוזט פאַרפאַקן דעם בעסערן רעפּערטואַר און די אַפּערעטניקעס האָבן געזיגט. כדי צו קענען לעבן און אויפהאַלטן דאָס טעאַטער, האָבן מיר זיך געמוזט נעמען צום שונד־רעפּערטואַר.

אַ לענגערע צייט זײַנען מיר אַזוי אַרומגעפאָרן מיט הארטס טרופּע איבער פאַרשידענע שטעט אין גאַליציע, ביז עס איז אויסגעבראָכן אַ אינ־צידענט צווישן אונדז און מיר זײַנען אַרויס פון טרופּע און באַלד אוועק־געפאָרן.

הארט האָט באַצײַטנס אָפּגעמאַכט מיט אַדאָלף מעלצער און זײַן פרוי פּ אַ נ י ב ר י, (זיי זײַנען דעמאָלט געווען די אָנגעזעענסטע אַרטיסטן אין גאַליציע) און איך, נישט האָבנדיק אָפן פּלאַץ קיין אויסזיכט, האָב איך

איבערגעלאָזן מיין פֿאַמיליע אין טאַרנאָפּאָל און בין אַרויסגעפֿאָרן זוכן אַ נייע געלעגנהייט פֿאַר אַקטואַציע.

פֿאָרנדיק מיט דער באַן קיין סטאַניסלאַוו, האָב איך פֿאַרבייפֿאָרנדיק פֿאַרביי אַ סטאַציע, דערזען אַ שווידערלעך בילד.

די באַן האָט זיך דעמאָלט געטראָגן מיט פֿולער שנעלקייט איבער פֿעלדער און דערפֿער. עס איז געווען אַ פֿרישער זומערדיקער פֿרימאָרגן און זיצנדיק באַם פֿענצטערל, האָב איך געזען ווי עס שווינדן הינטער מיר די טעלעגראַפֿן־סלופּעס, ברייטע שטרעקעס פֿעלדער דרייען זיך אויס הינטער מיר און פֿאַרשוואונדן און פּונקט אַזוי פֿאַרשווינדן די דערפֿער וואָס קומען אונדז אַנטקעגן און דרייען זיך אַרום דעם פֿענצטערל ביז זיי פֿאַרלירן זיך ערגיץ פֿון הינטן.

דער באַן האָט אַ פֿייף געטאָן. מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו אַ סטאַציע, אָבער דער צוג האָט זיך ביי דער סטאַציע נישט אָפּגעשטעלט, און פֿאַרבייפֿאָרנדיק, האָב איך דערזען שטיין אַ טרופּע אַקטיאָרן אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און איך האָב דערקענט, אַז דאָס זיינען דיזעלבע אַקטיאָרן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט אונטער אַהרן דרוקערס דירעקציע.

אויפֿן מאָמענט איז דאָס טרויעריקע בילד פֿאַר מיר אויסגעוואַקסן ווי אַ געשפּענסט פֿון ציפּקוסנס צייטן און אַ טיפֿער רחמנות האָט מיך אַרומגענומען צו זיי.

איינער פֿון דער דאָזיקער טרופּע איז געווען מיט אַ קלינגענדיקן נאָמען: — יאָשע שטערנגאָלד, אַ הויכער מאַן מיט אַ פּראָסטן אויסזען און מיט לאַנגע האָר, און זיין אויסזען האָט גיכער דערמאָנט אָן עפּעס אַ קאָמעדיאַנשטשיק; נעבן אים איז געשטאַנען זיין פֿרוי, קרוע־בלוע, מיט אַ קינד אויף דער האַנט און אַלע איבעריקע, מיט די פּעקלעך אין די הענט און מיט פֿאַרצווייפֿלונג אין זייערע בליקן, דאָס האָבן זיי זיך אוודאי אַזוי געשלעפּט פֿון שטעטל צו שטעטל און פֿון דאָרף צו דאָרף, אַזוי ווי איך געדענק עס פֿון די אַלטע טרויעריקע צייטן פֿון מיין אָנהויב אין רוסלאַנד.

איינער פֿון דער טרופּע האָט מיך דערקענט און אויסגעשריגן: — פֿאַלעפּאַדע! אויפֿן מאָמענט האָט עס מיר אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן און איך האָב מיט דער האַנט געגעבן אַ צייכן, אַז איך וועל פֿון דער ערשטער סטאַציע צוריקקומען צו זיי, זיי זאָלן וואַרטן אויף מיר און שוין איז דאָס גאַנצע בילד פֿאַרשוואונדן פֿון מיינע אויגן.

איך האָב שוין אויף דעם ווייטערדיקן וועג נישט געהאַט קיין מנוחה. דאָס געזעענע בילד האָט מיך פֿאַרפֿאָלגט און איך האָב געדאַנקט גאָט, ווען דער צוג האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט און איך בין אַראָפּ און צום גליק האָב איך באַלד געהאַט אַ באַן אויף צוריק און ווי דערפֿרייט די אָרימע טרופּע האָט זיך דאָס, ווען זיי האָבן מיך דערזען נעבן זיך!

מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי מיר איבערגעגעבן וועגן זייער לאַגע און: — נאָר גאָט האָט אייך אַהערגעשיקט, איר זאָלט זיין אונדזער משיח...

מיר האָבן צוגעזאָגט אַף דעם צווייטן צוג וואָס גייט קיין סטאַניסלאַוו און איך האָב זיי אַלע מיטגענומען, און אין סטאַניסלאַוו האָב איך די גאַנצע טרופּע איינגעקוואַרטירט אין אַ אידישן האָטעל און איך האָב זיך בלויז מיט זיי אויסגענומען, אַז זיי זאָלן זיך וואָס ווייניקער אַרומדרייען אין שטאָט, ווייל צו גוט האָט מען זיי דאָרט געקענט און עס וואָלט זיך זיכער שלעכט אָפּגערופן אַפן געשעפט.

זיי האָבן דאָס אַליין אַנערקענט און זיך אונטערגעוואָרפן מיינע פאַר־אָרדענונגען. זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז אַף די פּלאַקאַטן טאָר מען נישט דערמאָנען זייערע נעמען, און איך האָב בלויז אַנאָנסירט די נעמען פון מיר און מיין פרוי.

געשפּילט האָבן מיר צוויי גאָרדין־פּיעסן, אין טעאַטער „מאָניושקי". „כאַשע די יתומה" און „קרייצער־סאָנאַטע".

דער טעאַטער איז צו ביידע פאָרשטעלונגען געווען פול געפּאַקט און איך האָב זיך געפרייט מיט מיין גרויסן דערפאָלג, כאָטש עס האָט מיך גע־קאָסט גענוג מי, ביז איך האָב די פאָרשטעלונג צוגעגרייט און ביז איך האָב די מענטשן אויסגעלערנט נאָכזאָגן די גאָרדינישע פראַזע...

איך דערמאָן עס מיט ווייטיק, ווי דער אַקטיאָר וואָס האָט געשפּילט גרעגואָר, האָט דערהרגעט די ראָל, און דווקא ער, האָט פאַראורזאַכט, אַז איך זאָל מיט דער אומגליקלעכער טרופּע מוזן איבערייסן די אַרבעט.

דערזעלבער „גרעגואָר", וועלכער האָט נישט געהאַט קיין אַנונג ווי זיך צו האַלטן אַף דער בינע און ווען עטי דערשיסט אים, האָט ער זיך נישט אָפּגערוקט פון דער דעקאָראַציע, נעבן וועלכער ער איז געשטאַנען, נאָר ער האָט זיך אַנשטאָט פאַלן אַ טויטער, זיך אַוועקגעזעצט און געהאַט אַ זיצנדיקן טויט... אָבער דערנאָך, האָט ער דווקא געשטעלט פּרעטענזיעס ווי אַ גאָר גרויסער און געבראַכט דעם ריס צווישן מיר און דער טרופּע.

איך האָב געוואוסט, אַז מאָראַליש קאָן איך מיט דער טרופּע קיין סך נישט דערגרייכן, אָבער איך בין דאָ פּשוט אויסן געווען דער טרופּע אַרויס־צוהעלפן פון דער שווערער לאַגע און דערביי דערוויל אויך עפּעס פאַרדי־נען און אַז גאָט האָט געהאָלפן, מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ מאַטעריעלן זיג, האָט זיך יעדער פון טרופּע גענומען איינריידן, אַז דאָס האָט מען אים צו פאַרדאַנקען און אַמערסטנס האָט זיך דער גרעגואָר געגרויסט און ווען עס איז געקומען צום טיילן זיך מיט די פאַרדינסטן, דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן.

דאָס טיילן זיך מיט די פאַרדינסטן, איז אַלעמאָל צווישן אַקטיאָרן אַ שווערער פּראָבלעם. יעדער אַקטיאָר רעדט זיך געוויינלעך איין אַז ע ר

איז עס דער וואָס א י ם קומט און אַן אַ מחלוקה גייט עס קיינמאָל נישט דורך. דאָ איז אָבער דער ווייטיק געווען אַ גרעסערער, ווייל אַט, ערשט נאָר־וואָס, האָט מען זיי אַרויסגעשלעפּט פון בלאָטע, זיי האָבן מיך אויפגענומען ווי אַ משיח, אָבער ווען עס איז געקומען צום איינטיילן זיך מיט די פּאַרדינסטן, האָבן זיי מיך נישט דערקענט און אַמערסטנס האָט גרוגואַר געשריגן און געפּאָדערט, כאָטש גיב אים אַוועק דאָס גאַנצע...

מיין פרוי האָט באַמערקט, אַז עס גייט אַריין אין די גדולות, האָט זי מיך אַוועקגערופן און מיך באַרואיקט און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיי אַפילו אַוועקגעבן דאָס גאַנצע, אַבי פאַרענדיקן מיט דער חברה און פּטור אַן עסק.

האַנים שטעלונג צו דעם ענין, האָט מיך היבשלעך פאַרוואונדערט. וואָס הייסט, אַוועקגעבן דאָס גאַנצע? אַזוי רייך זיינען מיר? דאַרפן מיר דען נישט דעם פאַרדינסט פונקט אַזוי ווי די אַלע דאָ? אָבער האַני האָט מיר איינגערוימט דעם סוד, אַז איידער זי איז אַהערגעפאָרן אַף מיין רוף, האָט דער דירעקטאָר האַרט זי אָפּגעזוכט און איר דערציילט, אַז מעלצער האָט זיך מיט אים צעפּאַטשט און איז אַוועק פון אים און זי האָט אָפּגעמאַכט, אַז ווי נאָר מיר ענדיקן די פאָרשטעלונגען אין סטאַניסלאַוו, קומען מיר צוריק אין זיין טרופּע.

האַרט האָט געוואָלט זיין זיכער אַז מיר וועלן טאַקע קומען, האָט ער גענומען באַ מיין פרוי אַלס משכן איר גאָלדן זייגערל...

האָבנדיק שוין אַן אַנדער אַרבעטס־פּלאַץ, בין איך שוין געוואָרן רואיקער און איך האָב אָנגעהויבן גאַנץ אַנדערש האַנדלען מיט „גרעגוואַרן" און זיינע חברים. איך האָב פּשוט געפרעגט באַ יעדן פון זיי וויפל ער פאַדערט און וויפל מען האָט געזאָגט, אַזוויפיל האָב איך געגעבן און ווען דאָס טיילן איז געווען פאַרענדיקט, האָב איך זיי געזאָגט אַ זיי געזונט און וויפל זיי האָבן זיך באַ מיר נישט געבעטן און וויפל זיי האָבן זיך נישט געזוכט צו אַנטשולדיקן פאַר מיר, איך האָב זיך אָפּגעזעגנט און בין אַוועק.

מיר זיינען געפאָרן צוריק, אין טרופּע פון דירעקטאָר האַרט.

:: :: ::

אין האַרטס טרופּע, האָבן מיר געטראָפן אַ גאַנצע איבערקערעניש. כמעט די גאַנצע טרופּע איז באַשטאַנען פון נייע מענטשן. דאָרט האָבן מיר געטראָפן שילינגען מיט זיין פרוי; די שושפּילערן עטינגער מיט איר מאַן; מיין חבר איציע דייטש מיט זיין פרוי און אַנדערע. די טרופּע איז געווען געאייניקט אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, אַ חוץ איך און מיין פרוי און נאָך

עטלעכע, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַקומען אַ פעסטן געהאַלט אַלס גאַזשע.

די טרופּע איז אַרומגעפאָרן ווי געוויינלעך, לויט דירעקטאָר הארטס אויסגעאַרבעטן פּלאַן. דער דירעקטאָר הארט האָט געמאַכט אַ גרויסן פּלאַקאַט מיט קלישעען. שילינג איז געווען אַנאָנסירט אַלס דער קעניג פון די קאָמיקערס און די עטינגער אַלס קעניגן און איציע דייטש — אַלס פּרינץ פון די זינגערס און מיר אַלע זיינען געווען די פּראָסטע סאָלדאַטן.

די קעניגע און די פּרינצן האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אַף דער וועלט איינעמען שטעט און מדינות, נאָר די שטעט האָבן זיך נישט געלאָזן איינעמען און די געשעפטן זיינען געווען שלעכטע און עס האָט נישט געהאָלפן די שרייענדיקע רעקלאַמע און ווי פאַרדריסלעך עס זאָל נישט זיין, האָט דער אמתער הומאָרפולער קינסטלער שילינג, נישט געקאָנט באַם פּרימיטיוון טעאַטער־באַזוכער פאַרטרעטן דאָס פּלאַץ פון וועטשטיינען און בשום אופן, האָט דער עולם נישט געקאָנט פאַרגעסן ליאָרקע גליקסמאַן און ווי פאַרדריסלעך עס זאָל נישט האָבן געווען, זיינען אַלץ די געשעפטן געגאַנגען ערגער און ערגער און דער דעפיציט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ביז הארט האָט צונויפגערופן זיינע „סאָלדאַטן" און זיי דערקלערט, אַז ער קאָן מער קיין גאַזשע נישט צאָלן, נאָר ווער עס וויל, קאָן בלייבן אין טרופּע אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, און וועמען עס געפעלט נישט, קאָן זיך באַטראַכטן אַלס פריי.

עטלעכע פון אונדז האָבן געשוויגן. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן. איך און פרענקעל, מיר האָבן זיך איבערגעשמועסט און מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אַבסאָלוט נישט קיין יושר, וואָס באַ גוטע געשעפטן, האָבן אונדז די אויבערשטע פון שטויסל געצאָלט גאַזשע און זיי האָבן צוגענומען די איבעריקע גרויסע פאַרדינסטן און באַ שלעכטע געשעפטן, ווילן זיי מיר זאָלן ליידן מיט זיי גלייך אַף גלייך...

פרענקל איז געווען אַ וואוילער בחור און ער האָט מיר צוגעזאָגט צו גיין מיט מיר און אַזוי ווי הארט האָט אונדז געגעבן 14 טעג אַף צו באַטראַכטן זיך, האָבן מיר דערווייל אינדערשטיל געפּרואווט אָרגאַניזירן די איבעריקע פון טרופּע, עס האָט זיך אונדז אָבער נישט איינגעגעבן, די מענטשעלעך האָבן מורא געהאַט איינצורייסן מיט הארטן און זיי זיינען געבליבן, און איך, האַני און פרענקל, עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו פאַראייניקן זיך מיט די וויינבערגס און זייער טרופּע און מיר זיינען אַוועק פון הארטן מיט זיינע דורכגעפאַלענע קעניגע און פּרינצן...

# נײַנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מיט משה און הערמאַן װײַנבערג. — צער גידול בנים. — אַקסלראָד אָראַנזשירט אונדז. — די גאַסטראָלן פון װאַקסמאַן, פײַנמאַן און זיל־בערט. — אַ מעשה מיט אַ „קלמן־משה". — דער גרויסער מאַשקאָוויטש שפּילט נישט אין טשערנאָוויץ. — איך שליס אַ שותפות מיט שנעקן. — איך װער אַלײן דירעקטאָר.

די דירעקטאָרן זײַנען געװען משה און הערמאַן װײַנבערג. זײ זײַנען בײדע געװען מער געשעפטסלײַט װי שױשפּילער. פאַר זײ איז טעאַטער נישט געװען קונסט, נאָר אַ מיטל פאַר פּרנסה. זײערע פרויען זײַנען געװען אַ מאַטעריאַל נאָר פאַר פּראָװינץ־טעאַטער און פּעפּי װײַנבערג, כאָטש אַ זײער גוטע און ליבע, האַרציקע חברטע, האָט זי אָבער װעגן קונסט נישט געװוּסט, זי האָט נאָר געװוּסט, אַז טעאַטער איז אַ האַרעװאַניע, װאָס מען קאָן פון איר פאַרדינען אַמאָל מער און אַמאָל װײניקער...

דאָס זײַנען געװען מענטשן, װעלכע האָבן נישט געהאַט קײן „הויכע חלומות" פון קינסטלערישער אײביקײט, נאָר טעאַטער איז בײַ זײ געװען פּונקט װי יעדע אַנדערע מלאכה, װאָס װער עס קען זי בעסער, דער פאַר־דינט בעסער.

דערװײַל האָט אָנגערוקט אַ שװערער װינטער און מיר האָבן זיך גע־כאַפּט, אַז מײַן עלטסטער זונדל װערט שוין זעקס יאָר און מען דאַרף אים אַרײַנגעבן אין אַ שול, האָבן מיר באַשלאָסן אַהײמצונעמען דאָס קלענערע קינד װאָס איז שוין דרײַ יאָר אַלט געװען און מיר האָבן עס געהאַט אי־בערגעלאָזט אויף פּענסיאָן בײַ אַ פאַמיליע און מיר האָבן דעם עלטערן אַרײַנ־געגעבן אויף פּענסיאָן צו אַ אידישער פאַמיליע אין יאַראָסלאַװ און דאָרט האָבן מיר אים אויך אײַנגעשריבן אין שולע.

עס רעדט זיך אַזוי, אַז מיר „האָבן אַהײמגענומען דאָס קלענערע קינד..." װאו האָבן מיר דען געהאַט אַ הײם? מיר האָבן די צװײ יונגערע קינדער געמוזט מיטשלעפּן מיט זיך איבער די שװערע פאַרשנײטע װעגן פון אײן שטאָט אין דער צװײטער. צוליב די צװײ קלײנע קינדער, האָבן

זיך אָנגעהויבן פאַרשידענע קאָנפליקטלעך און מיספאַרשטענדענישן צווישן מיר און האַנין און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז איך האָב באַדאַרפט הערן פון האַנין, אַז זי האַרעוועט כדי אויסצוהאַלטן פרעמדע קינדער...

דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן פילן דעם גרויסן אמת וועגן דער טרויעריקייט פאַר די יתומים, וואָס דאַרפן לעבן אונטער אויפזיכט פון שטיפמאַמעס און איך האָב שוין נישט געקאָנט פאַרלאָזן זיך אַף האַנין, נאָר אַליין געמוזט אָנהויבן זיין פאַר די קינדער אַ מאַמע און אַ טאַטע צוזאַמען.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, אָבער מיר זיינען אים איבערגע־קומען און ענדלעך זיך דערוואַרט אַף אַ שיינעם זוניקן פרילינג און ווי נאָר די ערשטע זונענשטראַלן האָבן אונדז אָנגעהויבן וואַרימען, זיינען אויך אָנ־געקומען טעלעגראַמעס פון טשערנאָוויץ, פון אַקסלראַדן, אַז ער עפנט באַלד דעם זומער־טעאַטער און ער דאַרף אונדז האָבן און די טעלעגראַמעס האָבן אונדז אויך געוואַרימט און מיר האָבן אויפגעלעבט מיט נייע האָפענונגען פאַר אַ שענער און בעסער לעבן.

מיר האָבן געפאָדערט ביי אַקסלראַדן, ער זאָל אונדז שיקן געלט און דעמזעלבן טאָג האָבן מיר דאָס געפאָדערטע געלט באַקומען. מיר האָבן זיך אָבער באַרעכנט, אַז דאָס באַקומענע געלט איז צו ווייניק, אַז מיר זאָלן זיך קענען איינקויפן וואָס מיר דאַרפן און אַף הוצאות, האָבן מיר ווידער טעלעגראַפירט און דעמזעלבן טאָג איז געקומען נאָך געלט. די דרינגלעכ־קייט פון אַקסלראַדס אַרויספאָדערונג, האָט אונדז געשמייכלט און מיר האָבן זיך געפילט געגרויסט און אָט זיינען מיר דערהויבענע, אַריינגעפאָרן קיין טשערנאָוויץ.

געטראָפן האָבן מיר שוין אין אַקסלראַדס טרופּע — יצחק דייטש, וועל־כער איז פון אַקסלראַדן אָנגאַזשירט געוואָרן אַלס גרויסנגס־ליבהאָבער; דאָרט האָט זיך שוין אויך געפונען זיגלער מיט זיין פרוי ראָזאַ זיג־לער און לאַהלע וויינטרויב, די דראַמאַטישע שוישפּילערן און דעם קאָמי־קער מאַקס שטערנג.

דאַסמאָל האָט זיך עפּעס דער סעזאָן אין טשערנאָוויץ אָנגעהויבן אין אַ שלימזלדיקן טאָג און ער האָט זיך געשלעפּט מאָנאָטאָן און אָן חשק איז מען געגאַנגען צו די פּראָבן פון די נאַרישע מאַכערייקעס וואָס מען האָט זיך געגרייט אויפצופירן און אָן אַ חשק האָט מען געשפּילט און נאָך ווייי־ניקער חשק האָט דער עולם געהאַט צו קומען אין טעאַטער...

אַזוי האָט עס זיך געצויגן, ביז עס האָבן אָנגעהויבן קומען די אויס־לענדישע סטאַרן.

מיט דעם „ערשטן מנין" האָט „געדאַווענט" דוד וואַקסמאַן. ער האָט דער ערשטער געבראַכט די „ווייסע שקלאַפן" און מיט דער פּיעסע האָט

ער אביסל אויפגעלעבט אונדזער טעאטער. דער צווייטער גאסט איז גע־וועז — דיינע פיינמאן, וועלכע האט אביסל אפגעפרישט דעם אינטערעס פון אונדזערע פרעטענציעזערע שוישפילער. דיינע פיינמאן איז אויפגע־טראטן אין איר קרעאציע אלס „כאסיע די יתומה" (איך האב געשפילט די פאראנטווארטלעכע כאראקטער־ראל אלס מאטיע שטרייכל). די פיינמאנס גאסטראלן זיינען געווען זייער דערפאלגרייך.

דער דריטער פון די גאסטראליארן איז געווען יעקב זילבערט. זיי זיינען כמעט אלע געקומען צוזאמען און געוואוינט אין דער ריי, אז איינער זאל אויפטרעטן נאכן אנדערן. בעת מיר האבן געשפילט „כאסיע די יתומה", איז דער הויכגעוויקסיקער יעקב זילבערט געזעסן אין גארטן און צוגעקוקט זיך צו דער פארשטעלונג און מיר האבן זיך באמיט אויסצונעמען און געווינען זיין אנערקענונג.

יעקב זילבערט האט אלס דעבוט־פיעסע געשטעלט זיין „אידישן קע־ניג ליר". אקסלראד האט פאר אים אויסגעשטעלט דעם פערסאנאל און מיר האט ער איינגעטיילט די ראל אלס „חריף" און איך ווייס נישט וואס מיט מיר איז דעמאלט געשען, עס האט מיר אפגענומען דער חשק צו שפילן די ראל און איך האב זיך בא די פראבן אויסגעבראכן די ציין און בשום אופן נישט געקאנט נאכזאגן די ווערטער פון סופליאר, כאטש ,איך האב אלע־מאל געקענט די גאנצע פיעסע פון אויסנווייניק...

זילבערט איז געווען פארצווייפלט. — ווער האט מיר דאס אקסלראד געגעבן אלס חריף? האט ער זיך אויפגערעגט און די זיגלער האט באמת געגלויבט, אז איך טויג נישט פאר דער ראל און זי האט א זאג געטאן, אז איר מאן איז א געשפילטער חריף און זיגלער האט באקומען די ראל.

ערשט נאך דער פראבע האב איך זיך גערייצט מיט זיגלערן, וואס ער מוז שפילן אנשטאט מיר און זילבערט איז דערווייל געבליבן מיט דער מיי־נונג, אז איך טויג צו גארנישט...

די צווייטע פיעסע וואס זילבערט האט גענומען גרייטן צום אויפירן, איז געווען „דער פרעמדער" פון יעקב גארדין. די פיעסע האט באדארפט געשפילט ווערן צום ערשטן מאל אין טשערנאוויץ.

די גאנצע טרופע מיטן דירעקטאר בראש זיינען געווען בא דער פאר־לעזונג, זילבערט איז געזעסן אויבנאן און געלייענט און אלע האבן זיך צוגעהערט מיטן גרעסטן דרך־ארץ און ווען ער האט געלייענט די רעפליקן פון „קלמן־משה", האט ער געקוקט צו מאקס שטרענג, זייענדיק זיכער, אז ער וועט אודאי שפילן די ראל.

נאכן לייענען, נעמט אקסלראד די ראלן און פארטיילט זיי און מיר גיט ער די ראל פון קלמן־משה. זילבערט קוקט אים אן פארוואונדערט

און ער זאָגט שטיל צו אַקסלראַדן: — וואָס טוט איר? דאָס איז דאָך אַ קונסט־ראָל? נאָר אַקסלראַד ענטפערט אים שנעל אָפּ: — טאַקע דערפאַר, ווייל עס איז אַ קונסט־ראָל, דאַרף זי געשפּילט ווערן פון פּאַלעפּאַדען.

איך בין געזעסן אַן אַ זייט און געשוויגן. איך האָב גוט געזען וואָס דאָרט קומט פאָר צווישן דירעקטאָר און יעקב זילבערט, אָבער איך האָב אויך געוואוסט, אַז זילבערט האַלט מיך פאַר אַ קאַליקע, צוליב מיין נישט וועלן שפּילן דעם חריף. ענדלעך האָט מיר דער דירעקטאָר דערלאַנגט די ראָל קלמן־משה, איך האָב זי גענומען און בין אַוועק אַהיים.

אַפּצומאַרגנס, צו דער ערשטער פּראָבע, האָב איך שוין געקענט די ראָל פון אויסנווייניק און זילבערט איז געווען איבעראַשט, הערנדיק ווי אַזוי איך בין אין דער ראָל שוין בּאַ דער ערשטער פּראָבע. זיין איבעראַשונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אָף אַ ווייל און ער גיט מיך אַ פרעג: — ווער האָט געשפּילט „מאָטיע שטרייכל" מיט דער פיינמאַן?

הערנדיק, אַז איך האָב געשפּילט מאָטיע שטרייכל, האָט זילבערט אַ שמייכל געטאָן מיט צופרידנהייט און ער האָט פאַרגעזצט מיט דער פּראָבע.

אַ קורצע צייט שפּעטער, ווען זילבערט האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט מיט זיינע גאַסטראָלן, איז דער גרויסער מאַרים מאַשקאָוויטש צוריקגעפאָרן פון רומעניע קיין לאָנדאָן און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין טשערנאָוויץ אָף געציילטע טעג.

די גאַנצע טרופּע האָט זייער שטאַרק געוואָלט שפּילן כאָטש איין אויפפירונג אונטער דער רעזשי און צוזאַמען מיט דעם באַריימטן קינסטלער און אַקסלראַד האָט געפּועלט בּאַ אים, ער זאָל געבן כאָטש איין פאָרשטעלונג.

מאַשקאָוויטש האָט זיך זייער געאיילט צום אָפּפאָרן, אָבער ער האָט צוליב געטאָן און איז געקומען אין גאָרטן אריין, וואו עס איז שוין געווען פאַרזאַמלט די גאַנצע טרופּע און דער דירעקטאָר אַקסלראַד מיט זיין פרוי רחל.

דער גרויסער גאַסט האָט דערקלערט, אַז ער האָט נישט קיין צייט, נאָר אויב מען קאָן עס מאַכן שנעל, קאָן ער געבן איין פאָרשטעלונג. אַקסלראַד האָט געבעטן, אַז מאַשקאָוויטש זאָל כאָטש בלייבן שפּילן שבת און זונטיק, וואָס מאַשקאָוויטש האָט בשום אופן נישט געקאָנט נאָכגעבן, ווייל ער האָט פּריוואַט געמוזט אַוועקפאָרן.

עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז די פאָרשטעלונג זאָל פאָרקומען דאָנערשטיק, דאָ גיט זיך פּלוצלינג די דירעקטאָרשע רחל אַקסלראַד אַ רוף אָפּ מיט איר פּראָסטער, רוויער אויסשפּראַך: — וואָס? דאָנערשטיק?

ווער ווייס צי וועט זיך איינגעבן לוינען דאָס עסק? וואָס קאָנט איר דען ברענגען אין אַ וואָכן-טאָג?...

מיר אַלע האָבן זיך דערפילט ווי אָפּגעגאָסן מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער, מיר האָבן באַלד געזוכט צו פאַרגלעטן די דירעקטאָרשעס ווער־טער, נאָר עס האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן. אַף מאַשקאָוויטשעס הדרת־פּנים האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער איראָנישער שמייכל, מיט ביידע הענט האָט ער זיך אַ פּאַטש געטאָן אַף די קניען און ער איז אויפגעשטאַנען פון פּלאַץ און זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער גרויס, דערנאָך האָט ער זיך אַרויפגעשאַרט זיינע שוואַרצע געדיכטע האָר וואָס זיינען שוין געווען דורכגעוועבט מיט זילבערנע ווייסע פעדעם און ער האָט זיך פאַר־נויגט פאַר רחל אַקסלראַד און זיך געלאָזן אַרויסגיין פון גאָרטן.

אַנדערע האָבן אפשר מורא געהאַט, נאָר איך, איציע דייטש און זינ־לער, מיר האָבן מאַשקאָוויטשן אַרויסבאַגלייט. מיר האָבן נאָך אַפילו גע־פּרוּווט עפּעס זאָגן, אפשר וועט מען נאָך באַווייזן צו פאַרגלעטן די די־רעקטאָרשעס נאַרישן אַרויסטריט, נאָר ניין. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיט אַ רחמנותדיקן בליק אַף אונדז, האָט זיך דער גרויסער קינסטלער מיט אונדז געזעגנט און אַזוי האָבן מיר פאַרלוירן די געלעגנהייט צו קענען שפּילן צוזאַמען מיט דעם באַרימטן קינסטלער.

באַלד נאָך דער פיינלעכער געשעעניש, האָט זיך דער זומער-סעזאָן געענדיקט און די טרופּע איז באַפרייט געוואָרן און יעדער פון טרופּע איז מגלגול געוואָרן ערגיץ אַנדערש און מיר האָט זיך געמאַכט, אַז איך האָב זיך באַלד פאַראייניקט מיט דעם קאָמיקער ש נ ע ק, מיר האָבן בשותפות אַנגאַזשירט אַ טרופּע אַף אַרויסצופאָרן אַף דער פּראָווינץ.

שנעק איז געווען פון די שאַבלאָנע קאָמיקערס, וואָס האָבן זיך בסדר באַנוצט מיט די שאַבלאָנע וויצן, מיט וועלכע ער האָט פונדעסטוועגן זייער שטאַרק אויסגענומען בא דעם דורכשניטלעכן עולם. איז אָבער געווען אַן אומגליק, וואָס מען האָט דעם מענטשן זעלטן געקאָנט טרעפן אַ ניכטערן.

נאָך אַ זאַך; פון שרייבן און לייענען, האָט ער נישט געהאַלטן און אין קיין שום פּיעסע, אַפילו אין ז י י ן ראָל, האָט ער קיינמאָל נישט אַריינ־געקוקט און חוץ אין מאַכן אַ לחיים, איז זיין פּרוי, מיט אַלץ געווען ענלעך צו אים, ממש ווי אַ צווילינגס-פּאָרל...

ווי שוין דערמאָנט, איז שנעק פונדעסטוועגן געווען זייער באַליבט באַם פּראָסטן פּובליקום וואָס איז אַלעמאָל געווען די גרויסע מאַיאָריטעט פון די טעאַטער-באַזוכער און ער האָט געהאַט אַ נאָמען, ממש באַרימט געווען אַלס אויסגעצייכנטער קאָמיקער און אין גאַנץ גאַליציע האָט מען פון אים שטאַרק געהאַלטן.

עס איז געגנוג געווען, אַז שנעק זאָל זיך באַווייזן אױף דער בינע מיט זיינע צוויי אַנגעבלאָזענע באַקן און גרויסע, גרויע, קעצענע אויגן, אַז דער עולם זאָל מוזן אויסשיסן מיט אַ געלעכטער און אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, איז פון עולם אויפגענומען געוואָרן ווי דער גרעסטער וויץ.

פון אָנהויב, האָבן מיר געמאַכט גאַנץ פיינע געשעפטן; איז אָבער געװען אַ צרה מיט די חשבונות. מיר זיינען בלויז געווען צוויי שותפים, די איבעריקע מיטגלידער פון אונדזער טרופּע האָבן מיר דאָך געצאָלט גאַזשע און אונדזערע חשבונות האָט מען פּאַקטיש געקאָנט דערלעדיקן אין פינף מינוט און דאָך, האָב איך געמוזט זיצן מיט שנעקן און מיט זיין פרוי און חשבונען גאַנצע נעכט און ערשט דערנאָך זיינען זיי אַוועק שאָקלענדיק מיט די קעפּ, אויסדריקנדיק צווייפל, צי די חשבונות זיינען טאַקע ריכטיק...

דער אומצופרידנקייט פון מיין שותף מיט זיין ווייב, האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך עגמת-נפש, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? ער האָט דאָך פאַרט נישט געקאָנט שרייבן און לייענען און זיין ווייב האָט נישט געקאָנט בעסער פון אים, טאָ ווי אַזוי האָב איך זיי פאַרט געזאָלט איבערציי̇גן, אַז די חשבונות זיינען ריכטיק און אַז איך האַנדל מיט אים ערלעך?

און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט ער יעדעס מאָל געפּלעגט קומען צו דער פאָרשטעלונג אַ באַטרונקענער און נישט חלילה מיט קיין וואַסער, נאָר מיט עכטן אָקאַוויט און דער אָקאַוויט האָט אין אים געשפּילט און ער האָט זיך גענומען קריגן יעדעס מאָל מיט אַן אַנדער אַקטיאָר און עס האָט זיך נישט געקאָנט אָנהויבן קיין פאָרשטעלונג, אַן אַ פריערדיקן סקאַנדאַל, וואָס איך האָב אַלעמאָל באַדאַרפט איינשטילן.

זעענדיק, אַז אַזוי וועל איך ווייטער נישט קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט, האָב איך שנעקן פאָרגעלייגט, אַז אַזוי ווי ער צווייפלט צי איך נאַר אים נישט אָפּ, קאָן איך אויפלייזן מיט אים דאָס שותפות און איך בין גרייט אים צו צאָלן גאַזשע, אַזוי ווי אַלע קאָלעגן.

שנעק האָט זיך אָנגעכאַפּט און באַלד געזאָגט אַ פּרייז און איך האָב אַקצעפּטירט און צאָלנדיק אים זיין גאַזשע יעדע נאַכט פ א ר דער פאָרשטעלונג, האָב איך אַדאַנק דעם באַוויזן אָנצוגיין מיט דער אַרבעט אַלס אַלייניקער דירעקטאָר אין משך פון אַ לענגערער צייט, באַ נישט קיין גאָר געהויבענע, אָבער אויך נישט קיין שלעכטע געשעפטן.

## דרייסיקסטער קאַפּיטל

די „אידישע פּינטעלעך״ פאַרזיכערן דעם דערפאָלג. — זאָל לעבן טאָמאַשעווסקי! — אַ מסירה קעגן אונדז, נאָר דער זשאַנדאַר איז „אונ־דזער״. — מיין קליין זונדעלע געשטאָרבן. — אַ שטיפמאַמע בלייבט אַ שטיפמאַמע. — איך פאָר קיין ווין — אין „סטעפאַני״־טעאַטער. — אַפּ־טיאָרן שפּילן און סיפאָנעם פּייפן. — די טעאַטערס אין ווין. — איך פאָר קיין קראָקע.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין ק ו ט י (בוקאָווינע) און ווי איבעראַל, האָבן מיר אויך דאָרט געזוכט צו שטעלן אַזאַ פּיעסע, וואָס זאָל דעם דאָרטיקן עולם ציען אין טעאַטער אריין און מיר האָבן לויטן דעמאָלטיקן סדר, אויסגעזוכט אַ „תורהלע״.

דעמאָלט איז געווען די עפּאָכע פון תורהלעך, „אידישע הערצער״, „אי־דישע קינדער״ און „אידישע פּינטעלעך״, וואָס האָט באַהערשט דאָס אי־דישע טעאַטער אין אַלע לענדער וואו עס האָבן געלעבט אידן.

טאָמאַשעווסקי האָט דערפינדן די פּינטעלעך, מיט וועלכע ער האָט געטראָפן אין פּינטל אַריין פון די אָנגעווייטיקטע פראַגן אין אידישן לעבן און מיט פרעדיקן רעליגיעז-נאַציאָנאַלן אידישן פּאַטריאָטיזם, האָט טאָ־מאַשעווסקי דעמאָלט געמאַכט די בעסטע געשעפטן און טאָמאַשעווסקי האָט נישט באַדאַרפט ערשט אָנקומען צו פרעמדע מחברים וואָס זאָלן אים צושטעלן די סחורה, ווייל ער אַליין האָט זיך יעדעסמאָל צוגעטראָכט אַ ניי פּינטעלע, וואָס איז שוין פון פאָראויס געווען געזיכערט מיט דערפאָלג.

מיט זיין פּיעסע „דאָס פּינטעלע איד״ האָט ער אַריינגעטראָפן פּונקט ווי אַ גוטער יעגער, וואָס טרעפט אין ציל.

מיין אַלטער דירעקטאָר אַקסלראַד, האָט מיר נישט אָפּגעזאָגט, ער האָט מיר פאַר מיין פּראָווינץ-נסיעה אויסגעבאָרגט די פּיעסע מיט די נאָטן און איך האָב געמאַכט אַ גרויסן פּלאַקאַט מיט אַ גרויסן „פּינטל״ און מיט נאָך אַ גרעסערן „איד״ און געמאָלדן, אַז שבת ווערט אין קוטי געשפּילט דער גרויסער שלאָגער פון באַרים טאָמאַשעווסקי, — „דאָס פּינ־

טעלע איד" און שוין עטלעכע טעג פריער איז קוטי געגאַנגען כאַדאַראַם און מען האָט אָנגעהויבן אָפּשלאָגן די טירן נאָך בילעטן.

מיר האָבן אָבער געהאַט אַ היפּשע צרה, ווייל לויטן עסטרייכישן געזעץ, האָט מען נישט געטאָרט שפּילן קיין טעאַטער אָן אַ קאָנצעסיע און איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז אין עסטרייך געשען, אַז קאָנצע־סיעס האָבן דווקא באַקומען אַזעלכע, וואָס האָבן מערסטנטיילס נישט גע־האַט קיין שום שייכות צו טעאַטער און ווי עס זאָל נישט געוועזן זיין, עס האָט זיך פונקט געמאַכט אַזוי, אַז אַלע קאָנצעסיאָנערן, זיינען געוועזן ער־גיץ פאַרנומען מיט טרופּעס און טרופּעלעך און מיר האָט זיך קוים איינ־געגעבן צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט איינעם וואָס האָט געהאַט אַ קאָנצעסיע פאַר דראַטנגייערס אָדער קאַטערינשטשיקעס און די קאָנצעסיע איז אויך געוועזן גילטיק פאַר וואַריעטע־נומערן.

איז אָבער געווען אַ נייע צרה, וואָס פאַר יעדער פאָרשטעלונג, האָט מען געמוזט איינמעלדן און מיטברענגען דעם טעקסט צו די שטאָט־באַ־הערדן אַף צו באַשטעטיקן, אָבער מען האָט זיך געדרייט און אַן עצה גע־געבן און אָט אַף אַזאַ קאָנצעסיע האָבן מיר אין די קליינע שטעטלעך גע־שפּילט אידיש טעאַטער.

אין קוטי איז נישט געווען קיין באַצירקסהויפּטמאַנשאַפט, האָב איך די קאָנצעסיע איינגעמאָלדן באַם בירגערמייסטער. צום אומגליק, האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז דער באַצירקס־הויפּטמאַן איז פאַרבייגעפאָרן קוטי און דערזעענדיק די אויסגעקלעפּטע גרויסע פּלאַקאַטן אַף וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען גרויסע אידישע אותיות, איז ער שרעקלעך אויפגעבראַכט געוואָרן און ער האָט דער זשאַנדאַרמעריע געגעבן אַ באַפעל אַראָפּצורייסן די פּלאַקאַטן און איבערלאָזנדיק דעם באַפעל צו פאַרביטן די אידישע פאָרשטעלונג, איז ער אַוועק פון קוטי, ווייטער אַף זיין וועג.

שנעק מיט זיין פרוי, האָבן ארויסגעוויזן אַ גלייכגילטיקייט צו דער גאַנצער געשעעניש, גלייך ווי זיי וואָלט עס גאָרנישט אָנגערירט און אָנ־שטאָט צוזאַמען מיט אונדז צוטראַכטן אַן עצה, אַ מיטל ווי אַזוי מיר זאָלן זיך קענען ראַטעווען, האָבן זיי זיך גאָר אויפגעהויבן און אַוועקגעפאָרן קיין וויזשניצע אָן אַ זייט געזונט.

אונדזער ווייטיק איז געווען זייער גרויס. שבת וואָלט זיכער געווען אַ גרויסע איינאָמע און דער קלאַפּ איז פאַר אונדז געווען אַ שרעקלעכער.

איך בין קוים איבערגעקומען די שלאָפלאָזע נאַכט און באַלד איינ־דערפרי בין איך אויפגעשטאַנען און אַרוים אין שטעטל, אפשר וועט גאָט העלפן און עמיץ וועט מיר געבן עפּעס אַ גוטע עצה ווי אַזוי ארויסצו־קריכן פון דעם אומגליק און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָב איך

געפונען אַ יונגענמאַן, וואָס קען זיך גוט מיטן זשאַנדאַרם-מייסטער און דער יונגערמאַן זאָגט מיר, אַז מיט אַ פינפערל, קאָן איך דעם ענין דער-לייזיקן, אַז מיר זאָלן שבת קענען שפּילן טעאַטער.

אַ שעה שפּעטער, האָב איך שוין געהאַט די פאַרזיכערונג, אַז מיר קענען שפּילן. דער יונגערמאַן האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער זשאַנ-דאַרם-מייסטער וועט אין דער צייט פון דער פאָרשטעלונג אַוועקגיין אין אַן אַנדער דאָרף און מיר וועלן דערווייל אָפּשפּילן די פאָרשטעלונג.

אויסגעצייכנט! קיין סך רעקלאַמע האָט מען שוין נישט באַדאַרפט, ווייל עס איז גענוג געווען, אַז צוויי מענטשן זאָלן וויסן, אַז היינט שפּילט מען „דאָס פינטעלע איד", אַז דאָס גאַנצע שטעטל זאָל גיין כּאַדאַראָם און מען האָט צעכאַפּט אַלע בילעטן פאַר זיץ-פּלעצער און נאָכאַמאָל אַזויפיל האָבן מיר פאַרקויפט בילעטן צום שטיין.

דער סאַלאָן האָט אויסגעזען ווי אַ פעסל מיט געפּרעסטע הערינג. אַזאַ גם טרעפט זיך זעלטן פאַר אידישע אַקטיאָרן און מיר האָבן דעמאָלט מיט פרייד געוועדט צווישן זיך, אַז לעבן זאָל טאָמאַשעווסקי מיט זיינע תורהלעך און מיט זיינע פינטעלעך, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פונקטלעך געטראָפן אין די אידישע הערצער...

לענגער פאַרבלייבן אין קוטי, האָבן מיר נישט געטאָרט, זיינען מיר גלייך אַפּצומאַרגנס אַוועק אין אַ צווייט שטעטל, אויך דאָרט האָט מען בלויז געהאַט צו טאָן מיט אַ זשאַנדאַר און מיר האָבן אים גיכער געקאַנט אָפּנאַרן מיט דער קאָנצעסיע פון דראַמטנגייער און מיר גרייטן זיך שוין צו אַ נייער פאָרשטעלונג, וואָס גיט אונדז די בעסטע אויסזיכטן.

ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז שנעק, וועלכער איז פון אונדז אַזוי מיאוס אַנטלאָפן, אַז ער וועט נישט קענען פאַרליידן אונדזער גרויס גליק און ער וועט אונדז גיין אונטער-מסורן?

שנעק האָט זיך געפינען אין וויזשניצע, זייער נאָנט פון קוטי און ער האָט זיך באַלד דערוואוסט וועגן אונדזער גרויסן דערפאָלג פון דער שבתדיקער פאָרשטעלונג און בעת מיר האָבן זיך שוין געגרייט אין דעם נייעם שטעטל צו דער פאָרשטעלונג און איך זיץ מיר אַזוי אין מיין האָ-טעל-צימער און באַטראַכט מיין לאַגע, קומט אַריין דער זשאַנדאַר מיט וועלכן איך בין שוין געווען באַקאַנט און ער ווייזט מיר אַ פּאַפּיר וואָס ער האָט נאָר-וואָס באַקומען און אין פּאַפּיר זאָגט זיך בפירוש, אַז מיר נאַרן אָפּ, מיר האָבן בלויז אַ קאָנצעסיע פאַר אַקראָבאַטן און דראַמטנגייער און מיר שפּילן גאָר אידיש טעאַטער...

דער זשאַנדאַר האָט מיר אָפן געזאָגט, אַז דאָס איז געקומען אַ מסירה און פאַרשטייענדיק, אַז דאָס האָט מיר שנעק אָפּגעשפּילט דאָס מיאוסע שטיקל אַרבעט, איז מיר פשוט געוואָרן פינצטער אין די אויגן.

זעענדיק ווי איך בין געבליבן זיצן ווי פּאַראַליזירט, האָט דער זשאַנ־דאַרם מיך גענומען טרייסטן, איך זאָל זיך נישט שרעקן, אַז דאָ איז ע ר באַלעבאָס און — האָט נישט קיין מורא, איר וועט דאָ קענען שפּילן טע־אַטער וויפיל אייער האַלץ גלוסט... ווייל מיין פליכט וועל איך קאָנען דערפילן, ווען איר וועט שוין זיין ווייט פונדאַנען..

מיר האָבן אין דעם שטעטל געשפּילט אַ רייע פאָרשטעלונגען מיט אַ גאָר פיינעם דערפאָלג און שנעק מיט זיינע אָנגעבלאָזענע באַקן, האָט געמוזט איינזען, אַז ער האָט זיך מיאוס באַנאַרישט.

פונדעסטוועגן, שאָדן האָט ער מיר געבראַכט, ווייל מורא האָבנדיק פאַר אַ נייער צרה, איז שוין אונדזער אַרבעט נישט געגאַנגען אין דעם טעמפּ פון האָפערדיקייט און נאָך אַ קורצער צייט האָב איך אויפגעלייזט די טרופּע און די אַקטיאָרן זיינען זיך צעפאָרן יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג.

---

איך בין מיט מיין פרוי און מיט מיין מיטלסטן זונדל (וועלכער איז מיט אונדז איבעראַל מיטגעפאָרן) אַרויסגעפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל, מיטן געדאַנק, אַז איך זאָל זיי דאָרט איבערלאָזן און אַליין זיך אַוועקלאָזן זוכן אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט אַ טעאַטער אָדער טרופּע.

פאַר מיין עלטערן זונדל, האָב איך יעדן חודש אַוועקגעשיקט געלט קיין יאַראָסלאַוו, וואו ער איז געווען איינגעדונגען אַף קעסט און קוואַר־טיר און ער איז דאָרט געגאַנגען אין שול און מיין יונגסט זונדל, איז געהאַט געבליבן בא מיין פרוים עלטערן.

פאָרנדיק קיין טאַרנאָפּאָל, האָב איך זיך געפרייט, וואָס איך וועל דאָרט טרעפן מיין קליינטשיק זונדעלע, וועלכער דאַרף שוין היינט אַלט זיין פינף יאָר און ווען איך האָב פאַר האַנין אויסגעדריקט מיין פרייד, וואָס איך וועל ענדלעך ווידער זען מיין קליין שיין אינגעלע, האָב איך באַמערקט, אַז זי דרייט עפּעס אַוועק איר קאָפּ און זי שווייגט, אָבער איך האָב איר שווייגן אָנגענומען פשוט, אַז זי האָט דאָך נישט דעם אינ־טערעס פאַר דעם קינד ווי איך, אַלס טאַטע פון דעם קליינעם יתומל. יעדנפאַלס, האָב איך איר שווייגן נישט אָנגענומען שרעקלעך און איך האָב נישט געהאַט קיין אָנונג, אַז איך וועל מער מיין אָרים קינדעלע קיינמאָל נישט קענען זען...

אַריינקומענדיק אין דעם הויז פון מיין פרוים עלטערן האָבן מיינע בליקן קודם אָנגעהויבן אַרומזוכן מיין קינד און ווען איך האָב עס נישט געזען, האָב איך געפרעגט אַף אים, נאָר אנשטאָט אַן ענטפער, האָבן אַלע אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און געשוויגן.

איך האָב שוין פאַרשטאַנען דעם טרויעריקן ענטפער. — נישטאָ מער מיין ליאָלי!... אכט חדשים איז ער קוים אַלט געווען ווען ער איז געבליבן אַ יתומל... ביז פינף יאָר האָט ער איבערגעלעבט אַלע צרות, דערציען־דיק זיך אַף פרעמדע הענט און פון אַן אומרייפע פרוכט וואָס ער האָט אפשר פון הונגער אויפגעגעסן, איז ער קראַנק געוואָרן און מען האָט אים מער נישט געקאָנט אַפּראַטעווען...

איך האָב זיך נישט געקאָנט באַרויקן: — געשטאָרבן ליאָלי!... מיט וויפל צערטלעכקייט ציפקע האָט אים דאָס גערופן מיט דעם נאָמען ליאָלי, בעת ער האָט געזויגן פון איר שוין קראַנקער ברוסט! נישטאָ מער ליאָלי, דער שטיפמאַמע, האָט ער זיכער געטאָן די גרעסטע טובה...

עטלעכע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַף אַן אַנדער וועלט, אָבער די פליכטן האָבן געמאָנט בא מיר און איך האָב זיך ענדלעך באַהערשט און געזוכט שמידן די ווייטערדיקע פּלענער פאַר אונדזער נייעם נע־ונד.

איך האָב פאַרטראַכט, אַז מיין פרוי זאָל בלייבן בא די עלטערן מיט מיין מיטלסטן זונדל לאָני, און איך וועל אַרויספאָרן עפּעס אָפּזוכן אַ שטיקל פּרנסה.

האָט אָבער מיין פרוי בשום אופן נישט געוואָלט הערן דערפון: — זי וויל מער נישט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר פרעמדע קינ־דער... דער טרוקענער ענטפער און איר אונטערשטרייכן די ווערטער „פרעמדע קינדער" האָבן פאַר מיר באַשטעטיקט דעם אייביקן פאַראור־טייל און איך האָב אין איר געזען די אייביקע שטיפמאַמע און איך האָב אויך אָנגעהויבן פילן, אַז זי איז מיין שטיף־ווייב...

האָב איך געמוזט מיטנעמען מיין קליין אינגעלע און צוזאַמען מיט אים אַרויספאָרן ערגיץ, ווער ווייסט וואו, זוכן גליקן...

---

מיר זיינען געקומען קיין קראָקע.

דאָרט האָב איך געטראָפן די טרופּע ה א ר ט מיט מיינע אַלטע חברים און אויך די צוקערבערגס זיינען דאָרט געווען.

הארט האָט מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען און ער האָט מיר אויך געגעבן עטלעכע אויפטריטן, וועלכע האָבן מיר געגעבן אַ גאַנץ פיי־נעם פאַרדינסט, אָבער די טרופּע איז געווען אַ קאָמפּלעטע און איך האָב געזען, אַז בא דער בעסטער באַציאונג וואָס מען ווייזט מיר אַרויס, בין איך דאָרט נישט נויטיק און איך האָב זיך געלאָזן פון קראָקע קיין ווין, וואו עס האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן מיין ליבער חבר יצחק דייטש.

פאַרשטייט זיך, אַז אין ווין, איז מיין ערשטער וועג געווען צו איציקן און ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט און זיין פרייד וואָלט געווען

נאָך גרעסער, ווען זיין ווייב, מינצי, וואָלט נישט געמאַכט קיין זויער פּנים. מינצי דייטש איז דוקא נישט געווען קיין זייער גאַסטפריינטלעכע...

גרויס איז געווען מיין נייגעריקייט צו זען דאָס אידישע טעאַטער פון ווין און איך האָב קוים דערצויגן ביז אויף דער נאַכט, ווען יצחק דייטש האָט מיך מיטגענומען אין „סטעפאַני־טעאַטער".

דער „סטעפאַני־טעאַטער" איז באַשטאַנען פון א לאַנגען שמאָלן זאַל, מיט א קליין בינעלע און אין דעם לאַנגן סאַלאָן זיינען געשטאַנען אויסגע־שטעלט טישלעך און אַרום יעדן טישל — עטלעכע בענקלעך און בעתן שפּילן טעאַטער, דרייען זיך אַרום די קעלנער אין פראַק־אָנצוגן און באַ־דינען דאָס ווערטע פּובליקום.. אינמיטן שפּילן טעאַטער, קאָן זיך יעדער גאַסט גאַנץ פריי און אויפן הויכן קול צורופן דעם קעלנער און באַשטעלן וואָס זיין האַרץ גלוסט און דער קעלנער טראָגט עס אים באַלד צו.

איך געדענק נישט גענוי וואָס מען האָט דעמאָלט געשפּילט, נאָר איך געדענק, אַז עס איז געווען א זייער ערנסטע סצענע, האָט זיך איינעם פאַר־גלוסט באַשטעלן א סיפאָן און דער קעלנער האָט עס אים צוגעבראַכט און עס איז אויסגעקומען, אַז פּונקט אין מאָמענט פון דער שפּאַנענדער שטי־לער סצענע, האָט דער גאַסט אָנגעגאָסן א גלאָז סיפאָן מיט אַזא זשום און פּייפעריי, אַז דאָס גאַנצע פּובליקום האָט זיך אומגעקוקט אויף דעם סוב־יעקט, וואָס האָט מיט אַזויפיל חוצפּה געצאַפּט פון סיפאָן און די גאַנצע שטימונג פון דער סצענע איז איבערגעריסן געוואָרן און עס איז געוואָרן א געשריי: — ביטע אום רוע! ר ו ע ! ש.ש.ש.שיש!...

און די אָרימע שוישפּילער, וועלכע זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון דעם גלייכגעוויכט אין זייערע ראָלן, האָבן געמוזט מאַכן א פּויזע און צוואַרטן ביז עס וועט זיך באַרואיקן אין סאַלאָן און דאַן ערשט האָבן זיי פאָרגעזעצט דאָס שפּיל.

אין סאַלאָן איז אויך געווען דערלויבט צו רויכערן אינמיטן דעם שפּילן און דער גאַנצער רויך פון די ציגאַרעטן האָט זיך פאַרקליבן און קאָנצענטרירט פאַר דער בינע, אַזוי, אַז עס האָט זיך פאַר דער בינע פאַר־מירט א רויך־נעפּל, דורך וועלכן מען האָט די שוישפּילער קוים אַדורכגעזען.

אָט בא אַזעלכע טרויעריקע באַדינגונגען האָט מען אין דעם גרויסן ווין געשפּילט אידיש טעאַטער און איך בין פון דעם אַלעם וואָס איך האָב געזען אין דער איינער נאַכט, געבליבן אַזוי אַנטוישט, אַז איך האָב א צייט לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דער קאַשמאַרנער ווירקונג.

דער דירעקטאָר פון דער טרופּע אין „סטעפאַני־טעאַטער" איז דע־מאָלט געווען ז י ג ל ע ר און אין זיין טרופּע האָבן זיך געפונען ביידע ברידער וויינבערג מיט זייערע פאַמיליעס (זיי האָבן סטאַביל געוואוינט

אין ווין און וואָס פאַר אַ טעאַטער עס האָט דאָרט אַקטואירט, האָט מען זיי געמוזט פאַרעכענען אין טרופּע). אין טרופּע איז אויך געווען יונה רייז־מאַן און שלום פּאַדזאַמצשע, זיי זיינען אויך געווען ווינער תושבים.

פּאַדזאַמצשע איז געווען איינער פון די לעצטע בראָדער זינגער און רייזמאַן איז געווען אַן אַלטער שוישפּילער פון בעסערן שניט און אין אַלגעמיין, איז דאָרט געווען אַ זייער פיינע טרופּע און עס איז נאָר גע־ווען אַ האַרצווייטיק צוצוקוקן, ווי אַזוי אַזאַ פיינע טרופּע דאַרף אַקטו־אירן באַ אַזעלכע טרויעריקע אומשטענדן.

פונדעסטוועגן, האָב איך זיך נישט אָפּגעזאָגט אויפצוטרעטן, ווען מען האָט מיך דערצו איינגעלאַדן. יעדן אַקטיאָר ווילט זיך ווייזן פאַר אַ נייער סביבה מענטשן, מעג עס אפילו זיין אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פון פייפנדיקע סיפאָנעס און אונטערן נעפּל פון ציגאַרעטן־רויך.

איך בין אויפגעטרעטן אין גאַרדינס אַ פּיעסע, עס איז געקומען אַ בעסערער עולם אין טעאַטער און מען האָט מיך זייער געלויבט, אָבער מיין ערשטער איינדרוק אין דעם טעאַטער האָט געדריקט אַף מיין געמיט און איך האָב דאָרט בשום אופן נישט געקאָנט פילן קיין קינסטלערישע באַ־פרידיקונג.

אַז איך בין שוין געווען אין ווין, האָב איך נישט געוואָלט פאַרלירן די געלעגנהייט צו זען דאָס דייטשע ווינער טעאַטער, וואָס איז באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט.

מיין חבר האָט מיך עטלעכע מאָל געפירט אין פאַרשידענע טעאַ־טערס און דערנאָך, האָב איך שוין אַליין געפונען דעם וועג און אַזוי האָב איך באַזוכט דעם „בורג־טעאַטער", דאָס „דייטשע פאָלקס־טעאַטער" און די האָף־אָפּערע און בעת איך האָב זיך געפונען אין אָט אַ די טעמפּלען פון קונסט און באַוואונדערט די ריינקייט און די שיינקייט פון אַלץ אַרום און די וואונדערלעכע פאַרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך מיט אַלץ מיטאיינ־אַנדער צונויפגעגאָסן אין איין וואונדערלעכער האַרמאָניע, אַ, ווען איך האָב דאָס אַלץ געזען, האָב איך געמוזט זאָגן צו זיך אַליין: — ניין! איך בין נישט קיין אַקטיאָר און איך וועל עס קיינמאָל נישט זיין!... מיר, אי־דישע אַקטיאָרן, זיינען ווי ממזרים, וואָס מען וואַרפט אונטער אַף הפקר הינטער די פּלויטן און ווי אונטערגעוואָרפענע נאַטור־קינדער, דאַרפן מיר זיך וואַלגערן אַף די שווערע וועגן, וועלכע זיינען פון גורל פאַר אונדז אָנ־געצייכנט געוואָרן...

נישטאָ קיין שול, אָן אַ היים, אָן אַן אויפזיכט און אָן אַ סטאַבילע שטיצע, וואַגלען מיר פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, ווי די ציגיינער, קאָמעדיאַנשטשיקעס, וואָס קיינער וואַרט נישט אַף אונדז

און וואו מיר קומען, קוקט מען אף אונדז בלויז ווי אף א בייז־וואונדער און האָט מען אונדז נאָר געזען, בלייבן מיר שוין ווי אַן איבעריקע זאַך, וואָס קיינער דאַרף נישט מער...

נאָך שטאַרקער האָב איך געפילט די שפלדיקייט פון אידישן בינע־שפילער, ווען איך בין נאָך א פּרעכטיקער פאַרשטעלונג אין א ווינער טעאַטער, צוריקגעקומען אין סטעפאַני־סאַלאָן און זיך באַדאַרפט דורכ־שניידן א וועג אין דעם געדיכטן רויך, לענג־אויס דעם סאַלאָן, כדי צוצו־קומען צו דער בינע.

נישט לאַנג בין איך געבליבן אין ווין. דירעקטאָר הארט האָט זיך אין קראָקע צעקריגט מיט די צוקערבערגס און זיי זיינען אַוועק פון אים און דעמאָלט האָט הארט אָנגעהויבן האָגלען צו מיר מיט טעלעגראַמעס און בריוו און איך בין אַוועק צוריק קיין קראָקע.



# איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ליבע־שפּיל און איפּערזוכט־סצענעס. — די טרופּע צעפֿאַלט זיך. — מיר פֿאָרן אין באַר־שטעטל קריניצע. — מאָביליזאַציע! מלחמה! — מיר לויפֿן קיין טאַרנאָוו. — מיין לאַנדסמאַן באַרנשטיין. — איך אַרבעט אין אַ מיל. — מען דאַרף זיך מעלדן. — מיין זונדל קומט צו מיר אַ נאַקעטער און אַ באָרוועסער.

נאָך מיינע באַזוכן אין די ווינער טעאַטערס האָב איך נישט אַזוי שנעל געקאָנט געפֿינען אַ באַפֿרידיקונג באַ אונדזערע באַדינגונגען.

פֿון קראָקע בין איך מיט האַרטס טרופּע אַרויסגעפֿאָרן ווידער איבער שטעט און שטעטלעך, די געשעפֿטן זיינען געווען פֿאַרשידן און די קינסטלערישע אויפֿטוען אויך פֿאַרשידן און עס איז געווען מער מלאכה וואָס דאַרף געבן פּרנסה, ווי קונסט.

מאָנאַטן האָבן זיך געצויגן די טעג בעת מיר האָבן געוואַנדערט איבער די שטעט און שטעטלעך און די איינטעניקייט האָט געדריקט אויף די געמיטער פֿון אונדזערע אַקטיאָרן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן דיסהאַרמאָניעס, וועלכע האָבן זיך שנעל פֿאַרוואַנדלט אין קריגערייען און עס זיינען געווען עפּיזאָדן פֿון ליבעס־טראַגעדיעס, די דירעקטאָרן האָט געהאַט פֿאַרדאַכטן און זי האָט אָפּגעשפּילט איפּערזוכט־סצענעס און דער דיריזשאָר איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ נעכטיקער, ביז די אַלע אויפֿרייסשטאָפֿן האָבן אויפֿגעריסן און די טרופּע איז זיך פֿונאַנדערגעפֿאַלן.

און נישט בלויז אין אונדזער טרופּע האָט זיך אָנגעזאַמלט אויפֿרייסשטאָף, וואָס האָט די טרופּע צעשפּליטערט, נאָר אויך אין מיין פֿאַמיליען־לעבן איז די לאַגע כסדר געוואָרן מער און מער אָנגעצייגן.

עס האָט אָנגערוקט די צייט, ווען דער צווייטער זונדל מיינער, האָט באַדאַרפֿט אָנהויבן גיין אין שולע. איבערלאָזן אים ערגיץ אין אַ שטאָט אויף קעסט און קוואַרטיר, אַזוי ווי מיין עלטערן זון, האָב איך זיך נישט געקאָנט אונטערנעמען, ווייל עס איז מיר געווען שווער אָנגעקומען דאָס שיקן יעדן חודש געלט פֿאַר מיין עלטערן זון און יעדעס מאָל ווען

איך האָב אַוועקגעשיקט געלט, האָב איך געהאַט אויסצושטיין פון מיין פרוי, ווייל מיר האָבן אינדעראמתן נישט פאַרדינט אַזויפיל, אַז עס זאָל קלעקן און דאָס וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט, האָט א ו נ ד ז אויסגעפעלט.

דערווייל איז געווען זומער פון 1914. וואַקאַציע־צייט. ביז צום איינשרייבן אין שול, איז נאָך געווען צייט און אַזוי ווי אונדזער טרופּע איז זיך געהאַט צעפאַלן, האָבן מיר, איך און מיין ווייב מיט מיין אינגעלע, באַשלאָסן נאָכצוטאָן די גבירים און פאָרן אין אַ קור־אָרט, כדי אָפּצורוען אַביסל מיט לייטן גלייך, און בא דער געלעגנהייט אפשר ארייכאַפּן אַ פּאָר פאָרשטעלונגען און פאַרדינען אַף פרנסה.

זיינען מיר געפאָרן קיין קריניצע, אָדער „קרעניץ" ווי מען האָט עס גערופן אַף אידיש און דאָרט האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז די גבירים זיינען גאָרנישט קיין נאַראָנים, זיי ווייסן ווי אַזוי מען דאַרף לעבן אַף דער וועלט...

אַפילו מיין כסדר אומצופרידענע פרוי, האָט דאָרט פאַרגעסן אָן איר אומצופרידנקייט, זי האָט פאַרגעסן אָן אירע כסדרדיקע פרעטענזיעס און כאָטש מיר האָבן ווייט נישט געהאַט די מעגלעכקייטן וואָס די גבירים, האָבן מיר פונדעסטוועגן זייער פיין גענאָסן פון די אַלע גוטע און היילנדיקע מינעראַלן און בעדער און די גוטע לופט און דאָס וויכטיקסטע, מיר האָבן אויך פאַרדינט געלט, אַף אויסצוהאלטן און אויפהאלטן זיך אין דעם וואונדערבאַרן שטעטל און מיר האָבן געלעבט רואיק און צופרידן.

מיר האָבן זיך קוים באַוויזן אויסצוגלייכן אונדזערע ביינער און צום ערשטן מאָל אין אונדזער לעבן, אויך אַביסל פילן דעם טעם פון אַ רואיקן לעבן, ווי עס זיינען אָנגעקומען די טעלעגראַמעס: — מאָביליזאַציע! מלחמה!

די צוויי שוידערלעכע ווערטער, האָבן אַרויסגערופן אַ פּאַניק אין דעם שטילן און רואיקן קור־אָרט, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און אַ פאָרעניש, די באַן־סטאַציע איז שוין געווען באַלאַגערט פון קורגעסט מיט זייערע געפּעק, יעדער האָט זיך געאיילט און יעדער האָט שוין וואָס פריער געוואָלט זיין אין זיין היים און מען איז געלאָפן ווי פון אַ שרפה.

מיר זיינען אויך ארומגעכאַפּט געוואָרן פון דער פּאַניק און מיר האָבן אויך געוואָלט לויפן, נאָר פלוצלינג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט.

— וואוהין? יעדער לויפט צוריק אין זיין היים־שטאָט, אין זיין דירה וואָס שטייט גרייט און וואַרט אַף די באַלעבאַטים, אָבער מ י ר, וואו האָבן מיר אונדזער היים? וואו האָט אַ אידישער אַקטיאָר זיין היים?...

אזוי ווי בלייבן אין קרעניץ האבן מיר פארט נישט געקאנט, איז געבליבן, אז מיר פארן אריין אין דער נאנטסטער שטאט, דאס איז געווען טארנאוו, וואו איך האב אגב געהאט א היפשע באקאנטשאפט.

אנקומענדיק קיין טארנאוו, האבן מיר שוין אנגעהויבן פילן דעם מלחמה־שטורעם.

די לופט איז געווען אנגעפילט מיט שרעק. דער אויסרוף — מלחמה! האט אפגעהילכט ווי א מעכטיקער דונער. מענטשן זיינען געלאפן, מי־ליטער האט מארשירט און אף יעדן פארבייגייער האט מען געזען סמנים פון צעמישעניש. יעדע ווילע האט מען אף די ווענט פון הייזער צע־קלעפט נייע אפישן מיט נייע פאראָרדענונגען און איינער, אזא פלאקאט, האט אנגעקינדיקט, אז אלע אויסלענדער מוזן זיך באלד און טאקע באלד מעלדן אין דער פאליציי, ווייל אויב אזא נישט־געמאלדענער וועט געכאפט ווערן, וועט ער געמשפט ווערן דורך א קריגס־געריכט אלס שפיאן.

זעענדיק אזא מעלדונג, בין איך, נאך איידער איך האב געדונגען א וואוינונג, אוועק אין פאליציי־אמט, איך האב זיך איינגעמאלדן און ווען מען האט מיך געפרעגט אף מיין אדרעס, האב איך דערקלערט, אז איך בין ערשט געקומען קיין טארנאוו, און איך גיי ערשט דינגען א וואוינונג. האט מען דארט פארצייכנט מיין נאמען און מיין רוסישע בירגער־שאפט און מען האט מיר אנגעזאגט, אז ווי נאר איך וועל האבן א וואוי־נונג, זאל איך קומען און אנגעבן מיין אדרעס.

די הויז־פרוי, ביי וועמען איך האב אלעמאל געוואוינט, ווען מיר איז אויסגעקומען צו זיילן אין טארנאוו, איז נישט געוואוינט געווען צו גיין מעלדן אין פאליציי און זי האט עס איצט אויך נישט געפונען פאר נויטיק און הערנדיק וואס אין שטאט טוט זיך, ווי מען טרייבט שוין אין גאס רוסישע בירגער צו דער באן און מען פארשיקט זיי אין אינטערנירונגס־לאגערן, האב איך שוין געשוויגן און האב דער הויז־פרוי גארנישט דער־ציילט וועגן מיין מעלדן זיך אין פאליציי־אמט און איך האב זיך פאר־לאזן אף גאט, וואס וועט זיין, וועט זיין.

און וואס א טאג, האב איך זיך אנגעזען מער. איך האב געזען, ווי מען האט געטריבן מאסן רוסישע אונטערטאנען ווי די סטאדעס שעפסן צו דער באן און קיינער האט נישט געוואוסט וואוהין מען טרייבט זיי און וואו מען וועט זיי פארשיקן.

דאס מוראדיקסטע דערפון איז געווען, וואס א סך פון די געטריבענע רוסישע אונטערטאנען, זיינען שוין געווען אלטע תושבים אין טארנאוו, זיי האבן שוין געהאט פארצווייגטע פאמיליעס, ווייבער און קינדער און אפילו אייניקלעך און מען האט דאס אלעס נישט אין אכט גענומען. גע־

זעץ איז געזעץ און היינט איז מלחמה און מען דאַרף זיך פּאַרזיכערן קעגן די פרעמדע עלעמענטן, וואָס זיינען בירגער פון אַ פיינטלעכער מלוכה...

איך האָב עס שוין געהאַלטן פאַר אַ נס, וואָס איך בין געגאַנגען אין פּאָליציי־אַמט זיך מעלדן נאָך איידער איך האָב געהאַט אַן אַדרעס, ווייל ווען די פּאָליציי וואָלט געוואוסט מיין אַדרעס, וואָלט איך שוין געטריבן געוואָרן דער רוח ווייסט וואוהין.

בין איך געזעסן אין שטוב און נאָר געטראַכט, וואָס דאָ וועט ווערן אונדזער סוף, פונוואַנען און ווי אַזוי מיר וועלן דאָ קענען פאַרדינען אַפּן שטיקל ברויט, ווייל פון שפּילן טעאַטער, האָט דאָך בא די באַדינגונגען נישט געקאָנט אַפילו געחלומט ווערן.

נאָך עטלעכע טעג, האָבן זיך צו מיר פּלוצלינג געיאָוועט געסט.

אייגנטלעך זיינען זיי נישט געקומען צו מיר, ווייל זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז איך בין אין טאַרנאָוו; זיי זיינען געקומען צו אונדזער הויז־פרוי, וואו עס זיינען אַלעמאָל איינגעשטאַנען אַקטיאָרן און טרעפנדיק מיך, האָבן זיי זיך שוין אָנגעהויבן פילן ווי בא זיך אינדערהיים.

די געסט זיינען געווען — אַן אַקטיאָר ב אָ ר נ ש ט יי ן, מיט זיין פרוי און צוויי קינדער.

זיי זיינען געקומען אין אַ זייער טרויעריקן צושטאַנד. אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, באָרנשטיין איז געגאַנגען אַן אַ קראַגן און אַן אַ קראַוואַט, צעשויבערט און שמוציק און זיין בלאָנד ווייבל איז געגאַנגען אין אַ צע־ריסן פּערקאַלן קליידל, מיט איין קינד אַף די הענט, און דאָס אַנדערע, כמעט אַ נאַקעטס, האָט זיך געקלאַמערט אָן איר בא אירע פּיס.

באָרנשטיין איז נישט געווען אַזאַ גוטער אַקטיאָר, ווי ער האָט גע־קאָנט שיין דערציילן וועגן טעאַטער בכלל און וועגן זיינע דערפאָלגן בפרט. ער האָט געשפּילט אַפּן „מאַרס" און אַף דער לבנה און ער דערציילט און דערציילט און ער לאָזט זיך הערן, ווייל ער דערציילט אַלעס אַזוי אינטערעסאַנט און מיט פאַרב, אַז ער פאַרכאַפּט ממש, און דאָס ווייבל זיינס מוטשעט זיך דערווייל מיט די צוויי קינדערלעך...

זע איך, אַז מיין באָרנשטיין וועט נישט מיד ווערן דערציילנדיק זיינע גרויסע אויפטועץ, שלאָג איך אים איבער און איך באַפעל האַנין, אַז מען דאַרף קודם גרייטן אַ סעודה און מיר זעען טאַקע, אַז סיי באָרנשטיין און אודאי זיין ווייב און קינדערלעך, זיינען טויט הונגעריק און מען כאַפּט זיך צום עסן און שמועסנדיק אַזוי, דערוויסט מען זיך, אַז זיי האָבן נישט קיין פּרוטה און עס בלייבט, אַז זיי מוזן זיין מיט אונדז און איך זאָג שוין באָרנשטיינען, אַז ער טאָר זיך נישט גיין מעלדן אין פּאָליציי, ווייל (אויך ער איז געווען אַ רוסישער אונטערטאַן) מען וועט אים אַוועקשיקן

ערגיץ אין אַ באַראַק און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך צונויפ־גערוקט און צונויפגעקוועטשט און באַרנשטיין מיט זיין פאַמיליע איז געבליבן וואוינען מיט אונדז אין דערזעלבער שטוב.

דערווייל, האָב איך נאָך געהאַט מיט וואָס אויסצוקומען, אָבער די טעג גייען און באַלד בלייבן מיר בא גאָרנישט, קיין טעאַטער קאָן מען נישט שפּילן און עס העלפן נישט קיין חכמות, מען מוז אָפּזוכן עפּעס אַ שטיקל אַרבעט. אָבער ווי אַזוי קאָן מען גיין זוכן אַרבעט, אַז עס איז אַ געפאַר אין גאַס אַרויסצוגיין, ווייל מען קאָן כאַפּן און באַלד אָוועקשיקן אין אַלדי שוואַרצע יאָרן...

באַרנשטיין האָט פונדעסטוועגן געוואַגט, ער איז אַרויס, אויך ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע אין טאַרנאָוו און עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט, האָט ער באַקומען אַרבעט אין אַ מיל, וואו מען האָט זיך צוליב דער מאָביליזאַציע, גענויטיקט אין נייע אַרבעטער.

אַפּצומאָרגנס, האָט באַרנשטיין מיך מיטגענומען, אַריינגעפירט מיך אין קאַנטאָר און מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם געשעפט־פירער פון דער מיל, וועלכער איז אגב געווען אַ פלייסיקער באַזוכער פון אידישן טעאַ־טער און טאַקע מיינער אַ הייסער אָנהענגער און ער האָט מיך באַלד דערקענט און ער איז געבליבן דערשטוינט, הערנדיק, אַז איך זוך אַרבעט אין דער מיל.

ערשט ווען איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז איך זוך שוין, האָט ער אונדז שוין ביידן צוזאַמען פאַרשריבן אַלס אַרבעטער אין מיל, מיט אַ לוין פון אַ ראַניש מיט צוואַנציק קרייצער טעגלעך (אַזוי ווי פאַר אַלע אַרבעטער) און ער האָט אונדז געהייסן שוין מאָרגן קומען צו דער אַרבעט.

די אַרבעט אין מיל, איז געווען געטיילט אין צוויי שיכטן. טאָג־אַר־בעט און נאַכט־אַרבעט.

אָנגעהויבן האָבן מיר מיט טאָג־אַרבעט. ווען מיר זיינען זעקס אַזייגער אינדערפרי געקומען אין מיל צו דער אַרבעט, האָבן אַלע גויאישע אַר־בעטער אָנגעהויבן קוקן אַף אונדז מיט פאַרדעכטיקע בליקן און נאָך מער אַף מיר, ווייל בעת באַרנשטיין האָט באַלד באַוויזן, אַז ער איז נישט קיין גרינער אין דער אַרבעט, בין איך געווען אומבאַהאָלפן און זיי האָבן געזען, אַז איך בין „נישט פון פאַך"...

באַרנשטיין איז געווען נישט נאָר אַ בעל־כח, נאָר ער האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון שווערע אַרבעט. ער האָט שוין געאַרבעט בא פאָרטן און אויפהויבן אַ זעקל מעל פון אַ הונדערט קילאָ, איז בא אים געווען ווי אויפהויבן אַ שפּענדל און ער האָט נאָך אַזאַ זעקל געקאָנט אַ וואָרף טאָן אינדערהויך, און זיך שפּילן דערמיט ווי מיט אַ גומי־באַל...

דער געשעפֿט־פירער האָט צו מיר אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע באַציאונג. ער האָט פֿאַר מיר אויסגעזוכט גרינגערע ארבעטן, ווי פּלאָמבירן אַנגעפולטע זעק, אָדער ציילן און פֿאַרצייכענען די זעק וואָס מען פירט אַרויס פון מיל און די גוים האָבן אַנגעהויבן אונטערצובורטשען, וואָס מען האלט מיך עפּעס פֿאַר אַ פּריץ און איך טראָג נישט קיין זעק.

דאָ האָט באַרנשטיין באַקומען אַ פיינע געלעגנהייט צו דערציילן זיינע נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע מעשות, ער האָט זיי איינגערעדט, אַז איך בין אַ געוועזענער פּראָפעסאָר, וואָס האָט צוליב אַ טראַגעדיע אין זיין פאַמיליען־לעבן אַלעס פאַרלוירן ביז ער איז אַנגעקומען אַט אַזוי אַ, צו דעם שווערן לעבן, אַלס אַרבעטער אין מיל...

די מעשות, האָבן אָבער נאָר געקאָנט גילטן, פאַר די פּראָסטע אַרבעטער, און ווייזט אויס, אַז אויך צווישן די העכערע באַאַמטע האָט זיך אַנגעהויבן אַ בורטשעריי און איין טאָג, האָט מיך דער געשעפֿט־פירער אַריינגערופן צו זיך און נאָך דעם ווי ער האָט זיך פאַר מיר זייער שטאַרק אַנטשולדיקט, האָט ער מיר דערקלערט, אַז אויב איך קאָן זיך נישט אונטערנעמען צו טראָגן זעק אַזוי ווי אַלע אַרבעטער, קאָן איך אין דער מיל מער נישט אַרבעטן.

דאָ האָבן שוין נישט געהאָלפן קיין שום מעשות, מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. איך בין אַרויס צו די זעק־טרעגער און זיי דערלאַנגט די האַנט, זאָגנדיק צו זיי, אַז פון איצט אָן, וועל איך פונקט ווי זיי טראָגן זעק...

קיין מפיל־קינד בין איך קיינמאָל נישט געווען און איך האָב אַמאָל געטורנט אויך און איך האָב געהאַט געניגט פעסטע מוסקולן, אָבער זעק טראָגן, איז אַ געוואוינהייט און באַם ערשטן זאַק, האָבן טאַקע מיינע פיס אַביסל געציטערט און איך האָב זיך אונטער דער הונדערט קילאָדיקער מאַסע געוואַקלט ווי אַ שיכור, אַרויסרופנדיק פריידיקע געלעכטערס בא די פּראָפעסיאָנעלע זעקל־טרעגער.

איך האָב מכלומרשט מיטגעלאַכט מיט זיי, אָבער אונטער דעם זעקל איז מיר געווען גאָרנישט פריילעך...

אַזוי איז זיך געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג און אין משך פון מיין מילנערשאַפט, איז מיר אויך אויסגעקומען צו אַרבעטן נאַכט־טורנעס און באַנאַכט איז נישט געווען קיין זעק צו טראָגן, איז מען געזעסן אונטער דעם רויש פון די מאַשינען און מען האָט זיך דערציילט מעשות, אָדער מען האָט געגעניצט.

כדי צו פאַרטרייבן דעם שלאָף, האָבן די יונגע פּויערים גענומען פּרואוון זייער קראַפט און מען האָט זיך געשפּילט אין באַרעניש.

באַ די באַרעגישן, איז געווען איינער, אַ יונגער פויער, וואָס איז שטענ־דיק אַרוים דער זיגער, דער שטאַרקער, האָבן שוין אַ סך מורא געהאַט זיך מיט אים צו באַרען און ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט זיין קראַפט אַן אַ שטיקל אַרבעט.

— קום, זאָג איך, — איך וויל אויך פּרואוון...

אַלע האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. זיי האָבן מיך פון אָנ־הויב אָן געהאַלטן פאַר אַ שטיק שלימזל און פלוצלינג רוף איך גאָר אַרוים צום קאַמף און דוקא דעם שטאַרקסטן פּויער, וואָס האָט שוין אַלעמען באַזיגט.

דער פּויער שטייט און גאַפט און ווייס נישט צי מאַך איך דאָס אַ שפּאַס, אָדער מיין איך עס טאַקע ערנסט: — קום, — רוף איך נאָכאַמאָל אויס; — איך מיין עס ערנסט...

גייט ער, דער העלד און ער דערנענטערט זיך צו מיר מיט אַ חוזקדיקן שמייכל, אָבער שוין באַם ערשטן אָנגריף, האָט ער דערפילט, אַז דאָס איז גאָרנישט קיין שפּאַס און ער האָט זיך אָנגעהויבן ראַנגלען מיט אַלע כחות אין מיינע הענט, וואָס האָבן אים געהאַלטן ווי אין צוואַנגען און אַלע צוקוקער האָבן געקוקט מיט פאַרוואונדערטע בליקן און עס איז שוין פאַר זיי געוואָרן אַ שפּאַנענדער ספּעקטאַקל.

נאָך אַ קורצער ראַנגלעניש פון אַ צוויי מינוט, האָב איך אים אַוועק־געלייגט אַזוי ווי אַ געבונדענעם שעפּס און די פּויערים האָבן מיר גע־מאַכט אַ פריילעכן וויוואַט.

---

אינדערהיים, האָט זיך דערווייל אָפּגעשפּילט גאָר אַן אַנדער גע־שיכטע.

אונדזער הויז־פרוי קומט אַריין צו מיר און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט זי מיר, אַז זי האָט זיך געהאַט צעקריגט מיט אַ שכנה און די שכנה האָט זי פאַרמאַסערט פאַר דער באַלעבאָסטע פון הויז, וואָס איז די פרוי פון אַן עסטרייכישן גענעראַל, און די באַלעבאָסטע האָט געזאָגט, אַז איר מאַן געפינט זיך איצט אויפן רוסישן פראָנט קעגן דעם כאַמסקע רוסישן שונא און זי קאָן בשום אופן נישט דערלויבן, אַז אין איר הויז, זאָלן זיך אויפהאַלטן נישט איינגעמאָלדענע רוסן. בכן, בעט זי מיך, אַז איך און באַרנשטיין, זאָלן מיר זיך באַלד גיין מעלדן אין פּאָליציי, ווען נישט מוזן מיר זיך אַרויסקלויבן פון איר דירה...

פאַרשטייט זיך, אַז פון אירע רייד, האָט מיר צוערשט ממש אָפּ־גענומען דאָס לשון, אָבער איך האָב זיך שנעל באַהערשט און איך זאָג איר: — טאָ צו וואָס וויינט איר? נעמט קודם אַ מעלדע־צעטל און גייט אין פּאָליציי, און מעלדעט מיך איין.

איך בין געוואָרן רואיקער, ווייל איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין טאַרנאָווער פּאָליציי, האָב איך אַ שטיקל חלק. דאָרט האָט געדינט אַ אידישער געהיים-אַגענט, אַ געוויסער לייבל און דער דאָזיקער לייבל, איז מיט אידישע אַקטיאָרן געווען אויסגעבונדן און גאָר באַזונדערס איז ער געווען מיינס אַ הייסער פאַרערער.

ווי נאָר איך האָב אויסגעפּילט די מעלדע-צעטל און געגעבן דער הויז-פרוי זי זאָל זיי אָוועקטראָגן אין פּאָליציי, בין איך באַלד אַוועק צו לייבלען און אים דערציילט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך און אים געפרעגט, צי ער קאָן מיר דאָ עפּעס העלפן.

איך בין אָבער געבליבן דערשטוינט פון לייבלס קאַלטן פאַרגליווערטן פּנים. דער פּאָליצייאישער טיפּ האָט מיך ווי נישט דערקענט און גזלניש קאַלט האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער האָט נישט צו טון מיט קיין רוסן. און אַז איך מוז אינטערנירט ווערן אַלס פיינטלעכער אויסלענדער.

— לייבל! — פּרואוו איך אַפּעלירן צו אים; — וואָס פאַר אַ רוס בין איך דיר? איך בין דאָך פון דאָרט אַנטלאָפן, ווייל איך האָב פיינט דעם צאַר מיט זיינע פּאָגראָמשטשיקעס; איך בין דאָך אַ איד, וועמען דער צאַר הערט נישט אויף טרייבן און דערצו, בין איך דאָך אַן אַקטיאָר און דו קענסט מיך שוין אַזוי לאַנג, וואָס פאַר אַ פיינטלעכער אויסלענדער בין איך דיר?...

מיינע ווערטער האָבן דאָך געווירקט אַף אים און ער איז געוואָרן אַביסל ווייכער.

— נו, גוט, רופט ער אויס און קוקט אַלץ נישט אין מיין זייט. — אויב מען וועט דיך קומען רופן, זאָלסטו זיך נישט שרעקן, נאָר זאָלסט באַלד קומען. איך וועל אויך זיין און איך וועל שוין זען, אַז עס זאָל זיין גוט.

איך האָב אים מיט טיפער הכנעה אָפּגעדאַנקט און שוין עטלעכע שעה שפּעטער האָט מען מיך גערופן און איך בין געקומען און לייבלען טאַקע געטראָפן און ער האָט קעגן מיר טאַקע געהאַנדלט נישט ווי אַ פּאָליציישקע, נאָר ווי אַ איד. צוערשט האָט זיך לייבל אַף מיר כלומרשט געבייזערט און האָט מיר פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס איך האָב זיך נישט באַלד געמאָלדן ווי די פּלאַקאַטן האָבן אויפגעפאָדערט און ווען איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב זיך יאָ געמאָלדן און נאָך דערצו באַלד, ווי איך בין אַראָפּ פון דער באַן, נאָך איידער איך האָב אַפילו געהאַט אַ וואוינונג, איז ער שוין געוואָרן צו מיר רואיקער, ער האָט געהייסן נאָכקוקן און עס האָט זיך באַשטעטיקט, אַז איך האָב זיך טאַקע איינגעמאָלדן, האָט שוין לייבל גערעדט צו מיר מיט אַן אַנדער טאָן און ער פרעגט מיך צי איך האָב עפּעס אַ באַ-



צייכנט זיך אויס אין דער ראָל אַלס „באַבע יאַכנע".

## ב. פּאַלעפּאַרע אַלס „אַלרייטניק"



וויפל מאָל האָט פּאַלעפּאַדע געשפּילט אין טעאַטער דעם רייכן מאַן וועלכער וואַרפט מיט שווערע טעאַטראַלע טוויזנטער אַף דער בינע, בעת אינדערהיים האָט ממש געפעלט אַפן טרוקענעם שטיקל ברויט...

שעפּטיקונג און ווען איך ענטפער, אַז איך אַרבעט אין דער מיל, זאָגט מיר לייבל אַן אויפן הויכן קול, אַז איך זאָל אַכטונג געבן, אַז איך זאָל זיך נישט אַרומדרייען אין גאַס און זיך פאַרהאַלטן רואיק און נאָך אַ גאַנצער רייע אָנזאָגענישן, האָט ער מיך געהייסן גיין אַהיים.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, איז שוין געווען שפּעט פאַרנאַכט, דאָס האַרץ איז מיר שוין געווען באַשווערט און מיט אַ שווערן געמיט, בין איך אַוועק אין מיל צו מיין נאַכט-טורנע און ווען איך האָב ענדלעך איבערגעקומען די שווערע נאַכט און אַהיימגעקומען פאַרטאָג און שוין געוואָלט זיך לייגן אין בעט אַריין, עפנט זיך פּלוצלינג די טיר און עס קומט אַריין אַן אָפּגעריסן אינגעלע מיט באַרוויסע פיס.

צוערשט האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ קליין וואַגאַבונדל, וואָס אין גאַליציע זיינען זיי געווען געוונג; מן-הסתם האָט ער זיך דאָ אַריינגעכאַפּט, כדי עפּעס צוגנבענען; האָב איך זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן צו אים און ער האָט זיך אַ דערשראָקענער צוריקגעצויגן אויף יענער זייט מיר.

ווען איך בין שוין געזעסן אויפן בעט, כדי זיך צו לייגן, האָט זיך דאָס אינגל נאָכאַמאָל באַוויזן און איבערגעשראָקן ווי ער האָט אויסגעזען, האָב איך רחמנות געהאַט און אים געפרעגט וואָס ער וויל און וועמען ער זוכט.

דאָס אינגעלע איז געוואָרן דרייסטער און צוגעקומען אַביסל נענטער און פּלוצלינג האָט זיך פון זיין הערצל אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעכער אויסרוף:

— פאָטער!...

ערשט איצט, האָב איך דערקענט מיין זונדעלע.

— איזילע!... קינד מיינס!...

דאָס באַרוויסע אינגעלע איז צוגעפאַלן צו מיר, אַרומגעכאַפּט מיינע פיס און אָנגעהויבן אַזוי צו כליפּען, אַז וויפל איך האָב אים נישט געגלעט און געדריקט צו מיין האַרץ, האָב איך אים נישט געקאָנט באַרואיקן, ביז ער איז אַזוי כליפּענדיק איינגעשלאָפן אויף מיינע הענט, האָב איך אים אַוועקגעלייגט אויפן בעט, פאַמעלעך אַראָפּגעווישט די טרערן פון זיין פּנימל און בעת מעשה, זיינען די טרערן געפלאָסן פון מיינע אויגן ווי פון צעעפנטע קוואַלן און איך בין שוין אַזוי געבליבן זיצן נעבן מיין שלאָפנדיקן אומגליקלעכן יתום...

נאָך עטלעכע שעה, איז מיין זונדל אויפגעוואַכט. צוערשט האָט ער זיך אומגעקוקט אין דער פרעמדער שטוב, ווי ער וואָלט געצווייפלט צי איז דאָס נישט קיין חלום. ערשט מיינע צערטלעכע קושן האָבן אים באַרואיקט און ער האָט אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי מען האָט אים דאָרט,

אין יאַראָסלאַוו, אַנגעהויבן שלעכט באַהאַנדלען, מען האָט אים צוגענומען די שיכלעך און דאָס אנציגל וואָס ער האָט געהאַט פאַר דער שולע, האָט מען אים אויך צוגענומען און מען האָט אים געזאָגט, אַז אויב דער טאַטע וועט שיקן געלט, וועט מען אים דאָס צוריקגעבן און אויב נישט, וועט מען אים צו עסן אויך נישט געבן.

איך האָב געקרעכצט פון ווייטיק. עס איז אמת, אַז איך האָב דעם לעצטן חודש נישט געשיקט קיין געלט, אָבער נישט ווייל איך האָב נישט געוואָלט שיקן, נאָר ווייל מען האָט נישט געקאָנט שיקן און שוין האָט מען דאָרט מיין אָרים זונדל אָנגעהויבן אַזוי שלעכט באַהאַנדלען...

און איזי דערציילט מיר ווייטער, ווי אַזוי ער האָט זיך דאָרט דער־וואוסט מיין אַדרעס אין טאַרנאָוו, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אַף אַ צוג פון פליכטלינגען און זיך געשלעפּט פיר טעג, ביז ער איז אָנגעקומען קיין טאַר־נאָוו און זיך אָנגעפרעגט אַף דעם אַדרעס, וואָס ער האָט געהאַט צו מיר און אַזוי, איז מיין אָרים קינד אָנגעקומען צו זיין טאַטן...



# צווייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

מען עוואַקואירט טאַרנאָוו. — מיר פאָרן אַלס עסטרייכישע פּליכט־לינגע. — מיר וואוינען אין אַ סוכה. — דער פרומער איד טרייבט אונדז. — אידישע אַקטיאָרן אין צייט פון מלחמה. — מיר שפּילן אין מעהרן פאַר פּליכטלינגע. — מיר דאַרפן זיך מעלדן צום עסטרייכישן מי־ליטער. — מיר פאָרן קיין ווין.

די צוויי ווערטער: — מאָביליזאַציע! מלחמה! — זיינען געווען ווי צוויי געפערלעכע פונקען, וואָס האָבן זיך כסדר מער צעפלאַקערט אין אַ שווידערלעך־שרעקלעכן פייער.

שטעט, שטעטלעך און דערפער זיינען חרוב געוואָרן; די רוסן האָבן אינוואַדירט גאַליציע, ביז עס האָבן זיך ענדלעך דערהערט אַנדערע צוויי שרעקלעכע ווערטער: — טאַרנאָוו באַדראָהט!...

די נייע צוויי שווידערלעכע ווערטער האָבן מאָמענטאַן אַרויסגערופן אַ פּאַניק אין טאַרנאָוו. אַלעס וואָס האָט געלעבט, גרויס און קליין, האָט גע־מוזט גיין אין באַצירקס־הויפּטמאַנשאַפט זיך מעלדן, דאָרט האָט מען אַרויס־באַקומען עוואַקואַציע־שיינען שוין צוזאַמען מיט אומזיסטע באַן־בילעטן און דער געלויף און געדרענג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיליטערישע זשאַנדאַרן מיט געפלאַנצטע געווער אַף זייערע ביקסן, האָבן געמוזט האַלטן אָרדענונג.

אין די קאַנצלייען האָט מען נישט געשטעלט קיין שום איבעריקע פראַגן, מען האָט בלויז פאַרצייכנט די נעמען און פאַמיליען־נעמען און מען האָט באַלד אַרויסבאַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז דער און דער האָט אַ רעכט באַ דער ערשטער מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון טאַרנאָוו אַלס עוואַקואירטער.

די צוויי ווערטער: — טאַרנאָוו באַדראָהט, האָבן געמאַכט פאַרגעסן אָן דער פראַגע וועגן פּרנסה, דאַ האָט זיך געהאַנדלט וועגן ראַטעווען זיך דאָס ביסל חיות און אויך מיר, איך און באַרנשטיין, מיר האָבן געלאָזן די מיל און אַוועק אין באַצירקס־הויפּטמאַנשאַפט, מיר האָבן באַלד באַקומען אונדזערע שיינען אַף מאַשין געשריבן און מיר האָבן זיך גענומען פּאַקן.

פון מיינע קאַסטנס און קופערטס, האָב איך געמאַכט פּעק און פּעקלעך, כדי צו קענען זיי אַריינעמען אין באַן און אין דעם פּרט איז באַרנשטיין געווען אַ סך „גליקלעכער", ווייל ער האָט גאָרנישט געהאַט, אויסער די צוויי נאַקעטע קינדער און דאָס קליינע בלאָנדע ווייבל זיינס.

עס איז געווען דער ערשטער טאָג ראש־השנה, ווען מיר זיינען געקומען מיט אונדזערע פּעק און פּעקלעך אין טאַרנאָווער באַנהאָף און דאָרט, האָבן מיר ערשט געזען די גאַנצע גרוילהאַפטיקייט פון מלחמה־צייט און די צרות וואָס רוקן זיך אָן אויף אונדז.

אַלע ווינקלען פון דעם גרויסן באַנהאָף זיינען געווען אָנגעפּאַקט מיט פּליכטלינגען וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ באַן און ווען אַ באַן וועט קומען, דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט.

ענדלעך איז אָנגעקומען אַ באַן, עס איז געוואָרן אַ געדרענג, די מענטשן־מאַסן, מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען פריער געלעגן אויף דער ערד אין אַלע ווינקלען לענג־אויס די פּלאַטפאָרמע, האָט זיך אַ באַוועגט אָנגענומען שטראָמען צו דער ליניע צו, וואו די באַן איז אָנגעקומען, אָבער די באַן, וואָס איז געווען אַ שלעפּ־צוג מיט האַלבע וואַגאָנעס פאַר האָלץ־טראַנספּאָרט, זיינען שוין געווען פול־געפּאַקט מיט פּליכטלינגען וואָס זיינען אַנטלאָפן פון אַנדערע באַדראָטע געגנטן און אין אָפענע וואַגאָנעס, אָן דעכער, האָט מען געזען יונגע און אַלטע אידן איינגעהילט אין די טליתים און די זקנים מיט שניי־ווייסע בערד, געהילט אין די טליתים און מאַנכע אויך אין קיטלען, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אויסערגעוויינלעך בילד. דאָס האָבן די אידן געדאַוונט זייערע ראש־השנהדיקע תפילות פאָרנדיק אין די אָפענע לאַסט־וואַגאָנעס, וואָס זיינען געווען אַזוי פול געפּאַקט, אַז דאָרט האָט שוין קיינער נישט געקאָנט מער אַרויף און מען האָט אָנגעהויבן צוריקטרייבן די מענטשן, פאַרזיכערנדיק, אַז מאָרגן וועט קומען אַ ספּעציעלער באַן אונדז אַוועקצופירן.

האָט זיך די מאַסע צעוויגט אויף צוריק, יעדע פאַמיליען־גרופּע האָט זיך אַפּגעזוכט אַן אַנדער ווינקל און מען האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, וואַרטן ביז מאָרגן.

אויך מיר האָבן זיך אָפּגעזוכט אַ פּיצל פרייען פּלאַץ אויף דער ערד. די ווייבער מיט די קינדער זיינען געזעסן אויף די פּעקלעך און איך מיט באַרנשטיינען, מיר האָבן זיך געדרייט און צוגעקוקט ווי יעדע ווײַלע פאָרן פאַרביי באַנען, אָבער זיי אַלע זיינען פול געפּאַקט מיט מיליטער.

צומאָרגנס איז טאַקע אָנגעקומען אַ לאַנגער צוג מיט אַ סך וואַגאָנען, אָבער אויך ד ע ר צוג איז שוין געווען פול־געפּאַקט, אונדעסטוועגן האָט מען זיך אין גרויסער פּאַניק אָנגעהויבן דרענגען און שטויסן כדי זיך אַרויפצו־

באקומען און אונדזערע פרויען האבן דערוויייל אפגעשפילט א שטיקל. זיי האבן גענומען די קליינע קינדער אף די הענט און אנגעהויבן קווישען אז מען דערשטיקט זיי די קינדער און דאס האט געווירקט, מען האט זיך אפגערוקט און זיי האבן זיך ארויפבאקומען אף דער באן, און דווקא אף א פאסאזשיר־וואגאן, און מיר האבן דורך דעם צעעפנטן פענצטערל אריינגעווארפן די פעק און צום סוף, אויך אליין אריינגעקראכן דורך דעם פענצטערל און אט זיינען מיר שוין געראטעוועטע, מיר זיינען אף דער באן.

דער וואגאן איז געווען אזוי פול־געפאקט, אז עס איז ממש נישט מעגלעך געווען זיך אויסצודרייען. די טירן זיינען שוין געווען פארלייגט, די קלאזעטן פארלייגט מיט פעק און די לופט איז געווען אזוי געפרעסט און אנגעפילט מיט מענטשלעכן שוויים, ממש דערשטיקט צו ווערן.

די באן גייט זייער פאמעלעך, די נאכט פאלט צו און עס קומט א פארבאט אנצוצונדן אפילו א שוועבעלע, און ריידן טאר מען אויך נישט הויך, ווייזט אוים, אז דער שונא געפינט זיך שוין גאנץ נאנט פון דער ליניע און מען טאר נישט געבן צו מערקן מיט גארנישט, פארשטעלט מען די וויינענדיקע קינדערלעך די מיילעכלעך, זיי ווערן שיר נישט דערשטיקט, אבער וויינען לאזט מען זיי נישט און די געצוואונגענע שטילקייט אין דער פינצטערער נאכט, גיסט טויזנטער שרעקן אין אלעמענס הערצער און מען ווארט, אז די נאכט זאל זיך שוין אמאל ענדיקן...

נאר די נאכט, האט זיך ווי אף צו להכעיס געצויגן פונקט אזוי פאמעלעך, ווי דער גאנג פון דער באן. און ווען די נאכט האט זיך שוין מיט מזל יא געענדיקט איז דער מארגנדיקער טאג געווען נאך שווערער און נאך ערגער, ווייל געוואוסט האט מען, אז מען פארט ביז נייסאנדעץ. דאס איז א רייזע, וואס דויערט געוויינלעך דריי־פיר שעה, און קיינעם האט נישט געקאנט איינפאלן, אז איצט וועט מען זיך דארפן שלעפן ביז נייסאנדעץ גאנצע פיר טעג, האט מען זיך נישט געהאט פארגרייט קיין עסן און די קינדער האבן געוויינט און די גרויסע האבן געפילט די פיין און העלפן נישט געקאנט.

ענדלעך, אין א פרימארגן, זיינען מיר פארט אנגעקומען קיין נייסאנדעץ.

דער גאנצער באן־האף איז געווען פארפלייצט פון מיליטער. אפיצירן זיינען אריין אין אונדזערע וואגאנען און אויפגעפאדערט, מיר זאלן וואס שנעלער אראפ, ווייל דער צוג איז נויטיק פאר מיליטער. צוליב דער אייליגניש, איז אויך דאס אראפגיין פון דער באן צוגעגאנגען מיט פאניק און ווען מיר זיינען שוין ענדלעך אונטן, דערוויסן מיר זיך, אז דא בלייבן וועט מען נישט קענען, מיר דארפן פארן ווייטער, קיין בעהמען אדער מעהרן,

נאָר מיר וועלן דאַרפן דאָ צואוואַרטן אַ פינף־זעקס טעג, ביז עס וועט אָנ־קומען אַ ספּעציעלער צוג, וואָס וועט אונדז אויפנעמען.

הערנדיק, אַז מיר דאַרפן דאָ שטיין אַ פינף אָדער זעקס טעג און אפשר גאָר נאָך לענגער, האָבן מיר געלאָזן די ווייבער זיצן און אַכטונג געבן אָפן ביסל אַרימקייט און איך מיט באַרנשטיינען, מיר זיינען אַריין אין שטעטל זוכן ערגיץ אַ דאַך איבער אונדזערע קעפּ.

נייסאַנדעץ איז געווען באַלאַגערט מיט מענטשן פון אַלע עקן גאַליציע, און נאָך מער — פון מיליטער. אַלע פאַבריקן, אַלע גרעסערע הייזער, איבעראַל פול און נישטאָ פאַר אונדז קיין פּלאַץ. האָבן מיר זיך דערמאָנט אָן דעם סאַלאָן וואו מיר האָבן געוויינלעך אין נייסאַנדעץ געשפּילט טעאַטער, אָבער אויך דאָרט איז געווען אַ מיליטער־לאַגער און אונדזער נייסאַנדעץ איז נישט געווען צו דערקענען.

מיר האָבן שוין געוואָלט צוריקגיין צו דער באַן, ווען עמיץ האָט אונדז אָנגעוויזן, אַז אין אַ הויף פון אַ פרומען אידן, שטייט אַ סוכה, די סוכה איז מיט „שלעק" (דאָס איז אַזאַ דאַך וואָס מען קאָן אים עפענען און די סוכה איז כשר, נאָר אויב עס רעגנט, פאַרמאַכט מען דעם „שלאַק" און מען עסט פונדעסטוועגן אין סוכה) און מען קאָן דאָרט וואוינען.

זיינען מיר אַריין צו דעם אידן און מיט תחנונים אים געבעטן, אַז ער זאָל אַריינלאָזן אין סוכה אונדזערע ווייבער מיט די קליינע קינדערלעך וואָס קענען דאָרט באַ דער באַן פשוט אויסגיין און פאַרזיכערנדיק אים, אַז ביז סוכות וועלן מיר אים באַפרייען די סוכה, ווייל מיר פאָרן דאָך באַלד ווייטער, האָט ער אונדז אַריינגעלאָזן.

האָבן מיר שוין פון דער באַן געבראַכט אונדזערע פאַמיליעס מיט אונדזער ביסל אַרימקייט, מיר האָבן זיך צעפּאַקט און איינגעאָרדנט געלע־גערס און יעדן טאָג זיינען מיר געלאָפן פרעגן ווען עס קומט אַ צוג און יעדעס מאָל — דערזעלבער ענטפער, מען ווייסט נישט...

דערוויל איז שוין אַריבער יום־כפּור און דער איד הויבט ביי אונדז אָן מאָנען די סוכה זיינע, ער קאָן דאָך צוליב אונדז נישט בלייבן אָן אַ סוכה... און כדי ער זאָל אונדזערע פּטור ווערן, האָט ער קודם געעפנט די „שלעק" (דעם דאַך), מיט דער טענה, אַז ער דאַרף לופטערן די סוכה און דעמאָלט איז שוין געווען גענוג קאַלט, אָבער זאָל זיין מיט אָפענע שלעק, אַבי נישט אינגאַנצן אָפן גאַס נעבן באַן־האָף, וואו אַנדערע זיינען געלעגן.

עס איז געווען אַ פּרייטיק פאַרנאַכט, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס קומט אַ באַן. האָבן מיר אַף שנעל פאַרפּאַקט די פּעקלעך, גענומען די קינדער און היידאָ, צו דער באַן!

צו אונדזער גרויסן שלימזל, איז דער צוג שוין געווען אַ פול-געפּאַק־טער און מיר זיינען געבליבן ווי אָפּגעשמיסענע.

די האַרבסטיקע נאַכט איז צוגעפאַלן און עס האָט נאָך געטריפט אַ דריבנע קאַלט רעגנדל, אין באַן־האַף איז נישט געווען קיין פּלאַץ אַפילו אַ שפּילקע אַף דער ערד צו וואַרפן, נעמען מיר אונדזערע פּעקלעך און די קינדערלעך און מיר לאָזן זיך צוריקגיין צו דער סוכה.

עס איז אָבער פּריטיק־צו־נאַכט, אונדזער פּרומער איד ענטפערט אַפילו נישט אַף אונדזער קלאַפּן אין טויער און אַף אונדזערע הילף־רופן און עס קומט אונדז אויס, כּמעט לייגן זיך מיט די קינדערלעך אינמיטן גאַס און איבערבידעווען די קאַלטע רעגנדיקע נאַכט.

צום גליק האָט זיך דערנענטערט אַ מענטש, ער האָט מיך דערקענט און זעענדיק אונדזער לאַגע, האָט ער אונדז געפירט צו זיינס אַ באַקאַנטן, אַ סטאָליער, וועלכער איז געשלאָפן אין זיין וואַרשטאַט.

אָנגעקלאַפּט און דער סטאָליער האָט אונדז באַלד געעפנט און אַריינ־געלאָזן. אָבער אָנצינדן אַ ליכט האָט ער נישט געוואָלט, עס איז דאָך שבת, האָבן מיר געמאַכט ליכטיק און דער סטאָליער האָט צונויפגעלייגט ברע־טער און געמאַכט צוויי געלעגערס פאַר די פרויען מיט די קינדער און מיר, איך און באַרנשטיין, מיר זיינען אַזוי איבערגעזעסן די נאַכט.

אַפּצומאָרגנס זיינען מיר באַלד אינדערפרי אַוועק צו דער באַן. צום גליק, איז אָנגעקומען אַ באַן מיט אַ סך וואַגאָנעס, מיר האָבן זיך באַצייטנס אַרויפגעפּאַקט און האָבנדיק שוין אַביסל פּראַקטיק, האָבן מיר באַצייטנס איינגעקויפט ברויט און אַנדערע עס־זאַכן און מיר זיינען שוין געווען באַ־וואָרנט, אויב די רייזע וועט ווידער דויערן עטלעכע טעג.

און די רייזע האָט טאַקע געדויערט. יעדע פאַר מינוט האָט זיך דער צוג געמוזט אָפּשטעלן אַף זייטיקע ליניעס, כּדי דורכצולאָזן די וויכטיקע באַנען וואָס האָבן געפירט מיליטער צום פראָנט און פאַרוואונדעטע פון די פראָנטן און אַזוי זיינען טעג פאַרגאַנגען, און אונדזער רייזע האָט נאָך אַלץ געדויערט.

די לאַנגע רייזע איז אָנגעגאַנגען באַ די שווידערלעכסטע באַדינגונגען. מען האָט זיך ממש געבאָדן אין שמוץ און אַ סך זיינען געווען וואָס האָבן געהונגערט און קינדער האָבן געוויינט און כּמעט עמיץ וואָלט אפשר גרייט געווען צו טיילן זיך מיטן ביסן, האָט מען אָבער נישט געוואוסט ווי לאַנג די רייזע וועט געדויערן און קיינער האָט נישט געוואָלט זיין אויסגעזעצט צו בלייבן אָן אַ שטיקל ברויט. אויך אַנטיסעמיטיזם האָט נישט געפעלט. אין וואַגאָן זיינען אויך געפאָרן פּאָליאַקן מיט זייערע פאַמיליעס און די פּאָליאַקן האָבן אַפילו אין דער שווערער לאַגע, נישט דורכגעלאָזן די גע־לעגנהייט אַ טשעפּע צו טאָן מיט אידן און נישט איינמאָל איז מיר אויסגע־

קומען צו באַרואיקן מיין אויפגעברויזטן „מלחמה-שותּף" באַרנשטיינען, וועלכער האָט זיך געוואָלט וואַרפן אַף איינעם פון די אַנטיסעמיטישע פּאַ־ליאַקן, כדי אויסצומיידן אַ סקאַנדאַליעזן געשלעג אינמיטן פאָרן.

ווען מיר זיינען געקומען אַף דער טעריטאָריע פון מעהרן און בעהמען, האָבן אונדז באַ יעדער סטאַציע אָפּגעוואַרט אידישע דעלעגאַציעס פון לאַנדעס-קאָמיטעט לטובת אידישע פליכטלינגען. איבעראַל האָט מען פאַר־גרייט עסן פאַר אונדז און די קינדער האָבן זיך גאָר מחיה געווען מיט אַ טעפּל וואַרים געקעכץ און בכלל, האָבן די „יאַהודים" אַרויסגעוויזן אַ זייער וואַרימע אידישע באַציאונג צו זייערע אומגליקלעכע גלויבנס-גענאָסן, וואָס דער מלחמה-גורל האָט זיי פאַראורטיילט צו אַזאַ שווערער פּיין.

:: :: ::

איך וואָלט אפשר גאָרנישט באַדאַרפט אַריינעמען די אַלע מלחמה-אי־בערלעבענישן אין מיין בוך „זכרונות פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אידיש טעאַטער", אָבער איך בין דאָך נישט געווען קיין יחיד אַלס אַקטיאָר, וואָס איך האָב געליטן סיי פון מיין מורא אַלס רוסישער אונטערטאַן אַף דער אַזויגערופענער פיינטלעכער טעריטאָריע און סיי אַלס מלחמה-געליטענער; געווען אַ סך אידישע אַקטיאָרן ווי איך און בכלל, אפילו די גאַליציאַנער אי־דישע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן שוין נישט קיין מורא געהאַט אַלס „פאַר־דעכטיקע אויסלענדער", האָבן זיך דאָך געפונען אין דערזעלבער לאַגע וואָס מיר און מיר אַלע האָבן מיט זיך אין די שווערע טעג פון אונדזערע עוואַ־קואַציע-וואַנדערונגען, מיטגעפירט מיט זיך און א י ן זיך דעם דראַנג זיך אויסצולעבן קינסטלעריש און דערפילן אונדזערע אַקטיאָרישע אויפ־גאַבן, אפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

איך האָב די מלחמה-איבערלעבענישן אַריינגענומען אין דער געשיכ־טע, ווייל די געשיכטע פון אידישן טעאַטער, בעסער געזאָגט, דער פּ אַ־ד ע ם פון דער אידישער טעאַטער-געשיכטע האָט זיך נישט איבערגעריסן אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן פון אונדזערע איבערלעבונגען און טראַכטנדיק היינט פון יענער צייט, גלויב איך, אַז דעם אידישן אַקטיאָר קומט זייער פיל צו פאַרדאַנקען, וואָס מאַסן אידן זיינען אין יענע שווערע מאָמענטן נישט אַריינגעפאַלן און פאַרזונקען געוואָרן אין יאוש.

ווען מען האָט אונדז אַרויסגעטריבן פון די וואַגאָנען אין דעם מעה־רישן שטעטל ג א י א, כדי צו האָבן די וואַגאָנען פאַר מיליטער, האָט מען אונדז געטרייסט, אַז דאָ זיינען פאַראַן אויפגעשטעלטע גרויסע באַ־ראַקן, וואו עס וועט זיין פאַר אונדז גענוג פּלאַץ זיך גוט איינצואָרדנען. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז די באַראַקן זיינען שוין געווען פאַרפולט

פון פריערדיקע אנגעקומענע און מען האט זיך באדארפט צונויפקוועטשן און דאס האט דערפירט צו געשלעגן און צו געוויינען, אז עס האט צעריסן דאס הארץ.

האבן מיר, איך און בארנשטיין, אוועקגעזעצט אונדזערע ווייבער און קינדער נעבן אזא באראק, זיי זאלן וואכן איבער די זאכן וואס מיר האבן מיטגעפירט און מיר האבן זיך געלאזן איבערן שטעטל גאיא, אזוי ווי מיר זיינען געוואוינט געווען אויסצוקוקן א שטעטל, וואוהין מיר זיינען געקומען שפילן טעאטער...

עס האט זיך אונדז באלד איינגעגעבן צו דינגען א שטוב אין א פויערישער הייזקע און צוויי שעה שפעטער, זיינען מיר שוין געווען מיט אונדזערע פאמיליעס אין דער דאזיקער פויערישער שטוב און לגבי די אנדערע פליכטלינגע וואס זיינען געקומען צוזאמען מיט אונדז, האבן מיר שוין געוואוינט ווי מלכים...

אפגעגעסן נאכט-עסן און איבערגעשלאפן די נאכט, האבן מיר זיך ווידער ארויסגעלאזן איבערן שטעטל, מיר האבן זיך דערוואוסט, אז דער בירגערמייסטער פון גאיא, איז א אידישער דאקטאר, זיינען מיר באלד אוועק צו אים, פארגעשטעלט זיך אלס אידישע אקטיארן און דער אידישער בירגערמייסטער האט געוואוסט אפצושאצן דעם ווערט פון פארוואגלטע אידישע קינסטלער און ער האט פארארדנט, אז מען זאל אונדז צושיקן די בעסטע שפייזן ביז אין אונדזער וואוינונג אריין.

די בעסערע באקעסטיקונג אליין, האט אונדז אבער נישט באפרידיקט; די קונסט האט אין אונדז אנגעהויבן „בורטשען" און מיר האבן פארגעלייגט דעם בירגערמייסטער, אז אזוי ווי די אלע פליכטלינגע נויטיקן זיך אין אביסעלע אויפלעבונג, זיינען מיר גרייט פאר זיי צו שפילן אידיש טעאטער.

אונדזער פארשלאג איז דעם בירגערמייסטער זייער געפעלן און נישט נאר וואס ער האט אונדז געהאלפן דורכפירן א פארשטעלונג אין גאיא גופא, נאר ער האט אונדז געגעבן א שריפט פון דער געמיינדע מיטן סטעמפל פון קולטוס-פארשטייער און דער בירגערמייסטער האט אונטערגעשריבן א מין באפולמעכטיקונג, אז מיר זאלן שפילן אין די אלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך און די הכנסות זאלן גיין לטובת די פליכטלינגע.

און אזוי האב איך זיך אלס פליכטלינג געמוזט א נעם טאן צו מיין רעפערטואר און צונויפשטוקעווען מאכערייקעס וואס מיר זאלן קענען אליין דורכפירן און הויפטזאך, מיר האבן באדארפט פריילעך מאכן די צושויער, וועלכע זיינען מערסטנס באשטאנען פון די שווער-געפלאגטע פליכטלינגע.

ארויסגעוויזן האט זיך שנעל, אז אין די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, זיינען געקומען צו אונדזערע פארשטעלונגען אויך די איינגעזעסענע

אַסימילירטע יאַהודים, וועלכע האָבן גאָר אַנגעקוואָלן פון אונדז און מיך האָבן זיי געקרוינט אַלס דעם אידישן „קאַאינץ".

עס זיינען געווען שטעטלעך, וואו די קאָמיטעט-פאָרשטייער האָבן אונדז אַוועקגעגעבן די גאַנצע איינאַמעס, זאָגנדיק, אַז זיי וועלן שוין עקס-טרע צושיקן צום בירגערמייסטער זייערע באַשטייערונגען פאַר די פליכט-לינגע.

עס האָט אונדז אַנגעהויבן גיין גוט און מיר וואָלטן אפשר געווען פאַר-געסן אַז מיר זיינען געבוירן צום ליידן, ווען עס ריקט נישט אָן אַף אונ-דזערע קעפּ אַ נייע צרה:

אָנקומענדיק קיין גאַיאַ, האָבן מיר זיך אָנגעגעבן אַלס גאַליציאַנער פליכטלינגע. דאָס האָט געמיינט, אַז מיר זיינען עסטרייכישע בירגער און מיר דאַרפן מער נישט מורא האָבן, אינטערנירט צו ווערן אַלס „פיינטלעכע אויסלענדער". האָט זיך אָבער די וועלט-מלחמה פאַרצויגן און די פראָנטן האָבן כסדר געפאָדערט נייע קרבנות און מען האָט כסדר געמאַכט נייע „מוסטערונגען" (אַסענטירונגען אָדער „פריזיוון") און ענדלעך האָט מען דורך גרויסע באַקאַנטמאַכונגען גערופן אונדזער יאָרגאַנג צו פאַטערלאַנדס-פאַרטיידיקונג.

אין גאַיאַ, האָבן מיר איינגעזען, אַז מיר וועלן זיך נישט קענען אויס-באַהאַלטן און עס וועט מוזן אַרויסקומען אונדזער סוד, אַז מיר זיינען רוסן און ווער ווייס וואָס מיט אונדז וועט דאַן געשען, האָבן מיר אין אַ געוויסן טאָג איינגעפּאַקט צוויי קליינע פּעקלעך, די פרויען האָבן מיר איבערגע-לאָזן אין גאַיאַ, און מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין דער עסטרייכישער רע-זידענץ-שטאָט ווין.

און אַ וואונדערלעכע זאַך: מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז אין ווין לעבן רוסישע אונטערטאַנען פראַנק און פריי און מען אינטערנירט זיי נישט, האָבן מיר זיך טאַקע ריכטיק איינגעמעלדעט אַלס רוסישע בירגער און די פּאָליציי-באַהערדן האָבן נאָר געפאָדערט ביי אונדז אַז מיר זאָלן זיך יעדע וואָך פּרעזענטירן אין אָנגעגעבענעם קאָמיסאַריאַט.

אין ווין, זיינען מיר געווען פרייע מענטשן און מיר האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אומקוקן ווי אַזוי מען קאָן דאָ מלחמה-צייט מאַכן אַ לעבן.



# דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

יצחק דייטש איז נישט דערזעלבער. — איך שאַף אַ צווייטן קאַפּע־טעאַטער אין ווין. — מען נעמט אונדז אַראָפּ פון דער בינע. — מיר גייען צום שטאַטהאַלטער. — דער גוטער פּאָליציי־דירעקטאָר. — איך ווער אַ פּראָפעסאָר פון היטלען. — איך עפן אַ געשעפט און האָב פּרנסה. — אַקטיאָרן זיינען מ י ד מקנא און איך בין ז יי מקנא. — די־רעקטאָר מ א ז ע ס י א ק א ב פון קראָקע אַנגאַזשירט מיך.

דער „סטעפּאַניע־טעאַטער" איז ווי שטענדיק געווען פּאָרנומען פון די סטאַבילע ווינער אידישע אַקטיאָרן, בלויז באַרייכערט פון עטלעכע פּליכט־לינג־אַקטיאָרן, צווישן וועלכע, עס האָט זיך אויך געפונען יצחק דייטש, אין וועלכן די טרופּע האָט זיך גענויטיקט, ווייל ווין האָט געבענקט נאָך איציעס אַ לידל.

פאַר מיר, איז שוין אין „סטעפּאַני־טעאַטער" נישט געווען קיין פּלאַץ און מיין חבר יצחק דייטש, איז אין משך פון די יאָרן געוואָרן אַן אַנדע־רער, די פריינטשאַפט האָט זיך אויסגעלאָשן און ער האָט זיך אַף מיר נישט אומגעקוקט און דאָס האָט מיר זייער, זייער ווייגעטאָן און איך האָב זיך דערווייטערט פון אים, כדי ווייניקער צו פילן מיין ווייטיק.

נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָב איך זיך גענומען צום אָר־גאַניזירן אַ טרופּע און איך האָב פאַרהאַנדלט אין אַ קאַפּע און איינגעאָרדנט אַן ענלעכן טעאַטער ווי אין „סטעפּאַני", נאָר קלענער, אין וועלכן מען האָט אויך באַדאַרפט פאַרווײַלן די געסט וואָס זיינען געזעסן און געגעסן און געפייפט מיט די סיפאָנען און געבלאָזן דעם ציגאַרעטן־רויך אַף דער בינע...

קיין גרויסע קאָנקורענץ פאַר די סטעפּאַני־אַקטיאָרן, האָט אונדזער קליין קאַפּע־טעאַטערל נישט געקאָנט זיין, אָבער אַביסל מענטשן האָט עס אפשר יאָ אָפּגעצויגן און דאָס האָבן די סטעפּאַני־אַקטיאָרן נישט געקאָנט דולדן און אַזוי ווי זיגלער, זייער דירעקטאָר, האָט געוואוסט וואו עס עפנט זיך אַ טיר, האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מען האָט אונדז אַראָפּגענומען פון דער בינע און אַלס רוסישע אונטערטאַנען אונדז שטרענגסטנס פאַרבאָטן צו אַקטואירן אַלס אַרטיסטן.

פ י ש ע ר מ אַ ן, דער באַזיצער פון דער קאָנצעסיע אויף וועלכער מיר האָבן געשפּילט, איז געווען אַ זיבעציק-יעריקער זקן. ער האָט זיך דורכגענו־מען מיט אונדזער לאַגע און ער האָט אונדז געעצהט, אַז מיר אַלע, די אידישע אַקטיאָרן וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד, זאָלן זיך צונויפנעמען און אַוועקגיין אין דער שטאַטהאַלטעריי און מיר זאָלן — „דעם האָהען בעאַמ־טען ערצעהלען וועגען אונדזער לאַגע, דאַס וויר לאַוטער פאַמיליען-מענער זינד, אונד זאָ ווייטער אונד ווייטער...”

וויסנדיק, אַז פישערמאַן איז אַ ווינער פון זיין יונגסטער יוגנט, האָבן מיר זיך געשטיצט אויף זיינע ווערטער און מיר זיינען אַוועק אין דער שטאַטהאַלטעריי, דאָרט האָט אונדז אין פאָרצימער אויפגענומען אַ באַ־אַמטער און אויסגעפרעגט אונדז און איך בין געווען צווישן אונדזער רו־מישער גרופּע דער בעסטער אויף צו ריידן דייטש, האָב איך פאַר דעם סעק־רעטאַר אויסגעשיט אונדזער בקשה און ער האָט אונדז דווקא זייער העלפ־לעך און מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט און דאַן האָט ער אונדז גע־הייסן אַוועקזעצן און וואַרטן.

האָבן מיר געוואַרט, ביז עס האָט זיך באַוויזן דער „אדון-הגדול”, אַ הויכער מאַן מיט אַ שפּיציק שיין שאַטן-בערדל און איך האָב אויך פאַר אים און טאַקע מיט נאָך מער הכנעה, איבערגעגעבן אַפּסניי אונדזער בקשה, נאָר ווען ער האָט געהערט אַז מיר זיינען רוסישע אונטערטאַנען, האָבן מיר געזען ווי ער ווערט ווייס און דערצו האָט ער נאָך געוואָרפן אַ בליק אויף באַרנשטיינען מיט זיינע לאַנגע צעשויבערטע האָר, מיט זיין גאַנצן הולך, האָט ער זיכער געמיינט, אַז אַט-אַט און עס וועט נעבן אים אויפ־רייסן אַ באָמבע... און נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער זיך צו־ריקגעצויגן אין זיין צימער.

— עס איז זייער נישט גוט... האָב איך אַ בורטשע געטאָן צו מיינע קאָלעגן און איידער וואָס ווען, זיינען אַריינגעקומען צוויי יונגעלייט מיט האַרטע קאַפּעלושן, זיי קומען גלייך צו צו אונדז און איינער גיט אַ פרעג: — פערשטעהען זי דויטש? און איך ענטפער גלייך: — יאַ, מיינע הער־שאַפטן!... — נון, קאָמען זי מיט!...

און זיי לאָזן זיך גיין אין דעם צימער וואו דער אדון איז פאַרשוואונדן און איך מיט מיין כאַליאַסטרע, נאָך זיי. פון דעם צימער גייען מיר אין אַן אַנדער צימער, דעם אדון האָבן מיר מער נישט געזען, ביז די צוויי האָבן אונדז אַרויסגעפירט פון דער צווייטער זייט געביידע אויף אַן אַנדערער גאַס.

דאָס האַרץ נעמט אונדז טיאָכקען: — וואו פירט מען אונדז? נאָר באַלד זעען מיר, אַז מיר גייען אַריין אין דעם ווינער פּאָליציי-אַמט, דאָרט האָבן אונדז די צוויי „פירער” אָדער „באַגלייטער” געהייסן זיצן אין פאָר־הויז, און זיי זיינען פאַרשוואונדן.

עטלעכע שעה זיינען מיר אזוי געזעסן אין געהאַקטע צרות, ביז מען האָט אונדז אַריינגעבעטן צום פּאָליציי־דירעקטאָר, אַ שיינער הויכער מאַן, מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר, מיט אַן אויסערגעוויינלעכן הדרת־פּנים, וואָס האָט געוויזן אַן אַבסאָלוטע ענלעכקייט צום גרויסן קינסטלער יאַקאָב אַד־לער און זעענדיק זיינע פריינטלעכע און רחמנות־פולע בליקן, האָב איך באַקומען מוט און איך האָב אָנגעהויבן ריידן. איך האָב דערציילט אונדזער גאַנצע געשיכטע מיטן פאַרבאָט און ווי מיר בלייבן מיט די פאַמיליעס אָן ברויט און ווי דער דירעקטאָר פּישערמאַן האָט אונדז געראָטן גיין צום שטאַטהאַלטער . . .

— וואו זייט איר פאַרקראָכן? — האָט אונדז דער הויכער באַאַמטער איבערגעשלאָגן די רייד: — פאַרוואָס זייט איר באַלד נישט געקומען צו מיר?... איצט איז אַלץ פאַרפאַלן... מען האָט מיר פון שטאַטהאַלטעריי פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס איך לאָז די רוסישע אינדיווידיומס אַזוי פריי זיך באַוועגן אַף די ווינער גאַסן... עס טוט מיר זייער לייד, באַ מיין בעסטן ווילן, מוז איך אייך פאַרהאַלטן אין אַרעסט...

עס האָט אונדז אַלעמען אָפּגענומען דאָס לשון. באַרנשטיין איז גע־שטאַנען האַלטנדיק זיין צעקנייטשטן הוט אין האַנט און פאַר שרעק, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער און מיטן טאָן פון אַן אַלטן כאַראַקטער־רעזשיסאָר האָט ער זיך אָפּגערופן אַף אַ מין צעקאַליעטשעטן דייטש: — און וואָס וועט זיין מיט מיין פראַה אונט קונדער? הע־הע־הע־הע... (און דערביי האָט ער גענומען דראַמאַטיש טרייסלען מיטן קאָפּ און ציטערן מיטן גאַנצן לייב און לעבן, טאַקע נאָר ווי אַ גרויסער אַקטיאָר קאָן עס אַמאָל באַווייזן...) און אין אונדזערע גרויסע צרות, האָבן מיר זיך קוים איינגעהאַלטן פון לאַכן.

יעדנפאַלס, דער אַלטער פיינער מאַן האָט אין אונדז ווייזט אויס נישט געזען קיין געפערלעכן עלעמענט פאַר עסטרייך און ער האָט אונדז מיט אַ פריינטלעכער מינע געהייסן צוזוואַרטן אין פאַרהויז.

טעלעפאָניש זיינען פון פאַרשידענע באַצירקן געקומען אינפאָרמאַ־ציעס, אַז מיר זיינען אין גאַרנישט פאַרדעכטיקט און אַז מיר פאַרהאַלטן זיך רואיק, איז דער הויכער פּאָליצייאישער באַאַמטער ווידער אַרויסגעקו־מען, געהאַלטן פאַר אונדז אַ גאַנצע דרשה ווי אַזוי מיר זאָלן זיך אויפירן, ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט וואַגן אויפצוטרעטן אַף אַ בינע און מיר זאָלן זיך וואָס ווייניקער דרייען אַף די ווינער גאַסן און אַזוי האָט ער אונדז דערקלערט אַלס פרייגעשפּראָכן...

— מיר זיינען פריי!... פריי פון שפּילן טעאַטער, ווייל מיר טאָרן נישט אויפטרעטן אַף קיין בינע; פריי פון פּרנסה און פריי צו שטאַרבן פון הונ־

גער, ווייל מיר דאַרפֿן זיך וואָס ווייניקער דרייען אַף ווינער גאַסן!... אָבער דאָך, מיר זיינען פֿריי!...

זיץ איך אין אַ קאַפֿע און איך טרעף זיך מיט אַ געוויסן פּ ו ק ס, מיט וועלכן איך האָב זיך אַמאָל באַקענט אין גאַליציע און הערנדיק וועגן מיין לאַגע, לייגט ער מיר פֿאָר, איך זאָל זיך אויסלערנען אַ פֿאַך, — פּרעסן היטלען.

— זאָל זיין פּרעסן היטלען, אַבי צו קענען מפרנס זיין מיין פֿאַמיליע און אַזוי ווי דאָס איז נישט פֿון די גרויסע תורות, האָב איך שנעל אויסגע־לערנט און פֿאַרגרעסירט אין דער אַרבעט, אַזוי, אַז שוין נאָך אַ וואָך אָפּ־אַרבעטן, האָב איך פֿאַרדינט אַף אַזויפֿיל, צו קענען אויסהאַלטן מיין פֿאַ־מיליע.

נאָך עטלעכע וואָכן אַרבעט, בין איך אַזוי אַריין אין פֿאַך, אַז איך האָב גוט פֿאַרדינט, און די אַקטיאָרן פֿון סטעפּאַני־טעאַטער, וועלכע האָבן דע־מאָלט געשפּילט פֿאַר ליידיקע טישלעך, האָבן מיך אָנגעהויבן מקנא צו זיין...

מיין פֿאַמיליע האָב איך שוין פֿון פֿריער געהאַט אין ווין און צום אומגליק, האָב איך מיינע קינדער, פֿאַרשרייבנדיק זיי אין שול, אָנגעגעבן אַלס קינדער פֿון אַ רוסישן אונטערטאַן און אין אַ שיינעם טאָג, האָט מען מיר די קינדער אַהיימגעשיקט פֿון שולע, דערקלערנדיק, אַז פֿאַר קינדער פֿון פֿיינטלעכע אויסלענדער, איז קריגס־צייט אין די באַשרענקטע צאָל עסטרייכישע שולן, קיין פּלאַץ נישטאָ.

עס האָבן נישט געהאָלפֿן מיינע פּראָטעקציעס, די קינדער מיינע, וועל־כע זיינען געווען וואוילע שילער, האָבן געמוזט איבעררייסן זייער לערנען און דער פּריוואַטער לערער האָט נישט געקאָנט פֿאַרטרעטן אַ רעגירונגס־שול און אַזוי האָט מען אין ציוויליזירטן עסטרייך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון ליבעראַלן קייזער פֿראַנץ יאָזעף, באַ מיר צוגערויבט די בינע, און באַ מיינע קינדער — די שולע...

באַ מיין אַרבעט האָב איך געמאַכט פֿאַרשריט און איך האָב זיך גע־פֿרייט, וואָס אין דעם הונגעריקן ווין, האָב איך פּרנסה פֿאַר מיר און מיין פֿאַמיליע.

און באַלד האָט זיך נאָך געמאַכט, אַז דורך אַ נייער באַקאַנטשאַפֿט, האָב איך זיך געקאָנט שנעל אָפּגעזעגענען מיט דעם שווערן פּרעס־אייזן. אַ לאַנדסמאַן האָט מיך צוגערעדט: — קומט, זאָגט ער, ווערט אַ סוחר, טוט אַזוי ווי איך...

בין איך אַרוים מיט מיין נייעם באַקאַנטן, מען האָט אונדז גערופֿן אין אַ הויז און מיר האָבן דאָרט עפּעס איינגעקויפֿט און פֿון האַנט צו האַנט,

האָבן מיר עס באַלד פאַרקויפט און פון דעם איינעם האַלבן טאָג געשעפט, האָב איך פאַרדינט מער ווי פון אַ גאַנצע וואָך שטיין און פרעסן מיט דעם שווערן פרעס־אײַזן...

אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָב איך שוין נישט באַדאַרפט דעם שותף; איך האָב שוין אַליין פאַרשטאַנען די קונץ און באַלד האָב איך געעפנט אַ קליין געשעפטל און איך האָב דערפון געהאַט זייער פיין פּרנסה.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טראַגיש שפּיל:

אין די זונטיק־טעג האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אַקטיאָרן, איך בין געווען אין „סטעפאַני" און מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן מקנא געווען. באַ מיר האָט געצופּט אין דער נשמה, עס האָט זיך דאָך אַזוי גע־וואָלט אַזאַ שפּיל טאָן טעאַטער... האָב איך די אַקטיאָרן מקנא געווען, ווי זיי וואָלטן געווען די גליקלעכסטע מענטשן... און זיי, די אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך היפּשלעך צוגעמוטשעט מיט זייער קונסט, האָבן ווידער מיך מקנא געווען, וואָס איך האָב זיך ענדלעך „אַרויסגעריסן פון דעם ברויט" און איך האָב אַ לייטישע פּרנסה...

מיר האָבן זיך קעגנזייטיק מקנא געווען, אָבער מיר האָבן זיך קעגנ־זייטיק געמאַכט האַרץ און נישט געגעבן צו פילן איינער דעם אַנדערן די קנאה, פאַרקערט, יעדער צד האָט געשפּילט פאַר דעם אַנדערן, דעם גליק־לעכן און צופרידענעם... — אַ זייער טראַגיש שפּיל געווען...

עס איז געווען אין יאָר 1917. איך בין שוין געווען גאַנץ גוט איינגע־אָרדנט אין ווין, דאָס געשעפטל האָט געגעבן גאַנץ פיינע פּרנסה און פּלוצ־לינג קומט צו מיר אַ ספּעציעלער שליח פון דעם קראָקעווער טעאַטער־די־רעקטאָר הער מ אַ ז ע ס י אַ ק אָ ב, ער טיילט מיר מיט, אַז ער קומט אין אויפטראַג פון זיין הער דירעקטאָר, מיך צו אַנגאַזשירן קיין קראָקע, ער לייגט מיר פאָר אַ פיינע גאַזשע און גיט מיר אויך אין נדן אַריין, אַז איך וועל זיין דער ערשטער אַקטיאָר און אויך רעזשיסאָר.

הערנדיק די פאָרשלאַגן, איז אין איין מינוט דורכגעלאָפן און דורכ־געשטראָמט אין מיין מוח און אין מיין האַרצן אַ גאַנצע וועלט. וואָס זאָג איך? גאַנצע צוויי וועלטן! איין וועלט, די קרעמערישע, דאָס געוועלבל מיינס וואו איך שלעפּ די חיונה און איין טאָג איז אַזוי ענלעך צום צווייטן און אַלץ שלעפּט זיך עפּעס אַזוי באַלעבאַטיש־איינטאָניק און די צווייטע וועלט, די ב י נ ע, וואו די ראַמפּע־לאָמפּן גיסן דעם באַלויכטענעם אַקטיאָר פיבער אין האַרצן און וואו אַן עולם אידן קוקט אָף דיר און וואַרט, אַז דו זאָלסט עפּעס באַווייזן פאַר זיי און ווי דער עולם רעאַגירט מיט שטורעם אָף אַלץ וואָס דו באַווייזט און ווי דער עולם דערהויבט זיך פון עמאָציע און באַ־גייסטערונג און ער רייסט דיך מיט און הויבט דיך אַרויס מיט זיינע אָפּ־לאָזן אין די הויכע הויכן פון הייליקן געניוס...

אין איין מינוט זיינען דורך מיין מוח און אין מיין האַרץ דורכגעלאָפן צוויי וועלטן און ווי מורא האָבנדיק, אַז די ערשטע וועלט, די קרעמערישע וועט מיך פאַרהאַלטן, האָב איך זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן צו דער צווייטער, צו דער טעאַטער־וועלט, וואו איך וועל זיך ווידער קענען באַפרייען פון מיינע קינסטלערישע פיבערן און איך האָב שוין געזען פאַר זיך דעם קראַקעווער טעאַטער־עולם, וועלכער האָט מיר אַלעמאָל אַזויפיל פאַרערונג אַרויסגעוויזן און איך האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, איך האָב אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט און איך פאַרקויף שנעל מיין געשעפטל אין ווין און איך פאָרלאָז אַלע גליקן מיטן פאַרשמאַלצעוועטן געלט און איך פאָר קיין קראָקע, קיין קראַקע אין אידישן טעאַטער אַף באָבענסקאַ, צום דירעקטאָר מ אַ ז ע ס י אַ ק אָ ב, וואו איך וועל זיין רעזשיסאָר און ע ר ש ט ע ר אַקטיאָר!...







**ב. פּאַלעפּאַרע**
**אַלס**
**שלמהקע**
**„שאַרלאַטאַן"**

דאָס איז געווען איי־נע פון פּאַלעפּאַדעס קרוין־ראָלן, אין וועל־כע ער האָט זיך אַלע־מאָל אויסגעצייכנט און אַרויסגערופן שטורמישן אַפּלאָדז באַם עולם, און באַ פּאַלעפּאַדען איז „שלמהקע שאַרלאַ־טאַן" אַלעמאָל גע־ווען זיין באַליבטסטע קונסט־ראָל.

מיט אייגענע כוחות אין טעאַטער „אַמכו"



דריי פּאָזן פון ב. פּאַלעפּאַדע אין זיין קונסט-ראָל „דעוויאַטקאַ" בעת דער שיינער אויפפירונג פון „אַזעף" אין 1932.

# פינפאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דירעקטאָר מאָזעס יאַקאָב פון קראָקע. — מיינע אויפטריטן אין קראָקע — פּליסיקע רויטע פאַרב אין מיין צילינדער־הוט. — דער דירעקטאָר מעבלירט אויס די בינע מיט זיינע אייגענע שטוב־מעבל. — מען אַרעסטירט מיך אַלס מיליטער־פליכטיקן. — איך דאַוון אין תפיסה צוזאַמען מיט צוויי פרומע אידן. — די אידן בענטשן מיך.

פּראָפעסאָר מאָזעס יאַקאָב, איז געווען אַ רעליגיאָנס־לערער אין אַ קראָקעווער רעגירונגס־שול און צו דעם צו, איז ער אויך געווען דער קייזער־קעניגלעכער פּאָליצייאישער צענזאָר און ביז ער אַליין איז געוואָרן דער טעאַטער־דירעקטאָר, האָט דאָס אידישע טעאַטער אין קראָקע נישט ווייניק געליטן פון אים אַלס צענזאָר.

אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט אויסגעשטראָכן אַ סך וויכטיקע און אַמאָל די וויכטיקסטע שטעלן פון אַ פּיעסע, האָט ער די פּיעסע „כל נדרי" אינגאַנצן פאַרבאָטן צו שפּילן און גאָרדינס פּיעסע „גאָט, מענטש און טייוול", האָט ער אויסגעשטראָכן דאָס ערשטע וואָרט פון טיטל, מיטן מאָטיוו, אַז עס איז נישט מאָראַליש און עס איז אַ גאָט־לעסטערונג, צו שטעלן דעם נאָמען גאָט, צוזאַמען מיט מענטש און טייוול און די פּיעסע איז אַנאָנסירט געוואָרן בלויז „מענטש און טייוול"...

אַ חוץ רעליגיאָנס־לערער און צענזאָר, איז מאָזעס יאַקאָב אויך געווען אַ קינסטלער אין צייכענען און ליטאָגראַפירן. אַזוי האָט ער למשל אויפגעצייכנט און צוזאַמענגעשטעלט אַ געטרוי בילד פון בית־המקדש, וואָס מען איז געלאָפן אָנקוקן אַף חידושים און יאַקאָב האָט חוץ דעם באַוויזן, אַז אַף אַן איי פון אַ הון, האָט ער אויפגעשריבן גאַנץ שיר השירים און אַף אַ געגדזענע איי, גאַנץ תהילים.

ער האָט געקענט שרייבן אַזוי קליין, אַז ער האָט אָנגעשריבן היינעס אַ ליד, אַף דעם שאַרף פון אַ דין בלעטל און מיט אַ פאַרגרעסערונגס־גלאָז האָט מען עס דייטלעך געקאָנט איבערלייענען.

זיינע קענטעגישן און זיין פיל־זייטיקער טאַלאַנט, האָבן גאָרנישט גע־שטערט, אַז ער זאָל זיין אַ געלט־גייציקער מענטש פון ערגסטן מין און אַלס צענזאָר — אַ קאַלט־בלוטיקער רשע, וואָס האַלט זיך כּלומרשט שטרענג לויטן געזעץ.

אַז דאָס האַלטן זיך שטרענג לויטן געזעץ איז ביי אים געווען בלויז אַף צוכּלומרשט, קאָן באַווייזן דער פאַקט, וואָס ווי נאָר ער אַליין האָט דורך פאַרשידענע פּראַטעקציעס באַקומען די קאָנצעסיע אַפן קראָקעווער טעאַטער, און ווי נאָר ער האָט אַנגאַזשירט אַ טרופּע און געוואָרן דירעק־טאָר, האָט ער אַלס ערשטע אויפפירונג אויסגעקליבן דווקא די פריער דורך אים פאַרבאָטענע פּיעסע — „כּל נדרי", ווייסנדיק, אַז מיט דער פּיעסע וועט ער שלאָגן קאַפּיטאַל אַפן זיכערסטן אופן...

אָט אַזאַ, איז געווען דער דירעקטאָר מאָזעס יאַקאָב, וועלכן די אַק־טיאָרן האָבן צווישן זיך גערופן מיט לצנות — משה יאַנקל.

זיין טעאַטער איז געשטאַנען אַף דער באָכענסקאַ גאַס נומער 7, כּמעט אַן אונטערגעסל, אָבער קראָקעווער אידן האָבן געטראָפן אַהין און אָבי אַ פאָרשטעלונג איז זיי געפעלן, האָבן זיי אויסגעפילט דאָס טעאַטער.

דער טעאַטער־סאַלאָן וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויס קאָלעקטיוו פּריוואַט הויז, איז געווען זייער אָרים אויסגעשטאַט, אָבער עס איז אַלץ געשטאַנען העכער, ווי דער סטעפּאַניע־טעאַטער אין ווין. דאָ זיינען די בענק־לעך געשטאַנען אויסגעשטעלט אין רייען און מען האָט נישט געפייפט מיט קיין סיפאָנען בעתן שפּילן.

נאָר וואָס דען? — די בינע איז געווען בלוט־אָרים. די בינע האָט פאַר־מאָגט אַן אַלט צעבראָכן טישל און עטלעכע שטילן פון זעלבן טיפ, און אָט־אַ דאָס ביסל מעבל, האָט באַדאַרפט דינען פאַר אַלע פּיעסן, צי די בינע האָט באַדאַרפט פאָרשטעלן אַ רייכן סאַלאָן, אָדער אַן אָרים שטיבל...

דעם דירעקטאָר יאַקאָב איז געווען זייער שווער צו איבערצייגן, אַז אַ בינע נויטיקט זיך אין אויסשטאַטונג, אין עפעקטן, ער האָט געהאַט איין טענה: — וואָס ווילן זי דען? דאָס פּובליקום קאָמט דאָך מאַסנהאַפט גאַנץ עגאַל! . . .

און דאָס איז געווען אמת. קראָקעווער מיטלקלאַס־מענטשן און נאָך מער, פון די אָרימע שיכטן, האָבן אָנגעפילט דאָס טעאַטער און פאַר דעם טעאַטער־דירעקטאָר משה יאַקאָב, איז דאָס געווען גענוג, ווייל ער האָט שוין איצט (נישט אַלס צענזאָר, נאָר אַלס דירעקטאָר) געזוכט באַם טעאַ־טער נישט מער, ווי געשעפט.

:: :: ::

פאַר מיין ערשטן אויפטריט אין קראָקע, האָב איך אויסגעקליבן יעקב גאָרדינס „דער ווילדער מענטש". דער סאַלאָן איז געווען פול געפּאַקט און איך האָב אין דער ראָל אַלס למך, דער ווילדער מענטש, געמאַכט אַזאַ פּור־ראָר, אַז דער עולם האָט מיר לאַנג אַפּלאָדירט און דער דירעקטאָר אַליין איז אַרויפגעקומען און מיט התפּעלות מיך באַגריסט, פאַרשטייט זיך, אין דייטשער שפּראַך.

מיין דערפאָלג האָט, ווי געוויינלעך, אויך אין קראָקע צווישן מיינע אַקטיאָרן אַנגערירט די סטרונע פון קנאה און איינער פון זיי, (איך וויל דאָ זיין נאָמען נישט דערמאָנען) וועלכער האָט יאָרן שפּעטער אויפגעטראָטן דאָ אין בוענאָס איירעס, וואו ער האָט אויפגעהויבן אַ שטויב אַף דער בינע, דער איינער, האָט געזוכט מיר אָפּצוטאָן אַ שפּיצל און נאָר דורך אַ גליקלעכן צופאַל, האָט עס זיך אים נישט איינגעגעבן איז פור־לער מאָס.

די געשיכטע איז געווען אַזוי:

צום לעצטן אַקט פון „ווילדער מענטש", האָבן מיר געהאַט פאַרגרייט אַזאַ שאַרפע רויטע פליסיקייט, וואָס בעת איך דאַרף קוילען די שטיפמאַמע, האָב איך אין דער פליסיקייט איינגעטונקען דעם חלף און דאָס כלומרשטע בלוט מאַכט אַ שטאַרקן רושם אַפן עולם.

נאָך דעם „ווילדן מענטש" האָב איך געשפּילט „דודס פידעלע (דאַווידס גייגע) און צום צווייטן אַקט, ווען איך דאַרף זיך אימפּאָנירן אַלס רייכער מאַן, האָב איך זיך פאַרגרייט מיט ספּעציעלע רייכע מלבושים און מיט אַ שיינעם צילינדער־הוט.

איך האָב זיך שוין אינגאַנצן אָנגעטאָן און עס פעלט מיר בלויז אָנטאָן אויך דעם צילינדער.

פון געוואוינהייט, טו איך קיינמאָל נישט אָן קיין הוט, ביז איך פּוץ אים נישט אַרום און דאָס איז געווען מיין גליק, ווייל ווי נאָר איך האָב אַ נעם־געטאָן דעם צילינדער און אים געוואָלט אַרומווישן, האָט זיך פון אים אַרויסגעגאָסן די שאַרפע רויטע פליסיקייט, אין וועלכער איך האָב מיט אַ נאַכט פריער געהאַט איינגעטונקען דעם חלף, ער זאָל אויסזען ווי פאַרבלוטיקט...

איך האָב מיט דער פליסיקייט בלויז פאַרשמירט מיינע קליידער און מיינע שיך, אָבער דער געדאַנק, אַז דער ווילדער ליץ וואָס האָט מיר אָפּגעטאָן דאָס שפּיצל, איז אויסן געווען, אַז איך זאָל דעם צילינדער אָנטון אַפן קאָפּ, דאָס בילד ווי איך וואָלט אויסגעזען ווען דאָס פּאַסירט אַזוי, האָט מיך ווילד געמאַכט און איך האָב נישט געוואָלט פאַרזעצן מיט דער פאַרשטעלונג.

אויך דער דירעקטאר יאקאב איז געווען זייער אויפגערעגט, אבער גלייכצייטיק האט ער זיך באמיט מיך צו בארואיקן און די אקטיארן האט ער געדראט, אז ער וועט מאכן אן אויספארשונג ווער דער שולדיקער איז געווען און ער וועט אים לאזן ארעסטירן.

דאנקען גאט, וואס צו קיין ארעסטן איז עס נישט געקומען, (כאטש ביי משה יאנקל איז דאס געווען פון די קלייניקייטן) דער דירעקטאר האט בלויז אפצומארגנס צונויפגערופן די טרופע און געהאלטן פאר די אקטיארן א שארפע רעדע, איבערגעבנדיק מיר די אויטאריטעט, אז: —„פיר יעדער ארט ווידערשפעניקונג, קענען זי בעשטראפן לאוט איהנעם איינזעהן!...”

נאך עטלעכע פיעסן, וועלכע איך האב מער-ווייניק געקאנט צופאסן צו דעם ארימען ביסל מעבל וואס אונדזער בינע האט פארמאגט, האב איך געוואלט אויפירן א סאלאן-אפערעטע, אבער עס איז מיר נישט געווען מעגלעך צו באוועגן דעם דירעקטאר, ער זאל אויסגעבן די קלענסטע הוצאות פאר דער פארשענערונג פון דער בינע.

ערשט ווען איך האב אים געדראט, אז איך קאן בא די באדינגונגען ווייטער נישט ארבעטן, און אז איך בין גרייט צו פארלאזן זיין טעאטער, האט ער מיר צוגעזאגט, אז פאר דער פרעמיערע וואס דארף גיין שבת, וועט ער אויסשטאטן די בינע מיט ניי מעבל, נאך בעסער ווי איך אליין ווינטש עס.

און ער האטווארט געהאלטן. צו דער פרעמיערע האט ער צוגעשיקט אין טעאטער ארייין זיין אייגן מעבל. ער האט געוואוינט זייער שיין, אף א רייכער גאס אין קראקע און ער האט געבראכט אין טעאטער די גאנצע שיינע מעבל-אויסשטאטונג פון זיין רייכער שטוב.

בעסער האב איך זיך נישט געקאנט ווינטשן. דער עולם האט געפלאצט אף דער בינע, זיי האבן ממש נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן; צום ערשטן מאל אין זייער לעבן האבן זיי געזען אזא רייך-אויסגעשטאטעטע בינע און די פארשטעלונג איז דורך מיט אן אויסערגעוויינלעכן דערפאלג.

דאסזעלבע איז געווען צומארגנס, זונטיק באטאג און באנאכט. נאר מאנטיק, בעת מיר זיינען געקומען צו פראבע, האבן מיר שוין געזען שטיין א גרויסן וואגן פאר דעם טעאטער און טרעגערס האבן שוין ארויסגעטראגן די מעבל צוריק, אף אפצופירן אהין, צום דירעקטאר יאקאב אין זיין רייכער היים, פונוואנען מען האט זיי געבראכט...

די ווייטערדיקע פארשטעלונגען פון דערזעלבער פיעסע, האב איך

שוין געמוזט שפּילן מיט דעם אָרימען ביסל מעבל, וואָס האָט זיך געפונען אָף דער בינע משׁשת ימי בראשית...

---

די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן און די פראָנטן האָבן זיך כסדר גע־נויטיקט אין ניי מענטשן־פליישׁ און איינמאָל, בעת פּראָבע, קומט אַריין אַ געהיים־אַגענט און נעמט מיך אַראָפּ פון בינע און עס העלפן נישט קיין שום טענות, ער פירט מיך אָפּ אין אַמט און דאָרט דערוויס איך זיך, אַז פון קריגס־מיניסטעריום איז אָנגעקומען אַ פּאַפּיר, אַז איך האָב נישט מיט וואָס איבערצוציייגן, אַז איך בין טאַקע אַ רוסישער אונטערטאַן און איך דאַרף גיין דינען דעם עסטרייכישן פאָטערלאַנד...

נאָכדעם ווי מען האָט מיר דאָס מיטגעטיילט, האָב איך שוין נישט געהאַט מיט וועמען צו ריידן. שוין נישט קיין געהיים־אַגענט, נאָר אַ זשאַנדאַר מיט אַ ביקס און מיט געפלאַנצט געווער איז אויסגעוואַקסן נעבן מיר און ער זאָגט מיר: — קאָמען זי מיט.

מען מוז גיין. ער האָט מיך אָוועקגעפירט אָף דער פּאָוויאַ־גאַס אין דער גרויסער „רודאָלף קאַזאַרמע” און דאָרט האָט מען מיך אַריינגעשיבט אין אַ צעלע און איידער איך כאַפּ זיך וואָס דאָ איז מיט מיר געשען, די טיר איז שוין הערמעטיש פאַרמאַכט, כאָטש שריי חי־וקים...

איך קוק זיך אום וואו איך בין דאָ ערגיץ אין דער וועלט און איך זע, אַז אין צעלע געפינען זיך נאָך צוויי אידן און עפּעס אַ וואַגאַבונד.

די צוויי אידן, אין פרום־חסידישע קליידער, האָבן אין מיר דערקענט אַז איך בין אַ איד און אָט דערלאַנגען זיי מיר שלום־עליכם און איינער פון זיי, דער הויכער מיטן שוואַרצן בערדל און מיט פאַרטראַכטע אויגן דערציילט מיר, אַז ער שטאַמט פון בוקאָווינע און דאָס קליינע אידל מיט אַ געקרייזלט בערדל און געלאָקטע פּאות, איז טאַקע פון קראָקע און זיי זיצן און וואַרטן ביז גאָט וועט זיך איבער זיי מרחם זיין...

צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך זיך געפונען הינטער גראַטעס און דאָ זיצט מיין פאַמיליע אין ווין און ווייס אַפילו נישט פון מיין אומ־גליק און עס קלעמט דאָס האַרץ פאַר מיר און פאַר מיינע קינדער, ווער ווייס וואָס פון מיר וועט דאָ ווערן און וואָס עס וועט דאַן ווערן פון מיינע קינדערלעך.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און די שאָטנס האָבן זיך אויסגעלייגט אָף דעם אומעטיקן גרויען קעמערל און איך בין געשטאַנען און געקוקט דורכן פענצטערל צו דער לבנה און פון די אויגן האָבן זיך מיר אַרויסגעגליטשט טרערן.

די צוויי פרומע אידן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען מעריב און זעענדיק, אַז זיי פאַרדריסט, וואָס איך האַלט נישט מיט, האָב איך זיך אויך צוגערוקט צו זיי און אַלע דריי האָבן מיר אימפּראָוויזירט אַ שיל און די טענער פון אונדזער מעריבדיקער תפילה האָבן אויסגעדריקט די ווייטיקן פון אונדזערע הערצער.

די גאַנצע נאַכט בין איך געשטאַנען אַף די פיס, ווייל עס האָט מיך געעקלט אַוועקצוזעצן אָדער אַוועקלייגן זיך אַף די שמוציקע בענק, וואָס זיינען געווען פול מיט אומפליייט.

אַפן דריטן טאָג, עס איז געווען דער ערשטער מאַי און דער טאָג איז אויפגעשטאַנען אַ שטראַלנדיקער און אַ שיינענדיקער און איך האָב מיט אויפגעריסענע אויגן אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטערל צו דעם שיינעם פרייען דרויסן, צו וועלכן איך האָב מער נישט קיין צוטריט, ווייל איך בין אַן אַרעסטאַנט...

די צוויי אידן כראַפּען געשמאַק אַף די האַרטע נאַרעס, זיי זיצן דאָ שוין לאַנג און זיי האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו די צרות און ענדלעך וועקן זיי זיך אויף און ווי יעדן פרימאָרגן, האָבן זיי זיך באַלד גענומען צום — דאַווענען.

דער בוקאָווינער איד האָט געדאַוונט אין צוויי פּאָר תפילין. ביידע האָבן געדאַוונט מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך געשאָקלט דערביי און מיט ווייטיקלעכע הכנעהדיקע טענער האָבן זיי געבעטן באַם רבונו של עולם און נאָכן דאַווענען, זיינען זייערע אויגן געוואָרן ווי ליכטיקער, און עס האָט פון זיי אַרויסגעשטראַלט נייע האָפענונג און נייער גלויבן, אַז גאָט וועט זיך דאָך מרחם זיין אַף זיי.

אַרום אַכט אַזייגער האָט זיך געעפנט די צעלע און אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס האָט אויסגערופן מיין נאָמען: — פּאַלעפּאַדע!...

איך האָב זיך אַף שנעל געזעגנט מיט די צוויי אידן, מיינע ליידנס־גענאָסן, דער הויכער שלאַנקער איד האָט מיר לאַנג געהאַלטן די האַנט און זי וואַרים געדריקט און ער האָט מיר געווינטשן, אַז איך זאָל אויס־געלייזט ווערן פון גויאישע הענט און באַם ווינטשן מיר, האָבן זיך צוויי גרויסע טרערן אַרויסגעקייקלט פון זיינע פאַרחלומטע אויגן.

איך בין מיט אַ פאַרוויינט פּנים אַרויס פון דעם קעמערל און נאָכ־געגאַנגען דעם סאָלדאַט מיט דער ביקס, אַף דעם גרויסן הויף פון דער קאַזאַרמע.

---

# פינפאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די „רודאלפס־קאסערן" אין קראקע — א אידישער אפיציר דער־קענט מיך. — די קאליקעס זיינען „טויגלעך" און מיך שיקט מען אף אבסערוואציע. — איך באקום א פאפיר „אומטויגלעך". — מיין 25 יעריקע יובילײ־פארשטעלונג. — דער אקטיאר וואיקא־ווייננאלד, אדער דער נר אברהם בן אברהם. — די יובילײ־פארשטעלונג גיט מיר פרייד און מוט.

דער הויף פון דער „רודאָלף קאַסערן" אין קראָקע, איז געוואַלטיק גרויס און דאָרט געפינען זיך זייער אַ סך ריזן־בנינים און פון איין בנין צום אַנדערן, איז אַ היפּשער מהלך. און ווי גרויס עס איז דער ריזן־הויף, זיינען איבעראַל געווען מענטשן און מענטשן, וועלכע האָבן באַדאַרפט גיין צו דער „מוסטערונג" (פּריזיוו).

איך גיי נאָך דעם באַוואָפנטן סאָלדאַט; איך גיי און די פיס וואַקלען זיך אונטער מיר, ביז ענדלעך זאָגט ער מיר, אַז דאָ דאַרף איך וואַרטן, ביז מען וועט מיך רופן.

איך קוק זיך אום אָף דער גרויסער גרופּע מענטשן, צווישן וועלכע איך געפין זיך און איך זע אַ סך אידן, אָבער נאָך מער גוים, נאָר די גוים זיינען פּראַקטישער, זיי האָבן באַלד מיטגעבראַכט זייערע קופערטלעך מיט זאַכן, גרייט צו בלייבן דינען און זיי זיצן אָף די קופערטלעך און איך בין זיי מקנא וואָס זיי זיצן און איך קאָן נישט אויסהאַלטן און בעט זיך בא איין שייגעץ, ער זאָל מיר דערלויבן אַוועקזעצן זיך אָף זיין קופערטל און ער דערלויבט מיר און אָט זיץ איך אין האַלבן דרימל, ווייל שוין דעם פערטן טאָג, וואָס איך בין נישט געזעסן און נישט געשלאָפן. פּלוצלינג פיל איך ווי מען טאָרעט מיך, איך מאַך אויף די אויגן און דערזע אַ בלאָנדן אָפיציר, ער שטייט און גיט באַפעלן און מיין גרופּע צעוויגט זיך און ענד־לעך קוקט דער בלאָנדער אָפיציר צו מיר און ער שטעלט אָף זיין בליק אָף מיר און איך זע ווי זיין פּנים הויבט אָן אויסדריקן פאַרוואונדערונג. און פּלוצלינג גיט ער נישט דרייסט אַ פרעג: — הער פּאָלעפּאָדע?...

דער בלאַנדער אָפיציר האָט מיך דערקענט פון טשערנאָוויץ און ער האָט זיך מיט מיר זייער וואַרים באַגריסט און מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט פאַר מיר טון אַלץ וואָס נאָר מעגלעך.

ער איז אַוועקגעלאָפן און אין אַ קורצער ווײַלע קומט ער צוריק און זאָגט מיר, אַז צו דער מוסטערונג וועל איך זיך מוזן צושטעלן, אָבער איך זאָל זיך נישט שרעקן, איך זאָל זאָגן אַז איך בין קראַנק און ער וועט שוין זען, אַז מען זאָל מיך איבערשיקן אין אַ שפּיטאָל און דאָרט וועט מען שוין ווייטער זען עפּעס צו טאָן...

דעם אָפיצירס ווערטער האָבן מיך היפּשלעך באַרויִקט. דער אַמאָליקער טעאַטער־פאַרערער מײַנער פון טשערנאָוויצער טעאַטער, איז פאַר מיר איצט, אין דעם אָפיצערסקע קאָסטיום, אויסגעוואַקסן ווי אַ דערלייזער, וואָס נאָר גאָט האָט מיר אים צוגעשיקט.

ענדלעך האָט מען מיך אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן סאַלאָן, וואו עס זײַנען שוין געשטאַנען אַ סך מענטשן פון מײַן יאָרגאַנג, זיי זײַנען געשטאַנען מוטער־נאַקעט און איך האָב געזען צווישן זיי קאַליקעס מיט הויקערס און גוליעס און געבראָכטע, ווײַזט אויס, אַז אַלע געזונטע מענער האָט שוין די מלחמה פאַרשלונגען און מען מוז שוין אָנקומען אָט אַ, צו דעם ביסל רעשטלעך געבראָכענע קראַנקע מענטשן, צווישן וועלכע איך האָב אויסגעזען ווי אַ ריז פון אַן אַנדערער וועלט און עס האָט אַפילו נישט געקאָנט זײַן די קלענסטע האָפענונג, אַז איך זאָל צווישן דעם ביסל בראָכוואַרג קענען אַרויסקומען פרײַ.

אויבנאָן, אין צווייטן עק סאַלאָן, איז געזעסן די מיליטערישע קאָמיסיע וואָס האָט געמוסטערט. דער שטאַבס־אַרצט, אַ שטרענגער, מיט לאַנגע טונקל־גרויע וואָנסעס, איז געזעסן אויבנאָן און אַ צווייטער מיליטער־דאָקטער האָט די מענטשן אײַנציקווײַז פאַרגעפירט פאַרבײַ אים און איך האָב געזען, אַז ער האָט גאַנץ זעלטן עמיצן דערקלערט פאַר אומטויגלעך. יעדע ווײַלע האָט זיך געהערט זײַן שטרענגער אויסרוף: — „ט א ו ג ל י ך” און דאָס וואָרט האָט פאַר מיר געקלונגען ווי דער שאָס פון אַ האַרמאַט. באַ די באַדינגונגען, האָט זיך אין מיר אויסגעלאָשן די קלענסטע האָפענונג צו ווערן באַפרײַט.

ענדלעך איז עס געקומען צו מיר. דער מיליטער־דאָקטער האָט מיך נישט פאַרבײַגעפירט פאַרן שטאַבס־אַרצט, נאָר זיך אָפּגעשטעלט באַ מיר, געפרעגט מיך צי האָב איך זיך אָף וואָס צו באַקלאָגן און איך האָב שוין געפילט, אַז דאָס מוז ער זײַן אונטערן אײַנפלוס פון מײַן בלאַנדן אָפיציר און איך האָב אויסגערעכנט אַ טוץ קראַנקהייטן אָף וועלכע איך לייד און דער דאָקטאָר האָט אויסגערופן: — „אַאוף קאָמיסיאָן!...” — וואָס דאָס האָט געמיינט — אין שפּיטאָל, אָף אָבסערוואַציע.

און, א וואונדערלעכע זאך; דער שטאבס־ארצט האט זיך אין מיין פאל, אבסאלוט נישט אריינגעמישט, ער האט זיך פארטיפט אין א פא־פיר, גלייך ווי ער וואלט מיך אפילו נישט געזען...

ארויסקומענדיק פון גרויסן סאלאן, האב איך שוין געטראפן מיין בלאנדן אפיציר. ער האט מיר געגעבן א פאפיר, א מין פאסיר־שיין, אז איך זאל קענען פארלאזן די קאזארמע און איך זאל נישט דארפן גיין אונטער דער אויפזיכט פון באוואפנטן סאלדאט און איך בין לויט דער עצה פון אפיציר אליין אוועק אין מיליטער־שפיטאל און באלד אין אויפ־נאמס־צימער, קומט מיר אנטקעגן א אידישער דאקטאר־אסיסטענט, וועל־כער האט געפלעגט כמעט יעדע נאכט קומען אין אידישן טעאטער און; דאס הארץ פרייט זיך אין מיר, איך זע שוין, אז היינט האב איך א מזל־דיקן טאג.

דער דאקטאר־אסיסטענט האט זיך מיט מיר ווארים באגריסט און נאכדעם ווי ער האט זיך באקענט מיט מיין גאנצן ענין, זאגט ער מיר: — הער פאלעפאדע, גייט אהיים און שפילט ווייטער טעאטער און ווען איך וועל אייך דא דארפן האבן, וועל איך אייך לאזן וויסן...

איך בין ארויס פון דעם ריזן יאמער־טאל ווי עס האט זיך דעמאלט גערופן די „רודאלף־קאזארמע" און איך האב געטראכט, אז נישט אנ־דערש, נאר די ברכות פון די צוויי פרומע אידן זיינען מקוים געווארן און ווי האט עס געקאנט זיין אנדערש? פאניען בין איך שולדיק געבליבן, זועל איך גאר גיין דינען קירען?...

עטלעכע טעג שפעטער, לאזט מיך דער אסיסטענט־דאקטאר וויסן, אז איך דארף פארגעשטעלט ווערן פארן שטאבס־ארצט, אבער ער זאגט מיר באלד, אז איך דארף זיך נישט שרעקן, ווייל דער שטאבס־ארצט איז אויך מאחינו בני ישראל און ער קען מיך גוט פון אידישן טעאטער...

אין די באוועגונגען פון זיינע ליפן, האב איך געזען, אז דער אסיס־טענט גיט איבער דעם שטאבס־ארצט, אז דאס איז דער אידישער שוי־שפילער פאלעפאדע... דער שטאבס־ארצט האט כלומרשט גענומען מיין האנט, געטאפט מיר דעם פולס און פון יוצא ווען, האט ער צוגעלייגט זיין אויער צו מיינע פלייצעס און ער איז אוועק פון מיר, ווארפנדיק בלויז א פלינקן בליק צום אסיסטענט, וועלכער האט מיר אויסגעשטעלט א צייג־עניש, אריינשרייבנדיק אזעלכע קראנקהייטן, וועלכע איך וואלט מיין ערגסטן שונא נישט געוווינטשן און מיט דעם צייגעניש בין איך ערשט אוועק צוריק אין רודאלף־קאסערן צו דער מוסטערונג און דארט האב איך ארויסבאקומען א פאפיר מיט א גרויסן זיגל און אף דעם פאפיר איז געשטאנען מיט גרויסע אותיות אנגעשריבן: — נ י ש ט ג ע א יי ג־נ ע ט !

ערשט איצט בין איך געוואָרן צוריק אַ מענטש! אַנדערע וואָלטן זיך אין דער צייט זיכער געלאָזן קאָסטן פאַרמעגנס פאַר אַזאַ שטיקל פּאַפּיר און איך האָב עס באַקומען! נישט געאײַנעט! אומטויגלעך! און מיט הונדערט פרײַדן אין האַרצן בין איך צוריקגעלאָפן אין טעאַטער, אָף דער באַכענסקאַ גאַס, צו משה יאַנקל דעם דירעקטאָר...

---

עס איז שוין געווען ווײַט אין סעזאָן פון 1918 און די אַקטיאָרן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן גרייטן צו זייערע ערן־אָוונטן און איך, אַלס ערשטער אַקטיאָר, האָב באַקומען פון דירעקטאָר דעם ערשטן בענעפיס.

אַזוי ווי אין דעם סעזאָן איז פּונקט געוואָרן פינף־און־צוואַנציק יאָר זינט איך בין געוואָרן אַן אַקטיאָר, האָב איך מײַן ערן־אָוונט באַצייכנט אַלס יובליי־פאָרשטעלונג און אין אונדזער טרופּע זײַנען געווען אַזעלכע מיטגלידער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן אַ יובילעאום פון אַן אַקטיאָר אַלס געשעעניש, האָט מען זיך צו מײַן יום־טוב גענומען גרייטן אָף אַ גאָר ספּעציעלן אופן.

דער וויכטיקסטער פון אונדזער טרופּע, וואָס האָט זיך זייער אָפּגעגעבן דערצו, אַז מײַן יום־טוב זאָל דורכגעפירט ווערן וואָס פײַערלעכער, איז געווען דער אַקטיאָר וויינגאַלד.

וויינגאַלד האָט געהאַט הינטער זיך אַ זייער אינטערעסאַנטע געשיכטע.

וויינגאַלד איז געווען אַ געבוירענער קריסט, אַ רומענער. אַ קליינער דיקער יתום פון זײַן פריסטער קינדהייט, איז ער געבליבן אַליין אָף דער וועלט און ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אין די אידישע געסלעך און אַזוי האָט ער זיך אַליין דערצויגן צווישן אידן און מיט דער אידישער שפּראַך, ביז ער איז אַדאַנק זײַן שיינער שטים, געוואָרן אַ כאָריסט אין אידישן טעאַטער און שפּעטער אויך אַן אַקטיאָר און דווקא אַ גוטער אַקטיאָר.

נאָך זײַן פאָטער, האָט ער געהייסן וואַיקאַ, אָבער ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן וויינגאַלד און ביז היינט איז געבליבן אַ סוד, ווי אַזוי דאָס פאַרוואָרלאָזטע אָרימע יתומל האָט באַוויזן זיך אויסלערנען שרייבן און לייענען רומעניש און דײַטש און נאָכמער וואונדער איז, אַז דווקא דער גויאישער וויינגאַלד, האָט געקענט בעסער שרייבן און לייענען אידיש, ווי אַ סך פון די דעמאָלטיקע אידישע אַקטיאָרן...

וועגן וויינגאַלדן, האָט מען דערציילט אַ סך טשיקאַווע עפּיזאָדן: ווען מען האָט געשפּילט אַ פּיעסע, אין וועלכער מען האָט באַדאַרפט מאַכן אַן „אל מלא רחמים", איז צווישן אַלע אידישע כאָריסטן, וויינגאַלד דער גוי, געווען דער איינציקער, וועלכער האָט מיט זיין מתיקותדיקן לירישן טע־נאָר געמאַכט אַזאַ „אל מלא", אַז די ווייבער אין טעאַטער האָבן זיך צעכליפּעט.

בכלל, בא אידישע ענינים אויף דער בינע, האָט וויינגאַלד אַלעמאָל אַרויסגעוויזן מערער פאַרשטענדעניש פון די אַנדערע אין טעאַטער און ווען ער האָט זיך דערהויבן פון כאָריסט צו ווערן אַן אַקטיאָר, האָט ער באַלד אַרויסגעוויזן זיינע גרויסע פעאיקייטן און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן ערשטע ראָלן. וויינגאַלד האָט גע־האַט אַן איינגעבוירענע אינטעליגענץ און ער האָט אַלץ תופס געווען.

אין 1912, האָט דער רומענישער שייגעץ װ אַ י ק אַ, אין ווין זיך געלאָזן אָפּערירן פון אַ מוהל־מומחה, ער האָט זיך הייסט עם מגייר געווען און באַקומען דעם נאָמען א ב ר ה ם. (וויינגאַלד האָט מיר שפּעטער דער־קלערט, אַז ער האָט עס נישט אַזוי ווייט געטאָן צוליב רעליגיעזע מאָ־טיוון, ווי פון שטאַרקער איבערצייגונג, אַז אַן אַקטיאָר וואָס שפּילט אי־דיש טעאַטער, מוז זיין אַ איד...).

אברהם וויינגאַלד איז געווען דער וויכטיקסטער טוער פאַר דער גו־טער דורכפירונג פון מיין יובילײ־פאָרשטעלונג. ער האָט מער ווי די איבעריקע אָפּגעשאַצט וואָס עס מיינט אַזוינס פאַר אַ אידישן אַקטיאָר שפּילן 25 יאָר אידיש טעאַטער און ער האָט געזשומעט אַרום דעם און די בילעטן זיינען שוין עטלעכע טעג פאַר דער אַנאָנסירטער פאָרשטע־לונג, געווען אויספאַרקויפט.

צו דער יובילײ־פאָרשטעלונג, האָב איך אויפגעפירט פּרץ הירשביינס „די נבֿלה". אַלע אַקטיאָרן האָבן זיך מיט גרעסטן דרך־ארץ באַמיט, אַז די אויפפירונג זאָל דורכגיין ווי אַמבעסטן און צום שלום פון דער פאָר־שטעלונג זיינען אַלע וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ שייכות צום טעאַטער און מיטן דירעקטאָר בראש, אַרום אויף דער בינע, וואָס האָט שוין פון די אָנגעבראַכטע בלומען־בוקעטען אויסגעזען ווי אַ בלומען־גאָרטן און וויינ־גאַלד האָט געבראַכט אַ גרויסע טאַץ מיט גלעזער און וויין און אין קעגנ־וואַרט פון פובליקום, האָט מען צו מיר געטרונקען לחיים און וויינגאַלד האָט געהאַלטן אַ פּרעכטיקע רעדע, שילדערנדיק דעם ליידנס־וועג און די וואַנדערונגען פון אידישן אַקטיאָר און מאַנכע שטעלן פון וויינגאַלדס רעדע זיינען געווען דורכגענומען מיט אַזוי פיל נשמהדיקייט, אַז זיי האָבן בא מיר אַרויסגערופן טרערן און דער עולם האָט דערפילט די הייליקע גע־

הויבענע שטימונג און לאַנג, לאַנג האָבן אָנגעהאַלטן די אַפּלאָדיסמענטן און די באַגייסטערטע אויסרופן: — פּאַלעפּאַדע! אונדזער פּאַלעפּאַדע! לאַנג לעבן זאָל פּאַלעפּאַדע!...

קנאַפּע דריי צענדליק יאָר זײַנען שוין זינט דעמאָלט פאַרגאַנגען און גאַנצע ימים פון ליידן און פּײַן האָב איך שוין זינט דעמאָלט איבערגעלעבט און איך האָב אין משך פון דער צײַט אויך געהאַט גענוג פריידיקע און דערהויבנדיקע מאָמענטן, נאָר די דעמאָלטיקע הייליקע פרייד וואָס איך האָב איבערגעלעבט אויף דער בינע פון אידישן טעאַטער אויף דער באַכענסקאַ גאַס אין קראָקע, פיל איך נאָך הײַנט און זי וואַרעמט נאָך הײַנט מײַן געמיט, ווײַל נאָר די דעמאָלטיקע פרייד וואָס די חברים אַקטיאָרן מיט ווײַנגאַרטן בראש און וואָס דער קראָקעווער אידישער טעאַטער־עולם האָט מיר פאַרשאַפן, נאָר די דעמאָלטיקע פרייד האָט מיך געמוטיקט און גע־קרעפטיקט, אַז איך זאָל נאָך ווײַטערדיקע דרײַסיק יאָר קענען טראָגן אויף זיך דעם גרויסן עול, און דורכפירן מײַן הייליקע פליכט, צו זײַן אַ אידישער אַקטיאָר!...



# זעקסאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ווין, די היים וואָס איז מער נישט קיין היים. — דער דראַמקרייז אין טאַרנאָפּאָל. — צוריק קיין רוסלאַנד. — פּאַפּירלעך, פּאַפּיר און פּאַפּירן וואָס רופן זיך געלט. — דירעקטאָר שולמאַן פון פּראָס־קוראָוו. — איך שנייד צו אַ פּיעסע „פּאָר צוויי". — אין קיעוו טרעף איך זיך מיט זינאַ ראַפּעל. — מיט פּעפּי ליטמאַן אין האָמעל. — מיר שפּילן אין קיעוו. — די פּאָליטישע אויפברויזן און איבערקערענישן. — איך אַנטלויף אַ קאָסטיומירטער און גרימירטער אַלס „מרדכי נאָז". — איך פאָר קיין זשיטאָמיר.

פאַרענדיקט דעם ווינטער־סעזאָן פון 1918, בין איך פון קראָקע צוריקגעפאָרן אַהיים, קיין ווין.

די היים אין ווין איז אָבער שוין נישט געווען קיין היים, ווייל מען האָט אָנגעהויבן אויסווייזן די פּליטים, אָפּשיקנדיק זיי יעדן אין זיין היים אין גאַליציע און כאָטש איך האָב פּאַקטיש אינערגיץ נישט געהאַט קיין היים, פונדעסטוועגן, האָב איך זיך אויך געפינען צווישן די אויסגעוויזענע און מיר האָבן אָפּ שנעל באַשלאָסן צו פאָרן קיין טאַרנאָפּאָל.

ווין. דאָס שיינע ווין איז פאַר מיר מיאוס געוואָרן, זייט מען האָט דאָרט מיינע קינדער אויסגעוויזן פון דער שול און זייט מען האָט מיך אַראָפּגענומען פון דער בינע. זייט דעמאָלט, האָב איך זיך דאָרט געפילט ווי אַ קינד בײַ אַ שלעכטער שטיפמאַמע און מיר איז שוין נישט געווען קיין חילוק וואוהין, ווייל איך בין אַוועק פון ווין מיט אַ קללה אויף די ליפּן, נישט קענענדיק מוחל זיין די באַרבאַרישע האַנדלונג לגבי אומשולדיקע קינדער.

פאָרנדיק צוריק איבער גאַליציע קיין טאַרנאָפּאָל, האָבן מיר איבערראָל, אויף די באַן־סטאַציעס פון גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, געזען די טרויעריקע סמנים פון דער רוסישער אינוואַזיע. הייזער מיט פענצטערלעכער אָן גלעזער, האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט ווי אויגן־לעכער פון סקעלעטן און אין טאַרנאָפּאָל האָבן מיר אַ סך פריערדיקע שיינע געביידעס, איצט געטראָפן אַלס חורבות.

פונדעסטוועגן, האט זיך די אידישע יוגנט אין טארנאפאל, שנעל גענומען אויפריכטן דאס ארגאניזירטע אידישע לעבן און עס איז שוין געווען א דראמקרייז, וועלכער האט פון צייט צו צייט געגעבן פארשטעלונגען און די אמאטארן זיינען אזוי פאמעלעך געווארן פראפעסיאנעלע ארטיסטן און ווי נאר די אנפירער פון דעם קרייז האבן זיך דערוואוסט, אז איך בין אין טארנאפאל, האבן זיי מיך באלד פארבעטן, איך זאל זיך שטעלן בראש פון דער גרופע און זעענדיק, אז צווישן זיי זיינען פאראן פעאיקע מענטשן, האב איך די איינלאדונג אנגענומען און בין צוגעטראטן צו דער ארבעט.

נאך עטלעכע פארשטעלונגען, וואס איך האב מיט די פראפעסיאנעלע אמאטארן דורכגעפירט, האב איך איינגעזען, אז ווייטער קאן מען מיט דעם מענטשן-מאטעריאל נישט קומען און דערווייל האבן זיך קיין טארנאפאל דערטראגן פרייליכע פרייהייטס-קלאנגען פון רוסלאנד און עס האט מיך אנגעהויבן ציען אהינצוצו.

איך האב געוואוסט, אז מיינע פאמיליאנטן זיינען זיך שוין לאנג צו־לאפן פון רוסלאנד, פונדעסטוועגן האט מיך געצויגן אהין ווי מיט צוואנגען און אז די רעוואלוציע האט געעפנט די גרעניץ פון מיין געבורטלאנד און מיינע אמאליקע חטאים פאר נישט גיין דינען דעם צאר זיינען שוין אפ־געווישט, דארף מען נאכגיין דער שטים פון הארץ און פארן.

האב איך מיינע קינדער פארזארגט מיט קאסט און קווארטיר אין א באלעבאטישער שטוב און איך מיט האנין, מיר האבן זיך געלאזן אין וועג איבער דער רוסישער גרעניץ.

שוין אין דער רוסישער באן האב איך דערקענט מיין אלטע היים. דער שווערער קאנדוקטאר האט זיך אנגעטשעפעט, אז אונדזער רייזע־קאסטן איז צו־גרוים אויף מיטצונעמען מיט זיך אין וואגאן אריין און איך האב זיך דערמאנט אן דער אלטער רפואה און איך האב זיך גענומען צום בייטל און דער קאנדוקטאר האט זיך גענומען ווישן די גראבע וואנ־צעס און אויסדרייענדיק זיך „בואי-בשלום", האט ער אויסגעשטרעקט די־האנט פון הינטן און איך האב אים ווי אין די אלטע צייטן, אריינגעלייגט „אין יד אריין" און דער קאסטן האט שוין געהאט פלאץ מיט אונדז צו־זאמען אין וואגאן...

אונדזער ערשטער עטאפ איז געווען פראסקוראוו, וואו מיר זיינען אפגעשטיגן מיט דער אויסזיכט צו קענען געבן אין צווייען א פארשטע־לונג.

מאדנע האט מיר דאס איצטיקע רוסלאנד אויסגעזען; דאס איז געווען די צייט פון העטמאנס ממשלה, ווען דאס דייטשע מיליטער איז געווען

אויסגעשפּרייט איבער גאַנץ אוקראַינע און עס איז געווען אַ מישמאַש, אַן אויסמישעניש פון דייטשע זעלנער מיט אוקראַינישע שווערע סאָלדאַטן מיט די איינזייטיקע „קעפּקעס" מיט די אַרויסגעשטאַרטשעטע פּאות.

און עס איז געווען מאָדנע אַ קוק צו טאָן, ווי די אוקראַינער סאָל־דאַטן האָבן פאַר די דייטשלעך אָפּגעטראָטן דעם וועג און איין דייטש האָט געהאַט דעם כח אויפצוהאַלטן די אָרדענונג אין אַ גאַנצער שטאָט.

נאָר מער מאָדנע איז געווען מיטן געלט. דאָס געלט איז באַשטאַנען פון פאַרשידנאַרטיקע פּאַפּירלעך, וואָס האָבן זיך גיכער געפּאַסט פאַר קינדער צום שפּילן זיך, ווי אַלס וואַליוטע פון אַזאַ מדינה. די פּאַפּירלעך זיינען געווען פון פאַרשידענע פאַרבן און פון פאַרשידענע גרויסן, אָנגע־הויבן פון דער גרויס פון אַ פּאָסט־מאַרקע, ביז אַ גרויסן בויגן און פּופּ־ציקערס זיינען געווען ווייסע, וואָס דער רוב פון זיי זיינען געווען פאַלשע, פונדעסטוועגן האָט מען פאַר די אַלע פּאַפּירלעך געקאָנט קויפן און מען דאָס געמסחרט מיט די פּאַפּירלעך, מיט די עכטע פּונקט אַזוי ווי מיט די נאָכגעמאַכטע...

איך האָב געגומען גרייטן אַ פאָרשטעלונג, אַ פּיעסע אין פיר אַקטן, נאָר אַזוי צוגעשניטן טעכניש, אַז איך זאָל זיך קענען עטלעכע מאָל אי־בערטון און דערשיינען אין אַן אַנדער ראָל, אַזוי, אַז מיר ביידע, זאָלן אויספולן אַ גאַנצן פּערסאָנאַזש. איך האָב אויך אַריינגעפּאַסט שיינע נו־מערן געזאַנג און סענסאַציאָנעלע סצענעס פון די בעסטע פּיעסן האָב איך צונויפגעשטעלט און דאָס שלעכטע איז נאָר געווען, וואָס דער אייגנטי־מער פון טעאַטער, שולמאַן האָט באַ מיר געפרעגט אָף דער טרופּע. גיי דערצייל אים, אַז די גאַנצע טרופּע באַשטייט פון מיר מיט מיין פרוי...

איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה און אים געמוזט איבערגעבן מיין פּלאַן, ווי אַזוי איך האָב „צוגעשניטן" אַ פּיעסע פאַר מיר מיט מיין פרוי און איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז עס וועט גוט אַרויסקומען, אָבער שול־מאַן איז שוין געווען אַ געבריטער און ער האָט מורא געהאַט מיר צו פאַרדינגען דעם סאַלאָן, האָט ער מיך אָפּגעקומען מיט אַ צוזאָג, אַז באַ־נאַכט וועט ער מיר געבן אַן ענטפער.

צום גליק, האָבן זיך אין פּראָסקוראָוו גראָד געפינען אַ היפּש ביסל גאַליציאַנער סוחרים און שולמאַן האָט זיך באַ זיי דערוואוסט וועגן מיר, אַז איך בין געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע אַקטיאָרן אין גאַליציע און באַקומענדיק אַזאַ גוטע אינפאָרמאַציע וועגן מיר, האָט ער מיר פאַרדונ־גען דעם סאַלאָן; שולמאַן האָט מיר דערציילט ווי פיין די גאַליציאַנער סוחרים האָבן מיך פאַר אים רעקאָמענדירט און מיר האָבן דאָס געשעפט אָפּגעשלאָסן אָף פּראָצענטן און דוקא אָף זייער גוטע באַדינגונגען פאַר

מיר און באַלד אָפּצומאַרגנס, האָט שוין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע געאַרבעט און אידן האָבן אָנגעהויבן קויפן בילעטן, און די קאַסע פון טעאַטער איז ממש פאַרוואָרפן געוואָרן מיט די פאַרשידענע פּאַפּירלעך, וואָס האָבן דעמאָלט געדינט אַלס געלט...

דער צוגעשניטענער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. מען האָט מיך באַוואָרפן מיט בלומען און מען האָט אונדז שטורמיש אַפּלאָדירט און עס האָט אויסגעזען, אַז דער עולם האָט נישט אָנגעהויבן מערקן, אַז איך, איינער אַליין, האָב געשפּילט אַזוי פיל ראָלן.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז שולמאַן אַרויפגעקומען צו מיר און נאָכדעם ווי ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט און מיך וואַרים באַגריסט, פרעגט ער מיך: — וואָס שפּילן מיר מאָרגן?

— מאָרגן קענען מיר שפּילן דאָסזעלבע וואָס היינט. איך פאַרשטייט דאָך, אַז צוויי מענטשן קענען נישט האָבן קיין גרויסן רעפּערטואַר.

צו דער צווייטער פאָרשטעלונג איז געקומען נאָך אַ גרעסערער עולם, עס איז געווען פאַר שולמאַנען איבער אַלע דערוואַרטונגען און אַ חוץ מיט כבוד, בין איך אַוועק פון דער צווייטער פאָרשטעלונג מיט גאַנצע פּעק מיט פאַרשידן־קאָלירנדיקע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך, וואָס האָט זיך אָנגערופן געלט...

פונדעסטוועגן, האָב איך איינגעזען, אַז עס איז נישט אַזוי קיין פּלאַן; מען דאַרף אַריינפאָרן קיין קיעוו, אפשר זיינען דאָרט פאַראַן אַקטיאָרן, מען זאָל קענען פאָרמירן אַ טרופּע און שפּילן טעאַטער ווי עס דאַרף זיין.

קיין אידיש טעאַטער האָט אין קיעוו דעמאָלט נישט געשפּילט, אָבער אַרבעטסלאָזע אַקטיאָרן האָבן זיך אַרומגעדרייט גענוג, און צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען יעקב ליבערט, הערש ווייסמאַן מיט זיין פרוי, די מעדוועדיעווא און ראָסאַ מעדוועדיעוואַ און פּעפּי ליטמאַן און זינאַ ראַפּעל.

דאָס ערשטע האָב איך זיך אָנגעפרעגט צו זינאַ ראַפּעל. עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו זען די חברטע, מיט וועלכער איך האָב זיך געהאַט באַקענט בא איר פאָטער, ציפּקוסן אין שטוב נאָך ווען איך בין געווען אַ אינגל און זי — ממש נאָך אַ קינד, און וואָס — לויט איך האָב געהערט, זי איז אויסגעוואַקסן אַן אָנגעזעענע און באַוואוסטע אידישע אַקטריסע.

שוין באַם עפענען די טיר, ווי נאָר זי האָט מיך דערזען, האָט זי מיט פריידיקער איבעראַשונג אויסגערופן: — פּאַלעפּאַדע!...

באַם ערשטן בליק האָט מיך מיין יוגנט־חברטע נאָך צוואַנציק יאָר נישט זען זיך, דערקענט און זייער גרויס איז געווען די פרייד פון די צוויי מענטשן, וועלכע דער גורל האָט צעשיידט און זיי געטריבן אַף פאַר־

שידענע וועגן איבער דער גרויסער וועלט און זיי איצט ווידער צוזאַמענ־געבראַכט אַלס דערוואַקסענע מענטשן און אַנערקענטע אידישע בינע־קינסטלער.

דער צוזאַמענטרעף נאָך אַזויפיל יאָר, האָט אויף מיר זייער שטאַרק געווירקט און זיכער נישט ווייניקער אויף זינאַ ראַפּעל, ווייל די באַגעג־ניש האָט אונדז געמאַכט צוריקקוקן צו אונדזער פאַרגאַנגענהייט און מיר האָבן געזען דעם גרויסן מהלך, איבער וועלכן די צייט האָט אונדז אַוועקגעפירט...

דערווייל האָט זיך פּעפּי ליטמאַן דערוואוסט, אַז איך געפין זיך אין קיעוו און זי האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך, כדי צו ריידן וועגן געשעפט. בא איר אין שטוב האָב איך געטראָפן דעם דירעקטאָר פון האָמעלער „ט ר ע ק" („טרעק", דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ אין האָמעל, וואו דער דירעקטאָר האָט געהאַט שטיין עטלעכע טעאַטער־בנינים), ער איז ספּעציעל געקומען איינלאַדן פּעפּי ליטמאַן אויף צוויי קאָנצערטן קיין האָ־מעל און זיי האָבן מיט מיר פאַרהאַנדלט, אַז איך זאָל מיטפאָרן און צוגעבן עפּעס אַ פאַרשטעלונג צו פּעפּיס קאָנצערט־פּראָגראַם.

איך האָב זיך אונטערגענומען צו געבן אַ צוויי־אַקטיקע פּיעסע, וואָס זאָל געשפּילט ווערן צווישן פּעפּי ליטמאַנס קאָנצערט־נומערן. דאָס הייסט, פּעפּי ליטמאַן דאַרף דערעפענען דעם אָוונט מיט אירע קאָנצערט־נומערן און זי דאַרף אים שליסן מיט אַ צווייטן טייל פון איר פּראָגראַם.

דער דירעקטאָר איז צופרידן און ער זאָגט מיר צו אַ ריזן־סומע וואָס ער וועט מיר אויסצאָלן מיט די אוקראַינער פּאַפּירלעך...

---

מיין צוויי־אַקטיקע פּיעסע האָט געשטאַמט טאַקע פון דער פּראָס־קוראָווער פיר־אַקטיקער קאָמפּאָזיציע. איך האָב פון די צונויפגעשטעלטע פיר אַקטן, אַרויסגענומען די שענסטע סצענעס און געזאַנגען און זיי קאָמ־בינירט אין צוויי אַקטן.

האָמעלער אידן האָבן אָבער נישט געוואַרט אויף מיר. זיי האָבן גע־וואַרט אויף פּעפּי ליטמאַן. זי איז אַנאָנסירט געוואָרן אַלס די גרויסע סענ־סאַציע און דער האָמעלער עולם האָט זיך נישט געריכט אויף קיין שום אַנדערע סיורפּריזן.

דער נאָמען פּעפּי ליטמאַן, האָט געשמט איבער רוסלאַנד און דער דירעקטאָר פון האָמעלער „טרעק", האָט זי אַנגאַזשירט ווי אַ סענסאַציע פאַר זיינע טעאַטער־באַזוכער.

פּעפּי ליטמאַן איז אויפגעטראָטן קאָסטיומירט אין איר טראַדיציאָנעלן שוואַרצן קאַפּאָטקעלע, מיט דער יאַרמעלקע אפן קאָפּ און מיטן טלית־קטן און זי האָט געזונגען אירע חסידישע לידלעך מיט געפּעפּערטן אינהאַלט און די נגונים אירע, זיינען געווען חזנישע, ממש ימים־נוראימדיקע מאָטיוון און דער עולם האָט נאָך יעדן אָפּגעזונגענעם געפּעפּערטן לידל, איר שטורמיש אַפּלאָדירט, ממש געשטורעמט דעם טעאַטער.

נאָך איר ערשטן טייל קאָנצערט, האָבן מיר באַדאַרפט אויפטרעטן מיט אונדזערע צוויי אַקטן, וועלכע קיינער האָט נישט דערוואַרט, ווייל די הויפּט־סענסאַציע איז געווען די ליטמאַן.

אָבער פּראָגראַם איז פּראָגראַם און מיר האָבן אָנגעהויבן.

צוערשט האָט זיך געפילט דער לייכטער געמיט אין טעאַטער. דער עולם איז נאָך געווען אונטער דער ווירקונג פון פּעפּי ליטמאַנס לידלעך. אָבער פּאַמעלעך האָבן מיר מיט אונדזער שפּילן דאָך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם, מיין צונויפגעשטוקעוועטע פּיעסע האָט אָנגעהויבן אינטערעסירן און ביז צום סוף פון ערשטן אַקט, איז שוין דער עולם געווען אַריינגעטאָן אין דער האַנדלונג און ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט דער עולם אונדז שטורמיש אַפּלאָדירט, כמעט נישט וויניקער ווי פריער פּעפּי ליטמאַן.

ווען מיר האָבן באַדאַרפט אָנהויבן דעם צווייטן אַקט, איז שוין פּעפּי ליטמאַן געשטאַנען הינטער די קוליסן אַן איבערגעטוענע אין אַ גרויסער קאַפּאָטע מיט אַ גרויסער יאַרמעלקע, זי האָט געפילט, אַז דער עולם וואַרט שוין געשפּאַנט אף אונדזער צווייטן אַקט און איך האָב באַמערקט איר אומצופרידנקייט און אומגעדולדיקייט, וואָס איז כסדר געוואַקסן צוזאַמען מיטן אינטערעס פון עולם, וואָס האָט זיך שוין מיט שפּאַנונג צוגעקוקט צו אונדזער צווייטן אַקט.

מיטן צווייטן אַקט, האָבן מיר שוין אינגאַנצן געוואונען דעם האַמעלער עולם. אריבער פינף מינוט האָבן געדויערט די אָוואַציעס און דער פאָרהאַנג האָט זיך היפּשע עטלעכע מאָל געמוזט אויפהויבן און מען האָט שוין געזען, אַז פאַר פּעפּי ליטמאַנס לידלעך, איז שוין איצט נישטאָ קיין פּלאַץ. אונדזער צוויי־אַקטיקע פּיעסע איז פאַרן עולם געווען אַן אומגעריכטער סיורפּריז און דערפאַר פיל שטאַרקער געווירקט און דער עולם איז שוין געווען זאַט מיט איינדרוקן און דער צווייטער טייל פון פּעפּי ליטמאַנס קאָנצערט, איז שוין צוגעגאַנגען וואָכעדיק און נישט געמאַכט דעם געוויינלעכן עפעקט.

נאָך די צוויי קאָנצערטן, איז פּעפּי ליטמאַן אוועקגעפאָרן און אונדז האָט דער דירעקטאָר פאַרהאַלטן און אָפּגעמאַכט מיט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך באַטייליקן אין זיין וואַריעטע־טעאַטער.

דער פּרייז, וועלכן דער דירעקטאָר האָט פאַר אונדז באַשטימט, איז געווען אַ גוטער און מיר האָבן אָפּגעמאַכט און יעדן צווייטן טאָג האָב איך געגעבן אַ נייעם נומער.

נאָך אַ שטיקל צייט, האָבן מיר זיך געלאָזן קיין קיעוו, מיטן גע־דאַנק, אַז אויב מיר וועלן אין קיעוו נישט באַקומען קיין טרופּע צו וועל־כער זיך אָנצושליסן, וועלן מיר צוריקפאָרן קיין גאַליציע.

פון האָמעל קיין קיעוו, זיינען מיר געפאָרן מיט אַ שיף. כמעט צוויי טעג האָט געדויערט די רייזע. עס זיינען געווען צוויי שיינע אינטערע־סאַנטע טעג. די שיף האָט באַזאָרגט אירע פּאַסאַזשירן מיט געשמאַקע מיטיקן און נאַכטעסנס און אָנקומענדיק קיין קיעוו, איז אונדז פּשוט אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן די שיף.

אין קיעוו. אַראָפּגעקומען פון שיף, איז מיר אדורכגעפלויגן אַ גע־דאַנק, אַז עס וואָלט אפשר כדאַי געווען גלייך פאָרן צו דער באַן־סטאַציע און מיטן ערשטן באַן לאָזן זיך קיין גאַליציע. די נייגעריקייט צו זען חברים, האָט אונדז באַוואויגן מיר זאָלן זיך קודם אַ קוק אום געבן וואָס מען הערט עפּעס אין קיעוו און אַזוי האָבן מיר אָנגעטראָפן חברים אַק־טיאָרן, וועלכע האָבן גראָד געהאַלטן אין פאָרמירן אַ טרופּע פאַרן ווינ־טער־סעזאָן און זיי האָבן זיך געניטיקט אין אונדז און אַלע האָבן זיך ארויסגעלאָזן איבער דער שטאָט זוכן פאַר אונדז אַ וואוינונג, וואָס איז דעמאָלט זייער שווער געווען צו געפינען.

ענדלעך האָט מען פאַר אונדז געפונען אַ קליין צימערל אין אַ אידישן רעסטאָראַן, וואו מיר האָבן זיך קוים אריינגעשפּארט, דאָרט זיינען מיר געווען אויך מיט פּענסיאָן און מיר זיינען געבליבן מיט דער טרופּע אַפן ווינטער־סעזאָן.

די טרופּע איז באַשטאַנען פון לויטער בעסערע כחות, מיט אַ גוטן כאָר און אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון דירעיזשאָר ע מ ע ר מ אַ ן.

געשפּילט האָבן מיר אין אַלעקסיעווסקער פּאַרק, אַף דער גאַס באָל־שאַיאַ וואַסילקאָווסקאַיאַ און איך ווייס נישט צי ווייל דאָס געלט האָט נישט געהאַט קיין ווערט, צי ווייל די צייט איז גלאַט געווען אַן אומנאָר־מאַלע, איך ווייס נאָר, אַז מיר האָבן ממש געשאַרט געלט מיט לאָפּעטעס אין דער קאַסע אריין און זעקס וואָכן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן דאָס גוטע לעבן, דאָס שיינע שפּילן טעאַטער און דאָס פאַרדינען אַף גוטער פּרנסה, ביז עס האָבן אָנגעיאָגט בייזע ווינטן, עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויפ־

שטאַנדן און מען האָט אָנגעהויבן מורא האָבן אַרויסצוגיין באַנאַכט אין גאַס אַריין און מען האָט געמוזט אויפהערן שפּילן טעאַטער.

מיר זיינע געבליבן אָן באַשעפטיקונג, און פאַרן קיין גאַליציע, האָט מען שוין איצט אויך נישט געקאָנט, ווייל צו געפערלעך איז עס געווען זיך צוצובאַקומען אַפילו בלויז ביז צו דער גרעניץ.

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז צו אונדז איז געקומען אַ געוויסער ל י פּ ש י ץ, וועלכער האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, אַז ער פירט אָן אַ מלחמה־טרופּע. דאָס הייסט, די טרופּע באַשטייט פון אַמאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך אין מלחמה־צייט פּראָפעסיאָנאַליזירט.

דער ליפּשיץ האָט אויף מיר געמאַכט אַ זייער גוטן איינדרוק. אויס־געזען האָט ער ווי אַ מאָדערנער לערער, אָדער בוכהאַלטער און דורך די ברילן האָט ער זיך ערנסט איינגעקוקט אין מיר און ער האָט באַנוצט פראַזן אינטעליגענטישע, ליטעראַרישע און איך האָב בא אים נישט גע־זען די גוזמאַדיקע פאַרשטעלונגען מיט וועלכע עס באַנוצן זיך געוויינלעך פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־אונטערנעמער און ער איז מיר אויסערגעוויינ־לעך געפעלן און איך האָב אָנגענומען זיין פאָרשלאַג, זיך אָנצושליסן אין זיין אַמאַטאָרן־קאָלעקטיוו, וועלכער איז באַשטאַנען פון מיטגלידער, ענ־לעכע צו ליפּשיצן.

דער מלחמהדיקער אַמאַטאָרן־קאָלעקטיוו האָט זיך געפונען אין פּ ע־ר י אַ ס ל ע ו און ווען איך בין אַהינגעקומען, האָב איך אין זיי געזען לויטער אינטעליגענטע בחורים און מיידלעך, בא וועמען טעאַטער איז נאָך נישט באַטראַכט געוואָרן בלויז אַלס פּרנסה־ענין, נאָר אַלס קונסט־געביט, פאַר וועלכן מען דאַרף זיך ווידמען מיט אידעאַליזם.

אין דעם קרייז, האָט זיך מיר אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז מיינע חלומות, מיינע שטרעבונגען פאַר בעסער טעאַטער, וועלן קענען פאַרווירקלעכט ווערן און מיט גרויס חשק האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט די יונגע אידעאַליסטישע אַמאַטאָרן, צווישן וועלכע איך האָב זיך אויך געפילט אַ באַנייטער, אַ יונגער און איך האָב געוואָלט אָנהויבן פון אָנהויב.

די יונגעלייט האָבן מיר אַרויסגעוויזן אַ סך דרך־ארץ און מיט אויפ־מערקזאַמקייט האָבן זיי זיך צוגעהערט צו מיר, זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן לערנען פון מיינע דערפאַרונגען בא טעאַטער און מיר האָבן טאַקע געשפּילט שיין און בעסערן רעפּערטואַר, לויט די דעמאָלטיקע אומ־שטענדן.

אויך די געשעפטן זיינען געווען זייער גוטע. יעדעס מאָל ווען מיר האָבן געשפּילט, איז דאָס טעאַטער געווען פול־געפּאַקט און דוקא פון אַ

פיינעם עולם, וואס האט אונדז אפלאדירט און צוגעגעבן מוט צו אונדזער ארבעט.

אבער אויך צו דער שיינער אידילישער טעאטער־ארבעט האט שנעל געקומען א סוף, צוליב די כסדרדיקע איבערקערענישן און פאליטישע אויפ־ברויזן.

די קליינע שטעטלעך האבן אמשטארקסטן געליטן פון די אפטע רע־גירונגס־וועקסלונגען און עס איז אויסגעקומען, אז מען האט זיך געלייגט שלאפן אונטער העטמאנס רעגירונג און אויפגעשטאנען איז מען שוין אונ־טער פעטליורעס הערשאפט, אדער פארקערט.

ערגער זיינען נאך געווען די פארשידענע באנדעס, וואס האבן זיך פארמירט, אויסנוצנדיק די רעגירונגסלאזיקייט פאר רויבערישע צוועקן.

מיר זיינען דעמאלט געבליבן אין פעריאסלעוו אפגעשפארטע פון דער איבעריקער וועלט. פון שפילן טעאטער האט מען אפילו נישט געקאנט טראכטן און ווען די נאכט איז צוגעפאלן, האט מען זיך אין די שטיבער געטוליעט איינער צום אנדערן אין טויט־שרעק, הערנדיק די שיסערייען וואס זיינען פארגעקומען אין גאס.

קיין פאסט איז אויך נישט אנגעקומען און מיר האבן נישט געוואוסט וואס עס טוט זיך אפילו אין דעם נאענטסטן שטעטל און איך האב שוין פארלוירן די האפענונג צו הערן פון מיינע קינדער.

אזוי האבן זיך געצויגן טעג און נעכט, וועלכע מיר האבן איבערגע־לעבט אין פאנישער שרעק, ביז די באלשעוויקעס האבן ענדלעך איבער־גענומען די מאכט און די רויטע ארמייער האבן איינגעשטעלט אביסל ארדענונג און מיר האבן אנגעהויבן שפילן אונדזער בעסער טעאטער.

אבער אפילו אונטער די באלשעוויקעס, איז אונדזער ארבעט נישט צוגעגאנגען אינגאנצן גלאטיק. מיר האבן געהאט גענוג איבערשלאגן מיט טויט־שרעק און איין עפיזאד ווילט זיך דערמאנען, וואס וועט כאראקטע־ריזירן די באדינגונגען פון אונדזער דעמאלטיקער ארבעט.

מיר האבן געשפילט די פיעסע: — „דער בטלן" און איך האב גע־שפילט די קאמישע ראל אלס „מרדכי נאז".

באם אנהויב פון צווייטן אקט, האט זיך פון דרויסן דערהערט א שאס פון א רעוואלווער און באלד דערויף האבן זיך געהערט ביקסן־שאסן און עס איז אויסגעבראכן א פאניק אין טעאטער און אנשטאט צו אנטלויפן דורך דער ארויסגאנג־טיר פונוואנען עס האבן זיך געהערט די שיסערייען, האט זיך דער עולם געלאזן דורך דער בינע־זייט. האט דער עולם אראפ־געריסן דעם פארהאנג און צעבראכן א קעראסין־לאמפ פון דער ראמפע און דער פארהאנג האט אנגעהויבן ברענען, דאס האט נאך מער פאר־

שטאַרקט די פּאַניק און אויך מיר, אַקטיאָרן, האָבן זיך געלאָזן לויפן יעדער אין אַן אַנדער זייט, צו זיך אַהיים.

אויך איך בין געלאָפן אין איין אָטעם, איך בין געשפּרונגען איבער פּלויטן, אַבי איך זאָל וואָס שנעלער זיין אינדערהיים און פּלוצלינג דער־הער איך אַ געשריי: — „סטאָי״!

אַ באַגאַסענער מיט אַ קאַלטן שווייס בין איך געבליבן שטיין און לייב־טער איז מיר געוואָרן, ווען איך האָב געזען, אַז דאָס איז אַ פּאַטרול פון רויט־אַרמייער.

מיט די ביקסן אָנגעצילט אויף מיר, זיינען צוויי פון זיי צוגעקומען און ביי דער שיין פון דער לבנה, האָבן זיי זיך גענומען איינקוקן אין מיר און באַלד, באַם ערשטן בליק אויף מיר, האָבן זיי אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער און ערשט איצט האָב איך זיך דערמאַנט, אַז איך גיי נאָך קאָסטיומירט און גרימירט אַלס מרדכי נאָז...

— ווער איז דאָס פאַרזעעניש? — פרעגן די רויטאַרמייער לאַכנדיק, ווייל זיי האָבן באַלד דערקענט, אַז וואָס וואָס, נאָר קיין בונטאָווטשיק בין איך זיכער נישט...

איך האָב זיי דערקלערט וואָס מיט אונדז איז געשען אין טעאַטער און ווי אַזוי איך לויף איצט אַהיים און נאָכדעם ווי זיי האָבן הויך און האַרציק געלאַכט, האָט מיך איינער פון זיי צוגעפירט ביז אַהיים.

אויסער דער דערמאָנטער געשעעניש, האָבן מיר נאָך געהאַט געוויסע שטערונגען אין אונדזער אַרבעט און איינע פון זיי, איז געווען די סבה, וואָס די רויטע אַרמייער האָבן פּלוצלינג ליב באַקומען אונדזער טעאַטער.

מיר האָבן נאָך געשפּילט אַ שטיקל צייט אין פּעריאַסלאַוו און צו יע־דער פאָרשטעלונג זיינען געקומען מאַסן רויט־אַרמייער, זיי זענען, פאַר־שטייט זיך, געקומען אָן בילעטן און זיי האָבן פאַרנומען די בעסטע פּלע־צער און די באַזוכער, וואָס האָבן געקויפט בילעטן, האָבן געמוזט שטיין און אַזוי האָט דער עולם אויפגעהערט קומען און מיר האָבן באַדאַרפט שפּילן פאַר די רויט־אַרמייער אומזיסטע פאָרשטעלונגען...

און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָבן זיך מאַנכע פון די רויט־אַרמייער בעת די פויזעס אַרויפגעכאַפּט אויף דער בינע און אָנגעהויבן האַלטן זייערע רעדעס און גאַנץ אָפט האָט אויך פּאַסירט, אַז זיי האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז די מוזיק זאָל אויפשפּילן און זיי האָבן צעשאַרט די בענקלעך אין סאַלאָן און האָבן זיך גענומען צום טאַנצן און עס האָט אונדז געקאָסט אַ סך מי, צו פועלן, אַז זיי זאָלן אויפהערן טאַנצן, כדי מיר זאָלן קענען פאַרענדיקן די פאָרשטעלונג.

זעענדיק וואָס עס טוט זיך, האָבן מיר זיך געווענדעט צום קאָמיסאַר פון די רויטע אַרמייער און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז זיינע

סאָלדאַטן מעגן זיך נאָר געפינען אױף דער גאַלעריע און מיר האָבן געמײנט, אַז דאָס װעט שױן מעגלעך מאַכן, אַז אױך פּריװאַטע מענטשן זאָלן קענען קומען אין טעאַטער.

עס איז אָבער געװען אַ טעות. די רױט־אַרמײער האָבן אױפן באַלקאָן אַלע מיטאַמאָל זיך גענומען פּאַרױכערן זײערע מאַכאָרקע ציגאַרעטן און עס האָט זיך אין סאַלאָן געשפּרײט אַ רױך, ממש צום דערשטיקט װערן... אױסערדעם, האָבן זיך די רױטע סאָלדאַטן אױפן באַלקאָן געמאַכט אַ באַזונדער שפּיל, מיט אַראָפּשפּײען פֿון באַלקאָן אױף די אונטן־זיצנדיקע געסט און זײ האָבן זיך פֿאַרװוּנט, װער עס װעט בעסער טרעפֿן אַ מענטשן פּונקט אינדערמיט קאָפּ אָדער אױפן סאַמע מיט פֿון עמיצנס אַ פּליך...

נײן. װײטער אַזױ, האָט עס נישט געקאָנט גײן, און מיר זײנען ענדלעך צוריקגעפֿאָרן קײן קיעװ.

אין קיעװ האָבן מיר דעמאָלט געטראָפֿן בא די פֿירהונדערט אידישע שױשפּילער. צוליב די אומרוען אין אַלע שטעטלעך, זײנען זיך די אַקטיאָרן צונױפֿגעפֿאָרן קײן קיעװ, מיט דער האָפֿענונג, אַז דאָרט װעט מען גיכער קענען איבערקומען די שװערע צײט.

געשפּילט האָבן דעמאָלט אין קיעװ צװײ טעאַטערס. אײן קונסט־טעאַטער אונטערן נאָמען „אונדזער װינקל", װעלכעס האָט אַקטואירט אין „אינטימען טעאַטער" און דאָס אַנדערע, אַ ביליק טעאַטער, האָט געשפּילט אױף פּאָדאָל.

אין „אונדזער װינקל" האָבן אַקטואירט אסתר רחל קאַמינסקי, זיגמונט טורקאָװ, י. ליבערט, ה. װײסמאַן, די שװעסטער אײדלמאַן און ע פּ ש ט י י ן, אַ פֿײַנער אַקטיאָר, װעלכער איז דערנאָך טראַגיש אומגעקומען פֿון צעבושעװעטע באַנדעס און אַ נײער יונגער טאַלאַנט, מיטן נאָמען ש י י נ ב ע ר ג.

דער קונסט־טעאַטער האָט אַקטואירט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעמאָלט באַװוּסטן מחבר און רעזשיסאָר בוימװאָל און די טרופּע איז געװען אַ גרױסע און װעגן צװײטן טעאַטער האָב איך נישט געװאָלט טראַכטן, האָב איך אײנגעזען, אַז דאָס בעסטע װאָלט געװען, װען איך קאָן זיך דערנענטערן צו דער גרעניץ פֿון גאַליציע, אפשר װעל איך זיך פֿאָרט קענען אַריבערבאַקומען, כדי צו קענען זײן צוזאַמען מיט מײנע קינדער.

גראָד האָב איך באַקומען אַן אײנלאַדונג פֿון זשיטאָמיר, װאו עס האָט זיך געעפֿנט אַ מלוכה־טעאַטער און כאָטש עס איז געװען פֿאַרבונדן מיט גרױסע סכנות נפשות דאָס פֿאָרן מיט דער באַן, פֿונדעסטװעגן האָב איך

עס אונטערגענומען, אַבי צו קענען זיין אַ שפּאַן נעענטער צו דער גרעניץ.

די זשיטאָמירער מלוכה-טרופּע איז באַשטאַנען מערסטנס פון רומע-נישע אַקטיאָרן. דער מוזיקער ס ע ג א ל מיט זיין פרוי, פינקל און אַנ-דערע און ווייל מען האָט בא זיי געפאָדערט בעסערן רעפּערטואַר, האָבן זיי מיך באַצויגן, כדי איך זאָל איבערנעמען די רעזשי און אויפירן מיט זיי די בעסערע פיעסן.



# זיבנאונדרייסיקסטער קאפּיטל

דאָס אידישע מלוכה־טעאַטער אין זשיטאָמיר. — „טעאַטער דאַרף פאַרפיינערן דעם געשמאַק פון פּובליקום". — „גאָט פון נקמה" און „די רויבער". — פּעטליורא מיט זיינע באַנדעס פאַרנעמען די שטאָט. — משה פּעדערמאַן און די לעושינסקאַ. — נאָך פּעטליורא קומט דעניקין. — מיר שפּילן אַף רוסיש און פּויליש. — אַ דעניקאָוועץ פאַרליבט זיך אין אַ אידישע אַקטריסע. — מיט נסים זיך געראַטעוועט פון אַן אומגליק. — מיר שפּילן פאַר באַנדיטן און פּאַגראָמשטשיקעס. — מיר אַנטלויפן נענטער צו גאַליציע.

די זשיטאָמירער מלוכה־טרופּע האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער צייט.

דאָס רומעניש־אידישע טעאַטער האָט זיך שטענדיק געפינען אין שלעכטע באַדינגונגען און עס איז געבליבן הינטערשטעליק. פון דאָרט איז אַרויסגעוואַקסן די פרוי סעגאַל, וועלכע האָט מיט אַלע כחות דווקא געוואָלט שפּילן דעם ס ט אַ ר. זי איז געבליבן בא דער אַלטער שול וואָס זי האָט געהאַט פון די מאַכערייקעס און בא אירע מעלאָדראַמאַטישע סצענעס, האָט איר מאַן, דער פיינער וויאָליניסט, געמוזט איר צושפּילן אַף זיין פידל עפּעס אַ טרויעריקע מעלאָדיע, כדי צו פאַרשטאַרקן איר סצענע...

קומענדיק קיין זשיטאָמיר, בין איך געזעסן מיט דער סעגאַלס מאַן אין אַ לאָזשע, בעת מען האָט געשפּילט די ביליקע מעלאָדראַמע — „גאַסן־קינדער".

נעבן אונדז, אין דער צווייטער לאָזשע, איז געזעסן אַ פּאַלפּאַלק און זיי האָבן גערעדט אַף רוסיש, קריטיקירנדיק, וואָס מען דערלאָזט, אַז די בינע, וואָס דאַרף זיין אַ שול פאַר דעם נייעם לעבן וואָס גייט אויף אין דעם נייעם רוסלאַנד, זאָל ווייזן אַזעלכע וויסטע מאַכערייקעס.

סעגאַל האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ריידן און זעענדיק ווי די פרוי זוכט דעם מאַן צו באַרואיקן און ער ווערט כסדר מער אויפגעברויזט, האָט מיך סעגאַל געפרעגט וועגן וואָס זיי ריידן און ווען איך האָב אים איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון זייער שמועס, איז סעגאַל בלאַס געוואָרן

און ווען דער מאַן האָט ענדלעך גענומען די פּרוי אונטערן אָרעם און אַוועק מיט איר פון טעאַטער אינדערמיט פאַרשטעלונג, זיינען מיר זיי ביידע נאָכגעלאָפן און איך האָב דעם מאַן פאַרהאַלטן, זיך אַנטשולדיקט פאַר אים און אָנגעהויבן ריידן מיט אים וועגן דעם, וואָס איך האָב צופעליק געהערט פון אים זיצנדיק אין לאָזשע.

דאָ האָט זיך דער מאַן ערשט אַרויסגעלאָזן מיט לשון:

— מיט אַזאַ טעאַטער, זאָגט ער, פאַרסמט מען דאָס פאָלק! נאָך אַזאַ רעוואָלוציע וואָס קאָסט אַזויפיל מענטשן-קרבנות, דאַרפן מיר האָבן אַן אַנדער טעאַטער און איר וועט אייך מוזן אויסלערנען גיין מיט דער צייט, ווען נישט וועט איר מוזן פאַרשווינדן פון דער אָרענע...

סעגאַל האָט ערשט איצט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם מאַן און אים פאַרזיכערט, אַז איצט וועט דאָס טעאַטער אָנהויבן גיין אויף בעסערע וועגן.

איך האָב באַשטעטיקט, אַז מען האָט מיך דאָ ספּעציעל אַנגאַזשירט, כדי איך זאָל דאָס טעאַטער אַרויפירן אויף אַ העכערן ניוואָ און איך האָב אים איינגעלאַדן צו דער ערשטער פאַרשטעלונג, פאַר וועלכער איך האָב אויסגעקליבן שלום אַשס באַרימטע דראַמע „גאָט פון נקמה".

דער מאַן האָט זיך באַרואיקט און מיר האָבן נאָך געשמועסט פאַרשידנס וועגן טעאַטער, שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז געווען אַ וויכטיקער טוער בײַ די באָלשעוויקעס, לײַדער האָט ער נישט געקאָנט קומען צו אונדזער ערשטער פאַרשטעלונג, ווייל ער איז דרינגענד אַרויסגערופן געוואָרן קיין מאָסקווע און איך האָב אים מער נישט געזען.

ערשט ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט פון סעגאַלן וועגן דעם שמועס, האָבן די רומעניש אַקטיאָרן פון זשיטאָמירער מלוכה-טעאַטער פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן זיך באַמיען צו גיין מיט דער צייט און מען האָט זיך מיט גרויס פלייס גענומען צו די רעפּעטיציעס.

דער שענסטער טעאַטער-זאַל וואָס זשיטאָמיר האָט פאַרמאָגט, איז געווען צו אונדזער דיספּאָזיציע און מיר האָבן געטאָן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געקאָנט, אַז דער בעסערער טעאַטער-עולם, זאָל פון אונדז זיין צופרידן.

צו דער פאַרשטעלונג איז דאָס טעאַטער געווען פול געפּאַקט מיט אַ באַשטיוזולטן עולם און עס איז געווען שווער צו דערקענען ווער עס איז אַ מיליטאַר און ווער אַ ציוויל-מענטש; אַלע זיינען געגאַנגען אָנגעטון אין ליכטיק-גרויע לייוונטענע העמדלעך (רובאַשקעס) און נאָכן אָפּשפּילן די פאַרשטעלונג, זיינען צו אונדז אַרויפגעקומען עטלעכע יונגעלייט, וועלכע האָבן געשטראַלט פון יום-טובדיקייט און זיי האָבן אונדז מיט דערהויבנדיקע שיינע ווערטער אויסגעדריקט זייער צופרידנהייט פון דער פאַרשטע-

לונג און גאָר באַזונדערס, האָבן זיי מיר אויסגעדריקט אנערקענונג פאַר מיין פיינעם אינטערפּרעטירן די ראָל פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש.

אַלס צווייטע אויפפירונג, האָב איך באַשטימט „די רויבער״ פון שילער, ווייסנדיק, אַז אין דעם שיינעם און גרויסן טעאַטער, האָב איך אַלע מעג־לעכקייטן אויפצופירן די פּיעסע אויף דעם פיינסטן אופן, ווי זי דאַרף אויפ־געפירט ווערן.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן אַ געמורמל, אַז „אונדזערע״ מוזן זיך צוריקציען. דער געמורמל, וועלכער איז צוערשט צוגעגאַנגען ווי בסוד סודות, האָט געמאַכט פאַרקילן דאָס בלוט אין די אָדערן און כאָטש מען איז שוין געווען צוגעוואוינט צו רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, אָבער שפּילן טעאַטער האָט מען מער נישט געקאָנט, ווייל ווידער איז אין די גאַסן געוואָרן אומרואיק און ווי נאָר די רעגירונגס־מענטשן מיט די רויטע אַרמייער זיינען אַוועק פון זשיטאָמיר, איז שוין געווען אַ געפאַר אין גאַס אַרויסצוגיין און יעדער איז זיך געזעסן איינגעשלאָסן אין שטוב און גע־וואַרט מיט אומרואיקייט אויף דעם וואָס קאָן קומען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אין שטאָט האָבן אַריינמאַרשירט די פּעטליורצעס.

שנעל האָבן פּעטליוראָס מענטשן פאַרנומען די מאַכט און געוואָרן די באַלעבאַטים פון שטאָט און אין דעם טעאַטער וואו מיר האָבן געשפּילט, האָט שוין אָנגעהויבן אַקטואירן אַן אוקראַאינישע טרופּע און מיר זיינען געבליבן אויף דער גאַס און מורא האָבנדיק, אַז עס קאָן ווערן נאָך ערגער, האָבן מיר זיך מיט סכנות־נפשות קוים אַריינבאַקומען קיין בערדיטשעוו.

אין בערדיטשעוו האָבן מיר געטראָפן אַ סך אידישע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען די ע ט י נ ג ע ר, טאָקע דער פרוי סעגאַלס אַ שוועסטער און דער קרומער גרינשטיין האָט דאָרט געשפּילט מיט אַ ריזן־טרופּע, וואָס האָט געקאָנט קלעקן פאַר צוויי טעאַטערס.

געשפּילט האָט מען אין אַ זומער־גאָרטן און אַ סך חברים האָבן מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל בלייבן מיט זיי, אָבער איך האָב פאַרגעצויגן בעסער זיך צו פאַראייניקן מיט אַ גרופּע יונגע שוישפּילער, ווי מ ש ה פ ע ד ע ר מיט זיין כלה די לעזשינסקאַ, אייזנבערג, זערקאַלאָוו (וועלכער האָט אייגנטלעך געהייסן ש פּ י ג ל), דאָס זיינען געווען לויטער האַר־ציקע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן פּונקט ווי איך, געהאַט די שטרעבונג זיך צו דערנענטערן צו זייערע היימען.

מיט דער גרופּע בין איך אַוועק איבער קליינע שטעטלעך, כסדר נענ־טער צו דער גרעניץ, ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט קיין אַלט־קאָנסטאַנ־טין און דאָרט האָבן מיר אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. סאיז פּונקט געווען

אַ רואיק שטיקל צייט און אידן זיינען געלאָפן אין טעאַטער, נאָר באַלד איז עס ווידער געקומען צו אַ מלוכה־ווערטלונג, אַלט־קאָנסטאַנטין איז באַזעצט געוואָרן פון דעניקינצעס און מיר האָבן געמוזט אָפּשטעלן אונ־דזער אַקטיוויטעט.

קוקנדיק אויף דעניקינס סאָלדאַטן, האָט מען געזען דיזעלבע פּויערים, וואָס האָבן פריער געדינט אין פּעטליוראַס אַרמיי אָדער אַפילו צווישן די רויט־אַרמייער; עס האָט אויסגעזען, אַז פאַר די דאָזיקע פּויערים איז נישט קיין חילוק אונטער וועמען זיי קעמפן און נישט ק ע ג ן וועמען זיי קעמפן, אַבי קעמפן און בעתן קעמפן אויסנוצן די געלעגנהייט צו קענען רויבן.

די דאָזיקע דעניקינצעס, האָט זיך דעמאָלט געהאַט איינגעגעבן צוצו־נעמען פון פּעטליורעס מיליטער עטלעכע וואַגאָנעס מיט אָפּגעדרוקט פּאַ־פּיר־געלט און יעדער סאָלדאַט האָט געהאַט בײַ זיך אַ גאַנצן זאַק מיט געלט און זיי זיינען אויף די אָנגעשטאָפּטע געלט־זעק געשלאָפן, באַנוצנדיק זיי אָנשטאָט קישנס צוקאָפּנס...

און קאַרג זיינען די דאָזיקע אויך נישט געווען. זיי האָבן געוואוסט, אַז מאָרגן, אָדער זיי וועלן שוין זיין טויט, אָדער זיי וועלן קענען האָבן פריי־שע געלטער; נו, האָבן זיי טאַקע מיט דעם געלט ממש געוואָרפן. פאַר דער קלענסטער קלייניקייט וואָס זיי האָבן געוואָלט קויפן, האָבן זיי באַצאָלט מיט פאַבלהאַפטע סומעס פון די דאָזיקע פּאַפּירענע געלטער און די מענ־טשעקייטן האָבן אונדז געדרייצט און מיר האָבן באַשלאָסן צו שפּילן טעאַ־טער אויף רוסיש.

צווישן אונדז זיינען געווען עטלעכע, וואָס האָבן קיין רוסיש נישט געקענט, האָבן מיר פונדעסטוועגן צונויפגעשטעלט איינאַקטער און גע־שפּילט ווער אויף רוסיש און ווער אויף פּויליש, הויפּטזאַך, דער טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט מיט די סאָלדאַטן און זיי האָבן געוואָרפן מיט געלט און נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ערשט די מוזיק אָנגעהויבן שפּילן און מען האָט געטאַנצט ביז אין ווייסן טאָג אַריין.

האָט זיך אָבער געמאַכט אַ מעשה, אַז איינער פון דעניקינס באַנדע, אַ יונגערער און אינטעליגענטערער סאָלדאַט, האָט זיך פאַרליבט אין פּע־דערס כלה און ער, דער סאָלדאַט, האָט זיך דווקא געהאַלטן זייער קאָרעקט אין דער געזעלשאַפט פון משה פּעדער מיט דער לעזשינסקאַ און די באַ־קאַנטשאַפט מיט דעם פאַרברענגען אין דעם סאָלדאַטס געזעלשאַפט, האָט נישט אויסגעזען צו זיין געפערלעך, ביז אין איין אָוונט, האָט דער יונגער סאָלדאַט איינגעלאַדן די גאַנצע טרופּע אויף אַ באַנקעט, וואָס ער גיט לכבוד דער גאַנצער טרופּע.

מיר, איך און מיין פרוי, מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם גרויסן כבוד און זיך באַצייטנס אַרויסגערוקט פון טעאַטער און אַוועק אַהיים. די איבעריקע פון טרופּע, האָט זיך ווייזט אויס פאַרבענקט נאָך אַביסל כבוד און פאַרגעניגן און זיי זיינען אַוועק אָפּן באַנקעט און זיי האָבן דערפאַר שיעור נישט באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, האָבן זיי געטראָפן אויף דעם באַנקעט, אַ רייך־געדעקטן טיש מיט טייערע מאכלים און מיט טייערע שנאַפּסן און וויינען און אַרום טיש זיינען שוין געזעסן סאָלדאַטן, ווי גע־ווינלעך, אַלע שטאַרק באַוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פיס און די סאָלדאַט־סקע קאַוואַלירן וועלכע זיינען שוין געווען אַ היבש ביסל אונטער דעם גלעזל, האָבן זיך אָנגעהויבן באַנעמען זייער אומהעפלעך לגבי די איינ־געלאַדענע געסט און דער פאַרליבטער, אינטעליגענטער דעניקאַוויעץ האָט גענומען אַ גלאָז ווייַן אין האַנט און געהאַלטן אַ טאָסט, דערקלערנדיק, אַז דער צוועק פון היינטיקן באַנקעט איז, צו מעלדן זיינע קאָלעגן פון דעני־קינס אַרמיי, וועגן זיין חתונה מיט דער שיינער יונגער שוישפּילערין לעזשינסקאַיאַ.

פעדער מיט זיין כלה האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דערשראָקענע בלי־קן און איידער וואָס ווען, האָט דער „חתן" געגעבן אַ באַפעל, אַז דער באַנקעט איז געענדיקט, אַלע אַקטיאָרן זאָלן זיך גיין זייער וועג, נאָר בלויז די כלה, פאַרשטייט זיך, זאָל בלייבן.

משה פעדער האָט זיך געפּרואווט קעגנשטעלן. ער האָט זיין כלה נישט געוואָלט איבערלאָזן אויפן יושר פון די ווילדע שיכורע חיות, נאָר מיט רע־וואָלווערן צו זיין ברוסט, האָבן די סאָלדאַטן אים אַרויסגעשטעלט אין גאַס און פעדער איז גלייך געקומען צו מיר און מיר איבערגעגעבן וועגן דעם געשעעניש, בעטנדיק מיך מיט פאַרצווייפלונג, איך זאָל אים עפּעס אַן עצה געבן.

וואָס פאַר אַן עצה האָב איך אים געזאָלט געבן? מיט וואָס האָב איך אים דאָ געקענט העלפן, אַז יעדער פון אונדז איז אונטער די אומשטענדן ווי אַ בלעטל אויפן ווינט?...

צום גליק, האָט פּאַסירט, אַז אַ צווייטער סאָלדאַט האָט דעם „חתן" נישט פאַרגינען זיין מזל און אויסנוצנדיק אַ מאָמענט, ווען דער חתן האָט געטרינקען אַ פרישע כוסה און זיך געמאַכט קוראַזש, האָט דער צווייטער גענומען די לעזשינסקאַ און זי אַרויסגעפירט אויפן גאַס און איר געזאָגט, אַז זי זאָל זיך שנעל דערווייטערן פון דעם פּלאַץ.

און אָט, פּלוצלינג, מיר הערן קלאַפּן אין טיר. איך מאַך אויף און דער־זע פאַר זיך די לעזשינסקאַ, ווי זי שטייט מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק פון

שרעק און דערזעענדיק מיך, וואַרפט זי זיך אין מיינע אָרעמס מיט אַ היס־טעריש געוויין.

עס האָט לאַנג גענומען ביז מיר האָבן זי באַרואיקט און זי האָט אונדז דערציילט, ווי אַזוי זי האָט זיך געשלעפּט אין דער מוראדיקער פינצטער־ניש איבער די אַלט־קאָנסטאַנטינער בלאָטיקע גאַסן און געסלעך, ביז זי איז אָנגעקומען צו מיר, ווייל אַהיים האָט זי מורא געהאַט, אַז די בעסטיעס וועלן זי קומען זוכן...

און אַזוי, איז שוין משה פעדער מיט זיין כלה געבליבן אין אונדזער וואוינונג און מיר לעבן אַלע אין טויט־שרעק, אַז די בעסטיעס זאָלן נישט קומען אַף אונדזערע שפורן, ווייל זייער נקמה וואָלט זיכער געווען אַ גרוי־זאַמע. און ערשט צומאָרגנס, האָב איך אָפּגעזוכט אַ קליין צימערל ביי אָרימע מענטשן און איך האָב דאָס פּאָרל דורך פאַרשידענע הינטער־געס־לעך אָפּגעפירט אַהין, וואו זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן און נישט געוואַגט אפילו צו טראַכטן וועגן אַרויסווייזן זיך אין גאַס.

איך האָב געמוזט ווערן דער שפּייז־ליפעראַנט פאַר דעם חתן־כלה־פּאָרל און כדי צו טרייסטן זיי אין זייער צרהדיקער איינזאַמקייט, בין איך יעדן טאָג אָפּגעזעסן מיט זיי שעהן לאַנג און זיי אויסגערעדט, אַז עס וועט שוין לאַנג נישט דויערן און מיר וועלן פון דער באַנדע פּטור ווערן.

און עס האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג. אין אַ שיינעם, נאָר מורא־דיקן פרימאָרגן, האָט מען געהערט שיסערייען אין די גאַסן און ווען עס האָט זיך ענדלעך איינגעשטילט, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די דעניקינ־צעס האָבן געמוזט עוקר זיין פון אַלט־קאָנסטאַנטין און אַבי דער „חתן" איז שוין אוועק, זיינען משה פעדער מיט זיין כלה באַפרייט געוואָרן פון זייער שטוב־אַרעסט און מיר האָבן שוין ווידער אָנגעהויבן שמועסן וועגן שפּילן טעאַטער.

אייזנבערג האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכן אַ בענעפיט־פאַרשטע־לונג, וואָס זאָל אייגנטלעך גיין פאַר דער גאַנצער טרופּע, נאָר ער זאָל באַקומען פּראָצענטן פאַר פאַרקויפן בילעטן צווישן זיינע פריינט און באַ־קאַנטע.

מען האָט אָנאָנסירט די פּיעסע „שבת קודש" און אייזנבערג האָט זיך גענומען די קאָמישע ראָל אַלס שמעיה.

צו דער פאָרשטעלונג איז געקומען אַ היפּשער עולם און די אַקטיאָרן זיינען געווען אין גוטן הומאָר, מען האָט זיך געפּרייט, וואָס מען קאָן שוין באַטרעטן די קונסט־אַרענע און אַביסל דורכלופטערן די טאַלאַנטן, נאָר באַלד, אינמיטן ערשטן אַקט, האָט זיך דערהערט אַ טומל אין טעאַטער און מען האָט נישט געוואוסט פונוואַנען און ווי אַזוי עס האָבן זיך פּלוצ־

לינג געיאָוועט אין סאַלאָן אריין אַ באַנדע פון אַ פערציק באַנדיטן, וועלכע זיינען געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, ביקסן, מעסערס און האַנט־גראַנאַטן און אָנגעטאָן זיינען זיי געווען אין אָנגערויבטע אידישע קליידער.

אַלע מיט אַמאָל האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין טעאַטער און זיי האָבן מיט זייער אויסזען אָנגעוואָרפן אַזאַ פּאַניק אויפן עולם, אַז עס האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט, ווי אין סאַלאָן איז קיינער נישט געבליבן, אויסער די פערציק באַנדיטן, וועלכע האָבן דראָענדיק מיט די צילנדיקע ביקסן אויף דער בינע, געפאָדערט, אַז מיר זאָלן פאָרזעצן דאָס שפּיל.

איינער פון די באַנדיטן, ווייזט אויס, זייערס אַן אָנפירער, האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ לאָזשע נעבן דער בינע און מיר האָבן געזען דעם פאַרשוין, ווי ער גייט אָנגעטאָן אין אַ גרויסן רבנישן זיידענעם פעלץ מיט אַ הויכן שטריימל אויפן קאָפּ, מיט זיינע צוויי לאַנגע דיקע וואָנסעס אונטער דער רויט־בלוילעכער פאַרשיכורטער נאָז און זיינע ווילדע בליקן און דערצו — מיט אַ פּיסטויל אין האַנט, אַז עס איז ממש געווען אַ פּחד אויף אים אַ קוק צו טאָן...

ווייזט אויס, אַז די חברה איז נאָר וואָס געקומען פון ערגיץ נאָך אַ דורכגעפירטן פּאָגראָם, ווייל אַלע האָבן זיי געטראָגן אידישע קליידער און דער הויפּט, דער אין דעם רבנישן פעלץ מיטן שטריימל, האָט קאָמאַנדעוועט און באַפוילן אַז מיר מוזן שפּילן.

האָבן מיר געשפּילט.

איך האָב געשפּילט די סצענע אַלס לייב ספּרדי און ווען איך האָב געזאָגט די פראַזע: — וואָס? איר ווילט בײַ מיר מיינע ברילייאַנטן רויבן?... האָט דער באַנדיט מיטן שטריימל מיר אָנגעהויבן נאָכקרומען: — וואָס... וואָס... ראַספּררררר!... און ער האָט אָנגעצילעוועט זיין פּיסטויל גלייך צו מיר.

וואָס איך האָב דעמאָלט געפילט, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. איך האָבן געזען דעם טויט פאַר די אויגן און איך ווייס נישט ווי אַזוי דער ווילדער באַנדיט האָט זיך עפּעס צוריקגעהאַלטן און נישט אַ קוועטש געטאָן דאָס צינגל, וואָס וואָלט אַ סוף געמאַכט צו מיין לעבן; מעגלעך, אַז דאָס שטורמישע געלעכטער פון זיינע פערציק באַנדיטן, וועמען עס איז זייער שטאַרק געפעלן דער וויץ פון זייער אָנפירער, האָט אים אָפּגעהאַלטן פון אַ סוף מאַכן צו דעם פריילעכן שפּיל.

מיט טויט־שרעק אין האַרצן, האָבן מיר פאָרגעזעצט דאָס שפּיל.

מיר האָבן אָנגעהויבן דעם דריטן אַקט און דאָרט קומט פאַר אַ סצענע, ווי יעגערס שיסן אין וואַלד און דער קאָמיקער שמעיה פירט דערביי דורך זיינע קאָמישע סצענעס, מיינענדיק כסדר אַז די קויל האָט אים געטראָפן

און ער וואַרפט זיך כסדר אַף דער ערד ווי אַ דערהרגעטער. דאַ גיט זיך דער באַנדיט אַ רוף אַפ: — עי, ברידער, מען דאַרף אים שענקען אַן אמתע קויל אין קאָפּ אַריין!... — און ער צילט זיין פּיסטויל צו אייזנבערגן.

אייזנבערג, וועלכער איז אַזוי אויך געווען דער אמתער פּחדן, האָט אָנגעהויבן פּלאַטערן און וויינען פון שרעק און אונדזערע פייגע באַנדיטישע געסט לאַכן און אונטערהאַלטן זיך פון זייער אַנפירנדיקן וויצלער מיטן שטריימל און איך האָב באַשלאָסן, אַז מען מוז אַ סוף מאַכן צום שפּיל, ווייל אַלצאיינס, קאָן זיין אַז עס וועט דאָ גלאַטיק נישט אַדורך.

מיר האָבן אַראָפּגעלאָזן דעם פאָרהאַנג און איך בין אַרויס פאַר דעם פאָרהאַנג און גערעדט צום באַנדיטישן עולם און זיי דערקלערט, אַז מיר האָבן זיך נישט געריכט אַף אַזעלכע חשובע און אָנגעלייגטע געסט, דער־פאַר האָבן מיר געשפּילט אַף אידיש, פאַר אַ אידיש פּובליקום; נאָר אַזוי ווי זיי זיינען שוין דאָ, וועלן מיר לכבוד זיי, געבן אַ ספּעציעלן קאָנצערט אַף רוסיש.

די ברואים האָבן ווילד אַפּלאָדירט און איך בין אַרויס דער ערשטער. איך האָב געזונגען עטלעכע רוסישע לידער, דערנאָך זיינען מיר אַלע אַרויס נאָכאַמאָל און מיר האָבן אָפּגעזונגען אַן אוקראַאינישע פּאָטפּורי און צום סוף האָט אייזנבערג געטאַנצט און אַמערסטנס האָבן די באַנדיטן שטורמיש און ווילד אַפּלאָדירט אייזנבערגס טענץ און נישט וואַרטנדיק וואָס עס וועט זיין ווייטער, האָבן מיר זיך איינציקווייז אַרויסגעשוואַרצט הינטן־אַרום, דורכן צווייטן אויסגאַנג פון טעאַטער און ווען מיר האָבן זיך שוין געזען אַף אונדזערע געלעגערס, האָבן מיר זיך נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק, געזען ווי נײַ־געבוירענע מענטשן, מיט נײַע זאָרגן און מיר זיינען איינגעשלאָפן אומרואיקע וועגן דעם וואָס עס וועט אונדז ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג.

צומאָרגנס איז דווקא אויפגעשטאַנען אַ רואיקער טאָג און אויך די ווייטערדיקע טעג זיינען געקומען רואיקע און אַזוי ווי מען האָט געזאָגט, אַז די וועגן זיינען נישט אַזוי געפערלעך, האָבן מיר זיך געזעגנט איינער מיטן אַנדערן פון דער אינטערעסאַנטער אַקטיאָרן־גרופּע און יעדער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין אַן אַנדער ריכטונג, נענטער צו זיין ציל אַף יענער זייט גרעניץ.

איך מיט מיין פרוי, מיר זיינען געפאָרן אַפן וועג קיין טאַרנאָפּאָל, וואו מיר האָבן געהאַט איבערגעלאָזט מיינע קינדער, פון וועלכע מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין שום ידיעה זייט אַכט חדשים. אַפן וועג, האָבן מיר געמוזט אָפּשטייגן אין פּראָסקוראָוו, דער בלוטיקער שטאָט, וואו די אידן האָבן נאָר וואָס געהאַט איבערגעלייטן פון דעם שווידערלעכן פּאָגראָם.

די איינצלהייטן פון דעם פּאָגראָם, לויט באַקאַנטע האָבן אונדז איי־בערגעגעבן, לאָזן זיך ממש נישט שילדערן מיט קיין פען. די שווידערלעכע שחיטה פון מענער, פרויען און קינדער, האָבן די באַנדיטן דורכגעפירט מיט באַיאָנעטן און פיקעס און מיט פיקעס האָבן זיי אויפגעריסן די בייכער פון שוואַנגערע פרויען און זיי האָבן די בלוטיקע ארבעט דורכגעפירט אַזוי אָפן און אַזוי פריי, אַז עס איז געווען קענטיק, אַז די מערדער טוען דאָס אָפן באַפעל פון זייער פירער, דעם רוצח פעטליורע ימח־שמו און ווען איך האָבן יאָרן שפּעטער געהערט וועגן דער נקמה וואָס דער גואל־הדם, שלום שוואַרצבארד, האָט דורכגעפירט קעגן דעם הויפּט־פּאָגראָמשטשיק, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז שוואַרצבאַרד האָט דעם שווידערלעכן רוצח צוגע־טיילט אַ צו גרינגען טויט...

עטלעכע טעג זיינען מיר געבליבן אין פּראָסקוראָוו וואַרטנדיק אַף אַ באַן און ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס גייט אָפּ אַ לאַסט־באַן מיט וואַגאָנעס אויפצולאָדעווען געהילץ, און אַזוי ווי דער באַן גייט אין דער ריכטונג נענטער צו דער גרעניץ, האָבן מיר אַרויפגעוואָרפן אונדזערע פּעקלעך און מיר זיינען אַרויפגעקראָכן אין דעם אָפענעם וואַגאָן אַריין.

עס איז געווען אין טיפן ווינטער און די קעלט איז געווען אויסער־געוויינלעך. האָבן מיר זיך געזעצט אַף אונדזערע פּעקלעך און צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און זיך געוואַרימט מיט אונדזערע אָטעמס.

אָפן זעלבן וואַגאָן איז אויך געלעגן אַ קראַנקער אַף פלעקן־טיפוס און מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך צו אים נישט צורירן און פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געפאָלגט.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט און מיר אַלע (עס זיינען געפאָרן מערערע מענטשן) זיינען אַראָפּ און געהאָלפן אַרויפלאָדעווען געהילץ אַף אָפענע וואַגאָנעס און ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, זיינען מיר ווייטער געפאָרן, ביז די באַן איז ווידער שטיין געבליבן אַף אַ קליינער סטאַציע אינמיטן אַ פעלד און דאָרט האָט מען אונדז געהייסן אַראָפּגיין.

אָפן קראַנקן האָט דאָרט געוואַרט אַ פויער מיט אַ פערד און וואָגן און ער האָט דעם קראַנקן צוגענומען.

מיר זיינען מיט אונדזערע זאַכן אַריין אין דער סטאַציע וואו ס'האָט געברענט אַ נאַפט־לעמפּל און אַ הויכער פויער מיט אַ ווילדן אויסזען, וואָס האָט דאָרט געהאַט זיין שענקל, האָט אַף אונדז אָנגעוואָרפן אַ שרעק. פון יוצא־וועגן האָב איך אים געוואָלט געבן עפּעס צו לייזן און איך האָב אים געפרעגט, צי ער האָט עפּעס צו טרינקען און ער האָט מיר געגעבן אַ גלעזל

בראַנפן, וואָס האָט געהאַט אַ טעם פון ברען־ספּירט און ווי נאָר איך האָב אויסגעטרונקען, פרעגט ער מיך וואָס מיר טראַכטן צו טאָן, ווייל ער גייט שוין פאַרמאַכן די בודע.

מיין פרוי האָט זיך צעוויינט. — וואָס וועלן מיר טאָן אויף דעם נאַקעטן פאַרפרוירענעם פעלד, וואו מען זעט נישט קיין סימן פון קיין כאַטע און עס איז אַ פינצטערע ווינטע נאַכט...

ווייזט אויס, אַז דער פויער איז גערירט געוואָרן פון מיין פרוים געוויין און ער זאָגט אונדז, אַז אויב מיר ווילן, קענען מיר מיט אים מיטגיין אין זיין „זעמליאַנקע", וועלכע געפינט זיך דאָ נישט ווייט.

אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? זיינען מיר מיטגעגאַנגען. דער פויער העלפט אונדז טראָגן די זאַכן און מיר גייען. אָבער אויפן וועג, איז אונדז איבערגעפאַלן אַ שרעק און מיין פרוי פרעגט בא מיר: — וואו פירט ער אונדז? און עס הויבן זיך אָן מאָלן שוידערלעכע בילדער און מיין פרוי זאָגט, אַז נישט אַנדערש, נאָר דער פויער איז אַ גזלן און ער פאַרפירט אונדז צו דער שחיטה, כדי צו קענען צורויבן אונדזערע זאַכן...

ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען צו דער זעמליאַנקע, וועלכע האָט זיך טאַקע געפינען אינגאַנצן אין דער ערד, בלויז מיט אַ קליינער טיר, דורך וועלכער מען האָט באַדאַרפט אַראָפּגיין אויף טרעפּ. דער פויער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַן אַלטע פרוי האָט זי געעפנט. — דאָס איז מיין מוטער, האָט דער פויער געזאָגט און ווען מיר האָבן אַ קוק געגעבן אויף דער אַלטיטשקער, האָט זיך אונדז נאָך מער אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ גזלנים־הייל אַזוי ווי זי ווערט געשילדערט אין די שונד־ראָמאַנען. אַ שוידערלעכן אויסזען האָט זי געהאַט, די אַלטיטשקע און איך הער ווי בא מיין פרוי קלאַפּט שוין אַ צאָן אָן אַ צאָן.

איך האָב שנעל באַשלאָסן, אַז ביידע צוזאַמען זאָלן מיר נישט אַריינגיין. ווען איינער בלייבט אינדרויסן, איז עס זיכערער און איך האָב טאַקע געגעבן האַנין אַ צייכן, אַז זי זאָל אַריינגיין און איך בין געבליבן אינדרויסן, זאָגנדיק, אַז איך גיי זוכן אַ פור.

דער פויער האָט פאַרשטאַנען אַז מיר געטרויען אים נישט, האָט ער געשמייכלט און איז אַריין מיט האַנין אין דער זעמליאַנקע און איך האָב זיך אין דער פינצטערער נאַכט געלאָזן זוכן אַ שפור פון אַנדערע מענטשן.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ קלאַנג פון אַ בלעכערנעם איימער; איך בין באַלד אַוועק אין דער ריכטונג און איך האָב ריכטיק געטראָפן, ווי אַ פויער איז געשטאַנען און געפּאָיעט אַ פערד נעבן אַ ברונעם.

פאַר אַ גאַר היפשן פרייז, איז דער פויער איינגעגאַנגען אָפּצופירן אונדז ביז אין אַ נאָנטן שטעטל און מיר זיינען באַלד צוגעפאָרן צו דער זעמליאַנקע. איך האָב דעם פויער געהייסן צוערשט אַריינגיין און דערנאָך

בין איך אריין און איך בין געבליבן פארוואונדערט פון דער אויסערגע־וויינלעכער זויבערקייט וואס איך האב אין דעם אונטערערדישן שטיבל געטראפן. אונטן איז געווען ווארים און אפן טיש איז שוין געשטאנען א זידנדיקער סאמאוואר און האני איז געזעסן באם טיש און גאנץ גענימטלעך געטרונקען טיי.

דער פויער זאגט צו מיר: — פאר שטראף, וואס דו האסט מיך גע־וואגט חושד צו זיין, מוזטו זיך אוועקזעצן און טרינקען מיט מיר צוזאמען א „טשאי"...

איך האב זיך פאר אים אנטשולדיקט, דערקלערנדיק, אז מיר לעבן היינט אין אזא צייט, וואס מען מוז יעדן חושד זיין און דער פויער האט טרויעריק צוגעשאקלט מיטן קאפ, אז עס איז א זייער שווערע צייט, וואס ווער ווייסט, מיט וואס זי וועט זיך ענדיקן.

מיר האבן זיך געזעגנט און ווארים אפגעדאנקט דעם פויער פאר זיין באסטפריינטלעכקייט און אט זיינען מיר שוין געזעסן אף דער פור און מיר האבן זיך געלאזן אין דעם נאנטסטן שטעטל.



# אַכטאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

אין א חורבה הינטער פּאָדוואָלאָטשיסקי. — צוריק אין טאַרנאָ־פּאָל. — די מגפה פון פלעקן־טיפוס. — מיר שפּילן אין טאַרנאָפּאָל און מען פאָדערט אונז פון רוסלאַנד. — מיר פאָרן קיין בערדיטשעוו. — די לובערער לעדער־אינדוסטריע. — 21 פּאָגראָם־טעג אין לובער. — פאָרצווייפלונג און הילפלאָזיקייט.

דאַנקען גאָט, מיר זיינען שוין אין אַ אידיש שטעטל און מיר געפינען זיך שוין אין אַ אידישער אכסניה וואו עס איז שמוציק און קאַלט, דאָך, עס איז אונדז אַ סך לייכטער אפן געמיט, ווייל מיר געפינען זיך שוין אונ־טער אַ דאַך און צווישן אידן און מיר ליגן שוין ענדלעך אויף אַ געלעגער פון אמתע קישנס פון געגזענע פעדערן און איינגעדעקט מיט דעם פּוכע־נעם בעטגעוואַנט, זיינען מיר געשמאַק איבערגעשלאָפן די נאַכט.

דער צופאַל האָט אונדז ווייטער צוגעשפּילט, ווייל אין דעמזעלבן אוונט, איז אין דער אכסניה אריינגעפאָרן אַ פּויערשע פור, וואָס דאַרף אינדערפרי פאָרן ווייטער ביז פּאָדוואָלאָטשיסקי. פאַר אונדז איז דאָס גע־ווען אַ גרויס גליק און מיר האָבן דעם פּויער מער נישט אַפּגעלאָזן און וויפיל ער האָט פאַרלאַנגט, האָבן מיר אים באַצאָלט, אַבי פאָרן ווייטער.

עס האָט זיך געוויזן אַ ווינטערדיקע זון, אָבער אונטן האָט דער פראָסט ממש געברענט און כמעט אינגאַנצן פאַרפרוירענע, זיינען מיר נאָך עטלעכע שעה פאָרן, אָנגעקומען צו אַ פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען אַ חורבה און דאָרט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט.

די חורבה האָט געהאַט שטיקלעך ווענט און אַ קליינעם סימן פון אַ דאַך און נעבן דער חורבה זיינען געשטאַנען אַ סך פורן און די פּויערים האָבן דערלאַנגט פּאַשע פאַר די פערד און אַליין זיינען זיי אריין אין דער חורבה, וואו עס איז געווען אַ שטיקל קרעטשמע.

מיר זיינען אויך אריין.

ביי אַ גרויסן טיש איז געשטאַנען אַ פּויער און פאַרקויפט רוי חזיר־פלייש און „וועטשענאַ" (שינקען), נאָר קיין ברויט איז נישט געווען צו באַקומען. דאָרט האָט זיך אויך געפינען אַן אַלטער צעבראָכענער אויוון,

אין וועלכן די פויערים האָבן כסדר אַריינגעוואָרפן שפּענער, כדי אויפצו־האַלטן דאָס פייער און אויפן אויוון איז געשטאַנען אַ בעקן אויף וועלכן עס האָט זיך געפּרעגלט די שינקע.

יעדער האָט געמוזט מיטן געקויפטן שטיקל פלייש צוּוואַרטן ביז עס איז געקומען זיין ריי צום פּרעגלען עס און וואַרטנדיק אַזוי אין דער ריי אַרום אויוון, האָט מען זיך דערווייל גוט אָנגעוואַרימט.

ענדלעך איז די ריי געקומען אויף אונדז. מיר האָבן אָפּגעפּרעגלט דאָס שטיקל שינקע און אַ שטיקל ברויט האָבן מיר באַקומען בײַ אונדזער פאָרמאַן און אַזוי האָבן מיר זיך אָנגעזעטיקט און דערוואַרימטע געלאָזן אויפן ווייטערדיקן וועג.

די גרעניץ וואָס האָט אָפּגעטיילט גאַליציע פון אוקראַינע, האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער פאַר פּאָדוואָלאָטשיסק און זי איז געווען שטרענג באַוואַכט פון פּוילישע סאָלדאַטן; אָבער אַדאַנק מיינע מוסטערונגס־פּאַפּירן, אין וועלכע איך בין געווען פאַרעכנט פאַר אַ גאַליציאַנער, האָט מען אונדז דורכגעלאָזן און דער פורמאַן האָט אונדז געבראַכט ביז פּאָד־וואָלאָטשיסקי.

נישט קוקנדיק אויף דעם שטאַרקן פראָסט, האָבן מיר זיך נאָך דעם זעלבן טאָג, אויף אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָ אַריבערגעקומען ביז טאַרנאָ־פּאָל. דער לאַסט־אויטאָ איז געפאָרן שנעל און דער שניידיקער פראָסטי־קער ווינט האָט אונדז געשניטן אין פּנים אַריין, אָבער דאַנקען גאָט, מיר זיינען ענדלעך אין טאַרנאָפּאָל און נאָך אַמאָל דאַנקען גאָט — איך האָב מיינע קינדער געטראָפן געזונט.

די קינדער האָבן אונדז באַטראַכט, אַזוי ווי מיר וואָלטן נאָר־וואָס אָנגעקומען פון יענער וועלט, ווייל מען האָט געשמועסט, אַז מיר זיינען בעת די פּאָגראָמען דערהרגעט געוואָרן און, פאַרשטייט זיך, אַז גרויס איז געווען די פרייד, ווען מען האָט אונדז געזען לעבעדיקע און געזונטע.

אין טאַרנאָפּאָל האָט דעמאָלט געהערשט די שרעקלעכע עפּידעמיע פון פלעקן־טיפוס און כמעט אויף יעדן צווייטן אָדער דריטן הויז, איז גע־האַנגען אַ צעטל: — „דאָ טאָר מען נישט אַריינגיין, ווייל דאָ הערשט פלעקן־טיפוס!" — און איך האָב געדאַנקט גאָט פאַר דעם חסד, וואָס די שוידערלעכע מגפה האָט מיינע קינדער אויסגעמיטן.

מיר האָבן זיך צוזאַמען מיט אונדזערע קינדער אַריינגעקליבן צו אונדזערע קרובים און ווייזט אויס, אַז די מגפה האָט דאָרט אָפּגעוואָרט אויף מיין יונגערן זונדל, ווייל בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, איז ער אַוועק־געפאַלן אויף דער געפערלעכער חולאת, אַלע אַנדערע פון הויז זיינען אַנט־לאָפן און בלויז איך מיט האַניק, מיר זיינען געבליבן בײַ דעם קראַנקן קינד.

בא דעם פאַל פון מיין זונדלס קראַנקהייט, האָט די מעדיצין געמאַכט צוויי טעותים.

דעם ערשטן טעות האָט זי געמאַכט, וואָס כאָטש איך און מיין פרוי, מיר זיינען געלעגן צוזאַמען מיט דעם קראַנקן קינד און מיר האָבן זיך נישט אַנגענומען און דער צווייטער טעות איז געווען, וואָס כאָטש דער אַלטמאָדישער דאָקטאָר האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אָפּגעזאָגט דאָס לעבן פון מיין קינד, האָט זיך מיין קליינער זונדל דווקא נישט געלאָזן נעמען פון טויט און צו די דריי וואָכן, האָט זיך דער קריזיס באַוויזן צום גוטן און מיין זונדל האָט זיך אַרויסגעדרייט פון טויט אויף להכעיס דעם אַלטן דאָקטאָר.

ווען מיין זונדל האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן אין געזונט, האָב איך זיך גענומען אַרומקוקן וועגן פּרנסה און נאָך קורצע פאַרהאַנדלונגען, האָב איך זיך פאַראייניקט מיט דער אַמאַטאָרן־גרופּע, נאָר עס האָט זיך אויפגעמישט די אַלטע צרה: — מען דאַרף האָבן אַ קאָנצעסיע אויף טעאַטער.

אַזוי ווי איך האָב בא זיך געהאַט עטלעכע פּאַפּירן מיט סטעמפּלען און דערלויבענישן פון סטאַראָסטעס, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט באַקומען, האָב איך דאָס באַוויזן דעם באַאַמטן און דער באַאַמטער האָט עס אַפילו נישט איבערגעלייענט, ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַ קאָנצעסיע און ער האָט געגעבן די דערלויבעניש צו שפּילן.

אויף טאַרנאָפּאָלער אידן האָט מען זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן. אַבי מען האָט נאָר געגעבן צו וויסן אַז מען שפּילט אידיש טעאַטער, זיינען די בילעטן שנעל געוואָרן אויסגעפאַרקויפט.

אַזוי האָבן מיר דורכגעפירט עטלעכע פאָרשטעלונגען און מיר האָבן געגלויבט, אַז די נארישקייט וועט שוין אַזוי גילטן ביז אַראָפּ. האָבן מיר אַנאָנסירט „בר־כוכבא" און די בילעטן, ווי געוויינלעך, זיינען שנעל געוואָרן אויספאַרקויפט און מיר האָבן שוין געהאַלטן באַם לאָזן אויפהויבן דעם פאָרהאַנג, קומט אַריין אַ באַאַמטער און ער באַווייזט מיר אַ פאַראָרדענונג פון דער באַצירקסהויפּטמאַנשאַפט, אַז די פאָרשטעלונג איז אַבסאָלוט פאַרבאָטן.

עס איז נישט געווען וואָס צו מאַכן, בין איך אַרויס פאַרן פאָרהאַנג און דערקלערט דעם עולם וואָס דאָ איז געשען און איך האָב פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זיך באַמיען, אַז אין צוויי טעג שפּעטער, זאָלן מיר קענען געבן דיזעלבע פאָרשטעלונג, נאָר ווער עס איז נישט געדולדיק, קאָן צוגיין צו דער קאַסע און ער וועט באַקומען צוריקגעצאָלט פאַר די געקויפטע בילעטן.

אין טעאַטער האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג און מיט אַראָפּ-
געלאָזטע קעפּ האָט דער עולם פאַרלאָזן דעם סאַלאָן, אָבער ער איז געווען
געדולדיק; קיינער האָט נישט צוריקגעפאָדערט קיין געלט, און אַלע האָבן
דערקלערט, אַז זיי באַהאַלטן די בילעטן, ביז די פאָרשטעלונג וועט
פאָרקומען.

און צוויי טעג שפּעטער, האָבן מיר טאַקע, אַדאַנק דער פּראָטעקציע
פון אַן אַנגעזעענעם אידישן דאָקטאָר, באַקומען די דערלויבעניש און
דורכגעפירט די פאָרשטעלונג פאַר דעם עולם, וואָס האָט געהאַט די בי-
לעטן פון דער פאַרבאָטענער פאָרשטעלונג.

די דערלויבעניש וואָס מיר האָבן דורך דער פּראָטעקציע אויסגע-
ווירקט, איז געווען בלויז אויף דער איינער פאָרשטעלונג און ווייטער, איז
שוין נישט געווען וואָס צו טאָן און דערווייל, האָב איך יעדן טאָג באַ-
קומען בריוו פון אידישע אַקטיאָרן אין אוקראַינע, אין וועלכע זיי וואַרפן
מיר פאָר פאַרוואָס איך בין אַוועקגעפאָרן, ווייל געלט, וואַלגערט זיך
היינט דאָרט אין די גאַסן און מען קאָן מאַכן גאָלד, ווייל דער עולם בענקט
נאָך אידיש טעאַטער און הויפּטזאַך, דער ראַטנפאַרבאַנד האָט שוין באַ-
הערשט די לאַגע און עס איז זיך נישטאָ וואָס צו שרעקן...

די ידיעות האָבן געווירקט אויף מיר. איך האָב זיך דערמאָנט אַן זשי-
טאָמירער אידישן מלוכה-טעאַטער, וואו איך האָב אַזוי פיין אַקטואירט
מיט אַ בעסערן רעפּערטואַר און עס האָט מיך אָנגעהויבן לאָקן און ציען
און די קינדער מיינע זיינען דאָך שוין נישט אַזוי קליין: דעם עלטערן, וועל-
כער איז שוין געווען פערצן יאָר אַלט, האָב איך אַוועקגעגעבן אויף דער לער,
צו לערנען אַ פאַך און דעם יונגערן האָבן מיר מיטגענומען מיט זיך און
מיר האָבן זיך געלאָזן אין וועג אויף צוריק, צוריק קיין אוקראַינע, פונוואַנען
מיר זיינען ערשט נאָך אַזעלכע שרעקלעכע איבערלעבענישן קוים אַנט-
לאָפן מיטן ביסל חיות...

מיר זיינען אַוועקגעפאָרן קיין בערדיטשעוו.

דאָרט האָבן מיר געטראָפן גרינשטיינען און עס האָט זיך באַלד פאַר-
מירט אַ טרופּע און מיר האָבן געשפּילט עטלעכע פאָרשטעלונגען און
דערנאָך זיינען מיר אַוועקגעפאָרן קיין ל ו ב ע ר.

אין לובער, איז אַלעמאַל געווען אַ גרויסע אינדוסטריע פון לעדער
און כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג, מערסטנס אידן, האָבן געלעבט פון
דער אינדוסטריע און דאָרט איז אַלעמאַל געווען אַ גוטער פּלאַץ פאַר אי-
דיש טעאַטער.

האָבן מיר דאָרט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער און די לובערער לע-
דערנע אידן האָבן צו יעדער פאָרשטעלונג אויסגעפילט דעם טעאַטער-

סאַלאָן און מיר האָבן געמאַכט אַזויפיל געלט, אַז עס איז שוין נישט געווען וואו צו אַוועקצולייגן...

מיך האָט די טרופּע געהאַט אויסגעקליבן אַלס קאַסירער און גערעכנט האָבן מיר זיך איינמאָל אין וואָך און איך האָב געמוזט יעדע נאַכט אַריינ־לייגן דאָס געלט אין אַ גרויסן קויש און איינמאָל אין וואָך, צו דער אָפּ־רעכענונג, האָב איך די מאַסע פּאַפּיר־געלט איינגעוויקלט אין אַ גרויסן טישטעך און אַוועקגעטראָגן עס אין טעאַטער צו דער אָפּרעכענונג.

ווען באַקאַנטע האָבן מיך געטראָפן אין גאַס און געפרעגט וואָס איך טראָג דאָ אין דעם גרויסן פּאַק, האָב איך געענטפערט, אַז איך טראָג וועש צום וואַשן...

נישט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען צו מאַכן די חשבונות מיט אַזאַ ריזן־קאַפּיטאַל; עס האָט גענומען אַ סך צייט, ביז מען האָט אויסאָרטירט די פּאַפּירלעך יעדעס צו זיין מין און נאָך דער אָפּרעכענונג, איז יעדער אַק־טיאָר אַוועק פון טעאַטער מיט אַ היפּשן פּאַק באַנקנאָטן און אין אַ קור־צער צייט, זיינען מיר געוואָרן אמתע מיליאָנערן...

אָבער שנעל האָבן זיך געענדיקט אונדזערע גליקן. דאָס איז געווען אין 1920, ווען די רויטע אַרמייען האָבן געמאַכט דעם ריקצוג פון הינטער װאַרשע און עס האָבן אין אוקראַינע ווידער אָנגעהויבן בלאָזן בייזע פּאָ־ליטישע ווינטן.

גרינשטיין מיט די איבעריקע בערדיטשעווער אַקטיאָרן האָבן אין אַזאַ צייט בעסער געוואָלט זיין בא זיך אינדערהיים און זיי זיינען צוריק־געפאָרן קיין בערדיטשעוו.

געבליבן איז בלויז איין אַקטיאָריש פּאָרל און אַן אַקטיאָר, אַן אַלמן מיט אַ קינד און זיי האָבן געוואוינט אין אַ האָטעל און איך מיט מיין פרוי און קינד, מיר האָבן געוואוינט אין אַ פּריוואַטער דירה.

דער צוריקצוג פון די רויט־אַרמייער האָט זיך כסדר געזען בולטער; עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען פוס־גייער, סאָלדאַטן אָפּגעריסענע, נאַקעטע און באָרוויסע. מען האָט געקאָנט באַגעגענען אַ סאָלדאַט אָנגעטון אין אַ שוואַרצן סורדוט, מיט אַ האַרטן שוואַרצן קאַפּעלוטש און בורוויס, נאָר באַוואָפנט מיט אַ ביקס און מיט אַנדערע וואָפן.

אַזאַ סאָלדאַט האָט געוויינלעך געזוכט אַ פּאָר שטיוול און איינמאָל האָט מיך אַזאַ באַגעגנט און דערזעענדיק, אַז איך טראָג גאַנצע שיך, האָט ער געמיינט, אַז דאָס זיינען שטיוול, נאָר איך האָב פאַרדעקט די כאָליאַ־וועס מיט די הויזן.

דער סאָלדאַט האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די ביקס און מיר באַפוילן, איך זאָל אויסטאָן די שטיוול און ערשט ווען איך האָב אים געוויזן, אַז

דאָס זיינען נישט קיין שטיוול נאָר שיך, האָט ער מיך געלאָזן גיין ווייטער.

מאָסן און מאָסן סאָלדאַטן האָבן אַזוי פאַרביימאַרשירט לובער, און אויסער עטלעכע קליינע אינצידענטן, איז אַלץ געווען רואיק און מען האָט נישט געהערט פון ערנסטע געשעענישן.

אַזוי איז עס געווען, ביז עס זיינען אָנגעקומען די סאָלדאַטן פון בודיאָנים אַרמיי.

בודיאָנים אַרמיי איז געווען די טאַפּפערסטע פון דער גאַנצער ראַטן־אַרמיי, אָבער די בודיאָנאָווצעס זיינען אויך געווען די געפערלעכסטע לגבי דער ציווילער באַפעלקערונג.

די בודיאָנאָווצעס האָבן זיך שנעל אויסגעשפּרייט איבער לובער און זיי האָבן פאַרנומען אַ סך פּריוואַטע וואוינונגען וואו זיי האָבן זיך איינקוואַרטירט.

צווישן זיי האָבן זיך געפינען אַ סך געוועזענע פאַרברעכער, באַפרייטע פון פאַרשידענע תפיסות.

די בודיאָנאָווצעס האָבן זיך שנעל אויסגעשפּרייט איבער לובער און זיי האָבן פאַרנומען אַ סך פּריוואַטע וואוינונגען און נאָך אין זעלבן טאָג, דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג סכות, זיינען זיי איבערגעפאַלן די שיל, וואָס איז געווען פול געפּאַקט מיט אידן און דאָרט האָבן זיי צעריסן די ספרי־תורות און צעריסן די טליתים וואָס זיי האָבן אַראָפּגעריסן פון די מתפללים און ביי אַ סך אידן האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול פון די פיס און אידן זיינען בורוועסע געלאָפן איבער די לובערער גאַסן און געזוכט זיך אַריינצובאַקומען צוריק אין זייערע היימען.

מיר האָבן די שווידערלעכע סצענעס פון די לויפנדיקע אידן געזען דורכן פענצטער פון אונדזער וואוינונג, אָבער באַלד איז געוואָרן שטיל און מיר האָבן געהאָפט, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ מאָמענטאַנער אויסברוך פון ווילדקייט, וואָס וועט אָבער שנעל באַהערשט ווערן פון די אַרמיי־פירער.

פונדעסטוועגן איז מען שוין געבליבן אין די שטיבער איינגעשלאָסענע און אַפילו פאַרבאַריקאַדירט און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, איז מען געבליבן אין דער פינצטער און מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס האָט מען דורך די פענצטער אַרויסגעקוקט אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

אַרום צען אַזייגער, האָבן זיך פון ערגעצוואו דערהערט עטלעכע שאָסן און באַלד דערויף האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן פאַרצווייפלטע רופן פון פאַרשידענע קולות, פון מענער, פרויען און קינדער און די קולות זיינען מאַסנהאַפטע און די רופן — גרויליקע און די סימפאָניע פון פאַרצווייפלונג וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַ מאַסנהאַפטן כאָר, האָט ממש אויפגעטרייסלט די נאַכט.

די שיסערייען און יללות זיינען געקומען נענטער און נענטער. ארום צוועלף בײנאַכט, האָב איך דורכן פענצטער געזען, ווי אַף דעם דאַך פון דעם אנטקעגנאיבערדיקן צוויי-שטאָקיקן הויז, האָט זיך באַוויזן אַ פייערל אַזוי ווי פון אַ קופּקעלע צעגליטע קוילן און פון מינוט צו מינוט, האָט זיך דאָס קופקעלע מער צעגליט און פלוצלינג האָט זיך פון דעם צעגליטן פייערל אַ צעבושעווע געטאָן אַ גרויס פייער און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, איז דאָס גאַנצע צוויי-שטאָקיקע הויז געשטאַנען איינגעהילט אין פלאַמען און פון די פלאַמען האָבן זיך אַרויסגעהערט יללות און הילפס-רופן און מיר האָבן נישט געזען, אַז עמיץ זאָל אַפּילו פּרואוון פאַרלעשן דאָס פייער.

די נאַכט איז אַריבער און די באַנדיטן האָבן ווייזט אויס נישט באַ-וויזן צוצוקומען צו אונדזער ווינקל.

אינדערפרי האָט מען זיך דערוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן עטלעכע זעכציק אידישע הרוגים און אַריבער צוויי הונדערט פאַרוואונדעטע. ווען איך בין אַרוים אין גאַס זוכן עפּעס צו עסן פאַר מיין פאַמיליע, האָב איך נישט ווייט פון אונדזער היים, געזען ליגן אַ טויטן און נעבן דעם דער-הרגעטן, האָט געקלאָגט זיין אַלטע מוטער און אַ שוועסטערל פון אַ 15 אָדער 16 יאָר, האָט אַ צעשויבערטע געקוקט מיט שטאַרע בליקן, ווי אַ משוגענע, זי איז געווען געשענדעט.

דער דערהרגעטער איז געלעגן אין אַ טייך בלוט און איך האָב דער-קענט אין אים מיין גוטן פריינט, וואָס האָט געפלעגט אַריינקומען צו מיר און ערשט דערנאָך, האָב איך זיך געכאַפּט אַז די פרוי וואָס באַוויינט אים איז זיין מוטער און די געשענדעטע — זיין שוועסטערל. זיי זיינען ביידע געווען אַזוי געענדערט, אַז איך וואָלט זיי נישט דערקענט...

דאָס בילד איז געווען אַזאַ גרוילנדיקס, אַז איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. איך האָב געפילט, אַז דער קאָפּ וועט זיך מיר שפּאַלטן און איך האָב אָנגעהויבן שרייען, רעווען מיט אַלע מיינע כחות; עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיט מיין שרייען, וועל איך אויפוועקן עפּעס אַ ריזן-קראַפט, וואָס וועט פאַרניכטן אַלע אונדזערע שונאים, אָדער גאָר אַ סוף מאַכן צו דער גאַנצער אומגליקלעכער רוּיבערישער וועלט!...



# ניינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

אין תהום פון צרות און פּיין. — דרייסיק טויזנט רובל אויס־לייז־געלט. — 250 באַריטענע בודיאָנאָווצעס. — לובערער אַלט־שטאָט און ניי־שטאָט. — איך ווער אַ „קאַוואַל". — די פּוילישע אַרמיי קומט אָן. — מיר פּאָרן ענדלעך אַרויס פון לובער. — מיר שפּילן מיטן אַסטראַנער דראַמקרייז. — אין ראָוונע לעבט מען ווי מענטשן.

אין דעם תהום פון שרייענדיקע צרות און פּיין, האָב איך געהאַט פאַרגעסן אָן מיינע חברים, די אַקטיאָרן, וואָס האָבן געוואוינט אין האָטעל.

אַזוי ווי מיין זונדל האָט אויסגעזען ענלעך צו אַ קריסטלעך קינד, האָב איך געוואָגט אים צו שיקן אין האָטעל, ער זאָל אַ קוק געבן דאָרט צו די אונדזעריקע און ער האָט דאָרט געטראָפן אַ שוידערלעך בילד.

דער יונגער אַקטיאָר איז געלעגן אויף דער ערד אינגאַנצן אַ נאַקעט־טער און זיין פרוי, די אַקטריסע, איז געלעגן אין בעט אַ געשענדעטע פון דרייסיק באַנדיטן; מיין זונדל האָט פון זיך אַראָפּגענומען דאָס אָנטון און עס מיט מי אָנגעטון אויף דעם אַקטיאָרס נאַקעטן לייב און אַ ווייסער ווי קאַלך און אינגאַנצן ציטערנדיק, האָט ער דאָס פּאָרל געבראַכט צו אונדז אין שטוב אַריין.

נאָך איצט צאַפּלט זיך אין מיר מיין האַרץ פון ווייטיק, ווען איך דערמאָן זיך אָן יענע שווערע שעהן וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט.

ווידער איז די נאַכט צוגעפאַלן. מיר האָבן זיך באַמיט צו האָפן, אַז אויך די נאַכט וועט פאַר אונדז אַפּלויפן רואיק, פונדעסטוועגן זיינען מיר שוין גרייט אויפצונעמען דאָס ערגסטע.

מען האָט שוין געוווּסט, אַז די רוצחים האָבן דורכגעפירט זייערע רציחות ווייל מען האָט געשריגן און געיאָמערט און זיי האָבן די געוואָלטן פאַרשטומט מיט זייער מעסערס אָדער רעוואָלווערן און דערפאַר, האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן פאַרהאַלטן רואיק און מיט פאַרביסענע ליפּן צוגעקוקט צו אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן און מען האָט געשוויגן.

זיי האָבן געשענדעט פרויען און מיידלעך אין די אויגן פון זייערע מענער און עלטערן און די עלטערן און מענער האָבן געמוזט שווייגן, כדי צו האָפן צו קענען בלייבן לעבן...

מיר האָבן זיך געגרייט צו דער נאַכט.

אױף אַ טראַגיש־טעאַטראַלן אופן האָבן מיר אַראַנזשירט די שטוב אַזוי, אַזוי ווי די באַנדיטן וואָלטן נאָר־וואָס געווען אין איר. מיר האָבן די בענקלעך צעבראָכן און דעם טיש איבערגעקערט און אַליין אָנגעמאַכט אַ חורבן אין שטוב, כדי, אויב די באַנדיטן וועלן קומען, זאָל זיך זיי אויס־ווייזן, אַז די שטוב איז שוין פון די זייעריקע באַזוכט געוואָרן און עס איז מער נישטאָ וואָס צו טאָן אין איר...

פון שלאָפן אין אַזאַ נאַכט, האָט דאָך נישט געקאָנט זיין קיין רייד, בין איך געשטאַנען נעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין און אַרום האַלבער נאַכט האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן גרופּעס וואָקל־דיקע פאַרשוינען און די גרופּעס האָבן זיך צעשאָטן אין פאַרשידענע ריכ־טונגען און צוויי פאַרשוין האָבן זיך געלאָזן גיין גלייך צו אונדזער הויז.

מיין באַפעל צו די שטוביקע איז באַלד אויסגעפירט געוואָרן. אױף מאָמענט האָט זיך יעדער פון שטוב פאַרקליבן אין אַן אַנדער ווינקל און צעשויבערט מיט שווידערלעכע אויסזעענס האָבן זיי געקוקט שטום פאַר זיך און מיט פאַרביסענע ליפּן.

נאָך איידער די צוויי פאַרשוין האָבן געקלאַפּט אין טיר, האָב איך זי אַליין געעפנט און אויסגערופן: — ביטע, קומט אַריין, חברים!...

— וואָס פאַר אַ חברים זיינען מיר דיר? — האָט זיך איינער אָנגע־רופן און מיך מכבד געווען מיט דער אַמתער ברכה...

מיין פאַרשוין איז געבליבן שטיין נעבן דער טיר און מיטן רעוואָל־ווער אין האַנט, גענומען באַטראַכטן די שטוב, וועלכע דער צווייטער האָט באַלויכטן מיט אַן אָנגעצונדן ליכט.

דער ברייט־פּלייציקער, מיט דעם געשטיפּלטן פּנים האָט זיך אַוועק־געשטעלט אינדערמיט שטוב מיטן ליכט אינדערהויך און דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, צוגעקוקט זיך צו די פּנימער און, פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַלעמען האָבן זיך אָפּגעשטעלט די אָטעמס, פּילנ־דיק אױף זיך דעם מערדערישן בליק.

אונדזער שפּיל האָט זיך וויזט אויס איינגעגעבן, ווייל נאָך אַ קורצער ווײַלע, האָבן זיך ביידע באַנדיטן געשטעלט אין אַן אַנדער פּאָזע און איי־נער האָט אויסגערופן: — געלט! מיר ווילן געלט! גיב אונדז דרייסיק טויזנט ניקאָלאַיעווסקע רובל!...

— אפשר קאָנט איר נעמען סאָוועטסקע געלט — פּרואוו איך אים בעטן; — מיר האָבן דאָך נישט קיין ניקאָלאַיעווסקע...

— מיט סאָוועטסקע געלט קאָנט איר זיך באַנוצן פאַר עפּעס אַנדערש, האָט ער רוי אויסגערופן...

איך האָב אים געפּרואווט זאָגן, אַז מיר זיינען אַרטיסטן, אפשר וועט ער לייגן כבוד אַף דער קונסט, אָבער איך האָב געמאַכט אַ טעות. דער הערנדיק, אַרטיסטן, האָט ער מיר ערשט געמאַכט דעם אמתן „מי שברך" און ער האָט מיר אָפּגעזאָגט די אמתע דרשה: — אַרטיסטן, זאָגסטו, גנבים! מאַשעניקעס!... גיב שוין אַהער דאָס סאָוועטסקע געלט!...

איך האָב אים דערלאַנגט אַ פּעקל אַסיגנאַציעס, ער האָט עס גרינט־לעך איבערגעציילט און דערנאָך איז זיין בליק געפאַלן אַף מיינע הויזן און ער האָט מיר באַפוילן, אַז איך זאָל זיי אויסטאָן און אים זיי אַרויס־דערלאַנגען דורכן פענצטער.

זיי זיינען אַרויס און איך האָב אים פּונקטלעך אַרויסדערלאַנגט די הויזן מיינע און מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען מיר האָבן געזען ווי זיי דערווייטערן זיך פון אונדזער הויז.

לאַנג האָבן מיר אָבער נישט געקאָנט אָפּאָטעמען, ווייל אין דערזעל־בער נאַכט האָבן מיר עטלעכע מאָל געהאַט אַזעלכע געהויבענע געסט און פון איין באַנדיט האָב איך באַקומען אַ „נעדייזנע" מיט דער נאַהייקע איבערן פּנים, וואָס האָט מיר געלאָזן אַ שאַרפן צייכן אַף אַ לענגערער צייט...

---

250 שטיק זיינען זיי געווען, די באַריטענע בודיאָנאָוועצעס און ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי באַטראַכט, אַז אין לובער, האָבן זיי שוין זייערע אויפגאַבן דערפילט. אַלע זיינען זיי געווען אַנגעטאָן אין די טייערסטע אידישע קליידער און צירונג. אַף לאַנגע גאָלדענע ווייבערשע קייטן האָבן זיי זייערע שווערדן אויפגעהאָנגען און אינמיטן העלן טאָג, האָבן זיי זיך אויפגעזעצט אַף זייערע פערד, אויפגעהויבן הויך די רויטע פאָן, אַף וועל־כער עס האָט זיך געזען דער אויפשריפט — זאָל לעבן דער דריטער אינ־טערנאַציאָנאַל! און מיט געזאַנג, האָבן זיי זיך אָוועקגעלאָזן ווייטער, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דאָס חרוב־געוואָרענע שיינע שטעטל.

אין זעלבן טאָג איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט איינעם פון די מיליטערישע קאָמיסאַרן, אַן אמתן אידעאַליסט און ער האָט מיר טרויעריק דערקלערט, אַז ער קאָן דאָ גאַרנישט העלפן, ווייל מיט דעם מינדסטן וואָרט, איז זיין לעבן אין געפאַר און מען מוז דאָס אַזוי אַריבערטראָגן ביז צו אַ געוויסן מאָמענט.

דער קאמיסאר, איז עס טאקע געווען דער קאמענדאנט פון דער וויל־דער חברה, נאר ער אליין האט גארנישט געגאסן פון זייער רויב. ער אליין האט געטראגן צעריסענע שטיוול און געהאט אף זיך אן אלטן צעריסענעם ראק. און ער האט געזאגט דעם אמת, דער קאמענדאנט. ער האט זיין ווילדע באנדע דערפירט ביז קיעוו און דארט האט ער איבער־געגעבן א באריכט וועגן זיי און מען האט באלד די צעבושעוועטע חברה ארומגערינגלט און מען האט זיי אלע ביז צום לעצטן אויסגעשאסן אפילו אן א משפט.

דער שנעל אויסגעפירטער טויט־אורטייל איבער די רוצחים, האט אבער נישט געענדערט די לאגע אין לובער. מען האט זיך געגרייט צו די לויות פון די קרבנות און פון א סך שטיבער האט מען ארויסגעפירט מתים וואס זיינען שוין דארט געווען צו עטלעכע טעג און א סך געשענ־דעטע פרויען זיינען דערנאך באגאנגען זעלבסטמארד, נישט קענענדיק איבערלעבן די שאנד און ווייל דער טרויער איז געווען אזוי מוראדיק טיף, האט מען נישט מער געוויינט בא די מאסן־לויות, נאר שטיל, מיט גע־בויגענע קעפ צו דער ערד, האט מען באגלייט די קרבנות צו זייער איי־ביקער רו און בלויז א טיפער זיפץ האט פון צייט צו צייט צעטרייסלט די שטילקייט מיט א טיפערער ווירקונג, ווי הונדערטער יאמערנדיקע קולות.

ארום דריי וואכן האט אנגעהאלטן דער צוריקצוג פון די רויטע אר־מייען און יעדע פארביימארשירנדיקע ארמיי, האט זיך פון לובער מיט־גענומען וואס עס איז נאך געבליבן פון די פריערדיקע רויב־אקציעס און עס האט אויסגעזען, אז די לאגע וועט זיך אזוי ציען אף אייביק.

מיר האבן געוואוינט אין אלט־שטאט, נעבן דער בריק, וואס טיילט זי אף פון דער ניי־שטאט. אף דער ניי־שטאט זיינען געווען די פארפעס־טיקטע רויטע ארמייער און אזוי ווי אין אונדזער געגנט האבן געוואוינט א סך אידישע קאוואלעס, האבן זיי א גאנצן טאג געהאט ארבעט צו שמידן אומזיסט די פערד פון די רויט־ארמייער, דערפאר זיינען זיי אבער געווען פרייער און זיכערער קעגן אנפאלן.

איך האב זיך אויך פארקאטשעט די ארבל, אנגעטאן א פארטוך און זיך אויסגעשמירט די הענט מיטן פנים און בין א גאנצן טאג געשטאנען און געארבעט מיטן בלאז־זאק, כדי אזוי ארום צו קענען זיך פרייער בא־וועגן און פארזארגן די שטוב מיט א שטיקל ברויט.

מאכט זיך, אז עס קומט אריין איינער פון דער חברה און זעענדיק ווי איך ארבעט ביי דעם בלאז־זאק, האט ער מיך באטראכט מיט חשד (קאן זיין, אז ער איז אליין געווען א קאוואל פון פאך און ער האט זיך

געכאַפּט, אַז איך בין אַ „צוגעטשעפּעטער"...) און ענדלעך גיט ער צו מיר אַ זאָג: — העי, דו, קאָוואַל, קאָנסט מיר נישט זאָגן, פון וועלכער זייט מען פאַרבויגט די טשוועקעס פון דער פּאַדקאָווע?...

איך בין געבליבן אין פאַרלעגנהייט און איך האָב געמיינט, אַז שוין עקט זיך מיר דאָס לעבן. אָבער דער רויט־אַרמייער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט פון זיין אייגענער חכמה און ער איז אַוועק.

איינאונצוואַנציק טעג און נעכט, האָבן מיר פון זיך די קליידער נישט אויסגעטאָן און די גאַנצע צייט האָבן מיר קיין לעפּל געקעכץ נישט געגעסן און קיין גלאָז טיי נישט געטרונקען און איך ווייס אַליין נישט, פון וואָס און ווי אַזוי מיר האָבן דעמאָלט געלעבט; מען האָט שוין פּשוט פאַרגעסן אָן עסן...

אַ אידישער בעקער, וועלכער איז געווען אָן אָפּטער באַזוכער פון אידישן טעאַטער, האָט געדענקט אָן אונדז און ווען ער האָט אָנגעבאַקן אַביסל ברויט, האָט ער אונדז אַריינגעשיקט אַ פּריש ברויטל, וועלכעס האָט פאַרשמעקט די שטוב, און געררייצט די אַפּעטיטן.

אָבער ווען פריער? אַ שטוב מיט הונגעריקע אויגן האָבן זיך אַרויפגעלייגט אויף דעם קליינעם ברויטל און נאָך איידער איך האָב גענומען דאָס מעסער כדי צוצושניידן דאָס ברויטל אויף דער נויטיקער צאָל חלקים, האָבן זיך דורכן פענצטער דערזען די פאַרפּאַסטן פון אָנקומענדיקן פּוילישן מיליטער און באַלד האָבן מיר געהערט שיסן פון ניי־שטאָט. און די צוויי באַריטענע פּוילישע סאָלדאַטן פון פאַרפּאַסט, האָבן זיך שנעל צוריקגעצויגן.

אויף אַ סעקונדע איז געוואָרן שטיל און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן קלערן, אַז אפשר, ווען די פּאָליאַקן וועלן אַריינקומען, וועט ווערן רואיקער, דערווייל האָט זיך ווידער דערהערט אַ שיסעריי, וואָס איז שוין געקומען באַגלייט פון שטאַרקע קאַנאָנען־שאָסן און אויפרייסן פון שראַפּנעלן און גראַנאַטן.

אין אַזאַ מאָמענט האָבן מיר שוין פאַרגעסן אָן ברויטל וואָס איז געבליבן ליגן אויפן טיש פאַריתומט. די פרויען און קינדער זיינען געקראָכן אונטער די בעטן און די איבעריקע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און זיך מיט שרעק צוגעהערט צו דעם אָרקעסטער וואָס אַלע מינים וואָפן האָבן אויסגעשפּילט פון ביידע צדדים, און ווען קוילן האָבן געמוזט פאַרבייפליען אונדזער שטוב...

פון צייט צו צייט, האָב איך פונדעסטוועגן געכאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער און איך האָב געזען, ווי אָפּטיילונגען פון פּוילישן מאַשין־געווער רוקן זיך אַלץ נענטער און נענטער און עס פינקלען די קוילן וואָס

פליען פאַרביי אונדזער פענצטער ווי ברענענדיקע גלי־פליגעלעך און אַזוי האָט דער מאָנאָטאָנער קאַנצערט אָנגעהאַלטן אַריבער אַ האַלבע שעה און שפּעטער איז כסדר געוואָרן רואיקער און רואיקער, ביז עס איז ענדלעך אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

ווען מיר האָבן זיך שוין געהאַלטן אין באַרואיקן און עמיץ פון אונדז האָט זיך שוין אפשר דערמאָנט אָן דעם ברויטל וואָס איז געבליבן ליגן אַפן טיש, עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך אַ פּוילישער סאָלדאַט. זיין בליק איז דאָס ערשטע געפאַלן אויף דעם ברויטל און אָן ווערטער, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און עס גענומען.

— פאַניע, זאָג איך צו אים: — שוין אַ סך טעג האָבן מיר נישט געהאַט אין אונדזער מויל... האָט רחמנות, נעמט אונדז נישט צו דאָס ברויטל...

אָן אַ וואָרט צו ריידן, האָט ער אַרויסגענומען דעם באַיאָנעט און איבערגעהאַקט דאָס ברויט אין צווייען, זיך האָט ער גענומען אַ האַלבס און די צווייטע העלפט האָט ער געלאָזן פאַר אונדז...

אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָט זיך שוין אינדרויסן דערפילט אַ הימלעכערע לופט. אידן זיינען פאַמעלעך אַרויס פון זייערע פאַרשטעקטע לעכער און באַלד איז פון דער פּוילישער קאָמאַנדע געקומען אַ באַפעל, אַז די אידן זאָלן צורעכט מאַכן די בריקן וואָס די באָלשעוויקעס האָבן בעת זייער ריקצוג צעשטערט און מיטן גרעסטן חשק האָבן די הונגעריקע אידן זיך גענומען צו דער אַרבעט, טראָגנדיק ברעטער און קלעצער און אין אַ קורצער צייט, האָט מען שוין געקאָנט אַריבערגיין איבער דער בריק צו ניי־שטאָט.

די אידן האָבן געאַרבעט שווער, מיטן אויסזיכט, אַז זיי וועלן דערפאַר באַקומען צו עסן פון די מיליטערישע קיכן און עס איז געווען אַ ביטערער שפּאָס צוצוקוקן ווי אַזוי די אידן זיינען געגאַנגען אָנגעטון, נאָך דעם חורבן וואָס די בודיאָנאָווצעס האָבן איבערגעלאָזן.

מען האָט געקאָנט זען אַ מאַן אָנגעטאָן אין אַ ווייבערשער יאַקע און אויף איין פוס אַ קאַלאָש און אַפן צווייטן פוס — אַ שטיוול צונויפגעבונדן מיט שמאַטעס און שטריקלעך...

מיר איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן מיין ווינטערדיקן מאַנטל און איך האָב צווישן די אַלע סענסאַציאָנעלע קאָסטיומען, אויסגעזען ווי אַ לאָרד.

עטלעכע טעג שפּעטער, האָבן מיר שוין אָנגעהויבן זוכן אַ וועג, ווי אַזוי אַריינצופאָרן טיפער קיין פּוילן, כדי צו קומען נענטער קיין טאַרנאָפּאָל. עס איז אָבער געווען שווער צו באַקומען עמיצן וואָס זאָל אונדז וועלן אַפילו פאָרן גרעסטן פּרייז אַריבערפירן אין אַ צווייטן שטעטל און

די באנען זיינען געווען פארנומען פון מיליטער, נאר דורך א צופאל האב איך זיך באקענט מיט א פוילישן צוגס-פירער און פאר א היפשן פרייז, האט ער זיך אונטערגענומען מיר צוצושטעלן א פויערישע פור, וואס וועט אונדז אריבערפירן אין א צווייטן שטעטל טיפער אין פוילן.

שפעט אין דער נאכט זיינען מיר ארויסגעפארן פון לובער, מיר האבן צוריקגעקוקט צו דעם שטעטל פון אידישער פיין און מיט א דערלייכטערט געמיט, זיינען מיר אנגעקומען אין דעם צווייטן שטעטל און דער פויער האט אונדז צוגעפירט צו א געוועזענער אידישער קרעטשמע.

דארט האט מען אונדז אפגעגעבן א קליין צימערל וואס איז געווען באלויכטן פון א חלבן ליכטל און וואו עס איז געשטאנען א קליין סדומער בעטל.

עס איז אונדז נישט לייכט געווען אויסצוטאן די קליידער. זיי זיינען אף אונדז אין משך פון די איינאונצוואנציק טעג, געווארן ווי צוגעוואקסן און אף צו בייטן די וועש, האבן מיר אויך נישט געהאט, אבער אבי מיר האבן זיך געלייגט אפן געלעגער, זיינען מיר באלד איינגעשלאפן אין א טיפן לאנגען שלאף, צו וועלכן מיר האבן אזוי געבענקט אין משך פון עטלעכע וואכן...

מיט שווערער מי, האט זיך אונדז איינגעגעבן צו פארן פון שטעטל צו שטעטל נענטער צו גאליציע, מיר האבן אין מאנכע שטעטלעך אפילו א טראכט געטאן וועגן שפילן טעאטער, אבער עס איז נישט געווען פאר וועמען, ווייל די אידן האבן זיך נאכן דורכמארש פון בודיאנים ארמיי, ארומגעדרייט ווי לעבעדיקע מתים און זיי האבן נישט געקענט טראכטן וועגן טעאטער.

ערשט ווען מיר זיינען אנגעקומען קיין א ס ט ר א ג, א שטעטל פאר ראוונע, דארט האבן מיר שוין געטראפן אביסל לעבן און א יוגנט-באוועגונג און עס איז באמת געווען צו באוואונדערן, ווי אזוי די יוגנט האט זיך אין אזא שווערער צייט נישט פארלוירן, נאר מיט ברען ווייטער אנגעפירט זייערע קולטור-אנשטאלטן און מיט א דראמקרייז, צו וועלכן מיר זיינען צוגעצויגן געווארן און מיר האבן דארט מיט די יוגנטלעכע געשפילט עטלעכע פארשטעלונגען.

פון אסטראג זיינען מיר אריינגעפארן קיין ראוונע און דארט האט זיך פאר אונדז אנטפלעקט א וועלט, פון וועלכער מיר האבן שוין אפילו נישט געקאנט חלומען.

נאך די איבערלעבענישן אין לובער, האבן מיר אין אונדזער פאנטאזיע שוין געזען א חרוב געווארענע וועלט און ווי איבעראשט זיינען מיר געווארן, זעענדיק אין ראוונע די גרויסע שור-פענצטער און אויך מאכלים

אַלערליי, אַלץ קאָן מען באַקומען און די וועלט איז נאָך נישט חרוב און מען קאָן נאָך לעבן און שפּילן טעאַטער, טעאַטער! דעם גרויסן חלום פון אונדזער לעבן!...

מיר זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן, וואו עס האָט אונדז אַנטקעגנגעשלאָגן דער ריח פון ראָסל-פלייש, אָבער ביז דער קעלנער האָט עס אונדז דערלאַנגט, האָבן מיר זיך דערוויל צוגעכאַפּט צום וויסן ברויט און דערנאָך האָבן מיר איינגעקויפט וועש און קליידער און נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַפרייט פון דער דריטער מכה, האָבן מיר פריי אָפּגעאָטעמט און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אונדזער גייסטיקער שפּייז, וועגן שפּילן טעאַטער.

אויסגערוטע אין דעם פיינעם בעט פון האָטעל-צימער און אויסגעגלייכט די מידע גלידער, שפּאַנט מען איבער די ראָוונער גאַסן און דער דראַנג צום לעבן מאַכט פאַרגעסן די געשעענישן אין לובער און מען קוקט און מען זוכט וואו זיך צוצוטוליען צום נייעם לעבן און אָנהויבן שמידן די טעאַטער-קונסט אפסניי און נאָכאַמאָל פון אָנהויב, נאָכאַמאָל פון אָנהויב...



# פערציקסטער קאַפּיטל

אונזער טעאַטער אין ראַוונע איז פֿול נעפּאַקט. — די מלחמה־טרופּעס. — מיר פֿאָרן קיין בראָד. — די בראָדער מלחמה־טרופּע שפּילט „בינקע פּינקע". — אין לעמבערגער גימפּל־טעאַטער איז אַלץ ווי געוועז. — ווידער באַם דירעקטאָר יאַקאָב אין קראָקע. — מאַלי פּיקאָן, דער אויפגייענדיקער שטערן. — טרופּע קאָמפּאַניעץ קומט קיין קראָקע. — דער קאָרגער דירעקטאָר נאַרט אונז אָפּ. — פֿרידבערג, וועלנער און נ. צוקער קעמפֿן פֿאַר אונז אויס גוטע באַדינגונגען. — דער „דיבוק" אין קראָקע.

ווי אין אַ סך שטעט און שטעטלעך, האָט זיך אויך אין ראָוונע דערמאָלט געשאַפֿן אַ „מלחמה־טרופּע" און איך האָב זיך פֿאַראייניקט מיט די אַמאַטאָרן. איך האָב באַקומען דאָס גרויסע „זאַפּראַן־טעאַטער" און מיר האָבן אָנגעהויבן מיט אונדזער קונסט.

דער עולם איז נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן אין טעאַטער. מיט די פּוילישע באַנקנאָטן אין מויל, האָבן זיך די אידן געשטויסן צו דער קאַסע און קיין שום טייערער פּרייז האָט זיי נישט געקאָנט אָפּשרעקן און קיין שום שטורעמווינט האָט זיי נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פֿון גיין אין טעאַטער.

עס האָט זיך געמאַכט אַ פֿאַל אין אַ געוויינלעכן וואָכן־טאָג, ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם־וועטער מיט אַ גאָס רעגן און באַלד דערויף האָט געכאַפּט אַ פֿראָסט און עס איז אין גאָס געוואָרן אַזוי גליטשיק, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען צו גיין.

אין אַזאַ שרעקלעכער נאַכט, זיינען מיר געווען זיכער, אַז עס וועט זיך נישט געפֿינען קיין איין בעלן וואָס זאָל וועלן גיין אין טעאַטער און מיר זיינען זיך גאַנץ רואיק געבליבן זיצן אין האָטעל.

פּלוצלינג קומט צולויפֿן דער געשעפֿטספֿירער אונדזערער און דערזעענדיק ווי מיר זיצן זיך אַזוי רואיק, רופֿט ער אויס: — צו מיינע שונאים קעפּ! דאָס פּובליקום איז אומגעדולדיק און זיי זיצן זיך גאָר דאָ!...

מען האָט אָנגעצונדן לאָמטערנס און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין אין טעאַטער, וואו מיר האָבן שוין געטראָפֿן אַ פֿול געפּאַקטן סאַלאָן מיט־

אומגעדולדיקע מענטשן, וואָס האָבן געשטורעמט, אַז דער פאָרהאַנג זאָל זיך שוין אויפהויבן...

און אַזוי האָבן מיר זיך אין ראַוונע אַנגעגעסן מיט ראָסל-פליישׂ און אַנגעקליידט זיך מיט נייע קליידער און טאַקע געשפּילט טעאַטער און פאַרדינט אַ סך געלט אויך, אָבער נאָך אַלץ האָט אַף אונדז געציטערט די פעל פאַר אַ מעגלעכער נייער איבערקערעניש און מיר האָבן געוואָלט וואָס שנעלער זיין אין גאַליציע, וועלכע מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער היים און וואו איך האָב איבערגעלאָזן איינעם פון מיינע זין און דריבער האָבן מיר זיך געלאָזן אין ווייטערדיקן וועג און אונדזער ערשטער עטאַפּ איז געווען די גאַליציאַנער גרעניץ-שטאָט — ב ר אָ ד.

אויך אין בראָד האָבן מיר געטראָפן אַ מלחמה-טרופּע, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון נישט אַזעלכע קולטורעלע כחות. אַ בראָדער צימער-מאָלער, האָט זיינע פּראָסטע קינדער מיט נאָך עטלעכע אַמאַטאָרן געמאַכט פאַר אַ מלחמה-טרופּע און די גרופּע האָט פון זייערע פּרימיטיווע טעאַטער-שפּילן געצויגן פּרנסה.

די דעמאָלטיקע מלחמה-טרופּעס און טרופּעלעך, זיינען בכלל צום גרויסן רוב געשטאַנען אַף אַ נידעריקן ניוואָ. ווי שוואַמען נאָך אַ רעגן, זיינען די טרופּעלעך געבוירן געוואָרן ווי אומגעזעצלעכע קינדער פון די איבערקערענישן און רעוואָלוציעס און אַזעלכע אַמאַטאָרן זיינען נישט געווען איבערקלייבעריש וואָס און ווען, אַבי שפּילן טעאַטער און פאַרדינען געלט.

די בראָדער מלחמה-טרופּע האָט מיך צוגעצויגן צו זייער שפּיל, זיי האָבן געשפּילט „כינקע-פּינקע" און מיר האָבן זיך באַלד אָפּגעטרייסלט פון זיי.

ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען קיין בראָד, האָבן מיר באַלד אַוועקגעשריבן צום דירעקטאָר יאָקאָב אין קראָקע און מיר האָבן שנעל באַקומען אַ גינסטיקן ענטפער און מיר האָבן זיך געלאָזן ווייטער אין וועג.

אין לעמבערג איז מיר אויסגעקומען צו וואַרטן איבער נאַכט, האָב איך באַזוכט דאָס טעאַטער און ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געזען, אַז דאָרט האָט זיך אַבסאָלוט גאָרנישט געענדערט. אַף דער בינע — דיזעלבע אַלטע דעקאָראַציעס און דיזעלבע אַלטע אַקטיאָרן און גוטמאַן פירט נאָך אַלץ די קאָמאַנדע און דיזעלבע אַלטע כאָריסטן און מען שפּילט נאָך אַלץ דעמזעלבן רעפּערטואַר און דיזעלבע קאָסטיומען פון מיט צענדליקער יאָרן צוריק און איך זע ווי מען שפּילט „עקדת יצחק" און דער הויכער אויסגעטרוקנטער פוקס (דער טויט האָט שוין געלויערט הינטער זיינע פּלייצעס) שפּילט נאָך אַלץ דעם קאָמישן ישמעאל און סאיז אַן אמתער

טראגי־קאָמיזם, ווייל מען הערט שוין אַבסאָלוט נישט וואָס ער זאָגט און מען זעט ממש, אַז דער קאָמיקער איז שוין מיט איין פוס אין קבר און אַז יעדע מינוט קאָן ער זיך אויסלעשן אַט אַזוי שפּילנדיק אַף דער בינע...

אין אידישן גימפּל־טעאַטער אין לעמבערג, איז אַלץ געבליבן אַזוי ווי געווען...

:: :: ::

אויך דאָס טעאַטער פון פּראָפעסאָר מאָזעס יאַקאָב, האָב איך נישט געפונען אין קיין בעסערן צושטאַנד. פאַרקערט; דורך דער צייט, איז עס נאָך מער פאַראָרימט געוואָרן און עס איז געפאַלן, געפאַלן און דער עולם האָט אויפגעהערט קומען.

איך האָב געטראָפן אַזאַ אַפּאַטיע, אַז איך האָב נישט געוואוסט בּאַ וואָס אָנצוהויבן. די אַקטיאָרן האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט און זיי האָבן זיך געאייניקט מיטן גורל, אַז דאָס אידישע טעאַטער גייט אונטער און עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מי, צו הויבן די שטימונג און וועקן די מענטשן צו באַנייטע טעטיקייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן די לאַגע, אידן האָבן אָנגעהויבן קומען אין טעאַטער, אָבער דער דירעקטאָר האָט נישט געוואָלט מאַכן די קלענסטע הוצאה פאַר דער פאַרשענערונג פון אַ פאָרשטעלונג און ביי אַזעלכע באַדינגונגען, איז דאָס טעאַטער ווידער צוריקגעפאַלן אין דעם פריערדיקן גליוער־צושטאַנד און איך האָב נישט געקאָנט העלפן.

די לאַגע אין טעאַטער איז שוין געווען אַזוי שלעכט, אַז דער דירעקטאָר האָט שוין נישט געוואָלט צאָלן קיין גאַזשע און ווען מאַלי פּיקאָן מיט יעקב קאַליך זיינען מיט באַרימטע נעמען געקומען קיין קראָקע און געוואָלט אויפטרעטן מיט דער פּיקאָנס דעמאָלטיקער סענסאַציע „יאַנקעלע", האָט דער דירעקטאָר אויך מורא געהאַט איינצושטעלן זיין געלט און ער האָט מיט אונדז פאַרמירט אַ חברים־טרופּע.

מאַלי פּיקאָן איז דעמאָלט געווען דער אויפגייענדיקער שטערן און זי האָט געשטעלט, (בעסער געזאָגט: — יעקב קאַליך האָט פאַר איר געשטעלט) צו טייערע באַדינגונגען, וועלכע מיר האָבן מורא געהאַט אָנצונעמען און זעענדיק אונדזערע קווינקלענישן, האָט יעקב קאַליך מיט אונדז אָפּגעשלאָסן דאָס געשעפט לויט די באַדינגונגען וואָס מיר האָבן אים פאָרגעלייגט, אָבער — בלויז אַף ד ר ײ פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג ע ן.

די באָכענסקאַ גאַס האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזויפיל קאַרעטעס און אויטאָס און אַזעלכע מענטשן אַף דעם הינטער־געסל אין דער אידישער געגענט פון קראָקע.

צו די דריי פאַרשטעלונגען איז דאָס טעאַטער געווען אַזוי געפּאַקט און די נאָכפראַגע נאָך בילעטן צו די ווייטערדיקע פאַרשטעלונגען מיט מאַלי פּיקאָן איז שוין געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן זיך געמוזט בעטן ביי יעקב קאַליך, ער זאָל בלייבן ווייטער און מיר האָבן שוין אַנגענומען אַלע זיינע באַדינגונגען, אַפילו נאָך טייערערע ווי פריער און מיר האָבן זיך נאָר געמוזט וואונדערן, פונוואַנען עס האָבן זיך דאָס מיטאַמאָל גע־נומען אַזויפיל אידישע טעאַטער־באַזוכער אין קראָקע.

און דער אמת איז, אַז די טעאַטער־באַזוכער זיינען געווען נישט בלויז קראָקעווער גופא, נאָר אַפילו פון ווייטע פּראָווינץ־שטעט איז מען געקומען באַוואונדערן די אויפגייענדיקע קינסטלער און הלמאַי זאָל איך לייקע־נען? — איך בין גאָרנישט מיד געוואָרן צו שטיין אין די קוליסן און צוקוקן זיך צו די סצענעס וואָס מאַלי פּיקאָן האָט אָפּגעשפּילט מיט אַזוי פיל קינדישן חן און שוין בא דער פופצנטער פאַרשטעלונג האָב איך זיך צוגע־קוקט מיט דערזעלבער נייגעריקייט ווי בא דער ערשטער.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו שפּילן יאַנקעלעס פאָטער און יעדן אָוונט האָב איך באַדאַרפט שמייסן דאָס פאַרשייטע אינגעלע און איך האָב עס געטאָן מיט כלומרשטן פאָטערלעכן צאָרן, בעת איך האָב צו דער חנוודיקער שטיפערקע געפילט אמתע פאָטערלעכע ליבשאַפט.

ווען עס איז פאַרגעקומען איר לעצטע געזעגן־פאַרשטעלונג, האָב איך זיך „נוקם געווען" און בא דער שמייס־סצענע, האָב איך זי געשמיסן שטאַרקער ווי אַלעמאָל און נאָך דער פאַרשטעלונג האָט זי מיך, מיט איר קינדישן חן, געפרעגט פאַרוואָס איך האָב זי אַזוי שטאַרק געשמיסן און ווען איך האָב איר געענטפערט, אַז דאָס האָב איך זיך מיט איר אַזוי געזעגנט, האָט זי מיך אַרומגעכאַפּט און לאַכנדיק, מיך צוגעדריקט צו זיך, מיט קינדישער ליבשאַפט.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך מאַלי פּיקאָנס אָפּפאָרן, האָט דאָס אידישע טעאַטער אין קראָקע געמוזט פאַרמאַכט ווערן און די אַרבעטסלאָזע אַק־טיאָרן האָבן געטראַכט, אַז נאָר אַ נס קאָן ראַטעווען דאָס אידישע טעאַ־טער אין קראָקע.

און גאַנץ אומדערוואַרטעט איז דער נס געשען.

דער דירעקטאָר יאַקאָב האָט אונדז פלוצלינג איינגעלאַדן צו זיך אין זיין רייכער וואוינונג אַף דער זשעלאַני־גאַס און ער האָט אונדז מיט אַ מיטליידנדיקער מינע איבערגעגעבן, אַז דער לאָדזשער טעאַטער־דירעק־טאָר מיט זיין גאַנצער טרופּע קומען אין זיין טעאַטער שפּילן דעם „דיבוק" און דאָס האַרץ טוט אים ווי פאַר אונדז, וואָס מיר וועלן דאַרפן צוקוקן ווי פרעמדע אַקטיאָרן שפּילן טעאַטער און מיר גייען אַרום אָן אַרבעט און

דעריבער, האָט ער געזאָגט, אַז מען דאַרף אונדז אויך אַנגאַזשירן, פאַר־שטייט זיך, פאַר אַ ביליקן פּרייז, ווייל מען קאָן זיך דאָך באַגיין אָן אונדז אויך...

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אונדז אונטערגערוקט קאָנטראַקטן און גע־הייסן אונטערשרייבן.

די קאָנטראַקטן האָבן אונדז געגעבן זייער קלעגלעכע באַדינגונגען און מיר האָבן פאַרשטאַנען די סאַלדאַטסקע טובה וואָס דער דירעקטאָר משה־יאַנקל וויל אונדז דאָ טאָן און אַלע אַקטיאָרן האָבן געקוקט צו מיר און כאָטש איך האָב געזען, אַז משה־יאַנקל שפּרייט פאַר אונדז אַ פּאַסטקע, כדי אונדז אַריינצובאַקומען פאַר אַ האַלבן לוין, האָב איך אונטערגעשריבן און נאָך מיר אַלע חברים און מיר זיינען אַוועק.

קומענדיק אין גאַס, האָבן מיך די חברים אַקטיאָרן פאַרוואָרפן מיט פראַגן און איך האָב זיי גלייך געענטפערט, אַז דאַסמאָל, וועט עס זיך אונדזער דירעקטאָר נישט איינגעגעבן.

די חברים האָבן מיסטעריעזיש געשאָקלט מיט די קעפּ, זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז מיט משה־יאַנקלען טאָר מען זיך נישט שפּאַסן און אויב אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט, איז עס גוט אונטערגעשריבן. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אַז דאָס מאָל וועט עס זיין אַנדערש און איך, נתן קלינ־גער, מיט נאָך איינעם, מיר זיינען גלייך אַוועק צו אַ געוויסן פ ר י ד־ב ע ר ג, אַן אָנפירער פון די קראָקעווער פועלי־ציון, וועלכער האָט שוין מיט אונדז עטלעכע מאָל געהאַט גערעדט וועגן שאַפן אַ פּראָפע־סיאָנעלע אַרטיסטן־סעקציע ביי דער פועלי־ציון־פּאַרטיי.

פרידבערג האָט אונדז זייער פיין אויפגענומען און ער האָט באַלד גע־רופן אַ באַראַטונג, צו וועלכער עס זיינען געקומען וו ע ל נ ע ר און צ ו ק ע ר (נחמיה צוקער, דער הי־באַוואוסטער שרייבער, גרינדער און אָנפירער פון היגן אַקטיאָרן פאַריין) און זיי האָבן אויפגענומען דעם ענין און דערקלערט זייער גרייטקייט צו אינטערווענירן לטובת די קראָקעווער אַקטיאָרן, אויב עס וועט זיך נאָר אַרויסווייזן, אַז דער דירעקטאָר האָט אונדז אָפּגענאַרט.

עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען די סימפּאַטישע משפחה קאָמ־פּאַניעיעץ און שוין ביי דער ערשטער פּראָבע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צו דער אויפפירונג פון „דיבוק" דאַרף מען אַ ריזן־פּערסאָנאַל און נישט נאָר מיר אַלע, די אַנגאַזשירטע זיינען נויטיק, נאָר מען האָט נאָך געמוזט זוכן אַמאַטאָרן, כדי צו דערגענצן דעם נויטיקן אַנסאַמבל.

פונדעסטוועגן, האָבן מיר זיך מיט פולן דרך־ארץ צוגעהערט צו דער פאָרלעזונג און מיר האָבן אָנגענומען די ראָלן און ערשט אָפּצומאַרגנס,

האָבן די פריער דערמאָנטע דריי אָנפירער פון פועלי־ציון, פרידבערג, וועלנער און צוקער, איינגעלאַדן פאַליאַקאָוון און ראַבינאָוויטשן (קאַמפּאַניעצנם צוויי איידעמס) איך בין אויך געווען בא דער צוזאַמענקונפט און ווען די צוויי פאַרשטייער פון דער קאַמפּאַניעץ־טרופּע האָבן געהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן זיי באַלד דערקלערט, אַז זיי וועלן זיך מיט אונדז סאָלידאַריזירן אָן אַ שום קאָנדיציעס.

דער ענין איז באמת געווען אַ סקאַנדאַליעזער. וועלנדיק אויסנוצן אונדזער נויט, האָט אונדז דער דירעקטאָר יאַקאָב כלומרשט געוואָלט אַ טובה טאָן און זאָגנדיק אַז מען דאַרף אונדז נישט האָבן צו די פאַרשטעלונגען, האָט ער אונדז אָנגאַזשירט פאַר האַלבע פּרייז און מיט די אונטערגעשריבענע קאָנטראַקטן, האָט יאַקאָב געדראָט מיט תפיסה יעדן איינעם וואָס וועט נישט דערפילן זיין קאָנטראַקט.

אפילו קאַמפּאַניעצן האָט דער דירעקטאָר געדראָט, אויב זיי וועלן זיך מיט אונדז סאָלידאַריזירן, אָבער דאָ האָט דער דירעקטאָר נישט געהאַט צו טאָן בלויז מיט די אַקטיאָרן, דאָ איז שוין געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט און די פריער דערמאַנטע דריי פאַרשטייער האָבן אויך נישט געשוויגן. צוקער האָט דעם דירעקטאָר אויפגעקלערט, אַז אויב ער וויל דוקא, וועלן די אַקטיאָרן דערפילן זייערע קאָנטראַקטן און ער וועט זיי מוזן באַצאָלן אַזויפיל וויפיל ער האָט זיך פאַרפליכטעט, נאָר וואָס דען, די פּאַרטיי וועט מיט אירע מיטלען באַיקאָטירן זיין טעאַטער, און סטעמפּלען אים אַלס אומדערהערטן אויסנוצער און ער וועט האָבן מער שאַדן.

עטלעכע טעג האָבן אָנגעהאַלטן די פאַרהאַנדלונגען, ביז דער דירעקטאָר האָט זיך ענדלעך געמוזט אונטערגעבן און ער האָט געמוזט אונטערשרייבן נייע קאָנטראַקטן מיט דיזעלבע לוינען וואָס אַקטיאָרן האָבן אַלעמאָל גענומען און דאָס אויספירן ביי יאַקאָבן אַ זאַך אַף כח, מעג עס זיין אפילו מיטן כח פון אַן אָרגאַניזאַציע, האָט דעמאָלט געקלונגען ווי אַ גרויסע סענסאַציע און האָט שטאַרק געווירקט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די אידישע אַקטיאָרן אין גאַנץ גאַליציע.

די אויפפירונג פון „דיבוק", איז אין קראָקע געווען אַ גרויסע סענסאַציע.

דאָס איז געווען נאָכדעם ווי דוד הערמאַן האָט אין וואַרשע געהאַט אויפגעפירט אָנסקים באַרימטע פּיעסע און זי איז מיט דעם גרעסטן דערפאָלג געשפּילט געוואָרן מער ווי אַ יאָר צייט און נאָכדעם ווי דערזעלבער דוד הערמאַן האָט די פּיעסע אויפגעפירט מיט קאַמפּאַניעצעס טרופּע אין לאָדזש, אויך מיט אַ ריזן־דערפאָלג, איז די טרופּע געקומען קיין קראָקע און ראַבינאָוויטש האָט זי אויפגעפירט לויט הערמאַנס רעזשי.

מיט דעם גרעסטן יראת־הכבוד האָבן מיר רעפּעטירט און איינשטו־דירט די ראָלן, צו קענען שפּילן אַן אַ סופליאָר, וואָס דאָס איז אין דעם טעאַטער אַף באַכענסקאַ באמת געווען אַ גרויסע רעוואָלוציע און אויך די דעקאָראַציעס וואָס זיינען ספּעציעל געמאָלן געוואָרן און אויך די ספּע־ציעלע קאָסטיומען, דאָס אַלעס איז געווען אַ גרויסע נייעס אין משה־יאַנקלס טעאַטער און דער עולם איז טאַקע געלאָפן אַף חידושים און עס זיינען אין דעם טעאַטער געקומען נישט בלויז אַסימילירטע אידן, וועלכע האָבן געוויינלעך געווייכט פון דער אידישער געגנט, נאָר אַפילו קריסטן און גלחים זיינען געקומען זען דעם וואונדערלעכן ספּעקטאַקל, און אַלע פּוי־לישע צייטונגען פון קראָקע, האָבן געדרוקט באַגייסטערטע רעצענזיעס סיי וועגן דער פּיעסע, ווי וועגן אונדזער שפּילן.

לאַנג איז דער „דיבוק" געשפּילט געוואָרן און אַלס צווייטע פּיעסע האָט ראַבינאָוויטש אויפגעפירט הירשביינס „פּוסטע קרעטשמע", וואָס הגם זי האָט נישט דערגרייכט אַזאַ דערפאָלג ווי דער „דיבוק", אָבער אויך הירשביינס פּיעסע איז געווען פּרעכטיק שיין אויפגעפירט און אַרויסגע־רופן דעם וואַרימסטן אינטערעס ביי דער קראָקעווער אינטעליגענץ און מען קאָן זאָגן, אַז די צוויי אויפירונגען, האָבן זייער שטאַרק דערהויבן דעם פּרעסטיזש פון אידישן טעאַטער, פון וועלכן די קראָקעווער אידישע אינ־טעליגענץ האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן. און דאָס איז געווען דער פאַזי־טיווער פאַרדינסט פון קאָמפּאַניעיעצן מיט זיין אַרטיסטן־פאַמיליע.



# איינאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין נייגונג צו בעסער טעאַטער. — מיר פאָרן קיין לובלין. — די ידיעה, אַז פאַני געפינט זיך אין וואַרשע. — איך פאָר קיין וואַרשע און פאַני נעמט מיך אויף. — איך גט אָפּ האַניין און האָב חתונה מיט פאַניין. — איך פאַרטרעט סאַמבערגן אין דער ראָל פון „צדיק". — איך ווער אַ מיטגליד אין קאָלעקטיוו פון „צענטראַל־טעאַטער" אין וואַרשע. — „מאָטקע גנב" און שלמהקע בענקאַרט. — דער העכסטער שטאַפּל פון מיין אַרטיסטן־קאַריערע.

די צוויי אויפפירונגען, „דיבוק" און „פּוסטע קרעטשמע" האָבן אויף מיר געהאַט אַזאַ שטאַרקע ווירקונג, אַז איך האָב באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, זיך אָפּצוטרייסלען פון מיין פריערדיקן טעאַטער־שפּיל און זיך ווידמען אויסשליסלעך דעם בעסערן רעפּערטואַר.

איך האָב אַלעמאָל געהאַט אַ נייגונג צום בעסערן מין טעאַטער־שפּילן, אָבער מיינע לעבנס־באַדינגונגען זיינען דאָך געווען אַזעלכע טרויעריקע, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט דערגרייכן מיין ציל און איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן מייאש זיין, איך האָב שוין אָנגעהויבן גלויבן, אַז אידיש טעאַטער קאָן זיך קיינמאָל נישט דערהויבן צו די הויכקייטן פון אמתער טעאַטער־קונסט, וואָס זאָל באַשטיין נישט בלויז פון שפּיל, נאָר אויך מיטן אינהאַלט; און דאָ, די צוויי אויפפירונגען, האָבן מיך דערמאָנט אָן די פאָר־שטעלונגען וואָס איך האָב געזען אין די ווינער טעאַטערס און איך האָב פּלוצלינג זיך איבערצייגט, אַז נישט נאָר זיינען אונדזערע פאָרשטעלונגען אויף דער אָרימער אידישער בינע פון משה־יאַנקלס טעאַטער געווען נישט ערגער, נאָר זיי זיינען צו מאָל ג ע ו ו ע ן נ אָ ך ב ע ס ע ר לויט אונדזערע אָרימע פאַרהעלטנישן און צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך דערפילט, אַז איך בין באמת אַן אַקטיאָר און איך טו הייליקע אַרבעט און דאָס האָט מיך אַזוי באַווירקט, אַז ווי נאָר קאָמפּאַניעץ האָט פאַרענדיקט מיט זיינע גאַסטשפּילן אין קראָקע, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן צו זיין פאַמיליען־טרופּע און בין מיטגעפאָרן קיין לובלין, וואו מיר האָבן געשפּילט דעם זעלבן דערהויבנדיקן רעפּערטואַר.

דאָסמאָל האָב איך נישט געהאַט די אָפּהאַלטן פון אַמאָל, מיינע קינדער זיינען זיך שוין געהאַט צעפאָרן און מיט מיין פרוי, מיט האַניז, האָב איך נישט געהאַט קיין לעבן, האָב איך זיך געפילט באַפליגלט און איך בין געפלויגן...

ליידער האָט זיך אָבער שנעל אַרויסגעוויזן, אַז דיזעלבע דערהויבנדיקע קונסט-ווערק וואָס האָבן אין קראָקע אַזוי שטאַרק אויסגענומען, האָבן אין לובלין נישט באַוויזן אַרויסצורופן דעם געהעריקן אינטערעס און דעם „דיבוק" האָבן די לובלינער אידן געהערט ווי המן דעם גראַגער און די „פּוסטע קרעטשמע" האָבן מיר געשפּילט פאַר פּוסטע סאַלאָנען און אונדזער ווייטיק איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

דערוויל האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פּ אַ נ י געפינט זיך אין וואַרשע און זי אַקטואירט אין צענטראַל-טעאַטער.

די ידיעה האָט אויף מיר מאָדנע געווירקט און זי האָט מיך געמאַכט נאָכדענקען, וועגן מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן און וועגן דער ליבע וואָס איך האָב מיט איר אין מיינע יונגע יאָרן געפירט און מיין גאַנץ לעבן האָט זיך מיר אָפּסניי אָפּגעשפּיגלט אין געדאַנק און איך האָב געזען מיינע בלאָנדזשעניש און מיינע ליידן סיי אַלס פאַמיליען-מענטש און סיי אַלס אַקטיאָר און איך האָב געזען ה אַ נ י ן, מיט וועלכער איך האָב לעצטנס נישט געהאַט קיין גוט לעבן און איך האָב זיך דערמאָנט ווי האַרציק זי האָט מיר פאַרזיכערט צו זיין אַ גוטע מאַמע צו מיינע יתומים און ווי זי האָט מיר דערנאָך אַ זאָג געטאָן, אַז זי וויל נישט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר פ ר ע מ ד ע ק י נ ד ע ר...

עס האָט מיך אָנגעהויבן ציען קיין וואַרשע.

און ווען עס האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט אין די וואָכן-טעג נישט געשפּילט, האָב איך באַשלאָסן זיך אַריבערצוכאַפּן קיין וואַרשע און געזאָגט און געטאָן: — איך בין געפאָרן.

איבערן גאַנצן וועג האָב איך נאָר נאָכגעטראַכט, צי פאַני וועט מיך לאָזן קומען פאַר אירע אויגן. איך האָב דאָך קעגן איר אַזוי מיאוס געהאַנדלט! איך האָב זיך דאָך אַפילו מיט איר נישט געהאַט געזעגנט... ווער ווייסט, צי זי וועט מיט מיר וועלן אַפילו אַ וואָרט אויסריידן...

איך האָב זיך דערוואוסט פאַנים אַדרעס און איך בין געגאַנגען צו איר.

איך בין שנעל אַרויף אויפן פירטן שטאָק וואו זי האָט געוואוינט און מיט האַרץ-פּאָכעניש בין איך געבליבן שטיין בא דער טיר.

דאָס איז שוין נישט געווען קיין שרעק, נאָר די שולדיקייט וואָס איך האָב געפילט, האָט מיר צוגענומען דעם מוט און איך האָב נישט געוואַגט איבערצוטרעטן די שוועל פון איר שטוב.

ווייזט אויס, אַז פאַני האָט אינעווייניק דערשפּירט אַז עמיץ שטייט בא דער טיר, ווייל זי האָט זי האָסטיק אויפגעעפנט און דערזעענדיק מיך שטיין אַן אומבאַהאָלפענעם, האָט זי מיך פונדעסטוועגן באַלד דערקענט און זי האָט אויסגערופן: — בנציון!...

— קום אַריין, האָט זי מיך שמייכלענדיק אַריינגעבעטן אין דעם ציכטיק אויפגערוימטן צימערל און מיר איז עפּעס געוואָרן אַזוי מאָדנע אַפן הארצן, נאָר צום וויינען און אַרויסוויינען פון זיך מיין גאַנצן שולד־באַוואוסטזיין קעגן איר...

נאָך אַ שעה צייט, האָב איך שוין געוואוסט אַלץ.

פאַני איז אַליין. זי האָט אויך אַ סך מיטגעמאַכט אין משך פון די יאָרן און היינט איז זי אַליין. זי שפּילט אין טעאַטער „צענטראַל" און זי פירט אַ באַשיידן און גאַנץ פיין לעבן.

און ווי איידל פאַני האָט מיך דאָס אויפגענומען און מיט וויפיל טאַקט זי האָט דאָס אויסגעמיטן צו דערמאָנען מיך מיין האַנדלונג פון אַמאָל, נאָר פון צייט צו צייט, האָט זי אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז זי האָט אַ סך מאָל געטראַכט וועגן מיר און אַז זי האָט אפילו צייטנווייז געטראַכט, אַז איך וועל נאָך צוריקקומען צו איר און איך האָב געזען ווי טרערן גלאַנצן אויף אין אירע אויגן און איך האָב געפילט די ערלעכקייט פון אירע ווערטער.

שוין נאָכן ערשטן ווידערזען זיך מיט פאַנין, האָב איך געפילט, אַז מיר זיינען זיך געבליבן נאָענטע און אַז אין אונדז זיינען נאָך געבליבן פונקען פון אונדזער אַמאָליקער ליבע און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז זי, פאַני, איז געווען מיין ערשטע ליבע און זי דאַרף אויך זיין מיין לעצטע...

אין אָוונט, בין איך מיטגעגאַנגען מיט פאַנין אין צענטראַל־טעאַטער און איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו זען מיט מיינע אַלטע באַקאַנטע, מיט אסתר רחל קאַמינסקי, מיט זינאַ ראַפּעל און איך האָב זיך באַקענט מיט דעם פיינעם אַרטיסט לאַנדוי, מיט טורקאָוו, סאַמבערגן, גאָטליבן און זעענדיק די פאָרשטעלונג, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז דער צענטראַל־טעאַטער שטייט אַף דער מדרגה פון אַ קונסט־טעאַטער.

געשפּילט האָט מען גראָד שלום אַשם „פאַר מיין פאָלק". דאָס איז אַן אַנסאַמבל־פּיעסע און די ראָלן זיינען געווען גוט פאַרטיילט און די אינ־טעליגענטע אַקטיאָרן האָבן געלייסטעט דאָס בעסטע, אַז די פאָרשטעלונג זאָל פאַרשאַפן אַ גייסטיקן גענוס פאַר דעם אינטעליגענטערן טעאַטער־באַזוכער.

נאָך אינדערזעלבער נאַכט האָט מיך פאַני באַגלייט צו דער באַן און איך בין צוריקגעפאָרן צו מיין טרופּע קיין לובלין און בלויז געציילטע טעג

האָט עס געדויערט און איך האָב זיך באַפרייט נישט בלויז פון דער טרופּע, נאָר אויך פון מיין פרוי...

מיט האַנין האָב איך שוין לאַנג געהאַט אַ צעשטערט לעבן און ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין גרייט זי צו באַפרייען, האָט זי מסכים געווען און דעמזעלבן טאָג זיינען מיר אַוועק אין ראַבינאַט און איך האָב איר געגעבן אַ גט.

איך בין באַלד צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע און בעת מיין צווייטן וויזיט, האָט מיר פאַני קאַטעגאַריש דערקלערט, אַז אַן חופּה־וקדושין קאָן זי מיך נישט צוריק אויפנעמען און איך האָב באַלד מסכים געווען און אונדזער חתונה איז פאַר די אַרטיסטן געווען אַ גרויסע סענסאַציע, מיט אַ מעלאָדראַמאַטישן אינהאַלט ווי אין אַ ראָמאַן, וואָס דאָס פּאַרליבטע פּאָרל ווערט צוליב פאַרשידענע סבות צעשיידט און ענדלעך, נאָך אַ סך יאָרן, פירט זיי דער גורל ווידער צוזאַמען און זיי זיינען גליקלעך...

און מיר האָבן זיך טאַקע געפילט גליקלעך. מיר זיינען ווידער גע־וואָרן יונג און עס האָט בלויז געפעלט, אַז מיר זאָלן זיך איינאָרדענען און קורץ דערנאָך, האָב איך אַריבערגעבראַכט מיינע קינדער קיין וואַרשע און איך האָב בלויז געהאָפט, אַז איך זאָל קענען אַריין אין טעאַטער און ווערן טעטיק.

פאַני האָט מיר פאַרזיכערט, אַז פאַרן קומענדיקן סעזאָן וועל איך אַריין אין „צענטראַל" און דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס איך האָב זיך געקאָנט ווינטשן, צו שפּילן אַזאַ פיין טעאַטער און מיט אַזעלכע גע־קליבענע אַקטיאָרן.

די אָנפירער פון צענטראַל־טעאַטער האָבן באמת געזיפט און גע־קליבן די אַרטיסטן, פּונקט ווי דעם רעפּערטואַר און הוצאות, האָט גע־הערשט אַ מוסטערהאַפטע דיסציפּלין, וואָס כאָטש אַ חברים־טרופּע, דאָך שטרענגער ווי אונטער אַ דירעקציע און יעדער אַקטיאָר וואָס איז אַריין אין קאָלעקטיוו, האָט ביי די ערגסטע געשעפטן, געמוזט אויסהאַלטן דעם סעזאָן, כדי נישט צו שטערן דעם גאַנג פון דער אַרבעט און דעם אמת געזאָגט, האָב איך שטאַרק געצווייפלט, צי מען וועט מיר צוטיילן דעם כבוד, מיך אַריינצונעמען אין טרופּע, ווייל אויב אַ נייער סעזאָן, וואַרטן אין וואַרשע אַנדערע אידישע אַקטיאָרן, וועלכע וועלן זיין בילכערע קאַנ־דידאַטן פון מיר...

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט געשפּילט דעם „דיבוק" און סאַמבערג האָט געשפּילט דעם מיראָפּאָליער צדיק, אָבער אַלס פאַר־זיצנדער פון אַרטיסטן־פאַריין, האָט ער דרינגענד געמוזט אָפּפאָרן קיין לאָדזש און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל מיט דער פראַגע: — ווער וועט קענען פאַרטרעטן סאַמבערגן?

גראָד בין איך געווען ביי דער באַראַטונג פון דער טרופּע מיט סאַמ־בערגן און הערנדיק וועגן וואָס עס גייט, רוף איך זיך אָפּ אין אַ וויץ: — איך קאָן אייך מאָרגן פאַרטרעטן, אויב איר ווילט...

סאַמבערג קוקט אָף מיר און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, גיט ער מיר אַ זאָג: — קומט מאָרגן פרי צו פּראָבע.

צען אַזייגער אינדערפרי בין איך שוין אין טעאַטער. איך טרעף דאָרט טורקאָוו, לאַנדען און סאַמבערגן. דער סופליאָר משה זאַנדבערג עפנט דעם טעקסט און די עקספּערטן שטייען גרייט צו הערן און זען ווי איך מאַך עס, אָבער איך זאָג דעם סופליאָר, אַז ער קאָן פאַרמאַכן דעם טעקסט, ווייל איך קאָן די ראָל פון צדיק אָף אויסווייניק.

איך האָב פאַר זיי גענומען שפּילן דעם צדיק גענוי ווי ביי אַן אמתער פאָרשטעלונג און אינדערמיט האָט מיך סאַמבערג אָפּגעשטעלט און גע־זאָגט: — אויסגעצייכנט! איר וועט מיך פאַרטרעטן.

מיין אויפטריט האָט אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסן אינטערעס.

אין וואַרשע דרייען זיך אַלעמאָל אַרום צענדליקער אַקטיאָרן וואָס זיינען פרייַ און זיי זיינען ספּעציעל געקומען זען אַ נייעם „צדיק" און אויך ציייטונגס־מענטשן וואָס האָבן אַ גוטע באַציאונג צום אידישן טעאַ־טער, זיינען געקומען זען דעם גאַסט־אויפטריט וואָס טרעט אויף צופעליק אין אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלע און זעענדיק דעם גרויסן אינטערעס וואָס מיין אויפטריט האָט אַרויסגערופן, האָט מיך באַהערשט אַן אויסער־געוויינלעכע נערוועזיטעט, וועלכע איך האָב אָבער צו מיין אויפטריט באַהערשט און איך בין אַרויף אָף דער בינע מיט פולער רואיקייט, פילנ־דיק אַז איך באַהערש די ראָל און די ראָל באַהערשט מיך און אַז מיין נשמה איז דורכגענומען מיט דעם גאַנצן צער פון צדיק, וואָס דאַרף קעמפן קעגן די בייזע כוחות וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין גוף פון דער בתולה לאה, ר' סענדער בריניצערס איינציקע טאָכטער...

נאָכן שפּילן, איז צו מיר די ערשטע צוגעקומען אסתר רחל קאַמינסקי און מיט אַנטציקונג האָט זי מיך באַגריסט. דער צווייטער איז געווען זיגמונט טורקאָוו און אַזוי האָבן מיך אַלע חברים וואַרים באַגריסט און פּאַני זאַגט מיר שוין: — איצט, בנציון, מעגסטו גיין מיט דעם קאָפּ אויפ־געהויבן. דו האָסט געמאַכט אַ גרויסן רושם און קאָנסט זיכער זיין, אַז צום קומענדיקן סעזאָן, וועסטו זיין אין אונדזער טרופּע, אין צענטראַל־טעאַטער.

און אַזוי איז עס געווען. מען האָט מיך איינגעלאַדן און זיצנדיק צו־זאַמען מיט אַ היפּשער גרופּע אַקטיאָרן, האָט מען פאַרגעלייענט די חברשע באַדינגונגען און די רעגלאַמענטן פון דער טרופּע און נאָכדעם ווי מיר האָבן

אונטערגעשריבן אַז מיר זיינען גרייט דאָס אַלעס צו דערפילן, האָט מען אויסגעוויילט אַ ראַט פון פינף חברים, צווישן וועלכע איך בין געווען פאַרעכנט. די אַנדערע פיר זיינען געווען סאַמבערג, לאַנדע, לעדערמאַן און לואי.

איך האָב זיך געפילט זייער דערהויבן פון דעם כבוד וואָס מען האָט מיך אריינגענומען אין דעם קאָאָפּעראַטיוו און נאָכמער דערמיט, וואָס מען האָט מיר אַנגעטרויט, אויסקלויבנדיק מיך אַלס איינעם פון די פינף ראַט־מענער.

נאָך אַ באַראַטונג פון ראַט וועגן רעפּערטואַר, האָבן מיר איינשטימיק באַשלאָסן צו דערעפענען דעם סעזאָן מיט דער דעמאָלט באַרימטער אומגיוועריזאַלער פּיעסע „דער מבול".

באַלד צומאָרגנס איז פאָרגעקומען די פאַרלעזונג פון דער אינטערעסאַנטער פּיעסע, אָבער קיינער פון אונדזערע אייגענע רעזשיסאָרן, האָט זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען די אַרבעט, האָבן מיר איינגעלאַדן דעם רעזשיסאָר מ. וויכערט און מיר האָבן אויך צוגעצויגן דעם איבערזעצער פון דער פּיעסע, דעם אַקטיאָר וו אָ ל ף ז י ל ב ע ר ב ע ר ג, וועלכער האָט די פּיעסע געזען אויפירן אין דער מאָסקווער טעאַטער־סטודיע און אַזוי איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און מען האָט פאַרטיילט די ראָלן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געשען, נאָר מיר האָט מען צוגעטיילט כמעט די קלענסטע ראָל און נישט נאָר וואָס די ראָל איז געווען אַ קליינע, נאָר זי האָט זיך בשום־אופן נישט געפּאַסט פאַר מיר, זי איז נישט געווען פאַר מיין מאָס.

דאָס איז געווען די ראָל פון דעם יונגען ש וו ע ד, אַ דערפינדער פון אַ מיקראָסקאָפּ, אַ נעבעכדיקער צעבראָכענער טיפּ, וואָס האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר מיין פעסטער פיגור.

איך האָב נישט געוואָלט אַרויסווייזן מיין אומצופרידנהייט, האָב איך אָנגענומען די ראָל און איך האָב זיך גענומען זי באַאַרבעטן אַף מיין שטייגער און ווען זילבערבערג האָט מיך געזען ביי אַ פּראָבע, האָט ער באַלד אָנגעפרעגט ווער עס האָט פאַרטיילט די ראָלן און עס איז געקומען צו אַ דיסקוסיע, געבליבן איז עס אָבער אַזוי ווי עס איז געווען פאַרטיילט און מען האָט געמאַכט די פּראָבע.

זילבערבערג האָט זיך צוגעהערט צו מיין טאָן, וואָס דאַרף זיין פון אַ רחמנותדיקן פאַנטאַזיאָר און מיין טאָן איז אים געפעלן, נאָר די פראַגע איז געבליבן וועגן מיין פיגור און איך האָב זיך באמת אויך דאָס צו פאַרגלעטן. איך האָב זיך צוגעפּאַסט אַן אַנצוג וואָס זאָל מיך מאַכן דינער

און אַ געהעריקע פּערוקע און גרים און ווען עס איז געקומען צו דער גענעראַל־פּראָבע, וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט פּונקט ווי אַ פאָרשטע־לונג, האָט די מאַדאַם סעגאַלאָוויטש זיך אַזוי אַנטציקט פון מיר, אַז זי איז אַרויפגעקומען צו מיר אױף דער בינע און אויסגערופן: — פּאַלעפּאַדע! איר זייט אַזוי גוט, נאָר צום אויפעסן אייך!...

דער אַרטיסט ג אַ ד י ק האָט אויך באַקומען אַ קליינע ראָלע, דעם נעגער און אויך ער האָט זיך די ראָל אַזוי באַאַרבעט, אַז ער איז געווען אויסגעצייכנט און צומאָרגנס נאָך דער פּרעמיערע, זיינען די צייטונגען אַרויס מיט רעצענזיעס, אין וועלכע זיי האָבן צוערשט גערעדט וועגן דער פּיעסע און דערנאָך וועגן דער אויפירונג, אַראָפּרייסנדיק די אַלע הויפּט־ראָליסטן און דווקא מיך מיט גאַדיקן, האָט מען זייער שטאַרק געלויבט, מיך אַלס דעם נעבעכדיקן שוועד און גאַדיקן אַלס נעגער; די קריטיקער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז מיר האָבן אין די ראָלן געוויזן מייסטערהאַפטע קרעאַציעס.

טראָצדעם וואָס איך האָב צופעליק באַקומען די קליינע ראָל וואָס האָט מיך אַזוי דערגרייכט, האָב איך איינגעזען, אַז אונדזער טרופּע איז אַ מוסטערהאַפטע און אַן ערלעכע און אַז אַלע פון קאָלעקטיוו זיינען נאָר אויסן צו שפּילן שיין און גוט טעאַטער, כדי צו דערגרייכן קינסטלערישע דערהויבונג.

אין די ווייטערדיקע פּיעסן האָב איך שוין געשפּילט באַדייטנדיקע ראָלן און אין גאָרדינס רעפּערטואַר, האָב איך מיט אסתּר רחלען געשפּילט אַלע כאַראַקטער־ראָלן און אַזוי האָבן מיר געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן, ביז מיר האָבן גענומען זוכן אַ ספּעציעלע פּיעסע פאַר די פּסח־טעג.

עמיצער פון אונדז האָט זיך דערוואוסט, אַז דער רעדאַקטאָר נוגער פון לאָדזש, האָט שלום אַשם אַ פּיעסע „מאָטקע גנב".

מיר האָבן זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג און באַקומען די פּיעסע, אָבער, צוליב די שלעכטע געשעפטן וואָס מיר האָבן לעצטנס גע־מאַכט, האָט מען מיט דער פּיעסע גערעכנט בלויז איבערצוקומען די יום־טוב־טעג און מען האָט צוליב דעם אױף שנעל צונויפגעשטוקעוועט דע־קאָראַציעס און מען האָט געזוכט איינצושפּאָרן ביי יעדער קלייניקייט און לויט די פריערדיקע אויפירונגען, האָט עס געהייסן, אַז מיר גרייטן איצט אַן אָרימע פאָרשטעלונג.

געוואָרן איז עס אָבער אַנדערש. די אויפירונג פון „מאָטקע גנב" איז פאַר ווארשע געוואָרן אַ סענסאַציע און וואָס לענגער מיר האָבן די פּיעסע געשפּילט, אַלץ מער האָט מען צעכאַפּט די בילעטן פאַר ווייטער־דיקע פאָרשטעלונגען און אונדזער געשעפטן זיינען ממש געווען פאַנטאַס־טישע, וואָס קיינער פון אונדז האָט וועגן אַזוינס גאָרנישט געקאָנט חלומען.

א סך חדשים האָבן מיר געשפּילט די פּיעסע און זי איז אַזוי איינגע־שפּילט געוואָרן, אַז מיר האָבן שוין לאַנג נישט באַדאַרפט קיין סופליאָר און פון זיך אַליין זיינען געבוירן געוואָרן וואונדערלעכע נייע סצענעס און מיזאַנסן, וואָס בעת דער רעזשי, האָט גאָר קיינעם נישט געקאָנט איינ־פאַלן אַזוינס און אַז עס גייט שוין מזלדיק, גייט עס מיט אַלעם, האָט זיך געמאַכט, אַז שלום אַש איז געקומען קיין וואַרשע און מיר האָבן אים איינגעלאַדן צו אַ פאָרשטעלונג פון זיין פּיעסע און נאָך דער פאָרשטע־לונג האָט מען אַרויסגערופן דעם אויטאָר און שלום אַש האָט געזאָגט, אַז אויב די פּיעסע האָט אַזאַ דערפאָלג, איז עס נאָר אַ דאַנק דער קינסטלע־רישער לייסטונג פון דער טרופּע און ער האָט אונדז זייער שטאַרק גע־לויבט און דאָס האָט אַרויסגערופן נאָך מער אינטערעס און עס האָט אויסגעזען, אַז וואַרשע וויים נישט פון עפּעס אַנדערש, נאָר איין זאַך: — די גרויסע סענסאַציע־פאָרשטעלונג „מאָטקע גנב”, אין וועלכער עס ווערט אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון דער וואַרשעווער אונטערוועלט.

די גוטע גרוסן וועגן אונדזער אויפירונג, האָבן אָנגעשפּאַרט ביז צו אַלע ווינקעלעך פון דעם גרויסן וואַרשע און מען האָט זיך שנעל דער־וואוסט, אַז איינער פון די הויפּט־העלדן אין שלום אַשם פּיעסע „שלמהקע בענקאַרט„ איז אַ לעבעדיקער טיפּ אין וואַרשע און דער לעבעדיקער שלמהקע בענקאַרט איז טאַקע געקומען אין טעאַטער, דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און זעכציק, אַ ברייטפּלייציקער, מיט טונקל־גרויע וואָנצעס; ער איז געווען אָנגעטאָן אין שיינע לאַק־שטיוול, אַ קורטקע און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק.

נאָך דער פאָרשטעלונג, איז ער צו אונדז אַרויפגעקומען אויף דער בינע און אויפגערעגטער און ער האָט אויפגעהויבן אַ ליאַרם, אַז שלמהקע (לואי) שפּילט נישט ריכטיק, ווייל מאָטקע האָט מיך קיינמאָל נישט געקאָנט ביי־קומען, ווייל איך בין אַ סך שטאַרקער פון אים און אויב פּעטש, האָט ער זיי אַלעמאָל געכאַפּט פון מיר און נישט איך פון אים!...

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מיר שפּילן די פּיעסע אַזוי ווי שלום אַש האָט זי אָנגעשריבן, האָט ער באַלד געזאָגט: — צו אייך, יאַטן, האָב איך גאָרנישט; איר אַרבעט גוט; נאָר שלומקען וועל איך דאָס נישט מוחל זיין, סיידן איך וועל נישט קענען קומען איבער אים...

און באַ די ווערטער, שלעפּט ער אַרויס אַ בלאַנקענדיק מעסער פון דער כאַליעווע און אַ פיר־טוענדיק אין דער לופט, זאָגט ער: איך וועל אים אויפטרענען דעם בויך, אויב ער וועט נישט אויסבעסערן און אָנגעבן דעם אמת!...

מיר האָבן שוין מורא געהאַט זיך מיט אים ווייטער צו פאַרפירן אין שמועס, אָבער מיר האָבן שוין געמוזט אויסהערן פון אים אַ רייע עפּי־

זאָדן וועגן זיינע קאַמפן מיט מאַטקען, און ווי אַזוי ער איז אַלעמאָל אַרויס דער זיגער און פאַרן אַוועקגיין, האָט ער אַלעמען דערלאַנגט אַ פּעסטע האַנט און אַ קוועטש געטאָן, אַז מען האָט זיך געזען מיט דער עלטער־באָבען...

דרייפערטל יאָר האָט מען אין וואַרשע געשפּילט „מאַטקען" און גע־מאַכט די בעסטע געשעפטן און דערנאָך האָט מען נאָך געשפּילט גאַנאַלס „רעוויזאָר" און „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום־עליכם און עס איז גע־ווען אַ נחת צו פּילן, אַז מיר, מיר אַליין, אַ גרופּע אידישע אַקטיאָרן, האָבן געשאַפן אַ קונסט־טעאַטער און אין די צוויי יאָר וואָס איך האָב אַקטואירט אין וואַרשעווער צענטראַל־טעאַטער, האָב איך פאַרגעסן אָן מיינע שווערע וואַנדער־ און פיין־יאָרן, די גאַנצע טרופּע האָט געפירט אַ באַשיידן לעבן, בעגנאַנגען שיין געקליידעט און מיר האָבן געוואוסט איין זאַך: — אַרבעטן איבער זיך און שפּילן בעסער טעאַטער.

די צוויי יאָר אין וואַרשעווער צענטראַל־טעאַטער, זיינען ביי מיר פאַרציכנט אַלס העכסטער שטאַפּל פון מיין קאַריערע אַלס אידישער אַר־טיסט.



# צוויאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין פאַמיליע געפינט זיך אין אַרגענטינע. — מיין אַלטע מאַמע וויל מיך דווקא זען. — מען שיקט שיפסקאַרטן נאָך מיינע זין. — מיר פאָרן קיין אַרגענטינע. — די שיף קומט אָן מיט א טאָג פריער און קיינער וואַרט מיך נישט אָפּ. — איך זע אַפּישן מיט גרויסע קלישעען פון אונז און קיינער האָט נאָך מיט אונז נישט גערעדט וועגן קאָנדיציעס.

זייענדיק אין וואַרשע, איז מיר געלונגען דורך א צייטונג אויסצוגעפינען מיין פאַמיליע, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַרגענטינע.

נאָך אַזויפיל יאָר, האָב איך באַקומען אַ בריוו, פון וועלכן איך האָב זיך דערוואוסט, אַז מיין אַלטיטשקע מאַמע לעבט און גאַרט מיך צו זען און מיינע שוועסטער און ברודער שרייבן מיר די וואַרימסטע ווערטער און זיי דריקן אויס זייער איינציקן וואונטש — מיך נאָך צו זען אין אַרגענטינע.

די וואַרימע בריוו האָבן אַף מיר אַזוי געווירקט, אַז איך האָב ממש געזען ווי מיינע אייגענע שטרעקן צו מיר זייערע הענט און זיי דערוואַרטן מיך מיט בענקשאַפט און אין מיין האַרץ האָט זיך אויך צעפלאַקערט די בענקשאַפט נאָכאַמאָל צו זען מיין אַלטע מאַמע, מיינע שוועסטער און מיין ליבן ברודער יעקב-יאָשען.

נאָך דעם ערשטן בריוו, זיינען געקומען נאָך בריוו און נאָך און מיין ברודער האָט געשטורעמט, פאַרזיכערנדיק מיר, אַז איך וועל דאָ זיין דער גליקלעכסטער מענטש, אַז אין אַרגענטינע איז אויך דאָ אידיש טעאַטער און עס פעלן אַקטיאָרן און איך זאָל נישט פאַרציען, נאָר וואָס שנעלער קומען.

אינדערזעלבער צייט, זיינען אין וואַרשעווער אַרטיסטן-פאַריין אָנגעקומען גרויסע טעאַטער-אַפּישן פון אַרגענטינע און מיר האָבן געזען גרויסע קלישעען פון אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אין וואַרשע פאַרנומען דעם קלענסטן פּלאַץ און דאָס האָט מיך איבערצייגט, אַז מיין ברודער שרייבט

דעם אמת און פון איין זייט די בענקשאַפט צו זען מיין פאַמיליע און פון דער אַנדערער — די שטרעבונג פון קינסטלער צו דערגרייכן נייע האָרי־זאָנטן, האָבן מיך געלאָקט איך זאָל פאָרן און דערוויל, כדי צו ווייזן ווי שטאַרק מען בענקט נאָך מיר, האָט מען מיר קודם צוגעשיקט צוויי שיפס־קאַרטן נאָך מיינע קינדער, צושרייבנדיק, אַז זיי דערוואַרטן מיינע קינדער מיט אָפענע אָרעמס און זיי האָפן, אַז מיר, (איך און מיין פרוי פאַני), וועלן אויך באַלד קומען.

האַבנדיק שוין אויך מיינע צוויי זין אין אַרגענטינע, האָבן מיר נאָך אַקטואירט אין וואַרשע גאַנצע אַכט חדשים, ביז ענדלעך האָט די בענק־שאַפט צו מיין פאַמיליע איבערגעוואויגן און אַזוי ווי פאַני האָט מסכים געווען צו פאָרן מיט מיר אפילו אין עק וועלט, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונדזערע חברים אין וואַרשע און מיר האָבן זיך געלאָזן אַף דעם ווייטן וועג מעבר־לים.

אין שערבורג האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט אַף אַ שיף, וואָס האָט אונדז צוגעפירט צו דער אמתער שיף, צו דער גרויסער שיף „אַרלאַנזאַ".

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן הינטער ווייטע האָריזאָנטן און די טויערן פון דער שיף זיינען געשטאַנען אָפן ווי עפּעס אַ טויער פון אַן ערשטקלאַסיגן האָטעל און איידער מיר האָבן זיך צייט געהאַט אַרומצוקוקן, האָבן מיר שוין געזען ווי אונדזערע פעק שוועבן אַף די הויב־־מאַשינען און זיי פאַרשוואונדן אויבן אין בויך פון דער שיף און באַלד זיינען מיר אויך אַרויף אַף דער שיף און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט די שיף זיך אַוועקגעגליטשט פון ברעג און איך ווייס נישט וויאַזוי און פונוואַנען, נאָר פּלוצלינג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ שלאַקס־רעגן און די בליצן האָבן צעריסן די הימלען און די דונערן האָבן געקראַכט אַזוי נאָענט פון אונדז, אַז עס האָט אויסגעזען ווי קאַנאָנען־שאָסן וואָלטן געצילט אַף אונדזער שיף.

די שיף האָט זיך צעוויגט און זי האָט אונדז צעוויגט און קיינער האָט נישט געקאַנט איינשטיין גלייך אַף אַן אָרט און באַלד האָט מען געזען ווי מענטשן בויגן זיך אַריבער איבערן פאַרענטש פון שיף־דעק און זיי זאָגן „מחזור"... און אויך פאַני האָט זיך אָנגעהויבן פילן שלעכט און דאָס פּלאַץ וואָס מען האָט אונדז אָנגעוויזן איז געווען מוראַדיק שלעכט און איך האָב זיך וואַקלענדיק אָנגעהויבן אומקוקן אַף דער שיף און זוכן פּראָטעקציעס און דורכן אידישן דאָלמעטשער האָב איך פאַר עטלעכע דאָלער באַקומען אַ בעסערן פּלאַץ „צווישן־דעק", וואָס האָט זיך געפונען אַף דער צווייטער זייט שיף און נישט אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען, אַריבערצובאַקומען אַהין מיין האַלב־פאַרחלשטער פרוי.

ערשט ווען מיר זיינען אריין אין דער זוויבערער קאבינע און געזען די געלעגערס מיט די ריינע וועש, האבן מיר זיך אנגעהויבן פילן ווי שמיקלעך מענטשן און עס האט געדויערט עטלעכע טעג, ביז מען האט זיך צוגעוואוינט צו דער שיף און צו דעם וויגן זיך און כדי צו פארטרייבן די צייט וואס האט זיך געצויגן אומענדלעך לאנג, האב איך מיט פאנין געמאכט א שמועס וועגן אונדזערע ליידן און פריידן פון די פארגאנגענע יארן, מיר האבן גערעדט וועגן אונדזער ערשטער ליבע און ווי דאס רעדל האט זיך געדרייט און געדרייט, ביז מיר האבן זיך ווידער געטראפן און איצט, וועט אונדז שוין קיין שום זאך נישט צעשיידן, מיר וועלן שוין זיין צוזאמען אף אייביק, אף אייביק...

און אין אט די דאזיקע שמועסן, זיינען די טעג ווי מינוטען פאר־גאנגען און ענדלעך, דעם ערשטן יולי 1923, זיינען מיר אנגעקומען אין בוענאס־איירעסער האפן.

אראפגייענדיק פון דער שיף, האב איך זיך דערוואוסט, אז די שיף־קאמפאניע האט געמאלדן, אז די „ארלאנזא" וועט אריינקומען אין פארט ערשט דעם 2־טן יולי און אזוי האט עס אויסגעזען, ווי דער פארהאנג בעת א שיינע פארשטעלונג, וואלט געפאלן פ א ר דער צייט און עס איז קאליע געווארן די שענסטע סצענע.

קיינער האט אונדז נישט אפגעווארט, ווייל מען האט זיך ערשט גע־גרייט אונדז אפצואווארטן מארגן...

פונדעסטוועגן איז די גאנצע משפחה געקומען; זיי האבן זיך דער־וואוסט אז די שיף איז שוין דא און די אלטע אויגן פון מיין מאמע האבן מיך געשלונגען און אין דער באגעגעניש פון מיר מיט די מייניקע, האבן ארום מיר אויסגעשפרייט א ים מיט ליבשאפט.

א שעה שפעטער זיינען מיר שוין געווען אינדערהיים און מיינע שוועסטער האבן זיך געפארעט, זיי האבן פאר מיר מיט פאנין געגרייט עסן און ווידער האב איך געגעסן די אלט־היימישע מאכלים פון מיט אזוי פיל יארן צוריק אין נאוועבוג און אין באבריניעץ און איך האב זיך גע־פילט אזוי זיכער און אזוי גוט און איך האב געמיינט, אז דאס גוטע וועט אזוי געדויערן אייביק.

די גוטע טעג פון זיין געסט, זיינען אבער שנעל אריבער און עס האבן אנגערוקט טריבע וואכן־טעג און דערוואכנדיק פון דעם שיינעם חלום, האב איך זיך ארומגעזען, אז איך דארף א וואוינונג און מעבל און פרנסה און צו דעם אלעם מוז מען האבן די גרינע פעזעס און וואו מען קאן פארדינען די פעזעס, האב איך נישט געוואוסט און די זארג האט אנגעהויבן פרעסן און נאגן מיין הארץ און פאני, וועלכע האט אודאי

נישט ווייניקער געזארגט פון מיר, האט פונדעסטוועגן געהאט געגוג כח מיך צו טרייסטן...

פארשטייט זיך, אז לאנג לאזן אזוי, האב איך נישט געקאנט, האב איך באשלאסן, אז מארגן גיי איך ארוים זוכן עפעס, אומקוקן זיך, און זען וואס עס איז דא צו טאן.

און ווי פארוואונדערט בין איך געווארן, ווען איך האב אין גאס געזען אף א מויער א גרויסן פלאקאט מיט צוויי ריזן-קלישעען פון מיר און פאנין.

דער פלאקאט האט מיך אזוי איבערראשט, אז איך האב אזש פארגעסן ווייטער צו קוקן וואס, ווער און ווען, נאר איך בין אהיימגעלאפן און דערציילט פאנין און באלד האב איך זיך דערוואוסט, אז די אונטערנעמער פון טעאטער „אלימפא", וועלכע האבן געהאט אפגעמאכט אז אסתר־רחל זאל קומען צו זיי, נאר אין דער לעצטער מינוט האט זי טעלעגראפיש מיטגעטיילט, אז זי קאן נישט קומען, האבן זיי גענומען ביי מיינע קינדער אונדזערע בילדער און זיי אנאנסירן אונדז אלס די גרעסטע געסט פון אייראפע, וואס זיינען ספעציעל געקומען פאר זייער טעאטער...

די קלישעען זיינען געווען אזעלכע גרויסע, אז איך האב נאך אזעלכע קיינמאל נישט געזען און דאס וואס מען האט אונדז אנאנסירט נישט אנפרעגענדיק פריער ביי אונדז וועגן קאנדיציעס, האב איך גערעכנט, אז מסתמא פירט זיך עס אזוי אין ב. איירעס, מסתמא זיינען זיי דאך זיכער, אז אין געלט קאן נישט זיין קיין מניעה און זיי דערלויבן זיך צו גיין אפן זיכער.

האב איך זיך שוין אוועקגעזעצט ווארטן, ביז די וועלכע האבן אונדז אזוי גרויס אנאנסירט, וועלן קומען צו אונדז און דורכפירן מיט אונדז דאס געשעפט, וואס זיי האבן עס אזוי אף זיכער אנאנסירט, אז מיר זיינען געקומען „ספעציעל פאר זייער טעאטער..."



# דרייאונפערציקסטער קאַפּיטל

טעאַטער „אָלימפּאַ“ און די באַלעטעראָס“ — אַ מלחמה צווישן „באַלעטעראָס“ צוליב אסתּר־רחל קאַמינסקי און מאַדאַם לאַבל. — נאַאום גלאַזונאָוו. — באָרים אויערבאַך אַלס „איוואַנאָוו“. — אויערבאַך אַנטלויפט און איך מוז פאַרטרעטן זיין ראָל. — אין שוואונג פון „סטאַריזם“. — מאַכערייקעס און הפקר־טעאַטער. — איין שעה פּראָבע פאַר אַ נייער אויפפירונג. — „דורך וועלכער טיר דאַרף איך גיין?...“ — גרעניצלאָזע אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיך צו אונדז באַוויזן צוויי מענער; דער ערשטער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס איינער פון די דירעקטאָרן אין טעאַטער „אָלימפּאַ“ און באַלד האָט ער מיך באַקענט מיט דעם צווייטן, וועלכן ער האָט מיר פאָרגעשטעלט אַלס „באַלעטעראַ“ פון זיין טעאַטער.

— וואָס מיינט עס אַזוינס „באַלעטעראַ“? — האָב איך געפרעגט.

און דער איינער פון די דירעקטאָרן, וועלכער האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ באַלעבאַטישער כלל־טוער, האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט דורך זיינע ברילן־גלעזער און מיט אַ שמייכל האָט ער מיר דערקלערט, אָנווייזנדיק אויף דעם יונגענמאַן מיט די רויטלעך־גלאַנצנדיקע בעקעלעך און שמייכלענדיקע קליינע אייגעלעך, אַז דאָס איז דער גאַנצער פרנסה־געבער פון טעאַטער, ווייל ע ר פאַרקויפט די בילעטן און נישט אין קאַסע פאַרקויפט ער די בילעטן, נאָר אין די הייזער... ער פאַרקויפט די בילעטן דירעקט צום פּובליקום...

ערשט שפּעטער, האָב איך זיך דערוואוסט איינצעלהייטן וועגן דער אַרבעט פון „באַלעטעראַ“, ווי אַזוי ער איז עס געוואָרן דער גאַנצער בעל־דעה אין בוענאָס־איירעסער אידישן טעאַטער, און ווי אַזוי מען מוז אים פאָלגן און שפּילן די פּיעסן וואָס ער הייסט און נאָך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז עס איז דאָ אויך אַ צווייטער טעאַטער און דער צווייטער טעאַטער האָט אויך אַ „באַלעטעראַ“ און ווען דער „באַלעטעראַ“ פון „אָלימפּאַ“־טעאַטער האָט פאַרקויפט בילעטן צו די גאַסט־אויפטריטן פון

אסתר־רחל קאַמינסקי, וועלכע האָט באַדאַרפט קומען, האָט דער אַנדערער „באַלעטעראַ" פאַרקויפט בילעטן פאַר די אויפטריטן פון דער מאַדאַם ל אַ ב ע ל, און די צוויי „באַלעטעראָס" זיינען זיך צונויפגעקומען אין איין שטוב און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן און איינער האָט פאַרגע־וואָרפן דעם אַנדערן: — פאַר וועמען פאַרקויפסטו דאָס בילעטן? דיין סטאַריכע איז דאָך שוין אַלט טויזנט יאָר!... און דער צווייטער האָט נישט אָפּגעשוויגן און גענומען אויסרעכענען אַלדאָסבייז אָפן חשבון פון דעם אַנדערנס סטאַריכע: — ווער איז זי דאָרט, דיין לאַבעל? — און ווער איז עס דאָרט דיין אסתר־רחל?...

אָט, אַזאַ איז געווען די אַרבעט פון די „באַלעטעראָס" און דער איי־נער פון די טעאַטער־דירעקטאָרן, דאָס איז געווען דער אַרטיסט נאַאום ג ל אַ ז ו נ אָ וו, האָט מיר דעם „באַלעטעראַ", בלויז אויבנאויפיק פאַר־געשטעלט...

דער איינציקער פּראָפעסיאָנעלער אַרטיסט פון טרופּע, איז דעמאָלט געווען גלאַזונאָוו און מרים לערער, איז דעמאָלט נאָך געווען זייער יונג, אָן אָנפאַנגערן, אָבער זייער וויכטיק פאַר דער טרופּע, ווייל זי האָט זיך זייער פיין אימפּאָנירט סיי מיט איר שיינקייט, ווי מיט איר פיגור און מיט איר קלינגענדיק שטימעלע.

די בוענאָס איירעסער אידישע פּרעסע האָט מיר געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט;ביידע טעגלעכע צייטונגען האָבן אַ סך געשריבן וועגן מיין ערשטן אויפטריט, אויך דער דיכטער לייב מלאך, האָט אין זיין וואָכנבלאַט „פאַר גרויס און קליין", מיר אָפּגעגעבן אַ וואַרימען ברוך־הבא אין אַרגענטינער אידישן טעאַטער און מיין דעבוט־פאַרשטעלונג איז דורכגעפירט געוואָרען ביי אַ יום־טובדיקער שטימונג און מיט אַ גאַר גרויסן דערפאָלג.

באַלד דערויף, איז אָנגעקומען באַרים אויערבאַך, אויך אַלס גאַסט־ראַליאַר און לויט זיין אָפּמאַך, האָט ער באַדאַרפט האָבן דעם ערשטן בענעפיט־אָוונט און ער האָט באַשלאָסן אויפצופירן שלום־עליכמס „שווער צו זיין אַ איד" און מיך האָט ער מכבד געווען מיט דער ראָל אַלס דוד שאַפּיראָ.

דער בעל־יובל אַליין, האָט זיך גענומען די ראָל פון קריסטלעכן סטו־דענט און ע ר האָט בפירוש געשפּילט אַ פיינעם „איוואַנאָוו".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען אַזאַ גרויסער ערן־בענעפיט, נאָר מער אַ געשעפטלעכער, אַ מאַטעריעלער בענעפיט, פונדעסטוועגן האָב איך זיך גענומען פעסט צו דער אינהאַלטסרייכער ראָל אַלס דוד שאַפּיראָ און איך האָב טאַקע זייער שטאַרק אויסגענומען און די רעצענזענטן און

שרייבער זיינען צו מיר ארויפגעקומען אין גארדעראָב און אויערבאך האָט געהערט ווי זיי האַלטן מיך אין איין לויבן און אים האָבן זיי ווי נישט געזען און ערשט צומאָרגנס, זיינען אין אַלע צייטונגען דערשינען באַגייסטערטע רעצענזיעס וועגן מיין דוד שאַפּיראָ און אין די שפּאַנישע צייטונגען זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גוטע אָפּרופן וועגן מיין קינסטלערישער לייסטונג און עס קאָן זיין, אַז דאָס האָט אַף אויערבאַכן זייער שטאַרק געווירקט, ווייל פּלוצלינג, אויערבאך איז געווען אַנאַנסירט, אַז ער וועט אויפטרעטן אַלס „ישיבה-בחור" און אין זעלבן טאָג, ווען די פאָרשטעלונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען, איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן אָן אַ זייט געזונט.

אומזיסט איז מען אים געגאַנגען זוכן אין זיין וואוינונג, דאָרט האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דער אַמעריקאַנער שוישפּילער איז שוין אוועקגעפאָרן...

צו דער פאָרשטעלונג פון „ישיבה-בחור", איז באַנאַכט געקומען אַ גאָר גרויסער עולם און די דירעקטאָרן זיינען ארומגעלאָפן ווי משוגע: — אַזאַ אומגליק! אַזאַ אומגליק! עס וועט אויסקומען, כאָטש נעם און גיב צוריק דאָס געלט פאַר די בילעטן!...

פּלוצלינג האָט זיך גלאַזונאָוו אָפּגעשטעלט קעגן מיר, געקוקט מיר גלייך אין די אויגן און ער גיט אַ זאָג: — איר, פּאַלעפּאַדע, קאָנט אונדז ראַטעווען!

באַלד איז אויך אַ צווייטער דירעקטאָר צוגעקומען, מען האָט מיך פון אַלע זייטן אַנגעהויבן אונטערוואַרימען, אַז איך און נאָר איך קאָן ראַטעווען די סיטואַציע.

איך וואָלט עס שוין אפשר אונטערגענומען, נאָר ווי קאָן איך וואַגן, ווען אַן אַנדערער שטייט אַנאַנסירט פאַר דער ראָל און דער אַנדערער איז נאָך דערצו אַן אַמעריקאַנער סטאַר, עס קאָן דאָך פּשוט אויסברעכן אַ סקאַנדאַל.

נאָר די דריי דירעקטאָרן האָבן מיך שוין נישט אָפּגעלאָזן, זיי האָבן איבער מיר אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז איך האָב זיך אונטערגעגעבן.

אַ דאַנק דעם צוטרוי וואָס איך האָב שוין געהאַט געווינען באַם בוענאָס איירעסער טעאַטער-עולם און אַ דאַנק מיין רוטין, האָב איך זיך אַן עצה געגעבן און אָפּגעשפּילט דעם „ישיבה-בחור" מיט אַ גאָר גרויסן בייפאַל און עס האָט זיך נישט געפינען קיין איינער פון פּובליקום, וואָס זאָל פּראָטעסטירן, אָדער פרעגן פאַרוואָס עס האָט נישט געשפּילט דער נאָרד-אַמעריקאַנער סטאַר באַרים אויערבאך...

און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז פון די צוויי גאַסטראָליאָרן, איז איינער אוועק; דאָס הייסט, אַז פון טאָפּל-געשעפט איז ארויסגעפאַלן איין

פערד און די דירעקטאָרן האָבן אָנגעהויבן אונטערטרייבן דאָס געבליבענע פערדל, דאָס מיינט מיך, איך זאָל אַליין שלעפּן דעם יאָך.

האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב געשפּילט „גאָט פון נקמה", דערנאָך — „מאָטקע גנב" און שפּעטער — „שלמהקע שאַר־לאַטאַן" און דעם „ווילדן מענטש". איך בין אַריין אין שוואונג פון סטאַ־ריזם, אָבער זייער שווער איז מיר אָנגעקומען די אַרבעט און קיין נחת פון איר, האָב איך טראַץ די דערפאָלגן, נישט געהאַט. דער מאַנגל אין פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן און די אָרימע טעכנישע מעגלעכקייטן, האָבן געשטערט צו קענען געבן אַ ספּעקטאַקל, וואָס זאָל פאַר אַלעם, קענען מיך אַליין באַפרידיקן. און טראָץ די בעסערע פּיעסן וואָס איך האָב אויפגע־פירט, האָט מען אַזעלכע פאַרשטעלונגען געמעגט אָנרופן — כאַלטורע־פאַרשטעלונגען.

חוצדעם, זיינען יעדן טאָג פאָרגעקומען סכסוכים וועגן געלט־פראַגן, אַקטיאָרן האָבן געפאָדערט געלט פאַר זייער אַרבעט און די דירעקטאָרן האָבן בשום אופן נישט געוואָלט צאָלן און עס האָט אויסגעזען, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט אויסברעכן אַ געשלעג צווישן די אַקטיאָרן און די דירעקטאָרן.

דערווייל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס צווייטע טעאַטער, וועל־כעס האָט אַקטואירט אין דעם סאַלאָן „אַרפעאָן עספּאַניאָל" אויף דער גאַס פּיעדראַס — האָט זיך פאַרמאַכט און די גאַסטראַליאָרשע מאַדאַם לאַבל און די יונגע אַקטריסע מאַרסעלאַ ווייס, זיינען געבליבן אָן אַרבעט און אונדזערע דירעקטאָרן האָבן די צוויי אַקטריסעס באַלד אַריינגעצויגן אין „אָלימפּאַ" און די מאַדאַם לאַבל האָט אויסגעפּאַקט איר רעפּערטואַר און איך בין געוואָרן איר פּראָסטער סאָלדאַט, נעמענדיק אַנטייל אין אירע פאַרשטעלונגען פון אַזעלכע פּיעסן, וועלכע האָבן מיך אַבסאָלוט נישט באַפרידיקט.

עס איז געווען סקאַנדאַליעז צוצוקוקן, ווי אַזוי די לאַבעל האָט גע־וואָגט צו שפּילן כסדר נייע פּיעסן בלויז מיט איין פּראָבע, פאַרלאָזנדיק זיך בלויז אויף זיך אַליין, ווייל זי האָט געקענט איר ראָל פון הונדערטער מאָל שפּילן זי.

עס איז געווען אַ שרעק צוצוזען, ווי די אַקטיאָרן האָבן פאַרלוירענע געקוקט אין סופליאָר־קאַסטן און דער סופליאָר איז צום אומגליק געווען אַ זייער שלעכטער, ער האָט כסדר פאַרלוירן דאָס בלעטל פון וועלכן ער האָט באַדאַרפט „אונטערדערלאַנגען" די ווערטער און אַ חוץ וואָס קיי־נער האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט (אויסער די לאַבעל, פאַרשטייט זיך) האָט קיינער נישט געוואוסט פון וועלכער זייט אַרויפצוקומען אָדער אַראָפּ־צוגיין פון דער בינע און עס איז געווען אַ צער צוצוקוקן ווי מען האָט

זיך אליין געפיניקט און ווי מען האט דעם עולם געפייניקט מיט די דאָ־זיקע סקאַנדאַליעזע טעאַטער־שפּילערייקעס.

איך דערמאָן זיך אָן עפּיזאָד:

אין אַ פאָרשטעלונג מיט דער לאַבעל, האָב איך געשפּילט אַ מאַן אַ פּוילִיאַק, וועלכער ליגט שטענדיק אויף דער סאָפאַ און ער וויל נישט גיין צו דער אַרבעט. מיין פרוי, פאַני, האָט געשפּילט די פרוי פונעם פּוילענ־צער, אַ פרוי אַ קאָזאַק און זי האָט אַ סצענע מיט מיר, אין וועלכער זי איז מיך מכבד מיט די ביטערסטע קללות און איך ענטפער איר אויף מיט בילִיקע וויצן, ביז עס קומט דערצו, אַז די „אשת חיל" נעמט פּאַטשן איר פוילן מאַן און זי וויל אים אַראָפּוואַרפן פון סאָפאַ.

מיר זיינען נישט געוואוינט געווען צו די פּאַפּירענע דעקאָראַציעס פון אַרגענטינער טעאַטער און פאַני האָט מיר דערלאַנגט אַן אומפאַרזיכ־טיקן שטויס און די סאָפאַ, צוזאַמען מיט מיר, איז אַ פאַל געטאָן אין דער פּאַפּירענער וואַנט, די וואַנט האָט נאָכגעגעבן און די סאָפאַ צוזאַ־מען מיט מיר זיינען איינגעשלונגען געוואָרן הינטער דער וואַנט און די פּאַפּירענע דעקאָראַציע האָט זיך אויסגעגלייכט און מען האָט נישט גע־וואוסט וואו איך בין אַהינגעקומען...

פאַרן עולם איז דאָס געווען אַ סענסאַציאָנעלער נומער, עס האָט אויס־געזען ווי אַ שוואַרץ־קינצלעריי און מען האָט ממש געשטורעמט דעם טעאַטער מיט אַפּלאָזן...

מאַדאַם לאַבעל האָט זיך געגרייט אויפצופירן איר גלאַנץ־פּיעסע „מאַדאַם איקס" און אין דער גאַנצער טרופּע האָט זיך נישט געפונען ווער עס זאָל שפּילן דעם יונגן אַדוואָקאַט. חוצדעם וואָס איך האָב זיך געשפּילט צו אַלט פאַר אַזאַ יונגן ליבהאָבער, האָב איך באַדאַרפט אויס־לערנען אין איין טאָג אַזעלכע גרויסע מאָנאָלאָגן אויף אויסנווייניק, ווייל אויף אונדזער סופליאָר, איז נישט מעגלעך געווען זיך צו פאַרלאָזן.

האָב איך זיך געמוזט אָנשטרענגען און אין איין טאָג אויסשטודירן דעם גאַנצן יורידישן פאַקולטעט און זיך אונטערנעמען צו פאַרטיידיקן די מאַדאַם לאַבעל — מאַדאַם איקס.

נישט אַנדערש, ווי נאָר דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט און געגעבן כחות איך זאָל קענען זיין דער מאַדאַם איקס אַדוואָקאַט און זי פאַרטיידיקן היים און געטריי, ביז עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז גאָר מיין מוטער...

אייביק וועל איך געדענקען דעם היסטאָרישן זונטיק, ווען מיר האָבן אָפּגעשפּילט די מאַטינע־פאָרשטעלונג און מען האָט אונדז געזאָגט, אַז צו דער אָוונט־פאָרשטעלונג מוזן מיר שפּילן אַ נייע פּיעסע. מיר האָבן געהאַט גאַנצע צוויי שעה צייט צו מאַכן פּראָבע.

דאָס איז שוין געווען אַ הפקרות, וואָס האָט פאַרלוירן אַפילו די הפקר־גרעניצן.

די גאַנצע טרופּע האָט זיך ארומגעזעצט ארום אַ טישל וואו עס איז געזעסן דער סופליאַר, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין איין צאָן אין מויל און ער האָט שטאַמלענדיק געלייענט פון דער פּיעסע און מיר האָבן אים נאָכגעזאָגט די ווערטער און אַזוי האָבן מיר זיך געגרייט באַלד אויפצוטרעטן פאַרן עולם און אָפּשפּילן אַ מעלאָדראַמע.

די דאָזיקע סיטואַציע, האָט מיך געמאַכט נאָכטראַכטן און איך האָב באַוואונדערט די פיינקייט פון בוענאָס איירעסער אידישן טעאַטער־עולם, וואָס האָט אונדז פאַר אַזעלכע פאַרשטעלונגען נישט געשלאָגן, אָדער ווייניקסטנס אונדז באַוואַרפן מיט פוילע אייער...

פאַר צרות און נערוועזיטעט, בין איך אריבער צום לייכטן טאָן און איך האָב זיך אָנגעהויבן ווויצלען.

און ווען די מאַדאַם לאַבעל האָט מיך, אלס איר דינער, געשיקט אַ גאַנג, האָב איך זי געפרעגט דורך וועלכער טיר איך זאָל אַרויסגיין און די לאַבעל האָט זיך צעלאַכט און מיר אָנגעוויזן די טיר: — דורך דער טיר זאָגט זי, דאַרפסטו גיין...

אין מיין לאַנגיעריקער טעאַטער־פּראַקטיק, איז עס נישט געווען קיין נייעס, אַז מען דאַרף אַמאָל שפּילן עקספּראָמט אַ ראָל, אָבער דאָס איז נאָר א י י ן ראָל און עס מאַכט זיך אויך, וואָס אין איילעניש גנבעט מען אַראָפּ אַ צוויי פּראָבן און מען שטעלט די פּיעסע פריער, נאָר אַזאַ מין בולטע, הפקרדיקע אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט ווי דעמאָלט אין טעאַטער „אָלימפּאָ", דאָס האָב איך געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן!...



# פיראונפערציקסטער קאַפּיטל

טעאַטער „אָלימפּאַ" פאַרמאַכט זיך. — דער ערשטער אידישער די־ריזשאָר אין אַרגענטינע. — די קאָמישע סטאַרוכע. — מאַקס מאַרינאַ'ן מיט אַ טרופּע אַף דער פּראָווינץ. — גאָלפּאַנען אַנשטאָט ציפּקונס שטאָלן. — אַ בינע, די גרויס פון אַ באַלעבאַטישן טיש. — צעשטראָלטע פּנימער פון וואוילע הארעפּאַשנע אידן. — אין „סאַלאָן דעל טעאַטראָ" צע־קרייען זיך די הענער אינמיטן שפּילן...

דאָס געמוטשעטע טעאַטער־שפּילן אין „אָלימפּאַ", האָט אונדז ממש צעבראָכן.

אַהיימקומענדיק נאָך אַ כאַאָטישער פאָרשטעלונג, האָב איך זיך גע־פילט פיזיש און גייסטיק רואינירט.

אָבער צו אַלץ קומט אַ סוף און אין אַ געוויסן מאָנטיק אינדערפרי, ווען איך בין געלעגן אין בעט, האָט מען מיר געבראַכט די ידיעה, אַז דער טעאַטער „אָלימפּאַ" האָט זיך געשלאָסן.

נישט אומזיסט האָבן די דירעקטאָרן נישט געוואָלט אויסצאָלן די לוינען זונטיק באַנאַכט, נאָך די צוויי פאָרשטעלונגען; זיי האָבן עס אָפּ־געלייגט אַף מאָנטיק און היינט, אַז דאָס טעאַטער איז געשלאָסן, איז ווי מען זאָגט: — „פּיסליא חופה"...

איצט זיצן שוין אַלע אַרגענטינער אידישע אַקטיאָרן אין די קאַפעען אַרבעטסלאָזע, זיי בלאָזן דעם ציגאַרעטן־רויך און וואַרטן אַף נסים...

דאָס ביסל איינפאַפּעאישע וואָס איז אין מיר געבליבן, האָט מיך נישט געלאָזן רוען; איך האָב זיך געפילט אונטער דעם אייביקן יאָך וואָס האָט מיך געשטויסן צו מעשים און גראָד האָט זיך די אַרטיסטן־משפחה פאַר־גרעסערט, עס איז געקומען צו פאָרן אַ דיריזשאָר מיט אַ קאָמישער סטאַ־רוכע, דאָס זיינען געווען אברהם און סאָניע גאָלובטשיק און אויך פרידאַ זאַגאַר, אַ געשולטע זינגערן איז געקומען און איך האָב אָנגעהויבן מונ־טערן און וועקן די אַקטיאָרן, אַז אויב עס זיינען נישט פאַראַן קיין די־רעקטאָרן, דאַרפן מיר אַליין נעמען דעם גורל אין אונדזערע הענט.

אברהם גאָלובטשיק האָט זיך שוין געהאַט געווענדעט צו דעם טעאַ־טער־אַדמיניסטראַטאָר איזידאָר צוקערמאַן, אָבער צוקערמאַן האָט מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט באַ גאָלובטשיקן, צו וואָס מען דאַרף דאָס איינגעטלעך אַ דיריזשאָר...

גאַלובטשיק האָט אים געפּרוּאווט אויפקלערן, אַז אַ דיריזשאָר ווייזט אָן מיטן שטעקעלע ווען אָנצוהויבן און ער האַלט אָן און באַוואַכט די האַרמאָניע פון אָרקעסטער מיטן כאָר, אָבער צוקערמאַן האָט די דער־קלערונג אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, זאָגנדיק, אַז אין בוענאָס איירעס איז דאָס נישט נויטיק...

דער מאָגערער און קליינגעוויקסיקער דיריזשאָר, איז פון צוקערמאַנס ענטפער נאָך דאַרער און נידעריקער געוואָרן.

און דער אמת איז, אַז ביז גאַלובטשיקן, האָט מען אין אידישן טעאַ־טער פון ב. איירעס נישט געוואוסט פון קיין דיריזשאָר. דער קלאַוויר־שפּילער פלעגט פון צייט צו צייט אָנווייזן די זינגער ווען זיי זאָלן אָנ־הויבן, און אברהם גאַלובטשיק, איז פאַקטיש געווען דער ערשטער אידי־שער דיריזשאָר אין בוענאָס איירעס.

גאַלובטשיק האָט מיר פאָרגעשטעלט זיין פרוי און מיר געזאָגט, אַז זי שפּילט „קאָמישע סטאַרוכעס". — שווייגנדיק, האָב איך אים דערויף געענטפערט; דערמאָנט נישט דאָס וואָרט „קאָמישע סטאַרוכעס", ווייל דאָ זיינען אַלע אַקטריסעס קאָמישע סטאַרוכעס. דאָ, זאָג איך צום נאַאיוון דיריזשאָר, דאָ מוזט איר זאָגן, אַז אייער פרוי איז אַ סובּרעטן...

דער אויסגעדאַרטער דיריזשאָר האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע בליקן און אויף זיין בלאַסן פּנים האָט זיך אויסגעדריקט דער צער פון דער גאַנצער וועלט:

— וואָס הייסט, איך זאָל זאָגן אַ סובּרעטן, אַז מיין פרוי שפּילט נאָר אַלטע קאָמישע פרויען?

לאַנג האָב איך מיט אים געמוזט איינטענהן, ביז עס איז געבליבן, אַז די גאַלובטשיק איז אַ סובּרעטן און איך האָב באַוויזן צונויפצושטעלן אַ פיינע טרופּע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און מיר האָבן געדונגען דעם סאַלאָן „בענעוואָלענסאַ" אויף צו שפּילן יעדן זונטיק.

גאַלובטשיק איז אַריין אין זיין טעטיקייט, ער האָט פאָרמירט אַ כאָר פון די בוענאָס איירעסער שטענדיקע כאָריסטן און די כאָריסטן האָבן באַלד אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן גאַלובטשיקן, וואָס ער וויל דאָ איינ־פירן נייע רעפאָרמען, אַז דער כאָר זאָל זינגען אין איינגעטיילטע שטי־מען, בעת זיי זיינען געוואוינט פון ששת ימי בראשית, צו זינגען אַלע אין איין שטימע...

פונדעסטוועגן האָט זיך גאַלובטשיקן איינגעגעבן דורכצופירן זיינע רעפאָרמען און די עטלעכע אָפּערעטעס וואָס מיר האָבן אויפגעפירט, האָבן געהאַט אַ גאַנץ פיינעם מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. יעדער אַק־טיאָר האָט פאַר דעם איינמאָל שפּילן אין וואָך, אָפּגענומען געַנוג אויף צו

קענען מאַכן אַ באַשײדן לעבן און אונדזער קאָלעקטיװ האָט זיך געהאַלטן היפּשע עטלעכע װאָכן.

דערװײל איז אַריבער דער פֿרילינג און פּאָר „קאַסעטשע" (שניט־צײט) האָט זיך צו מיר געװענדעט דער דעמאָלט פּאָפּולערער שױשפּילער און טעאַטער אונטערנעמער מ א ק ס מ א ר י נ א װ און ער האָט מיר פֿאָרגעלײגט, אַז איך זאָל מיט אים דורכפֿירן זײן געפּלאַנטן טור מיט אַ טרופּע װאָס ער װעט צוזאַמענשטעלן.

מאַרינאָװ האָט מיר בײ דער געלעגנהײט פֿאַרגעשטעלט אַ קלאָר בילד װי עס זעט דאָ אױס די פּראָװינץ, די אַלע שװעריקײטן װאָס עס קומט אױס מיטצומאַכן אין די פּראָװינצן ענטרע ריאָס און פּאַמפּאַ, נאָר אַזױ װי קײן אַנדערע אױסזיכטן אױף דער הײסער זומער־צײט, זײנען אין שטאָט נישט געװען, האָב איך אָנגענומען מאַרינאָװס פֿאָרשלאַג און מיר האָבן זיך געלאָזן אין װעג.

:: :: ::

כאָטש אַנדערע פֿעלדער, װײטע און פֿלאַכע, װאָס מען זעט זעלטן אױף זײ אַ שטיבל, האָט מיך די רײזע נישט איבעראַשט. זי האָט מיך נאָר דערמאָנט אָן יענע אַלטע טרױעריקע צײטן, װען איך בין מיט דעם די־רעקטאָר ציפּקוס אַרומגעפֿאָרן איבער די קלײנע רוסישע אָדער בעסאַראַ־בישע שטעטלעך; אױך דאָ, אין די אַרגענטינער פּראָװינץ־שטעטלעך, האָבן מיר געמוזט שפּילן אין שטאַלן, נאָר דאָ רופֿט מען זײ „ג א ל פּ אַ־ג ע ס" און נאָך אָן אונטערשיד, װאָס אַמאָל האָבן מיר ערשט געמוזט מאַכן אַ בינע און אימפּראָװיזירן בענק און דאָ האָבן מיר אין אַ סך גאַל־פּאָנעס געטראָפֿן כלומרשטע פֿאַרטיקע בינעס מיט בענק און אַפֿילו מיט אַ באַמאָלענעם ליװנטענעם פֿאָרהאַנג.

די גאַלפּאָנעס, זײנען מערסטנטײלס פֿון בלעך, מיט בלעכענע דעכער און אַזױ װי אונזער טור־נע איז געװען אין סאַמע שניט־צײט, האָט די זון אָנגעגליט די בלעכענע װענט מיט דעם בלעכענעם דאַך פֿון גאַל־פּאָן, איז אין די גאַלפּאָנעס ממש נישט געװען אױסצוהאַלטן פֿון דער היץ.

דאָס גרעסטע אָפּקומעניש האָבן מיר געהאַט אין ק ל א ר א (פּראָ־װינץ ענטרע ריאָס), אין דעם קלײנעם גאַלפּאָנדל, װאָס דער דאָרטיקער טעאַטער־טוער יעקב מאַרינאָװ, האָט פּאָר אונדז געהאַט צוגעגרײט. שױן אָפּגעזען װאָס דאָרט איז געװען אױסערגעװײנלעך שמוציק, האָט ער פֿאַר אונדז געמאַכט אַ בינעלע, װאָס איז געװען אומגעפֿער אַזױ גרױס, װי אַ טיש אין אַ באַלעבאַטישער שטוב און מיר האָט אױסגעזען, אַז דאָרט

וועט זיין אוממעגלעך צו שפּילן טעאַטער, סיידן מיר זאָלן זיך פאַרוואַנד־לען אין קליינע מאַריאָנעטן...

פונדעסטוועגן, שפּילן האָט מען געמוזט, אָבער מיר האָבן זיך אַפילו נישט געהאַט וואו צו גרימירן און איבערטון זיך. מיר האָבן זיך אַלע צוזאַמען געמוזט צונויפקוועטשן אין אַ ווינקל, וואו מיר האָבן זיך גרי־מירט און די שרעקלעכע היץ, פונקט ווי אַף דער העכסטער באַנק אין אַ שוויץ־באָד, האָט אונדז צוזאַמענגעשמאָלצן מיט אונדזערע גרימען...

ניין, איך האָב דאָס אַפילו נישט געקאָנט פאַרגלייכן צו די צייטן פון ציפּקוסן און צו די צרות, קומט נאָך דער קלאָרער טעאַטראַל מאַרי־נאָוו צו מיר און טאַקע נאָר ווי אַ טעאַטראַל, דריקט ער מיר אויס אנער־קענונג פאַר מיין אויסגעצייכנטן שפּילן...

איך האָב אָנגעקוקט דעם „טעאַטראַל" ווי משוגע און זיין „אנער־קענונג" האָט מיך נאָר צום איבעריקן דענערווירט און יעדער קאָמפּלי־מענט האָט אַף מיר געווירקט, ווי זאַלץ אַף אַ וואונד...

איך מוז אָבער צוגעבן, אַז נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַביסל באַרואיקט און אגב אויך צוגעוואוינט, האָב איך אויך געפילט און געזען די מעלות, פון וועלכע מען האָט אין ציפּקוסנס צייטן נישט געוואוסט. וואָס איז געווען די מעלה? די מעלה איז געווען, וואָס די האַרעפּאַשנע קאַלאָניסטן זיינען געקומען פון ווייטע שטרעקעס און מיטגעבראַכט גאַנץ אָפט זייער לעצטע פּעזע, כדי צו זען אונדזער פאַרשטעלונג.

אין די רוסישע קליינע שטעטלעך האָט מען געמעגט ריידן צום לאָמפּ. דאָרט, אין די קליינע רוסישע שטעטלעך, איז שווער געווען צו פאַרנאַרן אַ איד אין שטאַל אריין און דאָ קומען די אידן פרייוויליק אין די אַנגע־היצטע גאַלפּאַנעס און זיי לעקן ממש די פינגער פון אונדזער פון היץ — צעשמאָלצענער קונסט.

און נאָך אַ זאַך: — דאָ דאַרף מען נישט וואַרטן ביז מען וועט פאַר־דינען און ד ע ר נ א ך וועט מען עסן, נאָר דאָ פאַרפּאַרט מען גלייך אין אַ האָטעל וואו מען רעכנט שוין צו דאָס עסן און פאַר אַלץ, דערלאַנגט מען שוין אַזויפיל מאכלים, וואָס אין אייראָפּע האָב איך זיי אַפילו אין חלום נישט געזען... און טאַקע צוליב דעם וואָס מען גיט אַזויפיל עסנס מיט אַמאָל, בין איך פשוט זאָט געוואָרן קוקנדיק דערויף און איך האָב די מאכלים בשום אופן נישט געקאָנט עסן...

— „איצט פאָרן מיר קיין ו ו י ל י אַ!" — האָט אויסגערופן אונדזער געשעפט־פירער און איך האָב געמיינט, ווער ווייס וואָס פאַר אַ שטאָט דאָס איז; ערשט, איך זע, מיר פאָרן צו מיט דער פור צו אַ קליין שטיבל פון רויטע ציגל און איך קוק אין אַלע זייטן און זוך די שטאָט ווויליאַ, איך זע אָבער נישט מער ווי ווייטע, נאַקעטע פעלדער און קיין סימן אַפילו

פון אַ מער ווייניק גרעסערן ישוב.

יאָ, עטלעכע שטיבלעך האָב איך יאָ געזען. צוויי קליינע שטיבלעך, אויך פון רויטע ציגל און איינע אַ געביידעלע, וואו עס געפינט זיך די שול וואָס ווערט אויך באַנוצט אַלס טעאַטער־סאַלאָן. מער האָב איך אַבסאָלוט גאָרנישט געזען.

איצט דאַרפן מיר איינשטיין אין דעם קליינעם ציגל־שטיבל, וואָס האָט נישט מער ווי צוויי חדרים, אַ צימער מיט אַ קיך און דער באַלע־באָס, אַ סימפּאַטישער קאָלאָניסט, האָט נישט קיין גרויסן חשק אַריינ־צולאָזן אונדזער כאַליאַסטרע, אָבער, פאַר פינף פּעזעס אַ טאָג פאַר יעדן פון אונדז, טוט ער אונדז די טובה...

— וואו וועלן מיר זיך דאָ אַלע אַהינטאָן? וואַג איך אַ פרעג צו טאָן ביי אונדזער געשעפטס־פירער מאַרינאָוו.

— די מענער וועלן שלאָפן אינדרויסן. מען האָט אָנגעצונדן אַ קע־ראָסין־לאָמפּ און די גאַנצע וועלט מיט פליגן פון פאַרשידענע מינים, האָבן זיך פאַרקליבן איבער אונדזער טיש און איידער מיר האָבן זיך אומגע־קוקט, האָבן זיך שוין אין אונדזערע טעלערס מיט זופּ, געפונען אַן אַ שיעור דערטראָנקענע פליגן־קרבנות...

— פאַר וועמען וועלן מיר דאָ שפּילן טעאַטער? — האָב איך מאַרי־נאָוון נייגעריק אַ פרעג געטאָן, כאָטש דאָס סאַלאָנטשיקל איז געווען אַזוי קליין, וואָס האָט קוים געהאַט פּלאַץ פאַר אַ פערציק פּערזאָן; אָבער מאַ־רינאָוו האָט מיך געטרייסט: — איר וועט שוין זען.

פאַרנאַכטצו, האָט מען זיך אָנגעהויבן פאָרען מיט דינאַמיט און מען האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן און מאַרינאָוו האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס איז די פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונדזער טעאַטער. ווען די קאָלאָניסטן ארום הערן שיסן, ווייסן זיי שוין אַז געסט זיינען געקומען און מען וועט שפּילן טעאַטער און זיי קומען צו פאָרן.

— און וואָס טוט מען ווען זיי קומען נישט צו פאָרן?

— איז טאַקע ביטער, ענטפערט מאַרינאָוו און רוקט זיך אָפּ פון מיר אַ פאַרכמורעטער.

עס איז שוין געווען געגנוג שפּעט, ווען מיר האָבן דערזען אָנקומען דאָס ערשטע צוויי־רעדערדיקע פורל, אָדער ווי מען רופט עס אין אַרגענ־טינע — סולקי און דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן נאָך סולקיס און גרויסע וועגענער און רייטערס און עס האָבן אויך אויפגעלויכטן שאַרף־בלענדענדיקע אויטאָמאָביל־אויגן וואָס האָבן זיך דערנענטערט און דאָס פאַרוואָרפענע ווינקל איז פּלוצלינג אויפגעלעבט געוואָרן, עס האָט באַ־קומען אַן אויסזען פון אַ מין יריד און באַלד זיינען די פורלעך געוואָרן ליידיק און דאָס קליינע סאַלאָנטשיקל — פולגעפּאַקט, אָבער טאַקע אַזוי־

פול געפּאַקט, אַז מען איז ממש געהאַנגען אַף די ווענט. די פרויען זיינען געזעסן און די מענער, מיט צעשטראַלטע פּנימער, זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסטע ווי די הערינג און כסדר האָבן זיך אין סאַלאָנכל אַריינגעשטופּט נייע מענטשן.

קוקנדיק דורך אַ שפּאַלט נעבן פאַרהאַנג צום עולם, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ הייליקער געפיל פון ליבשאַפט צו אַט די דאָזיקע האַרעפּאַשנע אידן, וואָס זיינען אָפּן סיגנאַל פון די שאַסן געקומען פון אַלע זייטן, כדי צו הערן אַ אידיש וואָרט פון אידישע אַרטיסטן. פון שטענדיקן יאָך אין אַקער, קומען די דאָזיקע ברידערלעך אונדזערע און וואָס מאַכט עס ביי זיי אויס, ווען זיי וועלן שטיין אַ צוויי שעה אין ענגשאַפט, ווען זיי וועלן דאַ דערהערן אַ דערפרייענדיק וואָרט און זיי וועלן זען טעאַטער, וואָס די בלאַנדזשענדע שטערן האָבן געבראַכט פון דער ווייטער וועלט ביז צו זייערע פאַרוואָרפענע סטעפּעס?!

און ווי גוט עס איז געווען צו שפּילן פאַר אַט אַ די האַרעפּאַשנע אידישע פעלד-מענטשן! ווי זיי האָבן דאָס מיט גליענדע בליקן געקוקט אַף דעם קליינעם בינעלע צו אונדז און ווי זיי האָבן דאָס געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס מיר האָבן אַרויסגערעדט!

שווער איז געווען דאָס שלעפּן זיך איבער די ענטרע ריאָסער קאָלאָניסטישע שטעטלעך, אָבער גרוים און הייליק איז געווען דער נחת. צו שפּילן טעאַטער פאַר די דאָזיקע אידישע ערד-אַרבעטער!...

אַזוי זיינען מיר געפאָרן כמעט אין אַלע שטעטלעך פון ענטרע ריאָס און אין אַ סך שטעטלעך האָב איך געטראָפן מיינע קרובים, וועלכע האָבן מיך אָפּגעוואַרט און זיי האָבן זיך געפרייט מיט מיר און פונקט ווי אין ווילִיאַ, האָט עס אויסגעזען אין ס אַ ן  אַ נ ט אָ נ י אָ, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס דאָ איז דאָס גאַלפּאַנדל געווען זייער שמוציק און דער באַלעבאָס פון סאַלאָנדל וועלכעם האָט זיך גערופן „סאַלאָן דע טעאַטראָ", האָט דעם גאַלפּאַן גענוצט אַלס היים פאַר זיינע גענז און הינער און בעתן שפּילן אין רעכט געווען, אַז די גענז זאָלן זיך פלוצלינג צערעדן, אָדער בשעת אַ שפּאַנענדער ערנסטער סצענע, האָט געקאָנט טרעפן, אַז אַ האָן זאָל פלוצלינג אַ צעפּאַטש טאָן מיט זיינע פליגל און לאָזן הערן זיין הויכן קוקעריקו!...

באַ די דאָרטיקע אידן, איז עס אַ געוויינלעכע זאַך; זיי זיינען צוגעוואוינט דערצו און עס ווירקט מער נישט אַף זיי און נאָך אַ צוויי-דריי שטעטלעך אַזעלכע, האָבן מיר זיך אויך צוגעוואוינט און אַנשטאָט עס זאָל אונדז דענערווירן, ווי פריער, האָבן מיר עס אָנגענומען פאַר אינטערעסאַנט און מיר האָבן שוין אַפילו אין דעם געזען שיינקייט און דערהויבנקייט.

# פינפאונפערציקסטער קאפיטל

נאך ענטרע ריאס קומט פראווינץ פאמפא. — דער פיאניסט טאפט אין דער פינצטער די קלאווישן. — אין מערצעדעס שפילן מיר איןביידע קענגערישע סאלאנען. — פארנדיק קיין באהיא בלאנקא, דארף מען צונריימן א באן־בילעט אף צוריק. — אין ווישא אלבא טרייבט מען אונז ארויס פון סאלאן אינמיטן דער פארשטעלונג. — די דראמאטישע באגעגעניש פון מיר מיט מיין ברודער אין ריווערא. — צוריק אין בוענאס איירעס.

פארענדיקט די פראווינץ ענטרע ריאס, האבן מיר זיך געלאזן פארן צו פאמפא.

לויט דעם פלאן פון אונדזער געשעפט־פירער, האבן מיר אנגעהויבן אין ראזאריא און פון דארט האבן מיר באדארפט פארן אף זיד.

ראזאריא, וואס איז א גרויסע שטאט אין צענטראל ארגענטינע, האט מארינאוו געמאכט פאר א קליין שטעטל.

ער האט אויסגעזוכט דעם ארימסטן און קלענסטן סאלאן, ערגיצוואו הינטער די הרי־חושך און אן א שטיקל דעקאראציע האבן מיר אפגעשפילט די צוועלף אקטן פון אונדזערע דריי פארשידענע פיעסן פון אומעטום האט זיך געפילט די ארימקייט און פינצטער, חושך, איז געווען סיי אף דער בינע און סיי אין סאלאן און עס איז געווען א רחמנות א קוק צו טאן ווי אונדזער שלימזלדיקער קלאוויר־שפילער האט אינדערפינצטער געטאפט די קלאווישן און דער נעבעכדיקער עולם, מיט אויסגעצויגענע מרהשחורהדיקע פנימער, האט געמאכט, אז אונדזער פארשטעלונג האט ביכער אויסגעזען ווי א לויה...

איך האב געפרעגט מארינאוון, פארוואס ער האט אין אט דער גרויסער שטאט אויסגעזוכט די גרעסטע ארימקייט און ער האט מיר דערקלערט, אז איך ווייס נישט וואס ראזאריא איז און אז דא טאר מען גארנישט פרואוון געבן עפעס בעסערס, אויב מען וויל נישט בלייבן שטעקן, אז מען זאל נישט האבן אף הוצאות אוועקצופארן...

דערפאר האבן מיר זיך אביסל אפגעפרישט קומענדיק קיין מעדאנאס.

מעדאַנאָס איז אַ לעבעדיק אידיש שטעטל פון אַקטיוויטעט. די גאַסן זיינען פון דער נאַטור אויס, זייער אינטערעסאַנטע. מעג פאַלן דער גרעס־טער שלאַקס־רעגן, ווערט דער טיפער זאַמד נאָר פאַרהאַרטעוועט און די גאַסן גלאַנצן קעגן דער זון און עס בליאַסקען אַנטקעגן די קליינע פּערל־דיקע שטיינדלעך.

אין מעדאַנאָס האָט די אידישע יוגנט אָנגעפירט אַ לעבהאַפטע אי־דישע קולטור־טעטיקייט און דאָרט זיינען געווען צוויי סאַלאָנען וואָס האָבן געהערט צו צוויי קעגנערישע אינסטיטוציעס וואָס האָבן זיך כסדר געקריגט און כדי יוצא צו זיין פאַר ביידע צדדים, האָבן מיר געדונגען ביידע סאַלאָנען און דורך אַ גורל באַשטימט אין וועלכן מיר זאָלן שפּילן פריער און דאָס האָט אונדז געשאַפן סימפּאַטיע בא ביידע צדדים און מיר האָבן אין מעדאַנאָס געשפּילט פיר פאָרשטעלונגען, צו צוויי אין יעדן סאַלאָן און די קעגנער זיינען געקומען אין קעגנערישן סאַלאָן און מיר האָבן אין מעדאַנאָס געמאַכט, לויט די פאַרהעלטענישן, זייער גוטע גע־שעפטן.

די מעדאַנאָסער אידן האָבן דוקא געוויזן פיינעם געשמאַק און זיי האָבן געפאָדערט בעסערע פּיעסן, האָבן מיר טאַקע געשפּילט דריי בעסערע פּיעסן און די פּערטע, די מאַכערייקע, האָט געליטן אַ דורכפאַל.

פאַרבייפאָרנדיק באַהיאַ בלאַנקאַ, האָט זיך אונדז געוואָלט אויסשלאָגן די הוצאות. עס איז דאָך אַ היפּשע שטאָט און דאָך האָט אונדז מאַרינאָוו דערקלערט, אַז דאָ טויג נישט קיין אידיש טעאַטער, ווייל די באַהיאַ־בלאַנקער אידן זיינען אומדיפערענט, זיי דאַרפן נישט און זיי בענקען נישט און בלויז אַ קליינע צאָל אידן קומען אין טעאַטער און מערסטנס ווען אַ טרופּע שטעלט זיך דאָ אָפּ, ליידט זי אַ מאַטעריעלן דורכפאַל.

פונדעסטוועגן האָבן מיר געשפּילט און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מאַרינאָוו איז געווען גערעכט.

אַ שלעכטן ברוך־הבא האָבן מיר באַקומען בעתן אָנקומען קיין וויזשאַ אַלבאַ און בערנאַסקאָני.

עס האָט זיך גראָד אויפגעהויבן אַ מוראדיקער ווינט, וועלכן מען רופט דאָ „פּ אַ מ פּ ע ר אָ" און דער דינער שטויב־וואָלקן האָט זיך איינגעפרעסן אין דער הויט פון פּנים און אין די אויגן, און מען האָט ממש נישט געזען וואו צו גיין. די שיך האָבן געטראָטן אין דעם טיפן ווייסן שטויב, אַזוי ווי אין אַ טיפן שניי.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ האָטעל צו אַ געוועזענעם דייטש, וועלכער האָט דערקלערט, אַז זיין פאָטער האָט נאָך געקענט דייטש, נאָר ער איז שוין אַן אַרגענטינער געבוירענער און ער האָט שוין פאַרלוירן דאָס לשון...

דאָס צימערל וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געווען מיט אַ לייוונטע־נעם דאַך און ציגעלנעם פאָל מיט שפּאַלטן, אין וועלכע עס קענען זיך אויפהאַלטן די פאַרשידנסטע מינים חיהלעך און די צוויי סדומער בעט־לעך, וואָס עס איז געווען אַ געפאַר זיך צו לייגן אויף זיי.

צו מיטיק האָט אונדז דער „דייטש" דערלאַנגט צוויי פּאָרציעס מיט קוילן. נישט חלילה אַזעלכע וואָס מען שטעסט מיט זיי, נאָר פון פלייש, צום עסן, און יעדע קויל איז געווען אַזוי גרויס, אומגעפער ווי אַ קאָפּ פון אַ זעקס יעריק קינד...

אַ שרעקלעכע אַפּקומעניש איז פאַר אונדז געווען דאָס שטוביקע ווזשאַ אַלבאַ און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מען זיך דאָרט אויף אונדז נישט גערעכנט, ווייל בלויז אַ שעה פאַר דער פאָרשטעלונג האָט מען אָנגעהויבן רייניקן דעם סאַלאָן און גרייטן אַ בינע און ביי די באַדינגונגען, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דאָ וועט זיין בעסער צו שפּילן אונדזער מעלאָ־דראַמע.

שפּילן מיר די מעלאָדראַמע און צוויי אַקטן גייען גוט אַריבער, נאָר אין דריטן אַקט, וואו עס קומט פאָר די סצענע, ווען די הויפּט־העלדין פאַלט אַריין אין די נעגל פון פרויען־הענדלער, אַט אַ די סצענע, האָבן די אידן פון ווזשאַ אַלבאַ פאַרשטאַנען אויף זייער אייגענעם אופן און עטלעכע פון זיי האָבן זיך געווענדעט צום קאָמיסאַר, וועלכער איז אויך געווען אין טעאַטער און די קליינשטעטלדיקע היצקעפּ האָבן אונדז פאַרמסורט פאַרן קאָמיסאַר, אַז מיר שפּילן אַן אוממאָראַלישע פּיעסע.

דער קאָמיסאַר איז אַרונטערגעקומען צו אונדז הינטער די קוליסן און זיך צעשריגן אויף אונדז און מאַרינאַוו האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענט־פערן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט קיין שפּאַניש און אונדזער סופליאָר האָט געמוזט זיין דער דאָלמעטשער און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, דער קאָמיסאַר האָט צעטריבן דעם עולם און פאַרווערט צו פאַרענדיקן די פאָר־שטעלונג.

ווען די אידן פון ווזשאַ אַלבאַ האָבן פאַרלאָזן דעם סאַלאָן, האָבן זיי אונדז נאָך מכבד געווען מיט דער אמתער פייפערריי און מיט חוזק־אויס־רופן און עס איז נאָר מיט נסים, וואָס זיי האָבן אונדז נישט אָנגעבראָכן די ביינער און דאָס אינטערעסאַנטע דערפון איז דאָס, וואָס ווען מיר האָבן דיזעלבע פּיעסע געשפּילט אין בערנאַסקאָני, זיינען אַ סך פון די דאָזיקע „מאָראַלישע" אידן פון ווזשאַ אַלבאַ, געקומען זען דעם פערטן אַקט פון דער „אוממאָראַלישער" פּיעסע... זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן; זיי האָבן געוואָלט זען דעם סוף, וואָס עס איז געוואָרן פון דער אומגליק־לעכער הויפּט־העלדין פון דער מעלאָדראַמע...

אויפן וועג קיין ר י ו ו ע ר א, האָט אין מיר דאָס האַרץ אָנגעהויבן קלאַפּן האַסטיקער.

ריוועראַ! דאָרט וואוינט דאָך מיין ברודער יעקב-יאָשי, מיין איינציקער ליבער ברודער, וועלכן איך האָב שוין זייט צוואַנציק יאָר נישט געזען!...

— וואָס איז עס מיט מיר? פאַרוואָס שפּאַרן זיך מיר די טרערן פון די אויגן?

מיינע חברים, די בלאַנדזשענדע שטערן, חכמהנען זיך, אָדער זיי צעזינגען זיך, נאָר ביי מיר שפּילט אַן אומעטיקע פרייד אין מיין האַרצן.

— איך וועל ווידער זען מיין ברודער יעקב-יוסף... ער איז זיכער דורך די אַלע יאָרן געבליבן דערזעלבער ערלעכער און פּשוטער ברייטהאַרציקער מענטש...

די באַן האָט זיך דערנענטערט צו דער סטאַציע ריוועראַ און אַן אימפּאָזאַנט בילד האָט זיך באַוויזן פאַר אונדזערע אויגן.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אויפן באַן-הויף. מען איז אַרויס באַגעגענען יעקב-יוספס ברודער דעם אַקטיאָר. נייגעריקע ווילן ביי וואוינען די זעלטענע באַגעגעניש, וועגן וועלכער עס האָבן זיך אין שטעטל אַרומגעטראָגן פאַרשידענע לעגענדעס. מען האָט געזאָגט, אַז די צוויי ברידער האָבן זיך שוין נישט געזען דרייסיק אָדער גאָר פערציק יאָר און זיי האָבן אַפילו נישט געוואוסט איינער פון אַנדערן און מען האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר געשטאָרבן, און פּלוצלינג, אַזאַ פרייד, אַ אידישער אַקטיאָר האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין ריוועראַ שפּילן טעאַטער און דאָ האָט ער זיין ברודער צוריקגעפונען...

פאַר אונדזער טרופּע איז דאָס געווען די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע. מענער, פרויען און אַפילו קינדער האָבן זיך געשטופּט צו די וואַגאָנעס, יעדער האָט געוואָלט פריער כאַפּן דעם קוק אויף דעם גרויסן אַקטיאָר, פון וועלכן מען רעדט שוין אַזוי לאַנג אין ריוועראַ און צווישן דעם גרויסן נייגעריקן עולם, האָב איך באַלד מיין ברודער דערקענט.

מיין ברודער איז פאַר מיר דערשינען ווי אַן אַלטער מאַן. פון זיינע מיטע בלויע אויגן, איז שוין דער גלאַנץ געווען אויסגעלאָשן. זיי זיינען געווען מיט טרערן אָנגעפילט. אונדזער צוזאַמענטרעף האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ רירנדע סצענע, פון וועלכער מען האָט אין ריוועראַ גערעדט אַ לאַנגע צייט.

דער סאַלאָן איז געווען פול געפּאַקט צו אונדזערע פאָרשטעלונגען און מיר, איך און פאַני, מיר זיינען איינגעשטאַנען ביי מיין ברודער און עס האָט זיך אונדז שוין גאָרנישט געגלוסט אוועקצופאָרן. מיין ברודערס פרוי און קינדער האָבן שטאַלצירט מיט אונדזערע דערפאָלגן און די ריוועראַער

אידן האָבן געוויזן מיט די פינגער אַף דער בינע אַרויף: — איר זעט? דאָס איז ער, דער פאַרלוירענער ברודער...

פון ריוועראַ, זיינען מארינאָוו, ליבערזאָן און די זינגערן אַ ד אַ י ע־ ד ו אַ צוריקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס און מיר זיינען געבליבן זעקס פערזאָן און באַשלאָסן פאַרצוזעצן מיט אונדזער אַקטואַציע.

צום גליק האָב איך געהאַט פיעסן מיט אַ קליינעם פערסאָנאַזש. מיר האָבן נאָך געשפּילט „דעם טיגער" און הירשביינס — „די נבלה" און מיר האָבן געהאַט מאָראַלישע און מאַטעריעלע דערפאָלגן.

:: :: ::

אין די פּראָווינצן פון די גרויסע און ווייטע אַרגענטי־ נער פעלדער, לעבן האָרעפּאַשנע אידן, וועלכע בענקען נאָך אַ אידיש וואָרט און אין אַ שיינעם טאָג קומען עטלעכע סולקים מיט דעלעגאַטן פון דער קאָלאָניע ל אַ פּ י ן און זיי פאַרבעטן אונדז מיר זאָלן מיט זיי מיטפאָרן און זיי מהנה זיין מיט אַ פאָרשטעלונג.

דעם סאַלאָן, זאָגן זיי צו אומזיסט, און קיין האָטעלן דאַרפן מיר נישט (נישטאָ קיין האָטעלן אין לאַפּין), ווייל זיי, די קאָלאָניסטן, וועלן אונדז אויפנעמען ביי זיך, ווי טייערע געסט.

הייסט עס דאָך, אַז מיר קענען בלויז פאַרדינען און קיין שום ריזיקע איז דאָך נישטאָ, נעמען מיר אָן דעם פאָרשלאָג און מיר פאָרן.

אין לאַפּין פירט מען אונדז צו צו אַ קליין ערדן שטיבל, וועלכעס איז אינגאַנצן פאַרלייגט מיט זעק. איך קוק זיך אום, איך זוך נאָך אַ שטיבל, מען זעט נישט. ערשט זוען מען שטרענגט שטאַרק אָן דעם בליק, דער־ זעט מען ערגיץ ווייט, טיף אין האָריזאָנט, אַ צווייט שטיבל.

מיר הייסן זיך פירן צום סאַלאָן, מיר ווילן מאַכן אַ פּראָבע פון הירש־ ביינס פיעסע און פאַרנדיק מיט סולקים, זיינען מיר זיך, די גרופּע אַק־ טיאָרן, צונויפגעקומען פון פאַרשידענע זייטן צום סאַלאָן.

צוגעפאָרן זיינען מיר צו אַ גרויסן בלעכענעם גאַלפּאָן, דאָס איז גע־ ווען דער לאַפּינער טעאַטער. נישט ווייט זיינען געשטאַנען נאָך אַ קליינע צאָל שטיבלעך צווישן וועלכן עס איז אויך געווען די שול און ווייטער, אַרומאומאַרום, ליידיקע פעלדער ביז אין די ווייטע ווייטקייטן.

מיר וועלן שפּילן טעאַטער, אָבער פאַר וועמען? אַזוי טראַכט איך און איך קוק פון אַלע זייטן און ערשט נאָך אַ ווײַלע, זע איך פון גאַנץ ווייט, וואו עס הויבן זיך אַרויס בוימער און צווישן זיי מערקט זיך אַ שטיבל און אַף אַ צווייטער זייט, ווידער בוימער און ווידער אַ שטיבל און אַזוי זיינען די איינציקע שטיבלעך פון די קאָלאָניסטן צעשפּרייט אַף שבעה־ימים.

דער קאָלאָניסט ביי וועמען מיר זיינען איינגעשטאַנען, האָט אונדז אויפגענומען מיטן גאַנצן האַרצן און געטיילט מיט אונדז פון אַלעס וואָס

ער האָט פאַרמאַגט און אין אָוונט, האָט מען ווידער געשפּאַנט די סולקי און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אַהין, צום סאַלאָן.

מיר האָבן איצט דעם פּלאַץ כמעט נישט דערקענט. אַן אמתער ירידו סולקים, וועגן און וועגענער און אינעווייניק, אין סאַלאָן, איז שוין פול געפּאַקט מיט אַ צעשטראַלטן עולם און עס איז היימלעך און פריילעך אַפן האַרצן און עס גלעט מיר די נשמה, דאָס בילד, ווי אַזוי אידן פון די סטעפּעס קומען זיך צונויף בענקענדיקע און לעכצענדיקע נאָך אַ לעבעדיק אידיש וואָרט. ווי נאָנט, ווי ליב און טייער זיינען מיר געוואָרן אָט אַ די וואוילע, ערלעכע און האַרעפּאַשנע אידן!...

שוין לאַנג האָבן מיר נישט געשפּילט מיט אַזאַ הייליקן געפיל און ווי דער עולם האָט עס אויפגענומען! און נאָכן שפּילן, מען לאָזט אונדז נישט אַוועק, מען מאַכט ערשט אַ יום-טוב און מען פאַרברענגט אַזוי ביז אינדערפרי אין פריילעכער, דערהויבנדיקער שטימונג.

פון לאַפּין זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס, און אָנגעקומען פונקט צום גערויש און האַרמידער פון בוענאָס איירעסער קאַרנאַוואַל, וואָס האָט נאָך די פייערלעכע אידילישע נעכט אין לאַפּין, מאָדנע געשפּילט אַף די נערוון...



# זעקסאונפערציקסטער קאַפּיטל

אַהרן לאַגער און איזידאָרא צוקערמאַן. — סאַלאָן „אָרפעאָן עספּאַניאָל". — באָרים טאָמאַשעווסקי. — אַקטיאָרן ווילן זיך פּאַראייניקן און עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם. — מאַקס מאַרינאָוו דער אַדמיניסטראַטאָר פון „עקסעלסיאָר". — איך האָב ענמת־נפש צוליב אַ ראָל. — רעגינאַ צוקערבערג אַלס „די חזנטע". — די מאַמע איז אַלט דרייסיק יאָר און אירע פיר זין — גאַנצע 220 יאָר...

זוען איך בין צוריקגעקומען פון פּראָווינץ, האָב איך אין ב. איירעס געטראָפן צוויי אַקטואירנדע טרופּעס.

איין טרופּע האָט געשפּילט מיט אַהרן לאַגער בראש און די צווייטע, — אונטער דער דירעקציע פון איזידאָר צוקערמאַן. ביידע טעאַטערס האָבן געשפּילט בלויז אין די זונטיק־טעג און אין ביידע טרופּעס, האָבן זיך געפונען בלויז געציילטע פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילער.

פאַר מיר, איז אין ביידע טרופּעס קיין פּלאַץ נישט געווען, כאָטש זיי האָבן זיך אין מיר גענויטיקט. דער פאַקט איז געווען, אַז מען האָט מיך פּשוט נישט געוואָלט צולאָזן צום פּסוק און מען האָט זיך נישט געוואָלט ציילן מיט מיין סטאַזש און נישט מיט מיינע אַרטיסטישע לייסטונגס־מעגלעכקייטן.

מאַכט זיך, אַז עטלעכע יונגעלייט קומען צו מיר מיט אַ בשורה, אַז מען קאָן באַקומען דעם סאַלאָן „אָרפעאָן עספּאַניאָל" אַף פּיעדראַס און זעענדיק אַז קיינער זאָרגט זיך נישט וועגן מיר, האָב איך גענומען מיין גורל אין אייגענע הענט און איך האָב געדונגען דעם סאַלאָן אויך אַף די בלויזע זונטיק־טעג און צו מיין פרייד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די יונגעלייט זיינען פאַראַן פּעאיקע און זיי וואַרפן זיך אַזוי באַוואוסטזיניק אונטער די טעאַטער־דיסציפּלין, און זיי באַמיען זיך צו לערנען און מיר הויבן אָן מיט י. גאָרדינס „קעניג ליר" און עס גייט אַ שיינע פאָרשטעלונג און מיר האָבן אָן אויספאַרקויפט הויז און אַזוי שפּילן מיר עטלעכע וואָכן מיט זייער גוטע דערפאָלגן און די אידישע פּרעסע רעדט וועגן אונדז און זי האָט טענות צו מיר, פאַרוואָס איך גיב נישט בלויז גוטן רעפּערטואַר, אָבער מען לויבט מיינע לייסטונגען.

אין דעם סאַלאָן, האָט זיך אַגב אָפּגעשפּילט אַן עפּיזאָד, וואָס איז כדאַי דערמאָנט צו ווערן.

מיר האָבן געשפּילט אַ מעלאָדראַמע, אין וועלכער איינער פון מיינע אַמאַטאָרן, דאַווידאָוויטש, האָט געשפּילט אַ פרויען־הענדלער און ווען איך האָב אַ שאַרפע סצענע מיט מיין פרוי, קומט גראָד אָן דער פרויען־הענדלער און איך דערשיס אים.

איך האָב היפּש לאַנג איינשטודירט די סצענע מיט דאַווידאָוויטשן, אָבער ער האָט ווייזט אויס מורא געהאַט פאַר דעם רעוואָלווער און ער קומט נישט אַרויף צו דער סצענע אויף דער בינע.

אַזוי ווי ער איז נישט אונטערגעקומען אין צייט, איז אויסגעקומען, אַז איך האָב דערשאָסן מיין פרוי, וועלכע דאַרף נאָך דערשיינען אין פירטן אַקט, און דאָס האָט מיך זייער דענערווירט און איך הויב אָן רופן: — פאַרוואָס קומט ער נישט אַרויף?

ערשט דעמאָלט האָט זיך דאַווידאָוויטש באַוויזן אויף דער בינע, אָבער נישט ווי מען דאַרף קומען אויף דער בינע, נאָר ער האָט זיך גענומען שאַרן פון הינטערוויילעכץ, מורא האָבנדיק ווייזט אויס צו קוקן אויפן רעוואָלווער און פון כעס, האָב איך גענומען אויסשיסן אויף אים אַלע קוילן אין פּוס אַריין און פון דעם פולווער האָבן זיך אָנגעצונדן זיינע הויזן און ער האָט באַקומען אויפן פּוס אַ קליינע וואונד.

דער פאָרהאַנג איז געפאַלן פאַר דער צייט און דער עולם האָט גע־פילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט געווען אין אָרדענונג און איך האָב זיך געגרייט געבן דאַווידאָוויטשן די אמתע פּאַרציע, אָבער דערזעענדיק זיינע פאַרברענטע הויזן און די וואונד אויף זיין פּוס, איז מיר פאַרגאַנגען דער כעס.

איך האָב אים באַצאָלט פאַר די הויזן און מיט דער וואונד האָט ער זיך אַרומגעטראָגן אַ היפּש ביסל צייט.

דערווייל האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג, אַז דער באַרימטער באַרים טאָמאַשעווסקי קומט קיין בוענאָס איירעס.

די ידיעה האָט פּלוצלינג פאַראייניקט אַלע אַקטיאָרן און איך האָב באַלד דערזען, אַז געהיצט האָבן זיך נאָר די, וועלכע האָבן געוואוסט פּאָזיטיוו, אַז זיי וועלן נישט קענען זיין אין טאָמאַשעווסקיס טרופּע.

די אַקטיאָרן זיינען זיך צונויפגעקומען אין סאַלאָן „גאַריבאַלדי", אַהרן לאַנגער האָט גענומען אַ וואָרט און צוקערמאַן, וועלכער האָט נישט גע־וואוסט פון פּאַרלאַמענטאַריזם, איז אַריינגעפאַלן אין די רייד און מען האָט גערעדט וועגן איינאיקייט, וועגן אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע און ווייל זיי האָבן גערעדט מיט אַזאַ באַגייסטערטן „אידעאַליזם", האָב איך געוואָגט אַ שטעל צו געבן די פראַגע: — און פאַרוואָס האָט

איר מיך נישט געוואָלט אַריינעמען אין איינע פון די צוויי טרופּעס, בעת איך בין געקומען פון פּראָווינץ?..

אַף דער פראַגע האָבן זיי נישט געהאַט קיין ענטפער, זיי האָבן נאָר פאַרזיכערט, אַז פון איצט און ווייטער, וועט שוין אַלעס זיין גוט און וואויל, און מען דאַרף זיך פאַראייניקן אַלע אין איין גרויסן, חברים-קאָאָ-פּעראַטיוו.

איך האָב געפּרואווט ברענגען אַ מוסטער פון וואַרשעווער אַרטיסטן פאַריין, ווי אַזוי עס פירט זיך דאָרטן, אָבער מען האָט שוין נישט גע-הערט מיינע רייד, ווייל אויב אַ קאָאָפּעראַטיוו, דאַרף מען דאָך באַשטי-מען די לויען לויטן מאַרקעס-סיסטעם און יעדער האָט געוואָלט האָבן אַן ערשטע מאַרקע און יעדער האָט זיך געהאַלטן פאַר גדול און עס איז גע-קומען צו אַ קריגעריי און עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַ געשלעג און עס זיינען געפאַלן טישן און עס האָבן זיך איבערגעקערט שטילן און פון דער פאַרזאַמלונג איז גאָרנישט געוואָרן.

מ אַ ק ס מ אַ ר י נ אָ ו, וועלכער איז געווען טאָמאַשעווסקיס באַפולמעכטיקטער צו אָרגאַניזירן דעם סעזאָן, האָט באַוויזן צו געווי-נען פאַר דעם אידישן טעאַטער דעם שיינעם סאַלאָן „עקסעלסיאָר", וואָס געפינט זיך אין האַרץ פון אידישן צענטר, טאַקע כמעט אין צענטר פון שטאָט.

מאַרינאָוו האָט מיך איינגעלאַדן און מיך אַנגאַזשירט צוזאַמען מיט מיין פרוי און כאָטש די ריזיקע איז געווען זייער גרויס, איז מאַרינאָוו באַלד צוגעשטאַנען צו טאָמאַשעווסקיס פּלאַן, אָפּצושאַפן די „באַלעמע-ראָס", דאָס אַרומגיין מיט די בילעטן אין די הייזער און שלעפּן די אידן אַף כח אין טעאַטער אַריין.

טאָמאַשעווסקי האָט געטענהט, אַז עס איז אַ דערנידעריקונג פאַרן בינע-קינסטלער און פאַר דער גאַנצער טעאַטער-פּראָפעסיע און מאַרינאָוו האָט אים געגעבן רעכט און זיי ביידן קומט צוצושרייבן דער פאַרדינסט, וואָס עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די „באַלעמעראָס", וועלכע האָבן גע-פּלעגט צו אימפּאָנירן שעדלעכע אינפלוענצן פון מאַנכע טעאַטער-באַזו-כער, אין שייכות צום רעפּערטואַר.

מאַרינאָוו האָט זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט זיין ערנהאַפטיקייט און ערנסטער באַציאונג צו דער קינסטלערישער פּראָפעסיע און ווייל מען האָט געקאָנט בויען אַף זיינס אַ וואָרט, האָט זיך דער טעאַטער „עקסעל-סיאָר" שנעל דערוואָרבן אַ פיינעם פּרעסטיזש און די געשיכטע פון אידישן טעאַטער אין אַרגענטינע, וועט דאַרפן אָפּגעבן מאַרינאָוון זיין פאַרדינסטן בכבודן פּלאַץ.

ווי נאָר טאָמאַשעווסקי איז אָנגעקומען, האָב איך שוין געהאַט איבער־צולעבן אַ טיפן ווייטיק.

איך בין אַ מענטש וואָס קען נישט די מלאכה פון „שטופן זיך" און פאַר טעאַטער, איז דאָס אַ גרויסער חסרון. באַם טעאַטער דאַרף מען האָבן עלנבויגנס און ווייל איך האָב עס נישט געהאַט, האָב איך נישט מיטגע־האַלטן מיט אַלע, וועלכע זיינען אַנטקעגנגעפאָרן צו דער שיף און באַלד איפגענומען דעם גאַסט אויף אַ ספּעציעלן אופן. נאָר איך בין ערשט אפצומאָרגנס אַוועק אין האָטעל פון „פרידמאַן און פוקס" אויף אוריבור־דו 650, וואו טאָמאַשעווסקי איז איינגעשטאַנען און דאָרט האָב איך שוין געטראָפן אונדזער גאַנצע טרופּע און מען האָט שוין גערעדט וועגן ראָלן און זיי האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעבעטן „גוטע געלעגערס"...

טאָמאַשעווסקי, פון וועמען איך האָב אַזויפיל געהערט און פון וועמענס פּיעסן איך האָב אַמאָל געמאַכט אַ פיין לעבן, האָט זיך געהאַלטן זייער ווירדיק און שוין זיין פערזענלעכקייט האָט אַרויסגערופן רעספּעקט. מיט דעם טאָן פון אַמעריקאַנער, האָט ער מיר געמאָלדן, אַז זיין דעבוט־אויפפירונג וועט זיין טשיריקאַווס פּיעסע „די אידן" און ער פרעגט מיך צי איך קאָן די פּיעסע און אין וועלכער ראָל, איך וואָלט זיך בעסער געפילט.

גלויבנדיק, אַז טאָמאַשעווסקי אַליין וועט אוודאי אויפטרעטן אין דער ראָל פון זייגערמאַכער, האָב איך זיך געפילט אין פאַרלעגנהייט און איך האָב געענטפערט, אַז דאָס פאַרטיילן די ראָלן איז די זאַך פון רעזשיסאָר; נו, האָט ער מיר געגעבן די ראָל פון דאָקטאָר און ערשט דערנאָך, באַ דער דריטער פּראָבע, ווען עס איז געקומען צו מיין סצענע, האָט מיר טאָמאַשעווסקי געפּאַטשט בראַוואָ און ער האָט געמאַכט מיט מיר אַ שמועס, פון וועלכן איך האָב זיך דערוואוסט, אַז קאָלעגן פון טרופּע האָבן אים עפּעס געזאָגט וועגן מיר און היינט האָט ער זיך איבערצייגט פּונקט דאָס פאַרקערטע...

פאַרשטייט זיך, אַז אין די ווייטערדיקע אויפירונגען, האָב איך גע־שפּילט די צווייטע וויכטיקסטע ראָל נאָך טאָמאַשעווסקין.

נישט לאַנג נאָך טאָמאַשעווסקיס אָנקומען, איז אויך אָנגעקומען רע־גינאַ צוקערבערג, די וואונדערלעכע אידישע פּרימאַדאָנע, וועלכע איך האָב נאָך געקענט פון לעמבערג אַלס קליין מיידל און אונדזער לאַנגיערי־קע באַקאַנטשאַפט, האָט אונדז פאַרבונדן מיט אַ געפיל פון קרובהשאַפט, און אונדזער באַגעגעניש אין אַרגענטינע, איז געווען אַ וואַרעמע און אַ פאַמיליער־האַרציקע.

די מאַלאַנטפולע אידישע פּרימאַדאָנע איז אויפגעטראָטן אין טאָמאַ־שעווסקיס אָפּערעטע — „די חזנטע" און טאָמאַשעווסקי האָט צוגעגרייט

די אויפֿירונג מיט פֿאַרנעם און שוואונג און רעגינאַ צוקערבערג האָט אַרויסגעשטראַלט מיט איר ראָל און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז אין משך פֿון די יאָרן איז זי אַ סך רייפֿער געוואָרן און זי איז ווייטער געווען די איינציקע אמת אידישע פּרימאַדאָנע מיט אַלע מעלות.

---

אין דער אָפּערעטע „די חזנטע”, האָט רעגינע פּ י ר זין. די פיר זין זיינען געשפּילט געוואָרן פֿון טאָמאַשעווסקין אַלס עלצטער זון, מאַרינאָוו — דער צווייטער, סאַמועל בלום — דער דריטער און איך האָב געשפּילט דעם יונגסטן זון.

על פּי חשבון (און אידן האָבן זיך נישט געשעמט צו חשבונען), זיינען די פיר זין צוזאַמען אַלט געווען אַן ערך פֿון 220 יאָר און די רייצנדע מאַמע זייערע, האָט אויסגעזען ווי אַ יונגע קעניגן פֿון אַ יאָר דרייסיק, ווייל טאָמאַשעווסקי האָט געפֿאָדערט, אַז רעגינאַ זאָל זיך נישט פֿאַרגרימירן מיט אַן אַלט פּנים.

מיר איז באַ דער אָפּערעטע אויסגעקומען צו זינגען מיט רעגינאַן אַ דועט, וועמענס אינהאַלט איז — ווי די מאַמע דערמאָנט זיך וויפֿיל זי איז אויסגעשטאַנען און זי האָט געליטן פֿון מיינע פּאַקעלעך און מיינע מאַזעלעך... און איך, דער אַכט און פֿערציק יעריקער זון, האָב זיך געוויגט אין שויס פֿון מיין יונגער רייצנדער מאַמע... אַלע מיינע פֿריינט ווינטש איך נישט קיין ערגערע מאַמע...

פֿונדעסטוועגן, מיט די אַלע אַבסורדן פֿון טאָמאַשעווסקיס פּיעסן־שניט, איז די פֿאָרשטעלונג געווען אַ געשמאַקע און האָט שטאַרק אויסגענומען.

טאָמאַשעווסקי אַליין, האָט זיך זייער שטאַרק אויסגעצייכנט אַלס דער עלצטער זון, אַ חזן, און עס איז זיכער געווען אַ גרויסע עולה פֿון די ב. איירעסער רעצענזענטן, וואָס זיי האָבן טאָמאַשעווסקין אַזוי אומברחמנותדיק אַראָפּגעריסן, ווייל נאָך אַלעם, האָט טאָמאַשעווסקי גאָר גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דעם אידישן טעאַטער, סיי אַלס אַקטיאָר און נאָכמער, אַלס דירעקטאָר, וועלכער האָט די גרעסטע קינסטלער אַריבערגענומען קיין נאָרד־אַמעריקע, אָנהויבנדיק מיט שילדקרויטן און צו לעצט — אויך די ווילנער טרופּע, מיט וועלכער ער האָט דערליטן דעם גרעסטן מאַטעריעלן קלאַפּ, נאָך וועלכן ער האָט זיך מער נישט געקאָנט אויפֿריכטן...

---

# זיבנאונפערציקסטער קאַפּיטל

קאָרדאָבאַ און מענדאָסאַ. — צוריק אין „קיאַטאַ" און „כאַפּאַנעו". — אַ טרופּע פון בלויז אַלטע אַקטיאָרן. — מאָריץ און מינאַ אַקסלראָד. — איך מוז שפּילן דעם יונגענמאַן. — איך גיי אַריבער צום „אַלימפּאַ". — לואיס קרעמער און באָריס אויערבאַך. — איך אַרבעט מיט מירען, ער זאָל ברענגען יצחק דייטש. — „דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט". — דייטש ראַטעוועט זיך מיט נעבירטיקס „קינדער־יאָרן". — מיר פאָרן מיט דייטשן אַף דער פּראָווינץ. — אַקסלראָד ברענגט אַן אַפּערן־זינגער אין „עקסעלסיאָר". — מיר האָבן שוין אַ פּאָריין און איך שטעל אַפּ די זידלערייען פון אַ דירעקטאָר.

דער טעאַטער־רעש אַף דער גאַס קאָריענטעס האָט אויפגעהערט. נעבן טעאַטער „עקסעלסיאָר" איז שטיל געוואָרן און פאַרשטימט זיינען געוואָרן די שיינע טענער פון אידישע פּרימאַדאָנעס און די אידישע נגונים.

מיר האָבן זיך ווידער פאַרמירט אַ טרופּע און אַרויסגעלאָזן זיך אַף דער אַרגענטינער פּראָווינץ, וועלכע מען מאַכט דורך אין אַ דריי פיר וואָכן, ווייל געציילטע שטעט זיינען בלויז פאַראַן, וואו עס געפונען זיך אידישע ישובים.

מיר זיינען געווען אין קאָרדאָבאַ און אין מענדאָסאַ, וואו די אידן קומען בלויז אין די זונטיק־טעג אין טעאַטער און אַ גאַנצע וואָך דאַרפן מיר זיצן און וואַרטן אַפן זונטיקדיקן קוילעטשל...

אַזוי האָבן מיר דורכגעמאַכט די רייזעס איבער צענטראַל־אַרגענטינע, ביז מיר האָבן זיך פאַרשטויבטע און אויסגעמאַטערטע אומגעקערט צוריק קיין בוענאָס איירעס, וואו מיר זיינען אַרומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַס און גרופּקעס־ווייז געזעסן אין די קאַפעען „קיאַטאַ" און „כאַפּאַנעס"...

ענדלעך, ווי די שאָסן פון דינאַמיט־אויפרייסן ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די קאָלאָניסטן, אַז אַ טרופּע איז געקומען אין דעם קאָלאָניסטישן שטעטל, אַזוי האָט אונדז אויפגעריסן פון דער אַפּאַטיע די ידיעה, אַז מינאַ אַקסלראָד קומט קיין אַרגענטינע.

אין די קאַפעען „קיאַטאַ" און „כאַפּאַנעס" האָט זיך אָנגעהויבן רעשן, אַקטיאָרן האָבן אָנגעהויבן טרעפן וועמען מאַקס מאַרינאָוו וועט יאָ אַנגאַזשירן און וועמען נישט און אין דער אידישער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן פילן די אידישע טעאַטער־אַטמאָספערע.

מאקס מארינאָוו, וועלכער האָט ווייטער אָנגעפירט מיט דער אדמי־ניסטראַציע פון „עקסעלסיאָר”, האָט מיך איינגעלאַדן און באַלד אָפּגע־מאַכט, אָנגאַזשירנדיק מיך מיט מיין פרוי און איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געשען, אַז מארינאָוו האָט דעמאָלט אָנגאַזשירט אַ טרופּע פון בלויז עלטערע אַקטיאָרן, ווי לאַגער מיט דער פרוי, איך מיט מיין פרוי, מארינאָוו אַליין, סאַמועל בלום, בערטאַ בעקער און די יונגערע אַרטיסטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט.

ווען איך האָב מארינאָוון געפרעגט פאַרוואָס ער אָנגאַזשירט נישט סאַמערסאַנען, מיר זאָלן כאָטש האָבן איין יונגערמאַן אויף דער בינע, האָט האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער ווייסט אַליין וואָס ער טוט...

ענדלעך זיינען אָנגעקומען די געסט, מאַריץ און מינאַ אַקסלראָד.

אַקסעלראָד האָט פאַר אונדז פאַרגעלייענט די ערשטע פּיעסע און געגומען פאַרטיילן די ראָלן און אַלץ איז געגאַנגען גוט, ביז עס איז גע־קומען צו מיין ראָל, וועלכע האָט אומבאַדינגט באַדאַרפט געשפּילט ווערן פון אַ יונגן־מאַן.

אַקסלראָד קוקט זיך אום. אַט כאַפּט ער אַ קוק אויף לאַגערן, אַט אויף מארינאָוון און אַט מעסט ער מיך אָפּ פון אויבן ביז אַראָפּ און ענדלעך גיט ער אַ פרעג: — זאָגט מיר, איך בעט אייך, — ווי אַלט קאָן זיין די דאָזיקע טרופּע?...

דער טרויעריקער וויץ האָט אַרויסגערופן אַ מאָמענטאַנעם שמייכל, אָבער באַלד זיינען מיר צוריק אַריין אין ערנסט און נישט האָבנדיק וועמען צו געבן אַ יונגע ראָלע, האָט ער אונדז מושטירט און צוגעפּאַסט די ראָלן לויט אונדזערע פיגורן און ווייל די אַנדערע האָבן שוין געהאַט נישטקשהדיקע באַלעבאַטישע בייכלעך, האָט ער געלייגט די האַנט אויף מיר און מיך אויסגעקליבן פאַר דעם יונגענמאַנטשיק, אַז איך זאָל שפּילן דעם חתן אין פראַק־אַנצוג, צו וועמען מען שטעלט צו אַ יונג מיידל אין אַ חופּה־קלייד, זי זאָל זיין מיין כלה...

איך האָב זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון דער ראָל, אָבער עס איז דאָך פאַרט נישט געווען קיין אַנדערער און איך האָב געמוזט אָנגיין מיט דער אַרבעט, ביז עס האָט זיך דערעפנט דער „אָלימפּאַ”־טעאַטער און איך האָב זיך קוים איינגעבעטן בא מארינאָוון, אַז ער זאָל מיך באַפרייען פון אָפּמאַך, ווייל איך פיל זיך דאָ נישט גוט און ער האָט מיר צוליב גע־טאָן, און מען האָט מיך באַלד אויפגענומען אין „אָלימפּאַ”.

דער סעזאָן אין „אָלימפּאַ” איז דערעפנט געוואָרן מיט די געסט — לואיס קרעמער, באַרים אויערבאַך און ראָזאַ וואַלערשטיין, מיט דער כאַ־ראַקטער־שוישפּילערין נעטי האָפּמאַן.

די געסט האָבן אָנגעהויבן מיט דער פּיעסע „די דריי כלות", אין וועלכער איך האָב געהאַט אַ ראָל, וואָס האָט מיר געגעבן אַ געלעגנהייט, אַז איך זאָל זיך אויסצייכענען נישט ווייניקער פון די אַמעריקאַנער געסט.

לואיס קרעמער האָט אויפגעפירט פאַרשידענע פּיעסן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען בערקאָוויטשעס „מאָשקע חזיר" און ש. אַשס „מאָטקע גנב", ראָלן וועלכע האָבן קרעמערן דווקא נישט אַזוי געפּאַסט, דערפאַר האָט ער אָבער אויסערגעוויינלעך געגלאַנצט אין דער ראָל פון אַ קאַרגן ליטוואַק, אין דער מעלאָדראַמע „ניויאָרק ביינאַכט". ער האָט דעם טיפּ אַזוי קינסטלעריש כאַראַקטעריזירט און אַזוי פיין, מיט אַזויפיל קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט אינטערפּרעטירט, אַז עס איז נאָר געווען צו באַדויערן, וואָס אַ קינסטלער גיט אַוועק אַזויפיל נשמה און שעפערישקייט פאַר אַ ווערטלאָזער מאַכערייקע...

די געשעפטן זיינען אַפילו געווען גאַנץ גוטע, נאָר דער אונטערנעמער א. מידע, האָט זיך עפּעס צעקריגט מיט זיינע געסט און אַזוי ווי אין עקסעלסיאָר האָבן שוין דעמאָלט אַקטואירט יאָזעף שיינגאָלד מיט זיין פרוי און זיי האָבן זיך אויך אין עקסעלסיאָר צעקריגט, האָט מידע געמאַכט אַ קאָמבינאַציע און פאַרענדיקט אַף שנעל מיט זיינע געסט און אַריינגענומען שיינגאָלד מיט זיין פרוי.

שיינגאָלד האָט נאָך געהאַט צו פאַרבלייבן אַ קורצע צייט און איך האָב אָנגעהויבן צורעדן מידען, ער זאָל ברענגען דעם גאָט-געבענטשטן זינגער יצחק דייטש.

כאָטש די פריינטשאַפט צווישן מיר און יצחק דייטש, איז שוין היפּשלעך געהאַט אָפּגעקילט געוואָרן, האָט זי זיך אָבער צוריק דערוואָרימט, ווען דייטש האָט מיר אָנגעהויבן שרייבן זיינע בריוולעך און די דערמאָנונגען אָן אונדזער אַמאָליקער פריינטשאַפט, האָבן געווירקט אַף מיר, אַז איך זאָל עפּעס טאָן פאַר אים.

איך האָב מידען נישט געגעבן קיין רו. איך האָב דייטשן פאַרגעשטעלט אַלס אַ אידישן קאַרוזאָ און איך האָב אים רעקאָמענדירט מיט דער הונדערט-פּראָצענטיקער זיכערקייט, אַז יצחק דייטש, וועט מיט זיין מתיקותדיקן זינגען, דעראָבערן די הערצער פון דעם היגן אידישן טעאַטער-עולם.

גרויס איז אָבער געווען מיין אַנטוישונג, ווען דייטש איז אָנגעקומען און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אַלס דעבוט-פּיעסע גייט ער אויפירן די אָפּגעריבענע אַלטפּרענקישע מאַכערייקע „דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט". מיין אַנטוישונג איז געווען גרויס, ווייל עס האָט מיר נישט געקאַנט איינפאַלן, אַז יצחק דייטש וועט גיין אויסשמידן זיין גורל אין דער נייער וועלט, אין דעם ווייטן לאַנד, מיט אַזאַ מין אָפּגעריבענער פּיעסע, אין וועלכער איך



ב. פּאַלעפּאַדע צייכנט זיך אויסערגעוויינלעך אויס אין
דער ראָל אַלס „ק ב ר ן״ אין דער גרויסער אויפי־
רונג פון „י אָ ש ע ק א ל ב״, אונטער דער רעזשי
פון מ א ר י ס ש וו א ר ץ.

## אַ צווייטע פּאָזע



פון ב. פּאַלעפּאַדע אין דער קונסט-ראָל אַלס „קברן" פון „יאָשע קאַלב", אויפגעפירט פון מאָריס שוואַרץ אין טעאַטער „קאָליסעאָ" אין ב. איירעס, 1933.

האָב אין פּאַרויס געזען זיין זיכערן דורכפאַל.

אויך מידען איז נישט געפעלן דייטשס אַפּקליוב פאַר זיין דעבוט און ער האָט רעאַגירט אַף זיין אופן, דורך אָנהויבן באַלד די רעקלאַמעס פאַר לעאַניד סאָקאָלאָוו, וועלכער האָט באַדאַרפט קומען ערשט נאָך דייטשס גאַסטראָלן.

מיין זיכערקייט, אַז דייטש וועט דאָ האָבן אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג, האָט דערליטן אַ גרויסע אַנטוישונג. עס האָט נישט געהאָלפן דייטשס זיסע פּיאַנאָ־זינגען, נישט זיינע מייסטערהאַפטע קרעשצענדאָס און נישט אַלע זיינע וויברירנדיקע נשמהדיקע סענטימענטן, יצחק דייטש האָט גע־ליטן אַ מוראַדיקן דורכפאַל און קיינער נישט ווי איך, האָט מיטגעפילט דעם טיפן צער פון דעם דורכגעפאַלענעם סובטעלן קינסטלער און איך בין אים דאָ אין זיינע שווערע טעג, בייגעשטאַנען מיט ראָט און טאָט.

מיטן אָנקומען פון לעאָניד סאָקאָלאָוו, האָט דייטש געמוזט אויפהערן שפּילן און איך, וואָס איך האָב אַזויפיל געהאָלפן אַז ער זאָל קומען קיין אַרגענטינע, האָב געפילט אַף זיך אַ חוב צו אים און איך האָב זיך אַרומגע־פירט מיט אים, איך האָב געזוכט אים צו פאַרהאַנדלען פאַר אַן אַנדערע טרופּע און דעם ערשטן אָפּשניט האָב איך באַקומען פון צוקערמאַנען, דעם דעמאָלטיקן אַדמיניסטראַטאָר פון טעאַטער „אַמבו".

— וואָס ווילט איר פון מיר? ער איז דאָך דורכגעפאַלן אין אָלימפּאָ, — האָט צוקערמאַן געהאַט צו מיר טענות...

איך בין אַוועק צו ס י י מ א נ ע ן, דעם באַלעבאָס פון טעאַטער אַמבו, און אים האָב איך דווקא יאָ באַוויזן צו איבערצייגן און ער האָט אָפּגעמאַכט, אַז דייטש זאָל פאַר אַ נישט גרויסן פּראָצענט אויפטרעטן אין אַמבו, אין דעם אָפּערעטן־רעפּערטואַר, מיט אסתר פּערלמאַן בראש.

אין טעאַטער „אַמבו" האָט זיך יצחק דייטש שנעל רעהאַביליטירט. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגלאַנצן מיט זיינע ראָלן און באַלד האָט זיך נאָך געמאַכט, אַז ער האָט אויפגעפירט די אָפּערעטע „רומענישע חתונה", אין וועלכער עס איז אַריינגעפּאַסט געוואָרן אַ ליד פון מ. געבירטיק, מיטן נאָמען „קינדער יאָרן" און ער האָט מיט דעם ליד אַזוי שטאַרק אויסגע־נומען. אַז די פּיעסע איז געגאַנגען אַ לאַנגע צייט מיט גאָר גרויסע איי־נאַמעס און יצחק דייטש איז געוואָרן באַרימט און די זעלבע אָפּערעטע וואָלט נאָך געווען געקאָנט גיין און גיין, ווען דאָס טעאַטער זאָל נישט געווען האָבן אָפּגעמאַכט פריער מיט רודאָלף זאַסלאַווסקי, וועלכער איז געקומען און אַרויסגעשטופּט די אָפּערעטע מיט יצחק דייטשן פון טעאַ־טער אַמבו.

רודאָלף זאַסלאַווסקי, האָט מיט זיין „טביה דעם מילכיקן" זייער שטאַרק אויסגענומען, אָבער די אַנדערע פּיעסן זיינע, וועלכע זיינען טאַקע

אויפגעפירט געוואָרן אַף אַ פיינעם קינסטלערישן אופן, זיינען זיי אָבער נישט געווען צוגענגלעך פאַר דעם עולם וואָס פלעגט באַזוכן דעם אַמבו־טעאַטער און יצחק דייטש האָט געמוזט צוקוקן, ווי זאַסלאַווסקי שפּילט פאַר ליידיקע בענקלעך אין דעמזעלבן טעאַטער, וואו ער, דייטש, וואָלט געקאָנט שפּילן זיינע אָפּערעטעס פאַר פולגעפּאַקטע סאַלאָנען.

אויך אין אָלימפּאַ האָבן זיך געענדיקט די גאַסטשפּילן פון ל. סאַקאַ־לאָוו און דאָס טעאַטער האָט זיך פאַרמאַכט און חוץ פון עקסעלסיאָר, וועלכעס האָט נאָך אָנגעהאַלטן מיטן סעזאָן, זיינען די אַקטיאָרן פון די אַנדערע טעאַטערס ארומגעגאַנגען שלינגזאַון־שלאַנג, ביז יצחק דייטש האָט מיט אונדז אָרגאַניזירט אַ טרופּע און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אַף דער פּראָווינץ.

זעענדיק, אַז עס האָט זיך פאַרמירט איין טרופּע, האָבן זיך אויך אַנ־דערע גענומען אָרגאַניזירן און עס איז באַלד געוואָרן אַ צווייטע טרופּע מיט ל. סאַקאַלאָוון בראש און צוויי טרופּעס האָבן זיך גלייכצייטיק ארוים־געלאָזן אַף דערזעלבער פּראָווינץ־ליניע און אידן פון דער פּראָווינץ, האָבן נישט געוואוסט פאַר וועמען פון די צוויי טרופּעס צו באַהאַלטן די אַף דער פּראָווינץ קאַרגע סענטן...

אונדזער טרופּע האָט דורכגעמאַכט דעם „פּראָווינץ־מאַנעוור” אין די ברענענדיקע היצן, פאַרנדיק פון שטאָט צו שטעטל און אין די קלענערע שטעטלעך, איז דאָך גאָר געווען אַ מחיה, ווייל מען קאָן ארומגיין כמעט נאַקעט און מען דאַרף נישט דעם קאָלנער, וואָס וואָלט אונדז פשוט דער־שטיקט. מען גייט זיך ארום אין אַ פּידזשאַמע און שטעק־שיך, אַזוי ווי די שטעטלשע באַלעבאַטים און באַנאַכט, גייט מען אריין אין די אָנגע־גליטע גאַלפאַנעס און מען שפּרייט אַ ביסעלע קונסט...

סוף כל סוף, ווי געוויינלעך, מיט גרעסערע אָדער קלענערע פאַרדינסטן, אָדער צומאָל גאָר מיט אַ דעפיציט, מוז מען זיך דאָך אומקערן אין דער הויפּטשטאָט, און אַט זיינען מיר שוין ווידער אין בוענאָס איירעס, מיר זיצן שוין ווידער אין די קאַפע־הייזער אין גרופּקעס, מען קיבעצט זיך און מען זאָגט זיך וויצן און מען דערציילט זיך אַנעקדאָטן און פאַרשידענע טעאַטער־עפּיזאָדן און עס פעלן אויך נישט קיין רכילותלעך און אַ וואָרט מיט אַ וואָרט, ווערט אַ קריגעריי און מען הויבט זיך אָן זידלען און זיי־טיקע מענטשן זעען און הערן און זיי טראַכטן זיך: — אָט דאָס זיינען די אידישע אַקטיאָרן!...

עס האָט שוין אַפילו עקזיסטירט אַן אַקטיאָרן פאַריין, אָבער אין אַן אומגליקלעכער שעה איז ער געבוירן געוואָרן און מען האָט אים באַלד נאָך זיין געבורט געזוכט צו צעשטערן סיי פון אינעווייניקסטע שונאים

זוי פון דרויסנדיקע, וועלכע האָבן געהאַט אַן אינטערעס, אונטערצוגראָבן די עקזיסטענץ פון פאַריין.

אַ גרויסן רושם האָט דעמאָלט געמאַכט די אונטערנעמונג פון פאַריין, וועלכער האָט דורכגעפירט אַ גרויסן גאָלדפאַדן־אָוונט, מיט דער באַטיי־ליקונג פון דער גאַנצער אַקטיאָרן־משפחה. דער עולם האָט זיך וואָרים אָפּגערופן, דער טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט און די הכנסה איז גע־ווען אַ גרויסע און די פאַרוואַלטונג האָט געהאַט אַרבעט, אַ סך מיטגלי־דער האָבן געליטן נויט און מען האָט באַדאַרפט העלפן און אויך גאַסט־ראָליאָרן וואָס זיינען דורכגעפאַלן, האָט מען באַדאַרפט העלפן, זיי זאָלן האָבן אויף הוצאות אָוועקצופאָרן פונוואַנען זיי זיינען געקומען... און דאָך, טראָץ די אַלע שיינע אַרבעטן, האָט דער פאַריין נישט לאַנג עקזיסטירט.

מען האָט אַזוי לאַנג אונטערגעגראָבן זיין עקזיסטענץ סיי פון אינע־ווייניק ווי פון דרויסן, ביז ער איז צעשטערט געוואָרן און עס איז אַפילו נישט געבליבן קיין זכר נאָך אים...

אָבער דערווייל, האָט נאָך דער פאַריין עקזיסטירט און לויט זיינע רעגלאַמענטן זיינען געשלאָסן געוואָרן די אָפּמאַכן און עס האָבן זיך פאַר־מירט טרופּעס פאַר דריי טעאַטערס.

מידע האָט ווידער באַקומען דעם „אָלימפּאָ", סיימאָן האָט ווייטער געהאַלטן דעם אַמבו און דעם מיוחסדיקן „עקסעלסיאָר" האָט באַקומען מאָרים אַקסלראַד.

אַקסלראַד איז געוואָרן דער דירעקטאָר פון טעאַטער און מאַרינאָוו האָט ווייטער געפירט די אַדמיניסטראַציע און מאַרינאָוו האָט מיך אנגאַ־זשירט און באַלד האָבן זיך אַלע דריי טעאַטערס דערעפנט מיט פאַרשי־דענע סטאַר־געסט, אָבער אין דעם סעזאָן, האָט זיך דער עקסעלסיאָר געשטעלט העכער פון די אַנדערע טעאַטערס, באַצייענדיג פון דייטשלאַנד אַ אידישן אָפּערן־זינגער, וועלכער האָט דאָ באַדאַרפט ווערן דער אָפּע־רעטן־שוישפּילער.

דער אָפּערן־זינגער ז ש א ב י נ ס ק י, האָט צוגעגרייט אַן אָפּע־רעטן־אויפירונג מיט אַ גאָר גרויסן אייראָפּעאישן פאַרנעם, ער האָט אויפ־געפירט די וועלטלעכע אָפּערעטע „דער לעצטער וואַלצער" פון ק א ל־מ א נ ע ן, און עס איז באמת געווען אַ נחת פאַרן פיינפילנדיקן טעאַטער־ליבהאָבער צו הערן אַפילו בלויז די פּרעכטיקע מוזיק, צום באַדויערן, איז אָבער די אויפירונג דורכגעפאַלן, ווייל צו פיין איז זי געווען און דעריבער נישט צוגענגלעך פאַר די ברייטערע קרייזן פון אידישע טעאַטער־באַזוכער.

דורכגעפאַלן דער פיינער פּרואוו, האָט אַקסלראַד אָנגעהויבן „קיניגן" אויף זיין אופן; ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיינע אַרכיוון דעם אַלט־פרענ־

קישן רעפּערטואַר און ער אַליין האָט זיך גענומען די רעזשי, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט אַף אַ ווילדן אופן, ער האָט געזידלט און געשריגן און געשאָלטן און ווי איז געווען צו דעם שוישפּילער פון טרופּע, אַף וועמען אַקסלראָד האָט געטראָגן אַ בייז האַרץ..

איינמאָל, בעת אַ פּראָבע, האָט זיך מאַרים אַקסלראָד פּלוצלינג אָן אַ פּאַרוואָס, גענומען שרייען און זידלען און ביי דער געלעגנהייט, האָט ער אָנגעהויבן זידלען אויך דעם אַקטיאָרן פאַריין מיט די ערגסטע זלזולים און דעמאָלט, האָב איך, אַלס דעלעגאַט פון פאַריין, אָפּגעשטעלט דעם דירעקטאָר און אָנגעהויבן נאָך העכער שרייען און אים צורעכט־ווייזן, אַז ער האָט נישט קיין רעכט צו זידלען אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אַלע חברים האָבן זיך דערשראָקן און זיי האָבן זיך אָפּגערוקט יעדער אין אַן אַנדער ווינקל, ריכטנדיק זיך, אַז דער סקאַנדאַל וועט זיך נאָך פאַר־גרעסערן. געווען איז עס אָבער אַנדערש. אַקסלראָד איז שטיל געוואָרן; ער איז געווען ווייס ווי קאַלך און ממש געשטאַנען אַ ציטערנדיקער און ענדלעך, נאָך אַ ווײַלע, קומט ער צו און פרעגט מיך: — סעניאָר פּאַלע־פּאַדע, קאָן מען פאָרזעצן די פּראָבע?

— יאָ, הער אַקסלראָד, מען קאָן פאָרזעצן די פּראָבע; — האָב איך מיטן זעלבן טאָן אָפּגעענטפערט.

דאָס איז געווען דער כוח פון אַקטיאָרן פאַריין, וואָס האָט מיך גע־שטאַרקט, צו קענען אָפּשטעלן די אומגערעכטע זידלערייען פון אַ די־רעקטאָר.

ווידער האָט זיך דער סעזאָן געענדיקט און ווידער איז געקומען די סדרה — פּראָווינץ־שטעט און שטעטלעך, נאָר דאָסמאָל האָבן מיר גע־האַט אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע רייזע מיט מינאַ אַקסלראָד בראש, די דערפאָלגן זיינען געווען אַ סך גרעסער ווי מיר האָבן געקאָנט דערוואַרטן און געזעטיקט מיט דעם מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג, האָבן מיר זיך ווידער אומגעקערט אין הויפּטשטאָט און צוריק אַרויפגע־צויגן אַף זיך די שטאָטישע האַרטע קעלנער און קראַוואַטן — ציוויליזאַציע...

נאָך איינזעלבן טאָג פון אונדזער אָנקומען אין ב. איירעס, האָב איך געהערט, אַז די אַקטיאָרן זיינען זיך צעפאַרן; די אַלימפּאַ און די אַמבאַ־סאַדאָרס זיינען אַוועק אין אַנדערע פּראָווינצן און עס איז נישטאָ מיט וועמען צו ריידן וועגן געשעפט, מען מוז וואַרטן, ביז די פאַראינטערעסירטע געשעפט־פירער און אונטערנעמער וועלן לאָזן הערן זייער וואָרט.

# אַכטאונפערציקסטער קאַפּיטל

א הייליקע בשורה פאַר מיר, מאַרעווסקי קומט! — אַברהם מאַרעווסקי אַלס רעזשיסאַר און אַקטיאָר. — צילי טעקס אַלס „קאַנסועלאַ”. — די פּרייד פון שפּילן קונסט־טעאַטער. — לעאָניד סאַקאַלאָוו און גנעסיאַ גינינאַ. — גינינאַ אַלס „ציפּקע פייער” און אַדאָלף שטרייטמאַן אַלס „כאַצקעלע כל־בוניק”. — אַ „באַמבע” וואָס האָט נישט געבאַמבעט. — יאָזעף שיינגאָלד מיט אַן אויסלענדישער טרופּע. — סאַמבערג, דער פאָלקס־אַקטיאָר. — פינף סטאַרן מיטאַמאָל. — „גייט אַראָפּ פון דער בינע, ווייל איר ברענט מיר אומזיסט די עלעקטריק...” — מיר פאַרן קיין טשילע.

די איבערלעבענישן אין משך פון עטלעכע יאָר אין אידישן טעאַטער אין אַרגענטינע, האָבן געווירקט שעדלעך אויף מיין עמפּינדלעכקייט פאַר בעסערן רעפּערטואַר, ווייל פאַרשידנאַרטיק איז דאָ געווען דער זיג־זאַג־וועג פון אידישן טעאַטער רעפּערטואַר און איך האָב געמוזט אין אַלעם מיט־טאַנצן אין רעדל; פונדעסטוועגן, אין איינזאַמע מינוטן, ווען איך האָב זיך אַריינגעטראַכט אין מיין לעבן אויף יענער זייט ים, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ בענקעניש נאָך דעם שענערן און בעסערן פון אידישן טעאַטער און איך האָב אין האַרצן געהאָפט, אַז עס זאָל נאָך קומען אַ שטיקל צייט, ווען איך וועל ווידער קענען שפּילן טעאַטער, אַזוי ווי איך האָב געשפּילט אין די גאָלדענע צוויי יאָר אין וואַרשעווער צענטראַל־טעאַטער.

און מיין האַרציק געבעט איז באַפרידיקט געוואָרן.

ווי אַ גרויסע און הייליקע בשורה, איז פאַר מיר געווען די ידיעה, אַז מידע ברענגט אַריבער דעם קינסטלער א. מאַרעווסקי און איך האָב נאָר מורא געהאַט, אַז מידע, וועלכער איז אויף מיר זייט אַ צייט געווען ברוגז, ער זאָל מיך נאָר נישט בראַקירן דערפאַר.

מידע האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיטן רוגז, ער האָט מיך געלאָזט רופן און מיך אַנגאַזשירט און געציילטע טעג שפּעטער, איז מאַרעווסקי מיט אונדז צוגעטראָטן צו דער ערשטער פּראָבע.

די דעבוט־פּיעסע איז געווען „שמאַטעס” פון ה. ליוויק.

אַברהם מאַרעווסקי האָט אַרויסגעוויזן אַן אוצר מיט געדולד, באַם איינשטודירן די ראָלן מיט דעם טיפזיניקן אינהאַלט פון ליוויקס פּיעסע.

ער איז נישט מיד געוואָרן קנעלנדיק מיט אַן אַקטיאָר, וואָס איז אַלעמאָל גענויגט געווען און אַריינגעטאָן געווען אין דער מאַכערייקע, ביז ער האָט פון אים אַרויסבאַקומען דעם מאַקסימום פאַרשטענדעניש פאַר דער ראָל פון לייוויקס פּיעסע.

מאַרעוווסקי האָט נישט ווי די אַמעריקאַנער סטאַרס, געזוכט בלויז אַליין אויסצונעמען און דערמיט שווין זיין צופרידן; ער האָט געאַרבעט שווער און אומדערמידלעך, אַז אַלע ראַליסטן זאָלן אויסנעמען און עס זאָל אַרויס אַ גאַנצקייט פון אַן איינהייטלעך אויסגעאַרבעטן ספּעקטאַקל.

דאַסמאָל, האָט מידע געהאַט דעם טעאַטער אַמבו און ער האָט דאָס מאָל אויך געהאַט אַ ספּעציעלע טרופּע וואָס האָט זיך אין גרויסן רוב געפּאַסט פאַר בעסער טעאַטער.

זינאַ ראַפּעל מיט איר טאָכטער צילי טעקס, זיינען געווען די הויפּט פון די פּרויען און אונטער מאַרעוווסקים רעזשי, האָט זיך צילי אַרויסגע־וויזן אַלס אויסגעצייכנטע אַקטריסע פאַרן בעסערן רעפּערטואַר און זי האָט אויסערגעוויינלעך אויסגענומען אין אַלע ראָלן און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי צאַרט און ווי שיין צילי האָט אינטערפּרעטירט די ראָל „קאַנסועלאָ” אין אַנדרעיעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש”.

אויך אין אַנסקים „דיבוק”, האָט צילי זיך אויסגעצייכנט אַלס „לאה” און עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס צילי האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייטן צו בלייבן באַם דראַמאַטישן זשאַנר פון בעסערן רעפּערטואַר, וואו זי האָט געקאָנט מיט איר טאַלאַנט פיל מער דערגרייכן, ווי אַלס סוברעטן אין דעם געמישטן דורכשניטלעכן רעפּערטואַר, וואָס האָט דעם ביליקן וואוינאַרט אין אידישן טעאַטער...

אונטער מאַרעוווסקים רעזשי האָבן מיר געמוזט זייער שווער אַר־בעטן. עס האָט אָפט געטראָפן, אַז פּראָבן האָבן זיך פאַרצויגן אַזוי שפּעט, אַז מיר האָבן גלייך געמוזט גיין אין גאַרדעראָב, זיך צוגרייטן צום טעג־לעכן אויפטריט; אָבער ליב און טייער איז אונדז געווען די אַרבעט און שווער זיינען מיר בלויז געווען די מינוטן, ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אָט אָט, און מאַרעוווסקים גאַסטראָלן וועלן זיך באַלד ענדיקן און מיר וועלן אוודאי, ווי געוויינלעך, ווידער אַריינפאַלן אין דעם דורכשניטלעכן מאַכערייקע-רעפּערטואַר, וואָס וועט שנעל פאַרווישן די שיינע שפּורן וואָס דער דערהויבנדיקער קינסטלער וועט אונדז האָבן איבערגעלאָזן.

און אַזוי איז עס געווען. מאַרעוווסקי האָט פאַרענדיקט און אַנדערע געסט זיינען געקומען, געסט פון פאַרשידענע מינים, אָט איז געקומען סאַקאָלאָוו מיט נינאַ און באַלד דערויף איז געקומען אַדאָלף שטרייטמאַן און אויב סאַקאָלאָוו האָט געשפּילט פּיעסן פון רוסישע מחברים, איז די נינאַ אויפגעטראָטן מיט איר טעמפּעראַמענטפולער „ציפּקע פייער” און

שטרייטמאן האט באלד ארייגעטאנצט מיט זיין „כאצקעלע כל-בוניק" און אזוי האט מען געמישט דעם רעפערטואר ווי מיט א גרויסן קאך-לעפל אין א גרויסן טאפ און פלוצלינג, אין א שיינעם פרימארגן, ווען מיר זיינען געקומען אין טעאטער צו פראבע, זעען מיר אין פאיע א גרויסן טאוול, אף וועלכן עס איז אויסגעמאלן א גרויסע באמבע וואס רייסט אויף און דער באמבע-אויפרייס זאגט אן דעם אידישן עולם, אז עס קומט א קאמיקער, א פארשלעפטע קרענק, דאס איז דער בארימטער סטאר-קאמיקער פון ניויארק — ר א ז ע נ פ ע ל ד.

די „באמבע" מיט דעם נארישן פנים איז ענדלעך געקומען און זעענדיק אים כסדר שמייכלען, האב איך גערעכנט, ווייס איך? אז ער שמייכלט, אפשר וועלן די געשעפטן ביי אונדז אין טעאטער אויך שמייכלען...

ראזענפעלד האט געבראכט מיט זיך א גרויסן קאסטן מיט פיעסן און שמייכלענדיק האט ער זיך גענומען צו פראבע מיט דער ערשטער דעבוט-פיעסע, וועלכע ער האט געקרוינט מיט דעם נאמען „דעם טאטנס זונדל", אבער הערנדיק פארלייענען די פיעסע, האב איך אין איר נישט געזען נישט קיין טאטן און נישט קיין זונדל; דאס איז געווען א פיעסע מאבעריקע, א ממזר, אפשר פון הונדערט פארפאסערישע טאטעס און דער גאסט, די „באמבע" האט אין איר געשפילט די ראל פון א מאטראס, וועלכער האלט אין איין טאנצן און צום אומגליק האט ראזענפעלד נישט געקאנט אזוי גוט טאנצן, נאר ווייזט אויס, אז די „באמבע" האט גע-מיינט. אז אין בוענאס איירעסער אידישן טעאטער האט מען נאך נישט געזען טאנצן קיין מאטראזן-טאנץ...

דער בראך איז געווען א פארזיגלטער. כאטש עס האבן צו דער פרעמיערע נישט געפעלט קיין נייגעריקע און די „פראפעסיאנעלע בראוואפאטשערס" האבן אים נאך יעדן נומער „שטורמיש אפלאדירט", האט עס נישט געהאלפן; עס האט אפילו נישט געהאלפן דעם „באמבעס" וויי-טערדיקע שמייכלען און זיין אנעמען די באצאלטע „בראוואס" פאר א גרויסן סוקצעס, שוין אפצומארגנס נאך דער דעבוט-פארשטעלונג איז דער טעאטער געווען ליידיק און נאך א קורצן אטעם, האט די „באמבע" אף אן אמת געפלאצט, צוזאמען מיט דעם טעאטער אמבו, וועלכער האט זיך געמוזט פארמאכן.

די „באמבע" ראזענפעלד האט צוגעהאלפן, אז אונדזערע אקטיארן זאלן קענען שנעלער ווערן ליידיק-גייער; ווידער קאפע און ווידער קיבעץ און רכילות און ווידער דערמאנט מען זיך, אז מען דארף פרנסה און מען גרופירט זיך און עס ווערט א טרופע און מען פארט ארויס אף דער פראווינץ און מען ווערט פארוויסט פון שטויב און פארשווארצט פון די געשעפטן, ביז מען קומט קוים לעבעדיק צוריק קיין בוענאס איירעס און

מען הויבט זיך אָן אפּסניי צו קהלן וועגן אַ נייעם טעאַטער־סעזאָן.

דער נייער סעזאָן, האָט באַלד פון אָנהויב, נאָך באַם גרייטן זיך צו אים, זייער טרויעריק אַנטקעגנגעשמייכלט צו די היגע אידישע אַקטיאָרן.

עס האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ אין די צייטונגען, אַז מען האָט גע־דונגען דעם טעאַטער „ארגענטינע", אין וועלכן עס וועט אַקטואירן דער באַריממטער קינסטלער י אָ ז ע ף ש י י נ ג אַ ל ד, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער אויסלענדישער טרופּע.

און דאַסמאָל, האָט דער נאָטיץ דווקא געשטימט מיט דער ווירקלעכ־קייט. יאָזעף שיינגאָלד איז געקומען און דער שיינער טעאַטער „ארגענ־טינע" איז דערעפנט געוואָרן מיט אַ סך פּאָמפּע און אָף דער בינע האָבן זיך טאַקע געוויזן בלויז נייע פּנימער און לאָמיך דאָ פאַרזיכערן, אַז איך בין געווען באַ איין פאָרשטעלונג און דווקא געזען שפּילן זייער שיין טעאַ־טער, נאָר וואָס דען? — פאַר ליידיקע בענקלעך.

די נייע פּנימער האָבן נישט געווינען די סימפּאַטיע פון היגן עולם און די עמפּרעסאָס האָט זיך געזען פאַר אַן אָפּגרונט און געזוכט צו פאַר־וואַנדלען די טרופּע אין אַ קאָלעקטיוו, אָבער די אַקטיאָרן האָבן זיך נישט געלאָזן, זיי האָבן אַרויסגעשטויסן די נעבעכדיקע אונטערנעמער און אַליין געשלאָסן צווישן זיך אַ קאָלעקטיוו אָפּמאַך און דאָס ביסעל מזל האָט זיי צוגעשפּילט, זיי האָבן באַקומען אַלס גאַסט די וואָדעוויל־אַקטריסע נעלי קעסמאַן און זיי האָבן מיט איר געמאַכט אויסערגעוויינלעך גוטע געשעפטן.

איך, וואָס איך האָב שוין נאָך די געציילטע עטלעכע יאָר זיין אין אַרגענטינע, געהייסן אַ היגער תושב, בין נישט געווען צווישן די נייע פּנימער אין „אַרגענטינע" און עס איז מיר באַשערט געווען זיך אָפּצו־פרישן אין דעם סעזאָן, מיט שפּילן אָפן אַלט־היימישן שטייגער אונטער דער רעזשי פון יצחק סאַמבערג אין טעאַטער „אָלימפּאָ".

אַדאָלף מידע האָט געבראַכט סאַמבערגן פון וואַרשע און כאָטש איך האָב שוין געוואוסט, אַז די אַלע אַקטיאָרן וואָס קומען מכלומרשט מיט דער „ציצה פון קונסט" פון פאָרנט, מיינען אינדעראמתן נישט מער, ווי די אַרגענטינער פּעזעס, פונדעסטוועגן, איז עס פאַר מיר געווען אַ גרויסע אָפּפרישונג.

סאַמבערג איז אַנאָנסירט געוואָרן אַלס „פאָלקס־אַקטיאָר" און ער האָט פאַרדינט דעם דאָזיקן טיטל. מיט זיין טעמפּעראַמענט און קרעפּ־טיקן טעמבר, האָט ער באַהערשט דעם עולם און אַדאָלף מידע האָט זיך מיט זיינע גאַסטראָלן נישט אָפּגענאַרט.

אָבער ווי געוויינלעך, צוליב דעם איינגעפירטן סטאַר־סיסטעם, האָט זיך אַזאַ גאַסט נישט געקאָנט לאַנג האַלטן און אַבי אָפּגעשפּילט די צען אָדער צוועלף וואָכן, איז ער שוין געוואָרן אויס סטאַר און מען האָט שוין

געמוזט זוכן א נייעם און באלד זיינען געקומען די גוטנטאגס, מידע האט זיי גרוים אנאנסירט, אבער די געשעפטן מיט זיי זיינען געווען קליינע; האט זיך מידע נישט איבערגעשראקן, נאר צו די צוויי, נאך צוגעבראכט נייע דריי סטארן, דאס זיינען געווען יצחק דייטש, אסתר פערלמאן און שמואל אירים.

מידע האט באקומען א אידן וואס האט געגעבן געלט אף שיפסקארטן פאר זיי, און דוכט זיך, אז די סטאר-געסט האבן קיינמאל נישט מער גע־האט דאס געלט פאר די שיפסקארטן אומצוקערן...

די פינף סטארן האבן געארבעט מיט א „קל וחומר", אז מאדאך איין סטאר, קאן אמאל פארטרייבן אן עולם פון טעאטער, קענען דאך פינף סטארן מיט אמאל פארטרייבן די אידן פון א גאנצער שטאט...

הכלל, עס איז אין אלימפא-טעאטער געווארן זייער ביטער און דער דירעקטאר האט אנגענומען א גאנץ פיינע טאקטיק, ער האט באשלאסן קיינעם נישט צו געבן קיין גראשן און אויב עס געפעלט עמיצן נישט, קאן מען זיך גיין געזונטערהייט...

די טרופע האט זיך געבונטעוועט און איך האב געטראכט, אז עס איז נישטא קיין אנדער אויסוועג, מען דארף „צומאכן דעם חדר", נאר דא איז אונטערגעקומען יצחק דייטש און אפעלירט צו אונדזער אלטער חבר־שאפט, איך זאל אים העלפן אין דער שווערער לאגע, ווייל ער וויל נישט, אז דער פרעסטיזש פון אסתר פערלמאן זאל ליידן, מען זאל נישט קענען זאגן אז זי האט פארמאכט א טעאטער...

נו, האט מען זיך געמוטשעט און ווייטער געשפילט לטובת אסתרס פרעסטיזש און מען האט כסדר שטודירט נייע אפערעטע־מאכערייקעס און צו יעדער פארשטעלונג האט אנגעהויבן פעלן אן אנדער מוזיקער, אדער א בינע-ארבעטער, ביז ענדלעך, מען האט איינגעזען, אז מען מוז זאגן — „סטאפ!", ווייטער גייט עס נישט.

זעענדיק, אז די טרופע „לייגט אוועק דאס געווער", האט דער די־רעקטאר א. מידע געזאגט אז ער האט א וויכטיקן פארשלאג פאר דער טרופע און ער האט אונדז אלעמען איינגעלאדן אף דער בינע, וואו ער איז ארויפגעקומען טאקע ווי אן אמתער ברויט-געבער און ער האט אונדז געמאכט דעם פארשלאג, אז מיר זאלן ווייטער אנגיין מיט דער ארבעט, אף קאאפעראטיווע יסודות.

די „שיף" אין אלימפא האט נישט געהאלטן פ א ר אונטערגאנג, נאר זי איז שוין געהאט אונטערגעגאנגען און עס איז מער נישט געווען וואס צו ראטעווען און מיר אלע האבן זיך אפגעזאגט פון מידעס פאר־שלאג.

— אויב אזוי, האט מידע אויסגערופן שוין מיט אן אנדער טאן: —

גייט אַראָפּ פון דער בינע, ווייל איר ברענט מיר אומזיסט אויס די עלעקט־רישע ליכט...

מיר האָבן געוואוסט און אָפּגעשאַצט די פאַרדינסטן פון א. מידע פאַר דעם היגן אידישן טעאַטער און מיר האָבן אים כסדר מוחל געווען אַ סך פון זיינע פעלערן אין נישט־פּאַסיקע אַרויסטריטן קעגן אַקטיאָרן, נאָר דאָסמאָל, האָט דער עזותדיקער אַרויסטריט זיינער, אונדז זייער שטאַרק געטראָפן.

מיר זיינען געווען אַ טרופּע פון אָנגעזעענע שוישפּילער; מארסעלאָ וויים, יצחק דייטש, זינאַ ראַפּעל, אסתר פּערלמאַן, שמואל אירים און מיין ווייניקייט, פאַר אַזאַ טרופּע, האָט אַפילו אַזאַ אימפּרעסאַר ווי אַדאָלף מידע, געמעגט אַרויסווייזן אַביסעלע מער רעספּעקט און דערפאַר זיינען מיר דעמאָלט ווי דעמאָנסטראַטיוו אַראָפּ פון דער בינע און מיט אויפגע־רעגטע און באַליידיקטע געמיטער זיינען מיר אַוועק פון טעאַטער.

האָט זיך אָפּסניי אָנגעהויבן פאַר אונדז די סדרה פון ליידיק־גיין.

יצחק דייטש לאָזט מיך נישט אָפּ אָף קיין מינוט. איך מוז, זאָגט ער, אין נאָמען פון אונדזער אַלטער פריינטשאַפט, זיין נאָר מיט אים און כאָטש מיר איז נישט געווען צום האַרצן אסתר פּערלמאַנס סטאַריזם און נישט איר רעפּערטואַר, פונדעסטוועגן האָט גובר געווען מיין אַלטע פריינט־שאַפט מיט יצחק דייטש און ווען ער האָט מיר פאָרגעלייגט זיין אויס־געאַרבעטן פּלאַן וועגן פאָרן קיין טשילע, בין איך מסכים און עס הייסט, אַז מיר גרייטן זיך שוין אין וועג אַריין.

יצחק דייטש האָט זיך דורכגעשריבן מיט טשילענער אידן און עס האָט געהייסן, אַז ער האָט שוין באַקומען זייער גוטע קאָנדיציעס, אַז מען שיקט פאַר אונדז אָף אַלע הוצאות, נאָך מיט אַ פאַרשום אָף אונדזערע פאַרדינסטן, נאָר דערווייל דויערט עס, עס פליען טעלעגראַמעס און מען דאַרף נאָך אַלץ וואַרטן און דערווייל כאַפּט מען זיך אַרוים אין עטלעכע פּראָווינץ־שטעט, וואו מען שפּילט מיט אסתר פּערלמאַן בראַש, איך שפּיל דעם קאָמיקער און עס איז מיר גרינג מיט די ביליקע וויצן צו מאַכן אַ גרויסן דערפאָלג און ענדלעך זיינען פון טשילע אָנגעקומען אַלע פאָר־מאַליטעטן, מיט געלט, און מיר לאָזן אָף הפקר אונדזערע וואוינונגען אין ב. איירעס, מיר געזעגענען זיך מיט פריינט און מיר לאָזן זיך איבער די הויכע קאָרדיליערן־בערג אין דער שכנישער מלוכה, וואָס הייסט טשילע.



# נײַנאונפערציקסטער קאַפּיטל

אין וואַגאָן צווייטן קלאַס. — שטויב, שטויב און שטויב. — דער שײנער וועג פון מענדאָסאַ ביז לאָס אַנדעס. — זכרונות פון דער אַלטער היים. — שניי־בערג און אייז־צעפּלער. — מען פאָרט מיט סכנות נפשות. — סאַנטיאַגאַ, די טשילענער הויפּטשטאָט. — נח וויטאַל און יעקב פּילאָווסקי. — דער סאַלאָן איז נאָך נישט פאַרטיק. אסתר פּערלמאַן סטאַרעוועט ביז זי ווערט הײזעריק. — איך שפּיל „טביה דעם מילכיקן" אין טשילע.

דער כמעט האַלבער וועג פון ב. איירעס ביז סאַנטיאַגאַ, די הויפּטשטאָט פון טשילע, איז די שטאָט מענדאָסאַ.

ביז מענדאָסאַ, שטעלט דער וועג מיט זיך גאָרנישט פאָר קיין אינטערעסאַנטעס, אויסער דער שטיקנדיקער שטויב, וואָס רײַסט זיך אַרײַן ממש דורך די ווענט פון וואַגאָן און שפּרייט זיך אויס און לייגט זיך אויף אונדזערע פּנימער און שפּרייט אַ נעפּל, אַז מיר דערקענען נישט איינער דעם אַנדערן.

דאָס איז געווען אַ שווערע נאַכט־רייזע אין באַן צווייטע קלאַס, וועלכע איז געווען פול־געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן (מיר זײַנען געפאָרן צווייטע קלאַס, ווײַל אין אַרגענטינע האָבן די באַנען נישט קיין דריטע קלאַס... פאַראַן בלויז ערשטע און צווייטע קלאַס) און די רייזע ביז מענדאָסאַ איז געווען אַ גרויסע אָפּקומעניש.

אין מענדאָסאַ האָבן מיר זיך באַדאַרפט איבערזעצן אין די קליינע וואַגאָנדלעך פון דעם צוג וואָס דאַרף אונדז פירן קיין טשילע. מיר זײַנען קוים אַרײַן אין דעם קליינעם וואַגאָנדל, וועלכעס איז שוין געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן און מיר האָבן יאַקאָש באַקומען פּלאַץ אויף די קליינע האַרטע בענקלעך און מיר פאָרן, מיט אונדזער סטאַר, אסתר פּערלמאַן בראש.

עס איז אפשר אַן עולה פון מײַן זײַט, וואָס איך זאָג אויס פון חדר, אַז אויך אונדזער „בראש" איז געפאָרן מיט אונדז אין צווייטן קלאַס, אָבער אַזוי ווי איך האָב זיך פאָרגענומען צו שרײַבן נאָר דעם אמת, מוז איך אויך דאָס שרײַבן.

יאָ, מיר זײַנען געפאָרן אַלע צוזאַמען אין וואַגאָן צווייטן קלאַס, אין

שטינקעניש און אין שטויב און עס האָט אונדז געפעלט עסן, ווייל דאָס ביסל עסן וואָס מיין פרוי האָט געהאַט מיטגענומען, האָבן מיר אַלע צו־זאַמען באַם פרישטיק אויפגעגעסן. פאָרן מיר, הייסט עס, הונגעריקע, אין אַ צווייט לאַנד, שפּרייטן אונדזער קונסט. אָבער ווער טראַכט פון עסן, וואָס באמת מאַכט אוים עסן? אַ מענטש דאַרף שטיין העכער דערפון, ווער שמועסט, אַז מען קאָן עס פאַרבייטן מיט באַוואונדערן די שיינקייט פון דער נאַטור, מיט די אַלע זעענסווירדיקייטן צווישן די קאַרדיליערן־בערג.

האָב איך זיך טאַקע אַוועקגעזעצט נעבן פענצטערל און ארויסגעקוקט אַף גאָטס שיינע וועלטל.

אַך, ווי שיין!

מיר פאָרן צווישן אַ גרויסער און ווייטער גאַלעריע פון פאַרשידנפאַר־ביקע און פאַרשידנפאַרמיקע בערג, וועלכע ליגן ווי צעוואָרפענע נישט סימעטרישע פּיראַמידן איבער דעם גאַנצן ווייטן שטח. פעלזנשטיינער פון עטלעכע הייזער־בלאָקן די גרוים און אַפּן רוקן פון דעם באַרג־אַרויף, ציען זיך נישעס ווי בית־עולם־געסלעך מיט מצבות וואָס די נאַטור האָט אַף אַ מייסטערהאַפטן אופן אויסגעשניצט און אויסגעהאַקט.

פּלוצלינג רוקט זיך אונטער אַ טונקעלער ריז און דאָס באַן־פענצטערל ווערט פאַרשטעלט פון אַ הויכער וואַנט, וואָס מען קאָן נישט אַרויסזען איר אויבערשטן טייל און אַ סך בערג, אַף וועלכע עס ליגט דער אייבי־קער שניי און פון דעם שניי יאָגט אָן אַזאַ קילע אנגענעמע לופט, וועלכע איך האָב שוין נישט געפילט, זייט איך האָב פאַרלאָזן מיינע אַלטע היימען אַף יענער זייט ים.

איך האָב נישט געקאָנט אָפּרייסן מיינע בליקן פון דער וואונדערבאַ־רער שיינער פּאַנאָראַמע, ביז מיר זיינען אריינגעפאָרן אין אַ טיפן טונעל. זייער אָפט האָט זיך אונדזער באַנדל דורכגעציליעט דורך פאַרשידענע טונעלן און אין מאַנכע טונעלן האָט מען געזען שפּאַרונעס, דורך וועלכע עס האָט זיך דורכגעריסן ליכט און איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דאָס זיינען נישט קיין טונעלן, נאָר אַזעלכע געפערלעכע פלעצער, וואָס זיינען פאַר־שטעלט מיט פעלזן־שטיינער, כדי מען זאָל נישט זען די טיפע אָפּגרונטן וואָס ליגן אויסגעשפּרייט האַרט נעבן דער באַן־ליניע.

איך האָב דערנאָך געהאַט אַ סימן, אַז ווען עס איז געוואָרן אינגאַנצן פינצטער, האָב איך געוואוסט, אַז מיר פאָרן דורך אַ טונעל און וואו איך האָב געזען די ליכטיקע שפּאַלטן, האָב איך געוואוסט, אַז מיר פאָרן פאַר־ביי געפערלעכע פלעצער איבער טיפע אָפּגרונטן. דאָס שפּילן און בייטן זיך פון די נאַטור־בילדער, האָט מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו די באַן האָט זיך גענומען רוקן באַם סאַמע ראַנד פון אַ טיפן אָפּגרונט און איך האָב זיך געפּרואווט וויצלען מיט די

חברים, אויסרופנדיק: — זעט נאַר, זעט, וואו אונדזער באַנדל פאַרגלוסט זיך דאָס צו פאָרן!... אָבער מיין וויץ איז פאַרגליווערט געוואָרן אף מיינע ליפּן, ווען איך האָב דערזען וואו מיר געפינען זיך אָט־אָט, פליענדיקע אין טיפן אָפּגרונט...

איך האָב געמוזט אוועקנעמען מיינע בליקן פון פענצטערל, ביז מיר זיינען געקומען אף אַן אַנדער וועג, וואו עס האָט געהערשט אַן אַבסאָ־לוטער אייראָפּעאישער ווינטער און מיר האָבן זיך אף שנעל געמוזט אָנ־טון די מאַנטלען.

מיר זיינען אריינגעפאָרן צווישן פאַרשנייטע בערג און אינדערמיט פון אַ שניי־זאַווערוכע, האָבן מיר געזען אַ קליינע באַן־סטאַנציע, וואָס פון דעקל האָבן אַראָפּגעהאַנגען לאַנגע קריסטאַלענע שניי־צעפּלעך, וועלכע האָבן מיר דערמאָנט אַן די ווינטער־טעג פון אונדזער קאַלאַניע גראַמאַקלעי, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען און איך האָב פון אונדזער שטרויענעם דעקל אַראָפּגעריסן די שניי־צעפּלעך און זיי אוועקגעלייגט אפן אויוון, אַז זיי זאָלן זיך אויסטריקענען...

די ווייטע געגנט אַרום און די קאַלטע ווינטער־לופט האָט מיר גע־בראַכט דעראינערונגען פון מיין אַמאָל און ווי אף אַ רויטן שנירל איבער דער ווייסער פאַרשנייטער געגנט, האָבן זיך דורכגעצויגן בילדער פון מיין נע־ונדנעם און האַרטן ליכטיקן אַקטיאָרישן לעבן...

עס איז שוין געווען טיפער אָוונט, ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דעם ערשטן טשילענער שטעטל ל אָ ס ־ א נ ד ע ס, וואו מען האָט אונדז רעוווידירט דעם באַגאַזש און דערנאָך האָט מען אונדז אריינגעזעצט אין אַ שיינער באַקוועמער באַן, וואָס עס איז נאָר געווען אַ שאָד, וואָס מיר זיינען אין איר אַזוי ווייניק געפאָרן, ווייל בלויז דריי שעה שפּעטער, זיינען מיר אָנגעקומען אין באַנהויף פון סאַנטיאַגאָ.

אפן באַנהויף אין סאַנטיאַגאָ, האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אונדזער אונ־טערנעמער הער קאַפּלון און די שרייבער נח וויטאַל און יעקב פּילאָווסקי און נאָך עטלעכע אומבאַקאַנטע און מען האָט אונדז באַלד אין אויטאָ־מאָבילן אַוועקגעפירט צו אונדזער אונטערנעמער און דאָרט האָט שוין אף אונדז געוואַרט אַ געדעקטער טיש און מיר אַלע האָבן זיך אַוועקגע־זעצט און עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעך אינטערע־סאַנטע סעודה.

כאָטש מענטשן וועלכע מיר האָבן געזען צום ערשטן מאָל, האָבן מיר זיך מאָדנע גוט געפילט אין דער נייער סביבה און עס האָבן זיך באַלד פאַרבונדן אינטערעסאַנטע שמועסן וועגן טעאַטער און קונסט און עס איז אונדז געווען אָנגענעם צו הערן די לויב־ווערטער פאַר אידישע אַקטיאָרן בכלל און וועגן אונדז בפרט.

נח וויטאַל טרינקט צו אונדז לחיים און ער רעדט וועגן זיין וואַכנ־בלאַט וואָס ער גיט אַרויס אין טשילע און ווי גוט עס איז זיין וואָכנבלאַט, האָט דערין געפעלט אַ וויכטיקער קולטורעל־דערציערישער אַפּטייל, דאָס איז — אידיש טעאַטער, וואָס איז אין טשילע נישט פאַראַן, און איצט, מיטן אָנקומען פון דער אַרטיסטן־טרופּע, וועט זיין וואָכנבלאַט שוין קענען ווערן קאָמפּלעט, מיט דער נייער וויכטיקער טעאַטער־אָפּטיילונג, און ער האָפט, אַז דאָס לעבעדיקע אידישע וואָרט וועט גיין האַנט אין האַנט מיט דעם געדרוקטן אידישן וואָרט, לטובת דער פּאָפּולאַריזירונג און אויפהאַל־טונג פון דער אידישער שפּראַך, קונסט און קולטור.

עס איז אונדז גוט אין טשילע. אַלץ שמייכלט אונדז אַנטקעגן. די טשילענער אידן האָבן געוואָרט אויף אונדז, זיי לעכצן נאָך אַ לעבעדיק אידיש וואָרט און מיר זיינען חשובע, אַנגעלייגטע געסט און עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס דער סאַלאָן פאַרן „סירקולאָ איזראַעליטאַ", וועלכער האַלט זיך אין בויען, וועט ערשט פאַרטיק ווערן אין אַ דריי וואָכן אַרום.

די ידיעה, אַז מיר האָבן דערווייל נישט וואו צו שפּילן, האָט אונדז שוין אָפּגענומען דעם אַפּעטיט צו עסן און עס איז אונדז שוין נישט איינ־געגאַנגען די גאַנצע פרייד פון דער וואַרימער אויפנאַמע און איך קאָן שוין נישט אויסהאַלטן און איך פרעג: — סטייטש? ווי באַצייט מען דאָס אַ טרופּע אַקטיאָרן, ווייסנדיק, אַז דער סאַלאָן איז נאָך נישט פאַרטיק?

לאָזט זיך גאָר אויס, אַז יצחק דייטש האָט געוואוסט דערפון, נאָר וואָס דען, לשם פּרעסטיזש פאַר אסתר פּערלמאַן, אַז עס זאָל נישט הייסן, אַז אין צייט פון סעזאָן גייט זי אַרום ליידיק, האָט ער צוגעאיילט מיט דעם אַרויספאָרן קיין טשילע...

---

אין דער צייט, וועגן וועלכער איך רייד, איז אין סאַנטיאַגאָ, די הויפּטשטאָט פון טשילע, געוועזן גאַנץ אומעטיק.

די אידן האָבן געוואוינט צעוואָרפן איבער דער גרויסער און שיינער שטאָט און אַלע האָבן זיך כמעט פאַרנומען מיט דעמזעלבן מסחר, וואָס אין אַרגענטינע רופט מען עס „קוענטע" און אין טשילע — „סעמאַנאַל־טשיקעס", וואָס דאָס מיינט, אַז זיי גיבן סחורות אויף אויסצוצאָלן אין וועכנטלעכע ראַטעס.

דעמאָלט האָט מען אין טשילע נישט געקאָנט אָנווייזן אויף קיין איין אידישן אַרבעטער און ווען עס איז אָנגעקומען אַ שוסטער־אינגל פון ווילנע, האָט זיך אין נח וויטאַלס וואָכנבלאַט באַוויזן אַ נאָטיץ מיט דעם סענסאַ־ציאָנעלן קעפּל: — „דער ערשטער אידישער שוסטער אין סאַנטיאַגאָ".

די איינציקע וואָס האָבן זיך מיט אונדז אינטערעסירט אויף אַן אמת־חברלעכן אופן, זיינען געוועזן יעקב פילאָווסקי, נח וויטאַל, דימענט און

דער העברעאישער לערער (איך באַדויער זייער, וואָס איך געדענק נישט זיין נאָמען). מיט זיי האָבן מיר גוט פאַרבראַכט און די איבעריקע צייט האָט זיך פאַר אונדז געצויגן לאַנגוויליק, ביז דער סאַלאָן איז סוף-כל-סוף פאַרטיק געוואָרן און מיר זיינען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

עס איז נאָר געווען צום באַדויערן, וואָס אַזאַ גרויסן בנין, מיט אַזעלכע רייכע איינריכטונגען, האָט מען פאַרזאָרגט מיט אַ קליין בינעלע, וואָס איז אַבסאָלוט נישט אין פּראָפּאָרץ צו דער געביידע, אָבער פאַר דעם אויסגעהונגערטן עולם נאָך אַ אידיש וואָרט און פאַר אונדזער רעפּערטואַר, איז דאָס בינעלע געווען גענוג און אפשר נאָך צופיל...

מיט ענטוזיאַזם זיינען געקויפט געוואָרן די בילעטן, אַלץ איז שוין געווען אויספאַרקויפט און מיר גרייטן זיך צום דעבוט און אסתר גרייט זיך „אויסצוגעבן די מיזינקע", זי מוז שלאָגן רעקאָרד, פאַר דער גאַנצער צייט אין אַרגענטינע און מען פאַסט אריין אין דער ערשטער פיעסע אַ ריזיקן געזאַנגס-נומער פאַר אסתרן, אַ געזאַנג וואָס דאַרף דויערן באַ די 25 מינוט און די גאַנצע טרופע דאַרף שטיין אויף דער בינע און צופליעסקען מיט די הענט בעת אסתר טאַנצט...

איך האָב געשפּילט דעם קאָמיקער און איך האָב מיט מיין ערשטן אויפטריט געוואונען די סימפּאַטיע פון עולם און אסתר פּערלמאַן הויבט ענדלעך אָן אויספּאַקן איר סחורה, זי אַרבעט מעשים און זי האָט בייטסצענעס, אין וועלכע זי דאַרף אָפּט דערשיינען אין הויזן און זי האָט צו זינגען און זינגען און מען זעט נישט אויף דער בינע מער, ווי אסתר פּערלמאַן און אסתר פּערלמאַן און אסתר פּערלמאַן ווערט שנעל הייזעריק און אויב נישט באַלד, באַ דער ערשטער דעבוט-פאָרשטעלונג, האָט זי שוין באַ דער צווייטער פאָרשטעלונג אָנגעהויבן ווערן וואַכעדיק און מיר האָבן שוין נישט געקאָנט שפּילן די באַשטימטע צוויי מאָל אין וואָך, נאָר בלויז איינמאָל און איינמאָל האָט שוין אויך נישט געטויגט, ווייל מיד איז מען שוין געוואָרן פון דיזעלבע לידלעך און דיזעלבע תנועות און דאָסזעלבע זען כסדר בלויז איין אַקטריסע אויף דער בינע און זעענדיק, אַז מען הערט אינגאַנצן אויף קומען אין טעאַטער, האָט מען זיך געמוזט פאַרטראַכטן און מען האָט געפּרואווט שטעלן „טביה דעם מילכיקן" מיט מיר אין דער טיטל-ראָל און דאָס האָט אָפּגעפרישט דעם ענטוזיאַזם, די בילעטן זיינען שנעל אויספאַרקויפט געוואָרן און עס איז געווען אַ דערהויבנדיקע שיינע פאָרשטעלונג, וואָס האָט דער טרופע געגעבן אַ סך קינסטלערישן פּרעסטיזש.

אסתר האָט מיטגעשפּילט אין „טביה", אָבער זי האָט געהאַט אַ געצוימטע ראָל, זי האָט נישט געקאָנט אריינפּאַסן פאַר זיך אַ לידל און כאָטש זי האָט איר ראָל זייער פיין געשפּילט, האָט זי אָבער נישט געקאָנט דער-

לאָזן, אַז אַנדערע זאָלן זיך אַרויסזען אין אַ פאַרשטעלונג מער ווי זי און זי האָט זיך איינגעשפּאַרט און מען האָט ווידער געמוזט שפּילן אָפּערעטע און מיר זיינען געפאַלן, געפאַלן קינסטלעריש און געפאַלן מאַטעריעל. אָבי אסתּר האָט אויסגעפירט, זי האָט געשפּילט דאָס וואָס זי האָט געוואָלט און זי איז אַף כּח געבליבן דער סטאַר, זאָל זיין כאָטש פאַר ליידיקע בענקלער...



די פאַרוואַלטונג פון אידישן אַקטיאָרן־פאַריין אין אַרגענטינע (1937)



(זיצנדיק, פון רעכטס אַף לינקס:) סאַלאָמאָן שטראַמער, זלמן הירשפעלד (גענעראַל סע־קרעטאַר), בנציון פאַלעפאַדע (קאַסיר), סאַשאַ ראַזענטאַל. (שטייענדיק): זישע גאָלד, אַבראַשאַ לעווין, יוסף מאַורער, מישאַ שוואַרץ, און דער פאַרוואַלטער פון פאַריין, נחמיה צוקער.

## אַלם חזן אין טשילע



געבליבן אָן מיטל אין טשילע, ווערט פֿאַלעפּאַדיִ
אַ חזן און ער בעט אוים פֿאַר די טשילענער אידן
עושר און כבוד און פֿאַר זיך — אַף הוצאות צ׳
קענען פֿאָרן צוריק קיין בוענאָס איירעס...

# פופציקסטער קאַפּיטל

מיר ווערן חזנים און אונדזער סטאַר קאָן אונדז נישט קאָנקורירן. — צוריק אין בוענאָס איירעס. — די גאַסטראָלן פון יעקב בן־עמי. — יעקב מעסטל אַלס רעזשיסאָר. — איך פאָר מיט בן־עמי אַף דער פּראָווינץ. — אַ מעשה מיט אַ מאָטאָר־שיפל. — מיר בלייבן אינמיטן וואַסער, ביז אַ לאַסט־שיף ראַטעוועט אונדז אַרויס. — פּאַראַנאַ און באַסאָווילבאַסאָ. — בן־עמי אַלס קינסטלער און אַלס מענטש.

דאָס טעאַטער־שפּילן אין טשילע האָט זיך פאַרענדיקט, אָבער אונדזער מאַטעריעלע סיטואַציע איז געווען אַזוי שלעכט, אַז מיר האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צוריקצופאָרן.

צום גליק האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פון ימים־נוראים און אַזוי ווי ביי יצחק דייטש איז דאָס נישט געווען קיין נייעס, האָט ער באַלד אָפּגעמאַכט אַ געשעפט אַלס חזן, באַקומענדיק דערפאַר גוט באַצאָלט און נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָב איך אויך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט אַן אַנדער שיל וואָס האָט זיך געשאַפן ספּעציעל אַף ימים־נוראים און נאָך צענדליקער יאָרן שפּילן טעאַטער, האָב איך זיך געמוזט ראַטעווען דורך ווערן אַ חזן.

איצט האָט אסתר פּערלמאַן שוין נישט געהאַט קיין טענות, וואָס מיר געבן איר נישט די „ערשטע ראָל"; וואָס וואָס, נאָר צום עמוד האָט זי נישט געהאַט קיין אַמביציעס, האָבן מיר טאַקע, יצחק דייטש און איך, געשפּילט די ערשטע ראָלן אַלס חזנים, יצחק דייטש האָט מיט מתיקותדיקן זינגען אויסגעבעטן פאַר טשילענער אידן אַ סך גוטע יאָרן, ביז צום היינטיקן טאָג און ווייטער און איך האָב אים אין אַ צווייטער שיל צוגעהאָלפן אויסבעטן באַם רבונו־של־עולם די גוטע יאָרן און דאַנקען גאָט, וואָס פון אונדזערע תפילות, האָבן מיר אויך געמאַכט אַ שטיקל געשעפט און מיר זיינען אויפגעלעבטע, מיט אַ פּאָר פּעזעס אין קעשענע, צוריקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, נאָך געמאַכט אַ טור, שפּילנדיק וואו עס האָט זיך געלאָזן, ביז מיר זיינען ענדלעך צוריקגעקומען קיין בוענאָס איירעס.

אין בוענאָס איירעס, האָט עס שוין געהאַלטן אין „ברען פון סעזאָן". יאָ, צוויי טעאַטערס, דער „אַמבו", וואו מען האָט געשפּילט אַ גאַר ביליקן

אָפּערעטע־רעפּערטואַר; און דער „עקסעלסיאָר", מיט די וואָכעדיקע מע־לאָדראַמעס, ביידע טעאַטערס האָבן שוין „געבערענט ווי שטרוי" און עס האָט אויך נישט געפּידלט אין טעאַטער „נועוואַ", כאָטש דאָרט האָט מען געשפּילט שענער טעאַטער, לויטן אייראָפּעאישן מאַניר, וועלכן סאַלאָמאָן שטראַמער האָט אַריבערגעבראַכט פון יענער זייט ים.

אַלע דריי טעאַטערס האָבן געהאַט סטאַרן און די סטאַרן האָבן אָפּ־גענומען זייערע ברוטאָ־פּראָצענטן פון די הכנסות און די עמפּרעסאַרן האָבן נישט געהאַט צו דעקן די הוצאות און ווי געוויינלעך, זיינען די ערשטע כפּרה־הינדלעך, געווען די אַקטיאָרן.

דער אַמבו און דער עקסעלסיאָר, האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן דעם דלות, די שווערע לאַגע האָט פון די צוויי טעאַטערס פּשוט אַרויסגעשריגן, בלויז יצחק נוגער, דער אינטעליגענטער געשעפט־פירער פון טעאַטער „נועוואַ", האָט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהאַלטן אַ גלייכגעוויכט און אַגב האָבן די שטראַמערס פּאָרט געמאַכט בעסערע געשעפטן, ביז נוגער האָט אַרויסגעלאָזן די נייעס, אַז אינגיכן קומט אין טעאַטער „נועוואַ" דער וועלט־באַרימטער קינסטלער י ע ק ב ב ן ע מ י.

נישט לאַנג נאָך דער אַנאָנסירטער נייעס, איז אָנגעקומען דער דיכ־טער און טעאַטראַל י ע ק ב מ ע ס ט ל און ער האָט מיט דער טרופּע אָנגעהויבן איינשטודירן די דעבוט־פּיעסע און איך האָב געהערט פון אַק־טיאָרן, אַז יעקב מעסטל איז אַן אויסגעצייכנטער רעזשיסאָר און דערצו אַ גוטער פּעדאַגאָג, וואָס ווייס ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען פון אַקטיאָר דעם מאַקסימום פּאַרשטענדעניש, פאַר דער ראָל וואָס ער דאַרף אינטערפּרעטירן.

דאָס האָט מיר פאַרשאַפן אַ סך עגמת־נפש. אַ לעבן לאַנג האָב איך געבענקט צו קענען שפּילן בעסער טעאַטער און ווען עס קומט שוין אַמאָל אַ גרויסער קינסטלער מיט אַ גוטן רעזשיסאָר, בין איך נישט אין ד ע ר טרופּע און איך דאַרף בלויז צוקוקן ווי אַנדערע שפּילן.

נאָך גרעסער איז געוואָרן מיין עגמת נפש, ווען איך האָב בייגעוואוינט עטלעכע ספּעקטאַקלען מיטן בן־עמין אין די הויפּט־ראָלן. שיין און דער־הויבנדיק זיינען געווען די ספּעקטאַקלען און איך פאַרשטיי גאָרנישט, ווי אַזוי מען האָט זיי געקאָנט אַזוי שנעל צוגרייטן, ווייל יעדע וואָך האָט מען כמעט געשפּילט אַ נייע פּיעסע און אין אַזעלכע דערהויבנדיקע קינסט־לערישע פאַרשטעלונגען, קאָן איך זיך נישט באַטייליקן, איך דאַרף זיי בלויז באַוואונדערן זיצנדיק אין סאַלאָן, צווישן עולם...

איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן, אַז איך וועל פּרואוון צוריידן בן־עמין, ער זאָל מיט מיר מאַכן אַ געשעפט פאַר אַ פּראָווינץ־טור. אויב נישט אין הויפּטשטאָט, וויל איך כאָטש שפּילן צוזאַמען מיט בן־עמין אויף דער פּראָ־ווינץ.

איך האָב אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט בן־עמין און גלייכצייטיק האָב איך וואָרבירט אַ פּאָסיקע טרופּע, נאָר חברים האָבן אָנגעהויבן אינטריגירן, אַז איך טויג נישט און מיין וואָרבירטע טרופּע טויג נישט און בן־עמי האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון געבן מיר אַ פּאָזיציע אָנטפער.

דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק און איך האָב בן־עמין אויפגעקלערט, אַז דאָס אַלעם וואָס מען האָט ביי אים אָנגערעדט, איז נישט מער ווי רכילות און אַז איך האָב אויך אַ רעכט און אפשר נאָך מער רעכט ווי אַנדערע, צו שפּילן בעסער טעאַטער און צום גליק האָט זיך געמאַכט, אַז בן־עמי האָט אין פאַרשידענע בעסערע קרייזן געהערט וועגן מיר זייער גוטע מיינונגען און ער האָט ענדלעך מיט מיר אָפּגעשלאָסן דאָס געשעפט, פאַרשטייט זיך, לויט באַדינגונגען, פון אַ גאַנץ פעטן ברוטאָ־פּראָצענט.

מיט זיינע פאַרשטעלונגען אין טעאַטער „נועוואָ" איז בן־עמי שנעל באַריהמט געוואָרן נישט נאָר אין הויפּטשטאָט, נאָר אויך איבער גאַנץ אַרגענטינע.

די שפּאַנישע צייטונגען זיינען אַרויס מיט גרויסע לויב־געזאַנגען פאַר בן־עמים פיינע קינסטלערישע לייסטונגען און קאָרעספּאָנדענטן פון פּראָווינץ־צייטונגען, האָבן וועגן דעם גרויסן קינסטלער געשריבן אויך פאַר זייערע צייטונגען אַף דער פּראָווינץ און אונדזערע אויסזיכטן זיינען געווען זייער גוטע.

ווי נאָר בן־עמי האָט פאַרענדיקט זיינע גאַסטראָלן אין „נועוואָ", האָט ער באַשטימט אויפצופירן פאַר דער פּראָווינץ בלויז צוויי פּיעסן — „דער לעבעדיקער מת" פון טאָלסטאָי און „די גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין.

די פרייד מיינע איז געווען זייער גרויס און עס איז שוין ביי מיר אַריין אין אַמביציע, אַז אונדזער טורנע זאָל האָבן אַ גוטן אָפּקלאַנג און איך בין געוואָרן זייער ענערגיש מיט די צוגרייטונגען צו דער רייזע און ענדלעך זיינען מיר אַרויסגעפאָרן.

איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אַף איינצלהייטן וועגן אונדזערע פאַרשטעלונגען, אין אַלגעמיין גענומען, כאָטש ביי די שווערערע באַדינגונגען אַף דער פּראָווינץ, האָבן אונדזערע פאַרשטעלונגען אַרויסגערופן אַ סך ענטוזיאַזם און איבעראַל האָט מען פאַר דעם גרויסן גאַסט געגרייט אויפנאַמעס און באַנקעטן און מיר האָבן אַלע גענאָסן פון דעם צוגעטיילטן כבוד פאַר אונדזער הויפּט־אַרטיסט און מיר האָבן געהערט אַ סך שיינע ווערטער וועגן דער וויכטיקייט פון אידיש טעאַטער און אונדזערע פאַרשטעלונגען זיינען ווי אין דער הויפּטשטאָט, באַזוכט געוואָרן נישט בלויז פון אידן, נאָר אויך פון אינטעליגענטע קריסטן.

נאָר ווי דערמאָנט, איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אַף איינצלהייטן, וואָס איך וויל דאָ דערמאָנען, איז אַ וויכטיקער עפּיזאָד, וואָס האָט זיך מיט

אונדז פארלאפן און פון וועלכן מיר זיינען ממש נאר מיט נסים, ארויס־געקומען לעבעדיקע.

דאס איז געווען אפן טייך פאראנא, צווישן סאנטא־פע און פאראנא.

מיר האבן אפצומארגנס געהאט אנאנסירט א פארשטעלונג אין באסאווילבאסא און כדי צו קומען פון סאנטא־פע קיין באסאווילבאסא, האבן מיר פון סאנטא־פע באדארפט פארן מיט א שיף ביז פאראנא און דארט נעמען א באן קיין באסאווילבאסא.

מאכט זיך, אז ווען מיר פארענדיקן די פארשטעלונג אין סאנטא־פע, איז שוין נישטא קיין שיף וואס זאל אונדז פירן קיין פאראנא און אונדזער פארדרוס איז זייער גרויס, ווייל דאס נישט קענען זיין אפצומארגנס אין באסאווילבאסא, צעשטערט אונדזער גאנצן רייזע־פלאן.

גיבן זיך דאך אידן אן עצה, איז עמיצן איינגעפאלן, אז מען קאן דינגען א ספעציעל מאטאר־שיפל, וואס זאל אונדז אריבערפירן קיין פאראנא און מען ברענגט אן איינגנטימער פון אזא שיפל און ער פארזיכערט אונדז, אז ער וועט אונדז צושטעלן קיין פאראנא פונקטלעך צו דער צייט, אז מיר זאלן קענען פארן מיט דער באן קיין באסאווילבאסא.

דער אייגנטימער פון שיפל האט אונדז באשטעלט, אז מיר זאלן דריי אזייגער פארטאג זיין אפן באשטימטן פלאץ וואו עס שטייט זיין שיפל און מיר האבן זיך באלד גענומען גרייטן, געפאקט די באגאזשן און ארויפ־געלאדנט אף א לאסט־אויטא און מיר זיינען געפארן מיט קאטשן און אט זיינען מיר אפן באשטימטן פלאץ, באם ברעג פון פאראנא־טייך וואו עס שטייט טאקע א מאטאר־שיפל, נאר קיין באלעבאס דערפון זעט מען נישט.

די נאכט איז געווען א זייער פינצטערע און עס האט זיך געקליבן אף רעגן און איידער וואס־ווען, האט זיך אראפגעלאזן א שלאקס רעגן און מיר האבן שוין נישט קיין שום ברירה, מיר שטייען און ווארטן אפן באלעבאס פון שיפל און מיר ווערן דורכגעווייקט פון רעגן ביז צו די ביינער.

ענדלעך, נאך א האלבע שעה ווארטן, האט זיך באוויזן דער אייגנ־טימער פון שיפל און דער געדאנק, אז באלד וועלן מיר זיך געפינען אין שיפל, האט געהויבן אונדזער שטימונג.

דאס שיפל איז געשטאנען נעבן דער פארט־מויער, אפגערוקט פון ברעג אף א מעטער און די טרעפ אראפצוגיין פון דער מויער צום שיפל, זיינען געווען זייער שמאלע און דאס טירל אין שיפל אריין, אויך א שמאלס און דורך די שמאלע טרעפלעך אן א באריערע און דורך דעם שמאלן טירל פון שיפל, האבן מיר ממש מיט סכנות־נפשות געמוזט ארויפלאדעווען אונדזער באגאזש און דערנאך האבן מיר זיך אליין אויך קוים מיט צרות ארויפבאקומען אפן שיפל.

זיצן מיר שוין אינעווייניק אין דעם שיפל, דורכגעווייקטע פון רעגן,

שוויַיגנדיקע, ווײַל ביי אַלעמען איז אָנגעזאַלצן אַף דער נשמה און מיר וואַרטן, אַז דער מאַטאָרמאַן זאָל שוין לאָזן דאָס שיפל אין גאַנג. אָבער עפּעס גייט עס נישט. דער מאַטאָרמאַן אַרבעט און שוויצט ביי דער מאַשין, ער פּאַרקעט זיך מיט אַ שרויפּנציער און קלאַפּט מיט אַ העמערל און שעלט דערביי אַף מאַטראָזן־שפּראַך מיט טויטע קללות, אָבער דאָס שיפל גייט נאָך אַלץ נישט אָפּ פון ברעג.

ענדלעך, נאָך אַ האַלבע שעה, האָט זיך דערהערט דער גערודער פון מאָטאָר, און דאָס שיפל האָט אָנגעהויבן אָפּשווימען פון ברעג.

עס איז געוואָרן היימלעך אַף דער נשמה און יעקב מעסטל האָט זיך שוין אפילו דערלויבט אַביסל צו וויצלען כדי נאָך מער צו הויבן די שטימונג און עס האָט אָנגעהויבן ווערן פריילעך און עמיץ פון אונדז האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן זינגען, בלויז איין יעקב בן־עמי, ער איז זיך געבליבן זיצן אין ווינקל אַן איינגעשלאָסענער אין זיך, דעם קאָלנער פון פּאַלטאָ נאָך אַלץ אופגעשטעלט, אַ פאַרטיפטער אין רעיונות.

פּלוצלינג — סטאָפּ! דאָס שיפל שטייט שוין ווידער. דער מאָטאָר האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט און אונדזער גרופּע בלאַנדזשענדיקע שטערן, איז ווידער געוואָרן ערנסט.

ווידער אַרבעט דער מאַטאָרמאַן און פּאַרקעט זיך מיט דעם שרויפּנציער בא דער מאַשין און ער שוויצט און שעלט, אָבער דער מאָטאָר שווייגט.

די מינוטן לויפן און אָט איז שוין אַ האַלבע שעה ווי דער מאַטאָרמאַן שוויצט ביי דער מאַשין און מיר זעען, אַז אַפילו ער זאָל זי פאַריכטן, איז שוין אויך נישט מעגלעך, אַז מיר זאָלן אָנקומען אין צייט קיין פאַראַנאַ כדי צו באַקומען די באַן און דערווייל איז שוין דער מאַטאָרמאַן מיד געוואָרן און ער האָט אינגאַנצן אויפגעגעבן די אַרבעט.

— וויטער גייט עס נישט...

מיר זעען דעם מאַטאָרמאַנס אומרואיקייט, ווי ער גייט אַרוים אַפן דעק און קומט צוריק אַ פאַרמרהשחורהטער און מיר פאַרשטייען נאָך אַלץ נישט אין וואָס פאַר אַ געפאַר מיר געפינען זיך, אויב עס זאָל זיך אויפהויבן אַ ווינט...

זעענדיק ווי מיר זיצן אין פאַרלעגנהייט אומבאַהאָלפענע, האָט אונדז דער מאַטאָרמאַן באַפוילן, אַז מיר זאָלן אַרוים אַפן דעק, ווײַל בלייבן זיצן אינגאַנצן מיט פאַרלייגטע הענט, שטעקט מיט געפאַר, דעמאָלט האָבן מיר זיך ערשט געכאַפּט, אַז עס דראָט אונדז אַ סכנה און עס איז נאָר מיט נסים, וואָס עס איז צווישן אונדז נישט אויסגעבראָכן אַ פּאַניק.

מיר זײַנען אַרוים אַפן דעק און מיר האָבן געזען פון איין זייט דעם ברעג, וועלכן מיר האָבן פאַרלאָזן און פון דער אַנדערער — אַ ווייטן טייך,

וועלכער האָט זיך פון דעם ווינטל וואָס האָט אָנגעהויבן בלאָזן, פאַמעלעך אָנגעהויבן צו כוואַליען.

צום גליק האָט זיך באַוויזן אַ לאַסט־שיף און אונדזער מאַטראָסאַן האָט אָנגעהויבן צו געבן סיגנאַלן, אַז מיר געפינען זיך אין נויט און עס האָט נאָך געגעבן לאַנג געדויערט, ביז די לאַסט־שיף איז צוגעקומען צו אונדזער שיפל און עטלעכע מאַטראָזן זיינען אריבער צו אונדז און גע־האָלפן אריבערנעמען די באַגאַזשן אויף דער לאַסט־שיף און אויך מיר זיינען אריבער אויף דער גענוג גרויסער שיף.

ערשט איצט האָבן מיר זיך דערוואוסט איז וואָס פאַר אַ געפאַר מיר האָבן זיך געפונען, ווען עס וואָלט זיך געווען אויפגעהויבן אַ ווינט. דער ווינט וואָלט אונדז געווען פאַרטראָגן דער רוח ווייסט וואוהין...

אויף דער לאַסט־שיף איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע טעטיקייט.

די מאַנשאַפט האָט זיך געפילט ביי זיך אינדערהיים און דער קוכער מיט דער לולקע אין מויל, האָט זיך געפּאַרעט מיט אַן עוף, פון וועלכן ער האָט אָראָפּגעדרייט דאָס קעפּל און ער האָט אויפגעשטאָכן פלייש אויף אַ שפּיז און באַלד האָט ער געמאַכט פייער און אַנדערע מאַטראָזן זיינען געזעסן, מאַנכע מיט די לולקעס און איינער מיט אַ באַמביזשע אין מויל און זיי האָבן זיך דערציילט זייערע מעשות און די שיף שלעפּט זיך פאַמעלעך, זיי האָבן צייט און מיר זיצן אין געהאַקטע צרות, ביז ענדלעך, מיר זיינען אָנגעקומען קיין פאַראַנאַ מיט גאַנצע דריי שעה שפּעטער, נאָכדעם ווי דער באַן קיין באַסאַווילבאַסאָ איז שוין געהאַט אַוועקגעפאָרן...

לויט אונדזער רייזע־פּלאַן, האָבן מיר אין פאַראַנאַ נישט געזאָלט שפּילן, אָבער צוליב דער געשעעניש מיטן שיפל, זיינען מיר שוין געבליבן ביז איבערמאָרגנס, האָבן מיר שוין ביי דער געלעגנהייט געשפּילט אַ פאָר־שטעלונג און דוקא אַן אַ שום פאַרויסיקער פּראָפּאַגאַנדע, איז צו דער פאָרשטעלונג געקומען אַ גאַר גרויסער עולם.

צומאָרגנס, האָבן מיר זיך געלאָזן אויף אונדזער ווייטערדיקן טור, אי־בער ענטרע ריאָס, וואָס די ערשטע סטאַנציע איז געווען באַסאַווילבאַסאָ.

:: :: ::

איך ווייס נישט, פאַרוואָס איך האָב אין בן־עמין געוואָלט זען עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכן בשר ודם.

וואָלט ער כאָטש געווען אַ באָהעם, וואָס יעדער קינסטלער איז עפּעס דערפון, וואָלט איך נאָך געקאָנט פאַרשטיין זיינע קאַפּריזן; אָבער יעקב בן־עמים אריסטאָקראַטישקייט, קאָן אַבסאָלוט נישט האַרמאָנירן מיט באַ־העמישקייט און דאָס האָט זיך בעת אונדזער רייזע אַמבולטסטן געלאָזט פילן.

מיר האָבן געמאַכט גרויסע הכנסות, אָבער דער גרויסער ברוטאָ־פּראָצענט האָט איינגעשלונגען יעדן פּאַרדינסט און יעקב בן־עמי האָט אויף קיין האָר נישט געוואָלט אָראָפּלאָזן פון זיינע קאָנדיציעס.

און נישט נאָר מאַטעריעליש, נאָר אויך קינסטלעריש, האָט זיך בן־עמי נישט געוואָלט ציילן מיט די אומשטענדן, עס האָט אים אַבסאָלוט גאָרנישט אינטערעסירט און זיין הויפּט־קאַפּריז איז געווען, אַז די בינע זאָל זיין געאייגנט, כדי אויפצוהענגען די דעקאָראַציעס פאַר די עלף בילדער וואָס ער דאַרף צום „לעבעדיקן מת".

אַלס אונטערנעמער פון טרופּע, האָב איך אים געצערטלט און האָב אים פאַלערירט אַלע זיינע קאַפּריזן אָבער צום סוף האָבן אויך די איינאַמעס בן־עמין נישט באַפרידיקט און ער האָט זיך ארויסגעכאַפּט, אַז נאָך אַלעם מיינט דאָך די אַרגענטינער פּעזע נישט מער ווי אַן אַמעריקאַנער קוואָדער... און אין דעם אויסדרוק, האָב איך דערזען אין בן־עמין, דעם געווינלעכן בשר־ודם...

אָבער אויך דאָס האָב איך אים מוחל געווען; די ערלעכקייט און די פּעדאַנטישע קינסטלערישע פּונקטלעכקייט וואָס בן־עמי האָט אַרויסגעוויזן צו אַרבעט, האָט אים כסדר אַרויסגעהויבן אין מיינע אויגן און איך האָב אים מקנא געווען, וואָס ער האָט זיך אַמאָל אויסגעקליבן דעם שווערן וועג פון ריין און שיין טעאַטער און ער האָט זיך דורכגעקעמפּט אַן אָנגעזועענע פּאָזיציע אַלס קינסטלער און אָפּט האָב איך געטראַכט, ווי גוט וואָלט געווען, ווען איך קאָן אַ שפּרונג טאָן אויף צוריק און אָנהויבן נאָך אַמאָל פון אָנהויב, דאַן וואָלט איך אויך אויסגעקליבן דעמזעלבן שווערן וועג און איך וואָלט אויך געקעמפּט, ביז איך וואָלט אפשר באַוויזן אויסצוקעמפן פאַר זיך אַזאַ אָנגעזעענע קינסטלערישע פּאָזיציע ביים אומשלימלעך בעסערן אידישן טעאַטער...



# איינאונפופציקסטער קאַפּיטל

1932. — די גרינדונג פון אַ נייעם אַקטיאָרן פאַריין. — די באַראַטונגען בײַ נ. צוקער אין שטוב. — מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך, מיכאַל מיכאַלעסקאָ, יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן. — דריי טעאַטערס מיט גרויסע סטאַרן און מיר שפּילן מיט אייגענע כוחות. — זלמן הירשפעלד מיט זיינע פּיעסן. — די „ברויטשטיל" ראַטעוועט אונדז אויף אַ שטיקל צייט. — „בוענאָס איירעס אויפן צימבל". — מיין פערציק יעריקער טעאַטער־יובילײַ. — מיין מוטער שטאַרבט אַ טאָג פאַר מיין יום טוב. — דער זיסער בעכער מיט אַ טרויעריק־ביטערן טראָפּן...

1932. דאָס יאָר איז געקומען מיט שטורם און דראַנג פאַר דעם אידישן טעאַטער אין בוענאָס איירעס.

עס איז געווען נאָכדעם, ווי די פריערדיקע פּרוּוון פון אויפהאַלטן אַן אַקטיאָרן פאַריין זיינען געהאַט דורכגעפאַלן און די הפקרות אין די טעאַטערס איז אַריבער אַלע גרעניצן און אַן אָפּמאַך איז קיין אָפּמאַך נישט געווען און איין אַקטיאָר איז אַריינגעקראָכן אין צווייטנס שטיקל ברויט און איין טעאַטער האָט אויסגעדונגען אַקטיאָרן פון אַ צווייטן און אַז מען האָט געבראַכט אַ סטאַר פאַר איין טעאַטער, האָט אים אַ פאַרשטייער פון אַ צווייטן טעאַטער אָפּגעוואַרט ביי דער שיף און אים באַוויזן „אָפּצושמדן" פאַר זיך, אין זיין טעאַטער, טראָצדעם וואָס דער סטאַר איז שוין געווען אַנגאַזשירט צום דערעפענען אַ צווייטן טעאַטער...

דעמאָלט איז אויך געווען, אַז די טעאַטער־אונטערנעמער האָבן געהאַט אָפּ צו דעקן אַלע הוצאות. נאָר פאַר דעם אַקטיאָר איז נישט געבליבן צום אויסצאָלן אים זיין אַרבעטס־לוין און דעמאָלט איז עס אויך געשען, אַז דער שרייבער נחמיה צוקער, דערזעלבער, וועלכער האָט מיט יאָרן צוריק אינטערוועניִרט צוזאַמען מיט פרידבערג און וועלנער אין קראָקע, לטובת די אידישע אַקטיאָרן, וועלכע דער דירעקטאָר יאַקאָב האָט אויף אַ מוראדיקן אופן געוואָלט אויסנוצן... דערזעלבער נחמיה צוקער האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע, אַז עס זאָל אָפּסניי געשאַפן ווערן אַ פעסטער אַקטיאָרן פאַריין אין בוענאָס איירעס.

נאָך עטלעכע שמועסן וואָס ער האָט געהאַט מיט אַקטיאָרן, האָט ער איינגעלאַדן אַ גרופּע אַקטיאָרן צו זיך אַהיים, אויף אוריבורו 537 און דעם

26־טן פעברואר 1932, איז ביי צוקערן פארגעקומען די ערשטע באראטונג, וועגן דער גרינדונג פון א נייעם פאריין.

איך האב געהאט דעם כבוד צו זיין ביי די אלע באראטונגען וואס זיינען יעדן טאג פארגעקומען אין צוקערס שטוב און טראץ אלע קעגנערשאפטן און טראץ די צווייפלער, צי וועט דער פאריין קענען בעסער עקזיסטירן ווי די פריערדיקע, האבן מיר, די איניציאטיוו־גרופע פארופן א פארזאמלונג פון אלע אקטארן און אקטריסעס, מען האט פארגעלייענט די סטאטוטן וועלכע נ. צוקער האט געשאפן און זיי זיינען שוין געווען באשטעטיקט פון די איניציאטארן און דעם 21־טן מערץ פון 32־טן יאר, איז געגרינדעט געווארן דער איצטיקער אידישער אקטיארן פאריין אין ארגענטינע.

מיט דעם גרינדן פון אקטיארן פאריין, האט זיך אנגעהויבן א לעבעדיקע באוועגונג סיי צווישן אקטיארן, ווי צווישן די טעאטער אונטערנעמער און עס האבן זיך פארמירט פיר טעאטער־טרופעס פאר פיר טעאטערס, וואס צוויי פון זיי האבן באדארפט זיין דירעקציע־טעאטערס און צוויי — פון חברים־קאאפעראטיוועס.

דעם טעאטער „עקסעלסיאר" האבן געדונגען צוויי אידישע פאבריקאנטן, מיטקאוויצער און ווייצער, כדי אריבערצוברענגען די גרויסע וועלטבארימטע קינסטלערן מאלי פיקאן; אין טעאטער מיטרע, אדמיניסטרירט פון אדאלף מידע, האבן געזאלט קומען דאס קינסטלער־פארל בולאוו און קאדיסאן און אין טעאטער „ארגענטינע" האט געזאלט קומען מיכאל מיכאלעסקא, בלויז מיר, די חברים־טרופע אין טעאטער „אמבו", מיר האבן באשלאסן צו שפילן א בעסערן רעפערטואר מיט א י י ג ע נ ע כ ח ו ת.

ווען די סטאר־געסט זיינען אנגעקומען, איז שוין דער אקטיארן פאריין געווען טעטיק און באוויזן צו שטעלן זיך אף דער געהעריקער הויך פון אן ערנסטער ארגאניזאציע, וואס האט דורכגעפירט און אימפאנירט א רייע וויכטיקע רעפארמען לטובת די ארגאניזירטע מיטגלידער. אבער לויט די סטאטוטן פון פאריין, האט ער נאר געקאנט אינטערווענירן אין די זעלבסטשטענדיקע טעאטער אונטערנעמונגען, ווען א טרופע האט געפאדערט די אינטערווענץ אדער בעת א קאנפליקט. מער האט זיך דער פאריין נישט געמישט אין די אינערלעכע אנגעלעגנהייטן פון די טעאטערס און פארשטייט זיך, אז די קנאה־שנאה וואס די הפקרות האט איינגעפירט צווישן אקטיארן פון פריערדיקע יארן, איז נאך אין א געוויסער מאס געבליבן.

איך האב זיך זייער געפרייט, אריינטרעטנדיק אין דעם חברים־קאאפעראטיוו פון „אמבו". איך האב געהאפט, אז מיר וועלן דא, לויט דעם מוסטער ווי איך האב געזען אין „צענטראל"־טעאטער אין ווארשע, אויך

קענען גרינדען אזא פיין טעאַטער מיט בעסערע שטרעבונגען.

ליידער האָבן מיר געטראָפן פונקט אַף אזא צייט, ווען די אַנדערע דריי טעאַטערס האָבן געהאַט סטאַרס מיט אַזעלכע באַרימטע נעמען ווי מאָלי פיקאָן, בולאָוו־קאַדיסאָן און מיכאַלעסקאַ און אונדזער בעסערער פּרוּוו פון אַמבו איז פאַרטויבט געוואָרן פון די פּראָפּאַגאַנדעס פון די אַנדערע טעאַטערס און אגב איז די חברישקייט אין אונדזער חברים־טרו־פּע אויך נישט געווען אינגאַנצן חבריש און מיר האָבן גאַנץ שנעל אַנגע־הויבן פאַלן פון די פיס...

אומזיסט איז געווען אונדזער ראַנגלען זיך און אונדזער אויסטראַכטן כסדר אַ נייע פּיעסע, אפשר דאָס און אפשר דאָס?, מיר זיינען געגאַנגען באַרג־אַראָפּ.

אין יענער צייט, איז גראָד אַנגעקומען קיין אַרגענטינע ז ל מ ן ה י ר ש פ ע ל ד, דער חתן פון אסתר ראַפּעל און ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ היפּשן רעפּערטואַר פון בעסערן מין, פון די נייעסטע גוטע פּיעסן וואָס דאָס בעסערע טעאַטער אין וואַרשע האָט דעמאָלט גע־שפּילט און באַלד האָט ער מיט אונדז טאַקע אויפגעפירט דוד בערגלסאָנס „ברויטמיל" („דער טויבער") און מיר האָבן געמאַכט די גרעסטע באַמי־אונג, אַז די אויפירונג זאָל זיין מיט שוואונג און פאַרנעם און עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו שאַפן אַ פּרעכטיקן ספּעקטאַקל, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם און טראָץ די דריי קאָנקורענץ־טעאַטערס מיט זייערע גרויסע סטאַרן, האָבן מיר אַנגעהויבן שפּילן פאַר פול־געפּאַקטע סאַלאָנען אין טעאַטער אַמבו.

די „ברויט־מיל" האָט זיך געהאַלטן אַף דער בינע אַ לאַנגע צייט, פיל מער ווי געוויינלעך אַ פּיעסע אַפילו מיט די גרעסטע סטאַרן און די גע־שעפטן זיינען געווען זייער גוטע, אָבער מיר האָבן געהאַט פון פריער אַזעלכע גרויסע דעפיציטן, אַז מיר האָבן מיט די איצטיקע פאַרדינסטן נישט געקאָנט אַניאָגן און נאָך אַ שטאַרקער פּיעסע, איז זייער שווער צו פּאַקן אַ צווייטע שטאַרקע פּיעסע, האָבן מיר געשפּילט פּרוּוונדיק מיט פאַרשידענע אַנדערע פּיעסן פון הירשפעלדס רעפּערטואַר, לעאָ האַלפּערן האָט אויך אויפגעפירט אַ פּרעכטיקן ספּעקטאַקל „די גאָלדגרעבער" פון שלום־עליכם און די גאַנצע טרופּע האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלום־עליכם־טיפּן. מיין פרוי, פאַני רייבער, האָט אויך מיטגעשפּילט אין דעם ספּעקטאַקל. מיר האָבן זיך נאָך געמוטשעט מיט אַנדערע פּיעסן, אָבער מיר האָבן מער נישט געקאָנט אַניאָגן, צו דעקן די פריערדיקע דעפיציטן און נאָר די עקשנות אונדזערע, אַנצוגיין מיט בעסערער טעאַטער־אַקטי־וויטעט, האָט אונדז געקרעפטיקט ווייטער אַנצוגיין מיט דער אַרבעט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז יעקב באַשאַשאַנסקי, צוזאַמען מיט

ש. פריילעך, האָבן דעמאָלט געשאַפן אַן אַקטועלע רעווי — „בוענאָס איי־רעס אויפן צימבל", וועלכע איז געווען דער געלונגענסטער עקספּערימענט פון אונדזערע זוכענישן אין יענעם סעזאָן.

די רעווי האָט געהאַט אַ מאַסע אַקטועלע סצענעס און לאָקאַלע פּאַ־מירונגען און איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט פאָלקסלידער און דער טעאַ־טער־עולם האָט ווידער אָנגעהויבן קומען אין אַמבו און עס איז געוואָרן היימלעכער און ווידער האָבן מיר געמיינט, אַז מיר וועלן זיך נאָך ראַ־טעווען. נאָך די עטלעכע וואָכן, האָבן ש. פריילעך און י. באָטאָשאַנסקי ווידער אָנגעשריבן אַ רעווי, די צווייטע איז אָבער שוין נישט געווען אַזוי געלונגען, ווידער איז געוואָרן שיטער אין אַמבו און מיר האָבן אָנגעהויבן פאַלן און פאַלן און עס האָבן נישט געהאָלפן די בלאַנדזשענישן צום פּראָסטן רעפּערטואַר, מיר האָבן זיך געפונען אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע.

אין דער צייט האָט אָנגערוקט די דאַטע, ווען עס האָט באַדאַרפט ווערן פערציק יאָר, זייט איך האָב אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער.

ריידנדיק מיט מיינע חברים וועגן דער דאַטע, האָבן די חברים באַלד געזאָגט, אַז איך דאַרף איינאָרדנען אַ גרויסע יובילײ־פאָרשטעלונג.

מיין נאָמען איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער, ווייל גראָד דעמאָלט האָבן זיך געענדיקט דרוקן מיינע „זכרונות" וואָס איך האָב פאַרעפנט־לעכט אין „די פּרעסע" און עס איז געווען צו האָפן, אַז מיין יובילײ וועט ארויסרופן באַם אידישן טעאַטער־עולם דעם געהעריקן אינטערעס.

איך האָב אויסגעקליבן אויפצופירן צו מיין יום־טוב יעקב גאָרדינס „אלישע בן אבויה".

עס האָט זיך געשאַפן אַ זייער בכבודער קאָמיטעט וואָס האָט פאַט־ראָניזירט מיין יובילײ־יום־טוב, אין קאָמיטעט זיינען געווען פאַרטראָטן פאָרשטייער פוןביידע צייטונגען און פון אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע מענטשן, די צייטונגען האָבן אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר מיין כבוד וועגן און די יובילײ־פאָרשטעלונג איז געווען באַשטימט אויפן 2־טן סעפּטעמבער.

איין טאָג פאַר מיין יום־טוב, דעם ערשטן סעפּטעמבער, איך שטיי אויף דער בינע און מאַך פּראָבע, עס איז מיר גוט אויפן הארצן, ווייל די פּראָבן גייען גוט און די בילעטן צו מיין מאָרגנדיקן יום־טוב זיינען שוין כמעט אויספאַרקויפט און פּלוצלינג — מען רופט מיך צום טעלעפאָן.

מיין שוועסטער רעדט צו מיר מיט געוויין: — בנציון.. אונדזער אַלטע מוטער איז געשטאָרבן...

די ידיעה האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער.

די חברים האָבן מיך גענומען טרייסטן — גייט, חבר פּאַלעפּאַדע... מיר וועלן שוין דאָ אַלעס אַליין טוען...

מיין מוטער איז אַלט געווען נײַנציק יאָר. איך מיין, זי איז שוין גע־

ווען זאַט מיט יאָרן און מיד פון לעבן און געוואוסט האָב איך דאָך אַז „סוף אדם למות", פונדעסטוועגן, מיין מאַמע איז עס דאָך און טיף איז געווען מיין ווייטיק און טאָפּלט טיף, ווייל מאָרגן האָט דאָך באַדאַרפט זיין מיין יום־טוב און היינט דאַרף איך גיין צו דער לויה פון מיין מאַמען...

איך האָב נאָר געטראַכט, ווי אַזוי קאָן מען מאַכן, אַז דער יום־טוב זאָל אָפּגעלייגט ווערן אַף אַן אַנדער דאַטע און ריידנדיק וועגן דעם מיט מיינע חברים, האָבן זיי דערקלערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל די בילעטן זיינען שוין פאַרקויפט און עס איז אַפילו שוין נישטאָ קיין צייט צו מעלדן וועגן דער אָפּלייגונג און דאַן, מיר פאַרענדיקן דאָך שוין מיטן טעאַטער, אויך די טרופּע וועט זיך צעפאַלן... בקיצור, אַלע זיינען קעגן אָפּלייגן דעם יום־טוב און אַפילו מיינע שוועסטער זיינען מסכים, אַז איך דאַרף נישט אָפּלייגן דעם יום־טוב און אַלס פרישער אבל האָב איך גע־מוזט פייערן מיין יום־טוב פון פערציק יאָר אידיש טעאַטער...

מיין יום־טוב איז פונדעסטוועגן דורכגעפירט געוואָרן זייער פייער־לעך. מיין גאַנצע משפחה, (חוץ מיינע שוועסטער און ברודער) זיינען געווען אַפן יום־טוב און מיטגעבראַכט מתנות; איך האָב איינגעלאַדן די קינסטלער בולאָוו און קאַדיסאָן און מיכאַל מיכאַלעסקאָ און זיי זיינען געקומען נאָך זייערע פאָרשטעלונגען און האָבן באַשיינט מיין יום־טוב מיט זייערע אויפטריטן נאָך מיין פאָרשטעלונג, מיט ספּעציעלע קאָנצערט־נומערן; די שטימונג באַם עולם איז געווען אַ געהויבענע, אַ סך אידן פון דער פּראָווינץ, וועלכע האָבן געלייענט מיינע מעמוארן אין „די פּרעסע" זיינען געווען אין סאַלאָן און מען האָט מיך אָוואַציאָנירט און רעדעס זיי־נען געווען, אַ חוץ אַקטיאָרן, חברים פון אונדזער קאָלעקטיוו, זיינען גע־קומען דעלעגאַטן פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס און אויך דער אַקטיאָרן פאַריין האָט זיך באַטייליקט און דער פאַרוואַלטער נחמיה צוקער האָט מיך באַגריסט אַף דער בינע אין נאָמען פון פאַריין און אויסגעטיילט מיט אַ גאָר באַזונדערן סענטימענט, האָט זיך די באַגריסונג פון זינאַ ראַפּעל, מיין יוגנט־חברטע; זי האָט גערעדט אַזוי האַרציק, אַז זי האָט זיך אָנגע־הויבן שטיקן מיט די טרערן און אַ סך פון עולם האָבן זיך אַזוי דורכגע־נומען, אַז זיי האָבן מיטגעוויינט...

די באַגריסונגען זיינען פאָרגעקומען נאָכן שלום פון דער פאָרשטע־לונג, און באַלד דערנאָך, האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָנצערט, אין וועלכן בולאָוו, קאַדיסאָן און מיכאַלעסקאָ, האָבן זיך אויסערגעוויינלעך אויסגע־צייכנט מיט זייערע נומערן, יעדער אַף זיין אופן און איך האָב דערווייל געהאַט געסט אין קאַמאָרין, אַלע האָבן מיך באַגריסט און מיר איז געווען אַפן האַרצן אַזוי גוט און אַזוי טרויעריק און דוכט זיך מיר, אַז די טרערן האָבן זיך אומאויפהערלעך געריסן פון מיינע אויגן.

איך בין אהיימגעקומען פון טעאַטער אַ צעבראָכענער און אַ דער־שעפּטער, סיי פון איבערמוט צוליב דעם געלונגענעם שיינעם יום־טוב און סיי צוליב דעם בייזן צופאַל פון מיין מאַמעס טויט, וואָס האָט געמאַכט, אַז דער יום־טוב זאָל מיר נישט באַקומען אין פולער מאָס... איך האָב מיר אָנגעהויבן אָפּגעבן חשבון פון מיין גאַנץ לעבן און פון מיינע פערציק יאָר שפּילן אידיש טעאַטער און איך האָב געזען, אַז אַלעמאָל איז עס ביי מיר בעגאַנגען אַזוי, אַז ווען איך האָב באַדאַרפט האָבן אַביסעלע פרייד, איז עס געקומען געמישט מיט לייד און פּיין. אַזוי איז דאָס לעבן פון אידישן אַקטיאָר; לייד און פּיין האָט ער אַ סך און ווען עס קומט אַמאָל אַ מאָמענט ווען מען קאָן געניסן אַביסעלע פרייד, מוז זיך אין דעם זיסן פרייד־בעכער אויך אַריינכאַפּן אַ טרויעריק־ביטערן טראָפּן...



# צווייאונפופציקסטער קאַפּיטל

מען צאָלט ברוטאָ־פּראָצענטן און אונדזערע אַקטיאָרן בלייבן די זעלבע קבצנים. — מיט מינאַ אַקסלראָד אין פּראָווינץ פּאַמפּאַ. — מיר ווערן „שטערנזעער". — אַ קאַשמאַרער חלום. — מיר גייען פאַרקויפן בילעטן. — אין באַהיאַ בלאַנקאַ זיינען די בילעטן אויספאַרקויפט. — מיר שיקן אָפּ דעם חוב אין פאַריין. — 46 גראַד היץ. — דער צעגלייטער גאַלפּאַן־טעאַטער. — ענדלעך צוריק אינדערהיים.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און די אַנדערע טעאַטערס האָבן זיך אויך פאַרמאַכט און נישט קוקנדיק וואָס זיי האָבן געהאַט גרויסע סטאַרן, זיינען די איבעריקע אַקטיאָרן אויך נישט געוואָרן קיין גבירים, (ווייל די סטאַרן האָבן אָפּגעשעפּט די סמעטענע מיט די ברוטאָ־פּראָצענטן פון אויבן...) און אָט דרייען זיך שוין אַלע אַרום און מען פּלאַנעוועט וועגן אַרויספאָרן אָף דער פּראָווינץ.

אָבער היינט, גייט עס שוין צו מיט אַ סיסטעם. דער אַקטיאָרן פאַריין שטייט שוין אָף דער וואַך, אַז עס זאָל נישט פּאַסירן ווי פריער, ווען צוויי טרופּעס זיינען געפאָרן אין דערזעלבער ריכטונג און איין טרופּע האָט קאַליע געמאַכט דער אַנדערער און ביידע טרופּעס האָבן דערפון געליטן, נאָר דער פאַריין קאָנטראָלירט דורך פריערדיקע מעלדונגען פון צוזאַמענגעשטעלטע טרופּעס און אויב עס איז שוין פאַראַן אַ מעלדונג פאַר צענטראַל אַרגענטינע, מוז די צווייטע טרופּע פאָרן קיין ענטרע ריאָס אָדער פּאַמפּאַ.

דער אַקטיאָרן פאַריין האָט אויך סטימולירט, אַז טרופּעס זאָלן פאָרן אָף דער פּראָווינץ, צוליב קולטור־טעמים, כדי אויפצוהאַלטן אָף דער פּראָווינץ דאָס אידישע וואָרט, וואָס האָט זיך אין משך פון די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן אויסלעשן און דער פאַריין האָט פאַר סטימול וועגן, אויסגעבאָרגט די טרופּעס אויף הוצאות, וואָס האָט די אַקטיאָרן פיל פאַרלייכטערט אונטערצונעמען די נסיעות.

איך האָב פאַרמירט אַ טרופּע פאַר דער פּ אַ מ פּ אַ און אין מיין טרופּע האָבן זיך באַטייליקט מינאַ אַקסלראָד, שלמה צוקער מיט זיין פרוי אידאַ ראָזנצווייג, דוד קאַפּלאַן, זישע גאָלד, יצחק און סאָניע לאַכמאַן און דער פאַריין האָט אונדז אויסגעבאָרגט 250 פּעזאָס אָף הוצאות און איך

האָב אַלץ צוגעגרייט צום אַרויספאָר, אַף אָנצוהויבן אין קאַראַנעל סואַרעז, איבער באַהיאַ בלאַנקאַ צו דער פּראָווינץ פּאַמפּאַ.

דאָס איז פּאַקטיש אַ לאַנגע און שווערע רייזע, אָבער מיר האָבן אויס־געקליבן די ריכטונג, מיטן אויסקוק, אַז אַזוי וועט זיין בעסער.

אין ק. סואַרעז, זיינען מיר פאַרפאָרן אין דער אַכסניה צום „דייטש", וועלכער האָט קוים געדענקט, אַז ער איז אַ דייטש. אין יענעם ראַיאָן גע־פינען זיך אַגב אַ סך דייטשן, וועלכע זיינען געקומען מיט אַ פּופציק־זעכ־ציק יאָר צוריק און אַ איד האָט אונדז אַפילו געגעבן די עצה, אַז מיר זאָלן שפּילן אַף דייטש, וועלן מיר האָבן אַ גוטן סבאָר...

פילנדיק אַף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גאַנצער חברים־טרופּע, בין איך כמעט נישט געשלאָפן. גאַנץ פרי בין איך שוין געווען אינדרויסן, געקוקט אַפן הימל ווי אַ שטערנזעער און עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן, זעענדיק, אַז דער רעגן הענגט אין דער לופטן.

אונדזער גאַנצער אויסקוק, איז די הכנסה פון קאַראַנעל סואַרעז, וואָס זאָל אונדז דערמעגלעכן צו פאָרן ווייטער, קיין באַהיאַ בלאַנקאַ, וואו מיר דאַרפן שפּילן צוויי טעג שפּעטער און הלואי, עס זאָל אונדז דאָ נישט פאַרעגענען...

אויך שלמה צוקער איז באַצייטנס אויפגעשטאַנען, ער קומט אַרויס און העלפט מיר צו קוקן אַפן הימל און ער טרייסט מיך, אַז עס וועט נ י ש ט רעגענען און צום גליק, האָט זיך דאָסמאָל אַרויסגעוויזן, אַז שלמה צוקער איז אַ בעסערער אַסטראָנאָם, עס האָט טאַקע נישט גערעגנט, אָבער כאָטש די אידן האָבן שוין נישט געהאַט קיין תירוץ, אַז צוליב דער בלאָטע האָבן זיי נישט געקאָנט קומען, זיינען זיי פונדעסטוועגן געקומען זייער ווייניק און מיר האָבן די נאַכט געשפּילט פאַר אַזאַ קליינעם עולם, אַז עס האָט אַפילו נישט געדעקט אַף די נאַכט־הוצאות.

אונדזער לאַגע איז גאָרנישט געווען וואָס מקנא צו זיין. — מיט וואָס וועלן מיר פאָרן ווייטער? און וואָס וועט זיין, אַז מאָרגן וועט זיין נאָך ערגער?

אַזוי האָבן געטראַכט אונדזערע חברים און די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע און בלויז איך איינער, האָב זיך געסטאַרעט אויפצוהאַלטן דעם מוט און איך האָב געטרייסט די חברים, אַז עס וועט שוין זיין גוט.

איך האָב זיך אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אַפן געלעגער און ערשט פאַר־טאָג בין איך איינגעשלאָפן און עס האָט מיך באַלד אָנגעהויבן מאַטערן אַ שווערער חלום, אַז מיר האָבן נישט צו באַצאָלן דעם דייטש פאַרן האָ־טעל און מיר שלאָגן זיך מיט אים, ער וויל אונדז נישט אַרויסגעבן די וואַליזקעס און מיר ווילן זיי אַרויסנעמען אַף כח און מיר לויפן צו דער באַן, דערווייל זעען מיר פונווייטן, אַז דער באַן גייט שוין אַוועק און דאָ

לויפט אונדז נאָך דער דייטש צוזאַמען מיט פּאָליציאַנטן, מען יאָגט אונדז און אונדזערע אַקטריסעס צעווייינען זיך אַף אַ קול און דער לאַנגער דייטש דעריאָגט אונדז און ער לויפט צו גלייך צו מיר און כאַפּט מיך באַם האַלדז און נעמט מיך וואַרגן און איך פיל ווי זיינע לאַנגע פינגער שטיקן מיך ווי צוואַנגען און איך פּרואוו אָנשטרענגען מיינע לעצטע כחות און וויל אויסשרייען: — ראַטעוועט!... ווי איך דערהער פלוצלינג אַ שרעקלעכן קראַך פון אַ דונער, וואָס האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף און איבערגעריסן דעם שווערן חלום...

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַן איינגעטונקענער אין שוויס און געגנוג לאַנג האָט געדויערט, ביז איך בין געקומען צו זיך פון דעם ווילדן חלום און ווען איך האָב זיך שוין געוואָלט אויסטשוכען פון שלאָף, האָט אַ בליץ ווי דורכגעשניטן דאָס צימער און באַלד דערויף האָט עס געגעבן אַזאַ דונער, אַז איך האָב געמיינט, ער האָט אַריינגעשלאָגן אין אונדזער אכסניה.

איך שפּרונג אַראָפּ פון בעט, לויף צו צום פענסטער און זע ווי אַ שלאַקס רעגן פּאַטשט אַף די שויבן און איך זע, אַז דער דונער האָט מיך אַרויסגעריסן פון דעם שווערן חלום, כדי מיר צו ווייזן אַ נאָך ווילדערע ווירקלעכקייט...

וואָס טוט מען? וואָס וועט זיין?... מאָרגן דאַרף מען שפּילן אין באַהיאַ בלאַנקאַ און אויב מיר וועלן דאָ היינט נישט קענען שפּילן, מיט וואָס און ווי אַזוי וועלן מיר מאָרגן קענען זיין אין באַהיאַ בלאַנקאַ?

ענדלעך האָבן מיר זיך אַביסל געמוטיקט און אָנגעהויבן באַטראַכטן די לאַגע און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דאָ העלפן נישט קיין חכמות, מיר מוזן דינגען אַ קאַטש און אַרומפאָרן פאַרקויפן בילעטן צו דער היינטיקער פאָרשטעלונג.

קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען, איז געזאָגט, געטאָן. שלמה צוקער ברענגט אַ קאַטש און מיר פאָרן אַרום און ווי אויף צו להכעיס, פאַרשטאַרקט זיך נאָך דער רעגן, נאָר מיר לאָזן זיך נישט טעראָריזירן פון דער בייזער נאַטור, מיר פאָרן צו צום ערשטן אידן און מיר גייען אַריין.

איך הויב אָן ריידן: — אַנטשולדיקט, ליבע אידן, פאַר אונדזער אומגעוווינטשעגעם באַזוך אין אַזאַ אומגליקלעך וועטער. מיר זיינען אידישע אַקטיאָרן. מיר האָבן דאָ נעכטן געשפּילט... — און מיר דאַרפן דאָ היינט אויך שפּילן, כאַפּט אונטער שלמה צוקער; — ווייל מאָרגן דאַרפן מיר שפּילן אין באַהיאַ בלאַנקאַ און ווי איר זעט, דאָס וועטער, עס וועט אייך גאָרנישט העלפן, איר מוזט קויפן בילעטן... און טאַקע אַפן מאָמענט, האָלט איך שוין דאָס פּעקל בילעטן אין האַנט און וואַרט נאָר אַפן ענטפער פון דעם איד.

— וויפיל קומט אייך? — פרעגט דער איד און אונדז ווערט שוין לייכטער אפן הארצן און אזוי פארן מיר פון איין איד צום אנדערן און אידן זיינען דאך פארט „בני רחמנים" הייסן זיי זיך געבן בילעטן און פרעגן וואס עס קומט און אט האבן מיר שוין געלייזט גאנצע הונדערט פע־זעם און מיר ווערן מוטיקער און מיר פילן נישט ווי די נעץ האט אונז שוין דורכגעדרונגען ביז צו די ביינער און ווען מיר קומען אריין צו א אידן, זיינען מיר שוין ביידע באריידעוודיק און אזוי האבן מיר ביז מיטיק, כמעט געהאט אויספארקויפט דאס גאנצע ביסל בילעטן.

גאך אזא שטיקל ארבעט, האבן מיר זיך דערוואַרימט מיט א גוט גלעזל בראנפן און מיר זיינען האפערדיקע צוריקגעקומען אין האטעל און געגעסן מיט א גוטן אפעטיט אונדזער מיטיק און די גאנצע טרופע האט מיט נייגעריקייט אויסגעהערט אונדזערע איבערלעבונגען בעתן ארומפארן פארקויפן די בילעטן און דערוויל האט זיך נאכמיטיק אויסגעלייטערט און די זון האט נאך באוויזן אויסצוטריקענען די גאסן און באנאכט האט דער עולם געגומען שטראמען אין סאלאן אריין און מיר האבן מיט א פיינעם געמיט אפגעשפילט א שיינע פארשטעלונג און מיר האבן שוין געהאט אי צו באצאלן דעם דייטש פארן האטעל מיט פענסיאן און אי אף באן־בילעטן קיין באהיא בלאנקא...

אין באהיא בלאנקא האט מיך דערווארט א גאר באזונדערע איבערא־שונג.

ווען באהיא בלאנקא האט מיר מארינאוו אמאל געהאט געזאגט, אז מען פארט אריין אין דעם שטעטל, איז מען נישט זיכער, אז מען וועט האבן אף הוצאות צוריק ארויסצופארן...

ארויסגעוויזן האט זיך אבער אנדערש; ווען מיר זיינען אנגעקומען אין ב. בלאנקא, איז אונדז אנטקעגנגעקומען דער איד, וועלכער האט זיך אונטערגענומען פארויס צו פארקויפן בילעטן און ער פרעגט אונדז צי מיר האבן נאך בילעטן.

די פראגע האט דער איד געשטעלט מיט אזא פארצווייפלטער מינע, אז מיר האבן זיך דערשראקן. — וואס איז געשען? פרעג איך און דער איד ענטפערט: — איך האב דאך שוין נישט קיין בילעטן, אלץ אויס־פארקויפט און איך קאן פארקויפן נאך...

איך קוק אף שלמהן און שלמה אף מיר און מיר באשליסן, אז מען דארף אים געבן דאס פעקל בילעטן פאר מארגן און שלמה דערלאנגט אים דאס פעקל. — יא, אבער די בילעטן, זאלט איר וויסן, דארפט איר פאר־קויפן פאר דער מארגנדיקער פארשטעלונג...

— און אף היינט, האט איר נישט מער קיין בילעטן? איך האב אזוויפיל קונים אף היינט...

א ון עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער איד ווייס אפילו נישט, אז צו

אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג מוז מען פאַרקויפן בלויז ביז אַ באַשטימטע צאָל בילעטן, וויפיל דער סאַלאָן האָט פּלעצער...

מיר האָבן דעם איד אויפגעקלערט און ער האָט גענומען די בילעטן אַף מאָרגן און מיר זיינען אַריין צו די איבעריקע חברים מיט דער בשורה, אַז די בילעטן פאַר היינט, זיינען שוין אויספאַרקויפט...

אונדזערע אַקטיאָרן האָבן זיך געפרייט ווי קליינע קינדער און מינאַ אַקסלראד גיט אַ זאָג מיט פּאַטאָס, אַז איצט דאַרף מען דאָס ערשטע אָפּשיקן אין פאַריין די אויסגעבאָרגטע 250 פּעזעס און זאָלן דאָרט די חברים זען, אַז אַבי מען מאַכט געשעפט, שיקט מען באַלד אָפּ...

עס איז געווען אַ שטיקל חלוקי־דעות וועגן דעם, אַנדערע האָבן געמיינט, אַז מיר דאַרפן האַנדלען פאָרזיכטיקער, טאָמער מאַכט זיך נאָך שלעכטס, אָבער איך, שלמה צוקער און די אַקסלראד, מיר האָבן געוואָלט אָפּשיקן, ערשטנס אַלס דיסציפּלינירטע חברים, טאָמער דאַרף מען אין פאַריין דאָס געלט פאַר אַן אַנדער טרופּע און צווייטנס, זאָלן זיי דאָרט זען, אַז מיר מאַכן גוטע געשעפטן...

אין אָוונט האָבן מיר געשפּילט „די בלינדע מאַמע", די מעלאָדראַמע האָט זייער שטאַרק אויסגענומען און דער עולם האָט געיובלט פון עמאָציע און מען האָט שוין געקויפט בילעטן אַף דער מאָרגנדיקער פאָרשטעלונג, אונדזער בילעטן־פאַרקויפער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן און שלמה צוקער האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן און אַזוי האָבן מיר אין באַהיאַ בלאַנקאַ געשפּילט דריי גוט אויספאַרקויפטע פאָרשטעלונגען און מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג.

די רייזע איז געגאַנגען ווייטער. וואו עס האָט אונדז אָפּגעגליקט מיט שיינע וועטערן און גוטע הכנסות און וואו עס האָט אונדז פאַרעגנט און עס זיינען געווען אויך טעג, ווען די זומערדיקע זון האָט שוין צופיל געשיינט און מיר זיינען שיער נישט אויסגעגאַנגען פון היץ... אין ריווערא, האָבן מיר געהאַט אַ שבת מיט 46 גראַד היץ און דער בלעכענער דאַך פון טעאַטער האָט זיך פון דער זון אַזוי אָנגעגליט, אַז מיר האָבן געמוזט דינגען מענטשן זיי זאָלן גיסן וואַסער אַפן דאַך און אָפּקילן אים, אַז מען זאָל קענען אַריינגיין אין סאַלאָן...

זייער שווער זיינען געווען די באַדינגונגען פון אונדזער דעמאָלטיקער רייזע. מיר האָבן געליטן אין פאַרשידענע הינזיכטן, סיי פון שלעכטן עסן אין די האָטעלן, סיי פון די היצן און סיי פון רעגן, אָבער מיר האָבן דאָס אַלץ גענומען פאַר ליב, ווייל מיר האָבן פאָרט דערגרייכט אונדזער וואונטש. מיר האָבן דורכגעפירט אונדזער טורנע מיט דערפאָלג און אָט קערן מיר זיך אום בשלום יעדער אין זיין היים, וואו מען וועט זיך שוין קענען אויסרוען אין די אייגענע בעטן און אָפּעסן אַ היימישן מאָלצייט, און דערציילן זיך די איבערלעבונגען אַף דער פּראָווינץ, אין פריידן...

# דרייאונפופציקסטער קאפיטל

דער פאריין אלס גאנצער און חברים אין גרופעס. — טעאטער „קאליסעא" מיט מארים שווארץ. — איך שפיל דעם „קברן" אין „יאשע קאלב". — מען אנגאזשירט נאך א טרופע „עו גלאבא". — מען בייט ראלן. — לאזאר פריד מוז אוועקפארן. — מידעם אוואנטורע-געשעפט. — אנשל שאר און דארא וויסמאן. — א חודש מיט גד זשעלאזא.

דער אקטיארן פאריין, אין וועלכן אלע מיטגלידער האבן זיך גערופן חברים, האט נאך נישט געקאנט באווייזן, אז אלע זאלן טאקע אף אן אמת ווערן חברים.

די מיטגלידער האבן זיך גרופירט אין גרופעס און אפילו די פאר-וואלטונג גופא, איז אויך געווען געטיילט, וואס מאנכע פארוואלטונגס-מיטגלידער האבן געצויגן אין איין זייט און מאנכע אין אן אנדערער.

עס קאן זיין, אז דווקא אין דעם איז באשטאנען די מעלה פון דער פארוואלטונג, וואס אין איר זיינען געווען פארטראטן אקטיארן פון אלע גרופירונגען און ווען עס האבן זיך פארמירט טרופעס פארן סעזאן, האט יעדע טרופע געהאט אירע פארשטייער אין דער פארוואלטונג און אזוי ארום איז אויפגעהאלטן געווארן א גלייכגעוויכט, אבער בעתן פארמירן זיך פון טרופעס, האט די פארוואלטונג נאך נישט באוויזן צו האבן קיין שום השפעה און עס האט געקאנט טרעפן, אז דווקא די בעסערע אקטיארן זאלן בלייבן די לעצטע אריינגענומען צו ווערן אין א טרופע...

איך אליין בין אויך געווען אין דער פארוואלטונג און כאטש איך בין נישט אינגאנצן מסכים געווען צו אלץ, האט אבער דער ארגומענט, אז אין אן ארגאניזאציע זיינען אלע מיטגלידער גלייך און מיט גלייכע רעכט, מיך באוואויגן אונטערצואווארפן דער מאיאריטעט.

עס האבן זיך פארמירט טרופעס. פארן עקסעלסיאר, איז שוין אלץ געווען פארטיק. עס האט זיך פארמירט א פעסטע חברים-טרופע, וועלכע האט שוין געהאט אנגאזשירט סערעבראוון און לוסי פינקל אלס סטארן. אויך פארן טעאטער „ארגענטינע" איז שוין געווען א טרופע און באשטימ-טע סטארן — אנשל שאר און דארא וויסמאן. געבליבן זיינען נאך א היפשע צאל פרייע אקטיארן, וועלכע זיינען אבער נישט בכח געווען זיך צו ארגאניזירן אין א טרופע און ערשט ווען די דערמאנטע צוויי טעאטערס

האבן שוין אקטואירט מיט זייערע סטאר־געסט, האט זיך דערהערט א קלאנג, אז מען האט געדונגען דעם גרויסן טעאטער „קאליסעא״ און מען ברענגט דעם דירעקטאר פון ניויארקער קונסט־טעאטער מאריס שווארץ.

דער עמפרעסאר אדאלף מידע, האט איינגעלאדן אקטיארן צום פאר־האנדלען און ער האט אנגאזשירט אלע אקטיארן און חוצדעם, האט ער נעגעבן אן אנאנס אין די ציימונגען, אז עס זאלן זיך מעלדן אקטיארן און סטאטיסטן...

מידע האט מיך אנגאזשירט און אין זעלבן טאג האט ער אויך אנגא־זשירט זישע גאלד, דוד קאפלאן, די היינט שוין אפגעשיידטע אהרן לאגער און איזידאר און קלארא צוקערמאן און רפאל גוטהארץ און זיי צו לאנגע יאר — משה אויערבאך, הערמאן לאסטער, מישא שווארץ, מערי מארקא־ציפקום און אנדערע.

אף די אנאנסן האבן זיך אפגערופן א מאסע בחורים,ליידיקגייער, ארבעטסלאזע פון אלע מינים פראפעסיעס און דער טעאטער „קאליסעא״ האט באקומען דעם אויסזען ווי עפעס אן אימיגראנטישע ארבעטס־ביורא.

ענדלעך זיינען אנגעקומען א טייל פון די קינסטלער־געסט. דאס זיינען געווען לאזאר פריד, וועלכער האט באדארפט אנהויבן די פראבן פון „יאשע קאלב״, בנציון קאץ, דער געהילפס־רעזשיסאר און אפעראטאר פון די ליכט־עפעקטן און מארגאט גאלדשטיין.

מאריס שווארץ מיט נאך א יונגער אקטריסע, יהודית אבארבאנעל, האבן באדארפט נאכקומען.

מיר זיינען צוגעטראטן צו דער ארבעט און עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די פיעסע „יאשע קאלב״ פאדערט א גאר גרויסן פערסאנאזש און לאזאר פריד האט נעבעך געמושטירט די הונדערטער יונגעלייט וואס זיינען געקומען אף די אנאנסן, אבער ער האט צווישן זיי נישט געפונען קיין פעאיקע פאר שפילן ראלן.

פונדעסטוועגן, האט מען פארטיילט די הויפט־ראלן און פריד האט מיר צוגעטיילט די ראל פון „קברן״, זאגנדיק מיר, אז די ראל האט אין ניויארק געשפילט איזידאר קעשיר.

ווען מאריס שווארץ איז ענדלעך אנגעקומען, האט זיך ערשט אנגע־הויבן דער אמתער טומל. שווארץ האט געפאדערט נאך אקטיארן, ווען נישט קאן ער נישט שפילן און מידע האט אנגעהויבן צוריידן מאנכע אקטיארן פון טעאטער „ארגענטינע״, אז אזוי ווי די געשעפטן גייען אלצ־אייגם זייער שלעכט, זאלן זיי עוקר זיין פון טרופע און בעסער זיך צו אים אנגאזשירן אף גאזשע, אבער דער אקטיארן פאריין איז געשטאנען אף

דער וואָך, אַז אַ מיטגליד פון טרופּע טאָר נישט דעזערטירן, סיידן די גאַנצע טרופּע וועט זיך אויפלייזן.

די געשעפטן אין טעאַטער „אַרגענטינע" זיינען טאַקע געגאַנגען אַזוי שלעכט, אַז די טרופּע האָט שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן, אָבער באַפרייען אַ טייל בלויז, וואָלט געמיינט, אַז די איבעריקע מוזן בלייבן אינגאַנצן אַרבעטסלאָז און דעריבער האָט זיך די טרופּע נישט געוואָלט אויפלייזן.

דער פאַריין האָט דעמאָלט אינטערוועניִרט און באַקומענדיק די פאַרזיכערונג פון דער עמפּרעסע מיט מאָריס שוואַרץ, אַז עס וועט אַנגאַזשירט ווערן די גאַנצע טרופּע פון טעאַטער „אַרגענטינע" „ען-גלאָבאָ", האָט זיך די טרופּע מיט דער צושטימונג פון אַנשל שאָר און דאָראַ ווייסמאַן, אויפגעלייזט און די אַקטיאָרן זיינען טאַקע אַלע צוזאַמען אַריבער צו די שוין פריער אַנגאַזשירטע, אין טעאַטער „קאַליסעאָ".

מאָריס שוואַרץ האָט אַזוי אַרום געהאַט אַ טרופּע פון עטלעכע און דרייסיק אַרטיסטן, וואָס אַזוינס איז געווען צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע און ער האָט ערשט אַפּסניי גענומען גרייטן דעם גרויסן ספּעקטאַקל „יאָשע קאַלב".

מאָריס שוואַרץ האָט אָנגעהויבן צונעמען די פון פרידן שוין פאַרטיילטע ראָלן און זיי אָוועקגעבן צו אַקטיאָרן פון דער ניי-אַנגאַזשירטער טרופּע און עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ סך קנאה-שנאה און עגמת-נפשן און אויך אַף מיין ראָל האָט מען זיך אָנגעהויבן „קוואָפּען" און מידע, וועלכער האָט צו מיר געהאַט עפּעס אַ טענה, האָט אויך צוגעהאָלפן, אַז שוואַרץ זאָל ביי מיר צונעמען די ראָל, אָבער שוין נאָך דער ערשטער פּראָבע מיט שוואַרצן, ווען ער האָט געזען ווי אַזוי איך אינטערפּרעטיר די פאַראַנטוואָרטלעכע ראָל אַלס קבֿרן, האָט ער אַ זאָג געטאָן — „אַלרייט!..." און איך בין געבליבן מיט מיין ראָל.

אין יענעם טאָג, בעת דער אַזוי גערופענער „עקזאַמען-פּראָבע" פון מאָריס שוואַרץ, איז ביי אַ סך אַקטיאָרן פאַרצאַפּט געוואָרן בלוט. אַז אַ שום איינזען האָט שוואַרץ ביי די אַקטיאָרן וואָס זיינען פריער אַנגאַזשירט געוואָרן, צוגענומען די ראָלע און זיי אָוועקגעגעבן גרעסערע מיוחסים פון די ניי-צוגעקומענע אַקטיאָרן פון טעאַטער „אַרגענטינע". ביי דוד קאַפּלאַן האָט מען צוגענומען אַ ראָל כאָטש ער האָט די ראָל געקענט אויסגעצייכנט גוט און מען האָט אים געגעבן אַן אַנדערע, אַ קלענערע ראָל, וואָס פאַר אַ יונגן אַקטיאָר מיט אַמביציע, איז דאָס פּשוט אַ טראַגעדיע.

די פּראָבן אונטער דער רעזשי פון מאָריס שוואַרץ, האָבן זיך געצויגן כמעט די גאַנצע 24 שעה אין מעת-לעת. נישט געווען קיין צייט, אַפילו צו גיין אָפּעסן אַ מיטיק.

ענדלעך איז פאָרגעקומען די פּרעמיערע פון „יאָשע קאַלב“ און דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם און יעדע נאַכט איז דער „קאַליסעאָ“ געווען פול געפּאַקט.

צום גליק, האָב איך אין דער ראָל אַלס „קברן“ אויסגענומען און דאָס האָט מיינע נישט-פאַרגינער זיכער נישט פאַרשאַפט קיין נחת...

מאָרים שוואַרץ, האָט ווייזט אויס געוואָלט ווייזן נאָך אַנדערע פּיעסן און ווי נאָר „יאָשע קאַלב“ איז געוואָרן אַ קאָפּיטשקע שוואַכער באַזוכט, האָט ער שוין געשטעלט „אַנקל מאָזעס“ און די אַקטיאָרן מיט עלנבויגנס האָבן אויסגעקעמפט ביי שוואַרצן די בעסערע ראָלן. אָבער מיך האָט עס נישט געאַרט, ווייל אלצאיינס, האָט עס געהייסן, אַז דער סעזאָן איז נאָר אויף זעקס וואָכן און איך האָב זיך געמוזט אַ טראַכט טאָן: — און וואָס וועט זיין אַז איך וועל שוין שפּילן אַ גרעסערע ראָל? וועט עס מיר דען קלעקן אַז איך זאָל דערפון האָבן פּרנסה אַ גאַנץ יאָר?...

פונדעסטוועגן, ווען מאָרים שוואַרץ האָט מיך איינמאָל, בעת אַ פּראָבע פון „אַנקל מאָזעס“ אומזיסט און אומנישט באַליידיקט, האָט עס מיר ווי געטאָן ביז אין דער זיבעטער דיפ און איך האָב אים דעמאָלט גוט אויסגעזידלט.

מאָרים שוואַרץ האָט זיך אפילו פאַרענטפערט און מיר פאַרזיכערט, אַז ער איז נישט אויסן געווען מיך צו באַליידיקן, פונדעסטוועגן, ווייל איך האָב זיך באַליידיקט, האָט ער מיר דערפאַר מער נישט געגעבן קיין ראָל, בעת אַנדערע האָבן געשפּילט צו עטלעכע ראָלן.

בּאַ די לעצטע פאָרשטעלונגען פון „יאָשע קאַלב“, איז דער גאַסט-ליקער לאַזאַר פריד קראַנק געוואָרן און מען האָט אים געמוזט פאַרטרעטן און שוואַרץ האָט געשיקט רופן קאַפּלאַנען, און נאָך קוים עטלעכע שעה פּראָבע, איז קאַפּלאַן אויפגעטראָטן אין דער טיטל-ראָל פון דעם גרויסן ספּעקטאַקל.

מאָרים שוואַרץ האָט דעמאָלט אפילו נישט געלאָזן אַנאָנסירן פאַרן עולם, אַז פריד שפּילט נישט, ער האָט געזאָגט, אַז קאַפּלאַן איז זייער גוט אין דער ראָל און עס וועט אדורכגיין אָן דעם אַנאָנסירן.

און קאַפּלאַן איז טאַקע געווען זייער גוט און קיינער פון עולם האָט נים געפרעגט קיין שאלה און ס'איז נאָר פאַרדריסלעך, וואָס מאָרים שוואַרץ האָט אַזויפיל יאָר שפּעטער דערמאָנט אין זיינע זכרונות וועגן אַרגענ-טינע, דעם פאַל ווען קאַפּלאַן האָט געמוזט פאַרטרעטן פרידן און ער מאַכט פּשוט חוזק פון קאַפּלאַנען, פון דעמזעלבן קאַפּלאַן, וועלכן ער האָט געלויבט און אויך אַנדערע טעאַטער-מבינים האָבן אים דעמאָלט געגעבן אַנערקענונג.

מיטן אַראָפּנעמען „יאָשע קאַלב“ פון דער בינע, האָבן זיך געענדיקט

די געשעפטן אין „קאָליסעאָ". די איינאָמעס זיינען אַוועקגענומען געוואָרן ווי מיט אַ געהיימער האַנט. דער עולם האָט נישט געוואָלט זען מאָריס שוואַרץ אין זיינע אַנדערע פּיעסן און ווייל דאָס גאַנצע געשעפט וואָס אַדאָלף מידע האָט געמאַכט מיטן קאָליסעאָ, איז געווען נישט מער ווי אַ גרויסע אַוואַנטורע, איז נאָך די געשעפטן טאַקע געבליבן בלויז די אַוואַנטורע.

עס קאָן זייער מעגליך זיין, אַז מידע איז נישט אויסן געווען צו פאַרדינען געלט מיט מאָריס שוואַרץ און דעריבער האָט אים נישט געאַרט וואָס ער מאַכט אַ געשעפט, וואָס דאַרף קאָסטן הונדערט מיט פערצן פּראָצענט ברוטאָ-הוצאות, וואָס דאָס מיינט אַ זיכער באַנקראָט-געשעפט, עס קאָן זיין, אַז מידע האָט זיך דעמאָלט באַפרידיקט מיט דער בלויזער סאַטיספאַקציע, וואָס ער האָט באַוויזן צו ברענגען מאָריס שוואַרצן קיין ב. איירעס און אָנפירן מיט אַ טעאַטער און מיט אַ טרופּע פון אַריבער פערציק שוישפּילער. און דאָס האָט מידע טאַקע באַוויזן.

איינזעענדיק, אַז אַ חוץ „יאָשע קאַלב" האָט ער נישט קיין אַנדערע סענסאַציע-פּיעסן, האָט מאָריס שוואַרץ גענומען „באַקן" פּיעסעס און כמעט יעדן טאָג האָט ער אויפגעפירט אַ נייעם ספּעקטאַקל. די אַקטיאָרן האָבן געאַרבעט משוגענערווייז, אַ דאַנק די צוזאָגן פון שוואַרצן צו דעם און צו יענעם, אַז ער וועט זיי אַריבערנעמען קיין ניו-יאָרק... פאַר אַזאַ פּרייז, האָבן זיי געהאָרעוועט איבער ראָלן, וועלכע זיי האָבן מיט איין טאָג פריער, באַדאַרפט שפּילן.

געענדיקט מיט די פאַר וואָכן אין „קאָליסעאָ", האָט מאָריס שוואַרץ איבערגעלאָזן די טרופּע און ער האָט זיך איינער אַליין, מיט מידען אַלס זיין עמפּרעסאַר, אַרויסגעלאָזן אַף דער פּראָווינץ, גלויבנדיק, אַז ער וועט מיט זיינע קאָנצערט-פּראָגראַמען איינער אַליין פאַרדינען ביי די פּראָווינץ-אידן דאָס גאַנצע געלט; ער האָט אָבער אין דעם פּרט געמאַכט אַ גאָר גרויסן טעות, די פּראָווינץ האָט נישט ליב צו זען האַלבע זאַכן, אָדער אַ טרופּע, אָדער גאָרנישט און מאָריס שוואַרץ איז צוריקגעקומען קיין ב. איירעס, איבעררייסנדיק פּלוצלינג זיין פּראָווינץ-טור.

מאָריס שוואַרץ איז אַוועקגעפאָרן קיין ניויאָרק און אונדזערע אַקטיאָרן האָבן זיך נאָך דעם קורצן סעזאָן פון קונסט-טעאַטער אַרומגעדרייט ליידיק און ווילי גאָלדשטיין, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע נייגונג צו געשעפטפירעריי ביי טעאַטער, האָט געוויזן וואָס ער קאָן און ער האָט אָפּגעמאַכט מיט אַנשל שאָר און דאָראַ ווייסמאַן פאַרן „מיטרע"-טעאַטער און ער האָט שוין צוזאַמענגעשטעלט אַ טרופּע אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און איך בין אויך געווען פאַרעכנט אין איר.

ווילי גאָלדשטיין איז דווקא געווען פּאָרזיכטיק, ער האָט אָפּגעמאַכט

מיט אנשל שאר, צו צאלן א היפשן פראצענט, אבער נאר פון די נעטא־פארדינסטן; נאר דאנקען גאט, עס איז נישט געווען זיך מיט וואס צו טיילן...

א גרופע אקטיארן האט געטראפן א נס; עס האבן זיך אפגעזוכט פערזאנען וועלכע האבן געוואלט פראטעזשירן דעם געוועזענעם סטאר גד זשעלאזא און זיי האבן פאר אים געדונגען דעם טעאטער „ארגענטינע” און אנגאזשירט פאר אים א טרופע, אף א חודש צייט.

דער אקטיארן פאריין איז געשטאנען אף דער וואך, אז די גאזשע פארן חודש זאל זיין געזיכערט און דאס איז פאר די אנגאזשירטע אקטיארן געווען א גאנץ גוט לעקעכל, אבער טאקע בלויז אף דעם איינעם חודש, ווייל די געשעפטן האבן „נישט געהאט קיין טעם”...



# פיראונפופציקסטער קאפיטל

צוליב אמביציע טרעטן מיר צו צו א שלעכט געשעפט. — אורי־ אינג גראסמאן און דיינע גאלדבערג. — בן־עמי בערטא גערסטין און יעקב מעסטל. — מיר דערפילן אונדזערע פארפליכטונגען און אליין בלייבן מיר מיט גארנישט. — מיר פארן קיין ענטרע ריאס. — „דער קליינער באנדיט" — דאס בייטן נעמען פון פיעסן. — א טעאטער וואס איז א גאנץ יאר א נעסט פאר פייגל. — מיר ווארטן אף שבת און שבת קומט א שטורם־ווינט. — מיר פארן קיין אובאכיי. — א טראקטאר ראטעוועט אונדז ארויס פון א זומפ...

זייער אפט, טרעטן אקטיארן צו גאנץ באוואוסטזיניק, צו שלעכטע טעאטער־אונטערנעמונגען.

עס קאן זיין, אז דאס איז דערפאר, ווייל אקטיארן מוזן שפילן טעא־טער, ווייל טעאטער, איז די לופט מיט וועלכער זיי אטעמען.

מיט א זייער פיינעם אפקלויב איז צונויפגעשטעלט געווארן א טרופע פאר דעם טעאטער „ארגענטינע". די איניציאטארן זיינען געווען: — מרים לערער, לעא האלפערן, אדאלף שטרייטמאן און איך און צו אונדז, האבן מיר צוגעצויגן סאשא ראזנטאל מיט קאטיא פלאווינא, יוסף מאורער, פוי־לינא טאכמאן, אסתר לוסטיק, הדסה האלפערן, קלארא שטרייטמאן און אנדערע און אלס דיריזשאר — יעקב שקליאר.

מיר האבן אויך שוין געהאט אפגעמאכט מיט געסט, אורווינג גראס־מאן מיט דיינע גאלדבערג האבן געזאלט קומען די ערשטע און דערנאך האבן מיר געהאט אויסזיכטן אף בן־עמי מיט בערטא גערסטין.

דאס טעאטער האבן מיר גענומען אף זייער שווערע באדינגונגען און דאך זיינען מיר געקראכן מיט א געזונטן קאפ אין א קראנק בעט אריין...

בויען אין ארגענטינע א טעאטער־סעזאן, מוז מען קודם־כל האבן געלט און אן געלט, מוז מען זיך לאזן שטיקן פון דעם טעאטער־באלעבאס, וועל־כער שטעלט זיך א גרויסן ברוטא־פראצענט פאר דירה־געלט און ער נעמט נאך יעדן אוונט אראפ א היפשע מטבע אלס דעפאזיט און די סטארן נעמען דאך אויך ברוטא פראצענטן און פאר דעם רעשט פון די הכנסות, דארף מען דעקן אלע איבעריקע הוצאות, ווי דעקאראציעס, קאסטיומען, עלעקט־ריש ליכט, מאשיניסטן, עלעקטריציסטן, פארטיערן און פראפאגאנדע מיט

אַוויסעם מיט נאָך און נאָך הוצאות און עס דאַרפֿן זיין גאָר גרויסע איינאַ־מעס, וואָס זאָלן קענען דעקן אַזאַ בודזשעט.

מיט גרויס פֿלייס און ערנסט זיינען מיר צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די אַמעריקאַנער געסט האָבן געבראַכט אָפּערעטן און די אָפּערעטן זיינען געווען געבויט אַף אויפֿרווינג גראָסמאַנס קונסט און דוכט זיך, אַז ביידע זיינען דאָך אַ וואויל אַרטיסטן־פּאָרל, גראָסמאַן איז דאָך אַ פֿיינער זינגער און דיינע גאָלדבערג איז דאָך אַ קוועקזילבער אַף דער בינע און דאָך, קיין געשעפֿטן האָט מען מיט זיי נישט געמאַכט און כסדר איז עס געוואָרן ערגער, ביז עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דער אַקטיאָר האָט נישט גע־האַט די צען סענט אַהיימצופֿאָרן פֿון טעאַטער מיטן טראַמוויי...

איך האָב דעמאָלט געזוכט צו דערגיין די סיבות פֿאַרוואָס די גע־שעפֿטן זיינען אַזוי שלעכט און עס איז מיר איינגעפֿאַלן דער געדאַנק, אַז דאָס איז אפֿשר דערפֿאַר, ווייל די געסט זיינען צוויי און אפֿשר, ווען גראָס־מאַן זאָל נישט בויען די אויפֿפֿירונג אַף זיך אַלס הויפּט־סטאַר, וואָלט געווען בעסער, ווייל נאָך אַלעם, האָט דאָך דיינע גאָלדבערג זייער שטאַרק אויס־גענומען מיט איר האַרציקן און נשמהדיקן שפּילן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט צו ראַטעווען, און מיר האָבן טאַקע נאָר מיט עקשנות, באַוויזן אויפֿצוהאַלטן זיך, ביז עס זיינען אָנגעקומען די נייע געסט.

מיט בן־עמי און בערטאַ גערסטין, איז אויך געקומען יעקב מעסטל, אַלס רעזשיסאָר. מיר האָבן זיך מיט באַנייטע כוחות אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון די פּראָבן פֿון דעם בעסערן רעפּערטואַר, אונטער דער רעזשי פֿון דעם אמתן טעאַטער־פּעדאַגאָג יעקב מעסטל.

עס האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן דער סעזאָן פֿון דערהויבנדיקע קונסט־פֿאָרשטעלונגען. עס איז איבעריק אויסצורעכענען יעדע פּיעסע באַ־זונדער, אָבער עס דאַרפֿן דערמאָנט ווערן די פּרעכטיקע אויפֿפֿירונגען פֿון „פֿאַנטאַמאַרע", „פּראָפֿעסאָר מאַמלאָק", „אידיאָט", וועלכע זיינען געווען אויסדרוקן פֿון גאָר גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונגען.

בן־עמיס פֿאָרשטעלונגען האָבן געבראַכט אין טעאַטער אַ גאָר נייעם עולם און אונדזער אַקטואַציע אין דעם פֿיינער קונסט־רעפּערטואַר, האָט אונדזער טעאַטער אַרומגעהילט מיט יום־טובדיקייט און אַפֿילו דער טייל פֿון אונדזערע חברים, וועלכע זיינען געניגט געווען צום לייכטן רעפּער־טואַר, האָבן אויך אָנגעהויבן פֿילן אַז איצט שפּילן זיי אמת טעאַטער, טעאַ־טער וואָס דערהויבט צו גייסטיקער באַפֿרידיקונג.

אָבער, די דערהויבנקייט האָט בלויז אָנגעהאַלטן זעקס וואָכן. עס האָט זיך געמאַכט, אַז בערטאַ גערסטין האָט באַקומען אַ דרינגנדיקע טעלעגראַ־מע, אַז זי מוז צוריקקומען קיין ניויאָרק און מיט איר אָוועקפֿאָרן האָט זיך אונדזער געשעפֿט אַ וואַקל געטאָן און כאָטש בן־עמי מיט מעסטל האָבן

ווייטער אַנגעפירט מיט דער שיינער אַרבעט און בן־עמי האָט ווייטער אויפגעגלאַנצט מיט זיינע קרעאַציעס, אָבער די קאַסע האָט אָנגעהויבן ליידן אַף שווינדזוכט, דער מאַטאַר איז עפּעס קאַליע געוואָרן און עס האָט מער נישט געהאָלפן אונדזער אַנשטרענגונג. מיר האָבן זיך נאָך געמוטשעט איבער אַ חודש און מיר זיינען נאָכגעקומען אַלע אונדזערע פאַרפּליכטונגען צו בן־עמין, אַפילו די צוגעזאָגטע אומזיסטע אַוונטן פאַר מעסטל און בן־עמי זיינען מיר נאָכגעקומען און מיר האָבן דעם סעזאָן פאַרענדיקט מיט אַ היפשן דעפיציט, וואָס איך קאָן זיך נישט דערמאָנען, ווי אַזוי ער איז געדעקט געוואָרן און צי ער איז איבערהויפּט געדעקט געוואָרן...

פאַר דער וועלט האָט עס געהייסן, אַז מיר האָבן פאַרענדיקט לייטיש. מיר האָבן אונדזערע געסט באַגלייט צו דער שיף, צו זייער אָפּפאָרן, הילכיק און פריידיק האָבן מיר זיך מיט זיי געזעגנט בא דער שיף, נאָר צוריק אַהיים, זיינען מיט געגאַנגען מיט פאַרקלעמטע געמיטער, באַטראַכטנדיק זיך, אַז איצט זיינען מיר געבליבן אָן שיין טעאַטער און אָן מיטל צום לעבן...

נאָך עטלעכע טעג אויסטשוכען זיך, האָט מיך מיין אומרו ווידער געשטויסן עפּעס אויפצוטאָן און כאָטש עס איז נאָך געווען צו פרי, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן צונויפשטעלן אַ טרופּע פאַר ענטרע ריאָס.

איך האָב זיך דורכגעשריבן מיט די טעאַטער־פּריינט פון די שטעטלעך אין ענטרע ריאָס און זיך פאַרגרייט מיט סאַלאָנען און דערוויל האָב איך זיך פאַמעלעך ווערבירט אַ פיינע חברים־טרופּע מיט אסתר ראַפעל, זלמן הירשפעלד, אַנדזשע ראַפעל, חנה פעלדבוים, אסתר לוסטיק, אַבראַשאַ לעווין, דוד קאַפּלאַן, יוסף שיין און אַלם סופליאַר איז מיטגעפאָרן דער שרייבער און איבערזעצער חיים בראַקאַזש. די טרופּע איז באַשטאַנען פון צען מיטגלידער און דערווייסנדיק זיך, אַז אויך די „עקסעלסיאָר"־טרופּע גרייט זיך צו פאָרן אין דערזעלבער פּראָווינץ, האָבן מיר זיך איינשטודירט אַ פיינעם פּאַסיקן רעפּערטואַר, מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן זיכער אויסנעמען.

צווישן די פּיעסן האָבן מיר אויך געהאַט גאָרדינס פּיעסע „כאַסיע די יתומה" און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן, לויט דעם פאַריינס־באַשלוס, מיט צען טעג פריער, פאַר דער עקסעלסיאָר טרופּע.

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן גלייך מיט אונדז אָנגעהויבן רעקלאַמירן זייער טור און זייערע אַפישן זיינען אַף דער פּראָווינץ אַרויסגעהאַנגען געוואָרן גלייכצייטיק מיט אונדזערע, וואָס דאָס איז שוין געווען אַף זיכער, אַז עס וועט אונדז שעדיקן.

נאָך דערצו, האָבן זיי אַנאָנסירט אַ פּיעסע „דער קליינער באַנדיט", וואָס זיי האָבן איינגעמלעך די פּיעסע נישט געהאַט, נאָר זיי האָבן געמאַכט עפּעס אַ מאַכערייקע און איר געגעבן דעם נאָמען, ווייל „דער קליי־

נער באנדיט" איז געהאט אויפגעפירט געווארן פון יוליוס גאטאנסאן מיט א גאר גרויסן דערפאלג...

פאר די ענטרע ריאסער אידן, איז געווען טשיקאווע צו זען דעם קליינעם באנדיט און וואס האבן מיר געהאט פון אונדזער מאראלישן און קינסטלערישן דערפאלג, אז מאטעריעל האבן מיר געליטן א דורכפאל, ווייל די אידן אין ענטרע ריאס, האבן נאר געווארט ויף דעם קליינעם באנדיט...

איך בין דא נישט אויסן צו באשולדיקן אדער זיך באקלאגן אף עמיצן; דאס בייטן דעם נאמען פון א פיעסע, איז באם אידישן טעאטער, ליידער, א וואכנדיקער גאנג און קיין שום אידישער אקטיאר, איז נישט אינגאנצן ריין פון דער עבירה... איך לאז דאס נאר נישט דורך, ווייל איך וויל שילדערן דעם אקטיארס קאמף פאר זיין עקזיסטענץ און פאר דער אויפהאלטונג פון טעאטער און צו וואס פארא מיטלען מען מוז אמאל אנקומען...

דאס פארן איבער ענטרע ריאסער שטעטלעך, איז ווי איך האב שוין איינמאל דערמאנט, פארבונדן מיט א סך מסירות-נפש. עס וואלט פארנומען צופיל פלאץ און עס וואלט אפשר כדאי געווען אנצושרייבן א גאנצן בוך, און שילדערן די אלע איבערגעלעבטע עפיזאדן בעת די ארטיסטן טורנעעם איבער ענטרע ריאס.

דא וועל איך בלויז איין איבערלעבונג איבערגעבן, וואס האט זיך מיט אונדז פארלאפן אין ס א ן א נ ט א נ י א.

מיר האבן איבער די פראווינץ-שטעטלעך נעמלעך מיטגעפירט א לאסט-אויטא מיט א שאפער. דער שאפער האט ביי אונדז באקומען פרייען האטעל און נאפט האבן מיר באדארפט קויפן און געצאלט האבן מיר אים אפן טאג. צוליב אונדזערע באגאזשן און כדי נישט צו דארפן ווארטן אף באנען, האט עס אונדז געלוינט.

גאנץ פרי זיינען מיר געהאט אנגעקומען קיין סאן אנטאניא. עס איז געווען א הייסער טאג, די זון האט געפארעט און יעדער פון אונדז איז געווארן א שטערנזעער און געקוקט און געפארשט דעם הימל, צי וועט גיין א רעגן אדער נישט.

מיר האבן זיך איינגעארדנט ביי עטלעכע קאלאניסטישע פאמיליעס. זיי האבן ביי אונדז גענומען גאנץ טייערע פרייזן פאר קאסט און קווארטיר, מיר קומען דאך נאר עפעס איינמאל אין יאר, מעגן זיי דאך ביי אונדז נעמען אביסל טייערער...

איך, זלמן הירשפעלד און אסתר ראפעל, מיר זיינען איינגעשטאנען ביי אן אלמנה, וואס האט געהאט צוויי דערוואקסענע טעכטער און א 15 יעריק אינגל.

מיר גייען ארום און קוקן זיך אום אין שטעטל, מיר דארפן דאך דאס ערשטע באקומען דעם שליסל פון סאלאן; קומען אידן ארויס פון זייערע

שטיבער, הארעפּאשנע אידן און זיי קוקן אף אונדז ווי אף לצים... אקטיארן זיינען געקומען...

מיר האבן ענדלעך באקומען דעם שליסל פון סאלאן, מיר קומען אריין, אן אומגליק! אפנים, אז דער סאלאן ווערט נאר געעפנט איינמאל אין יאר, ווען עס קומען אקטיארן... א גאנץ יאר שטייען דארט איין פארשידענע מינים פייגל און זיי האבן זיך דארט איינגעארדנט פיינע ערטער צום מיטיקן און אויך שפינען האבן דארט באוויזן זייער וועבער-קונסט און מיטסתם אזוי, האט אויך נישט געפעלט, אבער מיר האבן זיך נישט אפגעשראקן, מיר האבן געדונגען א אידן און פאר עטלעכע פּעזעס האט ער זיך אונטערגענומען אויסצורייניקן דעם סאלאן.

אויסגערייניקט דעם סאלאן, כאפּן מיר זיך, אז עס איז נישטא קיין לאמפּ. גייען מיר אוועק זוכן לעמפּ און מיר געפונען ביי א אידן א לאמפּ און ביים ראזירער איז פאראן נאך א לאמפּ, אבער ער ארבעט ביז צען אזייגער באנאכט און ערשט דערנאך, זאגט ער אונז צו, וועט ער ברענגען דעם לאמפּ אין טעאטער אריין.

גוט. בעסער ווי גארנישט. שיקן מיר שוין אונדזער שאפער מיט זיין לאסט-אויטא איבער די ארומיקע קאלאניעס מיט פלוגבלעטלעך און פראפּאגאנדע, מען שיסט אוים מיט דינאמיט, און מיר זעצן זיך ווארטן אפן חשובן עולם.

דאס וועטער שפּילט זיך דערווייל. אט שיינט די זון און אט פליט אונטער א דיקע כמארע און פארשטעלט זי און עפּעס שרעקט עס אונדז און מיר פארלאזן זיך שוין נישט אף אונדזער אסטראנאמיע, נאר מיר פרעגן בא די קאלאניסטן און זיי דערקלערן, אז היינט וועט שוין דוכט זיך נישט רעגענען, נאר מארגן — ווער ווייסט...

און דאס וועטער האט טאקע אויסגעהאלטן. עס איז צוגעפאלן א שיינע אויסגעלייטערטע לבנה-נאכט און די אקטיארן פרייען זיך דערווייל מיט דער שיינער נאכט און מיר לאזן זיך אין גאלפאן אריין, צוגרייטן זיך צו אונדזער אויפטריט.

באם גאלפאן זעט מען נאך נישט קיין מענטשן. קוקן מיר אין די ווייטע ווייטן, אפשר וועלן מיר זען א פורל, א „סולקי" א סימן כאטש, אז עמיץ וועט קומען אין טעאטער אריין, נאר מען קאן אזא סימן נישט זען.

א איד פון שטעטל גופא טרייסט אונדז, אז היינט וועלן מיר נישט האבן קיין מענטשן, ווייל די אידן ווארטן אף שבת און זונטיק און מיר באשליסן, אז וויפל מענטשן עס וועלן נישט קומען, וועלן מיר אלצאיינס געבן א גוטן פארשטעלונג, לשם פראפּאגאנדע אף שבת-זונטיק.

ענדלעך האבן זיך פונדעסטוועגן דערנענטערט עטלעכע פורלעך, אידן הארעפּאשנע זיינען אראפּ און גלייך אריין אין סאלאן און צו דער קאסע

קומט קיינער נישט צו... אַלע פערטל שעה, קומט אַ סולקי מיט אַ צוויי דריי פערזאָן און דאָ איז שוין באלד צען אַזייגער און מיר באַשליסן, וואָס וועט זיין וועט זיין, מיר וועלן שפּילן. וואַרטן מיר בלויז, הייסט עס, אויף דעם צווייטן לאַמפּ, וואָס דער פריזירער האָט אונדז צוגעזאָגט און ענד־לעך קומט ער טאַקע, דער פריזירער, ער הוידעט מיטן לאַמפּ און מיר דער־זעען אים פונוויטן און מיר רופן אויס: רבותי, גייט צו דער קאַסע!...

— וואָס? איר וועט היינט שפּילן? — וואונדערן זיך די אידן און פאַ־מעלעך קויפן זיי אויס די עטלעכע בילעטן, די אידן האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק און די קינדער האָבן זיך צובאַקומען ביז צו דער בינע און זיי האָבן זיך טאַקע ארויפגעדראַפּעט און אַוועקגעזעצט זיך אויפן ראַנד פון דער בינע און מיר האָבן מיט מזל אָפּגעשפּילט די עטלעכע אַקטן, דער עולם איז געוועזן צופרידן און מיר זיינען אַוועק יעדער אויף זיין קוואַרטיר און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָפנדיק, אַז די פאַרשטעלונגען פון שבת־זונטיק, וועלן שוין אַלץ פאַרגיטיקן.

שבת נאָכמיטיק האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן כמאַרעס און איידער וואָס־ווען, האָט זיך אויפגעהויבן דער אמתער שטורעם־ווינט, וואָס רופט זיך דאָ „טאָרמענטאַ" און די „טאָרמענטאַ" איז אויסגעבראָכן מיט אַזאַ פוריע, און איז באַגלייט געוואָרן מיט אַזאַ שוידערלעכן מבול־רעגן, אַז איך האָב אַזוינס געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

עס האָט אויסגעזען, אַז דער שטורעם וועט אונדז אויפהויבן מיט דער כאַטע אינאיינעם ביז צום הימל און די פרויען האָבן געבראָכן די הענט און מיר האָבן געמיינט, אַז די וועלט עקט זיך.

פלוצלינג האָט דער ווינט אויפגעריסן אַ פענצטער און ווען דער 15 יעריקער אינגל איז צוגעגאַנגען און געוואָלט עס פאַרמאַכן, האָט עס מיט אים געגעבן אַזאַ וואָרף אויף צוריק, אַז ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבער־געקערט און איז שיר נישט דערהרגעט געוואָרן.

דער גאַנצער שוידערלעכער ספּעקטאַקל האָט בלויז געדויערט אַ צוואַנ־ציק מינוט און ווען עס איז שטיל געוואָרן און מיר זיינען אַרויס אין גאַס, האָבן מיר געזען, אַז דורך די צוואַנציק מינוט, האָט די „טאָרמענטאַ" באַ־וויזן אָפּצורייסן גאַנצע דעכער און אויסרייסן ביימער מיט די וואָרצלען און דאָס שטעטל ווייקט איינגאַנצן אין אַ טייך...

וועגן שפּילן טעאַטער, האָט מען שוין אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן, די פראַגע איז נאָר געווען, ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך אַרויס פון דעם שטעטל?...

באַנאַכט האָט נאָך אַביסל צוגערעגנט און אונדזער שאָפער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו פאָרן מיט אונדז און נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האָב איך אינדערפרי אָנגעטאָן די שטיוול וועלכע איך האָב מיטגענומען

פאר דער בינע און בין ארוים אין גאס זוכן א מעגלעכקייט צו פארן ווייטער.

איך האב געזוען פונוויטן א שטיבל פאר וועלכן עס איז געשטאנען א פור און איך שפאן צו און פרעג באם אידן, צי ער קאן אונדז פירן ביז צו דער באן-סטאנציע קלאריטא.

— ביז דער סטאנציע קלאריטא? פרעגט איבער דער איד; — אויב אזוי, מוז מען שפאנען אכט פערד.

דער וואגן איז נישט קיין גרויסער, אבער א פרייז נעמט דער איד ביי אונדז דוקא א היפשן און מען פאקט ארויף אונדזערע זאכן און דער־נאך פאקן זיך ארויף די מענטשן און געפאקטע ווי הערינג אין א פעסל האט אונדז דער איד צוגעפירט ביז דער באן-סטאנציע קלאריטא.

ווייזט זיך ארוים אז עס איז נישטא קיין באן, און דא דארפן מיר שוין היינט שפילן אין שטעטל אובאכאי, אזוי ווי עס איז געווען אנאנסירט.

דארט, בא דער באן-סטאנציע, איז שוין נישט געווען אזא בלאטע און מיר האבן באשלאסן, אז מיר קענען אפשר דינגען א לאסט-אויטא, וואס זאל אונדז אריינפירן קיין אובאכאי.

ענדלעך האבן מיר געפונען אזא אויטא און פאר א גאר גרויסן פרייז, נעמט ער זיך אונטער אונדז אפצופירן קיין אובאכאי.

מיר פארן און דער רעגן פארט אונדז נאך און א פינף קילאמעטער פאר אובאכאי, איז פאראן א קליינע זשעקע, א וואסערל וואס מען פארט עס געוויינלעך אריבער און נאך איידער מיר קומען צו צום וואסערל, זעען מיר ווי א קאטש קומט פון דער אנטקעגנדיקער זייט און ער בלייבט שטעקן אין וואסערל און קאן נישט אהין און נישט אהער.

אונדזער שאפער צעלאכט זיך און בארימט זיך, אז מיט זיין קאטש קאן אזוינס נישט פאסירן און ער גיט זיך א לאז ראפטום איבער דעם וואסערל און... ער בלייבט שטעקן פונקט ווי יענער און נישט אהין און נישט צוריק...

און דערווייל רעגנט עס און מיר שטייען אינמיטן וואסער — וואס וועט זיין?

א פארבייגייענדיקער פויער גיט אונדז אן עצה, אז נישט ווייט פון דאנען, איז פאראן אן עסטאנציערא (א גוט-באזיצער) האט ער א טראק־טאר און ער קאן אונדז בארגן דעם טראקטאר, ווייל אנדערש וועלן מיר נישט ארוים פונדאנען.

דער שאפער איז אוועק לייען דעם טראקטאר און מיר זיצן דערווייל אין געהאקטע צרות אפן לאסט-אויטא און דער רעגן ווייקט אונדז דורך.

ענדלעך קומט דער שאפער מיטן טראקטאר, מען טשעפעט צו א קייט צו אונדזער אויטא און אנציענדיק די מאשין ביז פולע קראפט, האט אונדז דער טראקטאר ארויסגעשלעפט פון זומפ און מיר זיינען ערשט

שפעט פארנאכט אנגעקומען קיין אובאכאי און טאקע נאך אין דעמזעלבן אוונט, האבן מיר געוויזן אונדזער קונסט פאר די אובאכאיער אידן...

אט אזוי האבן מיר זיך געמוטשעט און מיט סכנות-נפשות ארומגע־פארן שפילן טעאטער אין ענטרע־ריאס, אבער פארדינט געלט האט די צווייטע טרופע, וואס האט אנאנסירט א נאמען פון א פאפולער-געווארענער פיעסע ווי „דער קליינער באנדיט", וואס אידן וועלכע זיינען געוועזן און געזען די פיעסע אין בוענאס איירעס, האבן דערקענט אז דאס איז אן אנדער יענטע, אבער ווען דער איד האט דערקענט, האבן שוין די אק־טיארן געהאט דעם סבאר אין קעשענע און עס איז זיי מאטעריעל בעסער געגאנגען, כאטש זיי האבן זיך אודאי אויך נישט ווייניקער געמוטשעט אפן וועג ווי מיר...

און אזוי און ענלעך, זענען אוים די קינסטלער-טורנעעס פון אידישע אקטיארן אין ארגענטינע איבער די ארגענטינער פראווינץ-שטעטלעך ביז צום היינטיקן טאג...



# פינפאונפופציקסטער קאַפּיטל

איך ווער אַ „טעאַטער־ליפערשאַנט". — דער עמפּרעסאַר עמיליאַ טרעסערא. — מיר מוזן מאַכן דאָס געשעפט אין מידען. — אוירוווינג דזשייקאָבסאָן קומט מיט בלויז איין פּיעסע. — אַ מעשה מיט „וואַרשעבאַנאַכט". גראָסמאַן פּראָצעסירט זיך מיט אויערבאַכן. — צוויי קאָנטראַקטן, צוויי „קוני־לעמלס". — דער פאַריין ווערט גערופן אין געריכט אַלס עקספּערט. — דער פּראָצעס פּרעסט אויף די פאַרדינסטן. — מיר בלייבן אָן פּרנסה.

פון דער פּראָווינץ־רייזע האָב איך דאַסמאָל גאָרנישט אָפּגעשפּאָרט און איך האָב אָנגעהויבן זוכן „טשאַנגעס". איך בין נעמלעך געוואָרן אַ „טעאַטער־ליפעראַנט". דאָס הייסט, איך האָב צוגעשטעלט טרופּעס פאַר געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין די נאָענטע פּראָווינץ־שטעטלעך, ווי לאַ־פּלאַטאַ, לאַנוס און אַזוי ווייטער.

געוויינלעך האָב איך פאַר אַזעלכע פאָרשטעלונגען וואָרבירט אַרבעטסלאָזע חברים און וועלכע זיינען מיר געווען צום האַרצן און די אידן אין די נאָענטע פּראָווינץ־שטעטלעך האָבן מיר געשענקט צוטרוי און איך האָב זיך ווי ווייט מעגלעך באַמיט, אַז איך זאָל ביי זיי דעם צוטרוי נישט פאַרלירן.

דערווייל איז אַ. מידע געוואָרן דער געשעפט־פירער פון אַ קריסטלעכן עמפּרעסאַר עמיליאַ טרעסערא, וועלכער האָט געהאַט דעם טעאַטער מיטרע און מידע האָט מיר געוויזן, אַז ער האָט שוין אָפּגעמאַכט מיט אַ גאַנצע רייע אַקטיאָרן און ער וויל מיט מיר קאָמפּלעטירן די טרופּע. נישט זעענדיק קיין אַנדער אויסוועג, האָב איך צוגעשטימט, אָבער דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז קיין קאָנטראַקטן שרייבט ער דערווייל נישט, נאָר וואָס דען? עס איז אַ גוטער אָפּמאַך...

וואָס מיך האָט געוואונדערט, איז בלויז געווען וואָס אין דער ליסטע וואָס מידע האָט מיר געוויזן, איז נישט געווען קיין איין יונגע פרוי, אויסער קלאַרא פרידמאַן און אַפילו קיין יונגער מאַן איז אויך נישט געווען, אַ טרופּע פון בלויז טאַטעס און מאַמעס און אין אַ שיינעם פרימאָרגן רופט מיך מידע אין טעאַטער אריין און ווען איך קום אַהין, טרעף איך שוין דאָרט די גאַנצע פּראָוויזאָריש־אָרגאַניזירטע טרופּע און מידע גיט אונדז

איבער, אַז דער קריסט וויל מער נישט האַלטן קיין אידיש טעאַטער און ער באַטראַכט אונדזערע פּראָוויזאָרישע קאָנטראַקטן פאַר אַנולירט...

און מידע נעמט אונדז אונטערהיצן: — לאָמיר גיין צו אים, ער האָט דאָך אייך אַלע אומגליקלעך געמאַכט, לאָמיר גיין צו אים אַלע צוזאַמען, לאָמיר פּראָטעסטירן...

מידע האָט אַנגעווענדעט פאַרשידענע מיטל, רײדנדיק אין אונדזער נאָמען, אַז ער האָט אַנגאַזשירט אַ טרופּע און דער קריסטלעכער עמפּרע־סאַר האָט געטענהט, אַז מידע האָט אַנגאַזשירט די טרופּע אָן זיין הסכמה און ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער קריסט האָט זיך אין דער צייט עפּעס צעקריגט מיט מידען און ער איז גרייט דאָס טעאַטער צו פאַרוואַנדלען אין אַ קינאָ, אַבי מידע זאָל נישט זיין אין געשעפטלעכע באַציאונגען מיט אים.

און בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, האָט דער עמפּרעסאַר געלאָזט רופן צו זיך ווילי גאָלדשטיין, וועלכער האָט אויך געהערט צו די אַנגאַ־זשירטע און ווילי רופט מיך און משה אויערבאַך, אַז מיר זאָלן מיט אים מיטגיין.

בא דעם קריסטלעכן עמפּרעסאַר עמיליאָ טרעסערא, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ער איז גרייט אונדז איבערצוגעבן דאָס טעאַטער פאַר פּראָצענטן פון די ברוטאָ־הכנסות, ער איז אַפילו גרייט אונדז אויסצו־באָרגן געלט אויף שיפקאַרטן פאַר סטאַרס, נאָר איין באַדינג האָט ער, אַז מידע זאָל נישט זיין אין געשעפט.

אונדזער לאַגע איז געווען אַ זייער אומבאַקוועמע. קיין אַנדער גע־שעפט האָבן מיר שוין נישט געקאַנט האָבן און אונדז וואָלט אויסגעקומען צו הונגערן און לאָזן מידען אינדרויסן, איז אונדז אויך געווען פריקרע. אָבער די טרופּע האָט געטענהט, אַז מיט אונדזער רעזיגנירן פון געשעפט, וועלן מיר דאָך מידען אַלציינס גאָרנישט העלפן און שולדיק איז ער דאָך אייגנטלעך, וואָס ער האָט אונדז פאַרפירט מיט די אָפּמאַכן און אַזוי ווי טרעסערא האָט אונדז געגעבן זייער גוטע באַדינגונגען, האָבן מיר אָפּ־געמאַכט און מיר האָבן איבערגענומען דאָס טעאַטער.

מיר דריי, גאָלדשטיין, אויערבאַך און איך, מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די אַלע וואָס זיינען אַנגאַזשירט, בלייבן אין טרופּע און מיר האָבן נאָך אויסער זיי, אויך איינגעלאַדן אסתר און אַנאַ ראַפּאַל מיט זלמן הירש־פעלד און אַזוי האָבן מיר שוין געהאַט אַ פיינעם אַנסאַמבל און מיר האָבן זיך טעלעגראַפיש פאַרבונדן מיט ניוױאָרקער סטאַרס און אָפּגעמאַכט מיט אירווינג דזשייקאָבסאָן און זיין פרוי, זיי זאָלן קומען צו דער דערעפענונג פון סעזאָן און פאַר דער צווייטער העלפט פון סעזאָן האָבן מיר אָפּגע־מאַכט מיט גראָסמאַנען און דיינע גאָלדבערג.

אין דעם סעזאָן האָבן אַקטואירט דריי טעאַטערס. עקסעלסיאָר, אַמבו און מיטרע.

די געשעפטן האָבן ביי אונדז אָנגעהויבן גיין גוט און מיר האָבן גע־מיינט, אַז מיר וועלן שוין האָבן אַ מזלדיקן סעזאָן. אונדזער טעאַטער־באַלעבאָס איז אין זיבעטן הימל. ער נעמט יעדע נאַכט אָפּ היפּשע סומעס פאַר דירה־געלט און ער קוועלט אָפּ.

די פרייד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. נאָך די דריי וואָכן האָבן מיר געטווישט די פּיעסע און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן ,אַז אויר־ווינג דזשייקאָבסאָן האָט געבראַכט נישט מער ווי איין פּיעסע, ווייל די איבעריקע האָבן אַבסאָלוט נישט געטויגט צו גאָרנישט...

האָט מען זיך גענומען צום „באַקן פּיעסן" ווי דער בעקער באַקט בייגל און וואָס מער מען האָט געבאַקן, אַלץ שלעכטער זיינען געוואָרן די ביזנעס, דער עולם האָט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם צוטרוי צו אונדזער טע־אַטער און מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן פאַר אַ פּוסטן סאַלאָן.

ווען גראָסמאַן האָט זיך מיט אונדז איבערגעשריבן, האָט ער אונדז אַריינגעגעבן אין נדן, אַז ער האָט אַ גרויסע דערפאָלג־פּיעסע, וואָס הייסט „וואַרשע באַנאַכט"; דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז אויערבאַך וועלכער איז געקומען אין טעאַטער „אַמבו" האָט אויך מיטגעבראַכט דיזעלבע פּיעסע און אַזוי ווי אויערבאַך איז געקומען פריער, האָט ער דערווייל אָנגעהויבן שפּילן די פּיעסע.

ווען גראָסמאַן איז געקומען, האָט זיך אויפגעהויבן אַ ליאַרם, סטיימטש? ער האָט די איינציקע דערלויבעניש פון אויטאָר און פון דער דראַמאַטורגן־ליגע אין ניויאָרק, אַז נאָר ער און נישט קיין אַנדערער, האָט דאָס רעכט צו שפּילן די פּיעסע און אויערבאַך טענהט ווידער, אַז נאָר ער האָט די דערלויבעניש, ער האָט זי געלאָזן אין ניויאָרק און ער פאָדערט זי אַרויס טעלעגראַפיש, אַז מען זאָל זי אים צושיקן מיט לופט־פּאָסט.

דערווייל שפּילט אויערבאַך אָפּ די פּיעסע און ווען עס קומען אָן די פּאַפּירן, גייט דער גאַנצער ענין איבער אין געריכט, מען רופט פאַרשטייער פון אַקטיאָרן פאַריין אַלס עקספּערטן, אָבער וואָס קען מען אויפטאָן, אַז זיי האָבן טאַקע ביידע דיזעלבע פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס פון די דערלויבע־נישן פון דיזעלבע קוועלן אין ניויאָרק און מען זעט צוויי קוני־לעמלס און מען וויים בשום אופן נישט וועלכער עס איז דער ריכטיקער...

דער ריכטער, האָט דווקא אַרויסגעוויזן אַ היפּשע פאַרשטענדעניש פאַר טעאַטער־ענינים און ער האָט צוערשט באַפוילן, אַז אויערבאַך זאָל אָפּשטעלן די אויפפירונג אויף צען טעג, און גראָסמאַן זאָל שפּילן די פּיעסע און נאָך די צען טעג, האָט ער דערלויבט, אַז ביידע סטאַרס זאָלן שפּילן די פּיעסע און פּראָצעסירן וועגן דעם וועד פון זיי עס האָט רעכט, זאָלן

זיי זיך אין ניויאָרק, וואו מען וועט קענען האָבן די אויטאָריטעטן אַלס אַלס עדות.

דערווייל האָט אונדז דער פּראָצעס אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט געלט און מיט צייט-פאַרלוסט און די עטלעכע פאַרשטעלונגען פון „וואַרשע באַ־נאַכט" האָבן אונדז טאַקע אַריינגעבראַכט עולם, אָבער ,עס האָט ווייט נישט געקאָנט דעקן די גרויסע הוצאות און באַלד האָט אָנגעהויבן גיין שלעכט, קיין אַנדער גוטע פּיעסע האָט גראָסמאַן נישט געהאַט, ווייל אויך דאָסמאָל האָט ער נאָר געזוכט פּיעסן אין וועלכע ע ר שפּילט די הויפּט־ראָל און די איינציקע פּיעסע אין וועלכער דיינע גאָלדבערג האָט זיך גע־קאָנט אַרויסווייזן אין איר גאַנצער קינסטלערישער פּראַכט, איז געווען דאָס „מאַמעלע", וועלכעס האָט טאַקע געבראַכט אַ גרויסן עולם אין טעאַ־טער און מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. קיין אַנדערע פּיעסן פון „מאַ־מעלע"-שטייגער האָט ער נישט געהאַט און ביי די שלעכטע געשעפטן, האָבן מיר פונדסטוועגן דערפילט אונדזערע אָפּמאַכן מיט די געסט און מיר האָבן נאָך געפּרואווט פאַרזעצן מיט אָנהאַלטן דאָס טעאַטער אַליין, מיט אייגענע כחות, אָבער עס איז געווען נישט מער ווי אַ מוטשעניש.

גראָד איז בערטאַ גוטנטאַג דעמאָלט געווען אין ב. איירעס, האָבן מיר זי איינגעלאַדן אין אונדזער טעאַטער צו מיטאַרבעטן בראש פון אונד־זער טרופּע, אָבער די בערטאַ גוטנטאַג וועלכע איך האָב געקענט אַלס אברהם אַקסלהאַדס טאָכטער אין טשערנאָוויץ, אין יאָר 1909, האָט נישט געקאָנט זיין דיזעלבע אין יאָר 1938 אין ב. איירעס און מיר האָבן אויך מיט איר נישט געמאַכט קיין געשעפט און באַ מיין גרעסטן רעספּעקט צו איר אַלס אַקטריסע, קאָן מען אָבער פון אמת נישט אַוועקגיין, אַז זי האָט שוין נישט פאַרמאָגט דעם כח, צו קענען גאַסטראָלירן בראש פון אַ טרופּע און נאָך דערצו אין אַזאַ טעאַטער-שטאָט ווי בוענאָס איירעס.

דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן דעם סעזאָן פאַרענדיקט לייטיש פאַר גאָט און פאַר לייט. מיר האָבן דערפילט אַלע אונדזערע פאַרפליכ־טונגען און נאָך דעם חדשים לאַנגן געמוטשעטן לעבן, ווייס איך נישט צי עמיצן פון אונדזער טרופּע איז נאָכן פאַרענדיקן דעם סעזאָן, געבליבן אַף איין טאָג פּרנסה...



## זעקסאונפופציקסטער קאַפּיטל

משנה מקום, משנה מזל. — מיר פאָרן קיין מאָנטעווידעאָ. — אַ שיינע אויפפירונג פון די „טשאַרדאַש־פירסטן“. — דזשעני גאָלדשטיין אונדזער גאַסט. — דזשעני גאָלדשטיין אַלס אַקטריסע און אַלס אַנפירערן פון טעאַטער. — דר. פאָול באַראַטאַוו. — אהרן לעבעדיעוו ווערט הייזעריק. — לעבעדיעוו ווערט קראַנק און וויל אַלץ שפּילן. — סעמועל גאָלדנבורג. — פעסטע פּרייזן און געלט־פאַראויס... — גרויאַטעס און האַרץ־קלעמעניש. — אַ נייער סעזאָן אין מאָנטעווידעאָ.

דאָס לעבן פון אידישן אַקטיאָר, איז שטענדיק פאַראורטיילט מגלגול צו ווערן אין פאַרשידענע שטעט און לענדער. דער גורל פון אידישן אַקטיאָר, איז — וואַנדערן און נישטאָ פאַר אים קיין מקום־מנוחה.

ווילי גאָלדשטיין האָט דווקא אויסגעקליבן מיך, דעם עלצטן פון אַלע אַרגענטינער אַקטיאָרן, אַז איך זאָל דער ערשטער אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך פאַר מאָנטעווידעאָ.

ער האָט מיך געוואָלט האָבן דעם ערשטן, כדי איך זאָל אויך ווירקן אויף הירשפעלד און ראַפּעל, אַז זיי זאָלן אויך אונטערשרייבן און איך האָב אים טאַקע צוגעהאָלפן און אסתר און אַנאַ ראַפּעל מיט זלמן הירשפעלד האָבן אונטערגעשריבן און עס זיינען אויך צוגעשטאַנען צו אונדזער חברים־קאָלעקטיוו פאַר מאָנטעווידעאָ די חברים סאַשאַ ראָזנטאַל און קאַטיאַ פּלאַווינאַ און יצחק און סאָניא לאַכמאַן, זיסיע גאָלד און הערמאַן קאַסאָווסקי, וועלכער האָט זיך געפונען אין מאָנטעווידעאָ און עס איז געווען אַ פיינער אַנסאַמבל.

איך האָב באַשלאָסן, ווי עס זאָגט זיך, משנה מקום — משנה מזל, איך זאָל ווערן אַ תושב אין מאָנטעווידעאָ און אָנהויבן פון דאָס ניי...

איך האָב אויספאַרקויפט מיין ביסל מעבל און גענומען מיין אַלטיטשקע, פאַנין, מיט די איבעריקע זאַכן פון שטוב און אריבערגעפירט קיין מאָנטעווידעאָ, שאַפן זיך אויף מיינע אַלטע יאָר, אַ נייע היים...

דער פּלאַן פון אונדזער חברים־טרופּע איז געווען, אָנצוהויבן דעם סעזאָן מיט אייגענע כחות און שפּעטערצו, וועלן מיר אריבערנעמען די אָפּגעשפּילטע סטאַרס פון ב. איירעס, וועלן מיר נישט דאַרפן די גרויסע הוצאות פון ברענגען אַ סטאַר פון ניויאָרק.

אונדזער טרופּע האָט געהאַט קינסטלערישע אַמביציעס און מיר האָבן אונטערגענומען צו דערעפענען דעם סעזאָן מיט דער שענסטער אייראָ-פּאַישער אָפּערעטע, די „טשאַרדאַש-פירסטין" און מיר האָבן געהאָפט, אַז דער אידישער עולם אין מאָנטעווידעאָ, וועט אָפּשאַצן ווי געהעריק אונד-זערע אָנשטרענגונגען און ביי דער דעבוט-פאָרשטעלונג, האָט עס טאַקע אויסגעזען, אַז דער עולם שאַצט עס אָפּ.

מיר אַליין, האָבן שוין ביי די פּראָבן געפילט יום-טובדיק. מיר האָבן געזען און געפילט, אַז די אָפּערעטע וועט באַ אונדז גיין ווי אַ סימפאָניע און ביי דער דערעפענונגס-פאָרשטעלונג זיינען מיר געווען באַהערשט פון אַזאַ פייערלעכער שטימונג, אַז די שטימונג איז אַריבער אויך צום עולם און מען האָט אונדז אָוואַציאָנירט אָן אויפהער און דער עולם האָט נישט אויפגעהערט זאָגן, אַז אַזאַ פאָרשטעלונג זעט מאָנטעווידעאָ צום ערשטן מאָל און דאָס האָט אונדז צוגעגעבן אַזויפיל מוט, אַז מיר האָבן שוין אָנ-געהויבן טראַכטן, וועגן אָפּשאַפן איינגאַנצן דעם סטאַר-סיסטעם, מיר וועלן שוין דעם גאַנצן סעזאָן קענען אַליין שפּילן שיין טעאַטער.

אין מאָנטעווידעאָ, האָט מען קיינמאָל נישט געקאָנט שפּילן אַ פּיעסע מער ווי צוויי, אָדער אין אויסנאַמספאַלן — דריי מאָל. מיט אונדזער גרוי-סער און אויסערגעוויינלעכער אויפפירונג פון דער „טשאַרדאַש-פירסטין", האָבן מיר די לאַגע נישט באַוויזן צו ענדערן, מיר האָבן אויסגעהאַלטן צו שפּילן דריי מאָל און באַלד געמוזט גרייטן אַ נייע פּיעסע און נאָך דער פּיעסע נאָך איינע און נאָך איינע, יעדע וואָך אַ פּיעסע און אויך דאָס איז אַמאָל ווייניק, מען דאַרף אַמאָל שפּילן שבת איין פּיעסע און זונטיק די צווייטע און אונדזער ענטוזיאַזם האָט זיך פּאַמעלעך גענומען אויסלעשן און מיר האָבן געמוזט נאָכקומען די געוואוינהייט פון אידישן עולם אין מאָנטעווידעאָ, צו זען יעדעס מאָל נייע געסט און מיר האָבן שוין געמוזט אויפגעבן דעם געדאַנק פון אַליין אָנגיין מיט דער אַרבעט, מיר האָבן זיך שוין געמוזט אונטערגעבן און מיר האָבן איינגעלאַדן דזשעני גאָלד-שטיין אַלס אונדזער ערשטן גאַסט.

דזשעני גאָלדשטיין איז פאַר אונדז געווען בעסער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. זי איז באמת געווען אַ סטאַר אין אַלע הינזיכטן. דזשעני האָט די אַמעריקאַנער שול און זי האָט אַמעריקאַנער פּיעסן און זי איז בפירוש אַ סטאַר אויף אַלע געביטן פון דער אידישער טעאַטער-פּראָפעסיע.

נישט נאָר וואָס זי ווייסט צו פאָדערן פאַר זיך אַ גרויסן ברוטאָ-פּראָצענט, נאָר זי איז אויך אַרבעטזאַם, זי קאָן איינשטודירן און טאַקע גוט איינשטודירן יעדע וואָך אַ פּיעסע און אַז מען דאַרף — איז צוויי פּיעסן און זי האָט זיך איר ספּעציפישן צוגאַנג צו רעזשי-ענינים, זי ווייסט, אַז זי שפּילט מעלאָדראַמען, ווייסט זי צו שטעלן דעם טראָפּ, אַז איין

סצענע דאַרף זיין זייער קאָמיש, כדי די צווייטע וואָס וועט זיין דראַמאַטיש, זאָל שטאַרקערווירקן און זי מאַכט אַלעם מיט מענערישער פעסטקייט און זיכערקייט און פונקט מיט אַזאַ רוטינירטע זיכערקייט שפּילט זי אירע שטאַרק מעלאָדראַמאַטישע ראָלן אין וועלכע זי צייכנט זיך אַלעמאָל אויס.

דזשעני גאָלדשטיין האָט אין מאָנטעווידעאָ זייער שטאַרק אויסגענו־מען, אָבער ווען עס איז געקומען דער מאָנטיק ווען די חברים־טרופּע האָט זיך אָפּגערעכנט, איז דער אונטערשטער סך־הכל נישט געווען בעסער ווי פריער, איידער דזשעני איז געקומען, ווייל דזשענים ברוטאָ־פּראָצענטן, האָבן אַלצאַיינס אָפּגעשעפּט פון אויבן די פאַרגרעסערטע הכנסות.

נאָך עטלעכע וואָכן שפּילן מיט דזשעני גאָלדשטיין, האָט דערווייל דר. פּאָול באַראַטאַוו פאַרענדיקט מיט זיינע גאַסט־שפּילן אין ב. איירעס און ער איז געקומען קיין מאָנטעווידעאָ.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַקטואירן אונטער דער רעזשי פון דר. באַ־ראַטאַוו און מיר וויסן אַפילו נישט צי ער וואָלט אונדז געבעסערט די געשעפטן, ווייל גראָד איז אויסגעבראָכן די מלחמה, די געמיטער זיינען צעטריימלט געוואָרן און קיינעם איז נישט געלעגן אין זינען צו גיין אין טעאַטער...

פונדעסטוועגן, ווען מען האָט זיך נאָך די ערשטע מלחמה־ידיעות צוגעוואוינט, האָט מען ווידער אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער, פּאָול באַ־ראַטאַוו האָט געשפּילט זיין קרוין־ראָל „מאַשקע חזיר" און זייער שטאַרק אויסגענומען, אָבער באַלד מאָנטיק, האָט מען זיך געמוזט נעמען אָפּשניי רעפּעטירן אַ צווייטע פּיעסע, דאָס איז געווען סטרינדבערגס „פאָטער", ווייזט אויס, אַז די פּיעסע איז נישט געווען געאייגנט פאַר דעם אידישן עולם אין מאָנטעווידעאָ, ווייל כאָטש באַראַטאַוו איז געווען אויסגעצייכנט אין דער ראָל, האָט אים דער עולם נישט געוואָלט זען...

מיר האָבן נאָך געפּרואווט מיט אַנדערע פּיעסן, אָבער יעדע וואָך זיינען ווייניקער מענטשן געקומען אין טעאַטער, ביז עס איז געקומען צו אַזאַ מינימום, אַז מיר האָבן ווייטער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

ווי טרויעריק דאָס איז, אַז דר. פּאָול באַראַטאַוו, האָט ממש געשפּילט פאַר ליידיקע בענקלעך און מיר האָבן אים געמוזט זאָגן: — גרויסער קינסטלער, מיר קאָנען נישט מער!...

דערווייל האָט א ה ר ן ל ע ב ע ד י ע וו אויך פאַרענדיקט זיינע גאַסט־שפּילן אין ב. איירעס און מיר האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אַרי־בערגעבראַכט קיין מאָנטעווידעאָ און מיט אים האָבן מיר דווקא געהאַט אויסזיכטן צו מאַכן גוטע געשעפטן, ווייל זיין נאָמען איז אין מאָנטעווי־דעאָ גוט באַקאַנט און זיין אָפּערעטן־זשאַנר איז זייער צוגענגלעך פאַר אַ דורכשניטלעכן עולם און מיר זיינען מיט חשק צוגעטראָטן צו די פּראָבן,

ליידער האָט אונדז אָבער מיט אים אויך נישט געגליקט.

א גאַנצן טאָג, ביי דער גענעראַל-פּראָבע, האָט לעבעדיעוו געזונגען, גענומען די העכסטע טענער, אַז דער קריטיקער באַלעבאָס פון טעאַטער, כואַן אַגנעסי, האָט צוהערנדיק זיך צו לעבעדיעווס געזאַנג, אויסגערופן: — „קע פענאָמענאָ!"; לעבעדיעוו האָט אָבער ווייזט אויס פאַרגעסן, אַז ער איז שוין אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 65 און אַז ער דאַרף אין זינען האָבן, אַז ער מוז באַהאַלטן אַביסל שטים אויף באַנאַכט צו דער פאָרשטעלונג און אַזוי איז עס געשען, אַז באַנאַכט איז לעבעדיעוו געווען אַזוי הייזעריק, אַז ער האָט לחלוטין נישט געקאָנט נעמען קיין טאָן.

פאַרשטייט זיך, אַז לעבעדיעווס אַקציעס זיינען באַלד געפאַלן און ביי דער צווייטער פיעסע האָט זיך נאָך געמאַכט, אַז לעבעדיעוו, וועלכער האָט געליטן אויף סיאַטיקאַ" האָט אינמיטן שפּילן געכאַפּט אַן אַטאַקע אויף אַ פוס, מען האָט געמוזט ברענגען אַ דאָקטער אין טעאַטער אריין, מען האָט אים געמאַכט אַן אינזשעקציע און ער האָט ווייטער געשפּילט, זיצנדיקערהייט, אין גרויסע יסורים.

עס איז געווען אַ צער צוצוקוקן ווי דער קינסטלער מוטשעט זיך און מיר האָבן אים פאַרגעלייגט, אַז ער קאָן צוריקפאָרן קיין בוענאָס איירעס, זיך קורירן.

לעבעדיעוו איז דערפאַר ברוגז געוואָרן מיט אונדז, אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? מיר האָבן דאָך פאָרט נישט געקאָנט צווינגען די אידן, אַז זיי זאָלן קומען אין טעאַטער און קוקן ווי עס זיצט אויף דער בינע אַ גרויסער קינסטלער, נאָר ער איז קראַנק און מוטשעט זיך...

דער שאַנס וועלכן מיר האָבן פאַרגעזען מיט האָבן קינסטלער-געסט ווען זיי וועלן פאַרענדיקן אין בוענאָס איירעס, האָט זיך אונדז ליידער נישט איינגעגעבן. אַ חוץ מיט דזשעני גאָלדשטיין, מיט וועלכער מיר האָבן כאָטש וויניק פאַרדינט, ווייל מיט די אַנדערע האָבן מיר כמעט גאָרנישט פאַרדינט און נאָך געהאַט אַ סך עגמת-נפשן און די לעצטע פאַרציע האָבן מיר געהאַט מיט ס ע מ ו ע ל ג אָ ל ד ע נ ב ו ר ג.

גאָלדענבורג האָט שוין געהאַט גרוסן וועגן די געשעפטן אין מאָנטעווידעאָ און ער האָט שוין אפילו קיין ברוטאָ-פּראָצענטן אויך נישט געוואָלט, נאָר געשטעלט אַ זייער הויכן פעסטן פּרייז, אַז דאָס און דאָס מוז מען אים צאָלן, אויב נישט, דאַרף מען נישט...

טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט ער נאָך געפאָדערט גאַראַנטיעס און חוץ די גאַראַנטיעס, מוז מען אים יעדן אָוונט דערלאַנגען זיין באַשטימטע סומע נאָך פאַרן שפּילן...

גאָלדענבורגס קאָנדיציעס זיינען געווען פאַר אונדז אויסערגעוויינלעך שענדלעכע, אָבער מיר האָבן געהאַט פאַרפליכטונגען צום באַלעבאָס פון

טעאַטער, מיר האָבן געמוזט שפּילן און מיר האָבן געמוזט אָנעמען גאָל־דענבורגס באַדינגונגען.

מיט הארצוויטיק מוז איך דאָ דערמאָנען אַן אינצידענט וואָס אונדזער טרופּע האָט געהאַט מיט דעם גרויסן קינסטלער, וועלכער האָט טאַקע געגלאַנצט אין זיינע ראָלן, אָבער זיינע מעלאָדראַמעס האָבן נישט אויס־גענומען און נאָך עטלעכע פאַרשטעלונגען צו וועלכע מיר האָבן דערלייגט היפּש געלט, איז אונדזער גאַנצע טרופּע געגאַנגען מיט טענות צום גע־שעפטפירער ווילי גאָלדשטיין, סטייטש, מיר דערלייגן צו יעדער פאַר־שטעלונג און איר טראָגט גאָלדענבורגן צו זיינע גרויסע פאַרדינסטן נאָך פאַר דער פאַרשטעלונג...

אַזוי ווי ווילי גאָלדשטיין האָט זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען צו ווירקן באַ גאָלדענבורגן אַן הנחה אַף זיינע קאָנדיציעס, האָט סאַשאַ ראָזנ־טאַל זיך דאָס אונטערגענומען און ער האָט נאָך דער פּראָבע געמאַכט אַ שמועס מיט גאָלדענבורגן אין נאָמען פון דער טרופּע, בעטנדיק ביי אים אַביסעל איינזען, אַביסעלע קאָלעגיאַליטעט און כאָטש עפּעס אַראָפּלאָזן פון זיין פּרייז, ביז די געשעפטן וועלן זיך בעסערן...

אנשטאָט אַן ענטפער, האָט זיך גאָלדענבורג אויפגעהויבן און איז אַוועק צו זיך אין האָטעל און די גאַנצע טרופּע, מענער און פרויען בלייבן זיצן אַף דער בינע און מיר קוקן זיך אַן איינער דעם אַנדערן...

עס זיינען נאָך אַפילו געווען מאַנכע פון אונדז, וועלכע האָבן אויס־געדריקט זייער זיכערקייט, אַז גאָלדענבורג וועט פונדעסטוועגן קומען צו דער פאַרשטעלונג, אָבער זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייער ביטערן טעות. ער איז נישט געקומען און טראָץ אונדזער גרויסער פאַרביטערונג, האָבן מיר אָבער געוואָלט דערפילן אונדזער אָפּמאַך מיטן קריסטלעכן באַלע־באָס פון טעאַטער און מיר האָבן אים אַהינגעטראָגן זיין לוין אין פאַראויס אין האָטעל אריין און ערשט דאַן, איז גאָלדענבורג געקומען אין טעאַטער און ער האָט זיך אַפילו נישט געשעמט צו קוקן אונדז אין פּנים אריין...

אָט אַזוי, האָט זיך געענדיקט אונדזער סעזאָן אין מאָנטעווידעאָ. מיר האָבן געאַרבעט און געקעמפט, כדי די סטאַרס זאָלן פאַרדינען געלט און מיר האָבן פאַר דער אַרבעט געהאַט נישט מער ווי גריזאַטעס און האַרץ־קלעמעניש.

איך האָב שוין געטראַכט וועגן צוריקפאָרן קיין ב. איירעס, כאָטש עס איז מיר געווען אַ שאָד, ווייל איך האָב זיך שוין געהאַט אריינגעקליבן אין אַ פּריוואַט־דירה און שוין געהאַט איינגעקויפט מעבל צום אויסצאָלן און ווי לאַנג איז דען אינגאַנצן, זייט איך האָב זיך צעבראָכן פאַרקויפנדיק די מעבל אין ב. איירעס, כדי צו קומען אַהער, זאָל איך ווידער איצט דאָ

זיך צעברעכן און פאָרן צוריק? און ווי לאַנג קאָן דאָס אַ מענטש האָבן כח, כסדר אָנצוהויבן פונדאַסניי?...

און ווען ווילי גאָלדשטיין האָט מיך אָנגעהויבן צוריידן, אַז איך זאָל בלייבן אין מאָנטעווידעאָ, אַז ער ווערבירט אַ טרופּן פאַרן קומענדיקן יאָר און ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך וועל האָבן פּרנסה, האָב איך זיך לייכט געלאָזן צוריידן און בין געבליבן.

אנשטאָט הירשפעלד, אסתר און אַנאַ ראַפּעל און זיסיע גאָלד, האָבן זיך צו אונדזער טרופּע אָנגעשלאָסן אהרן אַלעקסאַנדראָוו, צילי טעקס און נתן קלינגער און מיר האָבן זיך באַצייטנס גענומען גרייטן צום נייעם סעזאָן.



# זיבנאונפופציקסטער קאפיטל

פסחקע בורשטיין און ליליען לוקס. — עס פליען „קעיבלס". — צוויי פארשטעלונגען מיט א ריזן־דערפאלג. — א שטורם־וועטער מאכט חרוב אונדזער טעאטער. — דער קריסטלעכער באלעבאס כואן אגנעסי. — די טרופע פארט קיין בראזיל און איך בלייב אין מאנטעווידעא. — מען בויט אפסניי די טעאטער־געביידע. — די טרופע קומט פון בראזיל און האט טענות צו מיר. — יצחק פעלדס נאסטראלן. — בורשטיין האט שוין גענוג געפייפט. — די טרופע פארט קיין בראזיל. — איך פאר צוריק קיין בוענאס איירעס, אנהויבן פונדאסניי...

ווילי גאלדשטיין, אונדזער געשעפטפירער, איז שוין פון לאנג געשטאנען אין קאנטאקט מיט פסחקע בורשטיין און ליליען לוקס פון ניויארק און א שטיקל צייט פארן סעזאן, האבן אנגעהויבן פליען „קייבלס". פון מאנטעווידעא קיין ניויארק און צוריק און ענדלעך האט מען אפגעמאכט און מען האט ארויסגעשיקט פאסאזשן פאר די סטארס און ווילי גאלדשטיין האט לויט זיין שטייגער געריבן מיט א פינגער פון איין האנט אף דער צווייטער האנט־פלאך און אויסגעדריקט זיין זיכערהייט, אז איצט וועט מען מאכן געשעפט. דאס דארף מאנטעווידעא; אפערעטן און טאקע מיט פסחקע בורשטיינס צוגענגלעכן רעפערטואר.

מען מוז מודה זיין, אז אין דעם פאל, האט ווילי נישט געהאט קיין טעות; נאכדעם ווי איך האב זיך געהאט אפגעמוטשעט דורך די עטלעכע זומער־חדשים און געמוזט אנקומען נאך הילף צו מיין יונגערן זון, האט זיך באלד ביי דער דערעפענונגס־פארשטעלונג געוויזן, אז דאס פארל בורשטיין־לוקס, וועט אונדז ברענגען מזל און ברכה.

איך קאן זיך נישט דערמאנען ווי די ערשטע פיעסע זייערע האט געהייסן, איך געדענק נאר, אז מיר אלע האבן אין איר געהאט שיינע ראלן און מיר האבן זיך באמיט צו לייסטן דאס בעסטע און די אידן אין מאנטעווידעא האבן ארויסגעוויזן א גאר גרויסן אינטערעס צו די קינסטלער־געסט וואס זיינען אנגאזשירט געווארן ספעציעל פאר מאנטעווידעא און אלע בילעטן זיינען צו דער דעבוט־פארשטעלונג געווען אויספארקויפט און די פארוויילנדיקע פארשטעלונג האט אזוי שטארק אויסגענומען, אז די אידן זיינען ממש געווען אין זיבעטן הימל.

די פאַרשטעלונג האָט געהאַט אַזאַ גוטן אָפּקלאַנג, אַז צומאָרגנס, זונ־טיק, פון גאַנץ פרי אָנגעהויבן, האָט מען זיך שוין געשטופּט צו דער טעאַ־טער־קאַסע און ביז נאָכמיטיק, זיינען שוין ווידער אַלע בילעטן געווען אויספאַרקויפט און אויך די צווייטע פאַרשטעלונג איז אַריבער יום־טובדיק און דער עולם איז אַוועק פון טעאַטער מיט דערהויבענע געמיטער און אויך מיר, אַקטיאָרן, זיינען אַוועק אַהיים פריילעכע, אָנגעפילטע מיט האָפענונגען, אַז וואָס־וואָס, נאָר מאַטעריעל וועלן מיר שוין זיין גוט פאַר־זאָרגט.

אריינקומענדיק אין שטוב, האָט זיך אין גאַס אויפגעהויבן אַ שטאַר־קער שטורעם־ווינט מיט אַ רעגן, מיט דונער און בליץ, באַגלייט פון אַ האָגל און איך האָב גאָט געדאַנקט, וואָס דאָס איז נישט פאָרגעקומען פאַר דער פאַרשטעלונג און וואָס מיר זיינען שוין אינדערהיים און איך האָב שוין געטראַכט, אַז אַבי עס הויבט דעם אַקטיאָר אָן צו גיין מזלדיק, גייט עס אים שוין מיט אַלעם גוט...

אָבער גאַנץ פרי־פאַרטאָג, קלאַפּט מען אין מיין טיר און עמיץ קומט אריין און זאָגט מיר אָן די שוידערלעכע בשורה, אַז דער באַנאַכטיקער שטורעם האָט אינגאַנצן צושטערט אונדזער טעאַטער.

די בשורה איז פאַר מיר געווען אַזוי מוראדיק, אַז איך האָב אַזש נישט געקאָנט מיין מויל עפענען און פרעגן עפּעס און איך געדענק אַזש אפילו נישט, ווער דאָס איז געווען וואָס האָט מיר געבראַכט די וויסטע בשורה.

נישט טויט און נישט לעבעדיק בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אַ צען מינוט שפּעטער בין איך שוין געווען נעבן טעאַטער און איך האָב שוין דאָרט געטראָפן ווילי גאָלדשטיין, אַ פינצטערן און אַ פאַר־טרויערטן: — נו, וואָס זאָגט איר דערצו? חבר פּאַלעפּאַדע?... אַזוי זאָגט צו מיר ווילי גאָלדשטיין און איך זע טרערן אין זיינע אויגן און באַם אָנ־בליק פון דעם חורבן וואָס דער שטורעם האָט געמאַכט פון אונדזער טעאַ־טער, פיל איך ווי עס שטיקט מיך אין האַלדז און איך קאָן נישט ענטפערן... איך פיל אַזוי, נאָר זיך אַריינצוואַרפן אין דעם חרוב־געוואָרענעם בנין, צווישן די צעבראָכענע ברוך־שטיקער פון אַראָפּגעפאַלענעם דאַך אין דאָרט, צווישן און אונטער די חורבות אויסוויינען מיין ווייטיק...

דער שטורעם־ווינט באַנאַכט, האָט געדויערט בלויז אַ האַלבע שעה, אָבער דעם חורבן וואָס ער האָט באַוויזן אָנצומאַכן, וואָלטן הונדערטער הענט נישט באַוויזן דורכצופירן אין חדשים לאַנג...

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע איבעריקע חברים פון טרופּע זיינען געקומען צום פּלאַץ פון אונדזער גרויסן בראַך און אַלע זיינען מיר געשטאַנען שטום און מיט שטומע בליקן געקוקט אַף אונדזער גרויסן אומ־

גליק. אַ בייזער שטורעם האָט אונדז געמאַכט דאַכלאָז און אונדזער טעאַ־טער־ליד איז איבערגעריסן...

אומזיסט האָט עמיץ געפּראָוואוט אונדז טרייסטן מיט אַ „גם זו לטובה", ווייל ווען דער שטורעם ברעכט אויס מיט אַ צוויי שעה פריער, ווען דאָס טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן, וואָלטן געווען אַ סך קרבנות און ווער ווייסט וואָס פון אונדז אַליין וואָלט געוואָרן...

אונדזער וויטיק איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן זיך נישט געקאָנט טרייסטן. מיר האָבן שוין אייגענע, ספּעציעל געבראַכטע סטאָרן און בלויז נאָך צוויי אַזעלכע געלונגענע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן אונדז געמאָלן די שענסטע אילוזיעס, זיינען מיר געבליבן אָן אַ טעאַטער...

ווילי האָט זיך פונדעסטוועגן שנעל געמוטיקט און ער איז געלאָפן זוכן, פאַרהאַנדלען, אפשר וועט ער באַקומען אַן אַנדער טעאַטער, אָבער ניין, נישטאָ, אויסער אַ סאַלאָן און נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָבן מיר געדונגען דעם סאַלאָן.

דער באַלעבאָס פון טעאַטער הער כואַן אַנגעסי, האָט באַלד געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט אַ קאָנסטרוקטאָר און עס האָט געהייסן, אַז ביז צוויי חדשים, וועט דער טעאַטער זיין איבערגעבויט און מיר וועלן קענען שפּילן אין אים.

מיר האָבן אָבער אין דעם סאַלאָן נישט געקאָנט בלייבן, ווייל דער סאַ־לאָן איז געווען געאייגנט בלויז אויף חתונות אָדער בעלער און נאָכן אָפּ־שפּילן דאָרט צוויי פאָרשטעלונגען, האָבן מיר געזען, אַז עס טויג נישט אַזוי און עס איז ארויפגעשוואומען דער געדאַנק, אַז אויף די צוויי חדשים וואָס מיר דאַרפן וואַרטן, זאָל די טרופּע דערווייל אַריבערפאָרן קיין בראַ־זיל אויף גאַסטראָלן.

קיין אַנדער עצה איז נישט געווען און אַלע האָבן דעם פּלאַן אָנגענומען און ווילי האָט אָנגעהויבן ארומלויפן אין די אַמטן און דורכגעפירט די פאָרמאַליטעטן מיט די פּעסער און וויזעס, אָבער איך, מיט מיין „נאַנסען־פּאַס", האָב קיין וויזע נישט געקאָנט באַקומען און אין האַרצן בין איך צופרידן געווען דערפון, ווייל איך האָב זייער נישט געוואָלט איבערלאָזן מיין פרוי אַליין אין מאָנטעווידעאָ. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די קאָסאָווסקיס, אויך זיי האָבן געמוזט בלייבן אין מאָנטעווידעאָ און ווילי, אַלס געשעפט־פירער פון טרופּע, האָט אונדז פייערלעך פאַרזיכערט, אַז מיר זיינען גלייכע שותפים צום געשעפט, מיר זיינען ווייטער אין קאָלעק־טיוו און זאָלן נאָר זיין פאַרדינסטן אין בראַזיל, וועט מען אונדז צושיקן פּונקטלעך אונדזערע טיילן.

אָן אַרבעט און אָן נאָענטער באַקאַנטשאַפט, האָט זיך די צייט אין מאָנ־טעווידעאָ פאַר מיר געצויגן מאָנאָטאָן און לאַנגווייליק און קיין פּרנסה איז

נישט געווען און יעדן טאָג בין איך געגאַנגען זען ווי מען בויעט צוריק דאָס טעאַטער און יעדעס מאָל האָט עס מיר אָפּסגיי אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, זעענדיק וואָס דער האַלב־שעהדיקער שטורם־ווינטער האָט אונדז אָפּגעטאָן.

פון די חברים אין בראַזיל האָב איך באַקומען א י י ן בריוו און דער־נאָך, אַזוי ווי אין וואַסער אַריין...

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט מיר גע־שריבן, אַז די טרופּע מאַכט גאָלדענע געשעפטן, אָבער אָן מיר, האָבן זיי דווייזט אויס פאַרגעסן...

כואַן האָט מיך געטרייסט, אַז אַט, נאָך אַ חודש, און דאָס טעאַטער וועט זיין פאַרטיק און עס וועט זיין פּרנסה...

די צייט איז נישט געשטאַנען און פון ווילין איז ענדלעך אָנגעקומען אַ בריוול, ער זאָגט מיר צו, אַז אינגיכן וועט ער מיר אַרויסשיקן אַביסל געלט, (צו דעם איז עס אָבער נישט געקומען...) און ער פרעגט בא מיר אָן ווי עס האַלט מיטן טעאַטער, ווייל כואַן אַגנעסי שרייבט אים אַז עס גייט גוט, וויל ער וויסן צי ער שרייבט אים דעם אמת.

איך האָב אים געענטפערט, אַז די אַרבעט גייט אָן און אַז לויט ווי עס זעט אויס, וועט עס טאַקע באַלד זיין פאַרטיק און אין אַ שיינעם פרי־מאָרגן, באַקום איך אַ באַפעל פון כואַנען, אַז איך זאָל שרייבן צו דער טרופּע, אַז זיי מעגן שוין קומען, ווייל העכסטנס אין אַ צוויי וואָכן אַרום, וועט מען שוין קענען שפּילן.

איך האָב אויסגעפאָלגט כואַנס באַפעל, כואַן אַליין האָט אויך גע־שריבן און עטלעכע טעג שפּעטער, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז די טרופּע פאָרט אַרויס.

ווען די חברים זיינען אָנגעקומען און געזען, אַז דאָס טעאַטער איז נאָך נישט פאַרטיק, האָבן זיי מיך געוואָלט צערייסן: — וואָס האָט איר פון אונדז געוואָלט? מיר האָבן דאָרט געמאַכט אַזעלכע גוטע געשעפטן, צו וואָס האָט איר אונדז איבערגעריסן אונדזער אַרבעט?

איך האָב אַלץ אַרויפגעלייגט אַף כואַנען און כואַן, פילנדיק זיך שול־דיק, האָט ער זיך באַמיט און געשאַפן פאַר אונדז אַ גרויס טעאַטער פאַר צוויי פאָרשטעלונגען און נאָך די צוויי, האָט ער באַקומען אַן אַנדער טע־אַטער און אַזוי האָבן מיר כסדר געשפּילט אין אַנדערע טעאַטערס און דווקא גאַנץ פיין פאַרדינט, ביז אונדזער טעאַטער איז פאַרטיק געוואָרן און מיר האָבן זיך אומגעקערט אין אונדזער אייגענער נעסט.

ווילי, האָט באַלד נאָך זיין אָנקומען פון בראַזיל, מיר איבערגעגעבן „מיין טייל" פון די פאַרדינסטן אין בראַזיל און עס איז מיר פשוט געווען אַ בושה אָנצונעמען די קליינע סומע, וואָס ער האָט באַוויזן פאַר מיר „אָפּצו־

ראַטעוועז", אָבער איך בין געווען געצוואונגען אָנצונעמען די „גוטסקייט" פאַר אַ כשרע מטבע, כאָטש די גאַנצע טרופּע איז געקומען אויסגעקליידט און אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק און זייער פריילעכע שטימונג האָט באַוויזן, אַז זיי האָבן דאָרט טאַקע געמאַכט גאָר גרויסע געשעפטן.

דאָס איבערגעבויטע טעאַטער האָבן מיר באַנייט מיט דיזעלבע געסט, פּסחקע בורשטיין און ליליען לוקס און ווידער זיינען די געשעפטן געווען גלענצנדיקע, ביז אונדזער אַפּמאַך האָט זיך געענדיקט, בורשטיין-לוקס זיי־נען געפאָרן קיין בוענאָס איירעס און פון ב. איירעס זיינען צו אונדז גע־קומען יצחק פעלד מיט זיין פרוי.

מיט יצחק פעלד ע"ה, האָבן מיר געהאַט בלויז צוויי פאָרשטעלונגען וואָס האָבן גערופן עולם און דערנאָך האָט אָנגעהויבן גיין שוואַכער און שוואַכער און עס האָבן נישט געהאָלפן אַלע זיינע קונצן און אַפילו נישט זיין פייפן, ווייל פּסחקע בורשטיין, האָט שוין געהאַט גענוג אָנגעפייפט...

זעענדיק, אַז די געשעפטן גייען שלעכט, האָבן מיינע חברים (וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרזוכט די בראַזילאַנער ביזנעס) צוגעאיילט מיטן פאַרענדיקן דעם סעזאָן אין מאָנטעווידעאָ און זיי זיינען צוזאַמען מיט יצחק פעלד און זיין פרוי, שנעל אַריבער קיין בראַזיל.

בלייבנדיק ווידער אַליין אין דער פרעמדער פאַר מיר שטאָט, האָב איך באַשלאָסן: — ניין, איך קאָן דאָ נישט בלייבן אַן עלנטער, אָן דער קלענסטער אויסזיכט אויף אַרבעט און איך האָב פאַרקויפט דאָס ביסל מעבל, וואָס איך האָב שוין געהאַט אויסגעצאָלט, גענומען מיין פאַני און מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין ב. איירעס, וואו איך האָב ווידער באַדאַרפט פּרואוון אָנהויבן פון דאָס ניי... נאָך אַמאָל פון אָנהויב...



# אַכטאונפופציקסטער קאַפּיטל

איך ווער אַ „מעבל־הענדלער". — מיר פאָרן אַף דער פּראָווינץ. — מען קריגט זיך איבער כבוד. — נישטאָ קיין פּרנסה. — איך זוך נייע וועגן. — דר. טשאַרלז וו. גראָל און דער אידישער אַקטיאָרן פאַריין. — איך דאַרף טאַנצן דריי שעה. — שפּרהלע לערער צעוויינט זיך. — איך נעם אַלץ פאַר ליב, אַבי אַקטואירן. — איך וויל זיך ראַטעווען מיט קאָנצערטן. — אַ האַלבער יאָרהונדערט אידיש טעאַטער. — דער אַקטיאָרן פאַריין פאַטראָניזירט מיין יובל יום־טוב. — איך שפּיל דעם „צדיק". ווי אין יענע גוטע צייטן. — באַגריסונגס־רעדעס. — אַ באַנקעט איז אַקטיאָרן פאַריין. — אין הייליקן ציטער פון דערהויבונג. — ווען איך קאָן זיך אַזוי אויפלייזן אין מיין גרויסער פרייד. — איך ציטער פאַרן נייעם מאָרגן...

— וויפיל מאָל און ביז ווי לאַנג, קאָן אַ מענטש כסדר ווידער אָנהויבן פון דאָס נייַ? אויף ווי לאַנג קאָן דאָס סטייען פאַר אַ מענטשן מוט און ענערגיע, אָנצוהויבן כסדר נאָכאַמאָל פון אָנהויב?

אַזוי האָב איך געטראַכט, ווען מיר זיינען ענדלעך אין די גרעסטע היצן אָנגעקומען צוריק קיין בוענאָס איירעס און זיך געמוזט ווענדן צו מיין גוטער און ליבער פלימעניצע שרה, אַז זי זאָל מיר העלפן און זי האָט מיר טאַקע געהאָלפן זיך אַפּסניי איינאָרדנען, זי האָט מיר געגעבן אַ גאַראַנטיע אַף מעבל וואָס איך האָב געקויפט צום אויסצאָלן און איך בין אַזוי אַרום געוואָרן „אַ מעבל־סוחר" ווייל אַט ערשט פאַרקויפט מעבל אין מאָנטעווידעאָ און אַט קויף איך ווידער איין אַנדערע מעבל...

בלויז אַנדערע נייע יאָרן און אַנדערע כחות קאָן מען נישט איינקויפן...

און דאָך, האָב איך נאָך געהאַט גענוג כחות.

נאָכן איינאָרדנען זיך פונדאַסניי, האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וועגן פּרנסה.

די טעאַטערס זיינען געשטאַנען פאַרמאַכט און די אַקטיאָרן, ווי געווינלעך, האָבן זיך געקהלט אין די קאַפעען (אַמאָל אין די קאַפעען „קיאָסקאָ" און „כאַפּאַנעז" און לעצטנס אין „באַר לעאָן" אָדער אין דער לעטשעריע אַנטקעגן „לעאָן") און עס איז געווען מאָדנע, וואָס די אַלע יונגערע אַקטיאָרן האָבן זיך דווקא צו מיר געווענדעט, אַז איך זאָל זען עפּעס צו אַר-

גאַניזירן אַ טרופּע פאַר דער פּראָווינץ און איך האָב זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט.

איך האָב פאַרמירט אַ טרופּע און דווקא אַ פיינע טרופּע, מיט זינאַ ראַפּעל, אסתר ראַפּעל, זלמן הירשפעלד, דוד קאַפּלאַן און ל. סאַקאַלאָוו מיט זיין פרוי און אַנדערע.

אסתר ראַפּעל איז פאַרט געווען די יונגע פרוי, וועלכע האָט באַדאַרפט שפּילן די הויפּטראָלן, אָבער סאַקאַלאָוו האָט נישט געקאָנט מוחל זיין זיין ערשטן פּלאַץ, האָט זיך אין אונדזער טרופּע אָנגעהויבן אַ וועלט-מלחמה פאַר דעם ערשטן פּלאַץ און עס האָט זיך אָפּגעטאָן חושך, ווען איינער פון די מיוחסים איז אַנאָנסירט געוואָרן מיט אַ קלישע אָדער מיט אַן אות וואָס איז געווען מיט איין מילימעטער גרעסער פון צווייטן און מען האָט שוין פאַרגעסן אָן די פּרנסה, מען האָט פאַרגעסן, אַז מיר פאָרן דאָ אַלע אין איין קאַמיאָן (לאַסט-אויטאָ) און אַז דער פּאַמפּאַ-שטויב טיילט אונדז אַלעמען צו צו גלייכע טיילן און מאַכט אונדז פּנימער, אַז מיר אַלע זאָלן אויסזען ווי די רוחות, מען האָט נאָר געדענקט איין זאַך, דאָס איז דער פּערזענלעכער כבוד, די פּערזענלעכע „סטאַרישע" אַמביציעס און פאַרנדיק אַזוי אינדעמזעלבן קאַמיאָן, האָט מען זיך אָנגעהויבן; אויסרעכענען דעם טעאַטער-יחוס און מען האָט זיך אָנגעהויבן קריגן און עס האָט שוין שיר נישט געהאַלטן באַם צעשלאָגן זיך...

ווייַ, ווייַ, וואָס איך האָב ביי דער רייזע דורכגעליטן! כדי אָנצוהאַלטן שטאַט, האָט יעדער צד געוואָלט אויפירן זיינע פּיעסן און דאָס האָט געווירקט, אַז קיין שום פּיעסע זאָל נישט געפעלן און עס איז נישט געבליבן עפּעס אַנדערש, ווי איינפּאַקן די קריגערישע „קונסט-קראַם" און פאָרן צוריק מיט דעם וואָס מיר זיינען געקומען...

קיין פּרנסה איז אַלץ נישט געווען; האָב איך געפּרוּוט אַרויספאָרן מיט אַ קליינקונסט-פּראָגראַם, אָבער אויך דאָס האָט נישט געטויגט און איך בין צוריקגעקומען. האָב איך ווידער געפּרוּווט צונויפשטעלן אַ טרופּע מיט סאָפיאַ ראַפּאַלאָוויטש, קלאַצקין, בלומענטאַל און פרוי און שטריימאַן מיט דער פרוי און מיר האָבן זיך געלאָזן איבער די שטעט פון צענטראַל אַרגענטינע, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אידן דאָרט, דאַרפן שוין בכלל נישט קיין טעאַטער, זיי זיינען פאַרנומען מיט מאַכן געלט, רייד ווערן און זיי קוקן אַף אונדז, קאָמעדיאַנטן, ווי אַף אַ ביידן משכן, וואָס איז געקומען באַ זיי צונעמען צו עטלעכע פּעזעס...

אַזוי האָבן מיר דורכגעמאַכט די ביטערע רייזע איבער די שטעט פון צענטראַל אַרגענטינע, אין יעדער שטאָט האָבן מיר געהאָפט, אפשר וועט אין דער צווייטער זיין בעסער און דערווייל איז געווען נאָך ערגער און מיר האָבן נישט געהאַט אומצוקערן דעם אַקטיאָרן פאַריין דאָס געלט

וואָס דער פאַריין האָט אונדז אויסגעבאָרגט אַף הוצאות און מיר זיינען נאָך ביטערע וואָגלענישן קוים לעבעדיקע צוריקגעקומען קיין ב. איירעס...

:: :: ::

אין דער אַלגעמיינער אידישער טעאַטער־וועלט אין בוענאָס איירעס, האָט זיך אין משך פון די לעצטע יאָרן געוויזן אַ גרויסע אויפלעבונג.

פון ניויאָרק איז געהאַט אַנגעקומען דער אַדוואָקאַט דר. טשאַרלז וו. גראַל, דער מאַן פון דער באַוואוסטער אַקטריסע דזשעני גאָלדשטיין און ער האָט געלאָזן איבערבויען דעם קינאָ „סאַלעיל" פאַר אַ טעאַטער און ער האָט די אַרבעט דורכגעפירט מיט אַ סך שוואונג און ער האָט איינגעשטעלט אַן עמפּרעסע און געוואָרן טעאַטער־דירעקטאָר און זיך אונטערגעוואָרפן די סטאַטוטן און רעגלאַמענטן פון אַקטיאָרן פאַריין און ער האָט אַפילו געהאָלפן דעם אַקטיאָרן פאַריין, איינפירן אַ צען־סענטן אַפּצאָל אַף די טעאַטער־בילעטן, לטובת אַ פאַרזיכערונגס־פאָנד באַם פאַריין, אַזוי ווי עס האָבן עס שוין געהאַט איינגעפירט אויך די שפּאַנישע אַקטיאָרן און דער פאַריין האָט שוין געהאַט אַ היפּשן קאַפּיטאַל פון די צענער סענטן דער פאַריין האָט שוין געצאָלט כובילאַציע־פּענסיע צו אַלמנות פון מיטגלידער און צו קראַנקע, וועלכע קאָנען שוין נישט אַקטואירן און דער פאַריין האָט שוין געטראַכט אַפילו פון קויפן אַן אייגענעם בנין, כדי די אויפגעזאַמלטע עטלעכע טויזנטער, זאָלן זיין געזיכערט פון אַ פּלוצלינגדיקער צעשפּליטערונג.

דר. גראַל האָט שוין געהאַט דערלייגט אַ סך געלט צו דעם טעאַטער, אָבער ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט נאָך דאָס דערלייגטע צוריק פאַרדינען און ער האָט נאָך געמאַכט דעם לעצטן פּרוואו, ער האָט אַריבערגעבראַכט די גרעסטע מאַרקע, דעם קינסטלער מאָרים שוואַרץ.

דעם דר. גראַל האָט זיך געהאַט איינגעגעבן, אַריבערצובאַקומען אין זיין טעאַטער די אַנפירער פון טעאַטער „עקסעלסיאָר", זיי זיינען געוואָרן די אַנגעזעענסטע אין זיין טרופּע און עס האָט אויסגעזען, אַז דער „עקסעלסיאָר" וועט זיך מוזן פאַרמאַכן, אָבער די געבליבענע אַקטיאָרן אין „עקסעלסיאָר", האָבן זיך דווקא נישט אונטערגעגעבן, זיי האָבן זיך רעאָרגאַניזירט און צוגעצויגן נייע כחות פון היגע חברים און זיי האָבן אָנגעהויבן אַקטואירן מיט אייגענע כוחות.

אין עקסעלסיאָר, האָט מען מיך נישט אַריינגענומען אין דער חברים־טרופּע, נאָר נאָך איידער איך בין אַרויסגעפאָרן אַף דער פּראָווינץ, האָט מיר בערדיטשעווסקי פאַרזיכערט, אַז אויב מאָרים שוואַרץ וועט קומען, וועל איך זיכער האָבן אין „סאַלעיל" אַ גוטן „דזשאָב". ליידער איז אונדז אַף דער פּראָווינץ אַזוי שלעכט געגאַנגען, אַז מיר האָבן געמוזט שווער קעמפן ביז מיר האָבן געהאַט אַף הוצאות צוריקצוקומען און ווען איך

בין צוריקגעקומען, האָט שוין מאָרים שוואַרץ געהאַלטן אין מאַכן פּראָבן און מען האָט מיר דערקלערט, אַז איך בין געקומען צו שפּעט, אַז אין דעם טעאַטער דאַרף מען שוין נישט קיין אַקטיאָרן...

עס איז מיר געוואָרן זייער ביטער; — וואָס זאָל איך אָנהויבן טאָן?

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז מאָרים שוואַרץ האָט געוואָלט איינ־שטודירן „סענדר בלאַנק" און ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ גרעסערן שטאַב אַקטיאָרן און אַזוי איז עס געשען, אַז דר. גראָל האָט אויך אונדז אַנגאַזשירט פאַר אַ באַשטימטן לוין, בלויז אויף דער צייט, ווי לאַנג מאָרים שוואַרץ וועט אַקטואירן.

ער האָט אַנגאַזשירט שטרייטמאַנען, בלומענטאַלן און פרוי און מיין ווייניקייט.

די דערעפנונגס־פאָרשטעלונג איז דורכגעגאַנגען פּרעכטיק. „סענדר בלאַנק" האָט זיך אויסגעצייכנט אין אַלע הינזיכטן אַלס אויסערגעוויינ־לעכער טעאַטראַלער ספּעקטאַקל מיט אמתן שלום־עליכמדיקן הומאָר און מאָרים שוואַרץ האָט זיך געוויזן גרויס, אין דער טיטל־ראָל.

מאָרים שוואַרץ האָט דאַן גענומען גרייטן זיין גרויסן ספּעקטאַקל „ברידער אשכנזי" און אין דער פּיעסע, האָבן מיר געהאַט צו שפּילן צוועלעכע ראָלן און מיר אַליין איז אויסגעקומען צו שפּילן זעקס ראָלן און צווישן זיי, איינע, „דער וועבער", אין וועלכער איך האָב זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט און מאָרים שוואַרץ האָט מיך פאַר דער ראָל געהאַלטן אין איין לויבן. צי ער האָט עס געמיינט מיט אַן אמת, דאָס קאָן איך נישט וויסן. אָבער איך אַליין האָב אויך געפילט, אַז איך בין גוט אין דער ראָל.

ענדלעך האָט מאָרים שוואַרץ גענומען איינרעפּעטירן יעקב פּרעגערס פיינע פּאָעמע „שמחה פלאַכטע" (דער וואַסער־טרעגער).

צו דעם ספּעקטאַקל האָט מען אויסגעבויט ספּעציעלע קאָנסטרוקציעס, מיט אַ שטאָק און מאָרים שוואַרץ האָט איינשטודירט טענץ און מען האָט באַדאַרפט טאַנצן און טאַנצן און נישט נאָר אונטן, אויף דער בינע אַוואַנס־צען, נאָר אויך אויפן דאַך און אויפן באַלקאָן און מען האָט באַדאַרפט אַרויפ־טאַנצן און אַראָפּטאַנצן און שוואַרץ האָט די פּראָבן געמאַכט מיט דער ברייטער האַנט, ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין שעהן פאַר דעם טאַנץ און איך, מיט מיין 67־יעריקן עלטער, בין נישט אָפּגעשטאַנען, איך האָב מיטגעהאַלטן און געטאַנצט אויפן דאַך און אונטערן דאַך, איך האָב גע־שוויצט, אָבער איך האָב געטאַנצט...

מיין יונגסטע חברטע, שפּרהלע לערער, האָט פּראָטעסטירט און גע־פאָדערט, אַז שוואַרץ זאָל מיט מיר מאַכן אַן אויסנאַם, מען זאָל אין אַכט נעמען מיין עלטער און פּראָטעסטירנדיק, האָט זי זיך צעוויינט און איך האָב געמוזט זי באַרויקן, איך האָב זי צערטלעך געגלעט און איר פאַר־

זיכערט, אז איך האב נאך גענוג כח מיטצוהאלטן דעם טאנץ — און זי האט זיך נאך מער צעוויינט...

אבער ווי אלץ ענדיקט זיך, האט זיך אויך דאס געענדיקט. מאריס שווארץ האט שטיין געלאזן דאס טעאטער, ער האט דערשפירט, אז אין מאנטעווידעא איז די וואליוטע א בעסערע און ער איז אוועק אהין און דער טעאטער „סאלעיל" האט זיך פארמאכט און פארשוואונדן זיינען די גרויסע אפישן וועגן מאריס שווארץ און אף זייער פלאץ האט מען ארויסגע־קלעפט אפישן מיט קאוובאיעס פון קינא-בילדער, וואס מען האט אנגע־הויבן ווייזן אין דעם טעאטער.

די טרופע, דאס מיינט, די פריער אנגאזשירטע, האבן זיך געהאלטן פאר דער לעגיטימער טרופע, זיינען זיי אריבער אין טעאטער אמבו אלס חברים-טרופע און אונדזער גרופע, וואס מיר זיינען אנגאזשירט געווארן בלויז אף א דזשאב, איז געבליבן אינדרויסן, ארבעטסלאז.

פון לעגאלן שטאנדפונקט לגבי דעם פאריין, האט מען די חברים גארנישט געקאנט פארווארפן; זיי האבן דערפילט זייערע פליכטן צום פאריין, נאר זיי האבן נישט געפילט די מאראלישע פליכטן צו חברים און צו אן אלטן חבר, וואס ווארט און בענקט צו האבן א שטיקל אנשפאר פאר די געציילטע יאר וואס זיינען אים נאך געבליבן צום לעבן...

איך האב זיך געפרואווט ראטעווען מיט געבן קאנצערט-אוונטן אין די נאנטע שטעטלעך; אידן, פיינשמעקער, האבן מיר אויסגעדריקט אנער־קענונג, אבער מאטעריעל האב איך מיט די קאנצערטן גארנישט געקאנט דערגרייכן, ווייל קליינע צאלן זיינען געקומען מיך הערן און אזוי האט זיך פאמעלעך אנגעהויבן ברעכן מיין מוט און אפשוואכן מיין ענערגיע און וואס מער איך האב געוומען אריינטראכטן אין מיין לאגע, ווי אזוי איך וועל דא קאנען פארזארגן זיך און מיין פרוי, אז צוערשט האט מען זי פאמעלעך באזייטיקט פון דער בינע און היינט באזייטיקט מען מיך און וואס וועט זיין?... און וואס מער איך האב געטראכט וואס וועט זיין, אלץ מער בין איך ביי זיך געפאלן און האב פאר זיך נישט געזען קיין שום אויספקום...

:: :: ::

עפעס עמיץ, האט מיך אין גאס דערמאנט, אז עס איז שוין פונקט צען יאר, זייט איך האב אף אזא פיינעם אופן דורכגעפירט מיין פערציק־יעריקן טעאטער-יובילעי. דאס איז געווען אין 1932 און היינט האבן מיר שוין ניינצן צוויי און פערציק און דאס מיינט, אז עס ווערט שוין גאנצע פופציק יאר, זייט איך האב צום ערשטן מאל באטראטן די אידישע בינע און דערמיט אנגעצייכנט דעם גורל פאר מיין גאנץ לעבן.

א האלבער יארהונדערט אידיש טעאטער!

אויב איך האָב געהאַט אַ שיינעם יום־טוב צו מיין פערציק־יעריקן יובילייִ, פאַרוואָס זאָל איך נישט פייערן מיין אמתן יובל פון פופציק יאָר אידיש טעאַטער?

נישט פּאַטראָניזירט פון קיינעם, בלויז שטיצנדיק זיך אָף די זכרונות וואָס איך האָב מיט צען יאָר צוריק פאַרענדיקט דרוקן אין „די פּרעסע״, האָב איך זיך געמוטיקט און געהאַט שמועסן מיט עטלעכע שרייבער און פריינט, ווי פּיניע קאַץ, א. ל. שוסהיים, יעקב באָטאָשאַנסקי און דר. ל. זשיטניצקי, וועלכע זיינען מיט צען יאָר צוריק געווען אין מיין קאָמיטעט, און זיי האָבן מיך צוגערעדט און צוגעזאָגט מיר צו העלפן און אַזוי האָב איך זיך גענומען גרייטן צו מיין יובל־יום־טוב פון פופציק יאָר אידיש טעאַטער.

:: :: ::

וואָס וואָס, נאָר אָפן אַקטיאָרן פאַריין, האָב איך זיך זיכער נישט וואָס צו קלאָגן.

דער גרינגער טיש אין פאַריין, ווייס ווי אַזוי צו באַהאַנדלען אפילו די דעליקאַטסטע ענינים אָף וועלכע אַקטיאָרן זיינען אַמערסטן פילבאַר און דיזעלבע חברים, וועלכע באַגייען אינדרויסן, אין זייערע טעאַטער־פּע־שעפטן געוויסע עוולות קעגן אַנדערע חברים, זיינען זיי אָבער אין אָנ־בליק פון גרינעם טיש, ביי וועלכן מען האָט זיי אָוועקגעזעצט אַלס פאַר־וואַלטונג פון פאַראיין, ביז גאָר ערלעך און אויפריכטיק און אויב איינער איז עס נישט אין פולער מאָס, צוליב פּערזענלעכע אינטערעסן, דערפילט עס די מאַיאָריטעט און דער איינער מוז זיך אונטערוואַרפן און די ענינים ווערן באַשטימט אָף אַן אָביעקטיוון אופן.

אינעם אַקטיאָרן פאַריין בין איך אַ סך יאָרן אויסגעקליבן געוואָרן אין פּאַרוואַלטונג, איך בין אַ צייט געווען דער קאַסיר פון פאַריין און מיין כסדרדיק אָרומוואַגלען, איז דער בעסטער באַוויז, אַז איך האָב אין פאַר־וואַלטונג נישט אויסגענוצט מיין מיטאַרבעט פאַר פּערזענלעכע צוועקן.

ווען איך האָב ביי אַ זיצונג אין אַקטיאָרן פאַריין דערמאָנט אָף אַ נישט אָפיציעלן אופן, אַז איך קלויב זיך פּראַוועון מיין טעאַטער־יובל, האָט זיך די גאַנצע פּאַרוואַלטונג זייער וואַרים אָפּגערופן וועגן דעם און מען האָט עס באַלד געמאַכט פאַר אַן אָפיצעלן ענין, און די פּאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן, אַז דער אַקטיאָרן פאַריין דאַרף פּאַטראָניזירן דעם יום־טוב און אַז די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע און אַלע נאָטיצן, דאַרפן גיין אין נאָמען פון אַקטיאָרן פאַריין.

איך האָב באַשטימט, אַז צו מיין יום־טוב זאָל אויפגעפירט ווערן אַנס־קים „דיבוק״ און איך וועל שפּילן דעם מיראָפּאָליער צדיק, אַזוי ווי אַמאָל, אין מיין גלאַנץ־פּעריאָד, אין צענטראַל־טעאַטער אין וואַרשע.

דער פאַרוואַלטער פון פאַריין, דער שרייבער נחמיה צוקער, האָט גע־מאַכט די נאָטיצן פאַר די ציימונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפילט זיין וואַרימע באַציאונג צו מיר און איך האָב דערוויל געהאַנדלט מיט אַ טעאַ־טער, און עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אינטערווענירן פון פאַריין, איך האָב געמוזט באַצאָלן דעם פולן פּרייז פאַר דער פאָרשטעלונג, ווי יעדער אַנדערער בענעפיציאַנט...

איך האָב אויך געמוזט מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז כאָטש דער פאַריין פּאַטראָניזירט מיין יובל־יום־טוב, וועט קיינער פון די חברים נישט גיין פאַרקויפן פאַר מיר קיין בילעטן, ווייל זיי דאַרפן גיין פאַרקויפן בי־לעטן צו זייערע אייגענע בענעפיטן און פאַרלאָזן זיך אַף נסים האָב איך אויך נישט געוואָלט, האָב איך טאַקע אַליין גענומען דאָס פּעקל בילעטן און זיך געלאָזן שפּאַנען אין באַגלייטונג פון יוסף ליבערזאָן, איבער ב. איירעסער גאַסן און געסלעך, אַף וויפל מיינע כוחות האָבן מיר דערלויבט און איך קאָן זיך נישט באַקלאָגן, אידן האָבן געקויפט בילעטן צו מיין יום־טוב און דער טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט.

די טרופּע איז געווען אַ פיינע און די פאָרשטעלונג איז זייער גוט דורכגעפירט געוואָרן און נאָך דער פאָרשטעלונג זיינען אַלע מיטגלידער פון פאַריין ארויסגעקומען אַף דער בינע, מישאַ שוואַרץ האָט מיך באַ־גריסט אין נאָמען פון פאַריין און נחמיה צוקער האָט מיך וואַרים באַ־גריסט און בנציון בערדיטשעווסקי און ווידער האָט די היינט שוין גאָט־זעליקע זינאַ ראַפּעל פאַרכאַפּט דעם עולם מיט אירע האַרציקע רייד, מיט איר דערמאָנען אַמאָליקע יאָרן און זי האָט ארויסגערופן טרערן מיט אירע רייד, ביז זי האָט זיך אַליין צעוויינט...

צומאָרגנס איז ערשט אין אַקטיאָרן פאַריין געפּראַוועט געוואָרן אַ חברלעכער באַנקעט לכבוד מיר. איך מיט פאַני, מיר זיינען געזעסן אויבנאָן ווי חתן־כלה און אונדזערע ביידנס נשמות האָבן ממש געפלאַ־טערט פון הייליקער איבערלעבונג, זעענדיק ווי די גאַנצע אַקטיאָרן משפּחה זיצט אַרום די טישן פון אונדזער כבוד וועגן און ווי עס זיינען אויך גע־קומען אידישע שרייבער אונדז אָפּגעבן כבוד און מען האָט געהאַלטן רע־דעס, באַטאַשאַנסקי האָט מיר געווינטשן, אַז איך זאָל נאָך פּראַווען אַ סך יובילייען און ראָזנטאַל האָט מיך באַגריסט און בערדיטשעווסקי, וועל־כער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיך ערן ווי אַן אייגענעם טאַטן און מישאַ שוואַרץ, און זלמן הירשפעלד און צוקער און אַלע מיט אַזעלכע דערהויבנדיקע לויב־ווערטער און איך זיץ מיט פאַני, מיר ציטערן ביידע און מיר ווילט זיך, אַז דער יום־טוב זאָל זיך אַזוי ציען אייביק, ווייל איך ווייס, אַז ווי נאָר דער יום־טוב וועט אַריבער, וועלן זיך ווידער אָנהויבן פאַר מיר שווערע וואָכנדיקע טעג... און איך גרייט זיך שוין צו ענטפערן

אַף די אַלע גוטע ווערטער און עפּעס שטויסן זיך צוזאַמען פאַרשידענע ווערטער אין מיין מוח און עפּעס נעמט אין מיר ציטערן און פּלאַטערן מיין האַרץ: — וואָס וועט זיין מאָרגן? וואָס וועט זיין איבערמאָרגן? און אַ געדאַנק שטעלט זיך אַפּ אין מיין מוח: — צי וואָלט עס נישט געווען שיין אַזוי, ווען איך זאָל זיך איצט קענען אויפלייזן אין דער דאַזיקער פרייד פון דערהויבונג? צי וואָלט עס נישט געווען די בעסטע און די שענסטע לייזונג פאַר אַן אַקטיאָר וואָס האָט אָפּגעשפּילט גאַנצע פופציק יאָר, אַז ער זאָל זיך נישט דאַרפן דערוואַרטן אַף נייע טרויעריקע וואָכנדיקע טעג...

איך געדענקט נישט גענוי, וואָס איך האָב געזאָגט אין מיין ענטפער אַף די אַלע באַגריסונגען, איך געדענק נאָר, אַז איך האָב אויסגערופן פּאַטעטיש:

— חברים! מאַכט מיך נישט פאַר קיין אינוואַליד! איך קאָן נאָך אַקטוירן, איך האָב נאָך גענוג כח און עס דינען מיר נאָך גאַנץ גוט מיינע חושים; געדענקט, באַזייטיקט מיך נישט פון דער בינע! גיט מיר אַ פּאַסיקע ראָל, אַ צווייטע צי אַ דריטע, אָבי שטויסט מיך נישט אַרויס פון דער פּראָפעסיע, פאַר וועלכער איך האָב אָפּגעגעבן אַלע מיינע לעבנסיאָרן!...

:: :: ::

מיין יובל-יום-טוב לכבוד מיין אַקטואַציע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אין אידישן טעאַטער, האָט זיך פאַרענדיקט. איך האָב זיך אין דער גרויסער פרייד נישט אויפגעלייזט און איך האָב גענומען מיין פאַני אונטערן אָרעם און מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען דורכגענומען מיט דעמזעלבן פריידיקן און דערהויבנדיקן געפיל פאַר דעם שיינעם ה י י נ ט און מיט אַ צער-פולן ציטער אין האַרצן, פאַר דעם אַנקומענדיקן נייעם וואָכנדיקן מאָרגן...



# זוך-צעטל פון נעמען

## ב. פאלעפאדע און זיינע נאנטסטע פאמיליאנטן וואס ווערן דערמאנט אין בוך:

זלמן פאלעפאדע (פאטער)
ציפע סאטאנאווסקי דע פאלעפאדע (מוטער)
יעקב-יוסף פאלעפאדע (ברודער)
זיסל און פיינע (שוועסטער)
ציפקע רייטנער
האני (זוסמאן)
פאני רייבער דע פאלעפאדע
שרה פעטשערסקי (פלימעניצע)

## זוך-צעטל פון נעמען

### א



### ב



### ג

***

# באמערקטע פעלערן

**זייט 21:**

וואו עס שטייט „פויעשניקעס", דארף זיין „סאנישניקעס".

**זייט 29:**

אנשטאט „בר־כבבאס ליד", דארף זיין: דאס ליד פון „בר־כבבא".

**זייט 103:**

אנשטאט „דעם סאלאן", דארף זיין: דעם גארטן פון „בלאגאראדנער סאבראניע".

**זייט 117** (צווייטע און דריטע שורה פון אונטן):

אנשטאט „גובערניע", דארף זיין: „מיעשטשאנסקאיא אופראווא".

**זייט 123:**

אנשטאט „דאס מעבל וואס איז געשטאנען אף דער בינע איז געווען „היים", דארף זיין: חיים.

**זייטן 142, 202 און 246:**

ווי עס שטייט פאני ברי, דארף זיין: האני ברי.

**זייט 144:**

אנשטאט „ישאליקל קום אהיים", דארף זיין: „ישראליק ארוים!"

**זייט 188:**

אנשטאט „אין דער בוקאווינער פראווינץ", דארף זיין: איבער גאלי־ציאנער שטעט.

BENTZION PALEPADE

# MEDIO SIGLO de Teatro Israelita

(MEMORIAS)



EDITADO POR:

*COMITE DE HOMENAJE AL AUTOR*

BUENOS AIRES 1946